# בעלכאַטאָוו

## יזכור־בוך

די גאַנצע הכנסה פון דעם דאָזיקן יזכור־בוך
איז באַשטימט פאַרן הילפס־פאָנד לטובת די
ב ע ל כ אַ ט אָ וו ע ר שאריון־הפליטה.

ביכער-סעריע

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

## באַנד

רעדאַקטאָר:

מארק טורקאָוו

פאַרלאַגס-לייטער:

אברהם מיטלבערג

מ. פייגענבלום

די רשימה פון דערשינענע בענד — צום סוף פונעם בוך

# בעלכאַטאָוו

## יזכור־בוך

געווידמעט דעם אָנדענק פון אַ
פאַרשוווּנדן יידיש שטעטל אין פוילן

★

אַרויסגעגעבן דורכן
**צענטראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין אַרגענטינע**
צוזאַמען מיט די
**בעלכאַטאָווער לאַנדסלייט־פאַראיינען אין אַרגענטינע, בראַזיל
און צפון־אַמעריקע**

בוענאָס איירעס, 1951

# אינהאַלט

## IV. חורבן בעלכאַטאָוו

## פון דער רעדאַקציע

דער דאָזיקער באַנד, דער 80סטער פון דער ביכער־סעריע „דאָס פוילישע יידנטום" איז אַ זאַמלונג פון פאָרשונגס־אַרבעטן, זכרונות, דאָ־קומענטן און בילדער וועגן אַ פאַרשוווּנדן יידיש שטעטל אין פוילן:

עס איז דאָס יזכור־בוך וועגן דעם שטעטל בעלכאַטאָוו.

מיטן דאָזיקן בוך הויבן מיר אָן אַ נייעם ציקל וויכטיקע ווערק אין אונדזער ביכער־סעריע. הגם פיל פון די ביז־איצט דערשינענע ווערק זענען יזכור־ביכער, הגם אַ רייע ווערק זענען דירעקט געווידמעט דער געשיכטע, קאַמף און אומקום פון פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך, זענען זיי אָבער שטענדיק געווען געשריבן דורך איין מחבר און במילא געמוזט האָבן אַן איינזייטיקע באַלויכטונג לויטן פערזענלעכן פילן און פאַרגעדענקען דורך אַ יחיד.

דאָס פאָרליגנדיקע בוך אַנטהאַלט אַרבעטן פון אַ גאַנצער רייע מחברים, אייניקע פון זיי פּראָפעסיאָנעלע פאָרשער און שרייבער, ס׳רוב אָבער צופע־ליקע שילדערער און באַשרייבער פון דעם אַלעם, וואָס זיי האָבן איבער־געלעבט אין זייער שטעטל סיי אין די צייטן פון גרויסן אויפשוווּנג פון דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן, פּאָליטישן, סאָציאַלן און קולטורעלן לעבן, כיי אויך אין די שווערע יאָרן פון קאַמף און אומקום.

עס איז אַ מצבה לעולם ועד, אַ מצבה פון דעם לעבעדיקן יידישן וואָרט אויף דער קברימלאָזער פאַרגאַנגענהייט פון דעם יידישן שטעטל, אַן אייביקע דערמאָנונג פון אַלע נאָענטע, וואָס זענען אומגעקומען אויף קידוש השם, אַ יזכור־בוך נאָך אַ חרוב געוואָרן יידיש לעבן.

מעגלעך, אַז אין די איינצלנע קאַפּיטלעך זכרונות, וואָס ווערן גע־בראַכט אין דעם דאָזיקן יזכור־בוך, געשריבן דורך די איינצלנע מחברים, זענען פאַראַן פאַקטן, עפּיזאָדן און געשעענישן, וואָס ווערן עטלעכע מאָל איבערדערציילט, וואָס חזרן זיך פשוט איבער. אָבער די דאָזיקע איבער־חזרונגען ווערן געמאַכט פון אַ פאַרשידנאַרטיקער באַלויכטונג, פון פאַרשי־דענע וועלט־אַנשויאונגען, און זיי ברענגען דעריבער אַרויס בולטער דעם

קאָלאָריט פון דער געשילדערטער עפּאָכע, באַווייזנדיק די אַלזייטיקייט פון דעם פולסירנדיקן יידישן לעבן אין דעם אַמאָליקן בעלכאַטאָוו:

דער פאַראיין פון די בעלכאַטאָווער לאַנדסלייט אין בוענאָס־איירעס, מיט דער מיטהילף פון זייערע לאַנדסלייט אין אַנדערע יידישע ישובים אין דער וועלט, אין ישראל און פוילן, אין צפון־אַמעריקע, בראַזיל, אויסטראַליע און אומעטום, ווו זיי געפינען זיך אין זייער וועלט־צעשפּרייטקייט, האָבן דערפילט אַ גרויסן חוב לגבי זייערע אומגעקומענע ברידער און שוועסטער און לגבי זייער געבורטס־שטעטל, העלפנדיק מאָראַליש און מאַטעריעל ביים אַרויסגעבן דאָס דאָזיקע יזכור־בוך. די בעלכאַטאָווער לאַנדסלייט האָבן דורך דעם יזכור־בוך פאַראייביקט זייער פאַרשווונדן שטעטל אין דער יידישער געשיכטע בכלל און אין דער געשיכטע פון פוילישן יידנטום בפרט.

די רעדאַקציע פון דער ביכער־סעריע „דאָס פוילישע יידנטום" געפינט דעריבער פאַר איר חוב אויסצודריקן די פולע אָנערקענונג דעם בעלכאַטאָווער לאַנדסלייט־פאַראיין, דעם קאָמיטעט אַרויסצוגעבן דאָס יזכור־בוך און ספּעציעל די מיטגלידער פון דער רעדאַקציע־קאָמיסיע, די פריינט אברהם לייב, זיינוול פּזשעדבאָרסקי און הערשקע גאָלדמינץ פאַר זייער ווערטפולער און חברישער מיטאַרבעט, אַז דאָס בוך זאָל זיין ווירדיק די צילן און אויפגאַבן, וואָס מיר האָבן זיך אָנגעצייכנט.

בוענאָס איירעס, יולי 1951.

## אַ וואָרט צום לייענער

דער קאָמיטעט אַרויסצוגעבן דאָס יזכור־בוך, געווידמעט אונדזער היים־שטאָט בעלכאַטאָוו, געפינט פאַר זיין חוב זיך ווענדן צו די לייענער פון דעם דאָזיקן בוך מיט אַ קורצער אויפקלערונג:

ווי נאָר די צווייטע וועלט־מלחמה האָט זיך געענדיקט און עס איז געשאַפן געוואָרן דער הילפס־פאַראיין פון די בעלכאַטאָווער לאַנדסלייט צו העלפן די שארית־הפליטה פון אונדזער שטעטל, וואָס זענען דאַן געווען צעזייט און צעשפּרייט איבער לענדער און לאַגערן, איז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק, אַז צוזאַמען מיט דער הילף פאַר די לעבנס־געבליבענע זאָלן די בעלכאַטאָווער שאַפן אַ ווערק וואָס זאָל פאַראייביקן די קדושים, וואָס זענען אומגעקומען במשך פון דעם חורבן. אָפּגעבנדיק כבוד אונדזערע טייערע קדושים, האָבן מיר גלייכצייטיק געוואָלט שטעלן אַן אייביקע מצבה אונדזער שטעטל בעלכאַטאָוו, דאָס אָרט פון אונדזערע קינדער־יאָרן, פון אונדזערע קאַמפן, האָפענונגען און שטרעבונגען.

ווילן מיר טאַקע דערמאָנען די חברים וואָס האָבן אַריינגעבראַכט אין אונדזער סביבה דעם געדאַנק פון אַרויסגעבן אַ יזכור־בוך, און די פאַרוואַלטונג פון אונדזער לאַנדסלייט־פאַראיין, וואָס האָט אונטערגענומען און רעאַליזירט די דאָזיקע איניציאַטיוו. דאָס איז געווען אין יאָר 1946 און די פאַרוואַלטונג איז דאַן באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע חברים:

| | |
|---|---|
| פאָרזיצער — — — — — | אברהם לייב |
| וויצע־פאָרזיצער — — — | יוסף גליקסמאַן |
| סעקרעטאַר — — — — — | זיינוול פשעדבאָרסקי |
| וויצע־סעקרעטאַר — — — | הערשקע גאָלדמינץ |
| קאַסיר — — — — — — | לייבל העכט |
| וויצע־קאַסיר — — — — | יעקב־יוסף זילבערשאַף |

| | |
|---|---|
| וואַקאַלן | פייוול ווילהעלם |
| " | רחל־לאה שימקיעוויטש |
| " | מאָטל לייב |
| " | נפתלי הובערמאַן |
| " | שלמה זשיטניצקי |
| " | יאַנקל־מאיר פּוקאַטש |
| " | דוד זילבערגלאַט |
| " | שמשון דזשינציאַרסקי |
| " | יאַנקל עלבינגער |
| " | אַלטער ראָזענטאַל |

טויבע פּשיבילסקי, לייזער הובערמאַן,
פישל שמולעוויטש, חיים גרינוואַלד

עס דאַרף דערביי דערמאָנט ווערן די מאַטעריעלע הילף, וואָס מיר האָבן באַקומען פון אונדזערע לאַנדסלייט אין בראַזיל און אין צפון־אַמעריקע און מיט ספּעציעלער, אויפריכטיקער אָנערקענונג ווילן מיר אויסדריקן דעם דאַנק אונדזערע לאַנדסלייט זיסל און בערל לייב פאַר זייער ביישטייערונג לטובת דעם בוך אַלס באַערונג פון דעם אָנדענק פון זייער אומפאַרגעסלעך טעכטערל שרה־לאה, וואָס איז אַוועקגעריסן געוואָרן פון זיי אין איר בליענדיקער עלטער און־וואָס איז שטענדיק געווען אַ מוסטער פון אָפּערוויליקייט צו העלפן די שארית־החורבן פון די בעלכאַטאָווער לאַנדסלייט. מיר דערמאָנען דאָ מיט טיפן יראת־הכבוד איר ליכטיקן אָנדענק.

מיר דאַנקען אַלע מיטאַרבעטער פון דעם יזכור־בוך: די פּראָפעסיאָנעלע שרייבער ד״ר פיליפּ פרידמאַן, יעקב באַטאַשאַנסקי און פּ. וואַלד פאַר זייער ביישטייער צום בוך און אויך אַלע לאַנדסלייט אין לאַנד און אויסלאַנד, וואָס האָבן דורך זייערע זכרונות, דאָקומענטן און בילדער מיטגעווירקט אין דער רעאַליזירונג פון אונדזער אויפגאַבע.

עס איז פאַר אונדז אַ ספּעציעלע סאַטיספאַקציע, וואָס דאָס יזכור־בוך געווידמעט אונדזער שטעטל בעלכאַטאָוו דערשיינט אין דער ביכער־סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום״, וואָס דער צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן אין אַרגענטינע גיט אַרויס און וואָס האָט זיך דערוואָרבן אַזאַ חשיבות אין דער גאַנצער יידישער קולטור־וועלט.

פאַרשטייט זיך, עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז אין פאַרשידענע אַר־בעטן זענען ביים דערמאָנען פאַקטן, דאַטן און פערזאָנען אַריינגעפאַלן געוויסע טעותים, בעטן מיר פאָראויס, אַז מען זאָל אונדז די דאָזיקע טעותים מוחל זיין.

אונדזער איינציקע כוונה ביים אַרויסגעבן דאָס דאָזיקע יזכור־בוך איז געווען געבן אַן אַלזייטיק בילד פון אונדזער שטעטל אַזוי ווי יעדער איינער האָט עס געזען, פאָרשטעלן די בעלכאַטאָווער יידן אין זייערע פריידן און ליידן, אין זייערע קאַמפן און שטרעבונגען ביז צו זייער טראַגישן אומקום.

מיט דעם דאָזיקן יזכור־בוך האָבן מיר געשטרעבט צו שטעלן אַ מצבה אויף די אומבאַקאַנטע קברים פון אונדזערע קדושים און שאַפן אַ מאָנו־מענט לזכרון נצח פאַר אונדזער שטעטל בעלכאַטאָוו.

דער יזכור־בוך קאָמיטעט ביים
בעלכאַטאָווער לאַנדסלייט־פאַראיין

בוענאָס איירעס, יולי 1951.

אונדזער אומפאַרגעסלעכער
ש ר ה ־ ל א ה ן
געווידמעט
**בערל און זיסל לייב**



בעלכאַטאָוו אויף דער געאָגראַפישער מאַפּע אין פּוילן

# צו דער
# געשיכטע פֿון יידן
# אין
# בעֶלכאַטאָוו

ד״ר פ. פרידמאַן

# צו דער געשיכטע פון די יידן אין בעלכאטאוו

## 1. מעשה בראשית

בעלכאטאָוו איז אַ פּויליש שטעטל אין דער געגנט פון פּיעטריקאָוו. עס איז געווען אַ פּריוויט שטעטל. אין 19טן יאָרהונדערט האָט עס געהערט צו דער פאַמיליע קאַטשקאָווסקי. ווי ס׳רוב פּריוואַטע שטעט האָט אויך בעלכאטאָוו נישט געהאַט קיין באַגרענעצונגען פאַר יידן: זיי האָבן זיך דאָרט געקאָנט פריי באַזעצן און האָבן נישט געדאַרפט וווינען אין קיין באַזונדערן געטאָ. פונדעסטוועגן ווייזט אויס, אַז ביזן 18טן יאָרהונדערט האָט דאָס שטעטל נישט געהאַט קיין גרויסע צוציאונגס־קראַפט פאַר די יידן צוליב עקאָנאָמישע סיבות.

עס איז בכלל שווער פעסטצושטעלן, ווען האָבן זיך אין בעלכאטאָוו באַזעצט די ערשטע יידן. דאָס אַלטע יידישע בית־עולם, וואָס האָט זיך געפונען אויף דעם „נייעם מארק" (פּויליש — „טאַרגאָוויסקא"), האָט שוין אין אָנהויב 20סטן יאָרהונדערט קיין מצבות מער נישט געהאַט; דאָס איז געווען אַ נישט אָפּגעצוימטער פּלאַץ, באַוואַקסן מיטביימער. דעם אַלטן בית־עולם האָט מען מער נישט באַנוצט, וואַרשיינלעך זינט דעם יאָר 1860.

אויך פון דער אַלטער שול קאָן מען גאָר נישט אָפּלערנען וועגן דער געשיכטע פון די בעלכאַטאָווער יידן. די אַלטע הילצערנע שול איז צום סוף 19טן יאָרהונדערט געווען בויפעליק: זי איז געוואָרן איינגאַנצן איבער־געבויט אין 1893. די אַלטע מקוה, נישט ווייט פון דער נייער מקוה, אויפן הויף פון בית מדרש, איז צום סוף 19טן יאָרהונדערט געווען אַן איינגעפאַלענע חורבה.

דער איינציקער מקור, פון וועלכן מיר ווערן געוואָר עפּעס וועגן די ערשטע יידן אין בעלכאַטאָוו, זענען די אָפיציעלע סטאַטיסטיקעס, וואָס גיבן אונדז איבער נישט מער ווי טרוקענע ציפערן. די ערשטע ידיעה שטאַמט פון דער ציילונג פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין יאָר 1764 דורך דער פוילישער רעגירונג. די דאָזיקע סטאַטיסטיק דערמאָנט סך־הכל 7 יידן אין בעלכאַטאָוו. אַ צווייטע סטאַטיסטיק, דורכגעפירט אין דער צייט פון וואַרשעווער גרויס־פירשטנטום אין יאָר 1808, דערמאָנט שוין 17 יידן, ווייזט אויס, אַז עס האָבן דעמאָלט געלעבט אין בעלכאַטאָוו נישט מער ווי 2 אָדער 3 יידישע משפחות.

ערשט אין דער תקופה פון קאָנגרעס־פוילן (ד"ה נאָך 1815) ווערט דאָס שטעטל אויפגעלעבט. עס הייבט זיך אָן די אינטענסיווע אינדוסטריאַליזירונג אין קעניגרייך פוילן מיט דער הילף און אונטער אַ שטאַרקן סטימול מצד דער פוילישער רעגירונג, וואָס וויל הייבן דאָס אָפּגעשטאַנענע לאַנד אויף דעם ווירטשאַפטלעכן געביט. אין דער פּיעטריקאָווער און קאַלישער גובערניע וואַכן אויף צו אַ נייַ לעבן אַ גאַנצע רייע פאַרשלאָפענע, קליינע שטעטלעך און ישובים. עס ווערן אויפגערודערט צו אַ נייער אינטענסיווער ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג די שטעט און שטעטלעך: לאָדזש, אַלעקסאַנדראָוו, זגיערזש, זדונסקע וואָליע, אָזאָרקאָוו און אַנדערע. אומעטום הייבן אָן צו קלאַפּן וועבשטולן, צו רויכערן פאַבריק־קוימענס. עס רעשן זיך סוחרים, פאַרמיטלער און פאַרקויפער. עס קומען אָן וועגענער באַלאָדן מיט סחורה. עס קומען אויך אָן פון אַ ווייַטן וועג וועגענער מיט נייע איינוואַנדערער און קאָלאָניסטן, אָפּט מיט אימיגראַנטן, פאַכמענער פון פרעמדע לענדער. די הויפּט־אינדוסטריע, וואָס האָט סטימולירט די שנעלע און פיבערהאַפטיקע אַנטוויקלונג אין יענער געגנט, איז געווען די טעקסטיל־אינדוסטריע: עס אַנטשטייען אומעטום שפּינערייען, וועבערייען, בליכאַרינעס, פאַרבערייען. מען אַרבעט אויס וואָל־שטאָפן, באַוול־שטאָפן, שפּעטער אויך לייוונט, זייד, וואַטע, פאַראַן אויך פאַבריקאַנטן פון טליתים אא"וו.

אין דער דאָזיקער שנעלער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג ווערט אויך אַריינגעצויגן בעלכאַטאָוו. אמת בעלכאַטאָוו דערגרייכט נישט די אַנטוויקלונגס־טעמפּן פון די גאָר גרויסע אינדוסטריעלע צענטערן; אָבער אין פאַרגלייך מיט דעם 18טן יאָרהונדערט וואַקסט דאָס שטעטל היפּש און שנעל. די באַפעלקערונג ווערט פאַרצענפאַכט אין אַ קורצער צייט: די

ציפערן פון אָנהייב 19טן יאַרהונדערט (17 יידן) און סוף יאָרהונדערט (3.000 יידן) זענען ממש נישט צו פאַרגלייכן.

## 2. די בעלכאַטאָווער טעקסטיל־אינדוסטרי

די אנטשיידנדיקע צייט פאַר דער נייער אנטוויקלונג הייבט זיך אָן אין די צוואַנציקער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט. דעמאָלט איז די פּוילישע רעגירונג נאָר וואָס געהאַט צוגעטרעטן צו אנטוויקלען די טעקסטיל־אינ־דוסטרי. אין יאָר 1827 האָט בעלכאַטאָוו 35 הייזקעס, ציילט 365 איינ־וווינער, צווישן זיי 262 יידן.

אין יאָר 1859 ציילט די שטאָט 101 הייזער (צווישן זיי 26 מויערן) און 1526 איינוווינער, פון זיי איבער 1.100 יידן. א פשיטא, אז די הויפּט־ראָל אין דער אנטוויקלונג פון דעם שטעטל האָט געשפּילט דער יידישער עלעמענט, וואָס מאַכט אויס איבער 70% פון דער באַפעלקערונג. זיין הויפּט־פּרנסה שעפּט דאָס שטעטל פון דער טעקסטיל־אינדוסטרי. עס אַרבעטן אין שטעטל (אין דעם זעלבן יאָר 1859) 10 וועבערייען מיט 101 אַרבעטער און אַ יערלעכער פּראָדוקציע פון 36 טויזנט רובל און 14 באַוול־זאַוואָדן מיט 103 אַרבעטער און 17.200 רובל יערלעכער פּראָדוקציע.

אַ נאָך גענויערע סטאַטיסטיק פון דער בעלכאַטאָווער טעקסטיל־אינדוסטרי פאַרמאָגן מיר פון דעם יאָר 1867: דעמאָלט האָט בעלכאַטאָוו געציילט 15 קליינע וואָל־ און באַוול־וועבערייען. פון די צוויי וואָל־פאַבריקן איז איינע געווען אַ יידישע. פון די 13 באַוול־פאַבריקן האָבן 12 (אָדער 11) געהערט צו יידן. אַ חוץ דעם זענען נאָך געווען 3 קליינע פאַ־בריקן פון טוך און טריקאָ וואָס האָבן געהערט צו נישט־יידן. די פּראָדוק־ציע פון די יידישע פאַבריקן האָט באַטראָפן אין יאָר 1867 אַן ערך 40.000 רובל.

לויט די ידיעות, וועלכע מיר האָבן באַקומען פון פּר׳ זלמן פּודלאָוו־סקי, איז אונדז מעגלעך צוזאַמענצושטעלן אַ נאָמענטלעכע ליסטע פון די וויכטיקערע יידישע פאַבריקאַנטן, וואָס האָבן געאַרבעט אין בעלכאַטאָוו צום סוף 19טן יאָרהונדערט. דאָס זענען געווען די פאָלגנדיקע:

חיים טוסק און זיין פאַמיליע

פּרץ פרייטאַג, איינער פון די גרעסטע פאַבריקאַנטן אין בעלכאַטאָוו

שאַיע פּיוויש (שראַגע) מיט זיינע זין און איידעמס
אברהם מענדל וואַרשאַווסקי
יוסף וואַרשאַווסקי
ניסן וואַרשאַווסקי
ראַגאַזשינסקי
אברהם יעקב גאָלדשטיין
שלמה רייבענבאַך
וואָידיסלאַווסקי (פון לאָדזש)
מיכאל וויגדאָר פּיטאָווסקי (באַזעצט זיך שפּעטער אין לאָדזש)
חיים מענדל ווישליצקי
דזשאַלאָווסקי מיט זיין גאַנצער פאַמיליע
קאַשוב (א לאָדזשער פירמע)
משה אליעזר פּודלאָווסקי
אהרן לייב, און אַנדערע.

עס וואָלט געווען אַ טעות זיך פאָרצושטעלן די בעלכאַטאָווער פאַבריקן ווי געשלאָסענע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, ווו עס אַרבעטן אַרבעטער ביי מאַשינען אין אַ מעכאַניזירטן פּראָדוקציע־פּראָצעס. ביז אָנהייב 20סטן י״ה זענען בכלל קיין מעכאַניזירטע וואַרשטאַטן אָדער פאַבריקן נישט געווען בנמצא אין בעלכאַטאָוו. די גאַנצע פּראָדוקציע איז געווען איינגעשטעלט אויף האַנטאַרבעט. קיין שפּינערייען זענען בכלל נישט געווען. גאַנץ בעלכאַטאָוו און אומגעגנט האָט געאַרבעט אויף האַנטוועבשטולן.

די בעלכאַטאָווער פאַבריקאַנטן זענען געווען אייגנטלעך ליווערטאַנטן („פאַרלעגער") אָדער, ווי מען פלעגט עס רופן, „פאַבריקאַנטן אָן פאַבריקן". זיי זענען געווען — אין תוך גענומען — אָפּהענגיק פון די לאָדזשער פאַבריקאַנטן, ביי וועלכע זיי האָבן גענומען דעם רוי־שטאָף און צו וועלכע זיי האָבן צוריקגעליפערט די פאַרטיקע געוועבטע שטיקער סחורה. דער ליווערטאַנט האָט זעלטן ווען געהאַט ביי זיך אין שטוב אָדער אין אַן אייגענער פאַבריק־געביידע די וועבשטולן. די אָרגאַניזאַציע פון דער פּראָדוקציע איז געווען זייער אַן אינטערעסאַנטע:

דער ליוועראַנט („פאַרלעגער”) האָט אַרויסגעגעבן צו זיינע לוין־וועבער („כאַלופּניקעס” אויף פּויליש), סיי דעם רוי־שטאָף און סיי אַ טייל פון די מכשירים אויף וועלכע זיי האָבן געדאַרפט אַרבעטן (דאָס „געשער” און דאָס „בלאַט”). דער וועבער האָט דאָס גענומען צו זיך אַהיים און האָט גענומען אַרבעטן דערביי צוזאַמען מיט זיין גאַנצער פאַמיליע, מיט זיין פרוי און קינדער, טיילווייז אויך מיט צוגעדונגענע אַרבעטער און געזעלן. אַפילו קלענערע קינדער האָבן געהאָלפן, אויספירנדיק מער פּרימיטיווע אַרבעטן ווי צ״ב דערלאַנגען, אויפרוימען, אויסקערן אא״וו. פאַר דער גאַנצער האָרעוואַניע פלעגט דער וועבער פאַרדינען אין דורכשניט 2—3 רובל אַ וואָך. געווען צווישן די וועבער „צאַפּלערס”, וואָס האָבן געקאָנט אַרבעטן זייער שנעל; „צאַפּלענדיק” פון איין טייל פון וועבשטול צום אַנדערן, האָבן זיי פאַרדינט אַביסל מער. דאָס איז געווען אַ נישטיקער פאַרדינסט. נאָך ווייניקער האָבן פאַרדינט די וועבער־אַרבעטער, געזעלן און לערן־יינגלעך. דערצו איז די אַרבעט נישט תמיד געווען געזיכערט. און אַ שלעכטן סעזאָן זענען אַ סך וועבער געבליבן אַרבעטסלאָז. אָבער אין אַ גוטן סעזאָן איז אויך נישט געווען פויגלדיק. דער פאַבריקאַנט האָט אויסגעצאָלט דעם לוינוועבער על פּי רוב פרייטיק נאָכמיטאָג, ווען ער איז צוריקגעקומען פון לאָדזש, וווּ ער האָט אָפּגעליפערט די סחורה. עס פלעגט אָפּט טרעפן, אַז ער איז צוריקגעקומען פון לאָדזש אָן געלט, אָדער בכלל נישט געקומען צוריק קיין בעלכאַטאָוו אויף שבת, אָדער דאָס ווייב פלעגט דעם וועבער זאָגן, אַז דער מאַן איז נישט צוריקגעקומען



דער בנין פון פרייטאַגס פאַבריק

און דער פאַבריקאַנט פלעגט זיך אויסבאַהאַלטן. די וועבער־פאַמיליעס פלעגן דעמאָלט בלייבן אָן אַ גראָשן אויף שבת.

אַן אַנדערע צרה איז געווען דער קוויטלעך־סיסטעם. אַ סך פאַבריקאַנטן פלעגן דעם לוינוועבער באַצאָלן נישט אין מזומן נאָר מיט קוויטלעך צו אַ געוועלב: דער געוועלבניק האָט דעם אַרבעטער אויפן סמך פון די קוויטלעך אַרויסגעגעבן סחורה: שפּייז, הויז־אַרטיקלען, באַקליידונג אאַ״וו. פאַרשטייט זיך, אַז אין דעם פאַל האָט דער קרעמער געקאָנט דיקטירן די פּרייזן און די קוואַליטעט און דער אַרבעטער האָט קיין ברירה נישט געהאַט. דער דאָזיקער קוויטלעך־סיסטעם, וואָס איז געווען פאַרשפּרייט אין דער גאַנצער פּוילישער לוין־אינדוסטרי (אין פּויליש האָט מען דאָס גערופן „טראַק־סיסטעם״), האָט אַרויסגערופן אַ סך בייז בלוט.

די לוינען זענען נישט געווען די זעלבע אין אַלע צווייגן פון דער אינדוסטרי. די אַריסטאָקראַטיע צווישן די אַרבעטער זענען געווען די שערערס (ד״ה די וואָס האָבן געמאַכט די „קעטן״ פאַר די וועבשטולן). די שערערס האָבן על פּי רוב געאַרבעט ביי די פאַבריקאַנטן אין דער היים און נישט גענומען די אַרבעט צו זיך אַהיים. די אַמווייניקסטן באַצאָלטע קאַטעגאָריע זענען געווען די טרייבערינס (פרויען וואָס האָבן געוויקלט באַוול פאַר די שערערס); זייערע פאַרדינסטן זענען געווען גראָשנדיקע.

אַ שטענדיקן דרוק אויף נידעריקער צו מאַכן די לוינען האָט אויסגעאיבט די שאַרפע קאָנקורענץ, בפרט מצד די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער. די פּויערים האָבן אין די לאַנגע ווינטער־נעכט גענומען אַהיים פאַרשידענע אַרבעטן (על פּי רוב טרייבערינס און וועבערס) און היות ווי דאָס איז געווען ביי זיי אַ זייטיקער פאַרדינסט, זענען זיי געווען זייער קאָנקורענץ־פעאיק.

אַזוי אַרום האָבן פאַר די בעלכאַטאָווער פאַבריקאַנטן געאַרבעט עטלעכע טויזנט לוין־אַרבעטער אין בעלכאַטאָוו און אומגעגנט, פון זיי אַ היפּשע צאָל יידן. אין בעלכאַטאָוו גופא האָט מען אַרום יאָר 1895 געציילט 925 יידישע וועבער־אַרבעטער.

היות די לוינען זענען געווען אַזוי נידעריק, אַז מען האָט קוים געקאָנט זיך מיט דעם אַן עצה געבן, זענען אויפגעקומען פאַרשידענע האַלבלעגאַלע און נישט לעגאַלע אופנים ווי אַזוי צו פאַרגרעסערן דעם נישטיקן

פאַרדינסט. די אַממייסטן באַקאַנטע האַלב־לעגאַלע פּראַקטיק איז געווען דאָס „מאצן". דאָס וואָרט „מאצן" שטאַמט וואַרשײַנלעך פון די העבריִישע ראשי תבות מ"ץ — מותרות צמר, דאָס מיינט איבערגעבליבענע רעשטלעך וואָל. ווען דער פאַבריקאַנט האָט אַרויסגעגעבן צום אַרבעטער די וואָל, פלעגט ער זי וועגן און פאַרשרייבן די וואָג. דער אַרבעטער האָט געדאַרפט צוריקגעבן אַ פאַרטיק שטיק סחורה, וואָס איר וואָג האָט געדאַרפט שטימען מיט דעם רוי־שטאָף, וואָס ער האָט באַקומען. דער לוין־וועבער האָט אָבער תמיד געפונען אַ וועג ווי אָפּצושפּאָרן אַביסל רוי־שטאָף פאַר זיינעטוועגן: על פי רוב האָט ער די פאַרטיקע סחורה אָוועקגעלייגט אין קעלער, כדי זי זאָל ווערן אָנגעזאַפּט מיט פייכטקייט און וועגן מער. דאָס אָפּגעשפּאָרטע ביסל רוישטאָף, דיִם „מאַץ", האָט דער אַרבעטער געבראַכט צו די סוחרים וואָס האָבן געהאַנדלט מיט „מאַץ", די „מעצערס". זיי פלעגן דעם דאָזיקן ביליקן רוישטאָף צוריק פאַרקויפן צו די פאַבריקאַנטן. ענלעכע מינהגים האָבן זיך אַנטוויקלט אין אַנדערע צווייגן פון דער לוין־וועבעריי. אַזוי למשל פלעגן די טרײַבערינס באַקומען מעל כדי צו שטייפן די באַוולנע פעדים; אַ פשיטא, אַז זיי פלעגן אַ טייל פון מעל אָפּשפּאָרן און פאַרנוצן פאַר זייער הויזווירטשאַפט.

אָבער די אַלע מיטלען האָבן נישט געהאָלפן און די לאַגע פון די לוין־וועבער איז געוואָרן אַלץ קריטישער. די וועבער פלעגן זיך צוזאַמענקומען שבת נאָכמיטאָג אין בית־מדרש און זיך באַראַטן וואָס צו טון אין זייער ביטערער לאַגע. עס זענען געפאַלן געדאַנקען וועגן אַ שטרייק. אָבער קיינער האָט נישט געהאַט דעם מוט צו זיין דער ערשטער. אָבער אין אָנהויב 20סטן יאָרהונדערט האָט זיך די לאַגע אַזוי פאַרשאַרפט, אַז עס איז געקומען צו די ערשטע אָפענע קאָנפליקטן. אין איינעם אַ טאָג האָבן די וועבער באַשלאָסן אָפּצוטראָגן די „ביימער" (דער בוים איז געווען דער טייל פון דעם וועבשטול, אויף וועלכן דער וועבער האָט אויפגעוויקלט די „קעטע"). אַלע אַרבעטער האָבן אָוועקגעלייגט די „ביימער" ביי די פאַבריקאַנטן פאַר דער טיר. אַרום 1903 אָדער 1904 איז געקומען צו נאָך אַ שאַרפערער דעמאָנסטראַציע. דער גערער רבי איז געווען דעמאָלט זייער קראַנק און די גערער חסידים (צווישן די פאַבריקאַנטן זענען געווען אַ סך גערער חסידים) האָבן זיך פאַרזאַמלט אין שול און געזאָגט תהלים. ביים אַרויסגיין פון שול האָט זיי אַ גרופּע יונגע וועבער שטאַרק צעשלאָגן. זיי האָבן זיך נישט באַנוגנט מיט דעם, נאָר

זענען אוועק אין שטוב צו די פאַבריקאַנטן, וואָס זענען אין שול נישט געווען און אויך זיי צעשלאָגן.

*****

נייע צרות און קאָנפליקטן זענען אויסגעוואַקסן, ווען די בעלכאַ־טאָוועד אינדוסטרי האָט גענומען אריבערגיין פון האַנטוועבעריי צו מעכאַניזירטער פּראָדוקציע. לויט זלמן פּודלאָווסקי זענען די ערשטע מע־כאַניזירטע פאַבריקן אין בעלכאַטאָוו אַנטשטאַנען אָנהויב 20סטן י״ה. דער ערשטער פּיאָנער אויף דעם געביט איז געווען פּרץ פרייטאַג. זיין פאַבריק האָט באַשעפטיקט ביז 200 אַרבעטער. אויך די פאַבריק פון מאיר זשוכאָווסקי (פאַרבונדן מיט דער פירמע „זשוכאָווסקי און אדלער״ אין לאָדזש) האָט באַשעפטיקט ביז 200 אַרבעטער. אַנדערע גרעסערע מע־כאַנישע פאַבריקן זענען געווען: וועלוול פערשטער, די זין פון יוסף וואַרשאַווסקי, די ברידער עפּשטיין, די פאַמיליע דזשאַלאָווסקי, די ברידער שמולעוויטש, ברוך סטאַראָווינסקי, יאַנקל קלאָג, הערצקע טוסק, שלמה קאָוואַל. סך הכל זענען געווען 12 מעכאַניזירטע יידישע פאַבריקן און איין פאַבריק וואָס האָט געהערט צו אַ דייטש (באַראָן).

מיט דער אַנטשטייאונג פון די מעכאַניזירטע פאַבריקן זענען אַנט־שטאַנען נייע פּראָבלעמען. ערשטנס האָבן די מעכאַניזירטע פאַבריקן גע־דאַרפט האָבן אַ סך ווייניקער אַרבעטער ווי ביי דער האַנט־פּראָדוקציע, צווייטנס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אפילו אויף די שטאַרק רעדוצירטע אַרבעטס־פּלעצער קאָנען זיך די יידישע אַרבעטער נישט האַלטן. דער רוב יידישע פאַבריקאַנטן האָט באַשעפטיקט קריסטלעכע אַרבעטער. די גרעסטע צאָל יידישע אַרבעטער איז געווען באַשעפטיקט אין דער פאַבריק פון זשוכאָווסקי; אַ געוויסע צאָל יידן זענען אויך געווען באַשעפטיקט אין די פאַבריקן פון וואַרשאַווסקי, פערשטער, עפּשטיין און אַנדערע.

די הויפּט־טענה פון די יידישע פאַבריקאַנטן איז געווען, אַז די יידישע אַרבעטער קאָנען נישט אַרבעטן אין שבת און ימים טובים, און די אַרבעט אין פאַבריק וועט ליידן דערפון. די יידישע פאַבריקן האָבן גע־אַרבעט אין שבת און אייניקע (צ. ב. פרייטאַגס פאַבריק) אפילו אין ראש השנה און יום כפור, וואָס האָט אַרויסגערופן שטאַרקע פּראָטעסטן אין די רעליגיעזע קרייזן אין שטאָט. אַ צווייטע טיפערע סיבה, וועלכע איז אָפט נישט אַרויסגעזאָגט געוואָרן בפירוש, איז געווען די, וואָס דעם פאַבריקאַנט איז ליבער געווען דער שטאַרק אָפּגעשטאַנענער און גע־

האָרכזאָמערער דאָרפישער אַרבעטער איידער דער אויפגעקלערטער יידי־שער אַרבעטער, ביי וועלכן עס האָבן שוין אָנגעהויבן זיך צו באַווייזן רעוואָלוציאָנערע שטימונגען און סאָציאַליסטישע אידעען.

## 3. אויף דער שוועל פון אַ נייער תקופה
(אין אָנהויב פון 20סטן יאָרהונדערט)

אין די ערשטע יאָרצענדליקער פון 20סטן יאָרהונדערט האָט זיך אַ סך געענדערט אויף דער יידישער גאַס. די צייט פון נאַאיווע דעמאָנ־סטראַציעס, פון „אָוועקליינן די ביימער" און שלעגערייען ביי דער שול איז אַוועק. די יידישע אַרבעטערשאַפט איז געוואָרן רייפער, זי האָט זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן און צוהערן צו נייע פּראָגרעסיווע אידעאַלן און לאָזונגען.

אין סוף 19טן און אָנהויב 20טן יאָרהונדערט איז דאָס שטעטל שטאַרק געוואַקסן און זיין עקאָנאָמישע און סאָציאַלע סטרוקטור איז גע־וואָרן מער דיפערענצירט. אין יאָר 1897 האָט בעלכאַטאָוו געציילט 3859 איינוווינער און צווישן זיי 2987 יידן. אין יאָר 1909 — 3849 יידן. אין יאָר 1917 — 4922 יידן. די ערשטע יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה ברענגען אַן אָנזעעוודיקע ירידה אין דער צאָל יידן: אין 1921 ציילט בעלכאַטאָוו 369 הייזער, 6.249 איינוווינער און דערפון בלויז 3.688 יידן. די יידן מאַכן אוים שוין בלויז 60% פון דער שטאָט־באַפעלקערונג. די סיבות פון דער דאָזיקער שטאַרקער פאַרענדערונג זענען געווען אין אַ גרויסער מאָס פאַרבונדן מיט די איבערלעבונגען אין דער צייט פון מלחמה און אין די ערשטע נאָך־מלחמה־יאָרן: אין צייט פון מלחמה האָט די בעל־כאַטאָווער אינדוסטרי און האַנדל שטאַרק געליטן. די פאַרשלעכטערטע עקאָנאָמישע לאַגע און אַ רייע אינדיווידועלע סיבות האָבן באַוויגן אַ סך בעלכאַטאָווער יידן אויסצוּוואַנדערן. אַ טייל האָבן אויסגעוואַנדערט קיין לאָדזש און אין אַנדערע פּוילישע שטעט, אַ סך אָבער זענען אַרויסגעפאָרן ווייטער, קיין דייטשלאַנד, עסטרייך און צום טייל אויך קיין אַמעריקע.

ווי געזאָגט, ווערט אין די לעצטע יאָרצענדליקער פון 19טן יאָרהונ־דערט דאָסווירטשאַפטלעכע לעבן פון די בעלכאַטאָווער יידן אַ סך מער דיפערענצירט. די פּויערים, וואָס האָבן ביז 1864 געשפּילט אַ גאַנץ קליינע ראָל ווי קאָנסומענטן און קונים, כל זמן זיי זענען געווען פאַרשקלאַפט

צו זייערע פעאָדאַלע האַרן, זענען דורך דער אַגראַר־רעפאָרם אין די 70ער יאָרן אַריינגעפירט געוואָרן אין דער מאָדערנער געלט־ווירטשאַפט און ביסלעכווייז זענען זיי אַרויפגעקומען ווי קאָנסומענטן און קויפערס. די פויערים פלעגן אַריינקומען אין די שטעטלעך האַנדלען מיט יידן, פאַרקויפן זייערע פּראָדוקטן, איינקויפן זייערע באַדערפעניש. דער מסחר אין די שטעטלעך איז אויפגעלעבט געוואָרן. אין די מאַרק־טעג — בעלכאַטאָוו האָט געהאַט צוויי מאָל אַ וואָך ירידים — פלעגן הונדערטער פויערים שטראָמען צום שטעטל. אַ טייל פויערישע יוגנט האָט זיך גענומען באַזעצן אין שטעטל, צום טייל ווי אַרבעטער אין די מעכאַנישע פאַבריקן, צום טייל (שוין שפּעטער, אין אומאָפּהענגיקן פּוילן) ווי שילער, אָנגעשטעלטע, באַאַמטע אאַ״וו. אין 1921 האָט שוין בעלכאַטאָוו געהאַט איבער 2.500 קריסטלעכע איינוווינער, לגבי קנאַפּע 1.000 אין יאָר 1897 און 450 אין יאָר 1857. פאַרהעלטניסמעסיק ווייניק פּאָליאַקן האָבן זיך פאַרנומען מיט מסחר, גרעסער איז געווען די צאָל קריסטלעכע האַנטווערקער. בכלל האָט זיך דער קרייז קאָנסומענמטן פון די יידישע סוחרים, קרעמער און האַנטווערקער באַדייטנדיק פאַרגרעסערט, סיי צוליב דעם וווּקס פון שטעטל גופא און סיי צוליב דער פאַרגרעסערטער קאָנסומציע פון די אַרומיקע דערפער. דער יידישער האַנדל־ און האַנטווערקער־שטאַנד איז שטאַרק געוואַקסן. פון דער אַנדערער זייט האָט די יידישע באַפעלקערונג פאַרלוידן איר אַבסאָלוטן נומערישן איבערגעוויכט אין שטעטל און אָנגעהויבן פילן מיט דער צייט (בפרט אין אומאָפּהענגיקן פּוילן) אַלץ שטאַרקער די פּוילישע קאָנקורענץ אין האַנטווערק און האַנדל. אין יידישן לעבן האָבן זיך אָנגעהויבן וואָס דייטלעכער אויסטיילן געוויסע ווירטשאַפטלעכע און סאָציאַלע שיכטן. צו די רייכסטע אין שטעטל האָבן געהערט די פאַבריקאַנטן, רייכע סוחרים, באַלעבאַטים. אין שטעטל האָט זיך אַנטוויקלט אַ באַדייטנדיקער מיטלשיכט: אייגנטימער פון געוועלבן, קראָמען, שפּייז־ שניט־ אייזן־ קאָלאָניאַל־געשעפטן אאַ״וו. אַ טייל געוועלבער האָבן געהאַט סטאַבילע פאַרבינדונגען מיט אַ פאַבריקאַנט און פאַרקויפט אויף קוויטלעך סחורה צו זיינע לוין־וועבער. אַ מער באַוועגלעכער האַנדלס־עלעמענט זענען געווען די אייגנטימער פון די סטראַגאַנעס. זיי פלעגן אויפשלאָגן זייערע קראָמען אין דער צייט פון די ירידים און מאַרק־טעג און פלעגן אחוץ דעם פאָרן אין די אַרומיקע שטעטלעך אין די טעג, ווען דאָרט פלעגן פאָרקומען ירידים. אויך אַ טייל יידישע בעלי מלאכות, שניידערס, שוסטערס, היטל־

מאכערס, בלעכערס אא"וו, האָבן געהאַט אייגענע סטראַנאַנעס און פאַר־קויפט אויף זייי אייגענע פּראָדוקציע. די גרויסע מאַסע יידישע וועבער און אַנדערע לוין־אַרבעטער, באַשעפטיקט אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע, האָט ביסלעכווייז אַנגעהויבן פאַרלירן איר נומערישע איבערוואָג, הגם זי איז איז נאָך תמיד געווען דער שטאַרקסטער און גרעסטער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג. די רירעוודיקע האַנדלס־טעטיקייט און די אינ־דוסטריע האָבן זיך געניטיקט אין אַ סך טראַנספּאָרטאַציע. ביזן סוף 19טן יאָרהונדערט איז דער גאַנצער האַנדלס־טראַנספּאָרט געווען אין די הענט פון די יידישע בעלי עגלות (פורמאַנעס). די פורמאַנעס האָבן פאַרנומען אַ באַזונדערע שטעלונג אין לעבן פון שטעטל. זיי זענען — צוזאַמען מיט די פערד־הענדלערס, קצבים א"א — געווען די „שטאַרקע" און האָבן נישט איינמאָל געלאָזט הערן פון זיך אין שטעטל דורך אויסטערלישע מעשים. אין אַן ערב יום כפור (וואַרשיינלעך סוף 19טן יאָרהונדערט) האָבן זיך אין שטעטל פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די אָרומיקע פּויערים גרייטן זיך דורכצופירן אין שטעטל אַ פּאָגראָם. די „שטאַרקע" האָבן לאַנג נישט געקלערט. זיי האָבן אָפּגעוואַרט די פויערים ביי די אַריינפאָרן צום שטעטל, און איידער וואָס איידער ווען, זיי שטאַרק צעשלאָגן. עס פלעגט אָפּט טרעפן, אַז שיכורע יונגע פּריזיוניקעס (רעקרוטן) פון די אָרומיקע דער־פער האָבן זיך געוואָלט לאָזן ווילגיין אין שטעטל, איידער זיי זענען גע־גאַנגען צום פּריזיוו. אין עטלעכע פאַלן איז געקומען צו צוזאַמענשטויסן צווישן זיי און די „שטאַרקע", וואָס זענען טאַקע געבליבן די שטאַרקע אויפן שלאַכטפעלד. זלמן פודלאָווסקי דערציילט אויך אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע, וואָס האָט פּאַסירט אָנהויב 20סטן יאָרהונדערט. אין סטערצאָוו האָט געוווינט אַ יידישער אויסוואורף, אַ גנב און אונטערצינדער מיטן נאָמען דוד פייפער. ער האָט מיט זיינע מעשים דערעסן די סטערצאָווער „קיילערס" (קריסטלעכע קצבים) און זיי האָבן אים דערהרגעט. האָבן זיך די בעלכאַטאָווער „שטאַרקע" אָנגענומען פייפערס קריוודע. ווען די סטערצאָווער „קיילערס" זענען אַמאָל געקומען קיין בעלכאַטאָוו אין צייט פון יריד צו פאַרקויפן זייער סחורה, האָבן זיי די „שטאַרקע" צעשלאָגן. בעלכאַטאָוו האָט אויך פאַרמאָגט זיינע אויסוואורפן. דאָס זענען געווען הפקר־יונגען, פערד־גנבים, קונצנמאַכער און קאָרטן־שפּילער, וואָס האָבן געמאַכט אַ לעבן אויף די מאַרק־טעג ביי די פויערים. אַ מער „יידישלעכע" פּרנסה האָבן געהאַט די „פּרעטענזיע נעמערס". ווען זיי האָבן געזען אַ

בחור אַרומגיין מיט אַ מיידל, פּלעגן זיי זיך צוטשעפּען מיט אַ פּרעטענזיע, אַז דאָס איז זייער כלה, און נעמען געלט ביי דעם איבערגעשראָקענעם איידעלן יונגנמאַן.

## 4. דאָס סאָציאַלע און קולטורעלע יידישע לעבן

ביזן סוף 19טן יאָרהונדערט האָבן זיך די פאַרשידענע סאָציאַלע שיכטן נישט אָרגאַניזירט אין באַזונדערע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס אָדער פּאַרטייאישע גרופּירונגען. די אָרגאַניזירטע געזעלשאַפטלעכקייט אין יידישן לעבן האָט זיך אויסגעדריקט אין רעליגיעזע פאָרמען און אינסטי־טוציעס. די רייכע באַלעבאַטים, די שיינע יידן, די כלי־קודש, די פאַברי־קאַנטן און רייכע סוחרים האָבן זיך גרופּירט אַרום די פאַרשידענע חסידישע שטיבלעך. עס זענען געווען אין שטעטל גערער חסידים, ראַדזינער, אַלעק־סאַנדרער און אַנדערע. אָבער די סאַמע איינפלוסרייכסטע זענען געווען די גערער. צו די גערער חסידים האָבן געהערט כמעט אַלע פאַבריקאַנטן. חסידים פון גערער שטיבל האָבן באַהערשט דאָס קהילה־לעבן. אגב איז דער קהילה־ביודזשעט געווען אַ באַשיידענער: ער האָט באַטראָפן 270 רובל יערלעך אין דער צייט צווישן 1846—1854 און 370 רובל אין די שפּעטערדיקע יאָרן.

אַרום דער שול און דעם בית מדרש האָבן זיך גרופּירט די פּשוטע יידן, די בעלי מלאכות, די וועבער, די אָרעמע קרעמער און סתם פּראָסטע יידן („שול״ אָדער „בית מדרש יידן״ האָט מען זיי גערופן).

די יונגעלייט האָט עס געצויגן צו עפּעס אַנדערש. זיי האָבן געגאַרט צו עפּעס נייעס, וואָס זאָל דורכברעכן די מאָנאָטאָניע פון דעם פּראָווינץ־לעבן. אַ גרופּע יונגעלייט האָט געגרינדעט אַ „חברה בחורים״. די חברה האָט צוזאַמען פאַרבראַכט, צוזאַמען געדאַוונט, צוזאַמען געשמועסט על פּי רוב שבת נאָכמיטאָג. אָבער נישט האָבנדיק קיין קאָנקרעטן אינהאַלט, איז זי זיך ביסלעכווייז צעפאַלן. באַלד איז אַנטשטאַנען אַ צווייטע „חברה בחורים״, אויך זיי האָבן געדאַוונט צוזאַמען, אַריינגעפירט אַ נאָווינע, אַ מיטגליד־אָפּצאָל און מיט דעם געלט אָנגעהויבן אַריינפירן „רעפאָרמעס״ אין שטעטל: זיי האָבן אויסגעבויט אַ געמויערטן פאַרקאַן פאַר דער שול, חתונה געמאַכט אַ שנאָרעריש פּאָרל, איבערגעשריבן אַ ספר־תורה און געמאַכט אַ פייערלעכן חנוך־הספר אין שטעטל; בשעת דער פּאַראַדע זענען

בחורים פאַרשטעלטע פאַר פּריצים און קאָזאַקן געריטן אויף פערד און אויפגערודערט דאָס גאַנצע שטעטל.

אַן אַנדערע גרופּע איז געגאַנגען ווייטער: דאָס איז געווען אַ משכּי־לים־גרופּע, וואָס בראש פון איר זענען געשטאַנען: יואל לייב גאָלדשטיין און זיין ברודער, ווי אויך שיע לאַנגנאַס, בערל וואָלדמאַן און אַנדערע. יואל לייב גאָלדשטיין איז דער איינציקער שרייבער־ראָמאַניסט, וועלכן בעלכאַטאָוו האָט אַרויסגעגעבן. ער האָט דעביוטירט מיט אַ דערציילונג אויף דער טעמע: „דער לעצטער מענטש", דאַן פאַרעפנטלעכט אין וואַרשע אַ דיקן ראָמאַן (1.200 זייטן!) „צוזאַמענברוך אָדער איבערבוי". דאַן אַ באַנד דערציילונגען: „מיטן פּנים צום שפּיגל" און צום סוף אַן אוטאָפּיסטישע פאַנטאַזיע "1960", געשריבן אין טעריטאָריאַליסטישן גייסט.

אַ יינגערער ליטעראַרישער טאַלאַנט אין דער דאָזיקער משכּילים־גרופּע איז געווען מאיר זוסמאַן, אַ גאַרבער, וואָס האָט אין די יאָרן 1910—1911 פאַרפאַסט אַ רייע יידישע לידער, צום טייל מיט אַ סאָציאַל־ראַדיקאַלן אינהאַלט. שפּעטער האָבן נאָך אַנדערע בעלכאַטאָווער זיך אָנגעהויבן באַשעפטיקן מיט ליטעראַרישער טעטיקייט. שמואל חיים קעל־מאַן, אַ פּועלי ציוניסטישער טוער, האָט געשריבן דערציילונגען. פּרץ פּרייטאָג איז געווען אַ שטענדיקער קאָרעספּאָנדענט פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער צייטונג אין וואַרשע „ראָבאָטניק", זלמן פּודלאָווסקי איז געווען דער קאָרעספּאָנדענט פון דער פּעטערבורגער „צייט" און שפּע־טער פון די בונדישע אָרגאַנען „לעבנס פראַגן" און „פאָלקס־צייטונג" אין וואַרשע. עס פלעגן אין איר דערשיינען (אין דער צייט צווישן ביידע וועלט־מלחמות) אַרטיקלען וועגן בעלכאַטאָוו פון הענריק ערליך, כמורנער, יעקב פּאַט, ברוך שעפּנער און אַנדערע.

אַ טייל פון דעם פריער דערמאָנטן ליטעראַרישן קרייז האָט זיך שפּעטער אָפּגעגעבן מיט שאַפן די ערשטע צעירי־ציון גרופּע אין בעלכאַ־טאָוו. דאָס זענען געווען: כאַצקל שאַטאַן, פּעפּער (אַ בחור פון לאָדזש), וויסבלאַט (אַ פּריוואַט לערער ביי די פּיטאָווסקים) און אַנדערע.

נאָך אַן אַנדערע גרופּע פון בית מדרש־בחורים פלעגט זיך צוזאַמענ־קומען אין בית מדרש און לייענען בסתר יידישע און העברעאישע מאָ־דערנע ליטעראַטור און פירן הייסע פילאָזאָפישע און ליטעראַרישע דיס־קוסיעס. צו דער גרופּע האָבן געהערט: אלי טוואַרדאָווסקי, די ברידער משה און שמעון שמולעוויטש, אהרן פּנחס באָרענשטיין, זלמן פּודלאָווסקי,

אַברהם און הענעך ליבערמאַן, הענעך פּיגולאַ און הענעך גרושקא (די פיר לעצטע האָבן געשטאַמט פון ראַדזינער חסידים). ביז איינמאָל אין א שבת איז די דאָזיקע גרופּע געכאַפּט געוואָרן בשעת מעשה דורך א גרופּע חסידים אין בית המדרש (מוצאי פּסח 1913) און אין שטעטל איז אויס־געבראָכן אַ גאַנצער סקאַנדאַל צוליב דער אויפפירונג פון די "פּושעים".

די פאַרשידענע מחנות אין שטעטל האָבן שטענדיק געפירט צווישן זיך מלחמות. אַלע מלחמות אין די רעליגיעזע קרייזן האָבן זיך געדרייט דער עיקר ארום צוויי הויפּט־סיבות: אַרום רבנות אָדער שחיטה. ביים סוף 19טן יאָרהונדערט איז נפטר געוואָרן דער בעלכאַטאָווער רב כהנ־שטאַם. ער איז געווען אַ גערער חסיד. פאַרשטייט זיך, אז די גערער חסידים האָבן געוואָלט האָבן אויפן כסא הרבנות ווידער אן אייגענעם מענטש. דאָס האָט אָבער נישט געשמעקט זייערע אייביקע שונאים, די אַלעקסאַנדרער חסידים. די אַלעקסאַנדרער האָבן זיך פאַרבונדן מיט די „פּראָסטע יידן", בית מדרש־יידן. בראש פון די פּראָסטע יידן איז געשטאַנען „מאָשקע ראָזאַר". זיין ביינאָמען האָט זיך גענומען דערפון, וואָס ער איז יאָרן לאַנג געווען א ראָזאַר (מיטגליד אין קהילה־ראַט). ער האָט געהאַט גרויסע פאַרדינסטן פאַרן שטעטל: צוליב זיינע באַמיאונגען איז אויפגעבויט געוואָרן די נייע שול, הגם די גערער חסידים האָבן געפירט דעמאָלט א שטילע קאַמפּאַניע קעגן אויפבויען די שול. די מחלוקת איז געווען אַ פאַרביטערטע, אָבער לסוף האָט „מאָשקע ראָזאַר" צוזאַמען מיט די אַלעקסאַנדרער חסידים געזיגט און זיי האָבן אַראָפּגעבראַכט קיין בעל־כאַטאָוו זייערס אַ קאַנדידאַט, הר' משה אלי בירנבוים. דער נצחון איז אָבער נישט געווען קיין דבר של קיימא. זעענדיק אז זיי קאָנען נישט אריבער, האָבן די גערער חסידים גענומען שפּאַלטן דעם „פאָלקס־פראָנט" פון אינעווייניק. עס איז זיי געלונגען אַריבערצוקריגן אויף זייער זייט דעם אָנפירער פון דער „פיינטלעכער אַרמיי", ר' מאָשקע ראָזאַר. באַלד נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּראָפּאַגאַנדע־קאַמפּאַניע קעגן דעם רב. מען האָט וועגן אים פאַרשפּרייט פאַרשידענע קלאַנגען און בילבולים. איינער פון די שווערסטע פאָרווורפן קעגן אים איז אין די אויגן פון די גערער חסידים געווען דער פאַקט, וואָס ער האָט סימפּאַטיזירט מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג. לסוף איז דעם רב ר' משה אלי בירנבוים נמאס געוואָרן דאָס לעבן אין בעלכאַטאָוו, אין דער אַטמאָספערע פון א פער־מאַנענטער גערער אַגיטאַציע קעגן אים. ווייזט אויס, אז ער האָט אַליין

רעזיגנירט פון זיין פּאָסטן און איז אַריבערגעפאָרן קיין לאָדזש. דאָ איז ער געווען איינער פון די וויכטיקסטע פירער פון „מזרחי" ביז זיין אָפּ־פאָרן קיין ארץ־ישראל.

דער נייער רב איז געווען ר' שמואל שלמה בראון, רעקאָמענדירט און געשטיצט דורך די גערער חסידים. ער איז באַקאַנט געווען אין שטאָט מיט דעם ביינאָמען „דער לוקאָווער רב". ער האָט אויפגעשטעלט אין בעל־כאַטאָוו אַ גרויסע ישיבה, אין וועלכער עס האָבן געלערנט עטלעכע צענ־דליק בחורים פון פרעמדע שטעט. די ישיבה איז געווען דער שטאָלץ פון די בעלכאַטאָווער יידן. הגם די מאַטעריעלע לאַגע איז ביי אַ סך בעלכאַטאָווער באַלעבאַטים נישט געווען קיין גוטע, האָבן זיי גערן געגעבן קעסט די צוגעוואַנדערטע ישיבה־בחורים. דער לוקאָווער רב האָט געהאַט אין בעל־כאַטאָוו אַ גרויסע השפעה און געשמט פאַר אַ קנאי. אָבער אויך זיין שטרענגע ממשלה האָט נישט געקאָנט מעביר זיין פון בעלכאַטאָוו די נייע פרייע ווינטן, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון אַלע זייטן. אין די יאָרן 1904—1905, ווען בעלכאַטאָוו האָט געברויזט און גערעשט מיט דע־מאָנסטראַציעס, שטרייקן און נייע דיבורים, האָט דער רב געהאַלטן פייער־ערדיקע דרשות אין שול קעגן די „פושעים", וואָס זענען „קעגן די שיינע יידן, קעגן דעם קיסר, קעגן יידישקייט" און ער האָט געוואָרפן דונערן אויף די „אפיקורסים און עוכרי ישראל". אָבער ווען דאָס האָט נישט קיין סך געהאָלפן און די וועלט איז זיך געגאַנגען איר גאַנג, האָט דער לוקאָווער רב רעזיגנירט און פאַרלאָזט בעלכאַטאָוו (וואַרשיינלעך אַרום 1905 אָדער 1906).

עס איז אויסגעבראָכן אַ נייער קאַמף אַרום דער רבנות. די גערער חסידים (געשטיצט דורך די ראַדזינער חסידים) האָבן זיך אַנטקעגנגע־שטעלט אַ קאַנדידאַטור פון די „פּראָסטע יידן" מיט די וואָלבאָרזשער און אַלעקסאַנדערער חסידים. געזיגט האָט די קאַנדידאַטור פון ר' צמח דוד טאַרנהיים, דער וואָלבאָרזשער רבס אַ זון, איז באַשטימט געוואָרן אויפן כסא הרבנות. די ישיבה, וועלכע דער לוקאָווער האָט אָנגעפירט, איז מער נישט אָנגעגאַנגען אין ר' טאַרנהיימס צייטן. ר' צמח דוד טאַרנהיים האָט געפירט די רבנות אין בעלכאַטאָוו ביז צו זיין טויט, עטלעכע יאָר פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה. אין די אינערלעכע קאַמפן אין דער קהילה פלעגט ער שטיין אויף דער זייט פון „מזרחי" און קעגן דער „אגודת ישראל".

אויך צוליב שחיטה און שוחטים זענען אין שטעטל כסדר פאָרגעקו־מען פארביטערטע מחלוקתן. די גערער חסידים האָבן בכלל געהאט זייער אייגענעם שוחט און מקפּיד געווען אויף אזוי ווייט, אז זיי פלעגן נישט עסן פון אן אנדערער שחיטה. דאָס איז געווען בפרט אין דער צייט פון זייער קאַמף קעגן ר׳ צמח דוד טאָרנהיים. אָבער די סיכסוכים און מחלוקתן צווישן די פארשידענע אָרטאָדאָקסיש־רעליגיעזע גרופּעס האָבן ביסלעכווייז אויפגעהערט צו זיין די צענטראלע געשעענישן אין יידישן לעבן פון שטעטל. אין 20סטן יאָרהונדערט זענען אויפגעקומען נייע אידעען, עס האָבן זיך אָרגאַניזירט נייע פאראיינען און אינסטיטוציעס, געשאפן אָפּצווייַ־גונגען פון די יידישע פּאָליטישע פארטייען, געשאפן געוואָרן פּראָפעסיאָ־נעלע פאראיינען. די אַלע דערשיינונגען האָבן ארויסגעפירט דאָס געזעל־שאפטלעכע לעבן אין בעלכאטאָוו אויף נייע רעלסן.

די געשעענישן פון 1904—1905 האָבן געבראַכט אַן איבערקערעניש אין יידישן לעבן פון בעלכאטאָוו. דאָס איז געווען א טיפע און ראדיקאלע רעוואָלוציע, וואָס האָט אינגאנצן געביטן אויף להבא דעם סאָציאלן און קולטורעלן פּרצוף פון יידישן בעלכאטאָוו. אין 1904—1905 איז בעלכאַ־טאָוו אויפגערודערט געוואָרן דורך א סדרה שטרייקן און דעמאָנסטראַציעס. געווען עקאָנאָמישע שטרייקן — א פּועל יוצא פון דער טרויעריקער לאגע פון די בעלכאטאָווער לוין־ארבעטער — עטלעכע פּאָליטישע שטרייקן (דער 1טער מאי־שטרייק, דער יאַנואַר־שטרייק נאָך דער בלוטיקער אונטער־דריקונג פון גאַפּאָנס דעמאָנסטראַציע אין פּעטערבורג דעם 9טן יאנואר 1905) און אויך אַ סאָלידאַריטעט־שטרייק (אין דער צייט פון דעם גרויסן לאָדזשער גאַסן־קאַמף, סוף יוני 1905. אין די דעמאָנסטראַציעס פון 1905 האָט זיך צום ערשטן מאָל באַוויזן אויף די גאַסן פון בעלכאטאָוו אַ באַ־וואָפנטע יידישע אַרבעטער־מיליץ.

עס איז ממש צו באַוואונדערן ווי אזוי עס איז מעגלעך געווען דורכצו־פירן אין בעלכאטאָוו אזא קאָמפּליצירטע און שווערע אָרגאַניזאַטאָרישע אַרבעט, מיט שטרייקן, דעמאָנסטראַציעס, אייגענער מיליץ, בשעת מיר ווייסן, אז ביז 1904—1905 זענען נאָך אין בעלכאטאָוו קיין שום ארבע־טער־אָרגאַניזאַציעס נישט געווען. ערשט אין יענער צייט (ארום 1904—1905) הייבן זיך אָן וואַרשיינלעך צו אָרגאַניזירן די פּראָפעסיאָנעלע פאר־איינען: דער פאראיין פון די לוין־וועבער, דער פאראיין פון די שערער און דער פּראָפעסיאָנעלער טעקסטיל־פאראיין. סיי דער לוין־וועבער־ און

סיי דער שערער־פאראיין זענען אין יענער צייט נישט אויפגעטרעטן מיט קיין שום פּראָפעסיאָנעלער אָדער פּאָליטישער אקטיוויטעט. דער פּראָפעסיאָנעלער טעקסטיל־פאראיין האָט ארומגענומען די אָרעמסטע און אממייסטן אונטערדריקטע טיילן פון דער ארבעטערשאפט, צ״ב די געזעלן און לערן־יינגלעך, וואָס האָבן געאַרבעט ביי די לוין־וועבער, די שניידער־געזעלן, די שטריקער און נאָך אנדערע פאכן. דער טעקסטיל פאראיין איז געוואָרן אָרגאַניזירט און אָנגעפירט דורך בונדישע טוער און איז געווען א טייל פון דער בונדישער פּארטיי־אָרגאניזאציע.

א כאראקטעריסטישער פּאַקט, וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1905 גיט אונדז א רמז וועגן די פארבינדונגען, וואָס די בעלכאטאָווער ארבעטערשאפט האָט דעמאָלט געהאט מיט די יידישע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען מחוץ בעלכאטאָוו.

ווען די שטרייקן און דעמאָנסטראציעס האָבן אויסגעבראָכן, האָבן די איבערגעשראָקענע באלעבאטים און גערער חסידים געזוכט א כוח, וואָס זאָל קענען איינברעכן די ארבעטערשאפט. די פורמאַנעס, אויף וועלכע זיי האָבן געהאט — ווי פאבריקאנטן און סוחרים — א געוויסע השפעה, האָבן געזאָלט ווערן דער קאָנטררעוואָלוציאָנערער כוח. די פורמאנעס צוזאמען מיט אנדערע „שטארקע״, האָבן טאקע אָנגעהויבן צו טשעפּען די אַרבעטער און שטערן זייערע פארזאמלונגען. אָבער דעמאָלט האָט זיך אַריינגעמישט די לייטונג פון לאָדזשער „בונד״. זיין ערנסטע וואָרענונג האָט תיכף ומיד בארואיקט די פורמאנעס. ווייזט אויס, אז מען קען דעם אָנהייב פון דער בעלכאטאָווער בונדישער אָרגאניזאציע דאטירן פון אָטאָ די געשעענישן. (1904—1905).

אינצווישן האָט אָבער די קאָנטררעוואָלוציע געזיגט אין רוסלאַנד און אויך בעלכאטאָוו האָט אָנגעהויבן צו שפּירן די נייע, אייזערנע האנט פון דער רעאקציע. אין יאָר 1906 האָט די צארישע מאכט, אָן א שום פּאַר־וואָס, אריינגעשיקט קיין בעלכאטאָוו אַן אָפּטיילונג פון 10 קאָזאקן. זיי האָבן נישט געהאט וואָס צו טון אין רואיקן שטעטל, און האָבן געהוליעט און געשיכורט. ביז דאָס רואיקע בעלכאטאָוו האָט זיי אָפּגעטון א שפּיצל. אין יאָר 1907 האָבן פערד־גנבים אין אויפטראג פון א יידישער אָרגאני־זאציע זיך אריינגעריסן אין דעם קאָזאקישן קוואַרטיר, אין דער צייט, ווען די „יונים״ האָבן ערגעץ־ווו געשיכורט אין שטעטל. זיי האָבן זיך איבערגעטון אין די קאָזאקישע אוניפאָרמען, צוגענומען דאָס געווער, זיך

אַרויפגעזעצט אויף די פערד און אין ווילדן גאַלאָפּ אַרויס פון שטעטל. א טייל פערד האָבן זיי געהרגעט, אַנדערע אַוועקגעפירט אין וואַלד און צוגעבונדן. די קאָזאַקן האָבן נישט געקאָנט איבערטראָגן די חרפה. איינער פון זיי האָט זיך גענומען דאָס לעבן, די אַנדערע זענען געוואָרן אַרעס־טירט און אַרויסגעשיקט פון שטעטל. קיין בעלכאַטאָוו איז געקומען א פרישע אָפּטיילונג קאָזאַקן, אָבער זיי זענען שוין געווען פאַרזיכטיקער און געזעצטער. בינו לבינו איז די רעגירונג געוואָרן אויפמערקזאַם, אַז אין בעל־כאַטאָוו זענען פאַראַן „סובווערסיווע" עלעמענטן. מען האָט אָפּנים באַ־שלאָסן מיט איין שטאַרקן קלאַפּ צו מאַכן א סוף צו דער דאָזיקער טע־טיקייט. דעם 30סטן יאַנואַר 1908 זענען פּלוצלינג אַרעסטירט געוואָרן אין בעלכאַטאָוו 23 יונגעלייט, כלומרשט פאַר בונדישער נישט לעגאַלער טעטיקייט. אין דער אמתן האָט נאָר א טייל פון די אַרעסטירטע געהערט צו דער בונדישער אָרגאַניזאַציע. די אַרעסטירטע האָט מען אַריינגעזעצט אין טורמע אין פּיעטריקאָוו און שפּעטער אין שעדלעץ. מען האָט קעגן זיי קיין פּראָצעס נישט פאַרפירט, נאָר מען האָט זיי אויפן אַדמיניסטראַ־טיוון וועג פאַרשיקט קיין סיביר, אייניקע אויף פיר יאָר, דעם רעשט אויף צוויי ביז דריי יאָר.

די בונדישע אָרגאַניזאַציע איז דורך די אַרעסטן צעקלאַפּט געוואָרן. עס איז געבליבן גאַנץ די ביבליאָטעק — די ערשטע געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעק אין בעלכאַטאָוו — וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן מיט עטלעכע יאָר צוריק און וועלכע די פּאָליציי־באַאַמטע האָבן אין איילעניש פאַרגעסן צו קאָנפיסקירן. אָבער עס איז נישט געווען ווער עס זאָל אָנפירן מיט דער ביבליאָטעק און די ביכער זענען ביסלעכווייז צעריסן געוואָרן.

עס האָט אָבער נישט געדויערט לאַנג און דורך א צופאַל איז די גרופּע ווידער אַקטיוויזירט געוואָרן צו א ברייטערער און גרעסערער טע־טיקייט. קיין בעלכאַטאָוו איז אַראָפּגעקומען אין פרילינג 1913 א יונגער וועבער־אַרבעטער גרשון פערקאַל. פערקאַל איז געווען א לאָדזשער. ער איז אין לאָדזש אַרעסטירט געוואָרן אין יאָר 1912 און געהאַלטן געוואָרן אין טורמע אַכט חדשים. נאָך דער באַפרייאונג פון טורמע האָט אים די צאַרישע מאַכט באַשטימט אַלס צוואַנג־וווינאָרט דאָס שטעטל זדונסקע וואָליע. אָבער פערקאַל איז באַלד אַנטלאָפן פון זדונסקע וואָליע און זיך באַזעצט אין בעלכאַטאָוו. אַרום אים האָט זיך ווידער קאָנצענטרירט אַן אַקטיווע בונדישע גרופּע. מען האָט איינגעאָרדנט רעפעראַטן, דיסקוסיע־

אָוונטן, אָרגאַניזירט ווידער אַ קליינע ביבליאָטעק, אויסגעשריבן פון פּעטערבורג און וואַרשע פּראָגרעסיווע יידישע צייטונגען. מיט דער אַרבעט האָט אָנגעפירט אַ קאָמיטעט, אין וועלכן עס זענען אַריין אַ חוץ פּערקאָלן — זלמן פּודלאָווסקי (סעקרעטאַר), העניך ליבערמאַן און אַנדערע. פאַרזאַמלונגען און קלענערע צוזאַמענקונפטן פלעגן פאָרקומען אויף דעם „נייעם וועג". אויף דער „בירזשע", אָדער אויף די „געבירג" לעבן שטעטל, שפּעטער אויך אין דער קאַוויאַרניע פון שלמה מידליאַזש. פּערקאַל אַליין איז נאָך אַ קורצער צייט אַוועק פון בעלכאַטאָוו. היות ווי זיין צוואַנגוווינאָרט איז געווען זדונסקע וואָליע, האָט ער וואַרשיינלעך מורא געהאַט, אַז די צאַרישע פּאָליציי זאָל אים נישט אַרעסטירן צוליבן פאַרלאָזן דאָס אָרט פון זיין „ווישעדלעניע" און איז שטילערהייט פּלוצלינג נעלם געוואָרן פון בעלכאַטאָוו. ער איז שפּעטער אויף אַ קורצער צייט נאָכאַמאָל צוריק געקומען קיין בעלכאַטאָוו.

## 5. צווישן די צוויי וועלט־מלחמות

עס האָט זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן אין בעלכאַטאָוו די ציוניסטישע באַוועגונג. אַ טייל פון די משכילים, ווי דערמאָנט, זענען צוגעשטאַנען צו דער גרופּע צעירי־ציון, וואָס האָט זיך געשאַפן אַרום 1914. צווישן דער גרופּע האָבן זיך געפונען משה פריימאַג, מאיר וואַרשאַווסקי און אַנדערע. זייער ערשטער לעגאַלער אַרויסטריט איז געווען דאָס גרינדן אַ ביבליאָטעק אין בעלכאַטאָוו. שפּעטער שאַפן זיי אַ פיין איינגעאָרדנטן לאָקאַל אויפן נאָמען פון משה אָסטראָווסקי, דעם פרי־פאַרשטאָרבענעם בן־יחיד פון יאַנקל אָסטראָווסקי. זיי ברענגען אַראָפּ קיין בעלכאַטאָוו דעם לערער מנחם און אָרדענען איין העברעאישע קורסן פאַר דערוואַקסענע און שפּעטער אויך אַ העברעאישע שול. זייער טעטיק איז געווען אויך דער דראַמאַטישער קרייז ביי דער אָרגאַניזאַציע.

די ציוניסטישע באַוועגונג דיפערענצירט זיך מיט דער צייט. אַ שטאַרקן איינפלוס איבט אויס אין בעלכאַטאָוו די „מזרחי". די „מזרחי"־אָרגאַניזאַציע האָט זיך געשטיצט נישט אַזוי פיל אויף איר מיטגלידערשאַפט, וועלכע איז געווען נישט גרויס, ווי אויף איינפלוסרייכע יחידים און רייכע באַלעבאַטים, וואָס האָבן צו איר געהערט. אחוץ דעם איז די יידישע פאָלקס־באַנק אין בעלכאַטאָוו באַהערשט געווען פון די מזרחיסטן

און דאָס האָט זיי געגעבן אַ גרויסע השפעה. זיי האָבן אויך געמאכט אַ פּרווו צו גרינדן אַן אייגענע קינדער־שול (די „יבנה״־שול).

ווייניקער אַנזעעוודיק אין בעלכאַטאָוו איז געווען די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע פון די רעכטע פּועלי־ציון. אויך זיי האָבן געגרינדעט אַ קלוב, אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע „פרייהייט״, דעם ספּאָרט־קלוב „הפּועל״, און העברעאישע קורסן. די לינקע פּועלי־ציון זענען געווען פאַר־העלטניסמעסיק שוואַך אין בעלכאַטאָוו. דאָס זעלבע אויך דער עקסטרעם רעכטער פליגל אין דער ציוניסטיש געשטימטער מחנה — די רעוויזיאָ־ניסטן.

אַרום 1921—1922 האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען די קאָמוניסטי־שע אָרגאַניזאַציע. זיי האָבן געפירט אַ פאַרביטערטן קאַמף מיט דעם „בונד״ אין דעם פּראָפעסיאָנעלן טעקסטיל־פאַראיין און אין דער קולטור־געזעלשאַפט. זיי האָבן געפּרוווט גרינדן אייגענע לעגאַלע אָרגאַניזאַציעס, אַן אייגענע ביבליאָטעק, אַ י. ל. פּרץ קלוב, אַ ספּאָרט־קלוב און אַ פיליאַלע פון דעם „אגראָ־איד״. אייניקע פון זייערע פירער זענען פאַרמשפּט גע־וואָרן פון די פּוילישע געריכטן צו טורמע, אייניקע זענען אין די שפּעטער־דיקע יאָרן פאַרשיקט געוואָרן אין דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער פון בערעזע־קאַרטוסקאַ.

ווי אַ שטאַרקער פּאָליטישער כוח האָט זיך אָרגאַניזירט, בפרט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, די „אגודת ישראל״. שוין פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה און אין צייט פון מלחמה איז אויפגעקומען אין בעלכאַטאָוו אַ גרופּע פרומע יונגעלייט און געשאַפן אַ פאַראייניקונג אונטער דעם נאָמען „תפארת בחורים״. דאָס איז געווען אַ לויזע גרופּע אָן אַ קריסטאַליזירטן פּראָגראַם. עס זענען אין דער גרופּע אָנגעגאַנגען לאַנגע דיסקוסיעס איבער וועלט־אָנשוילעכע און פּאָליטישע פראַגן. מיט דער צייט האָט זיך די גרופּע געשפּאָלטן. אַ טייל איז אַוועק צו דער „צעירי ציון״־אָרגאַניזאַציע און אַ טייל האָט געבילדעט דעם קערן פון „אגודת ישראל״. צום ערשטן מאָל איז די אַגודה אויפגעטרעטן עפנטלעך ביי די שטורמישע סיים־וואַלן אין יאָר 1918. דעמאָלט האָט די אגודה באַוויזן צוצוציען אויף איר ליסטע די גרעסטע צאָל יידישע שטימען אין בעלכאַטאָוו. אַלס צווייט־גרעסטע אָר־גאַניזאַציע איז ביי די דאָזיקע וואַלן אַרויס דער „בונד״.

נאָך די פאַרפאָלגונגען אין די צאַרישע צייטן איז דער „בונד״ צו־ערשט אַרויסגעטרעטן אין דער עפנטלעכקייט אין דער צייט פון דער

עסטרייכישער אָקופּאַציע (אַרום ענדע 1914). ער האָט געגרינדעט נישט נאָר אַ פעסטע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע און געהאַט אַ גרויסע השפּעה אין דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין (דער פּראָפ. פאַראיין האָט אַרומגענומען סיי פּויליש און סיי יידישע אַרבעטער). די פאַרטרעטער פון „בונד" האָבן געפירט אַ ברייטע טעטיקייט אויך אין שטאָטראַט און אין דער בעלכאַטאָווער קראַנקן־קאַסע, געהאַט בכלל אַ באַדייטנדיקן חלק אין אַלע עפנטלעכע יידישע אַרויסטרעטונגען אין בעלכאַטאָוו. דער „בונד" האָט אויך געגרינדעט אַ ביבליאָטעק (אין ערך 1.000 ביכער), אַ קלוב, די יוגנטלעכע אַרבעטער געזעלשאַפט „קולטור", די יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט", דעם ספּאָרט־קלוב „מאָרגנשטערן", אַ קינדער־שול פאַר וועלכער עס איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרן פון לאָדזש דער לערער אהרן. בערגמאַן. פון צייט צו צייט, ביי באַזונדערע וויכטיקע געלעגנהייטן, איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ נומער פון בעלכאַטאָווער „וועקער". עס איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַ דראַמאַטישער קרייז און אַראָפּגעבראַכט געוואָרן פון לאָדזש און וואַרשע אויף גאַסטשפּילן די באַדייטנדיקסטע יידישע טרופּן און אַקטיאָרן (טורקאָוו, קאַמינסקאַ, ווילנער טרופּע). בכלל איז בעלכאַטאָוו געווען אַ מעלאָמאַניש שטעטל. כמעט יעדע אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט אַ דראַמאַטישן קרייז, אַ טייל אויך אייגענע כאָרן אָדער מוזיק־קורסן. צווישן די אָרטיקע טעאַטער־מענטשן האָט אויסגענומען דער שוין פריער דערמאָנטער שרייבער יואל לייב גאָלדשטיין, וועלכער האָט רעזשיסירט און אָנגעפירט מיט דראַמאַטישע קרייזן און געגעבן מוזיק־קורסן.

ביז 1925 איז בעלכאַטאָוו פאַררעכנט געווען ווי אַ מאַרק־שטעטל, אָדער אַ „ישוב" (אין פּויליש „אָסאַדאַ") און נישט געהאַט די פולע מוניציפּאַלע רעכט. אין 1925 איז בעלכאַטאָוו ווידער דערהויבן געוואָרן צום ראַנג פון אַ שטאָט. נאָך דעם צוריקבאַקומען דעם שטאָטישן סטאַטוס זענען דורכגעפירט געוואָרן אין בעלכאַטאָוו די ערשטע שטאָטראַט־וואַלן, אין 1925. עס זענען געוויילט געוואָרן 24 ראַטמענער, פון זיי 13 יידן. אחוץ 24 ראַטמענער האָט דער שטאָטראַט געהאַט נאָך אַן עקזעקוטיוו פון 5 מענטשן: 1 בירגערמייסטער, 1 וויצע בירגערמייסטער און 3 „לאַווניקעס". צוויי פון די לאַווניקעס זענען געווען יידן: מאיר וואַרשאַווסקי (ציוניסט) און שמואל יאַקובאָוויטש (פאַרטרעטער פון די האַנטווערקער).

אין יאָר 1927, ביי די צווייטע שטאָטראַט־וואַלן, זענען אויף די 24 ראַטמענער געוויילט געוואָרן בלויז 7 יידן: 2 בונדיסטן, 1 צעירי־ציר־

ניסט, 2 פאַרטרעטער פון סוחרים און 2 פון די האַנטווערקער. אין דער עקזעקוטיווע איז אַריין ווי אַ לאַוניק נח ליבערמאַן (אגודת ישראל).

אין שטאָטראַט זענען פאָרגעקומען צומאָל פאַרביטערטע קאַמפן אַרום פאַרשידענע פּאָליטישע, נאַציאָנאַלע אָדער סאָציאַלע פראַגן. שוין אויף דער ערשטער פייערלעכער זיצונג פון ערשטן שטאָטראַט האָבן די יידישע ראַטמענער באַטאָנט זייער יידישקייט. דער ראַטמאַן זלמן פּוד־לאָווסקי האָט אין אַ רעדע אין דער יידישער שפּראַך באַגריסט די פאַר־זאַמלטע ראַטמענער און רעגירונגס־געסט. אין איינער פון די שפּעטער־דיקע זיצונגען האָבן די בונדישע ראַטמענער פאָרגעשלאָגן אָנצורופן די פּאַביאַניצער גאַס אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ. דער פאָרשלאַג איז דורכ־געגאַנגען נאָך אַ העפטיקן קאַמף.

בעלכאַטאָוו האָט דורכגעמאַכט שווערע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אויפטרייסלונגען אין דער צייט צווישן דיביידע וועלט־מלחמות. די מע־כאַנישע פאַבריקן האָבן זיך אַלץ מער אַנטוויקלט (אין יאָר 1939 האָבן זיי באַשעפטיקט העכער 1.000 אַרבעטער) און די לאַגע פון די האַנט־ווערקער איז געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ מער קריטישער. פון צייט צו צייט פלעגן פאָרקומען שטרייקן. דער שווערסטער און לענגסטער שטרייק אין דער בעלכאַטאָווער אינדוסטרי איז אויסגעבראָכן אין יאָר 1932. ער האָט געדויערט העכער 6 חדשים.

אַ חוץ עקאָנאָמישע שטרייקן זענען אויך פאָרגעקומען פּאָליטישע שטרייקן. אַ באַזונדער איינדרוקספולן פּראָטעסט־שטרייק און דעמאָנסטראַ־ציע האָבן די בעלכאַטאָווער אַרבעטער איינגעאָרדנט נאָך דעם פּאָגראָם אין פּשיטיק.

## 6. חורבן בעלכאַטאָוו

א) אין די ערשטע יאָרן פון דער דייטשער אָקופּאַציע (ביז 1942)

דעם 1טן סעפּטעמבער 1939 איז אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן נאַצי־דייטשלאַנד און פּוילן. דעם 5טן סעפּטעמבער זענען שוין די דייטשן געווען אין בעלכאַטאָוו. די דייטשע אָפענסיווע איז געווען אַזוי בליץ־שנעל, אַז בלויז ווייניקע בעלכאַטאָווער יידן האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן. אַ סך יידן, וואָס האָבן זיך געלאָזט אין וועג קיין מזרח, כדי זיך צו ראַטעווען, זענען דעריאָגט געוואָרן דורך די מאָטאָריזירטע דייטשע אָפּטיילונגען,

און זיי האָבן זיך ביסלעכווייז, נאָכן אויפהערן פון די קריגס־אָפּעראַציעס, צוריקגעקערט קיין בעלכאַטאָוו.

מיטן אַריינקומען פון די דייטשן האָט געשלאָגן די לעצטע, טראַגישע שעה אין לעבן פון דער בעלכאַטאָווער יידישער קהילה. די צאָל יידן אין דעם נאַצי־אָקופּירטן בעלכאַטאָוו איז געווען גרעסער ווי ווען עס איז פריער. די דייטשן האָבן געפירט אַ גענויע סטאַטיסטיק פון דער באַפעלקערונג און דער נייער דייטשער אַמט־קאָמיסאַר האָט פלייסיק איבערגעשיקט זיינע סטאַטיסטישע צוזאַמענשטעלונגען צו זיין שעף, דעם דייטשן לאַנדראַט פון לאַסקער לאַנדקרייז, וואָס האָט רעזידירט אין פּאַביאַניץ. לויט די דאָזיקע באַריכטן איז די צאָל איינוווינער אין בעלכאַטאָוו געווען:

| | | צאָל איינוווינער | יידן |
|---|---|---|---|
| דעם 16טן אויגוסט | 1940 | 10.951 | 5.371 |
| דעם 3טן יולי | 1941 | 10.955 | 5.324 |
| אין אויגוסט | 1941 | 10.324 | 4.874 |
| אין יאַנואַר | 1942 | 11.064 | 5.560 |
| אין מערץ | 1942 | 11.070 | 5.460 |
| דעם 14טן דעצעמבער | 1942 | 5.379 , | קיין יידן זענען שוין |

דעמאָלט נישט געווען.

ווי מיר זעען, איז די צאָל יידן אין בעלכאַטאָוו נישט געווען קיין סטאַביליזירטע אפילו אין דעם פאַרהעלטנישמעסיק „רואיקן” ערשטן פּעריאָד פון דער דייטשער אָקופּאַציע. אין דער צייט צווישן יולי און אויגוסט 1941 זענען „פאַרשוווּנדן” פון בעלכאַטאָוו 450 יידן; דאָס זענען געווען די אומגליקלעכע קרבנות וואָס זענען פאַרשיקט געוואָרן אין די דייטשע אַרבעטסלאַגערן אין פּויזנער קאַנט, פון וואַנען זיי זענען שוין מער נישט צוריקגעקומען.

אין די לעצטע חדשים פון 1942 וואַקסט ווידער די צאָל יידן אין בעלכאַטאָוו, לויט דעם אַמטלעכן דייטשן באַריכט, מיט כמעט 700 נפשות. לויט אַ פּוילישן גלייכצייטיקן באַריכט פון אַן אונטערגרונט־טוער, איז די צאָל יידן דערגאַנגען אפילו ביז 6.000 אָדער אפילו מער. דאָס איז געווען דער פּועל יוצא פון „איבערזידלונגען” (איבערבאַזעצונגען) וואָס די דייטשן האָבן אין יענער צייט דורכגעפירט אין דער געגנט פון בעלכאַטאָוו. זיי

האָבן אָפּגערוימט אַ גאַנצע ריי קלענערע יידישע ישובים אין דער אומ־געגנט ווי צ. ב. גראַבאָליץ, סטערצאָוו, ווידאַווע, קלעשטשעוו, כאַביע־ליץ, גאָרזשקאָוויץ, אָשעקאָוו פּאַרזשניעוויץ און אַנדערע און זיי אַריבער־געפירט צום טייל קיין בעלכאַטאָוו און צום טייל קיין לאָדזש אָדער אין אַנדערע שטעט און אַרבעטסלאַגערן.

דער אַזוי אַרום פאַרגרעסערטער יידישער ישוב אין בעלכאַטאָוו איז געוואָרן במשך פון די דריי טראַגישע יאָר, זינט סעפּטעמבער 1939 ביז אויגוסט 1942, דער קרבן פון כסדרדיקע דייטשע רציחות, ביז צום טראַגישן סוף.

ווען די דייטשן זענען אַריין אין שטעטל, איז כמעט איין דריטל פון בעלכאַטאָוו געווען אָפּגעברענט צוליב די קריגס־אָפּעראַציעס. אין דעם חרובן שטעטל האָט אָנגעהויבן צו ווילדעווען די דייטשע סאָלדאַטעסקע צוזאַמען מיט די אָרטיקע „פאָלקסדייטשן״.

אין בעלכאַטאָוו, ווי אין אַלע אינדוסטריעלע שטעט פון לאָדזשער ראַיאָן, האָט זיך אין 19טן יאָרהונדערט באַזעצט אַ געוויסע צאָל דייטשע פאַבליִיט, על פּי רוב וועבערמייסטער. מיט דער צייט זענען אַ טייל פון זיי געוואָרן פּאָלאָניזירט, אַ טייל איז אָבער געבליבן טריי דער דייטשער שפּראַך און דער לוטעראַנישער קירך. איצט האָבן זיך אַלע דייטשן, אפילו די פּאָלאָניזירטע צווישן זיי, דערמאָנט אין זייער טעווטאָנישן אָפּשטאַם.

די דייטשע מאַכט האָט שטאַרק פּראָטעזשירט די „פאָלקס־דייטשן״ און זיי אַריינגעצויגן אין אַלע נאַציִשע אָרגאַניזאַציעס. זיי האָבן געדאַרפט שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין דעם נאַצישן פּלאַן פון גערמאַניזירן די אָקופּירטע פּוילישע געביטן, בפרט די געביטן וואָס זענען איינגעגלידערט גע־וואָרן דירעקט אין דעם דייטשן רייך. בעלכאַטאָוו האָט אַ קורצע צייט אין אָנהויב געהערט צום גענעראַל־גאָווערנעמענט, איז אָבער באַלד דערנאָך איינגעגלידערט געוואָרן אין דעם טייל פון מערב־פּוילן, וועלכער איז אינ־קאָרפּאָרירט געוואָרן אין דעם דריטן רייך אונטער דעם נאָמען „וואַרטע־גאַו״. דער גאַאולייטער אין „וואַרטעלאַנד״ איז געווען דער טרויעריק באַרימטער יידן־שונא און יידן־מערדער אַרטור גרייזער, וועלכער האָט רעזידירט אין דער שטאָט פּויזן.

פאַרשטייט זיך, אַז די פאָלקסדייטשן, וואָס זענען איבער נאַכט גע־וואָרן נאַציס, זענען אויך געווען פאַרברענטע אַנטיסעמיטן און האָבן אויף שריט און טריט געוואָלט אַרויסווייזן זייער גרויסן ענטוזיאַזם און גע־

טריישאַפט צו דער נאַצישער „אידעע" אויף דעם חשבון פון די יידן. צו־ליב דעם דרוק פון די נאַצישע אָקופּאַנטן און צוליב דעם „גוטן ביישפּיל" פון אָרטיקע דייטשע פירער איז די „אָרטס־פּאַרטיי" פון די פאָלקס־דייטשן אין בעלכאַטאָוו כסדר געוואקסן. די אָפיציעלע דייטשע סטאַטיס־טיקן גיבן אָן די פאָלגנדיקע ציפערן: אין אויגוסט 1940 — 1.106 דייטשן אין בעלכאַטאָוו, אין יולי 1941 — 1.447, אין מערץ 1942 — 1.458.

די פאָלקסדייטשן האָבן צוזאַמען מיט די דייטשע סאָלדאַטן גלייך פון אָנהייב אָנגעטון געברענטע צרות די בעלכאַטאָווער יידן. די דייטשן האָבן גלייך נאָמינירט אַ פאָלקסדייטשן בירגערמייסטער און וויצע ביר־גערמייסטער, דעם מויערער וואָלף און אָטאָ פריי, אַ פריערדיקן אָנגע־שטעלטן אין עפשטיינס פאַבריק. ווייזט אויס, אַז אַ גרויסע, און נישט קיין גינסטיקע השפּעה אויף דעם גורל פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט געהאַט דער אָרטיקער עוואַנגעלישער פּאַסטאָר יאַקאָב גערהאַרד. ער איז געווען אַ פאַנאַטישער נאַצי און איז שוין פאַר דער מלחמה צוליב זיין פּאָליטישער פּראָ־נאַצישער טעטיקייט אַרעסטירט געוואָרן פון דער פּוילישער מאַכט. די דייטשן האָבן אים גלייך באַפרייט פון דער תפיסה און צוריקגעגעבן אים זיין אַמט אַלס עוואַנגעלישער פּאַסטאָר. אַ קורצע צייט האָט ער אויך פונקציאָנירט אַלס בירגערמייסטער.

די נייע דייטשע (פאָלקסדייטשע) שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט גלייך אַרויסגעגעבן אַ ריי אַנטיסעמיטישע פאַראָרדנונגען, ווי צ"ב: 1) יידן טאָרן נישט גיין אויפן טראָטואַר, נאָר מוזן גיין אין מיטן גאַס, ווו עס פאָרן די וועגענער. 2) יידן מוזן זיך מעלדן צו צוואַנגס־אַרבעט ביי אָפּ־רוימען די רואינען און פאַרשיטן די שויץ־גראָבנס. אַ ביסל שפּעטער איז אַרויס אַ פאַראָרדנונג, אַז יידן מוזן טראָגן געלע לאַטעס, טאָרן נישט אַרומגיין אין גאַס אין די אָוונטן או"וו.

גלייכצייטיק האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה רויבערייען און מערדער־לעכע שלעגערייען. דייטשע סאָלדאַטן און ס. ס.־מענער זענען אַרומ־געגאַנגען אין די יידישע הייזער, כלומרשט געזוכט כלי־זין, צוגענומען צירונג, גאָלד און געלט און געשלאָגן דערביי מכות רצח. עס האָבן זיי טיכטיק צוגעהאָלפן די פאָלקסדייטשן. יעדער מיטגליד פון דער „אָרטס־פּאַרטיי" האָט געהאַט „צוגעטיילט" אייניקע יידישע היימען. דייטשע פרויען און קינדער האָבן מיטגעהאָלפן דורכצוזוכן געניי אַלע יידישע היימען. זיי האָבן אַרויסגעטראָגן אַלץ וואָס עס האָט זיך נאָר גלאָזט,

אויפגעלאָדן אויף פורן און אוועקגעפירט צו זיך אַהיים אָדער, אָפיציעל, צו די מאַגאַזינען, וועלכע מען האָט איינגעאָרדנט אין דעם קאָנפיסקירטן הויז פון מענדל פעלד (דאָס „שיצנהויז״, פויליש „דאָם סטזשעלצאַ״), ווו עס האָט זיך איינקוואַרטירט די דייטשע זשאַנדאַרמעריע. צו דעם דאָזיקן הויז האָט מען אויך אָנגעהויבן שלעפּן יידן און ביי זיי אויסגעפּרעסט אויס־קויף־געלט.

אויך די צוואַנגס־אַרבעט איז געווען בלויז אַ תירוץ כדי צו פּייניקן יידן. לאָמיר ציטירן בלויז איין ביישפּיל, לויט אַ באַשרייבונג פון אַן עדות־ראיה: „אַ גרופּע יידן איז אַרויס מיט בעזעמער אויפן מאַרק, כדי אָפּצוּרוימען פון דאָרט דאָס פערד־מיסט. עס האָט מיט זיי קאָמאַנדעוועט דער פאָלקסדייטש ווילער, פריער אַ וועבער־מייסטער אין אַ יידישער פאַ־בריק. ער האָט זיי געהייסן זאַמלען די אומריינקייט מיט די הענט און אַריינלייגן אין די קעשענעס און היטלען און טון דאָס אין אַ שנעלן, אַלץ שנעלערן טעמפּאָ. אין דער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ לעדערנעם קאַנטשיק מיט אַן אַריינגעפלאָכטן שטיק אייזן און געגעבן זיי שמיץ אָן אַ פאַרוואָס. דאַן האָט ער געהייסן מאַכן אַ גרויסן קרייז אַרום דעם ברונעם און גע־הייסן זינגען יידישע תפילות, זמירות און לידער. צום סוף האָט ער פאַר־ענדיקט מיט אַ רעדע: „יידן זענען שולדיק וואָס עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה און בכלל אין אַלעמען זענען שולדיק בלויז די יידן״.

ביי אַט אַזעלכע צוואַנגאַרבעטן פלעגט מען די יידן אָפט שרעקלעך צעמזיקן. אַלס ערשטער קרבן פון די דאָזיקע פּייניקונגען איז געפאַלן מאיר זשעסלאַווסקי.

כדי נאָך מער צו דערנידעריקן די יידן אין די אויגן פון דער נישט יידישער באַפעלקערונג האָבן די דייטשן געמאַכט פאַרשידענע חוזק־מאַכ־קאַראַדעס מיט די יידן, בפרט אין דער צייט פון די יידישע יום־טובים. מען האָט די יידן אָנגעטון אין טליתים, געהייסן אַרויפקלעטערן אויף לייטערס און אַזוי זיי אַרומגעטראָגן איבער דער שטאָט און דאַן אַראָפּגע־וואָרפן די לייטערס צוזאַמען מיט יידן אויפן ברוק, ביז זיי האָבן זיך צעשלאָגן קאָפּ און ביינער. מען האָט ביי די יידן באַמאָלט די פּנימער, געהייסן זיי טאַנצן אין די גאַסן און פאָטאָגראַפירט זיי בשעת מעשה. באַזונדערס ווילד האָבן די דייטשן געהוליעט אין יום כפור 1939: זיי האָבן געהייסן די יידן אַרויסגיין אין גאַס און אַרויסשלעפּן יידישע ספרים, געמאַכט אַ חוזק־פּאַראַדע אין מאַרק און צום סוף געהייסן די יידן אונטער־

צינדן די ספרים און טאַנצן אַרום דעם שייטערהויפן אויף אויסגעשפּרייטע ספרי תורות. די דאָזיקע ווילדע מעשים האָבן אויפגעהערט ערשט ווען עס האָט זיך סטאַביליזירט די נייע דייטשע אַדמיניסטראַציע אין בעלכאַטאָוו. צום אַמט־קאָמיסאַר פון בעלכאַטאָוו איז באַשטימט געוואָרן דער דייטש טאַלמער. בעלכאַטאָוו האָט געהערט צום לאַסקער לאַנדקרייז, מיט דער רעזידענץ אין פּאַביאַניץ.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון לעגאַלע רויבערייען און ווירטשאַפטלעכן דרוק. מען האָט ביי די יידן צוגענומען די בעסערע הייזער און דירות, פון אַנדערע וווינונגען האָבן די דייטשן אַרויסגעפירט דאָס בעסערע מעבל. אין די יידישע אונטערנעמונגען זענען אַריינגעזעצט געוואָרן דייטשע קאָמיסאַרן. יידישע סחורות און מאַשינען האָט מען קאָנפיסקירט און צום טייל אַרויסגעפירט פון בעלכאַטאָוו. לויט דער שאַצונג פון אַ פּוילישן אונטערגרונט־באַריכט, האָט דער שאָדן, וואָס יידן האָבן געליטן, באַטראָפן מער ווי אַ האַלבער מיליאָן זלאָטעס.

די יידישע באַפעלקערונג איז אויף איינמאָל אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן אין אַ תהום פון פאַרצווייפלונג און שרעקלעכער ווירטשאַפטלעכער פאַראָרעמונג. דער הונגער האָט געבושעוועט אין דער יידישער גאַס. דער יידנראַט האָט אויפגעשטעלט אַ פאָלקס־קיך אין בית־מדרש, אין וועלכער מען האָט אַרויסגעגעבן ביז 1.000 מיטאָגן טעגלעך. מיט דער קיך האָט אָנגעפירט מיט גרויס איבערגעגעבנקייט די פרוי ראָטענבערג. אָבער אין 1940 האָבן די פאָלקסדייטשן דעמאָלירט דעם בית־מדרש.

אַלס פועל־יוצא פון הונגער, נויט און וווינונגס־מאַנגל איז געקומען דער טיפוס. אין בעלכאַטאָוו זענען געווען ווייניק יידישע דאָקטוירים. אייניקע יידישע דאָקטוירים איז געלונגען צו אַנטלויפן איידער די דייטשן זענען אַריין. פון די איבערגעבליבענע איז דער ד״ר ב א ר א ן (אַ לאָמער) באַלד ליקווידירט געוואָרן פון די דייטשן. דער צווייטער יידישער דאָקטאָר אין שטאָט, ב א ס י אָ ר, האָט געקעמפט קעגן דער עפּידעמיע מיט דער הילף פון דעם פעלדשער א ב ר ה ם וו א ר ש א ו ס ק י, וועלכער איז טאַקע באַלד געפאַלן אַלס קרבן פון דער עפּידעמיע. ווייזט אויס, אַז די עפּידעמיע איז געווען זייער שטאַרק און איבער די כוחות פון דעם קליינעם יידישן סאַניטאַרן שטאַב, ווייל דער לאָדזשער יידנראַט האָט אויך אַריינגעשיקט אַ יידישן דאָקטאָר קיין בעלכאַטאָוו צו באַקעמפן דעם טיפוס. די קהילה האָט דעמאָלט נאָך געהאַט צו איר דיספּאָ־

זיציע אַ קליינעם יידישן שפּיטאָל. ד״ר באַסיאָר איז געבליבן אויף זיין מעדיצינישן פּאָסטן ביז צו דער ליקווידאַציע פון בעלכאַטאָווער געטאָ, ווען ער איז צוזאַמען מיט אַ טראַנספּאָרט פון יידישע קינדער ארויפגעלאָדן געוואָרן צו דער פארניכטונג.

די עפּידעמיע האָט זיך ווארשיינלעך ווידערהאָלט אָנהויב 1942, ווייל אין מערץ 1942 פאַרלאַנגט דער דייטשער אָרט־קאָמיסאַר אריינצו־שיקן קיין בעלכאַטאָוו דעם יידישן דאָקטאָר האבער פון טורעק.

***

אַ שווערער קלאַפּ פאַר דער יידישער באַפעלקערונג איז געווען דער טראַנספּאָרט אויף צוואַנג־ארבעטן אין פּויזנער קאַנט. צוערשט האָט מען צו די דאָזיקע צוואַנג־ארבעטן געכאַפּט פּאָליאַקן (1940). אין יאָר 1941 זענען אין בעלכאַטאָוו רעגיסטרירט געוואָרן אַלע יידן אין עלטער פון 16 ביז 50 יאָר פאַר דער צוואַנג־ארבעט. היות ווי נישט אַלע האָבן זיך רעגיסטרירט און נישט אַלע רעגיסטרירטע האָבן זיך געשטעלט צו דער צוואַנג־מוסטערונג, זענען פאָרגעקומען אָבלאַוועס. אייניקע קאַטעגאָריעס פון יידנראַט־באַאַמטע און די פאַכמענער אין וויכטיקע קריגס־אונטער־נעמונגען זענען באַפרייט געוואָרן פון צוואַנגס־ארבעט. אַ חוץ דעם האָט מען זיך געקענט באַפרייען דורך איינצאָלן 50 ביז 200 רייכסמארק אויס־קויף־געלט. לסוף איז אַ טראַנספּאָרט פון אַן ערך 450 יונגע מענטשן, על פּי רוב ארבעטער און אָרעמעלייט ארויסגעשיקט געוואָרן צו דער ארבעט אין די פּויזנער לאַגערן. באַלד האָבן אָנגעהויבן אָנקומען פון דאָרט טרויעריקע גריסן: הונגער, קעלט, שווערע ארבעט האָבן דעצימירט די ארבעטער. כמעט קיינער איז פון די לאַגערן נישט צוריקגעקומען. (וועגן „יידישע ארבעט־לאַגערן אין וואַרטעלאַנד״ איז פאַראַן אַן אויסשעפּנ־דיקע ארבעט פון מאַגיסטער ישעיה טרונק אין „בלעטער פאַר געשיכטע״, באַנד 1, נר. 1, ז׳ז 114—169 און נר. 2, ז׳ז 14—45). ווען עס איז פאָר־געקומען אין בעלכאַטאָוו אַ צווייטע רעגיסטראַציע צו די ארבעט־לאַגערן, האָט זיך שוין קיינער נישט געמאָלדן. די דייטשן האָבן געמאַכט אַן אָבלאַווע וואָס האָט געדויערט 2 טעג, געכאַפּט אַ צאָל מענטשן (לויט אייניקע מקורים ביז 200 מענטשן) און זיי ארויסגעשיקט אין די לאַגערן.

***

אין בעלכאַטאָוו האָט נישט עקזיסטירט קיין אָפּגעזונדערטער געטאָ. עס איז בלויז באַשטימט געוואָרן, ווו יידן וווינען און עס איז איינגע־

פירט געוואָרן דער פּרינציפּ, אַז יידן און „אַריער", בפּרט דייטשן, טאָרן נישט וווינען צוזאַמען אין איין הויז. דער פאַקט, אַז אין בעלכאַטאָוו האָט נישט עקזיסטירט קיין געטאָ האָט אין אַ געוויסער מאָס פאַרלייכטערט די ווירטשאַפטלעכע סיטואַציע. אַ סך יידן האָבן זיך גענומען צום האַנדל און שמוגל. שמוגל פון סחורות און וואַליוטע איז געווען בכלל זייער פאַרשפּרייט אין די אָקופּירטע לענדער סיי ביי דער יידישער און סיי ביי דער נישט־יידישער באַפעלקערונג און איז געווען אַ מין פאָרם פון ווירטשאַפטלעכן קאַמף קעגן דעם אָקופּאַנט און סאַבאָטאַזש פון זיין ווירטשאַפטלעכער רויב־פּאָליטיק. אין בעלכאַטאָוו איז דער האַנדל און שמוגל געווען קאָנצענטרירט אויף דעם א. ג. „באַזאַר" און די אומלעגאַלע סחורות זענען געליפערט געוואָרן דורך די דייטשע אָדער פאָלקסדייטשע „פּאַטריאָטן", אָדער דורך די פּויערים. אַ חוץ דעם לאָקאַלן האַנדל און שמוגל איז אָנגעגאַנגען אַ ווייט פאַרצווייגטער שמוגל פון וואַרטעלאַנד דורך בעלכאַטאָוו: איבער דער „גרינער גרענעץ" האָט מען געפירט קיין פּיעטריקאָוו (פּיאָטרקאָוו), וואָס האָט זיך געפונען אין דעם „גענעראַל גאָווערנעמענט", כלערליי סחורות, פאַבריק־אויסאַרבעטונגען, צירונג, וואַליוטע, מעדיקאַמענטן. עס האָבן זיך דערביי „אויסגעצייכנט" די גרויס־שמוגלער ווינטער, פּלאַקאָוויטש, ליבערמאַן א"אַ. ביי די שמוגלער, וואָס האָבן אָפט מיטגעאַרבעט מיט די דייטשע פאַרמיטלער, אונטערגעקויפט דייטשע באַאַמטע און זשאַנדאַרמען, געשיכורט מיט זיי, האָט זיך אַנטוויקלט אַן אייגנאַרטיקע מאָראַל, די טונקעלע מאָראַל פון אונטערוועלט. פון די בשותפותדיקע געשעפטן מיט די דייטשן איז שוין געווען נאָר איין שריט צו קאָלאַבאָראַציע אויך אויף אַנדערע געביטן... דעם דערמאָנטן ווינטער האָט מען גערופן „דער קעניג פון בעלכאַטאָוו" און אַנטיסעמיטישע פּוילישע מיילער האָבן געזאָגט: „אין בעלכאַטאָוו זענען פאַראַן צוויי רעגירונגען, איינע אַ דייטשע און די צווייטע אַ יידישע"...

אַן ענלעכע ראָל האָט אויך געשפּילט אַ צווייטער יידישער מאַכער, פּרץ אַלטמאַן, אַ געוועזענער שטעפּער און לעדער־סוחר. אַ כאַראַקטעריסטישער טיפּ פון אַ קאָלאַבאָראַציאָניסט איז געווען אַ חוץ דעם אויבן דערמאָנטן ווינטער, דער שוין איינמאָל דערמאָנטער שמואל יאַקובאָוויטש. ער איז געווען אַ „מאַכער" שוין אין דער צייט פון דער עסטרייכישער אָקופּאַציע, אין די יאָרן 1914—1918, ווען ער האָט געלעבט גוט מיט די עסטרייכישע שררות און אויסגענוצט זיינע באַציאונגען פאַר פער־

זענלעכע צוועקן. שפּעטער האָט ער געעפנט אַ פריזיר־געשעפט אין בעלכאַ־טאָוו און געגרינדעט אַ האַנטווערקער־פאַרבאַנד. מיט דער אונטערשטיצונג פון דעם דאָזיקן פאַרבאַנד איז אים געלונגען צו ווערן לאַווניק אין יאָר 1925. צוליב פאַרשידענע טונקעלע געשעפטן, וואָס ער האָט געמאַכט, איז ער געוואָרן אַרעסטירט און איז דאַן אַוועק קיין לאָדזש. אין יאָר 1939 איז ער ווידער געווען אין בעלכאַטאָוו און אַפילו געוויילט געוואָרן אין שטאָטראַט אַלס פאַרטרעטער פון די האַנטווערקער. פאַר אַ מענטש פון דעם טיפּ איז די דייטשע אָקופּאַציע געווען דער ריכטיקער מאָמענט, ווידער צו פּרווון שפּילן אַ ראָלע אין יידישן לעבן. ער האָט אָנגעקניפּט פאַרשידענע באַקאַנטשאַפטן מיט די דייטשן און באַמיט זיך מיט זייער הילף אַרויפצולייגן זיין האַנט אויך אויף דעם יידישן געזעל־שאַפטלעכן לעבן. ער איז געוואָרן די „גרויע עקסעלענץ", וואָס האָט גע־שטעקט הינטער די קוליסן פון פאַרשידענע סודותפולע קריזיסן אין יידישן קהילה־לעבן אין בעלכאַטאָוו...

די מלחמה־שפּעקולאַנטן, שמוגלערס, מאַכערס און שוואַרצהענדלערס זענען אָבער געווען אַ קליינע שיכט אין דער יידישער באַפעלקערונג. דער רוב פון דער יידישער באַפעלקערונג, די אַרבעטער, האַנטווערקער און געוועזענע סוחרים און קרעמער האָבן זיך געפונען אין אַ סך אַן ערגע־רער סיטואַציע. דאָס האַנטווערק, כמעט אינגאַנצן אין יידישע הענט, איז געווען שטאַרק רעגלאַמענטירט און קאָנטראָלירט פונעם מאַגיסטראַט. יידישע האַנטווערקער האָבן נישט געטאָרט אָננעמען די באַשטעלונגען דירעקט ביי דעם קונה, נאָר דורך דער פאַרמיטלונג פון מאַגיסטראַט. דער מאַגיסטראַט האָט דיקטירט די פּרייזן און צו אים האָט טאַקע דער קונה געדאַרפט איינצאָלן דעם מאַכערלוין; 50% פון דעם האָט באַקומען דער יידישער בעל מלאכה און מיט דעם רעשט האָבן זיך געטיילט דער מאַגיסטראַט און דער יידנראַט. מען האָט געמאַכט אָפטע רעוויזיעס ביי די אַרבעטער און האַנטווערקער און טאָמער האָט מען געפונען אַ שטיקל אַרבעט נישט רעגיסטרירטע ביים מאַגיסטראַט, האָט מען קאָנפיסקירט די סחורה און שווער באַשטראָפט דעם בעל מלאכה און דעם באַשטעלער.

יידישע אַרבעטער האָבן געאַרבעט אין די קאָמיסאַריש־פאַרוואַלטע־טע פאַבריקן פאַר אַ נישטיקן לוין. מען האָט געאַרבעט כמעט אומזיסט, דער עיקר כדי אַזוי אַרום אויסצומיידן אַ גרעסערן אומגליק, דאָס טראַנס־פּאָרטירן אין צוואַנגאַרבעט־לאַגערן אָדער אויף אַ „ווישעדלעניע".

אין א נאָך ערגערער סיטואַציע האָבן זיך געפונען געוועזענע אָנגע־שטעלטע, ביורא־באַאַמטע, כלי קודש, און פרייע פּראָפעסיעס. פאַר זיי זענען קיין אַרבעטס־מעגלעכקייטן, סיידן ביי שווארצער, נישט־קוואַלי־פיצירטער אַרבעט נישט געווען. זיי האָבן אויספאַרקויפט זייער גאַנץ האָב און גוטס; אַ טייל האָבן געזוכט באַשעפטיקונג אין די איינציקע ביורא־ און פּראָפעסיאָנעלע באַרופן, וואָס זענען געווען נאָך צוגענגלעך פאַר יידן: אין יידנראַט, אין דער מיליץ, אין יידישן אַרבעטס־אַמט אאַ"וו. דאָס איז אָבער געווען אַ גליטשיקער וועג, בפרט פאַר מענטשן מיט אַ שוואַכן כאַראַקטער. מעגלעך, אַז אַ סך האָבן זיך נישט אָפּגע־געבן קיין דין וחשבון צו וואָסערע מאָראַלישע קאָנפליקטן און עטישער ירידה קאָן דערפירן דער דאָזיקער אַנטשלוס. ווייניקע זענען געבליבן אינטאַקט אין דער פאַרפוילטער אַטמאָספערע פון קאָרופּציע, געוואַלט, כלומרשטער זיכערקייט געקויפט פאַר דעם טייערן פּרייז פון פאַראַט. נאָך ווייניקער האָבן געהאַט כוח און מוט זיך אַרויסצורייסן פון פאַרכישופטן קרייז. דער תהום צווישן די פאַלקסמאַסן און דער אינטעליגענץ איז צוליב די דאָזיקע פאַקטאָרן געוואָרן טיפער ווי ווען עס איז.

עס זענען געווען עטלעכע פרייע פּראָפעסיעס, וווּ די יידן האָבן גע־קאָנט בלייבן לענגער, ווייל מען האָט זיי נישט געקאָנט פאַרטרעטן דורך אַנדערע. למשל, דער יידישער מעדיצינישער פּערסאָנאַל. אָבער ערשטנס זענען דאָס געווען בלויז געציילטע יחידים און צווייטנס איז אויך דאָס געווען צייטווייליק. כאַראַקטעריסטיש איז דער פאַל מיט די יידישע דענ־טיסטן אין בעלכאַטאָוו. אין די פּוילישע שטעטלעך איז דער דאָזיקער פאַך געווען כמעט אינגאַנצן מאָנאָפּאָליזירט אין יידישע הענט. אויך אין בעלכאַטאָוו זענען כמעט אַלע דענטיסטן געווען יידן (בערטאַ רעגירער, חנה אָדער אַננאַ באָגדאַנסקאַ, מ. יאַקובאָוויטש, יאַנינאַ אָבאַלעווסקאַ און דער צאָנטעכניקער שלמה לאַסקאָווסקי) און איין פּוילישע פרוי (אָל־שעווסקאַ). פון דער ערשטער מינוט אָן גייט אָן אַן אינטענסיווע קאָרעס־פּאָנדענץ צווישן די דייטשע אַמטן, ווי אַזוי צו באַשרענקען אָדער פאַרווערן די יידישע דענטיסטן זייער אַרבעט, הגם קיין „אַרישע" שטעלפאַרטרעטער אויף זייער אָרט זענען נישט געווען. אין יוני 1941 הייסן די העכערע דייטשע אַמטן דעם בעלכאַטאָווער קאָמיסאַר טאַלמער „זיכערשטעלן" (דאָס הייסט קאָנפיסקירן) די דענטיסטישע קאַבינעטן ביי די יידן פאַר די צוקונפטיקע דייטשע דענטיסטן, וואָס וועלן נאָך דער מלחמה קומען פּראַק־

טיצירן אין בעלכאַטאָוו. ביסלעכווייז האָט מען צוגענומען ביי אַלע יידישע דענטיסטן זייערע אַרבעט־מכשירים און זיי פאַרבאָטן ווייטער צו פּראַק־טיצירן. געבליבן איז נאָר איין יידישע דענטיסטקע, אננא באַגדאַנסקאַ. און דאָס האָט נישט געלאָזט רוען די דייטשן. נאָך אין אַפּריל 1942 באַ־קלאָגט זיך אַ דייטשער אָפיציעלער באַריכט־שרייבער, אַז באַגדאַנסקאַ האָט אַ גרויסע קליענטעל, עס קומען צו איר אַפילו צאָל־באַאַמטע, זשאַנ־דאַרמען און רייכסדייטשע ציוויליסטן, ווייל זי איז „גוט און ביליק״. די דאָזיקע שווערע פּראָבלעם האָט זיך באַלד געלייזט פון זיך אַליין. נאָך די אכזריותדיקע פּאַסירונגען אין מערץ און זומער 1942 (זען ווייטער) איז אויף די בעלכאַטאָווער יידן געפאַלן אַ פחד. יעדער האָט זיך געפּרוווט אַרויסראַטעווען פון דער פאַרניכטונגס־אַקציע וואָס האָט געשוועבט איבער די קעפּ פון די בעלכאַטאָווער יידן. אין בעלכאַטאָוו האָט מען געמיינט, אַז די אַקציע וועט בלויז אַרומנעמען די יידן אין וואַרטעלאַנד, און ווער עס וועט אַרויספאָרן אין „גענעראַל גאָווערנעמענט״ וועט זיך קאָנען ראַטע־ווען. יידן האָבן אָנגעהויבן אומלעגאַל שמוגלען די גרענעץ צום „גענע־ראַל גאָווערנעמענט״. אויך אננא באַגדאַנסקאַ מיט איר פאַמיליע האָט געפּרוווט דעם דאָזיקן כלומרשטן רעטונגסוועג. זיי זענען אָבער געכאַפּט געוואָרן (מיטן יוני 1942) דורך דער געשטאַפּאָ ביים „שוואַרצן די גרע־נעץ״. זייער גורל איז געווען אַ געחתמעטער. די גאַנצע פאַמיליע (מיט איר איז געווען צווישן אַנדערע אויך איר מאַן, דער אַדוואָקאַט באַגדאַנסקי און איר ברודער שלמה לאַסקאַווסקי) איז אַוועקגעפירט געוואָרן אין דער ראַדאָגאָשטשער תפיסה לעבן לאָדזש און פון דאָרט אַוועקטראַנספּאָרטירט צו אַ פאַרניכטונגס־לאַגער.

כדי אויסצומיידן דעם דייטשן אַרבעטסצוואַנג און די לעבנסגעפער־לעכע טראַנספּאָרטן צו די אַרבעטס־לאַגערן, האָבן די בעלכאַטאָווער יידן געגרינדעט אַ שניידער־שאָפּ, וועלכער האָט לכתחילה געאַרבעט פאַר דייט־טשע מיליטערישע באַשטעלונגען. צייטנווייז האָבן אין דעם שניידער־שאָפּ געאַרבעט עטלעכע הונדערט יידן. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס זענען נישט געווען בלויז פּראָפעסיאָנעלע שניידער. אַ סך אַרבעטסלאָזע פון צווישן דער יידישער אינטעליגענץ און סתם יוגנטלעכע פון רייכערע היימען האָבן זיך באַמיט דורך שוחד און פּראָטעקציע אַריינצובאַקומען אין דעם שאָפּ אַלס אַרבעטער, כדי אַזוי אַרום צו זיין געשיצט פאַר צוואַנגאַרבעט און טראַנספּאָרטן.

אָבער מיט דער צייט האָבן אויפגעהערט די דייטשע באַשטעלונגען, און די צאָל אַרבעטער איז געוואָרן שטאַרק רעדוצירט. אָנהויב 1942 האָבן אין שאָפּ געאַרבעט שוין בלויז 200 אַרבעטער; זיי האָבן אויסגעאַרבעט דעמאָלט על פּי רוב טאַנדעטנע, ביליקע ציוויל־אַנצוגן. קיין ממשותדיקן אַרבעטסלוין האָבן די אַרבעטער, פאַרשטייט זיך, נישט געקראָגן. פון די איינגעפּלאַסענע געלטער פאַר די אָפּגעליפערטע סחורות האָט מען די אַר־בעטער געגעבן אַ נישטיקן אוואַנס, אָבער דערמיט האָט זיך טאַקע געענ־דיקט. זייער איינציקע „באַלוינונג" איז געווען דער כלומרשטער שוץ פאַר די דייטשע כאַפּערייען און טראַנספּאָרטן. אָנגעפירט מיטן שניידער־שאָפּ האָבן: שלמה שמולעוויטש, ישכר פשיבילסקי און אַ געוויסער פאַלצמאַן, וואָס איז אין דער צייט פון מלחמה געווען אין בעלכאַטאָוו.

אַ חוץ דעם האָט עקזיסטירט אויך אַ שוסטער־שאָפּ, וועלכער איז נישט געווען אַזוי גרויס ווי דער שניידער־שאָפּ. עס האָבן דאָרט געאַר־בעט מער פאַכמענער ווי אין שניידער־שאָפּ, הויפּטזעכלעך שטעפּערס און שוסטערס, מער ווי הונדערט יידן. מיט דעם שוסטער־שאָפּ האָט אָנ־געפירט פּרץ אַלטמאַן.

ב) דער יודנראַט

אין איר פאַרצווייפלטן קאַמף אויף לעבן און טויט מיט דעם באַרבאַ־רישן אָקופּאַנט האָט די יידישע באַפעלקערונג נישט געקאָנט רעכענען אויף הילף און אונטערשטיצונג מצד דער איינציקער יידישער אינסטיטו־ציע, וואָס האָט געקאָנט עקזיסטירן אונטער דעם דייטשן טעראָר, דעם יודנראַט.

וועגן דער ראָל פון די יודנראַטן, זייער פונקציע אין דער פינצטערער נאַצי־צייט, וועגן דעם ווי אַזוי די דייטשן האָבן פאַרטראַכט און אויסגע־פירט זייער פּלאַן, אויסצונוצן די דאָזיקע כלומרשט אויטאָנאָמע יידישע אינסטיטוציע, כדי אָפּצונאַרן און פאַרניכטן די יידישע באַפעלקערונג — וועגן אָט דעם אַלעמען איז נישט דאָ דער פּלאַץ מאריך צו זיין. דאָס איז אַ פּראָבלעם, וואָס פאַרלאַנגט אַ ברייטע היסטאָריש־סאָציאָלאָגישע אויס־פאָרשונג. אָבער דאָס ביסל ידיעות, וואָס מיר פאַרמאָגן וועגן בעלכאַטאָווער יודנראַט וועט זיין אויך אַ צושטייער צו דער אַלגעמיינער און ברייטערער פּראָבלעמאַטיק פון די יודנראַטן אין די נאַצי־אָקופּירטע לענדער.

װעגן דעם בעלכאַטאָװער יודנראַט האָבן מיר ידיעות פון צװײערלײ קװעלן: פון יידישע מקורים (גבית־עדות פון איבערגעבליבענע) און פון דײטשע און פױלישע מקורים. די יידישע מקורים דערלױבן אונדז מער אַרײנצודרינגען אין דעם אינערלעכן לעבן פון די בעלכאַטאָװער יידן, די פױלישע און בפרט די דײטשע מקורים באַהאַנדלען דער עיקר די פאָרמעלע און אױסערלעכע מאָמענטן פון דער אַנטװיקלונג פון יודנראַט.

גלײך נאָכדעם װי די דײטשן זענען אַרײן קײן בעלכאַטאָװ, האָט זיך געגרינדעט אַ געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט, װעלכער האָט געזאָלט אָנפירן מיט דעם יידישן לעבן אין שטאָט און שיצן די יידישע באַפעלקערונג דורך אינטערװענצן בײ דער מאַכט. מען האָט נאָך געהאַט גאַנץ נאַאיװע פאָרשטעלונגען װעגן די דײטשיש־נאַציש רעגירונג־מעטאָדן און געגלױבט אין דער װירקזאַמקײט פון פאַרלאַמענטאַרישע מיטלען און דעמאָקראַטישע פאָלקס־פאַרטרעטונגען לגבי די אָקופּאַנטן. אָבער שױן די ערשטע דײטשע מעשים־תעתועים האָבן פאַרניכטעט אַ סך פון די דאָזיקע אילוזיעס. אַ חוץ דעם האָבן זיך אין דעם געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט אַרײנגעריסן עטלעכע „מאַכערס" (שמואל יאַקובאָװיטש און אַנדערע) און דערזעענדיק זײערע מעטאָדן, האָבן זיך די פאַראַנטװאָרטלעכע געזעלשאַפטלעכע טוער באַשלאָסן צוריקצוציען און אױפגעלײזט דעם קאָמיטעט.

בינו לבינו זענען אין שטאָט אָרגאַניזירט געװאָרן די דײטשע מאַכט־אָרגאַנען, װאָס האָבן באַקומען אינסטרוקציעס צו שאַפן אַ יודנראַט. דער יודנראַט איז נאָמינירט געװאָרן דורך די דײטשע פּאָליצײ־ און זשאַנדאַרמעריע־אָרגאַנען, לױט אַ פאַרשטענדיקונג מיט דעם דײטשישן בירגערמײסטער. ער איז נישט תמיד באַשטאַנען פון דער זעלבער צאָל מיטגלידער: די קלענסטע צאָל איז געװען 3, די גרעסטע 12 יודנרעטלער. לכתחילה זענען אין יודנראַט געװען 12 פּערזאָנען. אין מערץ 1940 איז די דאָזיקע צאָל דראַסטיש רעדוצירט געװאָרן דורך דער זשאַנדאַרמעריע צו דרײ פּערזאָנען. אױף דער אינטערװענץ פון בירגערמײסטער איז די צאָל יודנרעטלער געהעכערט געװאָרן אױף 5. שױן דעם 18טן אָקטאָבער 1940 זענען די דאָזיקע יודנרעטלער אַראָפּגעזעצט געװאָרן און אױף זײער אָרט זענען באַשטימט געװאָרן נײע 5. עטלעכע טעג שפּעטער — דעם 23סטן אָקטאָבער 1940 — איז שױן דער נײער פּרעזעס געװאָרן אַרעסטירט און אױף זײן אָרט איז באַשטימט געװאָרן אַ צװײטער. דער נײער יודנראַט

האָט רעגירט כמעט א גאַנץ יאָר. דעם 2טן אויגוסט 1941 איז באַשטימט געוואָרן א נייער „יודנעלטסטער", דאָס מאָל כמעט א דיקטאַטאָר, מיט בלויז צוויי בייראַטן, און 6 רעסאָרטלייטערס. קיין אריכת ימים האָט ־ער נייער ראַט נישט געהאַט. שוין דעם 24סטן סעפּטעמבער 1941 זענען די רעסאָרטלייטערס געביטן געוואָרן, בלויז דער פּרעזעס און די צוויי ביי־רעטלער זענען געבליבן אין זייער אַמט. און אַזוי האָט עס זיך אויך ווייטער געפירט. ווי עס איז צו זען פון אָט דער טרוקענער אויפשטעל־לונג — זענען ארום דעם כסא הכבוד פון א יודנרעטלער פאַרגעקומען הייסע קאַמפן. פאַרשידענע מאַכערס און קליקעס האָבן זיך געריסן צום יודנראַט, געזוכט דערין שוץ קעגן דייטשע רדיפות, געזוכט מאַכט, געלט און... „כבוד". קיין אָנגעזעענע געזעלשאַפטלעכע טוער זענען אין דער דאָ־זיקער קליקעס־קאָנקורענץ נישט געווען פאַרמישט. אין אָנהויב האָבן נאָך אייניקע פאַראַנטוואָרטלעכע טוער יאָ געפּרוווט האָבן א השפּעה לכל הפּחות אויף געוויסע ארבעטס־געביטן פון יודנראַט (למשל, סאָציאַלע שוץ, סאָציאַלע הילף), זיי האָבן זיך אָבער באַלד צוריקגעצויגן, דערזעענדיק דאָס אמתע פּנים פונעם יודנראַט.

די קליקע־קאַמפן זענען געווען זייער היציק און ריקזיכטלאָז. עס פלעגט אָפּט טרעפן, אַז מען האָט זיך באַנוצט מיט דער הילף פון די קאָרומפּירטע דייטשע מאַכטאָרגאַנען און זיי אריינגעצויגן אין די פאַר־שידענע מחלוקתן. אין איין פאַל האָט דער בירגערמייסטער — אפנים אויפן סמך פון ידיעות, צוגעטראָגענע צו אים דורך יידישע מאַכערס — געמסרט דעם פּרעזעס פון דעם יודנראַט, אַז ער שטייט אין פאַרבינדונג מיט א באַנדע יידישע שמוגלערס, און דער יודנעלטסטער איז געוואָרן אַרעסטירט.

ווער זענען געווען די יודנרעטלער און וואָס ווייסן צו דערציילן וועגן זיי די איבערגעבליבענע בעלכאַטאָווער יידן?

דער גענויער צוזאַמענשטעל פון דעם ערשטן געזעלשאַפטלעכן קאָמי־טעט איז אונדז נישט באַקאַנט. איבעריקנס האָט ער, ווי דערמאָנט, קיין אריכת ימים נישט געהאַט.

דער ערשטער, פון די דייטשן נאָמינירטער יודנרעטלער איז געווען מיכאל יאַקובאָוויטש, א געוועזענער ראַטמאַן. נאָך אים איז געוואָרן פּרע־זעס פון יודנראַט דער יונגער אַדוואָקאַט באָגדאַנסקי (דער מאַן פון דער דענטיסטקע אננא באָגדאַנסקאַ). ער האָט זיך באַמיט צוצוציען צום

יודנראַט מענטשן מיט אַ געזעלשאַפטלעכן סטאַזש. אין דער קאָמיסיע פון געזעלשאַפטלעכן שוץ זענען אַריינגעגאַנגען כאַסקעל בירנצווייג, מענדל ליפּמאַן, מלך גאָלסטער א"אַ. יאַנקל פלאַקאָוויטש האָט זיך אָפּגעזאָגט אַריינצוטרעטן אין דער קאָמיסיע. בירנצווייג האָט זיך אויך באַלד צו־ריקגעצויגן, סימולירנדיק אַ האַרץ־קראַנקייט. עס האָט זיך נעמלעך גלייך אַרויסגעוויזן, אַז דער יודנראַט גייט אויף אַ גליטשיקן וועג. אין יודנראַט האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה שמואל יאַקובאָוויטש, וועלכער איז פון דער צייט אָן געווען כמעט אין אַלע שפּעטערדיקע יודנראַטן. דער נייער יודנ־ראַט האָט איינגעפירט אַ נייעס, וואָס האָט אויפגעטרייסלט די יידישע באַפעלקערונג — עס זענען איינגעפירט געוואָרן שמיץ אַלס שטראָף פאַר נישט אויספירן די באַפעלן פון דעם יודנראַט. עס זענען אַריינגעקומען אין יודנראַט שאַרפע פּראָטעסטן מצד מוטיקע יידישע פאַרטרעטער און די שענדלעכע שמיץ־שטראָף איז אָפיציעל אָפּגעשאַפט געוואָרן. פאַקטיש אָבער האָט די יידישע מיליץ זיך שטילערהייט ווייטער באַרינט מיטן מע־טאָד פון שלאָגן מערדערלעך יידן, וואָס זענען באַגאַנגען דעם פאַרברעך פון נישט פאָלגן דעם יודנראַט.

בראש פון דריטן יודנראַט איז געשטאַנען דער געוועזענער באַנק־באַאַמטער און מזרחי־פירער יאַנקל ערליך. ער איז געווען „מילד צו די יידן", לויט דער כאַראַקטעריסטיק פון אַן איבערלעבנדיקן בעלכאַטאָווער תושב. ער איז אין מערץ 1942 געוואָרן געהאַנגען דורך די דייטשן צוזאַ־מען מיט נאָך 9 יידן; צו יענער צייט איז ער שוין נישט געווען יודנ־עלטסטער. זיין נאָכפאָלגער איז געווען שלמה הערש טאָפּאָלאָוויטש. וואָרשיינלעך שטיצנדיק זיך אויף אַ מסירה קעגן אים, האָבן די דייטשן דורכגעפירט אין זיין היים אַ רעוויזיע און האָבן אים באַלד דערשאָסן. דער לעצטער יודנרעטלער איז געווען יעקב שיע שמולעוויטש; אויף אים האָט מען קיין שלעכטס נישט געהערט.

אָטאָ דאָס זענען די קנאַפּע ידיעות און כאַראַקטעריסטיקן פון די יודנרעטלער, וואָס מיר פאַרמאָגן. נאָך ווייניקער ווייסן מיר וועגן דער טעטיקייט פון יודנראַט. די כלומרשט ברייטע אויטאָנאָמיע, וואָס די דייטשן האָבן געגעבן די יודנראַטן, איז געווען בלויז אַן אומפאַרשעמטע פיקציע און אַ פאָרהאַנג פאַר די פאַרברעכערישע פאַרניכטונגס־פּלענער. אין די ראַמען פון דער אויטאָנאָמיע־פיקציע האָט דער יודנראַט געהאַט אַן אומבאַשרענקטע הערשאַפט איבער דער יידישער באַפעלקערונג. ער

האָט אויסגעבויט צו דעם צוועק אַן אַנטשפּרעכנד גרויסן רעגירונגס־אַפּאַראַט. דער יודנראַט האָט געהאַט אין בעלכאַטאָוו אַן ערך 50 באַאַמ־טע, א חוץ דער יידישער מיליץ. א טייל באַאַמטע האָבן געקריגן באַצאָלט (50 ביז 120 מאַרק א חודש). אַנדערע האָבן געאַרבעט אומזיסט, בלויז כדי צו געניסן פון דעם „שוץ", וואָס האָט זיך שנעל אַרויסגעוויזן אַלס פּול־שטענדיק ווערטלאָז. דער בודזשעט פון יודנראַט איז אונדז נישט באַקאַנט. מיר האָבן בלויז פראַגמענטאַרישע ידיעות וועגן זיינע הוצאות: ביז מיטן 1940 האָט דער יודנראַט אַרויסגעגעבן ביז 1.000 אומזיסטע מיטאָגן טעגלעך, די הוצאות אויף סאָציאַלע הילף האָבן באַטראָפן (אָנהויב 1942) 2.000 מאַרק א חודש און די זעלבע סומע איז אויסגעגעבן געוואָרן חודשלעך אויף אַדמיניסטראַטיווע הוצאות. צו די גרעסטע הוצאות פון יעדן יודנראַט האָבן געהערט די קאָלאָסאַלע סומען אויף אונטערצוקויפן דייטשע באַאַמטע, כדי אָפּצוּווענדן כלערליי גזירות, אָבער די דאָזיקע סומעס זענען, פאַרשטייט זיך, נישט פאַרנאָטירט געוואָרן.

די הכנסות פון יודנראַט האָבן געשטאַמט פון פאַרשידענע קוועלן: פון דירעקטע און אומדירעקטע שטייערן, פון אויסקויפסגעלטער, וואָס זענען אַריינגעקומען אין אַרבעטסאַמט, אָפּצאָלן פון די האַנטווערקער, פון פאַרשידענע ווירטשאַפטלעכע אונטערנעמונגען, וואָס דער יודנראַט האָט געפירט. דער יודנראַט האָט געהאַט אין זיינע הענט די גאַנצע פאַרטיי־לונג פון שפּייז און ברענשטאָף פאַר דער יידישער באַפעלקערונג, ער האָט אָנגעפירט מיט פאַרשידענע וואַרשטאַטן; ער האָט אויך דורכגעפירט קאָנ־טריבוציעס פאַר דער דייטשער מאַכט און בשעת הדחק אַרויפגעלייגט ספּע־ציעלע אָפּצאָלן און גרעסערע באַשטייערונגען אויף יחידים.

ג) די פאַרניכטונג

דאָס אַממייסטן טראַגישע יאָר אין דער געשיכטע פון יידישן בעלכאַ־טאָוו, דאָס יאָר 1942, האָט זיך אָנגעהויבן מיט דעם אָפיציעלן באַשלוס פון דעם טרויעריק באַרימטן „גאַאולייטער דעם וואַרטעלאַנדעס" אַרטור גריי־זער, דאַטירט פון 2 יאַנואַר 1942. אין דעם דאָזיקן אָפיציעלן דאָקומענט האָט דער נאַצישער אַדמיניסטראַציע־שעף מודיע געווען צו אַלע זיינע אונטערגעאָרדנטע אַדמיניסטראַציע־באַאַמטע, אַז עס איז באַשלאָסן גע־וואָרן „די ענטיודונג דעם וואַרטעגאַועס". ד"ה אַז דאָס לאַנד דאַרף „באַ־

פרייט ווערן פון די יידן״. אין נאַציִשן לשון האָט דאָס געהייסן: גירוש און פאַרניכטונג. פאַרשטייט זיך, אַז די נאַציס האָבן דעם דאָזיקן באַשלוס געהאַלטן בסוד פאַר דער אָרטיקער באַפעלקערונג און בפרט פאַר די יידן. אָבער צוביסלעכווייז האָט זיך די ידיעה וועגן שרעקלעכע זאַכן, וואָס וועלן פּאַסירן מיט די יידן, פאַרשפּרייט צווישן דער באַפעלקערונג און אויף דער יידישער גאַס איז די טראַגישע שטימונג און פּאַניק געשטיגן בסדר פון טאָג צו טאָג. דער ערשטער אָנזאָג פון דער פאַרשאַרפטער נאַציִשער יודנפּאָליטיק זענען אין „וואַרטעלאַנד״ געווען די עקזעקוציע־„ספּעקטאַקלען״, וואָס זענען אָרגאַניזירט געוואָרן דורך די דייטשן אין די חדשים פעברואַר, מערץ און אַפּריל 1942. די נאַציס האָבן אין אַ ריי שטעט אויסגעקליבן אַ גרופּע יידן (על פּי רוב אַ מנין) און זיי עפנטלעך געהאָנגען, מיט אַ באַשטימטן עפנטלעכן צערעמאָניאַל, וואָס האָט זיך איבערגעחזרט אין יעדער שטאָט. די גרוילעכע עפנטלעכע תּליות זענען פאָרגעקומען אין די פאָלגנדיקע שטעט פון וואַרטעלאַנד:

| | | |
|---|---|---|
| אין פעברואַר 1942 | אין וועלון | 10 יידן |
| דעם 28 ״ ״ | ״ ברעזין | ״ 10 |
| ״ 3 מערץ ״ (פּורים) | אין זדונסקע וואָליע | ״ 10 |
| ״ 10 ״ ״ | ״ לענטשיץ | ״ 10 |
| ״ 10 ״ ״ | ״ פּאָדעמביע | ״ 10 |
| ״ 10 ״ ״ | ״ בעלכאַטאָוו | ״ 10 |
| ״ 10 אַפּריל ״ | ״ פּיאָנטעק | ״ 2 |
| ״ 10 ״ ״ | ״ אָזאָרקאָוו | ״ 8 |
| ״ 17 ״ ״ | ״ ניי־טשעכאָליץ | ״ 10 |

דער צוועק איז געווען וואַרשיינלעך צו טעראָריזירן די יידישע באַפעלקערונג און צו ברעכן איר מאָראַלישן ווידערשטאַנד־כּוח, ווי אויך צו באַפעסטיקן ביי די דייטשן און פּאָליאַקן דאָס געפיל אַז יידן זענען הפקר און שולדיק אין כלערליי כלומרשטע פאַרברעכנס („די יודן זינד אין אַלעם שולד) און עס קומט זיי דערפאַר די „פאַרדינטע שטראָף״ פון דייטשע הענט. דערביי האָט מען אויך די דאָזיקע געלעגנהייט אויסגענוצט אַרויסצופּרעסן געלט ביי יידן.

ווי אַזוי דער דאָזיקער טייוולאָנישער אַפּאַראַט פון פּסיכאָלאָגישן און פיזישן טעראָר, שאַנטאַזש און מאָרד, האָט געאַרבעט, און מיט וועלכע מעטאָדן — דאָס זעען מיר באַשיימפּערלעך אין דעם בעלכאַטאָווער „מאָרד־ספּעקטאַקל". אָנהויב מערץ האָבן די דייטשן ארעסטירט 15 אָדער 17 יידן פון פאַרשידענע באַפעלקערונגס־שיכטן אין בעלכאַטאָוו און אָנגעהויבן בויען תליות אויף דעם מארק־פּלאַץ. אויף דער יידישער באַפעלקערונג איז געפאַלן אַ פּחד. די באַמיאונגען ביים דייטשן בירגער־מייסטער טאַלמער האָבן געפּועלט, אַז ער זאָל מסכים זיין אויף אַ גרויסער געלט־קאָנטריבוציע, כדי אויסצוקויפן די ערובניקעס. אַ ספּעציעלע קאָנטריבוציע קאָמיסיע האָט אָנגעהויבן זאַמלען ביי יידן געלט, צירונג, גאָלד און זילבער. ביי דעם קאָנטריבוציע לאָקאַל זענען יידן געשטאַנען אין דער ריי, כדי איינצוצאָלן דאָס געלט און צירונג אויף פּדיון שבויים. דאָס יידישע בעלכאַטאָוו האָט זיך אָנגעשטרענגט איבער זיינע כוחות, אָבער ווען מען האָט דאָס געלט און די קעסטלעך מיט גאָלד און צירונג געבראַכט צו די דייטשן, האָבן זיי ציניש דערקלערט, אַז דאָס איז נישט גענוג אויף אויסצולייזן אַלע ארעסטירטע און 10 פון זיי וועלן געהאָנגען ווערן. צו דער עקזעקוציע איז איינגעלאַדן געוואָרן די גאַנצע פּוילישע און דייטשע באַפעלקערונג פון בעלכאַטאָוו און אומגעגנט; יידן האָבן געדאַרפט דערשיינען שיין אָנגעטון און נישט געטאָרט וויינען אָדער שרייען. די דייטשן האָבן די יידישע ערובניקעס צוערשט ארויסגעפירט פון דער תפיסה צו דער שול, געהייסן זיי זאָגן ווידוי און ערשט דאַן אוועקגעפירט צו דער תליה.

דעם לאַנגן באַשולדיקונגס־אַקט קעגן די צען „פאַרברעכערס", אָנגעשריבן אין באַקאַנטן נאַצישן סטיל, האָט געמוזט פאָרלייענען דער יודנעלטסטער טאָפּאָליאָוויטש. אַ יידישן מיליציאַנט (א. גאָלדבערג) האָבן די דייטשן אונטער דער דראָאונג פון טויטשטראָף געהייסן דורכפירן די עקזעקוציע פון הענגען. די פאַרמשפּטע צום טויט זענען געוועזן:

יאַנקל ערליך, געוועזענער באַנק־באַאַמטער און יודנראַטלער; מענדל פעלד, פאַבריקאַנט; חיים שאַפּירא, סוחר; משה וואָלפאָוויטש, קצב; לייבל פעלצמאַן, קצב; (יודל?) משה לייזעראָוויטש, קצב; משה אהרן טויבע, פּי־שער (?); ירחמיאל בוים, וועבער; יצחק אליהו גרינבוים, סוחר; לייביש מיכאל לאַנדוי, וועבער.

די פאַראורטייליטע האָבן זיך פאַרהאַלטן רואיק. אייניקע פון זיי האָבן נאָך אין די לעצטע מינוטן באַוויזן עפּעס צו זאָגן, צו טרייסטן זייערע פאַמיליעס און די פאַרזאַמלטע עדה יידן מיט דעם, אז באַלד וועט קומען היטלערס מפּלה און דער גערעכטער משפּט פאַר די נאַצישע תּלינים, און גערופן זיי צו נעמען נקמה.

זינט דער מערץ עקזעקוציע האָבן זיך אָפּגעשפּילט די טראַגישע געשעענישן אין אַן אָטעם־פאַרכאַפּנדיקן טעמפּאָ.

אין חודש מאַי אָדער יוני 1942 איז פאָרגעקומען די באַרבאַרישע סעלעקציע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין בנין פון תּלמוד תּורה. מען האָט געהייסן אַלע יידן אויפמאַרשירן נאַקעטערהייט פאַר אַ נאַצישע קאָמיסיע, וואָס האָט זיי איינגעטיילט אין דריי קאַטעגאָריעס. יעדע קאַטעגאָריע האָט באַקומען אַ באַזונדערן אַנדערן שטעמפּל אויף אירע לעגיטימאַציעס. די דאָזיקע אויסטאָרטירונג האָט שפּעטער קיין גרויסע פּראַקטישע באַדייטונג נישט געהאַט, אָבער דערוויַיל האָט זי אַרויפגעוואָרפן אַ פּחד אויף דער יידישער באַפעלקערונג.

בינו לבינו האָבן זיך אין אַ ריי שטעטלעך אָנגעהויבן גירושים. איבער 10.000 יידן פון פאַרשידענע שטעטלעך און ישובים זענען אַריינגעטריבן געוואָרן אין חודש יולי אין דער לאָדזשער געטאָ. צווישן זיי איז אויך געווען אַ גרופּע בעלכאַטאָווער. אַ טייל פון זיי איז איינגעאָרדנט געוואָרן ביי לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט אין מאַרישין (ביי לאָדזש), וואָס איז פאַרוואַלטעט געוואָרן פון לאָדזשער יודנראַט. אַ טייל האָבן די דייטשן אַרויסגעשיקט אויף „אַרבעט" ד״ה אויף פאַרניכטונג.

כסדר זענען אין די אַרומיקע שטעטלעך פאָרגעקומען גירושים, דעפּאָרטאַציעס, בלוטיקע ליקווידאַציעס. דער ביטערער גורל איז געפאַלן אויף בעלכאַטאָוו דעם 11טן אויגוסט 1942. די דייטשן האָבן צונויפגעטריבן די יידישע באַפעלקערונג אויפן מאַרק־פּלאַץ און דורכגעפירט אַ סעלעקציע. אַ גרופּע פון אַן ערך 1.000 יונגע און שטאַרקע מענטשן (אין עלטער פון 16 ביז 45 יאָר) האָט מען אַוועקגעפירט קיין לאָדזש, דעם רעשט אַריינגעטריבן אין שול און אין קאַטוילישן קלויסטער, געהאַלטן זיי דאָרט אַ צייט אין אַן אוממענטשלעכן צושטאַנד און דאַן פאַרשיקט אין דעם פאַרניכטונגס־לאַגער כעלמנאָ („קולמהאָף" אין דייטש) ביי לאָדזש, צו פאַרגאַזונג. די כעלמנער מאָרדפאַבריק איז גענוג באַקאַנט דורך אַ ריי געדרוקטע באַשרייבונגען און דאַרף דאָ נישט נאָכאַמאָל באַשריבן ווערן.

אין דער צווישנצייט האָט זיך דער בירגערמייסטער טאַלמער אַ נעם געטאָן צום איבערגעבליבענעם יידישן פאַרמעגן. ער האָט די גאַנצע שטוב־איינריכטונג פון די אויסגעהרגטע בעלכאַטאָווער יידן אָפּגעקויפט ביי דער נאַציישער „געטאָ פאַרוואַלטונג ליצמאַנשטאַדט" (דאָס איז געווען די אָפּי־ציעלע דייטשע פאַרוואַלטונג פון די יידישע פאַרמעגנס אין לאָדזש און אַרומיקע שטעטלעך, מיט האַנס ביבאָוו בראש) און זיי ווייטער פאַר־קויפט צו שפּאָט־פּרייזן צו די אַרומיקע דייטשן און פאָלקסדייטשן.

די בעלכאַטאָווער, וועלכע זענען אַריינגעקומען קיין לאָדזש, האָבן דאָרט געפּרווּוט שאַפן געוויסע לאַנדסמאַנשאַפטלעכע הילפס־אָרגאַניזאַ־ציעס. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ בעלכאַטאָווער הילפסקאָמיטעט, דער עיקר דורך פאַרטרעטער פון אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. אייניקע בעלכאַטאָ־ווער פאַרטרעטער זענען אויך אַריין אין דעם ציוניסטישן הילפס־קאָמי־טעט. אַ ריי בעלכאַטאָווער זענען געווען טעטיק אין דער בונדישער אָרגאַני־זאַציע, ביי די לינקע און אין דער אגודה־יוגנט אין לאָדזשער געטאָ.

די בעלכאַטאָווער אין לאָדזש האָבן דורכגעמאַכט דעם זעלביקן טראַ־גישן גורל וואָס דער רעשט לאָדזשער יידן. אין אויגוסט 1944 זענען זיי אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ און אין אַנדערע דייטשע קאָנצענ־טראַציע־לאַגערן און צום גרעסטן טייל דאָרט אומגעקומען.

נאָר געציילטע בעלכאַטאָווער יידן האָבן געהאַט דאָס גליק זיך אַנטקעגן צו שטעלן דעם שונא מיט געווער אין האַנט. אונדז זענען באַ־קאַנט אַ ריי פּרטים וועגן אַ קליינער גרופּע בעלכאַטאָווער, וואָס זענען אין אָנהויב פון דער דייטש־פּוילישער מלחמה פאַרוואָגלט געוואָרן קיין ביאַליסטאָק און האָבן דאָרט, אָדער אין די אַרומיקע שטעט, געלעבט אין 1941 ווען די דייטשן זענען אַריינגעקומען. די בעלכאַטאָווער יידישע יונ־געלייט: משה, הינדע און חיים קאָן און זייער שוואָגער לייב פּודלאָווסקי האָבן שוין דעמאָלט גוט פאַרשטאַנען וואָס עס באַדייט אַ דייטשער „טראַנספּאָרט". זיי זענען אַראָפּגעשפּרונגען פון אַ דייטשן טראַנספּאָרט־צוג, וואָס האָט זיי געפירט צו אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער און זענען אַוועק — אין אָקטאָבער 1942 — צו דער פּאַרטיזאַנער גרופּע „פאָר־אויס". דאָרט האָבן זיי העלדיש געקעמפט קעגן די נאַציס. חיים קאָן איז געפאַלן אין קאַמף דעם 18טן אויגוסט 1943, אין אַ דאָרף לעבן ביאַ־ליסטאָק. משה און הינדע קאָן געפינען זיך היינט אין פּוילן, לייב פּוד־לאָווסקי אין ישראל. די דריי מענער: חיים קאָן (שוין נאָך זיין טויט),

משה קאַן און לייב פּודלאָווסקי זענען אויסגעצייכנט געוואָרן פון דער פּוילישער רעגירונג מיט דעם גבורה־קרייץ („קזשיזש וואַלעטשניך״).

א חוץ דעם האָבן מיר נאָך עטלעכע נישט פולשטענדיקע ידיעות וועגן א קאַמף וואָס איז פאָרגעקומען אין בעלכאַטאָוו גופא. בשעת א דייטשער אָבלאַווע איז עס געקומען צו א שיסעריי צווישן א גרופּע יידישע יונגעלייט און די דייטשע זשאַנדאַרמען. איינער פון די יונגעלייט, משה לעוו, איז פאַרוווּנדעט געוואָרן און איז אַריינגעפאַלן אין די דייטשע הענט. דורך א גרויסן כאַבאַר איז געלונגען אים אַרויסצובאַקומען פון תפיסה און ער איז אַוועק אין וואַלד, ווו ער האָט זיך פאַרשיינלעך אָנגעשלאָסן אין א גרופּע פּאַרטיזאַנער. שפּעטער האָבן אים די דייטשן ווידער געכאַפּט און געבראַכט קיין אָשוויענטשים, ווו ער איז אומגעקומען.

מיר ווייסן אויך, אַז דער בעלכאַטאָווער שניידער יוסף רייך איז געווען אין א פּאַרטיזאַנער־גרופּע אין סטאָלפּצער ראַיאָן. ער לעבט היינט אין אויסטראַליע.

די צאָל איבערגעבליבענע בעלכאַטאָווער יידן איז שווער אָפּצושאַצן. אין יאָר 1939 האָבן זיך אַן ערך 100 בעלכאַטאָווער יידן געראַטעוועט פון די דייטשע הענט דורך אַנטלויפן קיין רוסלאַנד. דאָרט זענען אייניקע פון זיי געשטאָרבן אין דער צייט פון מלחמה. דער רעשט איז שפּעטער צוריקגעקומען קיין פּוילן. די צאָל יידן, וועלכע האָבן גלייך נאָך דער מלחמה (אין 1945—1946) זיך באַוויזן צוריק אין בעלכאַטאָוו, איז געווען א נישטיקע: אַן ערך 2 צענדליק משפחות. לאַנגזאַם האָבן אָנגעהויבן זיך אָפּצוגעפינען די צוריקגעקומענע פון רוסלאַנד, די אָפּגעראַטעוועטע פון די דייטשע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, פון די בונקערס און באַהעלטענישן, פון די וועלדער און פון דער פּאַרטיזאַנקע, פון די לעבנגעבליבענע אויף געפעלשטע „אַרישע פּאַפּירן״. על פּי רוב זענען זיי נישט געבליבן לאַנג אין פּוילן, נאָר ווייטער געוואַנדערט קיין דייטשלאַנד און דאָרט אין די ד. פּ.־לאַגערן געוואַרט אויף א מעגלעכקייט אויסצוּוואַנדערן קיין ישראל, אָדער אַמעריקע. די צאָל בעלכאַטאָווער יידן אין די דייטשע ד. פּ.־לאַגערן אין 1946—1947 ווערט געשאַצט אין קרוב צו 250 מענטשן. דער גרעסטער טייל פון זיי האָט שוין זינט דעמאָלט פאַרלאָזט דייטשלאַנד. בסך הכל ווערט די צאָל פון די בעלכאַטאָווער שארית־הפליטה געשאַצט אין 300 ביז 350 פּערזאָן, ד״ה ווייניקער ווי איין פּראָצענט פון דעם אַמאָליקן בליענדיקן יידישן ישוב אין בעלכאַטאָוו.

# בעלכאַטאָוו

## אין

# קאַמף,
# ארבעט און שאַפונג



ישראל פּיטאָווסקי

# דער אָנהויב און דער סוף

אויסערלעך האָט זיך בעלכאַטאָוו ווייניק וואָס אונטערגעשיידט פון די שכנותדיקע שטעטלעך, ווי סטערצאָוו, קאַמינסק א"א. אביסל גרע־סער אין פאַרנעם, א צוויי־דריי טויזנט איינוווינער מער ווי אין די דער־מאָנטע שטעטלעך. און דאָך איז אין קולטור־געזעלשאַפטלעכן זין דאָס לעבן — סיי פונעם יחיד און סיי פון כלל — געשטאַנען א סך העכער ווי אין די אַרומיקע שטעטלעך. עס איז אויף דעם בעלכאַטאָווער מענטש נישט געלעגן דער פּראָווינץ־שטעמפּל, ער האָט נישט פאַרמאָגט די פּראָ־ווינצער קליינלעכקייט און נישט געהאַט די גראָשנדיקע, קרעמערישע השגות. דער בעלכאַטאָווער האָט שטענדיק געהאַט א חוש פאַר וועלט־פּראָבלעמען, סיי פּאָליטישע און סיי געזעלשאַפטלעך־קולטורעלע.

נאָך פאַרן סוף פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט האָט זיך אין בעל־כאַטאָוו אָנגעהויבן א יידיש־געזעלשאַפטלעך לעבן, איבערהויפּט ביי דער יוגנט. עס האָבן זיך באַוויזן קודם־כל די קליינע בראָשורקעס וועגן קלאַסן־פּראָבלעמען, וועגן פּאַרטייען און אידעאָלאָגישע פראַגן. דאָס איז געווען די אינטערעסאַנטע צייט פון מיין לעבן אין בעלכאַטאָוו אין די יאָרן 1897—1914. דאָס זענען געווען יאָרן פון עקאָנאָמישן און גייסטיקן אויפשטייג. מען האָט קיין בעלכאַטאָוו אָנגעהויבן ברענגען ערנסטע ליטע־ראַרישע ווערק פון יידישע און העבראַאישע שרייבער און איבערזעצונגען פון דער וועלט־ליטעראַטור. עס האָבן זיך באַוויזן אַגיטאַטאָרן פון קלאַסן־פאַראיינען, בונדיסטן (מען האָט זיי גערופן „אחדותניקעס"), פּועל־ציוני־סטישע און אַלגעמיין־ציוניסטישע רעדנער.

פאַר מיינע אויגן שטייט דער ערשטער ציוניסטישער משולח, אָדער מגיד (אַזוי האָבן זיי דעמאָלט געהייסן), וואָס איז אַראָפּגעקומען צו אונדז

אין שטעטל. א הויכער, דארער ייד, מיט אן אסקעטישן אויסזען, מיט א לאַנגער באָרד, פּאות, גערעדט מיט אן אמת חסידישן ברען, געברענגט משלים, געשיט מיט מאמרים פון תורה, נביאים און תלמוד. ער האָט גערעדט וועגן ד״ר הערצל ווי וועגן א געשיקטן פון גאָט, הגם א דייטש אין א קורצן ראָק און קאַפּעלוש. דאָס בית־המדרש איז געווען פול יידן בעלי־מלאכות, קרעמער און חסידים. ער האָט דעם עולם ממש באַגייס־טערט. אויף צומאָרגנס האָבן יידן אָנגעהויבן רופן אסיפות, גרינדן ציוניס־טישע חברות. באַלעבאַטישע יידן באַזונדער און יעדעם שטיבל פאַר זיך. דאָס האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט. די רביים האָבן לגבי דעם ציוניזם פאַרנומען א נעגאַטיווע שטעלונג און דאָס האָט אָפּגעקילט די חסידישע יידן. געבליבן איז בלויז א קליי־נע צאָל באַלעבאַטישע יידן און פון די פרימערע פון זיי איז שפּעטער אַנטשטאַנען דער מזרחי, וואָס האָט געפירט א נישקשהדיקע טעטיקייט.



ישראל פיטאָווסקי

די שטאַרקסטע טעטיקייט צווישן דער יוגנט האָט דעמאָלט געפירט דער „בונד". פאַר־שטייט זיך, אז די גאַנצע אַר־בעט איז געווען אן אומלעגאַ־לע. די פירער פון בעלכאַטאָווער „בונד" זענען צו יענער צייט געווען (די וועלכע איך קאָן זיך דערמאָנען): יצחק אירע לייבושעס, זיין חבר פּיזע דריטשע (א צונאָמען אזא), פישל מאיר וויים (שפּעטער עמיגרירט אין אמעריקע), לייבוש מיכל לאַנדאו. שפּעטער — אברהם שמולעוויטש, הערשל פלאַוונערס, יאַקובאָוויטשעס אן אייניקל. דאָס איז געווען א בחור א שטאַרק באַהאַוונטער אין דער וועלט־ליטעראַטור, ניטשעס אן אָנהענגער און אָנגעשטעקט פון זיין זאַראַטוסטראַ־פילאָזאָפיע, א קענער פון טאָל־סטאָי און דאָסטאָיעווסקי און א גאָר שטאַרקער חסיד פון קאַרל מאַרקס.

עס זענען צווישן די בונדיסטן געווען אַ סך בית־המדרש בחורים, קינדער פון חסידישע עלטערן. עס דערמאָנט זיך מיר דאָס געשטאַלט פון אַ יונגן בית־המדרש בחור, וועמען איך פלעג אָפט טרעפן אויף דער „בערזע" (אַ ספּעציעלער טרעף־פּונקט פאַרן קאָשטשאָל, אָדער אויפן נייעם וועג). ער האָט אַרומגעשפּאַצירט, האַלטנדיק ביי דער האַנט אַ בחורל פון אַ יאָר 14—15 און מיט אים איינגעקנעלט די מאַרקסיסטישע טעאָריע. עס איז געווען אַ מערקווירדיק בילד: דער בחור, אַ הויכער, גייט איבערגעבויגן איבער דעם יינגל, גייט און שאָקלט זיך, צופּט זיך די פּאה און — מיט אַ גמרא־ניגון גיט ער דעם יינגל צו פאַרשטיין, אַז עס דאַרפן נישט זיין קיין רייכע און אָרעמע, אַז אַלע דאַרפן גלייך אַרבעטן און גלייך לעבן...

אַ סך פריער ווי אין אַנדערע — אַפילו גרעסערע — שטעט, האָט אין בעלכאַטאָוו זיך געקאָכט און געזודערט פון אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען, פאַרלעזונגען, „געפערלעכע פּראָקלאַמאַציעס, אויפרופן צו עקאָנאָמישע שטרייקן א"אַ.

אָט די דאָזיקע פריע אַנטוויקלונג האָט זיך איר סיבה: מכמה יאָרן פריער האָט אין בעלכאַטאָוו עקזיסטירט אַ טעקסטיל־אינדוסטריע. בלויז האַנט־וועבעריי, ביזן סוף פון די ניינציקער יאָרן, און שפּעטער — אויך מעכאַנישע וועבערייען. אין אַ געוויסער מאָס האָט אויך געווירקט דער פאַקט, וואָס בעלכאַטאָוו איז געווען אַן אָפּרו־אָרט אין די זומער־חדשים פאַר די אַרומיקע שטעט.

לויט פּוילישע געשיכטלעכע קוועלן, האָט בעלכאַטאָוו — בעת די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות — געציילט ס"ה אַ דריי־הונדערט איינוווינער. קיין וועבערייען זענען דעמאָלט איינגאַנצן נישט געווען, נאָר בלויז שניידערס, שוסטערס און דער עיקר — טעפּערס, וועלכע האָבן אויף זייערע ליימענע כלים אויסגעבערענט דעם שטאָט־הערב: אַ גן־עדן מיט אַ בוים, אַרום וועלכן עס וויקלט זיך אַרום שלאַנג און ביים בוים — אדם און חוה. אפשר האָט עס טאַקע דער הערב־גן־עדן צוגעצויגן די יוגנט פון די אַרומיקע שטעטלעך, אָבער אַ פאַקט איז, אַז זומערצייט פלעגט צו אונדז קומען יונגוואַרג פון לאָדזש און אַנדערע גרעסערע שטעט און מיט זיך געבראַכט גרויסשטאָטישקייט קיין בעלכאַטאָוו.

ווי געזאָגט, איז בין דער נאַפּאָלעאָן־עפּאָכע נישט געווען קיין וועבערייען אין בעלכאַטאָוו. אָבער באַלד נאָכדעם האָבן זיך ביי אונדז אָנ־

געהויבן באַזעצן דייטשן און זיי האָבן עס איינגעפירט הויז־וועבעריי. זיי פלעגן אויסאַרבעטן ביינוול־סחורות, שפּעטער אויך וואָלן־שטאָף, וואָס מען האָט דעמאָלט גערופן טוך. די וואָל האָט מען אַליין געשפּונען, די סחורה אַליין געקאַרבט און אַליין אויסגעפּאַרטיקט, אַלץ מיט היימישע מיטלען. און פון די דייטשן האָבן זיך די מלאכה אויסגעלערנט די פּויל־ישע וועבערס.

שוין אין די זיבעציקער יאָרן (און אפשר נאָך פריער) פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט האָט אין בעלכאַטאָוו עקזיסטירט אַ מעכאַנישע וואָל־שפּינעריי. אַלס טרייב־קראַפט האָט מען באַנוצט פערד, מיט אַ „קער־ראַט", וואָס די דאָרפישע לאַנדווירטן באַנוצן נאָך ביז היינט צו טאָג צו זייערע דרעש־מאַשינען. די דאָזיקע שפּינעריי זאָל זיך האָבן געפונען אין דער געביידע, אין וועלכער מיין שוואָגער, פּרץ פרייטאַג, האָט שפּע־טער אויפגעבויט די ערשטע מעכאַנישע וועבעריי. אויף די שכנותדיקע פּלעצער זאָל האָבן געווען אַ פאַרבעריי. זייט איך געדענק, איז שוין דאָרט פון דעם אַלעמען קיין סימן נישט געווען.

אין 1888 אָדער 1889, ווען איך בין געקומען פון דאָרף פאַרזשניוויץ (ווו מיינע עלטערן האָבן געוווינט) קיין בעלכאַטאָוו לערנען ביים גמרא־מלמד ר' נאָטעלע און שפּעטער — ביי ר' ישעיה עקשטיין, איז די גע־ביידע גאָר געווען אַ וווין־הויז און נאָר עלטערע יידן האָבן אין די שכנות־דיקע פּלעצער געזען סמנים, אַז עס זאָל דאָרט האָבן געווען אַ פאַרבעריי און אַן אַפּרעטור.

ווען יידן האָבן אָנגעהויבן זיך צו באַטייליקן אין דער וועבער־אינ־דוסטריע אין בעלכאַטאָוו — ווייס איך נישט. אויך די פּוילישע געשיכטע שווייגט וועגן דעם. אפשר איז דאָס יאָ געווען פאַרשריבן אינעם פּנקס פון דער בעלכאַטאָווער יידישער קהלה. דער ערשטער וועבער, וואָס איך האָב געקאָנט אין מיינע פריסטע קינדער־יאָרן, איז געווען מיין זיידע, משה פּאַטערסמאַן. וועגן אים פלעגט מען דערציילן, אַז ער איז קיין בעל־כאַטאָוו געקומען אַלס אַ יונגער בחור פון ערגעץ אַ דייטשן שטעטל, נאָענט פון דער פּוילישער גרענעץ און האָט דאָ חתונה געהאַט. ער איז, ווי מען האָט דערציילט, געווען אַ ספּעציאַליסט אין אויספּאַרטיקן, פאַרבן און אַפּרעטירן וואָל־שטאָפן. מען האָט דאָס דעמאָלט גערופן באָסטן (אין בעלכאַטאָוו האָט מען מיין זיידן טאַקע גערופן משה באַסטער).

עס לוינט זיך דאָ צו שרייבן אַ פּאָר ווערטער וועגן מיין זיידן משה

פּאַטערסמאַן ז"ל. איך געדענק אים נאָך פון דער צייט, ווען איך בין אַלט געוועז 5—6 יאָר. ער איז דעמאָלט שוין געווען אַ זקן פון עטלעכע און זיבעציק. אַ הויכער, מיט אַ שיינער, ווייסער באָרד, האָט ער געטראָגן „דייטשישע" מלבושים: אַ קורצן געהאַקטן ראָק, אויפן קאָפּ נישט קיין שוואַרץ קאַשקעטל, ווי מען פלעגט צו יענער צייט טראָגן, נאָר אויפן דייטשן שטייגער. ווען איך בין שוין געווען אַ דערוואַקסענער בחור, פלעגן מיר עלטערע יידן, מיט באַוווּנדערונג און פאַרערונג, דערציילן, אַז ער האָט פאַרמאָגט אַ פולע שאַנק מיט ספרים און אַ סך נישט־יידישע ביכער (מסתמא דייטשע). ער איז געווען אַן אפיקורס, נישט שטאַרק געהאַלטן פון געוויסע מנהגים, ווי כפרות־שלאָגן א"א. אַ ייד אַ חכם און אַ נוח לבריות.

מער ממשותדיקע ידיעות וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע ביי אונדז אין שטאָט בכלל און ביי יידן בפרט בין איך בכוח אָנצוגעבן ערשט פון יאָר 1889. דאָס איז די צייט ווען איך בין גע־קומען פון דאָרף אין שטאָט אריין לערנען ביי מלמדים און אין שול. עס איז כדאי צו דערמאָנען, אַז אין יענע יאָרן איז אין בעלכאַטאָוו שוין געווען אַ יידישע שול מיט אַ יידישן לערער. איך געדענק נישט זיין פאַמיליע־נאָמען, אָבער זיין נאָמען איז געווען — אבנר. איך געדענק אים גוט. זייער אַ סימפּאַטישער מענטש, אַ שיינער, מיט אַ פיינער באָרד, געטראָגן אַ קורצן ראָק און אַ קאַפּעלוש. לגבי די תלמידים האָט ער זיך פאַרהאַלטן זייער פריינטלעך. אין שטאָט האָט מען אים שטאַרק רעספּעקטירט.

אין יענע יאָרן זענען אין בעלכאַטאָוו שוין געווען אַ סך יידישע וועבערס און אויך עטלעכע יידישע פאַבריקאַנטן און ליפעראַנטן: חיים טוסק, פייוויש שראַגע, יעקב הובערמאַן, פייוול לייב (פייוול אמבערדוקס) א"א. מען האָט אין יענער צייט אויסגעאַרבעט אין בעלכאַטאָוו לייכטע שטראַמגאַרן־סחורות, וואָלענע פלאַנעל, סאַטין, וואָלענע שאַלן און טיכער. פון 80 ביז 90 פּראָצענט פון די דאָזיקע אַרטיקלען פלעגן אויסאַרבעטן יידישע וועבער. אַנדערע ביליקערע, אַרטיקלען, ווי: מולטאָן, גאַנץ ביינוואָ־לענע סחורות, שערצן, בעט־צייג אד"גל זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן אין די אַרומיקע דערפער.

דעמאָלט האָט זיך אין בעלכאַטאָוו שוין אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען די מאַשין־אַרבעט. פריער האָט מען די סחורות אויסגעאַרבעט אויף פוס־שעמל. פון צוויי אויף פלאַנעל ביז פיר, זעקס און צען פוסשעמל ביי

סאַטין. אויף צוג־מאַשינען האָט מען אויסגעאַרבעט בעסערע סחורות: קאַמגאַרן און קאַמגאַרן־שעוויאָט אַרטיקלען. די מאַשין־אַרבעט האָט אין בעלכאַטאָוו, אָדער — בעסער געזאָגט — אין דער נאָענטער קאָלאָניע קאָלדונאָוו, איינגעפירט אַ דייטש מיטן נאָמען שולץ. דאָס האָט ער דער ערשטער געבראַכט אַזאַ מאַשין פון פּאַביאַניץ, ווו עס האָט זיך באַלד, און שפּעטער אין די שכנותדיקע קאָלאָניעס קאָלדונאָוו, זאַוואַדאָוו, בעלכאַטאָווק א״א, שנעל אַנטוויקלט די מאַשין־אַרבעט.

די ערשטע זענען איבערגעגאַנגען צו מאַשין־אַרבעט חיים טוסק און ישעיה שראַגע. אַ לענגערע צייט האָבן די יידישע וועבערס זיך אָפּגע־האַלטן פון איינפירן מעכאַנישע וועבשטולן. אַרום 1892—1893 איז מיין שוואָגער, פּרץ פּרייטאָג, אַראָפּגעקומען קיין בעלכאַטאָוו און זיך באַזעצט אין קאָלדונאָוו. ער האָט שותפות געמאַכט מיטן דייטש שולץ. איך מוז דאָ באַמערקן, אַז מיין ברודער שמשון פּיטאָווסקי, וואָס איז צו יענער צייט געווען אין לאָדזש אַ פאַבריקאַנט פון בעסערע קאַמגאַרן־שטאָפן, האָט אויך מיטגעהאָלפן ביי דער אַנטוויקלונג פון אויסאַרבעטן בעסערע קאַמ־גאַרן־שטאָפן אין בעלכאַטאָוו, שיקנדיק זיין סחורה אויסצואַרבעטן ביי אונדז אין שטאָט. מיין שוואָגער פּרץ איז געווען אין קאָלדונאָוו אַ צוויי יאָר און האָט זיך שפּעטער, אין 1894, באַזעצט אין בעלכאַטאָוו, ווו ער האָט אָנגעהויבן באַשעפטיקן אַ גרעסערע צאָל האַנט־שטולן.

איך מוז ביי דער געלעגנהייט דערמאָנען וועגן מיין אָנטייל אין דער אַנטוויקלונג פון מאַשין־אַרבעט צווישן די יידישע וועבערס און שפּע־טער — ביים אַריינפירן יידישע אַרבעטער צו מעכאַנישער מאַשין־אַרבעט. און נאָך שפּעטער, אין די יאָרן 1912—1913, — וועגן דער אַרבעט פון יידישע וועבערס אויף מעכאַנישע וועב־שטולן.

אין 1895, ווען איך האָב שוין געהאַט פאַרענדיקט די לער אַלס וועבער ביי מיין פעטער הערשל וויים, האָב איך געאַרבעט אַלס געזעלן ביי פייוול לייב.

אין צוזאַמענהאַנג מיט פייוול לייב איז כדאי צו דערמאָנען עטלעכע פּרטים, וואָס וועלן כאַראַקטעריזירן די דעמאָלטיקע באַציאונג פון פאַברי־קאַנט צו די אַרבעטער, אָדער געזעלן.

פייוול לייב האָט געהאַט אַ פאַבריקל פון אַ 10—12 האַנט־וועבשטולן, וואָס האָבן אויסגעאַרבעט וואָלענע שאַלן און טיכער. אַלס געזעלן האָבן אין דעם פאַבריקל געאַרבעט גרויסע, דערוואַקסענע בחורים: שמואל זקן

כאנאצקי און זיינער א ברודער, יעקב שוסטער, משה אייזיקס, שוין א באפרייטער פון מיליטער א״א. ר׳ פייוול פלעגט פון לאָדזש קומען יעדן פרייטיק אויף שבת קיין בעלכאטאָוו. אריינקומענדיק אין פאבריק, פלעגט ער אדורכקוקן די אויסגעארבעטע סחורה און נישט געשפּאָרט קיין זידל־ווערטער, ווען ער האָט באמערקט פעלערן אין דער ארבעט. געדענק איך: איינמאָל איז ער צוגעקומען צו מיין וועב־שטול, זיך צוגעקוקט צו מיין ארבעט און — פלוצלינג גיט ער א געשריי: „קומט נאָר אהער דאָ, שקצים, צו דעם קליינעם און לערנט אייך מאכן א שיין שטיקל סחורה״ (איך בין געווען דער יינגסטער צווישן די ארבעטער).

די צוג־מאשין וועבעריי האָט זיך ביי יידן אין בעלכאטאָוו אָנגע־הויבן צו אנטוויקלען אין די יאָרן 1897—1898. מען האָט דעמאָלט אויסגעארבעט אַן ארטיקל, וואָס מען האָט גערופן ר. וו. מען האָט עס געוועבט אין צוויי בינדונגען: א דיאגאָנאַל, אין צוויי אויבער און צוויי פוטער־שוס. ביי דעם ארטיקל איז דער פארדינסט געווען זייער א שוואַ־כער. דאָס צווייטע ארטיקל איז געווען א סאטין־בינדונג, געוועבט אין איין אויבער און צוויי פוטער־שוס. ביי דעם ארטיקל האָט מען פיל מער פאר־דינט. דעם דאָזיקן ארטיקל האָב איך אריינגעפירט ביי די יידישע וועבערס.

האָבן אויך אנדערע בעלכאטאָווער פאבריקאנטן געברענגט מאשינ־שטולן און אָנגעהויבן אויסצואַרבעטן דאָס דאָזיקע ארטיקל. זיי פלעגן די סחורה ארויסגעבן צו וועבן אין די דערפער, ווו דער ארבעט־לוין איז געווען באדייטנדיק ביליקער, און אזוי ארום האָבן זיי געשעדיקט די אינ־טערעסן פון די בעלכאטאָווער וועבער. דאָס האָט גורם געווען די אנט־שטייאונג פון א וועבער־חברה, וואָס האָט מיט אלע מיטלען זיך אנט־קעגנגעשטעלט דעם ארויסגעבן די ארבעט אין די דערפער.

עס איז כדאי צו ווידמען עטלעכע ווערטער אָט דעם וועבער־פאראיין. איך געדענק בלויז עטלעכע נעמען פון די גרינדער פון דעם פאראיין און פון זיינע טעטיקע מיטגלידער. דאָס זענען געווען: ש. כאַינאצקי, ח. ש. שפּיגעלמאן, ז. מאכאבאנסקי א״א. אין זיין טעטיקייט האָט זיך דער פאר־איין געהאלטן אין די גרענעצן פון ריין עקאָנאָמישע אינטערעסן. ער האָט געשטערט, ווי געזאָגט, די פאבריקאנטן ארויסצוגעבן די ארבעט אין די דערפער און האָט אָרגאניזירט שטרייקן פאר העכערע ארבעט־לוינען. דער פאראיין האָט אָפּגעהיט, אז בעת א שטרייק זאָלן די דאָרפישע ארבעטער נישט אַריינפירן קיין סחורה אין שטאָט אַריין און נישט אַרויסגעלאָזט קיין

רוי־שטאָפן אין דאָרף אריין. צו דעם צוועק בלעגן געשטעלט ווערן פיקעטן ביי די עקן פון שטאָט. נישט איינמאָל האָט דער פאַראיין דורכגעפירט אָקופּאַציע־שטרייקן ביי די מער איינגעשפּאַרטע פאַבריקאַנטן. אַ גרעסע־רע צאָל וועבערס פלעגט אַריינגיין אין ווינונג פונעם פאַבריקאַנט און דאָרט זיצן אַזוי לאַנג, ביז ער האָט נישט נאָכגעגעבן די אַרויסגעשטעלטע פאָדערונגען.

קיין שום קולטור־טעטיקייט האָט דער פאַראיין נישט געפירט. די מיטגלידער פון פאַראיין האָבן זיך געשאַפן אַ מנין צו דאַווענען שבת און יום־טוב, פלעגן זיי אויסטרינקען אַ פעסל ביר און אויף אַזאַ אופן האָבן זיי זיך געזעלשאַפטלעך אויסגעלעבט.

דער סוף פון דעם פאַראיין איז געווען אַ טרויעריקער: אין 1908 איז די פּאָליציי, צוזאַמען מיט זשאַנדאַרמעריע, באַפאַלן די ווווי־נונגען פון די פאַראיין־אָנפירער (איך געדענקט נאָר די נעמען פון חיים שפּיגעלמאַן, שמואל זקן כאיניצקי), זיי האָבן באַקומען צוויי, אַנ־דערע — פיר יאָר טורמע. אין שטאָט האָט מען שטאַרק חושד געווען, אַז דאָס איז געווען אַ מסירה פון די פאַבריקאַנטן, אָבער קיין גענויע באַ־ווייזן דערפאַר איז נישט געווען. עס איז אויך אַרעסטירט און אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין סיביר מיין שוואָגער יעקב אָסטראָווסקי, הגם ער האָט צום פאַראיין נישט געהערט און מען פלעגט זיך ביי אים אין שטוב נאָר צונויפקומען.

אין יאָר 1898 אָדער 1900 האָט אין בעלכאַטאָוו אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן די ערשטע מעכאַנישע וועבעריי. זי האָט געהערט צו מיין שוואָגער פּרץ פריימאַג און איך בין געווען איר לייטער.

ווי כ'האָב שוין פריער דערמאָנט, קאָן איך מיר צושרייבן די זכיה צו האָבן דער ערשטער אַריינגעפירט בעלכאַטאָווער יידישע אַרבעטער צו מעכאַנישער מאַשין־אַרבעט. געוויסע פונקציעס אין די וועבערייען זע־נען שוין אויך פריער, אפילו אין די מעכאַנישע פאַבריקן, אויסגעפירט געוואָרן פון יידישע אַרבעטער און אַרבעטערינס. דאָס זענען געווען קע־טע־שערערס און שטאַפּערינס. דאָס איז געווען אַ מין מאָנאָפּאָל פון די יידישע אַרבעטער. קעטן זענען, אין די ערשטע יאָרן פון די מעכאַנישע וועבערייען אין בעלכאַטאָוו, געשוירן געוואָרן אויף האַנט־שראַמס און ווייל דאָס שערער־פאַך איז פון לאַנגע יאָרן געווען אין יידישע הענט, האָבן

ממילא יידן אויך אין די ערשטע מעכאַנישע פאַבריקן פאַרנומען די שערער־פּאָסטנס.

די ערשטע יידישע טרייבערינס און שפּולערינס האָב איך אוועקגע־שטעלט ביי מעכאַנישע מאַשינען אין די יאָרן 1901—1902. איך האָב זיך דערביי אָנגעטראָפן אויף צוויי ערנסטע מניעות: ערשטנס האָט קיין יידישע אַרבעטערין אין יענער צייט נישט געוואָלט אַרבעטן שבת און ווען זי וואָלט עס יאָ געוואָלט — וואָלטן פרומע יידן אונדז פאַרשטיינערט. האָב איך דעריבער יעדן פרייטיק נאָכמיטאָג געמוזט שיקן רופן קריסט־לעכע טרייבערינס און שפּולערינס, וואָס זענען אין דעם מאָמענט גע־ווען אַרבעטלאָז, און זיי אוועקגעשטעלט ביי די מאַשינען, צוצוגרייטן שפּולן צו שערן פאַר די יידישע שערערס, וואָס האָבן געאַרבעט זונטיק. די צווייטע מניעה איז געווען די מורא פאַר דער קלאַסן־באַוווסטזיניקייט פון די יידישע אַרבעטער, פון די „אחדותניקעס", „בונטאָוושטשיקעס", אַז זיי וועלן אַרויסרופן שטרייקן. די דאָזיקע מורא מצד די יידישע פאַ־בריקאַנטן איז שוין דווקא געווען אַ באַגרינדעטע. אין 1913 און שפּע־טער זענען אין בעלכאַטאָוו געגרינדעט געוואָרן נאָך יידישע קראָפט־וועבערייען, ווי: דזשאַלאָווסקי, ברידער עפּשטיין, שפּעטער פּערשטער און וואַרשאַווסקי.

ביז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען אין די דערמאָנטע יידי־שע מעכאַנישע וועבערייען קיין יידישע טרייבערינס און שפּולערינס ביי די מעכאַנישע מאַשינען נישט באַשעפטיקט געוואָרן, אַ חוץ אפשר אין איינצל־נע פאַלן, וועגן וועלכע איך האָב נישט געוווסט.

אין יאָר 1910 האָט מען אין בעלכאַטאָוו אויפגעבויט די ערשטע מעכאַנישע קאָנוס שער־מאַשין, אויף וועלכער איך האָב אויסגעלערנט אַרבעטן מיין שוואָגער שמואל גאָלדבערג און אים שפּעטער געלאָזט ביי דער מאַשין.

אין 1912 האָב איך געבראַכט פון דייטשלאַנד מיינע צען אייגענע מעכאַנישע קאַרט־שטולן.

אין יענער צייט איז שוין אין לאָדזש אָנגעגאַנגען די אַקציע פון יידישע כלל־טוער אויף אַריינצוברענגען יידישע אַרבעטער אין די מעכאַ־נישע וועבערייען. די יידישע פאַבריקאַנטן — די פרומע ווי די נאַציאָנאַל־געשטימטע — האָבן זיך מיט אַלע כוחות קעגנגעשטעלט דער דערמאָנ־טער אַקציע. עס זענען אויך געווען אין דעם פּרט מניעות מצד די קריסט־

לעבע אַרבעטער, וואָס זענען נישט איינמאָל אַרוים אין שטרייק. ווען די יידישע פאַבריקאַנטן האָבן געוואָלט אַרייננעמען יידישע אַרבעטער אין זייערע מעכאַנישע וועבערייען.

ווען איך בין שוין אַליין געוואָרן באַלעבאָס איבער מיינע צען מאַשינען, האָב איך באַשלאָסן צו באַשעפטיקן ביי זיי יידישע אַרבעטער. דער ערשטער פּרווו איז געווען אַ נישט געראָטענער, הגם דער פאַרדינסט אויף מיינע קאַרט־מאַשינען איז געווען אַ פּיל העכערער ווי אויף צוויי ענגלישע שטולן. אַנשטאָט פינף רובל אַ וואָך אויף צוויי ענגלישע מאַשינען, האָט אַן אַרבעטער אויף מיינער אַ קאַרט־מאַשין פאַרדינט פון אַכט ביז 10 רובל אַ וואָך, — זייער אַ שיינער פאַרדינסט צו יענער צייט.

דעם ערשטן פּרווו האָב איך געמאַכט מיט מיינעם אַ קרוב — אַ יונגערמאַן, וואָס איז געווען אַן אָנגעשטעלטער אין אַ לאָדזשער געשעפט. ער איז געווען אַן אידעאַליסט, געהערט צו דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און כסדר געשטרעבט צו פּראָדוקטיווער אַרבעט. האָב איך אים אַריבערגענומען צו מיר און אַוועקגעשטעלט נעבן אַ פּוילישן וועבער. דעם פּאָליאַק האָב איך געזאָגט, אַז מיין קרוב וויל אַוועקפאָרן קיין אויסלאַנד אין אַ וועבער־שול און וויל זיך דאָ אויסלערנען די פּראַקטישע אַרבעט (אַנדערש וואָלט דער פּוילישער אַרבעטער נישט מסכים געווען אים צו לערנען). דעם פּאָליאַק האָב איך באַצאָלט פאַרן לערנען און דעם קרוב מיינעם, דאַנסקי האָט ער געהייסן, האָב איך אויסגעהאַלטן ביי מיר ביז ער האָט זיך אויסגעלערנט די מלאכה. שפּעטער האָב איך אים געגעבן אַ שטול צו דער אַרבעט. עטלעכע וואָכן האָט ער געאַרבעט נישט שלעכט, אָבער שפּעטער איז ער — אַ נישט געוווינטער צו פיזישער אַרבעט — שנעל מיד געוואָרן. די פאַבריק פלעגט אָנהויבן די אַרבעט זעקס אַזייגער אינדערפרי און דאַנסקי איז געקומען אַכט אַזייגער. שבת האָב איך אים אין בעלכאַטאָוו נישט געקאָנט לאָזן אַרבעטן, הגם ער האָט עס דווקא יאָ געוואָלט. האָבן שוין די פּוילישע אַרבעטער געהאַט די געלעגנהייט צו לאַכן פון דעם יידישן „אַרבעטער־פּריץ”, ווי זיי האָבן אים גערופן. אויך די יידישע פאַבריקאַנטן האָבן מיך אויסגעלאַכט: אַט האָסטו אַ ביישפּיל מיט אַ יידישן פאַבריק־אַרבעטער.

האָב איך גענומען איינטענהן מיט דאַנסקין: דו ווייסט דאָך וואָס איך האָב געוואָלט דערגרייכן מיטן אָראָפּברענגען דיך. און דו זעסט דאָך, אַז מיט דיין אַרבעט ברענגסטו דערצו, אַז די יידישע פאַבריקאַנטן האָבן

א פּאַרטיקן תירוץ נישט צולאָזן יידישע אַרבעטער. זאָלסטו אַלזאָ אַרבעטן נאָרמאַל פינף טעג אין דער וואָך, אָדער פאַרלאָז די פאַבריק.

האָט ער אויסגעקליבן דאָס צווייטע און איז אַוועק קיין דייטשלאַנד. ווען איך האָב אים שפּעטער געטראָפן אין בערלין, איז ער געווען א מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אין 1933, ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט, איז ער אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד און מער האָב איך פון אים נישט געהערט.

דעם צווייטן פּרווו האָב איך געמאַכט מיט א חסידישן יונגנמאַן פון לאָדזש, וואָס האָט שוין געהאַט געאַרבעט אויף א קאַרט־מאַשין. נאָך צוויי וואָכן נאָרמאַלער אַרבעט האָט ער אָנגעהויבן, ווי ראַנסקי, צו קומען אַכט אַזייגער צו דער אַרבעט. האָב איך אויך אים דערקלערט, אַז ער גיט א שלעכטן ביישפּיל און שרעקט אָפּ אַנדערע פאַבריקאַנטן. איך האָב אים געגעבן די ברירה: אָדער ער אַרבעט נאָרמאַל, אָדער ער לערנט אויס די מלאכה א צווייטן ייד, וואָס זאָל אים קאָנען פאַרטרעטן ביי דער מאַשין.

אויף זיין אָרט איז געקומען אַברהם נאַפּאַרסטעק. און דאָס איז געווען דער ערשטער געלונגענער פּרווו, מיט וועלכן איך האָב געקאָנט באַווייזן, אַז א יידישער אַרבעטער, און דערצו נאָך אויף קאַרט־שטולן, שטייט גאָרנישט אָפּ פון א פּוילישן. נאַפּאַרסטעק האָט זיך צו דער אַרבעט באַצויגן מיט גרויס אחריות. אַרבעטנדיק בלויז פינף טעג אין דער וואָך (חוץ די פּריוואַטיק־פּאַרנאַכטן, וועלכע ער האָט געאַרבעט „בגנבה") האָט ער דאָך פּראָדוצירט נישט מיט 16—17 פּראָצענט ווייניקער פון פּוילישן אַרבעטער, נאָר בלויז מיט 5—6 פּראָצענט ווייניקער. דאָס איז געווען א גרויסע דערגרייכונג, מיט וועלכע איך האָב געקאָנט אָפּפערירן ביים אָפּוואַרפן די טענות פון די יידישע פאַבריקאַנטן. אמת איז, אַז די דאָזיקע אַרגומענטן האָבן ווייניק וואָס געווירקט, ווייל די מורא פון די יידישע פאַבריקאַנטן האָט געשטאַמט פון גאָר אַנדערע סיבות: יידישע אַרבעטער זענען פאַררעכנט געוואָרן ווי אַגיטאַטאָרן, שטרייקערס, „בונטאָווש־טשיקעס". דאָס איז, אגב, געווען א גאָר נאַטירלעכע דערשיינונג, ווייל דער יידישער אַרבעטער איז געווען מער באַוווּסטזיניק און — אַלס שטאָטישער איינוווינער — האָט ער געהאַט גרעסערע באַדערפעניש ווי דער פּוילישער אַרבעטער, וואָס איז ס'רוב געקומען פון דאָרף.

אַז מיט די יידישע אַרבעטער איז אין דעם פּרט געווען „נישט אַזוי

גוט״, האָט מיר בולט באַוויזן טאַקע נאָפּאַרסטעקס אַ חבר, זלמן פּודלאָווסקי: אין אַ געוויסן טאָג האָט מיר נאָפּאַרסטעק געזאָגט, אַז ער וויל אויסלערנען די מלאכה זיין חבר זלמן פּודלאָווסקי. פּודלאָווסקי איז דעמאָלט געווען דער פירער פון „בונד״ אין בעלכאַטאָוו.

איך האָב מסכים געווען. אדרבא, זאָל זיין נאָך אַ יידישער אַרבעטער אויף קאַרט־מאַשינען. חבר פּודלאָווסקי האָט זיך אָבער באַלד גענומען צו דער „אַרבעט״. ער האָט אָנגעהויבן צורעדן די אַרבעטער צו אַ שטרייק. און נישט נאָר מיינע אַרבעטער... די דאָזיקע אַגיטאַציע איז נישט לאַנג געבליבן בסוד: פּוילישע אַרבעטער האָבן מיט סאַרקאַזם מיר געזאָגט: אָט האָסטו דיינע יידישע וועבערס. נאָך אַ ערגערן אָפּשניט האָב איך באַקומען פון די יידישע פאַבריקאַנטן.

האָב איך זיך געווענדט צום חבר פּודלאָווסקי מיט „שווערוואָגיקע״ אַרגומענטן: „סטייטש? ערשטנס — פאַרדינען ביי מיר די אַרבעטער טאָפּלט ווי אויף די ענגלישע שטולן. צווייטנס — פאַרוואָס האָסטו מיט דער אַגיטאַציע נישט אַרויסגעשטעלט אַ פּוילישן אַרבעטער? דו מאַכסט דאָך מיר אַ תל פון מיין גאַנצער מי אויף אַריינצוברענגען יידישע אַרבעטער אין די מעכאַנישע וועבערייען״.

אָבער גיי רעד מיט אַן „אחדותניק״. ער האָט זיך געהאַט זיינע אַרגומענטן, אַז מיטן אַריינפירן יידישע אַרבעטער אין דער פאַבריק מיין איך נישט זייער טובה... עס האָט אויך נישט געהאָלפן מיין אויפווייזן, אַז איידער עקספּלאָאַטירן אַ יידישן אַרבעטער 5 טעג אין דער וואָך לוינט זיך מיר בעסער צו האָבן צו טאָן מיט אַ פּוילישן אַרבעטער, וואָס אַרבעט זעקס טעג. דער אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג האָט געמאַכט אַ סוף צו אונדזער דיסקוסיע...

איך וויל נאָך צוגעבן, אַז פריער האָב איך געהאַט געברענגט פון לאָדזש קיין בעלכאַטאָוו מיינע אַ מעכאַנישע צווערן־מאַשין אויף 240 שפּינדלעך, ביי וועלכע כ׳האָב אָוועקגעשטעלט צוויי יידישע מיידלעך: רחל עקשטיין און מרים באָרזשיקאָווסקי.ביידע זענען זיי געווען גלענצנדיקע אַרבעטערינס.

סך־הכל האָב איך ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה אַריינגעפירט אין די מעכאַנישע וועבערייען אַ דרייסיק יידישע טרייבערינס, שפּולערינס און צווערנערינס, איין יידישן שערער און איין וועבער. דערמיט האָבן זיך מיינע באַמיאונגען אויף דעם געביט פאַרענדיקט ביזן יאָר 1932,

ווען כ'האָב ווידער געמאַכט אַן ענלעכן פּרווו מיט אַ גרעסערער צאָל יידישע וועבערס.

נאָך אַן איבעררייס פון איבער זיבעצן יאָר, בעת וועלכע איך האָב געוווינט אין לאָדזש, האָט זיך צו מיר, אין יאָר 1931, געווענדט מיין שוואָגער, פּרץ פּרייטאָג, מיט אַ פאָרשלאָג ווידער איבערצונעמען די אָנפירונג פון זיין פאַבריק. ביז דעמאָלט איז די פאַבריק געווען געפּאַכטעט פון זשוכאָווסקי און אַדלער. מיינע צוויי שוועסטער־קינדער, שימעק און נחום (ביידע זענען זיי אומגעקומען ביי די נאַציס) זענען נאָך געווען צו יונג כדי צו קאָנען אָנפירן מיט דער פאַבריק. זייער פאָטער, פּרץ פּרייטאָג, איז שוין געווען קראַנק (ער איז טאַקע אינגיכן געשטאָרבן). אויף זיין פאָרשלאָג האָב איך אָנגעהויבן צו קומען 3 מאָל אַ וואָך פון לאָדזש קיין בעלכאַטאָוו וועגן די פאַבריק־ענינים. מיט צופרידנקייט האָב איך פעסטגעשטעלט, אַז אַ געוויסע צאָל יידישע אַרבעטער זענען באַשעפטיקט ביי קראַפט־שטולן. עס האָבן שוין דעמאָלט אין דער פאַבריק געאַרבעט נישט נאָר „אחדותניקעס" און בונדאָווצעס, נאָר אויך באַלעבאַטישע קינדער. די עקאָנאָמישע לאַגע פון יידישן מיטלקלאַס אין פּוילן איז דעמאָלט שוין געווען אַ שרעקלעכע. די פּוילישע רעגירונג האָט אַלץ געטון כדי אַרויסצושטויסן די יידישע קרעמער פון זייערע פּאָזיציעס. די יוגנט האָט דערפילט, אַז מען דאַרף זוכן נייע וועגן און האָט אָנגעהויבן שטראָמען אין די פאַבריקן, אויף וויפל עס האָט זיך נאָר געלאָזט ביי די געגעבענע באַדינגונגען. די באַציאונג פון דער יידישער באַפעלקערונג צו פאַבריק־אַרבעט האָט זיך ראַדיקאַל געענדערט. צו זיין אַן אַרבעטער איז שוין מער נישט געווען קיין חרפּה. עס האָבן געאַרבעט אין פאַבריק פוקאַטש, שטשעקאַצקי, דאַווידאָוויטש, לעווקאָוויטש א"א.



פּרץ פּרייטאָג

ווען איך בין, אין 1932, געקומען קיין בעלכאַטאָוו און געבּרענגט אין אָרדענונג די פאַבריק, האָבּן מיר — שימעק, נחום און איך — אריינגענומען אַ צאָל יידישע אַרבּעטער, וואָס האָבּן שוין פריער געהאַט געאַרבּעט אויף מעכאַנישע וועבּ־מאַשינען. אויך עטלעכע לערניינגלעך, וואָס האָבּן שפּעטער געאַרבּעט אויף די מאַשינען, זענען דעמאָלט צוגע־נומען געוואָרן. אַ חוץ דעם זענען אַלס טרייבּערינס און שפּולערינס גע־ווען באַשעפטיקט בלויז יידישע מיידלעך און פרויען. אויך אויף קראַפט־שטראָמס האָבּן געאַרבּעט פינף יידישע שערערס.

מיר איז אָבּער באַשערט געווען דער ביטערער גורל צוצוזען ווי מען וואַרפט אַרויס פון דער פאַבּריק — אַלע ביז איינעם — די יידן, וואָס איך האָבּ זיך אַזוי געהאַט באַמיט אַריינצוברענגען. דאָס איז שוין געווען אין אָנהייבּ פון דער צוויי־טער וועלט־מלחמה.



די פאַבּריק פון מאיר זשוכאָווסקי

פון יאָר 1936 האָבּן מיט דער פאַבּריק שוין אָנגעפירט די קינדער פון מיין שוועסטער, די זין און איי־דעמס פון פרץ פרייטאָג. 3 וואָכן נאָכן אָנהייבּ פון דער 2טער וועלט מלחמה, דעם 21סטן סעפּטעמבּער 1939, זענען צו מיר אין לאָדזש געקומען פרץ און הערצקע, די זין פון דוד פרייטאָג. זיי האָבּן מיר דערציילט, אַז אין בעלכאַטאָוו האָט דער המון צערויבּט די רוישטאָפן פון אַלע פאַבּריקן און אַז בלויז אין איין פאַבּריק — אין אונדזערער — האָבּן די דייטשן נישט דערלויבּט קיינעם אַרויסצונעמען סחורה אָדער רוישטאָף. האָבּן זיי מיך געבּעטן איך זאָל אַריבּערפאָרן קיין בעלכאַטאָוו און פרוון ברענגען אין אָרדענונג דיווירט־שאַפט אין דער פאַבּריק.

עס איז שוין געווען געפערלעך צו פאָרן איבּער די וועגן, אָבּער איך האָבּ דעם פרוּוו געמאַכט און דעם 22סטן סעפּטעמבּער בין איך אָנגע־קומען קיין בעלכאַטאָוו. עטלעכע צענדליק אַרבּעטער האָבּן מיך אָפּגע־וואַרט און מיך אויפגענומען מיט פרייד. די עטלעכע אָרטיקע דייטשן, וואָס האָבּן שוין געהאַט די שליסלען פון דער פאַבּריק און פון די מאַגאַ־

זינען, האָבן מיר איבערגעגעבן די שליסלען און אפילו אויך עטלעכע טויזנט זלאָטעס, וואָס זיי האָבן געהאַט געלייזט פאַר סחורה. איך האָב אויסגעצאָלט — אין מזומן און אין סחורות — די ארבעטער און די פורמאַנעס און זיך גענומען לאָזן די פאַבריק אין גאַנג. דאָס איז געווען די איינציקע פאַבריק, ווו ארבעטער האָבן נאָך געקאָנט פאַרדינען זייער ברויט און ווו יידישע פאַבריקאַנטן האָבן נאָך אין אָנהייב געקאָנט געבן זייערע סחורות צום אויסארבעטן. די דייטשן האָבן נאָך דעמאָלט אין בעלכאַטאָוו נישט געהאַט איינגעשטעלט קיין ציוויל־פאַרוואַלטונג און אין פאַרגלייך מיט דער שפּעטערדיקער ציוויל־פאַרוואַלטונג איז די מיליטעי־רישע אין אָנהייב געווען אַ סך אַ לייכטערע.

יום־כפור 1939, באַלד אינדערפרי, האָט מען מיך גערופן אין מאַ־גיסטראַט. דער בירגערמייסטער פּריי, אַן אָרטיקער דייטש, האָט מיר דערקלערט, אַז איך מוז באַלד לאָזן די פאַבריק אין גאַנג, ווייל מען מוז באַווייזן דער אָקופּאַציע־מאַכט, אַז די פאַבריקן ארבעטן נאָרמאַל. ער האָט מיך אויך געוואָרנט, אַז מיטן נישט לאָזן אין גאַנג די פאַבריק וועל איך אויף זיך נעמען אַ שווערע אחריות, ווייל דאָס איז די איינציקע פאַבריק, וואָס קאָן — צוליב איר גוטן צושטאַנד און אירע רוישטאָף־רעזערוון — געלאָזט ווערן אין גאַנג.

און שוין דעמאָלט, אין לאָקאַל פון מאַגיסטראַט, האָב איך איבער־געלעבט אַ מאָמענט פון שרעקלעכסטן גרויל: עס האָט לאַנג געדויערט ביז מען האָט מיט מיר דערליידיקט פאַרשידענע פאָרמאַליטעטן. אַרום 10 אַזייגער האָב איך באַמערקט, אַז די דייטשן שטופּן זיך צו די פענצטער און אַז די ייִנגערע פון זיי שטיקן זיך פון געלעכטער. בין איך אויך צוגע־גאַנגען צום פענצטער און עס איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן. פון אַלע זייטן האָט מען געיאָגט יידן. אייניקע זענען געלאָפן מיט ספרי־תורה און ספרים אין די הענט. מען האָט זיי געיאָגט, געשלאָגן און גע־קאָפּעט מיט די פיס. קעגנאיבער די פענצטער פון מאַגיסטראַט האָבן די דייטשן אָנגעצונדן אַ גרויסן שייטער־הויפן און די יידן האָבן אליין גע־מוזט וואַרפן אין פייער אַריין די ספרים און די ספרי־תורה. דערביי האָט מען זיי געקאָפּעט מיט די פיס און אַזוי־אַרום אַרייַנגעשטויסן עט־לעכע יידן אין פייער, וועלכע האָבן זיך שטאַרק אָפּגעבריט. דער בעלכאַ־טאָווער רב, ר׳ שמואל יהושע ז״ל, האָט פון פענצטער פון זיין וווינונג, וואָס האָט זיך געפונען קעגנאיבער דעם מאַגיסטראַט געמוזט אַרויסוואַרפן

זיינע ספרים און שפּעטער האָבן אים די דייטשן אַראָפּגעשלעפּט אונטן און אים געצוווּנגען צו טראָגן די ספרים צום פייער.

בעת איך בין אַרויס פון מאַגיסטראַט, האָבן אויף מיר געוואַרט צוויי אָרטיקע דייטשן, וואָס האָבן מיך געהאַט באַגלייט אויפן וועג צום מאַגיסטראַט. מיר האָבן נאָך געמוזט וואַרטן אויף אַ דריטן דייטש, וואָס איז געהאַט געגאַנגען ברענגען אַ סומע געלט פאַר מיר. די צוויי דייטשן, וואָס זענען געשטאַנען מיט מיר און זיך צוגעקוקט צו די גיהנום־סצענעס, האָבן, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, מיך געטרייסט: „דאָס איסט ווירקליך שרעקליך, דאָס זאָלטע ווירקליך ניכט פאָרקאָמען", האָבן זיי איבערגע־חזרט. זיי האָבן צוגעזאָגט אַלץ צו טאָן כדי אַזעלכע סצענעס זאָלן מער נישט פאָרקומען. איך האָב אָבער פאַר זיך געטראַכט, אפילו אויב זיי מיינען דאָס ערנסט, וועלן זיי אויך מיט דעם פינצטערן כוח זיך נישט קאָנען אַן עצה געבן.

צוריקצוועגס זענען מיר פאַרבייגעגאַנגען דאָס געוועלב פון אונ־דזער בעקער, אַ דייטש. זיין פרוי האָט מיך צוגערופן און געזאָגט: „איך זאָגע אינען, הער פּיטאָווסקי, איבער דיזע מערדערייען ווערדן די דויטשן דען קריג פערלירן... אָבער וויר, די אָרטיקע דויטשן, קאָנען ניכט דאַ־קעגנווירקן". מיינע דריי דייטשע באַגלייטער האָבן צוגעשטימט. איר נבואה איז טאַקע מקוים געוואָרן, אָבער מיט וואָס פאַראַ פאַרשפּעטי־קונג!

איך האָב די פאַבריק געלאָזט אין גאַנג און עטלעכע וואָכן מיט איר אָנגעפירט. די דייטשן האָבן זיך נישט געמישט. האָב איך צוגענומען צו דער אַרבעט אַלע יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן זיך געמאָלדן. און גע־מאָלדן האָבן זיך דווקא אַ סך, ווייל אַ חוץ דעם אַרבעט־לוין האָט די פאַבריק געהאַט די מעלה, וואָס זי האָט באַפרייט די אַרבעטער פון צוואַנג־אַרבעט, ביי וועלכער מען איז מערדערלעך געשלאָגן געוואָרן.

אין נאָוועמבער 1939 האָט מיך באַזוכט אַ גאַנצע גרופּע העכערע שטאַב־־באַאַמטע פון פּיעטריקאָוו, מיט דעם קרייז־הויפּטמאַן בראש. עס איז געווען אויך אַ ציווילער, וועמען דער הויפּטמאַן האָט באַשטימט פאַרן א. ג. „טרויהענדער", ד"ה פאַרוואַלטער פון דער פאַבריק. אויף צומאָרגנס האָב איך דעם דייטש איבערגעגעבן די קאַסע, זיך מיט אים צערעכנט און געוואָלט צוריקפאָרן קיין לאָדזש. האָט מיך אָבער דער נייער פאַר־

וואָלטער נישט אָפּגעלאָזט — ער האָט נישט געהאַט די מינדעסטע אַנונג וועגן וועבעריי.

איך בין דווקא געווען זייער צופרידן פון דער מעגלעכקייט צו בלייבן, ווייל איך האָב געקאָנט אַרויסגעבן די יידן די סחורות, וואָס זיי האָבן אַריינגעגעבן אין דער פאַבריק צום אויסאַרבעטן. מיר האָבן אויך געהאַט די מעגלעכקייט צו העלפן אַ סך יידן, וואָס האָבן געהאַט זייערע רוי־שטאָפן אין לאָדזש, אַז זיי זאָלן קאָנען אַריבערברענגען די סחורה קיין בעלכאַטאָוו, צוזאַמען מיט דעם רוישטאָף, וואָס מיר האָבן געבראַכט פאַר דער פאַבריק. דאָס האָט אַ סך יידישע משפחות צו יענער צייט פשוט גע־ראַטעוועט פון הונגער, ווייל די געבראַכטע סחורה האָבן זיי געקאָנט פאַרקויפן אויף אַ נישט אָפיציעלן אופן.

צוזאַמען מיט דעם „טרויהענדער" איז אין פאַבריק אָנגעקומען אויך אַ בעלכאַטאָווער דייטשער שטול־מייסטער, וואָס איז אין 1937 געהאַט אַפּגעזאָגט געוואָרן פון אונדזער פאַבריק, ווייל ער האָט נישט געקאָנט אַר־בעטן. נו — האָט ער איצט געהאַט די מעגלעכקייט זיך אָפּצורעכענען מיט זיינע געוועזענע באַלעבאַטים.

ווי נאָר ער איז אָנגעקומען אין דער פאַבריק, האָט ער אָנגעהויבן אַרויסצוואַרפן די יידישע אַרבעטער און אַריינצונעמען אויף זייער אָרט דייטשן. מיר האָבן געפּרוווט ווירקן אויפן „טרויהענדער", אים איבער־צייגן, אַז דער נייער מייסטער, דער דייטש, פאַרשטייט לחלוטין גאָרנישט אין דער אַרבעט. עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. פאַליאַטשעק, דער מייסטער,האָט זיך געקלאָגט פאַר דער פאַרטיי, וועלכע האָט געהייסן טון אַלץ וואָס דער מייסטער באַפעלט.

ביז מאַי 1940 בין איך נאָך געבליבן אין פאַבריק. אין משך פון דער צייט האָב איך נאָך געמוזט זיין אַן עדות פון פיל שרעקלעכע פּייני־קונגען, וואָס יידן האָבן געהאַט אויסצושטיין. אָבער וועגן דעם וועלן שוין שרייבן אַנדערע חברים, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון די רוצחישע היטלער־גזלנים.

אין 1946 בין איך ווידער געווען אין בעלכאַטאָוו. קיין איין איינ־ציקן לעבעדיקן ייד האָב איך דאָרט נישט געטראָפן.

בין איך געגאַנגען זוכן דעם בית־עולם. כ'האָב געוואָלט זען דאָס אָרט, ווו עס האָבן גערוט אונדזערע נאָענטסטע. עטלעכע מאָל האָב איך אַרומגעשפּאַנט איבערן אָרט, ווו כ'האָב דאָך געוווּסט, אַז אַמאָל, אַמאָל,

האָט דאָרט געדאַרפט זיין דער בית־עום. עס איז גאָרנישט געווען צו דער־קענען. ביז אַ באַקאַנטער קריסט האָט מיר באַשטעטיקט, אַז דאָ טאַקע איז געווען דער בית־עולם...

לאַנג, לאַנג, בין איך דאָרט געשטאַנען און מיט אַ שווער געמיט האָב איך פאַרלאָזט דאָס הייליקע אָרט.

דאָס איז געווען דער אָנהויב און דאָס איז דער טרויעריקער סוף פון יידישן לעבן אין בעלכאַטאָוו.



אַ גרופּע יידישע אַרבעטערינס אין פרייטאַגס פאַבריק אין יאָר 1913:
מינדל בענטשקאָווסקי, פריידל נ. באזשיקאָווסקי, מאַכאַבאַנסקי, געלע בענטשקאָווסקי, צפורה גאָלדבלום, מרים עקשטיין, בלימע שערמאַן, חיה בלימע יאַקובאָוויטש, איטקע שפּיגל, שרה איטע שטאַטלענדער, מרים באָזשיקאָווסקי און גיטל עקשטיין

לוציאַן רודניצקי

# דער בעלכאַטאָווער רעוואָלוציאָנער

**פריינד מ. קלענאָווסקי האָט אונדז צוגעשיקט פון לאָדזש אַן אינטערעסאַנטן פראַגמענט וואָס איז גענומען פון דעם באַנד זכרונות פון באַקאַנטן פוילישן רעוואָלוציאָנערן קעמפער און שרייבער לוציאַן רודניצקי, געווידמעט דעם בעלכאַטאָווער יידישן רעוואָלוציאָנער משה גאָלדפיש.**

סוף אָקטאָבער*) איז אָנגעקומען אַ נייע כוואַליע אַרעסטירטע פון אַלע ווינקלען פון פּיעטריקאָווער אינדוסטרי־ראַיאָן. אויך פון בעלכאַטאָוו האָט זיך געפונען אַ רעוואָלוציאָנער אין דער פּערזאָן פון דעם שוסטער־לערניונג משה גאָלדפיש. מען האָט אים איינגעזעצט אין אַ קאַמער אין שכנות מיט מיר און מיט אַלע געהעריקע „כיבודים", וואָס מען האָט צו יענער צייט צוגעטיילט אַ פּאָליטישן אַרעסטאַנט. אָבער די וועכטער פון דער תפיסה האָבן נישט מסכים געווען מיט דער מיינונג פון דעם תפיסה־פּאַרוואַלטער און זענען גרייט געווען אויף דיסציפּלין־ברוך איידער אָנערקענען משה איציקס אַלס פּאָליטישן אַרעסטאַנט. דער תפיסה־נאַטשאַלניק און זיינע געהילפן האָבן אויסגעמיטן זיך מיט אים צו טרעפן און ווען זיי האָבן זיך געמוזט מיט אים באַגעגענען, האָבן זיי צוגעמאַכט די אויגן אָדער זיך אויסגעדרייט. די קלענערע תפיסה־באַאַמטע האָבן זיך אָפּטמאָל נישט געקאָנט באַהערשן און צוליב דעם איז שטענדיק געקומען צו רייבונגען.

גאָלדפישס שטאָלץ איז אַמבולטסטן געקומען צום אויסדרוק, ווען ער פלעגט דורכגיין דעם לאַנגן קאָרידאָר אויף אַ שפּאַציר אָדער צו דער אויספאָרשונג. די היטער האָבן נישט פאַרטראָגן זיין ערנסטן גאַנג מיט

---

*) אין יאָר 1903.

פּאַמעלעכע טריט און האָבן אים שטענדיק אונטערגעשטופּט זיך צו באַוועגן שנעלער. אויף נישט גערעכטע באַמערקונגען האָט משה געענטפערט מיט גרויס־פּריצישער גלייכגילטיקייט.

איינער פון די וועכטער, וועלנדיק מיט כוח צווינגען גאָלדפּישן אויסצופירן זיין ווילן, האָט באַקומען אַ פּאַטש. מען האָט געהערט דעם געראַנגל און דאָס געשריי פון משהן: „קנעכט! „ווי וואַגסטו? איך בין אַ פּאָליטישער!" הערנדיק און טיילווייז זעענדיק דעם צוזאַמענשטויס, האָב איך אָנגעהויבן קלאַפּן מיט אַ באַנק אין דער טיר פון מיין קאַמער. אויפן אָפּקלאַנג פון דעם קלאַפּן זענען אָנגעלאָפן אַנדערע וועכטער. דעם ווידערשטענדלער משה האָבן זיי אַריינגעשטופּט מיט כוח אין קאַמער, אָבער דאָן האָט אויך זיין טיר אָנגעהויבן דונערן. עס איז גערופן געוואָרן דער נאַטשאַלניק און איינער פון זיינע געהילפן, דער אַזוי־גערופענער דורך אונדז „פערד־קאָפּ", האָט אַרויסגערופן מיליטער. עטלעכע מינוט שפּעטער זענען די וועכטער אַריין אין קאַמער און האָבן אַרויסגענומען אַלע באַוועגלעכע זאַכן. אין דער זעלביקער מינוט האָט אַ הילך־געטון אין דער גאַנצער תּפיסה. דאָס זענען די איבעריקע חברים, אין אַ צאָל פון 30 מאַן, צוגעטראָטן צום אָנגריף.

ווען מען האָט משהן געשלעפּט אין דער פינצטערער שטראָף־קאַמער, האָט ער זיי געשריגן:

— חברים! זיי שלאָגן פּאָליטישע!

די אַטמאָספער איז געוואָרן אַן אָנגעשטרענגטע, ווייל אויפן רוף פון משהן האָבן אַלע אַרעסטאַנטן גלייכצייטיק אָנגעהויבן דעמאָנסטרירן. צומאָרגנס פרי האָבן די אַרעסטירטע אָנגעהויבן אַ הונגער־שטרייק.

אין פאַרשטענדיקונג מיט די איבעריקע חברים האָב איך פאַרלאַנגט די באַלדיקע באַפרייאונג פון דעם חבר גאָלדפּיש פון קאַרצער, ווי אויך די דעמיסיע פון דעם נאַטשאַלניק און פון אָפּטיילונגס־וועכטער. איך שילדער דאָ דאָס שטאָלצע האַלטן זיך פון גאָלדפּישן אַלס ייד און רעוואָלוציאָנער. קעמפנדיק קעגן פּאָלקס און סאָציאַלע אונטערדריקונג, האָט משה גאָלדפּיש גלייכצייטיק געקעמפּט קעגן ראַסן־דיסקרימינאַציע.

גאָלדפּיש האָט געטראָגן אַ כאַלאַט, פון זיין פּנים האָט אַראָפּגעשיינט אַ שטאָלץ. אַזוי פיל אַכטונג און זעלבסטווירדע האָט ער געהאַט, אַז די נעבעכדיקע, צייגענע קאַפּאָטע האָט אויף אים אויסגעזען ווי אַ מאַנטל פון אַ רוימישן פּאַטריציער...

פּ. וואַלד

# בעלכאַטאָוו אין 1898

פון פּיעטריקאָוו איז אַרוים אַ וועג. ער איז געגאַנגען איבער פעלדער, וועלדער און דערפער, וואָס האָבן זיך אויסגעשפּרייט צווישן די טייכן פון דער ווייסל און ווארטאַ, ביז פּרייסן. דער וועג האָט געפירט קיין בעלכאַטאָוו.

עס איז געווען פרילינג. די קליינע פעלדער אַרום דעם שטעטל האָבן געבליט. עס זענען געוואַקסן קאַרטאָפל און עס איז געוואַקסן קאָרן; עס איז געוואַקסן גערשטן און עס איז געוואַקסן האָבער. גערטענער און סעדער האָבן זיך אַזוי ווי אין שטעטל אַריינגעשפּאַרט; קי, קעלבלעך, ציגן און עופות האָבן זיך געלאָזט הערן פון די אַרומיקע הייף.

די הייזער אויף דער הויפּטגאַס פון שטעטל, הילצערנע און גע־מויערטע, מיינסטנטייל קליינע, נידעריקע, מיט שפּיציקע דעכער, געדעקט מיט גרויע הילצערנע שינדלען, אויף וועלכע ס'איז געוואַקסן מאָך און אַנדערע, וואָס זענען שוין געווען געדעקט מיט פּאַפּע און באַשמירט מיט סמאָלע, זענען געווען באַהאַנגען מיט לאָדנס, אין וועלכע דער שמש פון דער שול האָט געקלאַפּט אין שול אַריין; זיי זענען געשטאַנען אין פראָנט פון גרויסע אָפענע הייף און די הייף זענען אַרוים אויף פעלדער.

די הויפּטגאַס איז נישט געווען די איינציקע, ווייל ס'איז געווען נאָך איינע. זי איז געגאַנגען אין דער קווער דאָרט, וווּ די הויפּטגאַס האָט זיך געענדיקט אויפן מארק־פּלאַץ. די אַנדערע גאַס, וואָס האָט אויך קיין נאָמען נישט געהאַט, ווי די ערשטע, איז מיט איין זייט געשטאַנען אין דעם יידישן שטעטל און מיט דער צווייטער זייט איז זי אַרוים אויפן שאָסיי.

ביי דער ביר־ברויעריי איז די אַנדערע גאַס פאַרביי, זיך אויפצולייזן אויפן שאָסיי, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן אויף דער אַנדערער זייט

שטעטל און איז אוועק איבער פּרעכטיקע פּוילישע, פּריצישע מאַיאָנטקעס און איבער גרינע לאָנקעס און וועלדער מיט נאָדל־ביימער, וואָס האָבן געהאַלטן דעם הימל אויף זייערע קעפּ.

***

דאָס שטעטל אין פּוילן, פון דעם פּוילן, וואָס איז צוגעטיילט געווען דער רוסישער אימפּעריע, איז געווען באַזעצט מיט ייִדן. די געציילטע פּוילישע גויים, וואָס זענען געווען, זענען געווען שבת־גויים. זיי האָבן זייער ליב געהאַט שבתדיקע פיש, וואָס די ייִדישע פרויען האָבן געקאָכט נאָר אויף שבת. פאַר אַ שבתדיק שטיקל געפילטע פיש האָט אַ שבת־גוי גערן אַראָפּגענומען די מעטאַלענע לייכטער פון טיש אַראָפּ און פייער געמאַכט.

***

ווי אַ שטעטל אין רוסיש־פּוילן, האָט עס נישט געהאַט קיין פרייהייט, קיין מענטשן־רעכט און עס איז געווען אינגאַנצן אונטערגעוואָרפן דער זעלבסטהערשאַפט פון רוסישן קייסער, דעם צאַר און דעספּאָט פון דער ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע.





בילדער פון אַלטן מאַרק

מען האָט נישט געוווּסט פון קיין בוך, פון קיין צייטונג, פון קיין צייטשריפט. אַלץ וואָס איז געווען געדרוקט מיט ייִדישע אותיות, זענען געווען די אַלטע רעליגיעזע תפילה־שריפטן און ספרים, וואָס האָבן געהאַלטן דעם ייִד אין דער מורא, אין דערשלאָגנקייט, אין אונטערטעניקייט. קיינער האָט נישט געטראַכט פון אַן ענדערונג; מען האָט זיך געהאַלטן

פאַר מינדערוועריטיק און מען האָט שוין נישט געפילט די דערנידערונג. אַזוי האָט מען געשלעפּט דעם יאָך, אבי איבערצוקומען די בידנע יאָרן, דאָ אויף דער וועלט.

אין שול האָבן יידן זיך געשושקעט... ערגעץ אין ווייטן רוסלאַנד האָבן פּריצים געמאַכט אַ יד־אחת ק ע ג ן קייסער... דאָס איז דער־גאַנגען ביז דעם סאַמעראָדנעם פּעטערבורג... מ׳האָט אפילו שוין געשאָסן אויף „אים״ אליין... דאָס זענען געווען ווייטע אָפּקלאַנגען פון דער רע־וואָלוציאָנערער באַוועגונג פון דער „נאַראָדנאַ וואָלא״, וואָס האָבן זיך מיסטעריעז דערטראָגן אין קלויז אריין פון יידישן שטעטל אין פּוילן, אָבער די שטעטלדיקע יידן האָבן פאַר דעם נישט געהאַט קיין געפיל און קיין געדאַנק. דעם רוסישן קייסער האָט מען געמאַכט אַ „מי־שברך״ שבת אין שול, פאַרן לייענען די תורה און — שוין.

***

פון דער געוואַלדיק גרויסער רוסישער אימפּעריע, צו וועלכער דאָס שטעטל האָט געהערט; איר פּאָליטישער רעזשים, איר רעגירונג, אירע „זאַקאָנעם״, אירע אינסטיטוציעס — ווער אין דעם יידישן שטעטל האָט עפּעס געוווּסט פון דעם? מ׳האָט דאָך אפילו נישט געוווּסט, אַז מען וווינט אין אַ געטאָ. אַ גרויסע געטאָ, אין וועלכער עס איז אריין גאַנץ רוסיש פּוילן, ווייס־רוסלאַנד, ליטע, בעסאַראַביע, צום טייל אוקראַינע, אָבער — אַ געטאָ ביי דער גרעסטער טייל פון לאַנד, וווּ יידן האָבן נישט געטאָרט וווינען, סיידן אַ סוחר ערשטער „גילדע״, וואָס בעלכאַטאָוו האָט אַזעלכע נישט געהאַט. ווער האָט גאָר געקלערט פון פּאָליטישע רעזשימען? פון דעמאָקראַטיע און פרייהייט, פון קולטור, פון בירגער־רעכט, פון מענטשן־רעכט, פון פּראָטעסט, פון אָפּאָזיציע, קאַמף, רעוואָלוציע? דאָס זענען געווען פאַרן יידישן שטעטל געוואַלדיק ווייט פרעמדע „אויסלענדי־שע״ ווערטער, וואָס זענען אינעם שטעטל נאָך נישט געהאַט אריינגעקומען און מ׳האָט נישט געוווּסט זייער באַדייט. אין דער אייגענער, איינציקער, נאַטירלעכער מוטער־שפּראַך יידיש, וואָס מ׳האָט גאָר נישט געלערנט, זע־נען די דאָזיקע ווערטער, וועלטלעכע און אויסדריקלעכע פון וועלט־זאַכן, אינגאַנצן נישט געווען.

דאָס שטעטל איז געווען אָפּן אָרום און אָרום, אָבער די וועלט איז נישט אַריין. און די יידן מיטן „באַוווּסטזיין״ פונעם גרויסן „מען טאָר

נישט" איבער אַלץ האָבן זיך מיט לייב און לעבן אַריינגעצויגן צו זיך, אין זיך און געזען מיט אַלע קרעפטן מ'זאָל נישט עובר־זיין אויף דעם „מען טאָר נישט"; מ'זאָל חלילה נישט מורד־זיין קעגן דער רעכטלאָזיקייט און מ'האָט אזוי געלעבט איינגעשלאָסן אין אַן אייגענער געטאָ.

***

מען איז אפילו אַרויסגעפאָרן. מ'האָט נישט געמאכט קיין יציאת, קיין עקזאָדוס, קיין אויסוואנדערונג — חלילה: מען איז געפאָרן אין מארק־טעג, אויף ירידן; מען איז געפאָרן קיין פּיעטריקאָוו און קיין לאָדזש, איינהאנדלען סחורות, אוועקפירן די סחורה און דערפאַר ברענגען נייעם פאָדים פאַר דער בעלכאַטאָווער טוך־וועבעריי; מען איז געפאָרן משדך זיין קינדער, מחמת שידוכים זענען אויך געטון געוואָרן מיט אנדערע מקומות; מען איז געפאָרן אויף חתונות מיט די חתנים, ווען די כלות, וואָס האָבן זייערע זיווגים נישט געקענט און נישט געזען ביז דער חופּה (אויב זיי האָבן זיך אונטער דער חופּה יאָ געזען) האָבן געוווינט אין די אַנדערע מקומות מיט טאַטע־מאַמע, וואָס האָבן חתונה געמאַכט זייערע טעכטער; און מען איז אויך געפאָרן זוכן לערן־יינגלעך, וועלכע מ'האָט צוגענומען אויף פיר יאָר; מען האָט אויך געזוכט יאָר־יינגלעך, דאָס זענען געווען די, וואָס האָבן ערשט געהאט געענדיקט די לער און זענען נאָך נישט אָנגענומען געווען פאַר א געזעלן אויפן זמן און מ'האָט אויך געזוכט געזעלן.

דאָס ווייבל פון הערשל בליאַכארזש, וואָס איז געווען די הויז־באַלעבאָסטע און די אַלץ־פארזאָרגערין, האָט אין יענעם יאָר געמאכט א רייזע אזש ביז טאָמאַשאָוו, צו ברענגען פאַר זיך א גאַנצע „טראַיקע". אין פּיעטריקאָוו האָט זי קוים געקריגן אַ יאָר־יינגל, פון טאָמאַשאָוו האָט זי זיך געברענגט א לערן־יינגל, אָבער קיין געזעלן האָט זי נישט געקריגן. עס איז געווען נאָך פּסח, פרילינג, ווען די זמן־מענטשן, וואָס ווערן גע־דונגען חול־המועד, זענען שוין געווען פאַרנומען און ווען די בליאַכאַרזשעס ווערן פאַרוואָרפן מיט אַרבעט.

***

דאָס שטעטל האָט געהאַט זעקס וואָכעדיקע טעג: פון שבת־צו־נאַכטס נאָך הבדלה ביז פרייטיק פאַרנאַכט פאַר ליכט־בענטשן, ווען דער שמש

איז געגאַנגען איבער די גאַסן און גערופן אויפן קול: „אין שול אריין, יידן!"

די וואָכעדיקע טעג זענען אויסגעפילט געוואָרן מיט אַרבעט. מען האָט אַזוי פיל געאַרבעט, פּונקט ווי דאָס לעבן אויף ד ע ר וועלט וואָלט גע־ווען פאַרמשפּט צו אַרבעטן, אָדער ווי אין דער אַרבעט וואָלט זיך געפונען דער גאַנצער אינטערעס און דער גאַנצער געניס פון לעבן. אויב עסן, שלאָפן, איז דאָס געווען כדי צו קאָנען אַרבעטן; אפילו אַן איידעם אויף קעסט האָט אויך געאַרבעט... יום־ולילה געזעסן איבער דער גמרא. מ'וואָלט אויך געאַרבעט שבת און יום־טוב, ווען דאָס וואָלט נישט געווען קיין עבירה, אָבער דער פאַרבאָט צו אַרבעטן שבת און יום־טוב איז דאָך אין תוך גענומען אויך נאָר געווען צוליב דער אַרבעט. צו זיין אַביסל אויס־גערוט פאַר איר.

**
*

די גרויסע ישיבה, וואָס איז געווען אין שטעטל, מיט אַ מאַסע ישיבה־בחורים, האָט זיך אויך געלאָזט באַטראַכטן ווי אַ פּראָפעסיע, וואָס באַ־שטייט אין לערנען תורה, אין טון עבודת־הקודש פאַרן שטעטל, הייליקע אַרבעט, פאַר וואָס מען איז באַלוינט געוואָרן מיט „עסן טעג" ביי די שטעטלדיקע באַלעבאַטים.

און מיטן אויסנאַם פון די טוך־מאַכער, האָבן אַלע פאַכן קודם־כל געאַרבעט פאַרן געברויך פונעם שטעטל אַליין; איינער האָט געאַרבעט פאַרן אַנדערן, אַלע האָבן געאַרבעט פאַר יעדן און יעדער האָט געאַרבעט פאַר אַלע.

אויב די טוך־מאַכער, די וועבער, האָבן געאַרבעט, דורך לאָדזש, פאַרן אינלענדישן מאַרק, אויף וועלכן דאָס שטעטל האָט אויך געדאַרפט קויפן שטאָף צו באַקליידן זיך, האָבן זיי דאָך, דורך דעם פאַרדינסט פון זייער אַרבעט, געהאַט צו באַצאָלן פאַר זייער געברויך פון שטעטלדיקער פּראָדוקציע און ביינגעטראָגן דורך דעם צו די מעגלעכקייטן פונעם שטעטל צו אימפּאָרטירן וואָס זי דאַרף.

אַלע פאַכן האָבן געהאַט גענוג וואָס צו טון פאַר די באַדערפעניישן פון שטעטל אַליין.

די באַפעלקערונג איז געוואַקסן. צו די פופצן יאָר איז מען געוואָרן אַ כלה־מיידל און צו די אַכצן — אַ חתן־בחור און אַזאַ פּאָרל האָט יעדן יאָר געגעבן דעם שטעטל אַ קינד. שטעטלדיקע גבירים, נגידים, האָבן אויך

געהאט קינדער, מיט א צאָל, אָבער געהאט. מ׳האָט נישט געטאָרט נישט האָבן. אַלע יידן אין שטעטל זענען פרום געווען, אפילו די נגידים זענען אויך פרום געווען. און יידן האָבן זיך געגט נאָך צען יאָר נישט האָבן קיין קינדער. ווער האָט דאָס געוווּסט פון מיטלען קעגן קינדער האָבן? דאָס לעבן האָט נישט געהאט אָנצוווייזן אויף קיין קינדער־מאָרד, נישט פאַרן האָבן און נישט נאָך דעם. אויב די רייכע, נאָכדעם ווי זיי זענען אויך מקיים געווען די מצוה פון קינדער־האָבן, האָבן געפירט א געוויסן קאָנ־טראָל איבער זייער ווייטערדיקער פרוכפּערונג און פארמערונג, איז דאָס נישט געווען דער פאַל פון די אָרעמע, וואָס אויף דעם געביט זענען זיי געווען רייך. און רייכע יידן זענען אין שטעטל געווען געציילטע, בעת אָרעמע זענען געווען א סך, כמעט אַלע.

האָט מען כסדר געדאַרפט בויען: קנעטן ליים און טראָגן ציגל; שטעלן ווענט און דעקן דעכער; זעגן האָלץ און מאַכן מעבל; באַשוכן מיט גאַנצע שיך און שטיוול (אינגאַנצן געמאַכט אויף דער האַנט), באַקליידן מיט לאַנגע, ברייטע קליידער, צו פאַרדעקן דעם זינדיקן קערפּער און פאַרדעקן מיט קופּקעס און שייטלען די קעפּ פון די פרויען און מיט קאַפּלעך, היט־לעך מיט נידעריקע דענקעס און שטריימלעך די קעפּ פון די זכרים.

טליתים, תפילין, ציצית, מזוזות, סידורים, ספרים און אַנדערע היי־ליקע ארטיקלען האָט מען אימפּאָרטירט, אָבער שבת־ליכט, הבדלה־ליכט, חופּה־ליכט און זייף צו וואַשן וועש, האָבן יידן פון שטעטל אליין פאַברי־צירט. ווי עס איז אויך פון שטעטל, דורך אירע שוחטים, באַדינט געוואָרן די שחיטה; דורך אירע מוהלים — די מילה, און אייגענע זענען אויך געווען די קלעזמאָרים פאַר די אייגענע חתונות. היינט די אַרבעט אין דער מקוה און דער בית־הקברות...

דאָס אַלץ האָט געפאָדערט א סך אַרבעט, דערצו נאָך איז אין יענעם יאָר אויסגעפּאַרטיקט געוואָרן די שול אויף דער גאַס פון בית־המדרש, ווו עס איז געווען די ישיבה.

אָבער דאָס שטעטל האָט אויך געאַרבעט פאַר די גויים, פאַר די פּוילישע פּויערים און די פּויערטעס, וועלכע פלעגן קומען צו פאָרן אויף זייערע דאָרפישע בריטשקעס און פלעגן אויך קומען צו גיין צופוס אין זייערע פאַרביקע קליידער, אין פיר־קאַנטיקע היטלען די מענער און די ווייבער אין רויט־ווייס געשטרייפטע, געפאַלדעוועטע קליידער, אראָפּגע־האָנגענע פון קאָפּ־אראָפּ. זיי זענען געקומען אויפן שטעטלדיקן מאַרק,

וואָס איז געווען איין מאָל און וואָך און זיי האָבן געברענגט זייער סחורה אויפן מאַרק: בינטן קאָרענע שטרוי פאַר שעניקעס און פאַר די בעטן, בינטלעך האָלץ צום ברענען, יונגע קעלבלעך פאַר דער שחיטה, אייער, עופות, סכך פאַר סוכות; פוטער, איינגעוויקלט אין קרויט־בלעטער און קוישלעך מיט שוואַרצע און רויטע יאַגדעס און מיט שוואָמען.

אָבער זיי האָבן קיין אָפּגעריבענעם דרייער נישט אַרויסגעפירט פון שטעטל. טישן מיט שפּאָגל־נייע, פאַרביקע פויערישע קליידער, געשטרייפּטע גאַרטלען, פאַרטעכער, שטיוול, געשנורעוועטע קאַמאַשן מיט כאָלעווקעס; לעקעכלעך מיט צוקערלעך; ווייס־בלאַנקענדיקע בלעכענע געשיר, לאַמטערנדלעך און לאָמפּן; בייטשן, כאָמאָנטן מיט לייצעס און שמאַראָווידלע; שניט־סחורה, שפּיצן, בענדלעך און פּאַטשערקעס, וואָס יידישע האַנטווערקער און קרעמער, גוטע קענער פון די פּויליש־פּויערישע גוסטן, האָבן אַזוי רייצנדיק אויסגעשטעלט, האָבן צוגעצויגן די פּויערים און פּויערטעם און גאַנץ אָפט האָט אַ פּויערישע פּאָר איבערגעלאָזט אין שטעטל אַ פּאָר גילדן, וואָס זיי האָבן געברענגט פון דערפל אין קנופּ פון אַ טיכל.

מיט אַ טיש אויפן מאַרק איז אויך געשטאַנען הערשל בליאַכאַרזש, אַ ייד, אַ שטעטלדיקער באַלעבאָס, אַ תקיף, אַ פּראָסטאַק, וועלכער האָט געגעבן פּעטש, אַנשטאָט רייד, די וואָס האָבן אים ווידערשפּעניקט ביי סכסוכים פון שול־זאַכן, ווען שטעטלדיקן רב, די כשרות פון דער מקוה; זוען מפטיר און די תרי״ג מצוות.

הערשל בליאַכאַרזש, אַ פעסטער ייד מיט אַ שוואַרצער באָרד, וואָס האָט אויסגעזען ווי אונטערגעשוירן און אַרויפגעוואַקסן אַרום די ליפּן און אויף די באַקן פון אַ פליישיק פּנים מיט אַ נידעריקן שטערן, אונטער וועלכן עס קוקן אַרויס אַ פּאָר היים־שוואַרצע אויגן, ווי זיי וואָלטן זיך אָנגענומען מיט סמאָלע, מיט וועלכער הערשל בליאַכאַרזש האָט געשמירט די פּאַפּענע דעכער — האָט מער און בכלל געהאַלטן פון דעם וואָס מען מעג, איידער פון דעם, וואָס מען טאָר נישט.

די פּיס אַרומגעוויקלט מיט אָניעוויצעס און אַריינגעשטעלט אין אַ פּאָר לייכטע שוואַרצע שטיוול, וואָס זענען אַלע ערב־שבת און ערב יום־טוב איינגעשמירט געוואָרן מיט ריצינאַייל; מיט אַ ברייטן טלית־קטן, וואָס האָט אַראָפּגעהאָנגען פון די אַקסלען ביז אונטערן בויך און ביז די קניען האָבן זיך געבאָמבלט די פיר אויסגעבונדענע, ווייסע ציצית און אַ ברייטע, שוואַרצע קאַפּאָטע מיט ברייטע לאַנגע אַרבל, וואָס האָט אים

צוגעדעקט אזוי ווי ער איז געגאנגען און געשטאנען און עס האָט זיך נאָר געוויזן א נאָז אינדערמיט פון א באַוואקסן פּנים אונטער א שווארץ פּלאַ־טשיק און קיילעכדיק יידיש־פּויליש היטל — האָט דאָך פון הערשל בליאַ־כארזש אַרויסגעפּארעט א תאווה צו אַלץ.

הערשל בליאַכארזש האָט געהאט צו דעקן מיט שווארצן בלעך דעם דאך פון דער נייער שול און צו מאכן פון צינק־בלעך די געזימסן, די רינעס און די רערן; ער האָט געהאט א סך וואָס צו טון ביים אויספּאריכטן די שפּיצן, טורעמס און קופּאָלן פון דער אָרטיקער קירכע, וועלכע איז געשטאנען מיט איר פראָנט אויף דער הויפּטגאס און מיט איר הינטער־שטער זייט אין א סאָד פון פלוימען, מאַלינעס, אַגרעסן, ווייםפּערלעך, וויינ־טרויבן, בארנעס און עפּל, וואָס האָבן געדייצט דעם אַפּעטיט און וואָס זענען נישט געווען קיין פארבאָטענע פרוכט פאר די, וואָס האָבן דאָרט געאַרבעט; הערשל בליאַכארזש האָט געהאט די אַרבעט ביי די שטעטלשע קאמעניצעס; קיין סך זענען זיי נישט געווען, אָבער די וואָס זענען געווען, זענען זיי געווען זיינע; ער האָט אויך געהאט אַרבעט אין די אַרומיקע פּריצישע הייף. חוץ דעם האָט ער געהאט צו טון מיט וואַלד, ווו גויים, פון הערשל בליאַכארזש אָפּגעדונגענע, האָבן אונטערגעהאקט אויסגעוואקסענע סאָסנאָווע, דעמבאָווע און בערעזענעביימער, זיי אַרומגעטשעשעט, צע־זעגט אין קלעצער, אין סלופּעס און אין ברעטער פאר געבוי. טאָמער איז דאָס נאָך ווינציק, האָט ער אויך געשטעלט א טיש אויפן מארק. נישט ער איז געשטאנען ביים טיש, נאָר זיין ווייבל, זי האָט בעסער פארקויפט; אָבער אויך הערשל בליאַכארזש איז געשטאנען מיט א טיש, נישט אזוי ווייל ער האָט דאָס געדארפט, נאָר אזוי איז געווען דער שטייגער פון א שטעטלדיקן ייד, א בעל־מלאכה, א באַלעבאָס. נישט אַרורכצולאָזן קיין זאך, וואָס קאָן געבן א גילדן פּרנסה און צוליב דעם האָט הערשל בליאַ־כארזש, אייגנטלעך זי מער פאר אים, געהאט א „בלינד" שענקל אויף שבת נאָכן שלאָף און אויך יום־טוב נאָך־מיטאָג, צוליב וואָס דאָס לערן־יינגל האָט פרייטיק פארנאכט געברענגט צו קאָלערן א פעסל ביר פון דער ברויערײ. מען האָט נישט חלילה פארקויפט פאר געלט אום שבת, אויך נישט פארשריבן, נאָר געהאלטן אויפן קאָפּ וואָס איינער האָט „גע־פונדעוועט" און וואָס איינער האָט געהייסן געבן, אריינלאָזנדיק פאר דעם דורך דער הינטער־טיר.

וואָס איז שייך קראנקהייט, איז דער שטייגער פון דעם שטעטלדיקן

ייִד געווען נישט צו לויפן באַלד נאָך אַ דאָקטער, ווען מען האָט זיך גע־פילט עפּעס נישט מיט אַלעמען; מ׳האָט פריער אויסגענוצט אַלע אייגענע רפואות: אַ נאַס האַנטעך צו קאָפּווייטיק; כינע צום ברעכן; פּענעכל טיי און ריצינאייל צו בויכווייטיק; קנאָבל מיט פעפער און צעריבענע פערד־ציין אויף צעברענטע קוילן — פאַר ציינווייטיק. און ווען ס׳איז נישט געוואָרן בעסער, איז מען געגאַנגען צום אַפּטייקער, זאָל ער עפּעס געבן. און דערנאָך, ווען מ׳האָט געדאַרפט שטעלן פּיאַווקעס, געהאַקטע באַנקעס, אָדער לאָזן אַרויסנעמען אַ צאָן, האָט מען גערופן דעם פעלדשער, וועלכער האָט שוין אין אייניגעם מיטגענומען אַ שער, טאָמער וויל אַ ייִד זיך אָפּשערן און ערשט אין לעצטן פאַל, נאָכדעם ווי מ׳האָט שוין געהאַט אָפּגעשפּראָכן אַן עין־הרע און די נשים זענען שוין אויך געווען אין שול און אויסגעבעטן ביים צעעפנטן ארון־קודש אַ רפואה־שלימה, האָט מען גערופן דעם דאָקטער.

דאָס שטעטל האָט געהאַט אירע סוחרים, קרעמער און קרעמערלעך, וואָס האָבן באַזאָרגט דעם שטעטלס באַדערפענישן פון אַלע טאָג. אָבער דער עיקר איז געווען מלאכה: וועבעריי און שניידעריי; שוסטעריי און היטל־מאַכעריי; בעקעריי און העקעריי; בויעריי און שמידעריי און ווי דער שטייגער איז געווען, איז אין דער האַנטווערקעריי, וואָס איז געווען צוזאַמען מיט דער פאַמיליאַרער וווינונג און אין איינעם מיטן שטוביקן לעבן פון דער פאַמיליע, איינגעפירט געווען די פאַך־לערע און די פּראָפעסיאָנעלע שטייגערונג.

די פאַך־לערע האָט זיך אָנגעהויבן מיטן ייִנגל אויף דער לער. דאָס זענען געווען יאָרן פון פּשוטער שקלאַפעריי.

נאָר „לערן־ייִנגל" און נישט לערן־מיידל, ווייל ייִדישע מיידלעך האָבן נישט געלערנט קיין פאַך, זיי האָבן געטון די שטוב־זאַכן, די באַלעבאַטיש־קייט, אויך מיטגעהאָלפן אין דער פאַך־אַרבעט ביי זיך אין שטוב; מיט־געהאָלפן אין דער קראָם און פון די גאָר אָרעמע פאַמיליעס איז מען גע־גאַנגען פאַר דינסטן צו די גאָר רייכע.

דאָס לערן־ייִנגל, געוויינלעך דרייצן יאָר אַלט, ווען ער איז פאַרדונגען געוואָרן, איז געדונגען געוואָרן אויף פיר יאָר און אויפן וואָרט. עס איז גע־ווען אַליין פאַרשטענדלעך, אַז מען נעמט אַ לערן־ייִנגל מיט עסן און שלאָפן און קליידן. עס איז אין ערגעץ נישט אָנגעשריבן געוואָרן וואָס פאַרא עסן, וואָס פאַרא געלעגער און וואָס פאַרא קליידונג. איז דאָס ביסל

עסן פאַרן לערן־ייִנגל געווען אַבי דאָס לעבן צו דערהאַלטן. דאָס שלאָפֿן די עטלעכע שעה בייַנאַכט אויף עפּעס אַבי אַ געלעגער איז געווען אין ווערקשטאַט, ווו מ'האָט אויך געגעסן און ווען די געמיינסטע קליידער וואָס דאָס לערן־ייִנגל איז געגאַנגען אָנגעטון, זענען זיך צעפֿאַלן אויף אים, האָט מען זיי געביטן אויף גאַנצע, זאָל מען נישט זאָגן, אַז ביי משה־מאיר טישלער, צי ביי דוד כאַצקל קאַמאַשנמאַכער גייט דאָס לערן־ייִנגל אָפּגע־ריסן, אָבער אַרום און אַרום האָט די קליידונג פאַרן לערן־ייִנגל געקאָסט געציילטע רובל דעם „מייִנסטער״. ווי עס האָט געהייסן דער באַלעבאָס, דער האַנטווערקער אין פאַרלויף פון אַלע פיר יאָר.

אָבער דאָס, וואָס דער „מייִנסטער״ האָט געגעבן ווי אַ נדבה דעם לערן־ייִנגל איז געווען אַ נעבן־זאַך. דאָס זעלביקע די לערע, וואָס דאָס ייִנגל האָט מער געגנבעט ווי באַקומען. דער עיקר איז געווען דאָס, וואָס דאָס לערן־ייִנגל האָט געמוזט זיין פאַרן „מייִנסטער״ (מייסטער), פאַר זיין ווייב, פאַר זייערע קינדער און אפילו אויך פאַר די האַלבע און גאַנצע מענטשן אָדער געזעלן. דער אַזוי גערופענער לערן־ייִנגל איז געווען מיט זיין גאַנצן לייב און לעבן אונטערוואָרפן דעם באַלעבאָס. שוואַרצע אַרבעט, שמוציקע אַרבעט, שווערע אַרבעט און יעדע אַרבעט, אויך אַרבעט נישט פון פאַך, האָט געמוזט טון דאָס לערן־ייִנגל; ער האָט געמוזט קנעכטיש געהאָרכזאַם אַלעמען פאָלגן און אַלץ פאָלגן, אויך קאַפּריזן און שפּאַסערייען אים צו באַליידיקן. פאַר עפּעס נישט פאָלגן, אַרויסווייזן פאַרדרוס, פאַרזינדיקן זיך, באַגיין אַזאַ פאַרברעכן, ווי גנבענען אַ שטיקל ברויט, האָט מען אים געשלאָגן; יעדערער פון דעם „מייִנסטערס״ הויז האָט שטענדיק געמעגט שלאָגן דאָס לערן־ייִנגל; מען האָט אים געמעגט שלאָגן פאַר עפּעס און מען האָט אים אויך געמעגט שלאָגן אָן אַ פאַרוואָס. דאָס לערן־ייִנגל האָט נישט געהאַט פאַר וועמען זיך צו באַקלאָגן; ער האָט נאָר געקאָנט אַנטלויפן. אייניקע האָבן אַזוי געטון, כאָטש דאָס לערן־ייִנגל האָט זיך מיט דעם גאָר נישט פאַרבעסערט, ווייל דער זעלביקער רעזשים איז געווען ביי אַלע „מייִנסטערס״.

און דאָס לערן־ייִנגל איז געווען די דינסט ביי דער באַלעבאָסטע; ער האָט דאָס געמוזט זיין, עס איז געווען אין דעם רעזשים פון זיין אויף דער לער; עס איז געווען פון יענע דינסטן ביי יענע באַלעבאָסטעס, ווו די דינסט טוט אַלץ, וואָס מען הייסט. און ביי דעם „מייִנסטער״, ווו עס זענען געווען גרעסערע קינדער, איז דאָס לערן־ייִנגל אויך געווען זיי צו

דינסט און דאָרט ווו עס זענען געווען זמן־מענטשן, געזעלן, האָט דאָס לערן־יינגל אויך געהאט זיי צו באדינען. איז פון אזוי פיל דינסט, וואָס האָט גאָר נישט געהאט צו טון מיטן פאך, זייער וויניק צייט געבליבן פאר דער פאך־לערע, דעריבער איז די לער־צייט געווען גאַנצע פיר יאָר, אין וועלכע דאָס לערן־יינגל האָט מער גענגבעט לערע און גענאשט, ווי מען האָט דאָס אים געגעבן און צום סוף האָט ער קוים עפּעס געהאט פאך־קענטעניש, ווען ער האָט געענדיקט די פיר יאָר שקלאפעריי און קאַ־טאָרזשנע לער־צייט.

פון דער לער איז דאָס געענדיקטע לערן־יינגל אריבער אויף יאָר־ארבעט, מער צו לערנען דאָס פאך; ער איז געווען א יאָר־יינגל.

דער לערן־יונג, וואָס איז ארויסגעקומען פונעם לערן־יינגל דורך פיר יאָר שקלאפעריי, האָט זיך געקאָנט פארדינגען פאר א יאָר־יונג אויף נאָך א יאָר ביים זעלביקן „מיינסטער", ביי וועמען ער איז געווען אויף דער לער, אָבער ווי פּאַטריאַרכאַליש עס איז געווען דאָס יידישע בעל־מלאכה־הויז אין שטעטל (און אויך אין דער שטאָט), האָט זיך דער גע־ענדיקטער לערן־יונג געוואָלט באפרייען פון דעם הויז, ווו ער האָט אָפּגעשקלאַפט פיר אומענדלעכע יאָר און ער האָט זיך פארדונגען, אָדער מען האָט אים פארדונגען צו אַן אנדערן „מיינסטער" פון זעלביקן פאך. מען האָט זיך פארדונגען אויף אַ יאָר, פון פּסח ביז פּסח, אָדער פון סוכות ביז סוכות, מיט עסן און שלאָפן, נאָר אָן קליידונג, אָבער שוין פאר א לוין וואָס האָט געגרייכט ביז פינף און צוואנציק רובל פארן גאַנצן יאָר.

די פּאטריאַרכיע, אָדער די שקלאַפעריי, האָט זיך פאָרגעזעצט. דער אונטערשיד פונעם לערן־יונג און דער יאָר־יונג איז געווען דאָס, וואָס דער לערן־יונג איז געווען אַ דינער און איז אויך באַנוצט געוואָרן אין פאך און דער יאָר־יונג האָט געאַרבעט אין פאך און ער איז אויך באַנוצט גע־וואָרן פאר אַ דינער. דאָס איז נישט געטון געוואָרן מיטן צוועק, אַז דער יאָר־יונג זאָל זיך טעכניש פערפעקציאָנירן אין דעם פאך, נאָר ווייל עס האָט אַזוי געלוינט פאַר דער פרנסה פונעם באַלעבאָס. דער יאָר־יונג אונטער דער אויפזיכט פונעם געזעלן, אָדער פונעם „מיינסטער", האָט כמעט געטון די אַרבעט פון אַ „מענטש", פון אַ געזעלן צי פון „מיינ־סטער" אליין.

די אַרבעט לייגט מען אוועק יעדן פרייטיק פאַרנאַכט, ווען דער שמש גייט איבערן שטעטל און שרייט מען זאָל מאַכן שבת, ביז שבת נאָך

הבדלה, וואָס איז געמאַכט געוואָרן באַלד ווי די שטערן האָבן זיך באַוויזן אין הימל. און אַזוי ווערט אויך געמאַכט אַ פּויזע אין דער אַרבעט — וואָס האָט נישט קיין טערמין און איבער וואָס מען טאָר נישט קוקן אויפן זייגער — צוליב די יידישע יום־טובים: פּסח, שבועות. אפילו תשעה־באב איז אויך אַ יום־טוב. היינט ראש־השנה, יום־כפּור, סוכות. עס איז אַ שאָד געווען פאַרן יאָר־יונג פאַרוואָס חנוכה איז נישט געווען קיין יום־טוב און פאַרוואָס פּורים איז נאָר איין טאָג יום־טוב, נאָכדעם ווי מען האָט געפאַסט אסתר־תענית.

פאַרענדיקט דאָס יאָר נאָך דער לער ווערט דער יאָר־יונג אַ געזעל. דאַן פאַרדינגט ער זיך שוין נישט אויפן יאָר, נאָר אויפן זמן, אויף אַ האַלב יאָר, פון פּסח ביז סוכות, אָדער פון סוכות ביז פּסח. מען פאַר־דינגט זיך מיט עסן און שלאָפן, ווי דער שטייגער איז, און פאַר אַ זמן־לוין פון דרייסיק רובל, וועלכער העכערט זיך מיט יעדן ווייטערן זמן, ביים זעלביקן „מיינסטער" צי ביי אַ צווייטן און דער לוין דערגייט ביז זעכציק רובל פאַרן לעצטן זמן, ווען דער געזעל האָט חתונה און ער ווערט אַליין אַ „מיינסטער", אַ בעל־מלאכה, אַ באַלעבאָס פאַר זיך מיט אָדער אָן „מענטשן".

די האָפענונג פונעם געזעל, וואָס ווערט ראוי־לחופּה באַלד נאָכדעם ווי ער ווערט געזעל, איז חתונה האָבן און ווערן אַ „מיינסטער".

דער בעל־מלאכה האָט געוועגלעך שפּעטער חתונה, שפּעטער ווי אַ „לערנער", אַ ישיבה־בחור, אָדער אַ סוחרס אַ קינד. ערשטנס יאָגט מען זיך נישט נאָך אַ בעל־מלאכה, אַ שניידער־יונג, אַ וועבער־יונג, אַ בעק־קער־יונג; און צווייטנס דאַרף מען דאָך האָבן מיט וואָס צו מאַכן אַ ווערקשטאַט. מען רעכנט אויס אויפן נדן. אָבער וואָס טוט מען, אַז דער נדן איז נאָר אַ צוגעזאָגטער? אַבי דו האָסט חתונה געהאַט און דערנאָך הייסט מען דיר מוחל זיין. מ'האָט זיך געשוווירן, אַז דער נדן איז איינ־געלייגט ביי דעם און דעם קראַנטן באַלעבאָס און אַז ער וועט סילוקן באַלד נאָך דער חתונה. וואָס טוט מען נישט צוליב דער מצווה פון חתונה מאַכן אַ יידישע טאָכטער?

נישט זיכער אינעם נדן, איז אָבער דער געזעל זיכער געווען, אַז פאַרן פּריזיוו וועט ער אַ שדוך טון. ער וועט זיך דאָך נישט גיין מאַכן אַ פּעלער פאַרן שדוך, און טאָמער וועט אויסקומען צו גיין דינען פאָ־

ניען און זיין פארשיקט אין אַלדי שוואַרץ יאָר, וועט ער דאָך נישט וואַרטן מיט א שדוך סתם אין דער וועלט אריין.

האָט מען געזען פון די זמנען אַנצוזאַמלען אויף א ווערקשטאַט, ווייל איבער דעם וואָס מען סילוקט נישט דעם צוגעזאָגטן נדן גייט מען זיך נישט גטן. און איז דאָך דאָס חתונה האָבן, דאָס ווערן א באַווייבטער פארבונדן מיט דער האָפענונג אַליין צו ווערן א „מיינסטער", א באַלעבעסל פאַר זיך, מיט א פאַרמעגנס: א ווייב, קינדער, „מענטשן", א ווירטשאַפט, מעבל, א ווערקשטאַט, פּאַליצעס מיט אייגענע אויסגעאַרבעטע סחורה, אָדער מיט אויסגעוועבטע „קעטעס", אוועקצושיקן מיט די גרויסע פורן קיין לאָדזש...

געוואָרן א „מיינסטער", א באַלעבאָס, האָט ער מער נישט געאַרבעט פאַר יענעם, מ'האָט שוין געאַרבעט פאַר אים; ער האָט שוין נישט גע־דאַרפט קיינעם פאָלגן. מען האָט שוין אים געמוזט פאָלגן און ער איז געוואָרן דער וואָס הייסט, דער וואָס באַפעלט, דער וואָס באַלעבאַטעוועט מיט זיינע „מענטשן" און דער וואָס שלאָגט, דער וואָס גיט פעטש, אז מען פאָלגט נישט, אז מען פאַרזינדיקט זיך מיט עפּעס, צי ווען ער וויל ווייזן ווער עס איז באַלעבאָס.

דער באַלעבאָס האָט אַליין נישט געוווסט פון קיין פרייהייט, פון קיין רעכט, פון קיין מענטשנווירדע: ער האָט געלעבט אין מורא פאַר גאָט דעם אַלמעכטיקן, פאַרן גוי דעם שטאַרקן און פאַרן מעשענעם קנעפל פונעם סטראַזשניק, וואָס מיטן קנוט, שווערד און „שפּייער" האָט ער אין שטעטל רעפּרעזענטירט דעם קייסער, די ברוטאַלע, די „גאָט גע־זאַלבטע" צארישע מאַכט. פון וועמען מען האָט קיין גוטס גאָר נישט דערוואַרט.

**
*

דער יידישער האַנדל אין בעלכאַטאָוו, די קאָמערץ, דער מסחר, ווי א ספּעציעלע זאַך, א פאַך, א פּרנסה, איז געווען קליין און זייער באַ־שרענקט. דאָס האָט נישט געשטימט מיט דער אַנטיסעמיטישער מיינונג, אז יידן פאַרנעמען זיך נאָר מיט האַנדל; דאָס האָט אויך נישט געשטימט מיט דער אַלגעמיינער מיינונג, אז יידן פאַרנעמען זיך צום גרעסטן טייל מיט האַנדל, אָבער דאָס איז געווען די ווירקלעכקייט אין בעלכאַטאָוו. די גרויסע מערהייט בעלכאַטאָווער יידן האָט זיך פאַרנומען מיט פּראָדוק־

טיווער אַרבעט. דאָס איז ביי קיינעם נישט געווען קיין פּרינציפּ, קיין טענדענץ, קיין אידעאַל. מען האָט זיך פאַרנומען מיט פּראָדוקטיווער אַרבעט צוליב פּרנסה, וואָס דורך פּראָדוקטיווע אַרבעט האָט זי זיך שטענדיק באַוויזן, ווען ביי מסחר איז דאָס נישט געווען דער פאַל.

אין יענע יאָרן, ביים סוף פון פאָריקן יאָרהונדערט, איז די גאַנצע נויטיקע פּראָדוקטיווע אַרבעט געטון געוואָרן פון יידן. אין שטעטל זענען זייער ווייניק גויים געווען. קיין אַרבעטער איבערפלוס איז דאָן נישט געווען. עס האָבן אויסגעפעלט אַרבעטער. עס איז אַפילו אויסגעקומען אויסצושרייבן, אָדער אַרויסצופאָרן נאָך אַרבעטער קיין פּיעטריקאָוו, קיין טאָמאַשאָוו און עס איז שווער געווען צו קריגן, ווייל אויב אַוועקפאָרן, איז מען געפאָרן פון דער קליינער שטאָט אין אַ גרעסערער.

און די האַנטווערקער, די בעל־מלאכות האָבן קאָמערציאַליזירט זייער אייגענע פּראָדוקציע. זיי זענען געווען די קרעמער, די סוחרים פון די זאַכן, וואָס זיי האָבן אַליין אויסגעאַרבעט. קיינער איז נישט געגאַנגען קויפן ברויט אין עפּעס אַ קראָם, נאָר צום בעקער איז מען געגאַנגען נאָך ברויט; צום שוסטער איז מען געגאַנגען נאָך שטיוול, קאַמאַשן, לאַטשן אָדער פאַנטאָפל. ווער עס האָט געדאַרפט אַ יופּעצע, אַ פּאָר הויזן, אַ היטל, אַ קאַפּל, אַ שטריימל, אַ פּעלץ — איז געגאַנגען צום שניידער, צום היטלמאַכער און צום קירזשנער. און אויב מען האָט געוואָלט קויפן אַ זייגער, אַ רעצעפּט, אַ טשייניק — איז מען געגאַנגען צום זייגער־מאַכער, אין דער אַפּטייק, וואָס האָט פאַרקויפט זאָדע־וואַסער ווי אַ רעצעפּט און האָניג. פון די טוך־וועבער איז אָפּגערעדט. זיי, וואָס זענען געווען דאָס הויפּט־פאַך פון שטעטל סיי אין צאָל סיי אין אין וויכטי־קייט, אין פאַרנעם, אין זיכערקייט, האָבן אינגאַנצן נישט געהאַט וואָס צו פאַרקויפן. די גרויסע ראָלן סחורות וואָס זיי האָבן אויסגעאַרבעט זענען אויף די גרויסע פירן אַוועקגעפירט געוואָרן קיין לאָדזש. אייניקע זאַכן פאַרן אייגענעם געברויך, אָדער פאַר מתנות, האָבן באַלעבאַטישע פרויען און זייערע טעכטער אויסגעאַרבעט; זיי האָבן אויך געמאַכט „הייליקע זאַכן”, כאָטש די „הייליקייט” האָט זיי געהאַלטן פאַר זינדיקע און זיי דערנידעריקט, באַליידיקט. געזאָגט: עס איז טמא פאַר אַ זכר אָנצורירן אַ נקבה. ביים דאַווענען האָט דער זכר אין האַל פון דער שול, אין ווערכער עס האָט נישט געטאָרט אַריינקומען קיין פרוי, געזאָגט: „שלא עשני אשה”, וואָס איז אַ דאַנק צו גאָט, פאַרוואָס מען איז נישט

באַשאַפן געוואָרן קיין פּרוי... דאָך האָט זי אויסגענייט תּפֿלין־זעקלעך, טלית־זעק און מענטעלעך פֿאַר ספֿר־תּורהס.

עפּעס איז אויך געבליבן פֿאַרן מסחר: סחורה וואָס דאָס שטעטל האָט נישט באַוויזן אַליין אויסצואַרבעטן: בשמים, ראָזשענקעס מיט מאַנדלען, הערינג, צוקער, קאַשע, הירזש, רייז, ציקאָריע אָדער היילִיקע זאַכן ווי טליתים, תּפֿילין, ציצית, סדורים, מחזורים, אָדער גאַלאַנטעריע און שניט־סחורה, נאָדלען, פֿאָדים, קנעפּ, קעמלעך, אַזוי אַז עפּעס איז אויך געווען קליינהאַנדל און אַפֿילו מיטעלער האַנדל, אָבער זייער באַשרענקט, האָט גאָר קיין אייגענע ראָלע נישט געשפּילט אין עקאָנאָמישן לעבן פֿון אַ שטעטל, ווו די גאַנצע ראָלע האָט געשפּילט די האַנטווערקעריי, די פּראָדוקטיווע אַרבעט, וואָס האָט זיך שטענדיק, אויסער שבת און יום־טוב, געלאָזט הערן אין די גאַסן פֿון שטעטל דורך איר שאַפֿונגס־קאָנצערט.

***

אין דעם קאָנצערט פֿון יידישער פּראָדוקטיווער אַרבעט אין שטעטל, אין וועלכן עס האָט זיך געהערט דער אָך און וויי פֿון שקלאַפֿעריי, דער קרעכץ פֿון מידקייט און דערשלאָגנקייט, פֿון פּיין און לײדן — האָט זיך אויך אַריינגעטראָגן דער כאָראַלער גמרא־ניגון פֿון דער ישיבה, וואָס געפֿינט זיך אין בית־מדרש אויף דער הויפּט־גאַס פֿון שטעטל, קעגנאיבער דער נייער שול, וואָס שטייט שוין באַלד פֿאַרטיק מיט אַ געדעקטן שוואַרץ־בלעכענעם דאַך, געפֿאַרב אויף רויט מיט הויכע פֿענצטער און קאָלירטע שויבן און אין וועלכער עס ווערט שוין געדאַוונט.

די ישיבה האָט זיך אַריינגעשפּאַרט אין איר אייגענעם געטאָ, אין דעם אַלטן בית־מדרש, צווישן דיקע, גרויע, מיט שפּינוועבעכץ באַהאָנגענע אַלטע ווענט, פֿון וועלכע עס הערט זיך אַ ריח.

אַ מאָסע ישיבה־בחורים. קיין איינער נישט פֿון שטעטל אַליין, אַלע געקומענע פֿון נאָענט און פֿון ווייט, וועלכע בלייבן דאָ שטענדיק פֿרעמד. זיי זענען גאָר יונג, אָבער פֿאַרפֿינצטערט זענען זייערע פּנימער, געריינצלט זייערע שטערנס און זיי זעען אויס אַ סך עלטער ווי זיי זענען. ביי די עלטערע הייבן ערשט אָן צו שפּראָצן הערעלעך אויף דער גאָמבע, אונטער דער נאָז און אויף די קינבאַקן, אויף וועלכע עס לאָזן זיך אַראָפּ געדרייטע פּאות, וואָס וואַקסן אַרויס פֿון אונטערן צעקנייטשטן, פֿאַרשמאָ־דערטן סאַמעטן היטל, וואָס ווערט קיינמאָל נישט אויסגעטון, נישט ביי־

טאָג און נישט ביינאַכט; נישט אין שלאָף און נישט אויף דער וואָך, אַזוי ווי די פאַרגרינטע, שוואַרץ־געוועזענע קאַפּאָטע, וואָס הענגט ווי אַ זאַק אויף זיין גוף.

וווינען וווינט ער אין דעם אַלטן בית־מדרש. די לאַנגע, שווערע טישן, באַטריפטע פון ליכט, מיט אויסגעברענטע שוואַרצע פלעקן און לאַנגע, האַרטע פון זיצן אָפּגעריבענע בענק — איז דאָס מעבל פונעם ישיבה־בחורים וווינונג. שלאָפן שלאָפט ער אין דעם אַלטן בית־מדרש אויף דער האַרטער באַנק אָדער אויף דער פּאָדלאָגע, און עסן עסט ער „טעג": איין טאָג אין דער וואָך ביי איין באַלעבאָס פון שטעטל און אַ צווייטן טאָג — ביי אַ צווייטן באַלעבאָס. די זיבן טעג עסן מוז ער זיך פאַרזאָרגן ביי זיבן באַלעבאַטים. און טאָמער איז אים געבליבן אַ נישט־פאַרזאָרגטער טאָג — הונגערט ער אין דעם טאָג. קיינער איז נישט געצוווּנגען צו געבן עסן „טעג". מען טוט דאָס מיטן אייגענעם ווילן, מ'האַלט עס פאַר אַ מצווה די נשמה צו דערהאַלטן ביים ישיבה־בחור, פאַר זיין זיצן טאָג און נאַכט און לערנען תורה, וואָס ביי דעם פראָסטן ייד האָט עס געהייסן דינען גאָט, טוען, הייסט עס, אַ הייליקע אַרבעט, וואָס יעדער איז מחוייב, אָבער נישט יעדער קען דאָס.

האָט זיך די ישיבה אַזוי אויפגעהאַלטן אין דעם אַלטן בית־מדרש אָן באַדערפעניש, אָן אַ חשבון און אָן זאָרג פאַרן לעבן. און די ישיבה־בחורים זענען געזעסן פון באַגינען ביז אין דער נאַכט אַריין, אַזוי טאָג איין, טאָג אויס און געקנייטשט די שטערנס און זיך געבראָכן די מוחות ביי די פאַרחלבטע טישן איבער די פאַרגעלטע און צעקנייטשטע בלעטער פון די גרויסע גמרות און עס האָט זיך געהערט פון דער ישיבה אַרויס פון אין דער פרי ביז אין דער נאַכט אַריין אַ וויי־געזאַנג, ווי אַ האַרציקער געוויין פון אַ מאַסע וואָס בענקט, וואָס ליידט, וואָס פייניקט זיך, וואָס מאַטערט זיך און וואָס בעט און וואָס פרעגט און וואָס קרעכצט און וואָס שרייט און וואָס אַמפּערט זיך און וואָס וויינט אין כאָר מיט אַ נאָגענדיקן ניגון און וואָס קלינגט אָפּ פון דער שטעטלדיקער אַרבעט־סימפאָניע:

„מאי־קא־משמע־לן?" — וואָס לאָזט עס אונדז צו הערן?...

דער ישיבה־בחור שלייכט זיך אַרויס פון בית־מדרש נאָר אויף אָפּצוכאַפּן דאָס ביסל עסן פון די „טעג". ער רעדט נישט מיט קיינעם ביים עסן; ער קוקט נישט אויף קיינעם. ער זיצט ביים טיש און דאָך איז ער

נישטאָ. ווו איז ער יאָ דאָ? וואָס טוט ער אין לעבן? ער גייט ערגעץ? וואָס וועט זיין דער תכלית? אפשר חתונה האָבן? ווערן אַן איידעם אויף קעסט? די כלה וועט ער זען אין טאָג פון דער חתונה, נאָכן פאַסטן, נאָך דער חופה... ווער וועט זיין דער מחותן? דער שווער? אויף ווי לאַנג וועט ער נעמען אויף קעסט?... בעלכאַטאָוו איז אַ שטעטל פון בעלי־מלאכות, אַ היגער באַלעבאָס וויל בעסער פאַר זיין טאָכטער אַ מאַן מיט אַ מלאכה אין האַנט, איז ווו וועט זיין זיין גורל?...

***

דאָס לעבן פון קינד, פון דער יוגנטלעכקייט, פון דער יוגנט — ווי האָט עס אויסגעזען?

עס איז שווער, זייער שווער צו דערמאַנען עפּעס וואָס איז כמעט נישט געווען. אויב דאָס קינד איז געווען אַ מיידעלע, האָט עס אין דער סביבה פון הינטער דער מאַמעס פאַרטעך נאָר געהערט פון „מ'טאָר נישט" און מען האָט עס אָפּגעשראָקן, געהאַלטן עס כסדר אין דער מורא פאַר אַ גוי, פאַר אַ „טויטער", פאַר אַ „פּיפּערנוטער" און פאַר גאָט און עס געשראָקן מיט אַלע מינים שטראָפן. איז עס געווען אַ יינגעלע, דאָס הייסט אַ יידעלע, האָבן זיינע קינדער־יאָרן געהאַט איבערצוטראָגן דעם חדר.

דער חדר — דאָס איז געווען די פּריוואַטע וווינונג פונעם מלמד, ווו קיין היגיענע האָט נישט געהאַט קיין צוטריט און וואָס איז פאַרן קינד געווען אַ תפיסה, אין וועלכער ער איז געווען פאַרשפּאַרט פון אין דערפרי ביז אויף דער נאַכט. אַזוי טאָג־איין, טאָג־אויס, וואָך־איין, וואָך־אויס, יאָר־איין, יאָר־אויס, האָבנדיק כסדר פאַר די אויגן דעם מלמד אין דער געשטאַלט פון אַ שמייסער.

דער מלמד האָט זיך גענומען צו מלמדות, ווייל ער האָט נישט געהאַט צו וואָס זיך צו נעמען, ווייל ער האָט נישט געוואָלט עפּעס אַנדערש טון; ווייל ער האָט געוווסט, אַז דאָס איז נישט קיין פאַך וואָס מען דאַרף קענען, אָדער ווייל ער האָט זיך געוואָלט פאַרנעמען מיט אַ הייליקער זאַך: מיט עבודת־הבורא און ער האָט געוווסט, אַז פאַר דעם איז גענוג אַ טייטל פון פּישביין און דער עיקר אַ קאַנטשיק מיט דיקלעכע רימענס עס זאָל וויי־טון, ווען מען שמייסט, און דער מלמד, וועמען דער תלמיד האָט געמוזט רופן „רבי", האָט ליב געהאַט, האָט הנאה געהאַט צו שמייסן אויפן בלויזן לייב.

מען האָט נישט געלערנט קיין יידיש, קיין העברעאיש; מ'האָט נישט געלערנט שרייבן, נישט לייענען, נישט רעכענען; מ'האָט נישט געלערנט קיין געשיכטע, קיין געאָגראַפיע, קיין נאַטורוויסנשאַפט, און פון אַסטראָנאָמיע האָט גאָט אָפּגעהיט... דאָס חדר האָט נישט געוווּסט פון קיין דערציאונג, און אויסער דעם חדר איז דאָס יידישע קינד אין ערגעץ נישט געגאַנגען. עברי מיט „פּאַדקאָוועס" האָט מען „געקנעלט" אין חדר. מען האָט „געלערנט" לשון־קודש, וואָס דער „רבי" אַליין האָט אָפטמאָל נישט געקענט. דאָס זענען געווען איינגעקנעלטע ווערטער, וועלכע מען האָט נישט פאַרשטאַנען, פּונקט ווי דאָס דאַווענען, די אַנדערע תפלות און די סדרות פון חומש, וואָס מ'האָט אויף אַזאַ אופן „געלערנט", אין וואָס עס איז באַשטאַנען דער לימוד און צוליב וואָס דאָס קינד, פאַרוואַנדלט אין אַ יידעלע, איז אָפּגעקומען זיינע קינדער יאָרן אינעם חדר.

פון קיין יוגנטלעכקייט האָט דאָס שטעטל נישט געוווּסט. די יוגנטלעכקייט האָט נישט געהאַט ווו, נישט ווען, נישט ביי וואָס צו קומען צום אויסדרוק. דער יוגנטלעכער (אַזאַ באַגריף איז גאָר נישט געווען) איז אַוועק אויף דער לער, ווו עס זענען פאַרשוואַרצט און פאַרביטערט געוואָרן זיינע יוגנטלעכע יאָרן. אין געציילטע פאַלן האָבן יוגנטלעכע פון שטעטל פאַרגעזעצט דאָס לערנען ביי אַ גמרא־מלמד, אָבער עס איז נישט געווען קיין שום יוגנטלעכקייט אין דעם לערנען גמרא פון דעם יינגל פאַר בר־מצווה און נאָך דעם, ווען דער פאָטער האָט אים שוין געבענטשט מיט דעם „ברוך שפטרני" און ער האָט שוין אַליין געהאַט צו טראָגן אויף זיך דעם פּאַק פון „תרי"ג מצוות".

קיין סך צייט פאַר „יוגנט־זינד" איז סיי ווי נישט געווען. אין דער וואָכן, נאָך אַן אַכצן־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג, איז מען אַ טויט־מידער אַוועקגעפאַלן שלאָפן. שבת און יום־טוב איז אַ היפּשער טייל פון טאָג אַוועק מיט די סעודות, ביי וועלכע עס איז אויך געווען צו זינגען און צו זאָגן. נאָר די עטלעכע שבת נאָך־מיטאָג־שעהען האָט אַ קלענער טייל פון דער יידישער מענלעכער יוגנט, די אַזוי גערופענע וועבער־יונגען, שניידער־יונגען, שמידער־יונגען און נאָך אַזוינע יונגען, פאַרווײַלט אויף די פרייע פלעצער אַרום שטעטל אין פּרימיטיווע, נאַאיווע שפּילערייען, אָדער געגאַנגען אויף די אַרומיקע לאָנקעס, אין די וועלדער, געריסן פּירות אין די סעדער, אָדער געשלאָגן זיך מיט שקצים.

***

די פרומקייט, דער פאַנאַטיזם און די גאַנצע געטאָ־יידישקייט, וואָס איז אויסער דעם אָרעמען נאָר גערעדטן „זשאַרגאָן" געווען רעליגיעז. האָט מען נישט געהאַלטן פאַר קיין קולטור, עס איז גאָר נישט געווען אַזאַ וואָרט און אַזאַ באַגריף אין דעם יידישן שטעטל אין יענער צייט און ביז יענער צייט פון וועלכער עס ווערט דאָ געשריבן.

עס איז נישט געווען קיין דערציאונג אין מאָדערנעם, פרייען, אָביעקטיוון און וועלטלעכן זין; עס איז נישט געווען קיין שול און עס איז נישט געווען קיין בילדונג. זי האָט נישט געטאָרט זיין, דער רעליגיעזער לעבנס־שטייגער האָט עס פאַרווערט; עס איז נישט געווען קיין ליטעראַטור און עס איז נישט געווען קיין פרעסע; עס איז נישט געווען קיין טעאַטער־וועזן, אויסער פורים, און עס איז נישט געווען קיין קאָנצערט, אויסער דאָס שפּילן פון די קלעזמער, וואָס האָבן נאָר געשפּילט אויף חתונות.

און בעלכאַטאָוו, ווי אַן אַרבעט־שטעטל פון יידן, ווי דאָס איז אויך געווען דאָס שכנותדיקע שטעטעלע גראָכאָליץ, איז דאָך נישט געווען קולטורעל הינטערשטעליק לגבי דעם יידישן שטעטל פון פּוילן, נאָר איז געשטאַנען מיט אַ טריט פאָראויס אַנטקעגן דעם אויפגיין פון אַ ניי יידיש לעבן אין אַמאָליקן פּוילן.

מיטן אָנקומען פון אונדזער יאָרהונדערט, דאָס צוואַנציקסטע, וואָס האָט אויך נישט אויסגעמיטן אונדזער ליבהאַרציק בעלכאַטאָוו, האָט דאָס יידישע שטעטל צענומען איר אייגענעם געטאָ, צעעפנט איר פענצטער צו דער וועלט; אויפגעשטאַנען און זיך אָנגעשלאָסן אין דעם נייעם לעבן, וואָס איז געקומען מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון יידישע אַרבעטער און אינטעליגענץ אין פּוילן, אין גאַנג מיט דער אַלגעמיינער באַפרייאונגס־באַוועגונג.

יוסף רייך

# דאָס בעלכאַטאָוו, וואָס לעבט אין מיין זכרון

בעלכאַטאָוו האָט זיך אויסגעטיילט פון די אַרומיקע שטעטלעך מיט אייניקע באַזונדערע אייגנטימלעכקייטן, נאָר איינע פון די בולטסטע פון דאָזיקן שטעטל, מיט וואָס ס'האָט זיך אויסגעטיילט פון די שכנישע שטעטלעך, ווי סטערצאָוו, ווידאַווע, סילעוו, זעלעוו, פּיעטריקאָוו א"אַ, איז געווען דאָס וואָס בעלכאַטאָוו איז געווען מער יידישלעך פאַר זיי. כאַראַקטעריסטיש איז, אַז ס'רוב שטעטלדיקע גויים האָבן זיך פאַרשטענ־דיקט מיט די יידן אין יידיש. און דערפאַר זענען טאַקע די בעלכאַטאָווער יידן געווען באַקאַנט ווי שוואַכע פּויליש־רעדער.

די בעלכאַטאָווער יידן האָבן געלעבט בשלום מיט זייערע נישט־יידישע שכנים, אָבער נישט אויפן חשבון פון נאָכגיביקייט, פון זיך נישט וועלן וואַרפן אין די אויגן און פון פאַרליידן עוולות אַלס שוואַ־כערער צד. די בעלכאַטאָווער יידן האָבן זיך נישט באַטראַכט ווי אַ שוואַ־כערער צד, נאָר ווי פולבאַרעכטיקטע.

דעראינערונגען פון דעם מין האָבן זיך טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון און איך וועל דאָ פאַרצייכענען אַ טייל פון זיי, ווי אַזוי בעלכאַ־טאָווער יידן האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר זייער מענטשלעכער חשיבות, גיב איך דאָ איבער.

***

די געשיכטע וואָס כ'דערצייל דאָ, האָב איך נאָך געהערט דער־ציילן אַלס קינד:

אויפן אָרט פונעם פריערדיקן סטאַרשע־סטראַזשניק (דער העכסטער אויסדרוק פון מאַכט אין שטעטל בעת דער צאַרישער ממשלה), וואָס

האָט זיך שוין געהאַט איינגעלעבט מיט די איינוווינער פון בעלכאַטאָוו, איז אַראָפּגעקומען פון טיף־רוסלאַנד אַ בייזער פּאָניע וואָס האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן פון די זאַקאָנען אויף קיין האָר אַפילו. ר׳האָט זיך נישט געוואָלט רעכענען מיטן איינגעשטעלטן סדר, נאָר אָנגעהויבן איינפירן נייע „פּאָריאַדקעס" לויט זיינע סיבירער השגות. מ׳האָט געפּרוווט דעם קאַצאַפּ איינבייסן מיט גוטן, מיט אַ טרונק בראָנפן, מיט אַ זילבערנעם קערבל, אָבער דער אדון איז געווען אַ בייזער עקשן, זיך נישט געלאָזט לערנען, אדרבא כסדר אויסגעטראַכט נייע גזירות. האָבן די בעלכאַטאָווער יידן אָנגענומען לגבי אים אַנדערע „פּעדאַגאָגישע" המצאות, דהיינו:

איין מאָל אין אַ חושכדיקן אָוונט האָבן אַ פּאָר געזונטע הענט אים פאַרוואָרפן אַ זאַק איבערן קאָפּ און אַוועקגעשלעפּט צום טיפן ברונעם לעבן דער מקווה און אים מזהיר געווען: וועט ער זיך אויפפירן לייטיש, ווי מ׳וועט אים הייסן, וועט זיין פּרנסה בריווח צווישן יידן, קיין טרונק וואָדקאַ וועט נישט פעלן, אויך געפילטע פיש און העלדזלעך, אלא נישט — וואַרפט מען אים אין טיפן ברונעם, און מ׳וועט נישט וויסן ווו זיין געביין איז אַהינגעקומען.

נאָך דער דאָזיקער שטרענגער לעקציע איז דער ערל געוואָרן ווייך ווי פּוטער און בעלכאַטאָוו האָט געלעבט אין רו און פרידן.

***

1905 האָט דאָס שטעטל בעלכאַטאָוו אויך אויפגעטרייסלט מיט דער רעוואָלוציאָנערער שטימונג פון דער גרויסער רוסישער אימפּעריע. אָרגאַניזירטע שטרייקן, גאַסן־דעמאָנסטראַציעס מיט רויטע פענער, יידישע בחורים האָבן געשאָסן פון רעוואָלווערן און די סטראַזשניקעס, די פּאָליציי האָבן זיך באַהאַלטן.

כ׳געדענק איין אייגנאַרטיקע דעמאָנסטראַציע, — כ׳בין נאָך געווען אַ קינד, — איך האָב דעמאָלט געלערנט ביי בערישל מלמד, ס׳איז שוין געווען לאַנג נאָך סוכות, קורצע טעג און לאַנגע ווינטערדיקע אָוונטן. מ׳האָט געלערנט ביי אַן אַכטער לעמפּל. בערישל איז געווען קראַנק און ס׳האָט אים פאַרטראָטן זיין זון דער חתן־בחור עליע, ביי וועמען דער פינגער פון דער רעכטער האַנט, מיט וועלכן מ׳דאַרף דריקן דאָס צינגל ביים שיסן איז געווען אַ שטייפער, געמאַכט זיך אַ פעלער, כדי נישט

צו דינען. און אַט מיט דעם שטייפן פינגער פּלעגט ער אונדז בוצקען, ווען מיר האָבן אַרויסגעקוקט אין דרויסן ביים לערנען.

ווען כ'בין אַהיימגעקומען דעם דאָזיקן טאָג אויף מיטאָג, האָט מיר מיין ברודער שמואל געזאָגט, אַז היינט קומט פאָר אַ דעמאָנסטראַציע. שמואל האָט געהערט צו דער פּ. פּ. ס. און אָן אַ רעוואָלווער האָט ער זיך נישט גערירט.

פאַרשטייט זיך, אַז אין חדר האָב איך שוין נישט געקאָנט איינזיצן אויפן אָרט, אַלע מאָל אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער, צי ס'הייבט זיך שוין אָן, צי מ'גייט שוין. ס'איז שוין געווען גוט פינצטער, אין חדר האָט שוין געברענט דאָס אכטער לעמפּל, די יינגלעך זענען געזעסן ביי די אָפענע גמרות און איך האָב זיך מיט אָן אויסרייד אַרויסגעגנבעט צו קענען צו וויסן געבן די חברים, צי ס'הייבט זיך שוין אָן. אין דער שטעטלדיקער פינצטערניש זעט מען דערווייל גאָרנישט. נאָר פּלוצלינג בליצן אויף אין חשכות פייערלעך פון לאַמטערנעס, וואָס קומען אַלץ נענטער. דאָס איז געווען די דעמאָנסטראַציע. אַ שטילע, אַן ערנסטע, מיט שווארצע פענער. כ'האָב ברייט אויפגעפּראַלט די טיר פון חדר, אַ צעיאַכמעטער, אַ צעהיצטער, הויך אויפן קול, אין איין אָטעם אַריינגעשריגן: „מ'גייט!" דער רבי האָט, פאַרשטייט זיך, מיר געגעבן אַן אָדערויף אויף מאָרגן אַ פייערדיקן פּאַטש.

אַזוי אַרום האָט בעלכאַטאָוו זיך באַטייליקט אין דער רעוואָלוציע. און אין די פינצטערע יאָרן פון דער רעאַקציע האָט בעלכאַטאָוו געהערט צו די שטעט, וואָס זענען אַריינגעגאַנגען אינעם פּראָגראַם פון קאָזנקאָווס פּאַציפיקאַציע און אויסראָטונג פון די בונטאָווטשיקעס. ער האָט אונדז אַריינגעשיקט אין שטעטל פּופּצן פון זיינע געקליבנסטע קאָזאַקן, מיט גרויסע טשופּרינעס, מיט אויערינגלעך, — האָבן זיי זיך גענומען מאַכן אָרדענונג, אַרומפליען איבער די גאַסן, טראָגן זיך מיט נאַלאַפּ אויף זייערע פלינקע פערד און שרייען, טומלען, פּאַכען מיט נאַגייקעס און שלאָגן מכות רצח. באַזונדערס האָבן זיי ליב געהאַט צו פּראַווען זייערע ווילדע שטיק אין די פּרייטיקדיקע פאַרנאַכטן, ווען יידן זענען געגאַנגען דאַווענען און יונגוואַרג שפּאַצירן.

אין אַ געוויסן פרייטיק פאַרנאַכט, געדענק איך, זענען זיי אָנגעקומען ראַפּטום, שיכורע, געהייסן אַלעמען אויפהייבן די הענט און גענומען מערדערלעך שלאָגן מיט די נאַגייקעס. די גאַסן האָבן זיך גיך אָפּגעליי־

דיקט, אַלע האָבן זיך באַהאַלטן און ביי פאַרמאַכטע לאָדנס אַרויסגעקוקט אויף די מחבלים.

נאָר אַט גייט זיך משהל זשוכאָווסקי, חנהס זון, א וועבער־יינגל פון א יאָר 16. ער גייט אַן אומדערשראָקענער, אַן אויסגעגלייכטער, א שטאָלצער אין מיטן וועג, גלייך די קאָזאַקן אַנטקעגן. זיי ריטשען ווילד: „רוקי ווערך!" אָבער משהל האַלט ווייטער וווילוינגעריש די הענט אין די הויזן־קעשענעס און קוקט זיי דרייסט אין די אויגן און ענטפערט אַרויסרופעריש: ניע כאַטשו! און א פאַנישע קללה... ביי אַלעמען איז דאָס האַרץ ווי פאַרשטיינערט געוואָרן פאַר שרעק, וואָס דאָ וועט באַלד געשען מיט משהלען. נאָר איידער די קאָזאַקן האָבן באַוויזן זיך אָפּ־צוגעבן חשבון פון דער אומדערהערטער יידישער חוצפּה, איז משהל נישט געסטייעט, זיך אויסגעמישט מיטן עולם דאַוונער.

יצחק, אורי לייבושס זון, א וועבער, וועלכער איז שפּעטער געווען פאַרשיקט אין סיביר, האָט אויף די קאָזאַקנס באַפעל אויפצוהייבן די הענט, זיי געוויזן דעם הינטן. איין מאָל האָבן זיי אים געפּאַקט און מערדער־לעך געשלאָגן פאַר דער העזה.

די העלדישע אומדערשראָקענע האַלטונג פון די וועבער־יינגלעך האָט בייגעטראָגן צו דעם אַרונטעררייסן די אויטאָריטעט פון די צאַרישע סאַטראַפּן און דער עולם האָט זיך שוין אָנגעהויבן ווינציקער צו שרעקן פאַר זיי און שפּעטער האָט מיט די קאָזאַקן פּאַסירט אָט־וואָס:

אין א געוויסער נאַכט, ווען די קאָזאַקן זענען געשלאָפן רואיקע און זיכערע אין קאַסטעלעצקים הויז, — איז א גרופּע דרייסטע רעוואָ־לוציאָנערן איבערפאַלן דעם דיזשורנעם וואָס האָט געהאַלטן וואַך. אַן אַנדערע גרופּע האָט צוגענומען די מלבושים פון די שלאָפנדיקע קאָזאַקן, און אויך זייער גאַנץ געווער, זיך אַוועקגעזעצט אויף זייערע פערד אי־בערגעטוענע אין זייער אָנטועכץ. אין דער פרי זענען פינף קאָזאַקן גע־בליבן בלויז אין די אונטערוועש, אָן געווער, אָן פערד, אָן הלבשה.

***

בעלכאַטאָוו האָט נישט קיין טייך ווי דאָס שכינותדיקע שטעטל סטערצעוו, נאָר נישט ווייט פון שטעטל געפינט זיך דאָס דאָרף בינקאָוו. דאָרטן געפינט זיך א קלאָרער דורכזיכטיקער סטאַוו, וואָס קומט פון ער־געץ ווייט, אָנהייבנדיק מיט א שמאָל טייכל, וואָס שלענגלט זיך דורך

א געדיכטער אַלעע פון בערעזעס ביי די סאַמע ברעגעס פונעם טייכל, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ האַסטיק ביי דער פאַרצוימונג פון דער מיל. דער וועג אַהינצו גייט דורך תבואה־פעלדער און שמעקעדיקע לאָנקעס.

דאָ פלעגט די יידישע יוגנט זיך באָדן און לערנען שווימען. פרייטיק נאָכמיטאָג אין הייסע זומערדיקע טעג זענען געקומען אויך באַיאָרטע יידן זיך טובל צו זיין אין מחיהדיקן וואַסער לכבוד שבת.

די גויים פון דאָרף האָבן דאָס נישט געוואָלט פאַרליידן און גע־פּרוווט אונדז פאַריאָגן פון דאָרט. ס׳זענען פאָרגעקומען געשלעגן, מיר האָבן באַקומען קלעפּ און געגעבן קלעפּ. פאַרטריבן האָבן מיר זיך נישט געלאָזט.

*****

„נייער וועג", אַזוי האָט מען גערופן אין בעלכאַטאָוו א שיינע ברייטע גאַס אָרומגענומען מיט ביימער און גראָזן. דאָרט פלעגט די יוגנט שפּאַצירן אין זומערדיקע פאַרנאַכטן און שבתים. מיידלעך באַזונדער, בחו־רים באַזונדער. מ׳פלעגט זיך דורכוואַרפן מיט בליקן און אָפּגעהאַקטע ווערטער. אַז ס׳איז געוואָרן פינצטערלעך, האָט מען זיך אויסגעמישט און שפּאַצירט צוזאַמען.

אָבער דאָס האָבן נישט פאַרגינען די פּוילישע כוליגאַנעס, די נאַ־ראָדאָווצעס און ס׳אַנדערע געזינדל. א מאָל האָבן ווילדע פּוילישע שאָווי־ניסטן פון א נאָענטן דאָרף אָנגעוואָרפן א פחד אויף די שפּאַצירנדיקע פון „נייעם וועג". מ׳האָט גענומען אַנטלויפן, די פּאָליאַקן האָבן געדראָאָט מיט מעסערס. אָבער איינער אַן אכצן־יאָריק בחורל, מאירל קילע, האָט בלויז געפרעגט: ווו זענען זיי — און זיך געלאָזט אַקעגן די מעסער־העלדן. און אין א ווײַלע אַרום איז איינער פון די כוליגאַנעס געלעגן א דערשטאָכענער מיט זיין אייגענעם מעסער.

דער „אָקרוזשנוי סוד" אין פּיעטריקאָוו, האָט אָנערקענט, אַז מאירל האָט געהאַנדלט אַזוי צוליב זעלבסט־פאַרטיידיקונג און אים באַפרייט פון שטראָף. יידישע קינדער זענען ווייטער געגאַנגען שפּאַצירן אויפן „נייעם וועג".

*****

אין יאָר 1914 האָבן די עסטרייכער פאַרנומען בעלכאַטאָוו. איידער די עסטרייכער זענען אַריין, איז ס׳שטעטל געבליבן אָן שום מאַכט, אָבער

ס'איז געווען רואיק, קיין שכן האָט נישט געטאָן קיין שלעכטס דעם אַנ־דערן, כאָטש דאָס שטעטל איז געווען אָן אַ שום שומר.

דאָך האָבן זיך אָפּגעזוכט אביסל בעלנים אויף אַ לייכט פאַרדינסטל און — אויף אַ צעפיר טאָן די הענט אויף יידיש האָב און גוטס און יידישע רוקנס. פוילישע לײדיק גייערס, כוליגאַנעס, שיכורים, מיטן קאָ־מענדאַנט פון די פייערלעשער פאַן נאגורסקי בראש. האָבן זיי זיך גע־קרוינט ווי די „בירגער־מיליץ" און גענומען טעראָריזירן די יידישע באַ־פעלקערונג און ארויספרעסן געלט. געוואָרן וואָס אמאָל מער חוצפהדי־קער, ארעסטירט, געמאַכט אייגענע געזעצן און געשטערט יידן צו האנד־לען. אַ סך יידן איינגעזעצט אין „קאָזע".

ס'מעסטל איז שוין געווען איבערפולט. די כוליגאַנעס האָבן אָנגע־נומען די יידישע געדולד פאר שוואכקייט, זיי האָבן אפילו געוואָרפן אין גאַס די לאָזונג: „ביטש זשידווו".

עס זענען ארוים אין גאַס אייניקע באַיאָרטע און סאָלידע יידן, צווישן זיי קלמן סקארפּעס און דער בעלכאַטאָווער רב ר' צמח און האָבן אביסל אָפּגעקילט די צעיושעטע כוליגאַנעס.

ר' צמח איז געווען אַ זון פון וואַלבישער רבין, צוליב אים זענען פאָרגעקומען מחלוקתן אין שטעטל ביים איבערנעמען דאָס רבנות. די גערער חסידים האָבן אים פאָרגעוואָרפן צווישן אַנדערע חטאים, אַז ער האָט נישט חתונה געהאַט דורך אַ שדכן, נאָר זיך פארליבט ווי להבדיל אַ גוי. ער איז געווען אַ הויכער, פעסטער ייד מיט אַ פּאָר שווערע פּליי־צעס. און ער האָט טאַקע אָנגעכאַפּט דעם קאָמענדאַנט ביי די קלאַפּעס און מיט אים געטרייסלט ווי מיט אַ לולב. כאָטש דער המון איז געווען באַ־דייטנדיק גרעסער ווי די יידן, האָט ער זיך אָנגעהויבן צוריקצוציען. איינער האָט אפילו מיט דרך ארץ געבעטן ביים רב, ער זאָל אָפּלאָזן דעם פאַן קאָמענדאַנט. נאָר דער רב האָט אזוי זיך נישט אָפּגעלאָזט דעם אויף טויט־דערשראָקענעם פאַן אוגורסקי, נאָר בלויז געשריגן אַ צעבעסטער, אַז אים טוט וויי ס'הארץ פון די געמיינע עוולות פון דער מיליץ קעגן אומשול־דיקע שכנים.

דעם זעלבן אָוונט איז אויפן פעלד לעבן טייכל פאָרגעקומען אַ פאַר־זאַמלונג פון דער יוגנט, וו ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו מאַכן אַ סוף צו דער הערשאַפט פון דער מיליץ.

און אלע האָבן מיר געשוווירן נישט פריער אהיימצוגיין שלאָפן ביז די יידן, וואָס געפינען זיך אין תפיסה, וועלן באפרייט ווערן. בעת מיר זענען געקומען באפרייען די ארעסטירטע, האָט דער שומר פון „קאָזע", — א קליין גויאצל — אין אָנהויב זיך אָפּגעזאָגט אויפצושליסן די טיר פון קאָזע, נאָר נאָך דעם ווי שמעון דעם לעקעך־בעקערס האָט אים געטאָן א הייב אויף ווי א קליין קינד ביזן סופיט און האלטנדיק אים אין אזא פּאָזיציע געפרעגט, צי ער וויל מ'זאָל אים אראָפּשליידערן אויף דעם פּאָל? — האָט ער גלייך איינגעשטימט צו עפענען די טיר.

מיר האָבן געהאַלטן אונדזער שבועה. מיר זענען געגאנגען אהיים מיט די באפרייטע פון „קאָזע". אויף צומאָרגנס האָט די בירגער־מיליץ מער נישט עקזיסטירט.



אַ חתונה אין בעלכאַטאָוו אין די אַמאָליקע יאָרן



אברהם נאָפּאַרסטעק

ערשטער מעכאַנישער
וועבער אין
בעלכאַטאָוו



יצחק פּזשיבולסקי

בונדישער טוער, וואָס איז אומגעקו־
מען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה
אין דער רעוואָלוציע אין אונגאַרן



פּיוול יאַקובאָוויטש

דער פּאָפּולערסטער
כלי־זמר פון שטעטל

זלמן פּודלאָווסקי

# אויף דער גרענעץ פון צוויי יאָרהונדערטער

אויף דער גרענעץ פון צוויי יאָרהונדערטן, דעם 19טן און 20סטן, ווען אין מזרח־אייראָפּעאישן יידישן לעבן צייכענען זיך אָן שטאַרקע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע שטראָמען — הויבט זיך אויך אָן עפּעס צו רירן אין דער שטייענדיקער זומפּיקער גלייכגילטיקייט פון דער יידישער נויט און אָרעמקייט אין בעלכאַטאָוו.

די דאָמינירנדיקע אינעם שטעלדיקן לעבן האָבן געוואָלט זיין (און אָפּט זענען עס געווען) די תקיפים פון גערער שטיבל. דאָס זענען געווען אין גרעסטן טייל פאַבריקאַנטן און זייערע מיטהעלפער. דאָס גערער שטיבל האָט צווישן די דאָוועגער זיינע געהאַט די ווייט גרעסטע מערהייט פון די פאַבריקאַנטן אין שטעטל. אַרויסגעזען האָבן זיך צוויי פאַמיליעס, וועלכע האָבן פּשוט פאַרפלייצט דאָס שטעטל מיט פאַבריקאַנטן. ח יי ם ט ו ס ק, איינער פון די אָנגעזעענסטע גערער חסידים, האָט אויפגעשטעלט אַ דור פאַבריקאַנטן. יעדער זון — אַ פאַבריקאַנט, יעדע טאָכטער — אַ פאַבריקאַנטקע, אייניקלעך און אוראייניקלעך — אַלע פאַבריקאַנטן. אַ צווייטער דור פון פאַבריקאַנטן איז אויפגעשטעלט געוואָרן פון ישעיה שראַגע. די צוויי פאַמיליעס האָבן געהאַט צו זאָגן דורכן גערער שטיבל וועגן אויסזען פונעם יידישן לעבן אין בעלכאַטאָוו. דאָס גערער שטיבל האָט געהאַט צווישן זיך נאָך פיל אַנדערע פאַבריקאַנטן, סוחרים, מלמדים און חסידישע קעסט־איידעמס.

אַרבעטס־מענטשן האָט מען אין שטיבל זעלטן געקענט געפינען. צווישן די גערער האָט זיך געפילט אַ געוויסע פאַראַכטונג צו די מענטשן, וואָס האָבן געלעבט פון אַרבעט. ביי שידוכים פאַר זייערע טעכטער האָבן

די גערער אויסגעקליבן דעם גרעסטן שלימזל איידער אַן אַרבעטס־מענטש. די אָרעמסטע פון די גערער האָבן זיך באַמיט, אַז זייערע קינדער זאָלן קיין אַרבעטער נישט ווערן. אינעם גייסטיק־רעליגיעזן זין זענען די גערער געווען ווירקלעך פיל העכער. געווען צווישן זיי אַ סך גרויסע למדנים־חריפים, אַזעלכע מתמידים, וועלכע האָבן באַוויזן איבערן יאָר צו מאַכן אַ סיום־הש״ס. פאַרטאָג און אין די אָוונטן זענען פיל חסידים געזעסן און געלערנט. אויך דאָס דאַוונען האָט געהאַט גאָר אַן אַנדערן זין. אַמבעסטן האָט עס זיך אָפּגעשפּיגלט אין די ימים־נוראים. די, וואָס זענען געשטאַנען פאַרן עמוד, האָבן זיך נישט אויסגעצייכנט אין נגינה, אָבער דאָס דאַוונען האָט געהאַט אַן אייגנאַרטיקן טעם. ווען דער בעל־שחרית אַלטער ברעסלער (אַלטער שוחט) האָט אָנגעהויבן מיטן „המלך״ איז עס פאַר־קראָכן אין דער זיבעטער ריפּ. אויך דער בעל־מוסף ישעיה שראַגע האָט געדאַוונט מיט מתיקות. אַ ספּעציפישע שטימונג האָט אין שטיבל געהערשט ערב יום־כפּור צו כל־נדרי און אויף צו מאָרגנס, צו נעילה. ס׳האָט זיך באמת געפילט ווי מען שטייט פאַר אַ גאָר וויכטיקער גייסטיקער מיסיע. דאָס איז נישט געווען ווי מען וויל זיך אויסבעטן אָדער פאַרזיכערן דאָס לעבן, געזונט, פּרנסה און נאָך אַזעלכע גוטע זאַכן, דאָס האָט מען גיכער געקאָנט אַרויספילן ביי די דאַוונער אין שול, אין בית־המדרש, אין אַנ־דערע שטיבלעך און חברות. אין גערער שטיבל איז אין די ימים־נוראים געלעגן עפּעס העכערס, מיסטישעס האָט געשוועבט אין דער לופט.

די גערער האָבן געוואָלט אַרויפלייגן זייער חותם אויפן יידישן לעבן. די גאָר וויכטיקע יידישע פּראָבלעמען אינעם שטעטל, אַרום וועלכע עס פלעגן פאָרקומען מחלוקות, זענען געווען רעליגיעזע, ווי: רב, שוחט, שול, חברה־קדישא אד״גל.

אין דער צווייטער העלפט פון 19טן י״ה האָט זיך געפילט אַ נויט־ווענדיקייט פון בויען אַ נייע שול אין שטעטל. די אַלטע הילצערנע שול איז שוין געווען אין אַזאַ מצב, אַז זי איז ווייטער געווען אוממעגלעך צום באַנוצן. די שול איז פאַרחתמעט געוואָרן דורך דער פּאָליציי. די שול־דאַוונער האָבן זיך געמוזט אַריבערטראָגן אין בית־המדרש אַריין. דאָס בית־המדרש האָט נישט געקאָנט אַריינגעמען אַלע שול־דאַוונער. טייל האָבן דעריבער געמוזט אָנקומען אין חברות, אָדער זיך איינבעטן אין חסידים־שטיבלעך. ערגער איז עס געווען פאַר די פרויען, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייטן אַנטיילצונעמען אין דאַוונען ווען די

שול איז פאַרחתמעט געוואָרן. טייל פון זיי, די גאָר פרומע, האָבן גע־דאַוונט אונטערן פרייען הימל, הינטער די בית־המדרש פענצטער.

אין שטעטל האָט זיך געשאַפן אַ באַוועגונג צו בויען אַ נייע, סאָליד־געמויערטע שול. די יידישע באַפעלקערונג האָט מיט ענטוזיאַזם אונטער־געכאַפּט דעם שול־בוי־פּלאַן. קעגן זענען געווען די געריער חסידים. פאַרוואָס דאָס איז אַזוי איז געווען אוממעגלעך זיך פאַרצושטעלן. זיי האָבן גע־שטערט דורכצופירן דעם פּלאַן מיט מאַטעריעלע מאָסמיטלען, דורך אָפּזאָגן זיך צו באַשטייערן פאַרן בוי־פאָנד, כאָטש זיי זענען געווען אינעם שטעטל דער מער פאַרמעגלעכער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג. זיי האָבן אויך דורך אַנדערע וועגן געלייגט שטיינער אין וועג. זיי האָבן



די בעלכאַטאָווער שול



די תלמוד־תודה

אָבער נישט אויסגעפירט. די אידייע צו בויען די שול האָט געהאַט ארומ־געכאַפּט דאָס גאַנצע יידישע בעלכאַטאָוו. אין שפּיץ פון דער באַוועגונג איז געשטאַנען דער זייער ענערגישער דאָזאָר מאָשקע גרינבערג. ער האָט וועלטן איינגעלייגט צו רעאַליזירן דעם פּלאַן. אַ באַדייטנדיקע הילף איז געקומען פון דער זייט פון שמואל זילבערשטאַנג (שמואל קליקער), געהילץ פאַר דער שול איז געקומען פון די קליקער וועלדער. אַ חוץ דאָס גאַנצע האָלץ, וואָס ער האָט געגעבן סיי צום בנין און סיי צו די אינערלעכע איינריכטונגען, האָט ער אויך צו שטייער געגעבן אַ באַדייטנדיקע סומע געלט.

דאָס פייער פון מחלוקת האָט זיך נאָך נישט געהאַט אָפּגעקילט און נייע קאַמפן זענען געווען אונטערוועגנס. דער אַלטער רב קאָנשטאַם איז

נפטר געוואָרן. ווער זאָל זיין דער ממלא מקום? ווער זאָל פאַרנעמען די רבנות־שטול? די גערער האָבן שטאַרק חשק געהאַט, אַז דאָס זאָל זיין אַן אייגענער פון די גערער · קרייזן, אָבער די אַלעקסאַנדערער חסידים — די גערערס אייביקע קעגנער — האָבן געזאָגט, לאָ! די אַלעקסאַנדערער חסידים וואָלטן זיך זיכער נישט געקאָנט פאַרמעסטן מיט די גערער, ווען נישט די הילף, וואָס זיי האָבן באַקומען פון די שול־יידן און בית־המדרש־יידן, סיי פונעם דאָזאָר מאָשקע גרינבערג.

די קאַאַליציע פון די גערערס קעגנער האָט געזיגט, אַלס רב איז געקומען קיין בעלכאַטאָוו נישט קיין גערער אָנהענגער, דאָס איז געווען משה אלי בירנבוים. די גערער האָבן פונדעסטוועגן נישט אוועקגעלייגט די כלי־זיין, זיי האָבן אַלץ געטון צו דערגיין דעם נייעם רב די יאָרן. זיי האָב אים נישט אַנערקענט. זיי האָבן אים נישט טיטולירט רב, נאָר אים גערופן ביים נאָמען משה אלי. דאָס אַלץ וואָלט זיי נישט געהאָלפן, ווען נישט דאָס, וואָס די גערער האָבן זיך געבויגן און אריינגענומען אין זייערע קרייזן דעם דאָזאָר משה גרינבערג. זיי האָבן אים פשוט איבערגעבעטן. דאַן האָבן זיי אויפן רב פאַרשפּרייט קלאַנגען וועגן נישט מאָראַלישער אויפפירונג, אַזעלכעס וואָס פּאַסט נישט פאַר קיין רב, און דער רב איז אַליין אַנטלאָפן פון בעלכאַטאָוו.

דער נייער רב שמואל שלמה באָראַן (אדיר ברוין), באַקאַנט אַלס דער לוקאָווער רב, איז שוין געווען צום האַרץ די גערער. דער רב האָט זיך אויסגעצייכנט אויף עטלעכע געביטן. ער האָט אוועקגעשטעלט אַ גרויסע ישיבה מיט פיל בחורים, וואָס זענען געקומען פון פאַרשידענע געגנטן אין פּוילן.

פון פאַרטאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט געקלונגען דאָס לערנען פון די ישיבה־בחורים. דער גמרא־ניגון וואָס איז געקומען פון קליינעם בית־המדרש־געסל האָט זיך געטראָגן איבערן שטעטל. נישט ווילנדיק האָט מען דעם נגון מיטגעזונגען ביים רעדן, ביים אַרגומענטירן, אויך ביים האַנדלען איז באַנוצט געוואָרן דער ניגון. אפילו אין די פּויערים איז אריינגעזונגען געוואָרן דער ניגון, ווען זיי זענען געקומען אין באַרירונג מיט יידן. צענדליקער בחורים האָבן אָנגעפּולט דאָס בית־המדרש און בית־דין־שטוב. זיצנדיק אַרום טיש און לערנענדיק אויפן קול, און זיך געשאָקלט אָן אויפהער. די בעלכאַטאָווער אָרעמקייט האָט געשפּייזט די

בחורים דורך געבן זיי צו עסן „טעג". כאָטש אַליין האָט מען געהונגערט, האָט מען דאָך אָפּגעשפּאָרט פונעם אייגענעם מויל און גערן געשפּייזט די ישיבה־בחורים. דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון רבס אַרבעט. דער רב האָט אויך געפּרוווט באַווירקן אַנדערע געביטן פון יידיש־רעליגיעזן לעבן, ער האָט געזוכט צו צוימען די יוגנט. זייער אָפט פלעגט ער האַלטן מוסר־דרשות אין בית־המדרש. דאָס פלעגט פּאַרקומען שבת נאָכן מיטאָג־שלאָף. יידן פלעגן דאַן קומען אין בית־המדרש אַריין און דער רב האָט פונעם בעלעמער געהאַלטן מוסר־דרשות. אין באַזונדערע פאַלן האָט מען די יידן גערופן אין שול אַריין און דער רב האָט גערעדט פאַר מענער און פרויען.

ווען דער רב האָט פאַרלאָזט בעלכאַטאָוו, האָבן זיך אויפן האָריזאָנט אָנגעצייכנט נייע מחלוקת.

די מלחמה האָט אויף זיך לאַנג נישט געלאָזט וואַרטן. אַלעקסאַנדער־רער און וואָלבאָרזשער חסידים צוזאַמען מיט אַ גרויסן טייל שול־ און בית־המדרש־דאַווענער (אָדער ווי מען האָט זיי גערופן „פּראָסטע יידן") האָבן באַשלאָסן אָראָפּצוברענגען דעם וואָלבאָרזשער רבינס זון, צמח טאָרנ־היים, פאַר אַ רב אין בעלכאַטאָוו. שוין דאָס אַליין, וואָס דער קאַנדידאַט פאַר אַ נייעם רב ווערט פאָרגעשלאָגן פון אַזאַ גערער פיינטלעכער קאָאַלי־ציע האָט לויט אַלע ווארשיינלעכקייטן געדאַרפט אַרויסרופן די גערערס קעגנערשאַפט. צו באַרעכטיקן זייער קעגנערשאַפט האָבן די גערער געשיקט צוויי למדנים צו פאַרהערן דעם רב. ווי די עקזאַמינאַטאָרן האָבן פעסט־געשטעלט, איז דער קאַנדידאַט אויף דער רב־שטעלע צו שוואַך געווען אין לערנען. די גערער האָבן זיך פאַרנומען פאַר קיין פאַל נישט צו דערלאָזן דעם וואָלבאָרזשער רבינס זון צו דער בעלכאַטאָווער רבנות־שטול.

דאָך איז דעם וואָלבאָרזשער רבינס זון געוואָרן רב און אָראָפּגעבראַכט האָט אים דער וואָלבאָרזשער רבי בכבודו ובעצמו. דער אַלטער וואָלבאָר־זשער רבי, וואָס איז מיטגעקומען באַזעצן זיין זון אויפן בעלכאַטאָווער כסא־הרבנות, האָט געפּראַוועט חסידות, געפירט „טיש" און זיך אויס־געשלאָגן די הוצאות דורך נעמען „קוויטלעך", מיט פדיונים פאַרשטייט זיך. לכבוד דעם רבין האָבן זיינע אָנהענגער איינגעאָרדנט פּאַראַדן. עס איז געווען אַ געדראַנג ביים אָנקומען צום רבין. מענטשן זענען געקומען צופאָרן צום רבין פון שכנותדיקע שטעטלעך און דערפער. אין בעלכאַ־

טאָוו האָט דאָן געקאָכט און געזידט. פון דעם פּאַראַד און שטופּעניש צום רבין מיט די קוויטלעך האָבן די גערער אָפּגעהוזקט.

דער רב איז פאַרבליבן און די גערער חסידים האָבן זיך פאַרמאָסטן אויף אַ לאַנגער און פאַרביסענער מלחמה. די גערער האָבן זיך אָפּגעטײלט ווי אַ באַזונדערע רעליגיעזע גרופּע, מיט אַן אײגענעם מורא־הוראה, אַ שוחט און יאַטקעס. אַלץ, וואָס ביים צווייטן צד, איז דערקלערט געוואָרן טריפה, מען איז זיך געוואָרן שונאים און מען איז קעגנזייטיק נישט געגאַנגען אויף קיין שמחות. באַלעבאָסטעס האָבן מער נישט געקאָנט זיך באָרגן קיין טעפּלעך ביי שכנות, וואָס האָבן געהערט צום צווייטן צד. ס'האָבן געטראָפן געגוג קאָמישע סיטואַציעס, ספּעציעל ווען מחותנים האָבן געהערט צו די קעגנערישע צדדים.

די גערער האָבן אויסגעווירקט ביי דער מאַכט, אַז געבורט־ חתונה־ און טויט־באַשיינונגען זאָלן קאָנען געמאַכט ווערן אויך ביי זייער מורה־הוראה. אין די קאַמפן האָבן אויך גענומען אַ וואָרט בעלכאַטאָוועך „שטאַרקע", וועלכע זענען געשטאַנען אויפן רבס צד און נישט איין גערער האָט געקריגן אָנגעבראָכן די ביינער.

דער קאַמף איז געווען זייער אַ לאַנגער, ס'האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די מלחמה וועט אייביק אָנהאַלטן, אָבער מיט דער צייט איז דער עולם מיד געוואָרן. בלויז אַביסל עקסטרעם־פאַרעקשנטע גערער חסידים האָבן דעם קאַמף נישט געוואָלט אויפגעבן. ס'זענען אָנגעקומען נייע קאַמפן אַרום שוחטים, ווען בערל שוחט האָט צוליב זיין עלטער געדאַרפט אויפהערן שעכטן. דאָס זעלבע ווען הערשל שוחט האָט געדאַרפט אוועקלייגן דעם חלף. די קאַמפן האָבן זעלטן ווען אויפגעהערט. די גערער זענען שטענדיק געווען מער שטאַנדהאַפטיק, געווען גייסטיק, אין רעליגיעזן זין, פיל העכער און זיי זענען אַלעמאָל געשטאַנען אין די מחלוקותן אויף אַ פּרינציפּיעלן באָדן.

נאָך אין די פריערדיקע יאָרן זענען די יידישע יונגעלייט אין בעלכאַטאָוו געווען אומצופרידן מיט דער מאָנאָטאָנקייט פון זייער לעבן. עס האָט זיך געוואָלט עפּעס נייעס. דאָס האָט געפונען אויסדרוק אין דעם, וואָס עס האָט זיך געשאַפן אַ „חברה" פון בחורים. קיין גרויסע זאַכן האָט די חברה בחורים נישט אויפגעטון און קיין ספּעציעלע נייעס איז אין זייער לעבן נישט פאָרגעקומען. דאָך דאָס בלויזע דאַוועגען באַזונדער און דאָס פאַרברענגען טיילמאָל צוזאַמען איז שוין געווען עפּעס נייעס. אין דער

חברה האָבן זיך נישט גרופּירט די יונגע חסידישע בחורים — זיי זענען געווען ווי צוגעשמידט צום גערער שטיבל. אין דער חברה האָט זיך אויך גרופּירט די בעל־מלאכהשע יוגנט, ספּעציעל אַקטיוו זענען געווען ישראל משה בענטשקאָווסקי, מאַנעלע פּיאָטרקאָווסקי און אַנדערע פון דעם שניט. קיין גרויסע אַקטיוויטעט האָט די חברה נישט ארויסגעוויזן און האָט דעריבער קיין אריכת־ימים נישט געקענט האָבן. זי איז זיך סוף־כל־סוף פונאַנדערגעפאַלן.

די אויבנדערמאָנטע חברה בחורים איז נאָכגעפאָלגט געוואָרן פון אַ צווייטער חברה בחורים, וועלכע איז געווען ענלעך צו דער ערשטער. די נייע חברה בחורים, פּונקט ווי די ערשטע, האָט געדאַוונט צוזאַמען און פאַרברענגט צוזאַמען. זי האָט אָבער געפּרוווט צו זיין מער אַקטיוו און אריינברענגען נייעס צווישן דער יוגנט. קודם כל האָט די חברה שוין אָנגעהויבן פירן אַן אָרגאַניזאַציאָנעל לעבן. ביים אָנקומען אין דער חברה האָט מען געדאַרפט איינצאָלן איינשרייב־געלט, ווי אויך אַ חודשלעכן אָפּצאָל. אין פּראָגראַם פון דער חברה איז געווען צו העלפן נויטליידנדע. אַ גרויסע אונטערנעמונג, וואָס האָט דער חברה צוגעגעבן אָנזען, איז געווען — דאָס חתונה מאַכן אַ שנאָרעריש פּאָרל. מען האָט דאָס פּאָרל באַקליידט און באַשוכט, איינגעאָרדנט אַ חתונה מיט מוזיק און אַ חתונה־מאָלצייט. דאָס גאַנצע שטעטל, קינד און קייט, האָט זיך משמח געווען. דאָס אָרגאַניזירן די חתונה איז געווען אַ גרויס געשעעניש אין שטעטל צו יענער צייט. אָבער דער הויפּט־אויפטו, מיט וועלכער די חברה האָט שטאָלצירט איז געווען דאָס אויסבויען אַ פּאַרקאַן פאַר דער נישט לאַנג צוריק אויפגעבויטער שול. די אַלע טעטיקייטן זענען נישט געווען גענוג, כדי די חברה זאָל בלייבן עקזיסטירן. אין דער לופט האָבן זיך שוין געטראָגן נייע ווינטן. עס איז געווען צו ווייניק פאַר די שטימונגען פון דער צייט. אין דער דאָזיקער חברה זענען געווען טעטיק: ליפּמאַן בענטשקאָווסקי, יוסף גליקסמאַן, איטשע פּיאָטרקאָווסקי און אַנדערע.

בעלכאַטאָוו האָט אויך געהאַט צו ביסלעך „שטאַרקע", וועלכע מען האָט אָנגעזען און וועלכע האָבן זיך אויך געלאָזט פילן. דאָס זענען געווען פורמאַנעס, קצבים א"א. זייער אָפּט פלעגן זיי מלחמה האלטן צווישן זיך, געווענלעך צוליב קאָנקורענץ־טעמים. ס'האָט אויך געטראָפן, אז זייער פיזישער כוח האָט געברענגט אַלגעמיינעם נוצן. אזוי האָבן זיי זיך איינמאָל אָפּגערעכנט מיט גרופּעס פּויערים, וואָס זענען, געפירט דורך אַ

פינצטערער האַנט, אין אַן ערב יום־כּפּור ביים סוף פון פּאַריקן יאָר־הונדערט געקומען אין שטעטל אריין און זיך געוואָלט לאָזן וווילגיין. די פּויערים זענען דאַן אָפּגעוואַרט געוואָרן הינטער דעם שטעטל און זענען גוט צעממיתט געוואָרן.

געווען אַ פאַל, ווען סטערצעווער פּאָליאַקן האָבן אַדורכגעפירט אַ „היימיש" געריכט איבער איינעם דוד פייפער. זיי האָבן אים דערהרגעט, ווייל ער האָט געזאָלט האָבן אונטערגעצונדן פּויערישע סטאָדאָלעס. אַלס נקמה האָבן די בעלכאַטאָווער קצבים און פורמאַנעס זיך אָפּגערעכנט מיט די סטערצעווער פּוילישע קיילערס, וועלכער זענען געקומען אויפן מארק קיין בעלכאַטאָוו. ס'האָט אויך געקענט טרעפן אין אַ מארק־טאָג, אַז פּויערים זאָלן וועלן מאַכן אַן אַוואַנטורע ספּעציעל ביים פערד־האַנדל. אַלע אָט די פּרווון זענען דערשטיקט געוואָרן און אָפּטמאָל זענען צעקאַ־לעטשעטע פּויערים געפירט געוואָרן אַ היים.

אויך ערב פּריזיוו־צייטן האָבן דאָרפישע און שטאָטישע פּוילישע יונגוואַרג, זייענדיק אונטערן גלעזל, זיך געוואָלט לאָזן וווילגיין. ווען אַזאַ פּריזיוווניק איז אַמאָל באַפאַלן ישעיה שימקעוויטש (מישיקערס) זענען צענדליקער פּאָליאַקן צעשלאָגן געוואָרן דורך יידישע קצבים.

געווען אויך פאַלן פון נישט עטישער אויפפירונג מצד די „שטאַרקע", ווי פּרעטענזיע־געלט נעמער, אויסגעלאַסנקייט, מוסרים, — אָבער דאָס איז געווען פון אַזאַ קליינעם מאַסשטאַב, אַז מען האָט עס נישט אָנגעזען.

דאַקעגן זענען געווען גאָר גוטע ספּעציאַליסטן אויף אויסצולייזדיקן שטובן אָדער וועש פון בוידעמער, אפילו ערנסטע באַנדיטן אָנפאַלן.

אַ גרויס אָרט האָט פאַרנומען דאָס אויסנאַרן געלט דורך וואַרפן דריי קאָרטן. די קרבנות זענען געווען הויפּטזעכלעך פּויערים. דאָס איז טאַקע פאָרגעקומען צומיינסטנס אין מארק־טעג.

אין די נישט שיינע מעשים זענען אריינגעצויגן געוואָרן צו ביסלעך יינגערע אַרבעטער. אָן צווייפל איז עס געווען אַ רעזולטאַט פון דער ביטערער עקאָנאָמישער לאַגע, אין וועלכער דער גרעסטער טייל בעל־כאַטאָווער האָבן זיך געפונען.

די עקאָנאָמישע סיטואַציע פון די בעלכאַטאָווער יידן איז נישט געווען פון די גאָר פויגלדיקע. אין שטעטל האָבן זיך געפונען עטלעכע צענדליק צאַנקענדיקע שפּייז־קרעמלעך, בלויז געציילטע געוועלבער, וועמענס אייגנטימער זענען געווען קרובים פון די פאַבריקאַנטן און זיי האָבן

באַקומען אַלס קונים אַרבעטער מיט קוויטלעך פון די פאַבריקאַנטן, האָבן געהאַט אַ בעסערע מערכה. עס זענען אויך געווען עטלעכע גרעסערע גע־וועלבער, וועמענס אייגנטימער האָבן געבראַנגט סחורות אין גרעסערע קוואַנטומס פון פּיעטריקאָוו און לאָדזש. די סוחרים האָבן פאַרקויפט, אַ חוץ דירעקט דעם קונה, אויך צו אַנדערע קלענערע געוועלבער. געווען אויך תבואה־סוחרים, שניט־קראָמען, אייזן־געוועלבער, גאַלאַנטעריע־גע־שעפטן, בעקערייען, קצבים און אַנדערע.

געווען אויך מאַרק־סוחרים, וואָס פלעגן פאַרקויפן זייערע סחורות אויפן מאַרק צוויי מאָל וועכנטלעך: מאָנטיק און פרייטיק. אַ טייל פון די מאַרק־סוחרים זענען געפאָרן פאַרקויפן זייערע סחורות אין די אַרו־מיקע שטעטלעך, ווען עס זענען דאָרט אויסגעפאַלן מאַרק־טעג.

אויפן מאַרק זענען געווען אויסגעשטעלט אַלערליי סחורות: געבעקס און פלייש־אויסאַרבעטונגען, ביז הערינג און אַנדערע שפּייז־אַרטיקלען, ווי אויך זיסוואַרג; פאַרשידענע מאַנופאַקטור־שטאָפן, אַלערליי מענער־ און פרויען־קליידער, וועש, היטלען, שיך, לעדער, געפעס, מעבל, פערד, בהמות, חזירים, עופות, אייער און אַנדערע אַרטיקלען.

דער ווייט גרעסטער טייל פון די יידישע סוחרים זענען געווען ווייניק באַמיטלטע און האָבן געפירט אַ געמאַטערט לעבן. דער האַנדל איז ס׳רוב געגאַנגען אויף קרעדיט, מען האָט געצאָלט מיט וועקסלען. דאָס גאַנצע לעבן פון אַ דורכשניטלעכן בעלכּאַטאָווער סוחר איז באַשטאַנען אין זוכן הלוואות, גמילת חסדים אויף קליינע פּראָצענטער אין דער קאַסע פון דאָק־טאָר ראַדזשעוויטש, שפּעטער אין דער גמילת חסדים־קאַסע פון אַלטער באָרנשטיין (גראָבער אַלטער). מען איז אויך געווען געצוווּנגען צו נעמען געלט ביי פּריוואַטע פּראָצענטניקעס, וואָס פלעגן דיסקאָנטירן וועקסלען.

נישט איינער פון די סוחרים האָט באַנקראָטירט. אָבער דאָס האָט נישט געהייסן, אַז ער הערט אויף צו זיין אַ סוחר. ס׳האָט גענומען אַ שטיקל צייט ביז אַזאַ סוחר איז אַדורכגעקומען מיט די קרעדיטאָרן אויף צו באַצאָלן אַ טייל פון חוב אין ראַטעס. דאָס איבעריקע איז אַנולירט גע־וואָרן און דער האַנדל איז ווייטער געגאַנגען.

עס זענען אויך געווען בעלי־מלאכות, וועלכע האָבן געאַרבעט הויפּט־זעכלעך פאַר דער שטאָטישער באַפעלקערונג. דאָס זענען געווען: שניידערס, שניידערקעס, וועש־נייטערקעס, שוסטער, שטעפּער און אַנדערע פאַכן. אָבער די זענען נישט געווען די הויפּט־קוואַלן פון וואַנען די בעלכּאַטאָווער באַ־

פעלקערונג האָט געצויגן חיונה. די הויפּט באַשעפטיקונג אינעם שטעטל און טיילווייז אין דער אומגעגנט, איז געווען די אַרבעט אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע.

אין דער גרעסטער טייל שטובן פון בעלכאַטאָווער יידן, און נישט נאָר פון יידן, האָט זיך געהערט דער גערויש פון קלאַפּנדיקע וועב־שטולן, פון פריִען פאַרטאָג ביז העט שפּעט אין דער נאַכט אַריין. ביי די וועב־שטולן האָבן מענטשן געאַרבעט נישט נאָר מיט די הענט און פיס, נאָר דער גאַנצער קערפּער האָט געצאַפּלט — אַלע אברים האָבן געאַרבעט. די פּאַרדינסטן פון אַ וועבער איז געווען פון 2 ביז דריי רובל אַ וואָך. געווען וועבערס, וואָס האָבן מער פאַרדינט, נאָר דאָס זענען געווען אויסנאַמען. געוויינלעך פלעגט אַ וועבער־שטוב זיין אָנגעפּילט מיט וועב־שטולן. ווען מען האָט זיך געוואָלט לייגן שלאָפן, האָט מען דורך די שטולן געדאַרפט קריכן אין בעט אַריין. אויב עס איז נאָר געווען אַרבעט, האָבן אַלע אין שטוב, פון קליין ביז גרויס, געאַרבעט. די משפּחה־מיטגלידער וואָס האָבן נישט געאַרבעט אַלס וועבער, האָבן געשפּולט אָדער געטריבן אויף אַ רעדל.

ביי וועבעריי פלעגן אויך באַשעפטיקט זיין לערן־יינגלעך. דאָס זענען אין גרעסטן טייל געווען יינגלעך פון אַנדערע ערטער. זיי פלעגן אויסערגעוויינלעך אויסגענוצט ווערן. אַ צוגאָב צום וועבערס פאַרדינסט איז געווען „מאַץ". דאָס איז געווען לעגאַלע גנבה. פון דער גנבה האָבן גאַנץ גוט געוווסט די פאַבריקאַנטן. דער וועבער האָט אָראָפּגענומען אַ געוויסע צאָל פעדים פון דער קעטע (גענגל) ווי אויך אַ טייל פון שוס און עס פאַרקויפט צו אַ הענדלער, וועלכן מען האָט גערופן „מאַצער". אויפקויפער פונעם „מאַץ" פלעגן טיילמאָל צושטעלן צו די פאַבריקאַנטן מאַטעריאַל, וואָס האָט געשטאַמט פון די זעלבע פאַבריקאַנטן. ביי דעם אַלעם האָבן די וועבער געלעבט אין אַן אומבאַשרייבלעכער אָרעמקייט.

אויסער די וועבער זענען נאָך געווען אַנדערע, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט אַרום דער וועבעריי. קודם כל די פורמאַנעס. דאָס איז געווען אַ גרופּע מענטשן, וואָס האָבן געהאַט זייערע אייגענע לאַסט־וועגענער מיט פערד און זיי האָבן אויך געדונגען מענטשן צו דער אַרבעט. צוויי מאָל אין וואָך פלעגן די פורמאַנעס אויפלאָדן געשפּונענעם גאָרן אין לאָדזש און עס ברענגען קיין בעלכאַטאָוו, און צוויי מאָל אין וואָך פלעגן די זעלבע פורמאַנעס אויפלאָדן די פאַרטיקע סחורה אין בעלכאַטאָוו און זי אַוועקפירן קיין לאָדזש.

דעם געברענגטן בוימוואָל פון לאָדזש פלעגט נעמען דער פאַרבער אָדער דער בלייכער. אין גרויסע קעסלען האָט מען אַריינגעוואָרפן צענדליקער פעק גאָרן, וועלכע פלעגן צוערשט געקאָכט ווערן, נאָכדעם געפאַרבט אָדער געבלייכט.

פונעם פאַרבער האָבן דעם גאָרן גענומען טרייבערינס. דאָס זענען געווען די בעלכאַטאָווער „פּאַריער". געוויינלעך פלעגט אַן אַרבעטער אין דער טעקסטיל־אינדוסטרי פאַרדינען ווייניק. אַ בעלכאַטאָווער האָט פאַרדינט נאָך ווייניקער. די טרייבערינס האָבן פאַרדינט צום ווינציקסטן, זייער פאַרדינסט איז געווען אַזוי גראָשנדיק, אַז עס האָט כמעט נישט געהאַט קיין איינפלוס אויפן פרייז פון דער סחורה. מיט טרייבן האָבן זיך פאַרנומען הויפטזעכלעך דאָרפּישע פרויען. די טרייבערינס פלעגן אויך „מאַצן", אָדער אָראָפּנעמען אַביסל פון בוימוואָל. דער „מאַץ" האָט צוביסלעך קאָמפּענסירט די אַזוי שלעכט באַצאָלטע אַרבעט. די טרייבערינס האָבן געדאַרפט קראָכמאַלען צו שטאַרקן דעם פאָדים. צו דעם ציל האָט דער פאַבריקאַנט אַרויסגעגעבן די טרייבערינס מעל, פאַראַפין און ליים. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די טרייבערינס האָבן אַ טייל פון דעם מעל גענומען פאַר זיך. די פאַבריקאַנטן האָבן געפירט אַ קאַמף קעגן די „גנבות" פון די טרייבערינס, און זיי האָבן דאָס מעל באַשפּריצט מיט נאַפט, כדי די טרייבערינס זאָלן עס נישט קענען נוצן.

אַ גאַנץ אייגנאַרטיקע גרופּע האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט די שערערס. דאָס זענען געווען בכבודיקע מענטשן פון וועלכע פיל זענען געווען חסידים, טייל אפילו דאַווענערס אין גערער שטיבל. שערן איז נישט באַטראַכט געוואָרן ווי אַ געוויינלעכע מלאכה. כאָטש די אַרבעט איז געווען אַ פיזישע, איז זי דאָך געהאַלטן געוואָרן פאַר אַ בכבודיקע. די שערער זענען געווען די „אַריסטאָקראַטן" פון פאַך. די אַרבעט איז אויך בעסער באַצאָלט געוואָרן נישט נאָר אין בעלכאַטאָוו, נאָר אין גאַנצן לאָדזשער טעקסטיל־ראַיאָן. אין בעלכאַטאָוו זענען געווען צוויי קאַטעגאָריעס שערער: ביי יעדן פאַבריקאַנט איז געווען אַן ערשטער שערער, וואָס איז געוויינלעך געווען דעם פאַבריקאַנטס אַ קרוב אָדער אַ נאָענטער פריינט. די איבעריקע, צווייט־גראַדיקע, האָבן געאַרבעט ביליקער און דעם אונטערשיד האָט באַקומען דער ערשטער שערער. נישט אַלע פון דער צווייטער קאַטעגאָריע האָבן באַקומען דעם זעלבן פרייז. דער לוין איז באַזונדער מיט יעדן רעגולירט געוואָרן. די שערער, וואָס האָבן פון די דורך די טרייבערינס אויפגעוויקלטע

פייפן געמאכט קעטן פאר די וועבער, האָבן עס געמאכט אין פאבריקאנטס ספּעציעלער שער־שטוב. די מכשירים, ווי שעראמעס, פייפן־שטעק, שפּול־שטעק, שער־ברעטלעך אד״גל האָבן געהערט צום פאבריקאנט. די שערער זענען אויך געווען דעם פאבריקאנטס פארטרויאונגס מענטשן. זיי האָבן נישט נאָר אינפאָרמירט דעם פאבריקאנט וועגן דער לענג פון גאָרן אויף די אָרויפגעוויקלטע פייפן, וואָס די טרייבערינס האָבן אָפּגעברענגט, זיי האָבן אויך צוגעטראָגן צו די פאבריקאנטן וועגן די שטימונגען צווישן די וועבערס. כמעט אַלע שערערס זענען געווען יידן. יידן זענען אויך געווען די רייגערס און אָנדרייערס. די ארבעט פון די רייגערס איז פאָרגעקומען אין זייערע אייגענע וווינונגען. די רייגערס האָבן געהאַט געהילפן, וועלכע האָבן באקומען פאר זייער ארבעט זייער ווייניק. די רייגערס האָבן אויך געהאַנדלט מיט געשירן און בלעטער. יעדער רייגער האָט געהאַט זיינע פאבריקאנטן, וועלכע האָבן זיי געגעבן ארבעט.

די ארבעט איז נאָר טיילווייז אויסגעפירט געוואָרן אין בעלכאַטאָוו. געשפּונען דעם גאָרן און אויסגעפּאַרטיקט אין אַפּרעטורן האָט מען אין לאָדזש. די גרעסטע טייל בעלכאַטאָווער פאבריקאנטן זענען עס געווען בלויז לויטן נאָמען, ווייל אין דער אמתן זענען זיי געווען בלויז די פאַר־מיטלער (ליווערא‌נטן). טייל זענען געווען שותפים צו לאָדזשער אונטער־נעמער. די בעלכאַטאָווער פאבריקאנטן זענען, א חוץ איינצלנע אויסנאָמען, אַלע געווען יידן. חיים טוסק מיט די זין און טעכטער, ישעיה שראגע, העניך שראגע, מענדל וואָלפאָוויטש, וועלוול פערשטער, גראבער שאול, מאיר משה פייוויש, אברהם מענדל און יאָסל ווארשאַווסקי, פּרץ פרייטאג, ראַ־גאדזשינסקי, שווארצער שלמה, מאקאָווער, מיכאל דאזאר, חיים מענדל ווישליצקי, מיכאל אביגדור פּיטאָווסקי, שמואל יאנקל קאשוב, אהרן פּלאַ־צעק טאָמאַשאָווער, פּייוול אָמבערדיקס און אַנדערע.

נאָך א צרה האָט געשווערט אויף די בעלכאַטאָווער וועבערס. דאָס איז געווען דאָס אויסצאָלן פאר דער ארבעט. געדאַרפט האָט מען אויסצאָלן פרייטיק נאָכמיטאָג. די וועבערס האָבן געאַרבעט דאָנערשטיק א גאַנצע נאכט, כדי צומאָרגנס צו ליווערן און באקומען אויסגעצאָלט. פרייטיק נאָכמיטאָג האָבן זיך די ארבעטער געזאמלט ביים פאבריקאנט וואַרטנדיק אויף זיין אָנקומען פון לאָדזש מיט געלט אויסצוצאָלן. אָפטמאָל האָט געטראָפן, אַז דער פאבריקאנט האָט פארשפּעטיקט, אָדער איז אינגאַנצן נישט געקומען צו פאָרן אויף שבת. ס׳האָט אויך געטראָפן, אַז דער פאַ־

בריקאַנט איז געקומען צופֿאָרן אָן געלט. אויך מער ווי איין מאָל האָט דער פֿאַבריקאַנט זיך באַהאַלטן און זיין ווייב האָט דערקלערט, אַז דער מאַן איז נישט געקומען צופֿאָרן. נאָכן אָפּוואַרטן שעהען איז דער אַר־בעטער אַהיימגעגאַנגען אָן געלט. די אַרבעטער־משפּחה איז געווען פֿאַר־צווייפֿלט, ווייל זייענדיק פֿאַרשולדיקט איבערן קאָפּ, האָט דאָס נישט באַקומען אויסגעצאָלט באַדייט אַ קאַטאַסטראָפֿע. דער בעקער, קצב און געוועלבניק וועלן אַ חוץ נישט געבן מער אויף קרעדיט. נאָך זידלען דערצו. אַזעלכע שבתים האָבן זיך פֿאַרוואַנדלט אין טרויער־טעג. פֿונדעסטוועגן איז דאָס געווען בלויז אַ הלעפּט פֿון דער צרה.

די צווייטע העלפֿט איז געווען דער קוויטל־סיסטעם. דער פֿאַבריקאַנט האָט געצאָלט פֿאַר אַרבעט אַנשטאָט מיט געלט — מיט אַ קוויטל אין אַ באַשטימטער קראָם. אָפֿטמאָל איז דער סוחר געווען דעם פֿאַבריקאַנטס אַ קרוב. די פּראָדוקטן אויפֿן קוויטל זענען געווען טייערער און ערגער. בכלל איז דער אַרבעטער געווען געצוווּנגען צו נעמען די סחורה, וועלכע דער קרעמער האָט געהאַט. די וועבער זענען געווען זייער אומצופֿרידן פֿון די קוויטלעך, ספּעציעל האָבן געהאַסט די קוויטלעך די פֿרויען פֿון די וועבער. דאָס האָט אָבער געלוינט דעם סוחר, וועלכער האָט געהאַט אַ גרעסערע צאָל קונים, ביי וועלכע ער האָט נישט שלעכט פֿאַרדינט. אויך דעם פֿאַבריקאַנט האָט עס געלוינט. ער האָט דעם קרעמער געוועגלעך גע־צאָלט מיט אַ וועקסל, ביים אַרויסנעמען די קוויטלעך. דאָס צאָלן מיט קוויטלעך איז געווען אומלעגאַל. די קוויטל־געשיכטע האָט אפֿילו אַמאָל אָנגעשפּאַרט אין געריכט. ס׳האָט געדראָט, אַז פֿאַבריקאַנטן זאָלן דאַרפֿן גיין זיצן אין טורמע, אָבער די אָרדענונג, וואָס האָט עקזיסטירט, האָט נישט צופֿיל איינגעריסן מיט די פֿאַבריקאַנטן, אפֿילו מיט די יידישע. די פּאָליציי, דער וואָיט, אפֿילו די ריכטער האָבן אַוועקגעקוקט. פֿאַר כּאַבאַר זענען אַלע חטאים ריינגעוואַשן געוואָרן.

די שלעכטע עקאָנאָמישע סיטואַציע, די אוממענטשלעכע לעבנס־באַדינגונגען האָבן געמוזט וועקן פּראָטעסט־געפֿילן. די שטימונגען האָבן געפֿונען אַן אָפּקלאַנג אין בית־המדרש, וווּ וועבער פֿלעגן קומען דאַווענען. צווישן מנחה־מעריב האָבן זיך די וועבערס איינער פֿאַרן צווייטן אַראָפּ־גערעדט פֿון האַרץ. נאָך מער איז עס געווען שבת נאָכן מיטאָג־שלאָף, דעמאָלט האָט זיך דער וועבער־עולם געזאַמלט אין בית־המדרש. בעת־מעשה האָט מען גערעדט וועגן פֿינצטערן מזל פֿון די וועבערס, און פֿון

רעדן איז געפאַלן אַ געראַנק וועגן שטרייקן. אַ גרויסער טייל האָט זיך אָנגעכאַפּט דערין, אָבער אין דער היים, אין די פינצטערע וועבער־שטובן, האָט זיך דער שטרייק־ענטוזיאַזם אויסגעוועפּט. די ווייבער האָבן געטענהט: פון וואַנען וועט מען נעמען צו דערהאַלטן די נשמה? אָבער די צרהדיקע לאַגע האָט דערפירט, אַז אַזאַ פּראָטעסט איז דאָך צושטאַנדגע־קומען און באַשלאָסן איז דאָס געוואָרן טאַקע אין בית־המדרש. אין איין שיינעם פרימאָרגן האָט מען פון אַלע זייטן געזען טראָגן אויפגעבעמטע קעטן מיט די געשירן און אויסגעאַרבעטע סחורה איז געווען אַרומגע־וויקלט. די פולע ביימער זענען אָוועקגעלייגט געוואָרן פאַר די טירן פון די פאַבריקאַנטן. דער איינדרוק פון דעם פּראָטעסט איז געווען זייער אַ שטאַרקער. אַלע אין שטאָט האָבן געגעבן גערעכט די וועבער. אָבער דערפון איז די לאַגע נישט בעסער געוואָרן. די אַרבעטער זענען צוליב זייער נויט געצווונגען געווען צוריקצונעמען די אַרבעט אויף די זעלבע טרויעריקע באַדינגונגען. אַ צווייטן פּראָטעסט־אַקט — אַ מער שטאַרקערן — האָבן די וועבערס דורכגעפירט קעגן די פאַבריקאַנטן, בעת דער גע־רער רבי, דער מחבר פון „שפת אמת” איז קראַנק געווען. די בעלכאַטאָ־ווער יידן זענען דאַן גערופן געוואָרן אין שול אַריין מתפלל צו זיין פאַרן געזונט און לעבן פון רבין. די שול איז געווען געפּאַקט מיט יידן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען אַ סך פאַבריקאַנטן. ביים אַרויסגיין פון שול זענען אַ טייל פאַבריקאַנטן באַפאַלן געוואָרן פון יונגע וועבער, וועלכע האָבן די פאַבריקאַנטן נישקשהדיק צעשלאָגן. קלעפּ האָבן באַקומען נאָר די, וועלכע האָבן זיך ברוטאַל אויפגעפירט לגבי די אַרבעטער. די אַר־בעטער האָבן זיך נישט באַנוגנט מיט די פאַבריקאַנטן וועלכע זענען גע־ווען אין שול, זיי זענען אויך געגאַנגען אַ היים צו די, וואָס זענען אין שול נישט געווען און זיי צעשלאָגן אין זייערע אייגענע היימען.

עס זענען געמאַכט געוואָרן פּרווון צו שטערן דאָס אַרויסגעבן די אַרבעט אויפן דאָרף, דורך באַגיסן דעם מאַטעריאַל מיט וויטריאָל. ווען די פאַבריקאַנטן האָבן אַרויסגעגעבן דעם מאַטעריאַל שטילערהייט, אַז די יידישע וועבער זאָלן עס נישט באַמערקן, זענען געווען שערערס, וואָס האָבן צו וויסן געגעבן, ווען אַזעלכע דאָרפישע וועבער זענען געקומען נאָך מאַטעריאַל. די פאַבריקאַנטן האָבן זיך דאַן געווענדט צו דער מאַכט. אַן אויספאָרשונגס־קאָמיסיע פון פּאָליציי און געריכטס־פאָרשטייער איז געקומען פון פּיעטריקאָוו, מען האָט אַרויסגערופן צו דער קאָמיסיע די

יידישע וועבער, וועלכע זענען געווען אונטערן חשד, אַז זיי פאַרברענען מיט וויטריאָל דאָס מאַטעריאַל, וואָס די דאָרפישע וועבער פירן אַרויס פון שטעטל. אָבער קיין רעזולטאַט איז דערפון נישט אַרויסגעקומען. עס האָט זיך שוין געפילט אין דער לופט דאָס אָנקומען פון אַ שטורעמדיקער צייט. אין יענער צייט איז אין בעלכאַטאָוו אַנטשטאַנען אַ לוין־וועבער־פאַראיין. צווישן דער יוגנט האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּאָליטיש־רעוואָלוציאָנערע אַרבעט.

איינער פון די, וואָס איז צוערשט אָנגעשטעקט געוואָרן מיט רעוואָלוציאָנערע אידעען, איז געווען חיים שלמה מיכאל יוספס, אַ יונג בחורל — אַ וועבער. ווי יונג ער איז געווען, האָט ער דאָך שוין געהאַט אַ געלעגנהייט צו האָבן אַ צוזאַמענשטויס מיטן לוקאָווער רב אין אַ שבתדיקן פרימאָרגן. געווען איז עס ביי עוזר זשוכאָווסקי (מיגאַץ), אין שכנות פון בית־המדרש און רב, פלעגן זיך יונגעלייט טרעפן, פאַרברענגען צוזאַמען אַמאָל ביי אַ גלעזל בראָנפן מיט פאַרבייסן. איינמאָל האָט זיך באַוויזן דער רב און גענומען מוסרן דאָס יונגוואַרג, הלמאי זיי זענען נישט ביים דאַווענען. חיים שלמה האָט זיך נישט דערשראָקן און געענטפערט דעם רב דרייסט אויף זיינע גוואַלדן.

חיים שלמהן האָט עס אין בעלכאַטאָוו נישט געלאָזט איינרוען. עס האָט אים געצויגן צום קאָכיקן, רוישיקן לאָדזש. אין לאָדזש האָט ער אָנגעשפאַרט אין אַ בונדישער סביבה, ער האָט זיך דאָרט באַקענט מיט אַ בחור אַ וועבער, וועמענס נאָמען איז געווען בערל בינעם, מיט וועמען ער איז געוואָרן באַפריינדעט. אין שמועסן האָט חיים שלמה איבערגעגעבן בערל בינעמען וועגן דער לאַגע אין בעלכאַטאָוו. זיי האָבן אָפּגעמאַכט ביי זיך אַראָפּצופאָרן קיין בעלכאַטאָוו, כדי עפּעס צו טון צו פאַרבעסערן די לאַגע פון די בעלכאַטאָווער אַרבעטער. ביידע זענען געקומען קיין בעלכאַטאָוו און גענומען פּראָפּאַגאַנדירן בונדישע אידעען. זיי האָבן שנעל געהאַט דערפאָלג. אָנהענגערס האָבן זיך געשאַפן און די גרופּע איז געוואַקסן. די צוזאַמענקונפטן זענען פאַרגעקומען אין פּריוואַטע שטובן, טיילמאָל אויפן נייעם וועג אָדער אין אַנדערע ערטער.

צווישן די ערשטע וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט זענען געווען אברהם מאַכאַביינסקי (ישעיהס זון, שפּעטערדיקע נעמען: שוואַרצער אברהם, אברהם בלאָך), פישל מאיר וויים (פערל די באַסטערינס זין, אויך זיין שוועסטער די געלע חנה איז געווען מיטבאַ־

טייליקט), משה באַרנשטיין (קייזער), אברהם יאַנקל פּזשיבילסקי (סאַ־בראַן), אברהם שמולעוויטש (פּראָוויזער), חנא איציק (צאַליקלס) און נאָך אַנדערע.

א צווייפאַכיקער טעטיקייטס־פּראָגראַם איז אונטערגענומען געוואָרן: פּאָליטישער און עקאָנאָמישער קאַמף. מיט די עטלעכע „סטראַזשניקעס", וואָס זענען געווען אין שטעטל האָט מען געקענט טון וואָס נאָר מען האָט געוואָלט. פאַר אַ קליינער לאַפּווקע האָט מען געקענט אָפּקויפן די פּאָליציי מיט אַלע באַאַמטע.

די צווייטע פאָרם פון קאַמף — די עקנאָמישע, אָדער פּראָפעסיאָ־נעלע באַוועגונג, האָט פאַרכאַפּט אַלעמען, וועלכע האָבן געלעבט פון אַר־בעט. יעדער האָט זיין עקאָנאָמישע לאַגע געוואָלט פאַרבעסערן. בעסערע לעבנס־באַדינגונגען איז געווען דער רוף, אויף וועלכן אַלע האָבן געענט־פערט. ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ בונדישע אָרגאַניזאַציע און אַ טעקסטיל־פאַראיין, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון בונדיסטן.

די טעטיקייט פון די אָרגאַניזאַציעס איז געוואָרן זייער פּאָפּולער און האָט זיך געלאָזט פילן. די גאַנצע ארבעטער־יוגנט איז אריינגעצויגן געוואָרן אין די אָרגאַניזאַציעס. אויך די לערן־ייִנגלעך זענען אריינגעצויגן געוואָרן אין „קליינעם בונד". מיט די לערן־ייִנגלעך האָט אָנגעפירט משה קאָפּל, אַ יונגער בחור, וועלכער איז געווען אַ קרוב פון יאָסקע מלמד. אַ חוץ מינדלעכע פּראָפּאַגאַנדע אויף דער בירזשע, אויפן נייעם וועג און אויף נאָך אַנדערע ערטער, האָט מען זיך אָנגעהויבן באַנוצן מיטן געדרוקטן וואָרט.

ס'האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן אין בעלכאַטאָוו צייטונגען, זשורנאַלן, בראָשורן, אויפרופן, אויך איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ ביבליאָטעק.

דער טעקסטיל־ פאַראיין האָט גענומען פאָדערן צו פאַרבעסערן די לאַגע פון די וועבער. דער פאַראיין האָט אָרגאַניזירט שטרייקן, וועלכע האָבן זייער ניישט געשמעקט די פאַבריקאַנטן.

צוויי פאַקטאָרן האָבן געמאַכט פּרווון צו שטערן די פּאָליטישע און הויכטזעכלעך די פּראָפעסיאָנעלע טעטיקייט פון די בונדיסטן, דאָס זענען געווען דער רב און די פורמאַנעס.

דער רב האָט געהאַלטן פייערדיקע דרשות קעגן די, וואָס ווילן חרוב מאַכן די וועלט. קעגן די יונגע פושעים, וואָס פאַרלייקענען גאָטס תורה און שטעלן זיך קעגן גאָטס ווילן, זיי גייען מלחמה האלטן מיט גאָט, מיטן

קייסער און מיט די שיינע יידן. דער רב האָט געדראָעט מיט חרם קעגן די שקצים און לאָבוזעס.

ספּעציעל איז ער אַרויסגעטרעטן קעגן חיים שלמה שטאַטלענדער און בערל בינעמען. די לעצטע זענען דאַן געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל.

נאָך אַ כוח, אַ מער רעאַלער, איז געקומען צו הילף די פאַבריקאַנטן. דאָס זענען געווען די פורמאַנעס. מענטשן מיט פיזישן כוח, וואָס פלעגן פירן מלחמות צווישן זיך, האָבן איצט גענומען באַנוצן זייער כוח קעגן די יונגע בחורימלעך פון די וועב־שטולן. פעטש פון פאַרהאַרטעוועטע פור־מאַנישע פויסטן זענען געפאַלן אויף די יונגע ענטוזיאַסטן, וואָס האָבן זיך פאַרמאָסטן צו פאַרבעסערן דעם לעבנס־מצב פון די בעלכאַטאָווער וועבער.

דעם רבס דרשות האָבן ווייניק וואָס געהאָלפן. בערל בינעם איז טאַקע אַוועק פון בעלכאַטאָוו, אָבער די אָרגאַניזאַציע האָט זיך פאַר־פעסטיקט. אויך די פורמאַנעס זענען געווען געצוווּנגען צו רעזיגנירן פון טשעפּען די בונדיסטן. זיי האָבן באַקומען אַן אָנזאָג פון דער לאָדזשער אָרגאַניזאַציע, און מען האָט די פורמאַנעס געוואָרנט נישט צו שטערן די בעלכאַטאָווער אַרבעטער, און אַזאַ אָנזאָג איז צו יענער צייט אויסגעפירט געוואָרן אָן באַוואָרענישן. פאַרקערט, זיי האָבן זיך אונטערגעוואָרפן די פאָדערונגען פון די בעלכאַטאָווער בונדיסטן, ווען יענע האָבן זיי גערופן נישט צו פאַקן סחורות אויף צו פירן קיין לאָדזש.

שטרייקן זענען דאַן געווען פאַרשידענע: עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און סאָלידאַר־שטרייקן. די עקאָנאָמישע שטרייקן האָבן זיך אין אַ געוויסער מאָס איינגעגעבן. יידישע וועבער האָבן כסדר געהאַט אַרבעט און באַקומען בעסער געצאָלט פאַר דער אַרבעט... אויך איז די לאַגע פון די געזעלן און לערן־ייִנגלעך באַדייטנד אויסגעבעסערט געוואָרן.

פּאָליטישע שטרייקן זענען געווען צוזאַמענגעבונדן מיט פּאָליטישע אַקציעס, ווי 1טער מאַי, 9טער יאַנואַר, קאָנסטיטוציע און פיל אַנדערע פאַלן. בעת אַ פּאָליטישן שטרייק זענען, אויסער דעם אָפּשטעלן די אַר־בעט, אויך די קראָמען געווען פאַרמאַכט... אין שטעטל האָט עס אויס־געזען ווי שבת און זונטיק צוזאַמענגענומען, סיי יידן סיי קריסטן זענען געווען געצוווּנגען צו רוען.

דער סאָלידאַר־שטרייק איז פאָרגעקומען הויפּטזעכלעך, ווען אין לאָדזש האָט מען געשטרייקט און די בעלכאַטאָווער אַרבעטער זענען גערופן געוואָרן

זיך צו סאָלידאַריזירן. דעמאָלט איז אויך די אַרבעט אין בעלכאַטאָוו אָפּ־געשטעלט געוואָרן און אַפילו די לאַסט־וועגענער האָבן נישט קורסירט.

די בעלכאַטאָווער אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט נאָך אַנדערע אויפגאַבן אויפן געביט פון סאָלידאַריטעט. ס'האָט געטראָפן, אַז ווען אַ חבר, וואָס איז זייער שטאַרק פאַרפאָלגט געוואָרן פּאָליצייאיש אין לאָדזש אָדער אין אַנדערע שטעט האָט זיך געמאָלדן מיט אַ בריוו פון אַן אָרגאַניזאַציע — איז ער קומענדיק קיין בעלכאַטאָוו, באַזאָרגט געוואָרן מיט אַ דירה, אַרבעט און אַלעם נויטיקן.

צו העלפן פירן די פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט פלעגן פון צייט צו צייט קומען צופאָרן דעלעגאַטן און רעדנער פון לאָדזש, פּיעטריקאָוו און אַנדערע ערטער. פיל מאָל פלעגן איינגעאָרדנט ווערן מיט דער הילף פון פרעמדע דעלעגאַטן גרויסע מיטינגען. אמאָל איז עס געווען אויף דער נאָר־מאַלער בירזשע, אויפן נייעם וועג, אָדער אין וואַלד. עס זענען אויך פאָר־געקומען פאַרזאַמלונגען אין גערער שטיבל, בית־המדרש, שול און אַנדערשוווּ.

ס'פלעגן אויך פאָרקומען עפנטלעכע דעמאָנסטראַציעס אונטער דער בונדישער פאָן. אַזאַ פאָן איז געמאָלן געוואָרן פון דעם מצבה־קריצער שמואל רייך. אויף דער בירזשע איז די פאָן אַרויסגעצויגן געוואָרן מערערע מאָל. גאַסן־דעמאָנסטראַציעס זענען געווען וויניקער. די גאַסן־דעמאָנסטראַציעס פלעגן מאַרשירן אָפּגעהיטן פון אַ באַוואָפנטער מיליץ. איינמאָל האָט פּאַ־סירט אַ צופאַל בעת אַ דעמאָנסטראַציע. דער מיליציאָנער לייבוש מאכל לאַנדוי האָט אויסגעשאָסן און פאַרוווּנדעט יוסף לייב פעלד. ס'איז אַנט־שטאַנען אַ בהלה, וועלכע איז באַלד איינגעשטילט געוואָרן. מען האָט דעם פאַרוווּנדעטן אַוועקגעפירט אויף צו באַקומען מעדיצינישע הילף און די דעמאָנסטראַציע איז ווייטער געגאַנגען לויטן אָנגעצייכנטן פּראָגראַם.

געוועהר איז דאַן געווען אָפּט דעמאָנסטרירט געוואָרן. ביי יעדער גע־לעגנהייט האָט זיך באַוויזן געוועהר, סיי אויף דעמאָנסטראַציעס, סיי אויף גרעסערע פאַרזאַמלונגען האָט מען שטענדיק געזען געוועהר, הגם אויסערלעך האָט עס געמאַכט אַן איינדרוק ווי אַ קינדער־שפּיל.

דער אויטאָריטעט פון דער אָרגאַניזאַציע איז געוואַקסן. איר ווירקונג האָט זיך פאַרשפּרייט אויסער די רייען פון אירע מיטגלידער און אָנהענגער. זייער פיל געקריוודעטע מענטשן פלעגן זיך ווענדן צו דער אָרגאַניזאַציע אָנ־צונעמען זיך פאַר זיי זייערע עוולות. נישט שטענדיק האָט די אָרגאַניזאַציע

געהאַלטן פאַר נויטיק זיך אַריינצומישן. אין פיל פאַלן האָט די אָרגאַניזאַציע יאָ אינטערווענירט און מיט דערפאָלג.

די אָרגאַניזאַציע פלעגט אויך ראַטעווען יונגע אַרבעטער, וואָס האָבן זיך אַריינגעפּלאָנטערט אין דער אונטערוועלט. צו ביסלעך האָבן אָרגאַניזאַציע־מיטגלידער גענומען באַקעמפן די אונטערוועלט. אומבאַמערקט האָט זיך דער יונגער אַרבעטער עלעמענט גענומען ענדערן. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַן אינטערעס אין פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען. ס'איז געוואַקסן דער ווילן צו אַ בוך, אַ צייטונג. מען האָט געפילט אַ דראַנג צו ווערן פּאָליטיש אַקטיוו. אויך אין פּערזענלעכע באַציאונגען איז די האַלטונג געוואָרן מער קולטורעלער.

אונטער דער ווירקונג פון דער צייט זענען אַנטשטאַנען נאָך אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן געהאַט פאַר אַ ציל צו שיצן די אַרבעטער אינטערעסן. אַזוי האָט זיך געגרינדעט אַ לוין־וועבער פאַראיין. דאָס איז געווען אַן אָרגאַניזאַציע פון וועבער, וואָס האָבן געהאַט אייגענע וועבשטולן אין זייערע היימען. זיי האָבן געאַרבעט מיט זייערע פאַמיליעס און באַשעפטיקט געזעלן און לערניינגלעך. דער לוין־וועבער־פאַראיין האָט פון די פאַבריקאַנטן געפאָדערט פאַרשידענע פאַרבעסערונגען. דער פאַראיין האָט זיך אויך פאַרטיידיקט קעגן די געזעלן און לערניינגלעך וואָס האָבן געהערט צום טעקסטיל־פאַראיין. קיין קאַמפן צווישן לוין־וועבער־פאַראיין און טעקסטיל־פאַריין זענען פונדעסטוועגן נישט פאָרגעקומען. פאַרקערט, דער טעקסטיל־פאַראיין פלעגט זיך באַנוצן מיטן לאָקאַל פון לוין־וועבער־פאַראיין. נאָר די פאַבריקאַנטן האָבן בעסער געוואָלט האָבן צוטון מיט די פאָרשטייער פון לוין־וועבער פאַראיין ווי מיטן טעקסטיל־פאַראיין. אין לוין־וועבער פאַראיין פלעגט מען אויך דאַווענען. מיטן פאַראיין פון די לוין־וועבער האָבן אָנגעפירט מאיר און שמואל זקן כאַינאַצקי, חיים שלמה שפּיגעלמאַן, משה ישראלקעס, מענדל פּיוסקער און אַנדערע.

צו דער זעלביקער צייט האָט אויך עקזיסטירט אַ שערער־פאַראיין מיט אַן אייגענעם לאָקאַל, וווּ מען האָט געדאַוונט און אַ צייט אַפילו געלערנט משניות אין די שבתים. דער שערער־פאַראיין האָט געפאָדערט ס'זאָל זיין בלויז איין קאַטעגאָריע שערער אַזוי, אַז ס'זאָל אָפּגעשאַפט ווערן דאָס אָראָפּגעבן פּראָצענטער די ערשטע שערער. אויך דאָס אויסשערן די רעשטלעך זאָל אָפּגעשאַפט ווערן אָדער מען זאָל דערפאַר קריגן ספּעציעל באַצאָלט. אָפּשאַפן דאָס אָפּרעכענען יעדע זעקס חדשים. דער פאַראיין האָט

פאַרלאַנגט מען זאָל זיך מיט די שערער אָפּרעכענען וועכנטלעך. דער פאַר־איין האָט אויך געפאָדערט, אַז דער לוין זאָל זיין דער זעלבער ווי דער זדונסקע־וואָליער לוין. די הויפּט־אָנפירער פון פאַראיין זענען געווען יעקב ביינישׁ, מאַרקעוויטשעס קינדער.

****

די ענדערונג אינעם גזעלשאַפטלעכן לעבן פון בעלכאַטאָוו איז נישט געווען קיין אויסנאַם פון אַלע אַנדערע ערטער אין פּוילן. ספּעציעל די ערטער, וואָס זענען געווען באַפעלקערט מיט אַרבעטנדיקע עלעמענטן. אַ שטורעמדיקע כוואַליע האָט זיך געטראָגן קעגן אַלץ, וואָס האָט געדריקט און געפּרעסט. ס'האָט זיך געוואַקלט די פּאָליטישע מאַכט. דער פאַבריקאַנט, דער רב, פּונקט ווי דער גלח האָבן זיך נישט געפילט ווי צום בעסטן. די פאָרשטייער פון דער מאַכט אינעם שטעטל זענען געווען אַזוי נעבעכדיק, אַז זיי האָבן זיך אינגאַנצן פאַרלוירן. די עטלעכע „סטראַזשניקעס" האָבן געטון אַלץ מען זאָל זיי נישט אָנזען. זיי זענען עפּעס ווי אין דער ערד אַריין. מען האָט געקאָנט מיינען, אַז זיי האָבן אינגאַנצן נישט עקזיסטירט. אויך די פאַבריקאַנטן האָבן זיך באַמיט וויפל ס'איז מעגלעך נישט איינצו־רייסן מיט די אַרבעטער.

אין 1906 איז דער שטורעם, וואָס האָט געטראָגן די כוואַליע שוואַכער געוואָרן. אַלץ איז נאָך טאַקע געווען ווי פריער. מען האָט געפייערט דעם 1טן מאַי. די איינציקע מעכאַנישע וועבעריי, — פּריוואַטאָגס פאַבריק, איז אָפּגעשטעלט געוואָרן. די בירזשע און קרייזן האָבן נאָרמאַל פונקציאָנירט. אַ קליינע ענדערונג איז דאָך פאָרגעקומען — צען קאָזאַקן זענען אַראָפּגע־קומען קיין בעלכאַטאָוו און זיי זענען איינקוואַרטירט געוואָרן ביי קלינקען אין סטאָדאָלע. די קאָזאַקן האָבן אין שטאָט קיין קאַמפן נישט געפירט. זיי האָבן בלויז געהויבן די שטימונג ביי די פאַבריקאַנטן.

די פּאָליטישע און פּראָפעסיאָנעלע טעטיקייט איז נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן. ס'האָט זיך בלויז געמערקט אַביסל פאָרזיכטיקייט, כדי נישט צו געבן די קאָזאַקן אַ געלעגנהייט צו צעהוליען זיך. אינגאַנצן אויסהיטן זיך איז געווען אוממעגלעך. יצחק זילבערשאַץ איז איינמאָל שטאַרק צעשלאָגן געוואָרן פון די קאָזאַקן. משה קאַפּל איז אַרעסטירט געוואָרן דעם 1טן מאַי 1907 פאַר גיין איבער די קראָמען מען זאָל זיי פאַרמאַכן. אַ גרופּע יונגעלייט, צווישן וועלכע עס איז געווען אַלטער נאַפּאַרסטעק, האָט געמוזט אָפּזיצן

אַ חודש צייט אין פּיעטריקאָווער אַרעסט. אַ פּאָליציייאיש־געריכטלעכע קאָמיסיע איז געקומען קיין בעלכאַטאָוו אין צוזאַמענהאַנג מיטן צווינגען אָפּצושטעלן פּרייטאַגס מעכאַנישע פאַבריק. מען האָט אַרויסגערופן אויף אַ פאַרהער פיל בונדיסטן און טוער פון לוין־וועבער פאַראיין. מען האָט זיי געדראָט מיט רעפּרעסיעס.

בעלכאַטאָווער, וואָס זענען געווען אַקטיוו אין לאָדזש, האָבן אָנגעהויבן צו פילן די פאַרשטאַרקטע אַקטיוויטעט פון דער פּאָליציי. ס'איז פאַרהאַלטן געוואָרן חנא איציק פעלצמאַן. מען האָט אים צוגעשטעלט צום מיליטער. נאָכן אָפּדינען האָט מען אים אַרעסטירט און פאַרשיקט, אָבער ער איז אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד. חיים שלמה שטאַטלענדער איז געזעסן אין לאָדזש אונטערן חשד פון אויסברענען אַ העכערן פּאָליציי־באַאַמטן די אויגן מיט וויטריאָל. פאַר כאַבאַר איז געלונגען חיים שלמהן צו באַפרייען ביזן פּראָצעס, ער האָט אָבער נישט געוואַרט אויפן פּראָצעס. ער האָט געלאָזן פאַרפאַלן די קויציע און איז אַוועק קיין אויסלאַנד.

אין אַ פינצטערער נאַכט פון ווינטער, סוף יאַנואַר 1908, זענען קיין בעלכאַטאָוו אָנגעקומען גרויסע וועגענער מיט פּאָליציי און זשאַנדאַרמען. מיט זיי איז מיטגעקומען אַן אַמאָליקער עלטערער סטראַזשניק בוניקאָווסקי. אין דער זעלביקער נאַכט זענען אַדורכגעפירט געוואָרן רעוויזיעס אין צענדליקער שטובן, און עס זענען אַרעסטירט געוואָרן 23 יידישע יונגעלייט: 1) ישכר שילקלאַפּער, 2) שלמה שילקלאַפּער, 3) חיים שלמה שפּיגעלמאַן, 4) משה זרח בעלכאַטאָווסקי, 5) ליפּמאַן בענטשקאָווסקי, 6) אברהם מאַכאַביינסקי, 7) אברהם שמולעוויטש, 8) מאיר זילבערשאַץ, 9) ישראל דוד זילבערשאַץ, 10) מאיר מאַכאַביינסקי, 11) אברהם לאַנדוי, 12) שמואל לאַנדוי, 13) דוד בעלכאַטאָווסקי, 14) יעקל אָסטראָווסקי, 15) אַלטער נאַפּאַרשטיק, 16) יוסף ריינהאַרץ, 17) הערשל גאָלדבערג, 18) משה באָרנשטיין, 19) שמואל זקן כוינאַצקי, 20) טוביה דזשענטשאָרסקי, 21) מענדל פלאַמהאָלץ, 22) משה אשר לאַסקאָווסקי, 23) זקן מאַכאַביינסקי. די אַרעסטירטע זענען איינגעזעצט געוואָרן אין בעלכאַטאָווער אַרעסט־הויז (קאָזע). דער אומגעריכטער אַרעסט האָט אויפגעקאָכט דאָס שטעטל. ס'איז געווען באַשיימפּערלעך, אַז די מענטשן זענען אַרעסטירט געוואָרן לויט גענויע אָנווייזונגען, אַז דאָ האָט אַ מסור אָנגעוויזן וועמען צו אַרעסטירן. מען האָט געפּרוווט טרעפן ווער ס'האָט געקאָנט מסרן, אָבער מען איז עס קיינמאָל נישט דערגאַנגען. טייל עלטערן האָבן געזוכט וועגן

ווי אַזוי צו באַפרייען זייערע זין. מען האָט געוואָלט דער רב זאָל זיך משתדל זיין. קיין זאַך האָט נישט געהאָלפן. מען האָט נאָכמיטאָג אַוועקגעפירט אויף די זעלבע פורן די מענטשן געשלאָסענע קיין פיעטריקאָוו און זיי דאָרט איינגעזעצט אין טורמע.



אַלטער נאַפּאַרסטעק, משה באָרענשטיין (קייזער) און יעקב אָסטראָווסקי, דריי בעלכאַטאָווער רעוואָלוציאָנערן, וואָס זענען געווען פאַרשיקט אין סיביר, ווו דאָס בילד איז געמאַכט געוואָרן.

די צאָל אַרעסטירטע אין דער פיעטריקאָווער טורמע איז כסדר גע־וואקסן און די ענגשאַפט איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז מען האָט פיל אַרעסטירטע געמוזט אַוועקפירן אין אַנדערע טורמעס. אויך די בעלכאַטאָווער

אַרעסטירטע זענען אַוועקגעפירט געוואָרן פון פּיעטריקאָוו נאָכן אָפּזיצן עטלעכע מאָנאַטן און מען האָט זיי ווידער איינגעזעצט אין שעדלעץ. נאָך צוויי חדשים זיצן אין שעדלעץ זענען אַלע בעלכאַטאָווער אַוועקגעפירט געוואָרן מיטן עטאַפּ קיין סיביר.

מען האָט זיי דורך דער צייט, וואָס זיי זענען געזעסן אין פּיעטריקאָוו און שעדלעץ, עטלעכע מאָל אויסגעפאָרשט. קיין פּראָצעס האָט מען זיי נישט געמאַכט. דער אורטייל איז געווען אַן אַדמיניסטראַטיווער. 5 האָבן באַקומען צו 4 יאָר פאַרשיקונג, 3 האָבן באַקומען צו 3 יאָר פאַרשיקונג און די איבעריקע צו צוויי יאָר פאַרשיקונג — אַלע פּאַר געהערן צום „בונד", כאָטש אַ טייל פון זיי האָט מיטן „בונד" קיין שייכות נישט געהאַט.

אויך אין די גרעסערע שטעט איז דער „בונד" געוואָרן אַן אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע. בכלל איז דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן נישט אָפּגעווישט געוואָרן. די פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס האָבן געפירט אַ טעטיקייט כאָטש אויף אַן אַנדער אופן ווי פריער. אין בעלכאַטאָוו איז געוואָרן שטיל ווי אויף אַ בית־הקברות. קיין שום סימן, אַז אַמאָל איז עפּעס געווען. אויך אינעם פּוילישן נאַציאָנאַלן לאַגער, אין וועלכן ס'האָט זיך אביסל באַוועגט איז לגמרי שטיל געוואָרן. אויך עטלעכע פּוילישע אינטעליגענטן זענען אַרעסטירט געוואָרן און אַוועקגעשיקט געוואָרן. קיין סאָציאַליסטישע אָדער אָרגאַניזירטע פּראָפעסיאָנעלע טעטיקייט צווישן די פּוילישע אַרבעטער האָט מען אין בעלכאַטאָוו נישט אָנגעזען.

***

דער אויסזען פון בעלכאַטאָוו האָט זיך סיסטעמאַטיש געענדערט. מען האָט איינציקווייז אויסגעברוקירט די גאַסן, אָנגעשטאָט די אָפענע ברונעמס האָט מען געמאַכט פּלומפּן. ס'האָבן זיך באַוויזן נייע געמויערטע הייזער, אַ מעכאַנישע מיל און אויך מעכאַנישע וועבערייען. אויב יידישע אַרבעטער און אַנדערע יידן האָבן פאַרלאָזט בעלכאַטאָוו, זענען אויף זייער אָרט צוגעקומען קריסטלעכע אַרבעטער און אַפילו סוחרים.

דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן, וואָס האָט אָנגעוווירן דאָס פּראָלעטאַרישע פּנים, האָט אָנגענומען אייגנאַרטיקע פאָרמען.

נאָך אַ גרויסער שרפה הינטער דער בריק (אויפן וועג צו סטערצעוו און קאַמינסק), בעת וועלכער ס'איז פאַרברענט געוואָרן אַ גרעסערע צאָל הייזער, איז געוואָרן אַ באַוועגונג צווישן די יונגע בחורים צו ווערן „סטראַזש"

(פייער־לעשער). צום שטענדיקן יידישן „סטראַזשאַק" הערשל צינעס, ביי וועמען דאָס געהערן צו די פייערלעשער איז געווען ממש־אַן אידעאַל, זע־נען נאָך צוגעקומען אַנדערע יידישע פייערלעשער, ווי: מיכאַל יאַקובאָוויטש (רעזורניק), ניסן פרייטאָג, מאיר און דניאל וואַרשאַווסקי א"אַ. ס'זענען געווען אויך אַזעלכע, וועלכע האָבן געהערט צו די פייערלעשער אַלס פאַ־סיווע. זיי האָבן נישט געטראָגן די פייערלעשער־מונדירן און די מעשענע היטלען, האָבן נישט געמאַכט קיין „פּראָבעס". בלויז אין פאַל פון אַ שרפה האָבן זיי ווי ס'איז מיטגעהאָלפן. איינער פון זיי איז געווען יחזקאל שאַטאַן.

יידישע יונגעלייט האָבן זיך אויך גרופּירט אַרום בקור־חולים. דאָס איז געווען אַן אַלטע אינסטיטוציע, וועלכע איז אויסגעוואַקסן פון אַן אַנ־דער אינסטיטוציע: משמרת חולים. די משמרת־חולים איז געשאַפן גע־וואָרן דורך הערשל שוחט, שיע יאָסקאָוויטש, יאַנקל וואַרשאַווסקי א"אַ. די משמרת־חולים, און שפּעטער בקור־חולים, איז געווען אַלס אַ צד פון יאַנקל וואַרשאַווסקי, אַ פעלדשער אין בעלכאַטאָוו. די אינסטיטוציעס זענען געווען אַ מיטל אין דער קאָנקורענץ צווישן די פעלדשערס פונעם שטעטל.

געווען אַ פעלדשער תמיד מאיר יאַקובאָוויטש, וועלכער האָט געאַרבעט ווי אַ דאָקטאָר, ווייל נישט יעדער איינער האָט זיך געקאָנט דערלויבן נעמען אַ דאָקטאָר. געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן געדאַרפט אָנקומען צו אים אין צייט פון פּריזיוו, אָדער אַ מיידל צוליב „אַ נישט דערלויבטע ליבע". בכלל האָט ער פּראַקטיצירט ווי אַ דאָקטער, אַ חוץ, וואָס ער האָט געאַרבעט ווי אַ פּריזירער.

געווען נאָך אַ פעלדשער, וועלכער האָט געאַרבעט ווי אַ פריזירער — יחיאל וואַרשאַווסקי. ער האָט פּראַקטיצירט הויפּטזעכלעך ביים „האַקן באַנקעס" אָדער „שטעלן פּיאַווקעס" דער דאָרפישער באַפעלקערונג אין די מאַרק־טעג.

דער דריטער פעלדשער איז געווען אַ זון פון יחיאל וואַרשאַווסקי, דער יונגער יאַנקל וואַרשאַווסקי. ער האָט געלערנט פעלדשעריי אין אַ שול און שפּעטער געדינט אין רוסישן מיליטער אַלס אַ פעלדשער. צו יאַנקל פעלדשער האָט די באַפעלקערונג געהאַט מער צוטרוי, מען האָט אים געטרויט נישט ווייניקער ווי דעם דאָקטער ראַדזשעוויטש. יאַנקל וואַרשאַווסקי האָט דורך בקור־חולים געהאָלפן אַ סך אָרעמע קראַנקע.

יאַנקל וואַרשאַווסקיס קינדער האָבן געהאַט אַ נייגונג צו געזעלשאַפט־לעכער טעטיקייט און צוזאַמען מיט זייערע פריינט געהאָלפן שאַפן פאָנדן

פּאַר בקור־חולים. אַזוי האָבן זיי אַמאָל אָפּגערודנגען אַ פּוילישע טעאַטער־טרופּע, וועלכע האָט גאַסטראָלירט אין בעלכאַטאָוו. יחזקאל שאַטאַן און ניסן פּרייטאָג זענען אַרומגעגאַנגען פאַרקויפן בילעטן צו דער פאָרשטעלונג. שפּעטער האָט אַן אַמאַטאָרן־טרופּע אונטער דער רעזשי פון יואל לייב גאָלד־שטיין (יאַנקל וואַרשאַווסקי אײדעם) אויפגעפירט אייגענע יידישע טעאַטער־פאָרשטעלונגען לטובת בקור־חולים.

יאַנקל וואַרשאַווסקים שטוב האָט געהערט צו די אַזוי גערופענע „פרייע שטובן", אין וועלכע ס'פלעגן אויף אַ היימישן אופן פאַרברענגען יונגעלייט און מיידלעך. יאַנקל וואַרשאַווסקי אַליין איז געווען רעליגיעז אָפּגעהיטן, מען קאָן זאָגן פרום, אויף וויפל אַ פעלד־שער קאָן בכלל אָפּהיטן פרומקייט. אָבער די פאַמיליע האָט זיך שוין גע־פירט פיל פרייער. אין שטוב זענען גע־ווען פינף זין און פיר טעכטער און זייער אָפּט האָבן אין הויז פאַרברענגט יונגעלייט. מען האָט דאָרט געקאָנט טרעפן איינעם מאיר זיסמאַן, וואָס איז פון פאַך געווען אַ גאַרבער — נישט קיין צו שמעקעדיק פאַך — אָבער ער האָט זייער אויסגענומען ביי דער בעל־כאַטאָווער יוגנט צו יענער צייט. אַליין אַ משכיל, געשריבן לידער וועגן ליבע, וועגן דער באַציאונג פון די מאַדאַמען צו דינסטמיידלעך און אויף אַנדערע טעמעס. ער האָט אויך שיין געלייענט,


ר' יאַנקל וואַרשאַווסקי

אַזוי אַז מען האָט אים גערן געזען אין דער געזעלשאַפט פון דער יוגנט. מען פלעגט דאָרט אויך טרעפן די שוועסטער ליכטענפעלד, מענדל גראָכאָליצערס טעכטער. די עלטערע דחל איז געווען טעטיק אין „בונד".

אויך פּערל די באַסטערינס שטוב איז געווען אַ „פרייע". יונגעלייט און מיידלעך פלעגן זיך צוזאַמענקומען, מען פלעגט געמיינזאַם לייענען ביי־כער און מען פלעגט זינגען לידער. אין שטוב זענען געווען פיר טעכטער. איינע פון זיי — די „געלע חנה" איז געווען אַקטיוו אין „בונד".

אויסער די „פרייע שטובן" זענען אויך געווען „קאַוואַלערקעס". איין בחוריש צימער אַזאַ איז געווען אין הויז ביי יאַנקל אָסטראָווסקי. אינעם צימערל האָט געוווינט איינער פעפער, אַ באַנקירס אַ זון, וואָס איז געקו־מען זיך לערנען צייכענען מוסטערן ביי די פרייטאָגס. דאָרט זענען זיך צוזאַמענגעקומען משה פרייטאָג מיט עטלעכע שוועסטער, ניסן פרייטאָג, יחזקאל שאַטאַן, יאַנקל וואַרשאַווסקיס קינדער, פעלע ראָזענבלום, דאָבסקים זין און טעכטער, יאַנקל עלבינגער א"אַ. מען האָט דאָרט געמאַכט פּרוּוון איינצושטעלן אַ דראַמאַטישן קרייז. ס'האָט דאָרט עקזיסטירט אַ קליין ליי־ביבליאָטעקל. מען האָט דאָרט געזונגען. פעפער אַליין האָט זייער שיין גע־זונגען און בכלל האָט מען דאָרט גוט פאַרבראַכט.

אויך יואל לייב גאָלדשטיין האָט געהאַט אַ „קאַוואַלערקע". דאָס איז געווען ביי אַבישן אויף פּיעטריקאָווער גאַס. דאָרט איז אַריינגעקומען אַ געקליבענע געזעלשאַפט. גאָלדשטיין האָט געפּרוּווט שאַפן אַ מוזיק־ליבהאָבער גרופּע. יואל לייב אַליין, איינער פון די אָנגעזעענסטע בעלכאַטאָווער געזעל־שאַפטלעכער טוער, אַ שרייבער, וואָס האָט אָנגעשריבן עטלעכע ביכער, ווי: „דער לעצטער מענטש", „צוזאַמענברוך אָדער איבערבוי" (אַ ראָמאַן אין צוויי בענדער פון העכער צוועלף הונדערט זייטן), אַ באַנד דערציילונ־גען „מיטן פּנים צום שפּיגל". דאָס לעצטע בוך האָט געהייסן „1960". עס זענען געווען קלאַנגען, אַז ער האָט פיל מער געשריבן ווי פאַרעפנטלעכט.

צווישן די בעלכאַטאָווער משכילים זענען נאָך געווען וועלוול גאָלד־שטיין, שיע לאַנגנאַס, יחיאל מאיר קראַוויצקי, יחיאל מאיר יאַקובאָוויטש, דוד לושטשאַנאָווסקי, בערל וואַלדמאַן א"אַ. קיין געזעלשאַפטלעכע טע־טיקייט, וואָס זאָל זיך אָנזען אין שטעטל האָבן זיי נישט אַנטוויקלט.

אַ קליינע ליי־ביבליאָטעק איז געווען ביי יאַנקל עלבינגער, ווו מען האָט באַקומען ביכער צום לייענען. אויך מאָרים פרייטאָג האָט געהאַט יידישע ביכער און דורך דער פאַרמיטלונג פון מאָריסעם קוזין, אַרקע פריי־טאָג, האָט מען געקאָנט אַ מאָל זיך באָרגן אַ בוך צום לעזן אָן שום אָפּצאָל. אַרום 1911—1912 האָט זיך אין בית־המדרש אַ גרופּע בחורים פאַרנומען מיט לייענען יידישע ביכער. צו דער גרופּע האָבן געהערט: אהרן פּנחס באָרנשטיין, אלי טוואַרדאָווסקי, משה שמולעוויטש און דער שרייבער פון די שורות. דאָס קריגן צו לייענען אַ בוך איז אָנגעקומען זייער שווער. אַ חוץ לייענען האָבן זיי אַרומגערעדט די געלייענטע ביכער. זיי האָבן אויך דיסקוטירט געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען. ווען ס'איז אָנגעגאַנגען די

מחלוקה צווישן „היינט" און „מאָמענט" אַרום דעם חשד, אַז הלל צייטלין האָט געגעסן טרפֿות אויף אַ וואָקזאַל, האָבן די גרופּע בחורים פֿון בית־המדרש אַוועקגעשיקט אַ פּראָטעסט קעגן דעם חשד. דער מאַנגל אין לייען־מאַטעריאַל האָט די בחורים געברענגט אויף אַ געדאַנק צו קויפֿן ביכער. איז אַנטשטאַנען אַ דיסקוסיע, וועלכע ביכער זאָל מען קויפֿן, יידישע אָדער העברעאישע? סוף כל סוף איז מען געקומען צו אַ פּשרה — מען האָט גע־קויפֿט סיי יידיש, סיי העברעאיש.

די גרופּע בחורים איז געוואַקסן. ס'זענען צוגעקומען צוערשט דריי „ראַדזינער", קינדער פֿון ראַדזינער חסידים: אברהם ליבערמאַן, הענעך ליבערמאַן און הענעך פּיגולאַ. נאָך דעם איז נאָך צוגעקומען הענעך גרושקע און שימעלע שמולעוויטש.



ר' יעקב עלבינגער
אין זיינע יונגע יאָרן

בחורים פֿון דער גרופּע האָבן אָפּט געלייענט אין בית־המדרש, אַזוי אַז מען האָט אַ מאָל געקאָנט זיצן ביי אַ גמרא און דערביי לייענען אַ בוך. ס'האָט טאַקע אַ מאָל געטראָפֿן, אַז דער מורה־הוראה שמואל שיע האָט געכאַפּט לייענענדיק אברהם מאַפּוס: „אהבת ציון". ער האָט אָבער דערפֿון קיין גרויס וועזן נישט געמאַכט.

אַרום פּסח 1913 האָט פּאַסירט אַ געשיכטע, וואָס האָט אויפגעקאָכט דאָס שטעטל. איינער פֿון די בחורים האָט באַקומען געבאָרגט דורך דער פֿאַרמיטלונג פֿון אַרקע פּרייטאַג, פֿון מאָרים פּרייטאַגס ביבליאָטעק, שלום עליכמס „מבול". דאָס בוך האָט מען געקאָנט האַלטן בלויז עטלעכע טעג. עטלעכע פֿון די בחורים האָבן זיך צוזאַמענגענומען און מוצאי יום־טוב זענען זיי געזעסן אין בית־המדרש ווינקל און ביי אַ ליכטל געוועזן פֿאַרטיפֿט אין לייענען דעם „מבול". אַ גרופּע חסידים, וועלכע זענען ביינאַכט אַדורכגעגאַנגען און האָבן באַמערקט, אַז אין בית־המדרש איז ליכטיק, זענען אַריין. די בחורים זייענדיק פֿאַרטיפֿט אין לייענען האָבן זיך געכאַפּט ערשט

ווען די חסידים האָבן אויפגעהויבן א געשריי. עטלעכע טעג איז דאָס שטעטל געגאַנגען ווי אויף רעדלעך. ס'האָט זיך געקאָכט אין אַלע ערטער ווי נאָר יידן קומען זיך צוזאמען. אין די שטיבלעך און אַנדערע בתי־תפילה, אפילו אין מקווה, — אומעטום האָבן זיך יידן געהיצט. צום שטאַרקסטן האָט געפייערט מיין פאָטער משה אליעזר פּודלאָווסקי. ער האָט געשטורעמט קעגן די בחורים. אויך דער רב האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט דער געשיכטע. אהרן פנחס, וועלכער איז געווען אַן אייגענער ביים רב, איז



אַ גרופּע יוגנטלעכע טוער פון קולטור־פאַריין

גערופן געוואָרן צו אים. דער רב האָט אים געמוסרט נישט לאָזנדיק אים קומען צום וואָרט, כדי זיך צו פאַרענטפערן אָדער אויפצוקלערן. אויך מיך האָט מען גערופן צום רב. דאָ האָט זיך דער רב געהאַלטן מילדער. „כאָטש דיין טאַטע איז מיינער א שונא, דאָך געפעלט עס מיר נישט" — מיט דעם האָט דער רב מיך אָנגעהויבן מוסרן.

אין בית־המדרש האָט מען אויך שטענדיק געקאָנט טרעפן אַן עלטערן בחור, אָרעם און אָפּגעלאָזן געקליידט. מען האָט אים גערופן „איטשע דער רביצינס". דאָס איז געווען דעם אַלטן רבס א זון. מען האָט אים קיינמאָל מיט אַן אַנדער נאָמען נישט גערופן. ער פלעגט זיך פאַרנעמען מיט פאַר־

קויפן ספרים „אַנטיקן”. ער האָט פיל געלייענט פון דער מאָדערנער ליטע־ראַטור, ער איז געווען אַ למדן. ער האָט זיך אויך ליב געהאַט צו חקרנען איבער געזעלשאַפטלעכע און רעליגיעזע פּראָבלעמען.

אין פרילינג 1913 האָט זיך אין בעלכאַטאָוו באַוויזן אַ יונגערמאַן, וואָס האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט ביי אַלע, וואָס האָבן אים באַגעגנט. דער אומבאַקאַנטער האָט געהאַט אַן אויסגעבלייכט פּנים אַרומגעזוימט מיט אַ שוואַרץ בערדל, ער האָט געטראָגן אַ כאַלאַטל מיט אַ פּאָר שטיוול. ס'איז געווען אַ מאָדנער הולך אַפילו פאַר בעלכאַטאָוו. ער האָט געאַרבעט ביי שלמה קאָוואַל אין פאַבריקל. אַרום אים האָבן זיך גרופּירט יונגע אַרבעטער, וואָס געוועגלעך פלעגן זיי זיך צוזאַמענקומען, הויפּטזעכלעך אין די שבתים, ביי אַ פעסל ביר ווו מען האָט געטאַנצט, געזונגען לידער און געפירט ליבעס.

דער פרעמדער יונגערמאַן האָט מיט זיי אין די שבתים פאַרבראַכט אין וואַלד און האָט זיך באַמיט זיי צו אָרגאַניזירן. זיינע לעקציעס האָבן ביי דעם יונגן אַרבעטער־עולם זייער אויסגענומען. קענטיק, אַז דער יונגערמאַן האָט אָנגעטראָפן אויף אַ דאַנקבאַרן באָדן. די רעדעס זענען געווען אַדורכ־געפלאָכטן מיט יידישע אַרבעטער און פאָלקס־לידער. פון פאַרברענגען אין וואַלד זענען די יוגנטלעכע געווען זייער צופרידן און די צאָל אָנטיילנעמער איז שטאַרק אויסגעוואַקסן.

דער נאָמען פון יונגן מאַן איז געווען גרשון פערקאַל. ער איז געווען אַ לאָדזשער וועבער־אַרבעטער. ער האָט געוווינט צוזאַמען מיט זיין מוטער און פיר ברידער אין אַ זייער קליין שטיבל אויף דוואָרסקע גאַס (באַלוט). אין שטוב איז געווען אַ גרויסע אָרעמקייט. איינמאָל אין אַ ווינטער־נאַכט איז דאָס שטיבל אַרומגערינגלט געוואָרן פון פּאָליציי און זשאַנדאַרמען, וועלכע האָבן זיך אַריינגעריסן אין שטיבל און נאָך אַ שטרענגער, גענוי־ער רעוויזיע מיטגענומען גרשונען אין טורמע אַריין. נאָכן אָפּזיצן אַכט מאָ־נאַטן אין אַ לאָדזשער טורמע האָט ער באַקומען אַ „ווילקע” קיין זדונסקע וואָלע. דאָרט האָט ער געמוזט זיין אונטער פּאָליציי־אויפזיכט. ער איז אַנטלאָפן פון זדונסקע וואָליע און געקומען קיין בעלכאַטאָוו.

ער האָט זיך גלייך גענומען צו דער אַרבעט. אַ חוץ זיינע צוזאַמענ־קונפטן מיט יונגע אַרבעטער האָט ער אויך אָנגעקניפּט אַ קאָנטאַקט מיט אַנדערע בחורים־גרופּן און זיי פאַראינטערעסירט מיט זיינע לעקציעס.

מיטן אַריבערגיין אַרבעטן צו עוזר זשוכאָווסקי האָט גרשון פערקאַל געהאַט אַ צימער פאַר זיך. אין דעם צימער האָט מען שטענדיק געקאָנט

טרעפן באַזוכער. אין דעם צימערל האָט גרשון פאַרלייגט אַ ביבליאָטעקל. אויסגעשריבן אַ צאָל עקזעמפּליאַרן פון דער בונדישער וואָכן־אויסגאַבע „די צייט", וואָס איז דאַן דערשינען אין פּעטערבורג. זיין נאָענטסטער געהילף איז געווען דער שרייבער פון די שורות, וואָס האָט פאַר פערקאַלן דער־לײדיקט זיין גאַנצע שריפטלעכע אָדער סעקרעטאַרישע אַרבעט. אויף די צוזאַמענקונפטן איז גרשון געווען דער איינציקער וואָס האָט אָנגעפירט. ער האָט געהאַלטן רעדעס, געענטפערט אויף פראַגן און אפילו געגעבן דעם טאָן אויף צו זינגען די פאָלקס־ליד־לעך. קיין בילדונג האָט גרשון אײַנ־גאַנצן נישט געהאַט. זיינע קענטענישן האָט ער גענומען פון בונדישע קרייזן און לייענען ביכער.



גרשון פערקאַל

די בונדישע באַוועגונג, וועלכע איז איבערגעריסן געוואָרן אין די ערשטע מאָנאַטן פון 1908, האָט איצט, נאָך פינף יאָר, זיך גענומען פונאַנדער־וואַקסן פונדאַסניי. אמת, קיין אָפּי־ציעלע בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט גרשון נישט פאַרלייגט. אָבער זיין אַגי־טאַציע און גאַנצע אַרבעט איז געווען אין בונדישן גייסט. ער האָט אויך אויסגעשריבן און פאַרשפּרייט פאַר־שידענע בונדישע אויסגאַבן אויסער דער בונדישער וואָכנשריפט „די צייט" פון פּעטערבורג. די באַוועגונג, וואָס האָט אַזוי אָנגעהאַלטן אַ גאַנצן זומער האָט סוף כל סוף גענומען ציען די אויפמערקזאַמקייט פון דער פּאָליציי, וועלכע האָט געזוכט זיך צו דערוויסן איינצלהייטן וועגן גרשונען. ער האָט דערפילט, אַז עס ווערט היים אונטער די פיס. אין אַן אָוונט איז ער אַוועק פון שטעטל, נישט זאָגנדיק קיינעם קיין וואָרט.

ערשט צומאָרגנס האָט אַ גרופּע פון גרשונס נאָענטסטע זיך דערפון דערוווּסט און באַדויערט זיין נעלם־ווערן. קיינער האָט נישט געטראַכט, אַז ס'איז גוט וואָס ער איז באַצייטנס אַוועק, איידער ער האָט באַוויזן אַריינ־צופאַלן. כמעט אַלע האָבן דערפילט, אַז מיט זיין אַוועקפאָרן הערט אויף

דער קאָנטאַקט — דאָס טרעפן זיך. אַלע האָבן זייער באַדויערט, אָבער נישט פאַרצווייפלט. זיי האָבן אַרויסגענומען די ביכער און אַלע מאַטעריאַלן פון עוזר זשוכאָווסקין און דערוויל עס אַריינגעלייגט אין אַ צווייט אָרט. זיי האָבן אויך צונויפגענומען אַ גרעסערע גרופּע, וואָס זאָל באַשליסן, וואָס אונטערצונעמען. די באַראַטונג איז פאָרגעקומען ערב יום־כּפּור ביינאַכט. עס איז געווען אַ כּל־נדרי־באַראַטונג אויף דער לאָנקע נאָך דער בעלכאַטאָ־ווער בריק. ס'זענען זיך צוזאַמענגעקומען אַ צוויי צענדליק יונגע מענטשן צווישן וועלכע עס זענען געווען: הענעך ליבערמאַן, אברהם מענדל יאַקור־באָוויטש, א. לייב, יחיאל לייביש גאָלדבערג, משה אָסטראָווסקי, דער שרייבער פון די שורות א"א. זייער אַ גרויסע צאָל פון די אָנוועזנדע האָבן אָנטיילגענומען אין דער דעבאַטע. דאָס וואָס אַזאַ גרופּע האָט זיך געקאָנט צוזאַמענקומען אין אַ כּל־נדרי־נאַכט צו יענער צייט, האָט באַוויזן, אַז גרשונס אַרבעט האָט געשלאָגן וואָרצלען. עס איז באַשלאָסן געוואָרן ווייטער אָנגיין מיט גרשונס אָנגעהויבענער אַרבעט. אויף וויפל עס וועלן נישט מעגלעך זיין קיין רעדעס, זאָל מען פאָרלייענען פון ביכער, בראָשורן און פון „די צייט". די אַדרעס פון דער גרופּע איז געמאַכט געוואָרן ביים שרייבער פון די שורות. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו דינגען אַ צימערל אַלס „קאַוואַלערקע", דאָרט זאָל מען האַלטן די ביבליאָטעק און זיך צוזאַ־מענטרעפן אין די ווינטערדיקע שבתים. מען האָט אויך באַשלאָסן, אַז איך זאָל פאָרן קיין לאָדזש נעמען אָנווייזונגען ביי גרשונען.

אַלע באַשלוסן פון דער כּל־נדרי־באַראַטונג זענען אַדורכגעפירט גע־וואָרן. נאָך אַ קורצן איבעררייס האָט זיך ווידער באַוויזן „די צייט". דאָס ביבליאָטעקל האָט פונקציאָנירט נאָרמאַל. מען איז זיך צוזאַמענגעקומען אין די שבתים אינעם צימערל ווו די ביבליאָטעק איז געווען. מען האָט פאָר־געלעזן פון ביכער און געזונגען פאָלקס־לידער. אין די מיטן וואָך אָוונטן האָט מען געקאָנט טרעפן אַ גרופּע ביי שלמה מידליאַזש אין צוקערניע.

צום אינטערנאַציאָנאַלן פרויען־טאָג האָט „די צייט" פאַרעפנטלעכט באַריכטן פון פאַרשידענע פּראָווינץ־שטעט וועגן דער לאַגע פון דער אַר־בעטער־פרוי. געווען זענען באַריכטן פון פיר שטעט און איינע פון זיי איז געווען בעלכאַטאָוו. אין דאָזיקן באַריכט איז אַרומגערעדט געוואָרן וועגן דער בעלכאַטאָווער אַרבעטער־פרוי, אילוסטרירט מיט פאַקטן פון באַזונדערע פאַבריקן.

דעם ערשטן מאַי האָט אַ קליינע גרופּע זיך פאַרזאַמלט אין וואַלד. זיי האָבן אַרומגערעדט וועגן בעלכאַטאָווער ענינים.

נאָענט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט די גרופּע אַדורכגע־פירט אַ זאַמלונג לטובת באַקוער שטרייקנדיקע נאַפט־אַרבעטער. דאָס גע־זאַמלטע געלט (אַרום 5 רובל) איז אַוועקגעשיקט געוואָרן אויפן אַדרעס פון דער „צייט" אין פּעטערבורג האַרט פאַרן קריג־אויסברוך.

די אַרבעט פון דער בונדישער גרופּע האָט אויך אָנגערעגט אַנדערע גרופּן צו ווערן געזעלשאַפטלעך טעטיק. באַזונדערס האָט עס געווירקט אויף אַזעלכע, וואָס האָבן זיך נישט אַריינגעפּאַסט אין דער בונדישער סביבה. געווען אויך עטלעכע, וואָס זענען געווען ציוניסטיש געשטימט אַזוי, אַז אַ קורצע צייט פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אין בעלכאַטאָוו אַנטשטאַנען נאָך אַ יידישע ביבליאָטעק. די ביכער זענען וואָר־שיינלעך געקומען פון די ביבליאָטעקן פון יאַנקל עלבינגער און מאָריץ פּרייטאָג. די צווייטע ביבליאָטעק איז געווען פיל רייכער אין ביכער און האָט געהאַט גוטע ביכער־שענק, אויך דער לאָקאַל איז געווען אַ באַקווע־מער. דאָס איז געווען אין הויז פון יאַנקל אָסטראָווסקי.

ס'האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט און ס'האָט זיך אָפּגעשטעלט נישט נאָר דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אין שטעטל. עס זענען פאָרגעקומען גרויסע ענדערונגען אין ווירטשאַפטלעכן לעבן פון שטעטל: עס איז אויס־געבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה, וואָס האָט אָנגעהויבן אַ ניי קאַפּיטל אין אונדזער געשיכטע.



די ערשטע „ציש״אָ״־שולע אין בעלכאַטאָוו
די קינדער צוזאמען מיט זלמן פודלאָווסקי און די לערערין ראָזענבאַנד



לערער און שילער פון דער ערשטער יידישער וועלטלעכער שולע



יבנה־שולע מיטן לערער



ייִדישע קינדער פון דער אַלגעמיינער פאָלקס־שול

לוי הערצקאָוויטש

# אַזוי האָבן מיר אָנגעהויבן

נאָך 25 יאָר לעבן אין ארץ־ישראל שווימען נאָך אַלץ אויף אין מיין זכרון די בילדער פון מיין שטעטל בעלכאַטאָוו, אַזוי ווי דאָס וואָלט ערשט איצט געווען. ווייל דאָס שטעטל האָט זיך אַזוי איינגעבאַקן אין האַרץ און אין דער נשמה, אַז עס איז שטענדיק מיר נאָענט און עס איז שווער צו פאַרגעסן.



די אָנפירער פון דער צעירי־ציון באַוועגונג אין יאָר 1913

בעלכאטאָוו איז געווען אַ שטעטל מיט גאָר אַ סך מעלות אויפן קולטור־געביט, נישט געקוקט אויף דער גרויסער אָרעמקייט וואָס האָט דאָרט געהערשט.

ווער פון אונדז געדענקט עס נישט די רו וואָס האָט געהערשט אין שטעטל פריטיק פאַרנאַכט ווען עס איז געקומען דער שבת און דער שמש האָט יעדן שבת פרי געקלאַפּט אין יעדן הויז, און מיט אַ ספּעציעלן ניגון גערופן יידן צום דאַווענען.

ביי דער אַרבעטער־יוגנט, כאָטש מיד פון דער האָרעוואַניע, האָט מען געקענט זען, ווי יעדע פרייע מינוט איז אויסגענוצט געוואָרן פאַר קולטור־אַרבעט, זעלבסטבילדונג, לייענען ביכער און צייטונגען.

אָבער שבת פאַרנאַכט־צו האָט מען שוין געקאָנט באַמערקן ווי עס הויבן זיך אָן פון דאַסניי די וואָכעדיקע טעג. די קריסטלעכע אַרבעטער האָבן זיך שוין באַוויזן ביי די יידישע אַרבעטס־שטובן מיט דער סחורה אויף די פּלייצעס און ווי נאָר מען האָט אָנגעצונדן די נאַפט־לאָמפּן, האָט זיך באַנייט די וואָכעדיקע אַרבעט, עס האָט זיך דערהערט דאָס קלאַפּן פון די וועב־שטולן און דאָס געזאַנג פון פאָלקס־לידער, אַרבעטער־לידער און חסידישע ניגונים.

ביים אָנהייב פון היינטיקן יאָרהונדערט האָט זיך די אַרבעטער־שאַפט אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן אין פאַראייניגן און קלובן און אַ סך בעלכאַטאָווער יונגעלייט האָבן אַרויסגעוויזן גרויסע פעאיקייטן אויף דעם דאָזיקן געביט.

אָנגעהויבן האָט מען מיט געהיימע פאַרזאַמלונגען ביי אָנהענגער פון „בונד" און ביי דער ציוניסטיש־געשטימטער יוגנט.

איך געדענק נאָך עד־היום די ערשטע געהיימע ציוניסטישע פאַרזאַמלונג, וועלכע איז פאָרגעקומען אויפן נייעם וועג אין אַ שיינער לבנה־נאַכט, זומער 1905 אָדער 1906. א. מאיר, פייגל און נאַכע וואַרשאַווסקי, ש. לאַנגזאַם, מ. פרייטאַג, נ. פרייטאַג, י. ל. גאָלדשטיין, איך און נאָך אייניקע, צוזאַמען מיט אַ געקומענעם פון אַן אַנדער שטאָט שליח, וועלכער האָט צו אונדז גערעדט וועגן ציוניזם. מיר האָבן באַלד געשאַפן דעם ערשטן צייטווייליקן ציוניסטישן קאָמיטעט אין בעלכאַטאָוו און געהיימער־הייט, פאַר אייגענע און פאַר פרעמדע, האָבן מיר אָנגעהויבן אַ ציוניס־טישע טעטיקייט. מיט דער צייט האָבן מיר געשאַפן אַ לעגאַליזירטע ביבליאָטעק, וואָס אַ סך אַזעלכע זענען נאָך דאַן אין פּוילן נישט

געווען. מיט דער ביבליאָטעק האָט זיך אממיינסטן פאַרנומען מ. א. פּי־טאָווסקי,וועלכער האָט ארייגעלייגט א סך ארבעט און מי דערין.

צו יענער צייט זענען אין בעלכאַטאָוו אויך אויפגעקומען דער „בונד", ס. ס. און די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי (פּ. פּ. ס.) און מיר האָבן אָנגעהויבן דורכפירן פּאָליטישע דיסקוסיעס וועגן פּאַרטייען און פּראָגראַמען.

אונדזער גרופּע האָט אָנגעהובן דעם פּאַרקויף פון שקלים. יעדער איינער פון אונדז האָט גענומען אויף זיך די אויפגאַבע צו פאַרקויפן וואָס מער שקלים און שאַפן אזוי ארום א גרעסערע צאָל אָנהענגער פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג. עס גערעדנקט זיך מיר, ווען איך האָב געוואָלט פאַרקויפן א שקל אברהם פריזירער שמולעוויטש, האָב איך געמוזט מיט אים א לאַנגע צייט פירן דיסקוסיעס וועגן די צילן פון ציוניזם, אָבער עס האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן אים צו איבערצייגן. א צווייטן, דעם מצבה־קריצערס זון, שמואל רייך, איז מיר יאָ געלונגען נאָך לאַנגע אָנשטרענגונגען צו פאַרקויפן דעם ערשטן שקל. עס איז אונדז געגאַנגען אין צוציען צו אונדזער גרופּע וואָס מער אינטעליגענטע כוחות פון שטעטל.

צו ביסלעך האָבן מיר אונדזער טעטיקייט אויסגעברייטערט, מיר האָבן געשאַפן א קלוב, העברעאישע קורסן, א דראַמאַטישע סעקציע אר"גל. דער צענטער פון אונדזער טעטיקייט איז געווען ביי יעקב עלבינגערן און יואל גאָלדשטיין.

ווען איך האָב אין יאָר 1917 פאַרלאָזט בעלכאַטאָוו, איז שוין דאָרט געווען א פאַרצווייגטע ציוניסטישע טעטיקייט, עס זענען אנטשטאַנען פאַרשידענע שטרעמונגען און אַלע האָבן געפונען א מעגלעכקייט פאַר אר־בעט און אנטוויקלונג.



אַ גרופּע לערער און שילער פון די אָוונט־קורסן ביי די צעירי־ציון
אין יאָר 1915, מיטן לערער מנחם בראש



אַ גרופּע ציוניסטישע עסקנים

## אברהם לייב

# בעלכאַטאָוו 1914 — 1922

איך געדענק נישט, צי עס איז אַמאָל געווען אַ פאָלקס־ציילונג אין בעלכאַטאָוו, נאָר עס איז פונדעסטוועגן פון אַלע געשאַצט געוואָרן ביי די צען טויזנט די בעלכאַטאָווער באַפעלקערונג: יידן האָבן זיך געציילט ביי די זעקס טויזנט, און די אַנדערע פיר טויזנט זענען געווען פּאָליאַקן און דייטשן. צוליב דער נאָענטקייט פון דער דייטשער גרענעץ (בסך־הכל 55 קילאָמעטער), און אפשר אויך מחמת אַנדערע סיבות, האָבן זיך ביי אונדז געפונען אַ סך דייטשן.

זעכציק פּראָצענט, ווי מיר זעען, האָט באַטראָפן די בעלכאַטאָווער יידישע באַפעלקערונג. נאָר לויט איר אַקטיוויטעט האָבן אַלע געהאַט דעם איינדרוק, אַז עס איז געווען אַ הונדערט פּראָצענטיק יידיש שטעטל. די געשעפטן און קראָמען האָבן אַלע, אויסער די בראָנפן־ און חזיר־געוועלבער און אויך די אַפּטייק, געהערט צו יידן. דאָס זעלבע אויך די פאַבריקן: פון דעם צענדליק פאַבריקן, וואָס דאָס שטעטל האָט פאַרמאָגט, האָט נאָר איינע געהערט צום דייטש באַראָן, און פון אַלע איבעריקע זענען געווען די באַלעבאַטים יידן.

בעלכאַטאָוו ליגט אַ ביסל אָפּגעזונדערט פון דער גרויסער וועלט, ווייל זי האָט נישט קיין דירעקטע באַן־ליניע. די נאָענטסטע באַן־ליניע פון שטעטל פּיעטריקאָוו, 24 קילאָמעטער פון בעלכאַטאָוו, און דער וועג קיין פּיעטריקאָוו האָט צו יענער צייט געדויערט פאָרן מיט אַקס דריי־פיר שעה און בכדי צו קומען קיין לאָדזש, האָט געדויערט נייע 4 שעה צייט. אַזוי אַז אַ וועג, וועלכער דויערט היינט מיט אַן אויטאָ איין שעה צייט, האָט מען צו יענער צייט, אין בעסטן פאַל, געדאַרפט פאָרן 8 שעה. און לאָדזש איז פאַר דעם בעלכאַטאָווער, ווי מיר וועלן ווייטער

זען, זייער נויטיק געווען, ווייל בעלכאַטאָוו האָט פּאַקטיש געלעבט פון לאָדזש.

דער חותם פון בעלכאַטאָוו איז געלעגן אין צוויי פאַקטאָרן, און, ווי פּאַראַדאָקסאַל עס זאָל נישט קלינגען, אין צוויי עקסטרעמען: פון איין זייט דער חסידיזם און פון דער אַנדערער זייט דער פּראָלעטאַריאַט. אין פאַרגלייך צו אַנדערע שטעט און שטעטלעך מיט אַן ענלעכער צאָל, און אפילו אַ סך אַ גרעסערער באַפעלקערונג, און די אַלע שכנותדיקע שטעטלעך ארום — האָט זיך אונדזער שטעטל געפונען אין אַ סך אַ העכערער מדרגה פון אַנטוויקלונג.

אויב מיר רעדן פון דער אַנטוויקלונג פון שטעטל, מוזן מיר אויך אומבאַדינגט דערמאָנען עטלעכע נעמען, וועלכע זענען זייער אַ סך „שולדיק" אין דעם, וואָס די בעלכאַטאָווער זענען געווען און געבליבן דערצויגענער, באַוווסטזיניקער און קולטורעלער ווי זיי וואָלטן אפשר געווען אָן די מענטשן: דאָס זענען די ח"ח גרשון פּערקאַל, מנחם (איך געדענק נישט דעם צווייטן נאָמען) און אהרון אהרון חביב, דער ליבער אהרון בערגמאַן. זאָל דאָ דערמאָנט ווערן, אַז קיין איינער פון די דריי אויסגע־רעכנטע חברים איז נישט קיין בעלכאַטאָווער. זיי האָבן נאָר אין פאַר־שידענע צייטן, ווער וויניקער, ווער מער, געלעבט און געווירקט אין בעלכאַטאָוו. שפּעטער האָבן זיך שוין אַרויסגעהויבן אַ גאַנצע ריי אָרטי־קע חברים, וועלכע האָבן געווירקט יעדער אין זיין צייט און אויף זיין אופן. אויסגעטיילט זיך און דערגרייכט צו דער מדרגה פון אָרטיקע מנהיגים און לערער האָבן זיך די חברים זלמן פּודלאָווסקי און יחזקאל בירענצווייג.

אין קעגנזאַץ צו אַנדערע קליינע יידישע שטעטלעך אין פּוילן האָט בעלכאַטאָוו געלעבט נישט פון לופט, נאָר פון שווערער האָרוואַניע. בעל־כאַטאָוו איז אַ פאַבריק־שטעטל, אַ וועבער־שטעטל. און כמעט אַלע — דער גרעסערער טייל דירעקט און דער קלענערער טייל אומדירעקט — האָבן געלעבט פון וועבעריי. געווען אַ צענדליק גרעסערע און קלענערע מעכאַנישע פאַבריקן, אין וועלכע עס האָבן געאַרבעט כמעט אויסשליסלעך נאָר קריסטלעכע אַרבעטער. און כאָטש די פאַבריקן האָבן געהערט צו יידן, איז פונדעסטוועגן אַ יידישן אַרבעטער אָנגעקומען ממש מיט קריעת ים־סוף, זיך אַריינצוקריגן אין אַ פאַבריק אריין. אַזוי ווי דער גרעסטער טייל פאַבריקאַנטן זענען געווען פרומע יידן, האָבן זיי נישט געוואָלט ברענגען די יידישע אַרבעטער צו חילול שבת, און אַז די יידישע אַר־

בעטער זאָלן אַרבעטן נאָר פינף טעג אין דער וואָך, האָט זיי אויך נישט געלוינט. דערפאַר זענען די יידישע וועבער געווען געצוווּנגען צו אַר־בעטן אויף די האַנט־שטולן, און אין יעדער יידישער אַרבעטער־שטוב איז געווען אַ קליין פאַבריקל פון 2, 3 אָדער 4 שטולן, דאָס איז שוין געווען געוועגדט וויפל קינדער דער אַרבעטער האָט געהאַט... דעריבער טאַקע האָט דער פּוילישער וועבער געהאַט זיין שעה אויף מיטאָג, און זיין באַשטימטע שעה ווען צו ענדיקן דעם אַרבעטסטאָג, און ביים יידישן וועבער האָט זיך קיינמאָל דער אַרבעטסטאָג נישט געענדיקט.

עס איז שוין דאָ דערמאָנט געוואָרן, אַז בעלכאַטאָוו האָט געלעבט פון לאָדזש. פאָרגעקומען איז עס צוליב פאָלגנדיקע טעמים: דער בעל־כאַטאָווער פאַבריקאַנט האָט געברענגט פון לאָדזש די רוי־מאַטעריאַלן און זיי אין בעלכאַטאָוו געלאָזט אויסאַרבעטן. דערנאָך האָט ער די פאַר־טיקע סחורות צוריקגעפירט קיין לאָדזש, זיי געלאָזט וואַשן, פאַרבן און פּרעסן (אויפן בעלכאַטאָוו־לאָדזשער „זשאַרגאָן" האָט עס געהייסן: אַפּ־רעטורן), און טאַקע אין לאָדזש באַלד פאַרקויפט. און טאָמער האָט אַ בעלכאַטאָווער קרעמער געדאַרפט אַ ביסל סחורה פאַר זיין קראָם, האָט ער אויך געמוזט אָנקומען קיין לאָדזש.

אַ ספּעציעלער טיפּ פאַרמיטלער צווישן לאָדזש און בעלכאַטאָוו זענען געווען די „ליווערגאַנטן" (אַזוי האָט מען זיי ביי אונדז גערופן). זיי האָבן שוין קיין אייגענס גאָרנישט געדאַרפט פאַרמאָגן, נאָר בלויז אַ גוטע גאַ־ראַנטיע און אַ ביסל חוצפה. זיי האָבן זיך באַנוצט דערמיט, וואָס ביי אונדז אין שטעטל איז אַרבעטס־לוין געווען אַ סך ביליקער ווי אין לאָדזש, האָבן זיי אַראָפּגעברענגט פון לאָדזש רוי־מאַטעריאַלן, און זיי געלאָזט ביי אונדז אויסאַרבעטן און די פאַרטיקע סחורות צוריקגעשיקט קיין לאָדזש, און געמאַכט דערפון אַ גאַנץ פיין לעבן, אַ סך אַ בעסערס ווי די וועבער גופא.

כדי די בעלכאַטאָווער פאַבריקאַנטן און „ליווערגאַנטן" זאָלן קאָנען זיין קאָנקורענץ־פעאיק לגבי די לאָדזשער פאַבריקאַנטן, זענען די אַלע הוצאות פון ברענגען די רוי־מאַטעריאַלן און צוריקפירן די פאַרטיקע סחורות, און אויך דעם פאַבריקאַנטס פאַרמיטלעריי (וועלכע איז גאָרנישט געווען ביליק) — געגאַנגען אויפן חשבון פון בעלכאַטאָווער אַרבעטער. אַזוי אַז קעגן זיין אייגענעם ווילן איז דער בעלכאַטאָווער אַרבעטער געווען אַ גאַנץ נישטקשהדיקער קאָנקורענט לגבי דעם לאָדזשער אַרבע־

טער. דער בעלכאַטאָווער וועבער האָט געליטן פון טאָפּלטע קאָנקורענץ: פון איין זייט האָט ער געמוזט אַרבעטן ביליקער ווי דער לאָדזשער, און פון דער אַנדערער זייט האָט ער געהאַט אַ זייער גרויסן קאָנקורענט אין געשטאַלט פון די פּויערים פון אַרום בעלכאַטאָוו.

אין עטלעכע צענדליק דערפער אַרום דעם שטעטל זענען אַלע פּויערים געווען וועבער. און אין יעדער פּויערישער כאַטע האָבן זיך געפונען אַ צוויי האַנט־וועב־שטולן. אין די זומער־חדשים איז ביי די פּויערים, מחמת דער פעלד־אַרבעט, ווייניק געוועבט געוואָרן, דערפאַר האָבן זיי שוין אין די ווינטער־חדשים געאַרבעט אויף דער גאַנצער פּאַרע. און געאַרבעט האָבן זיי כמעט בחינם: ווייל דער עיקר פּרנסה איז דאָך ביי זיי נישט געווען די וועבעריי. איז שוין נישט שווער זיך פאָרצושטעלן, אין וועלכער לאַגע עס האָט זיך געפונען דער שטאָטישער האַנט־וועבער.

דער גרעסטער קרבן פון דער סיטואַציע איז זעלבסטפאַרשטענדלעך געווען דער יידישער וועבער. עס איז געאַרבעט געוואָרן אָן אַ צאָל שעהען, די טעג זענען געווען לאַנג ווי דער גלות, און דער דאָנערשטיק האָט זיך גאָר קיינמאָל נישט געענדיקט: ווייל צוליב דעם פאַרשטייענדיקן שבת־דו, האָט דער ווייט גרעסטער טייל וועבער געאַרבעט דאָנערשטיק אַ גאַנצע נאַכט.

אָט ביי אַזעלכע באַדינגונגען איז אויסגעקומען אָנצוהייבן די ערשטע אויפקלערערישע אַרבעטן צווישן בעלכאַטאָווער פּראָלעטאַריאַט.

**
*

מיט עטלעכע און פופציק מיטגלידער איז דעם 25סטן יאַנואַר פון יאָר 1915 געגרינדעט געוואָרן דער „קולטור־פאַראיין". געהייסן האָט עס, אַז דער „פאַראיין" איז אַן אומפּאַרטייאישער, נאָר פאַר די גרינדער איז איז געווען באַוווּסט, אַז הינטער דעם אומשולדיקן נאָמען קולטור־פאַראיין, געפינט זיך דער „בונד". מיט אָט דער גרינדונג האָט זיך פאַר אונדזער שטעטל אָנגעהויבן אַ גאַנץ נייע עפּאָכע. ווי זינגט ערגעץ דאָס לידל: „נייע פייגל, נייע לידער..." און ווירקלעך האָט מען אָנגעהויבן הערן אַנדערע טענער ווי מען איז געוווינט געווען צו הערן ביז דעמאָלט.

געווען שוין ביי אונדז אַמאָל אַ בונדיש־רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, נאָר דאָס איז שוין לאַנג פאַרגעסן געוואָרן. און די, וועלכע האָבן עס נאָך נישט געהאַט פאַרגעסן, האָבן זיך באַמיט דאָס צו פאַרגעסן.

דאָס איז געווען אין באַרימטן יאָר 1905. בעלכאַטאָוועט זין און טעכטער, אויך פון גערער און אַלעקסאַנדערער חסידים, האָבן געטראָגן רויטע פענער איבער די גאַסן און געזונגען בפרהסיה לידער קעגן קייסער און אויך קעגן גאָט... איז שוין נישט קיין וווּנדער וואָס די „שיינע" יידן האָבן זיך באַמיט דאָס צו פאַרגעסן. דערנאָך איז געקומען דאָס זעקסטע יאָר, דעם גרעסטן טייל רעוואָלוציאָנערן האָט מען פאַרשיקט קיין סיביר, אַ טייל זענען אַנטלאָפן קיין אַמעריקע און עס איז שטיל געוואָרן. אפילו ס'רוב פון די, וועלכע זענען שוין שפּעטער געהאַט איבערגעקומען זייערע קאַטאָרגע־טערמינען, זענען אויך אַוועק קיין אַמעריקע. עס זענען געבליבן עטלעכע „אחדות־יונגען", האָבן זיי זיך געפירט זייער באַשיידן, אין בעסטן פאַל האָבן זיי גערעדט „ביחידות". אין דער עפנטלעכקייט האָט מען זיי כמעט נישט געזען.

דער „קולטור־פאַראיין" האָט איינגענומען דאָס שטעטל מיט שטור־רעם. מיר האָבן געדונגען אַ גרויסע דירה מיט עטלעכע צימערן, און עס איז אויך באַלד אויסגעוואַקסן אַ ביבליאָטעק מיט עטלעכע הונדערט ביכער. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ כאָר אונטער דער אָנפירונג פון לוי הערצ־קאָוויטש (געפינט זיך היינט אין ישראל). שפּעטער איז די אָנפירונג פון כאָר איבערגעגאַנגען צו זיין יינגערן ברודער הערצקע (געשטאָרבן אין 1920). אַביסל שפּעטער איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ דראַמאַטישער קרייז, וועמענס ערשטער רעזשיסער איז געווען שמואל רייך (געשטאָרבן אין יאָר 1919). ביי יעדער קערפּערשאַפט איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ פּאַ־סיקע אָנפירנדיקע קאָמיסיע און עס איז געפירט געוואָרן אַ זייער דער־פאָלגרייכע טעטיקייט.

אַלס ביבליאָטעקאַר האָט מען שטענדיק געזוכט אַ פּאַסיקן קאַנ־דידאַט: ער האָט די לייענער געדאַרפט עצהן וואָס פאַר אַ ביכל מען דאַרף נעמען צום לייענען. דער ביבליאָטעקאַר האָט אַלע לייענער גע־דאַרפט קענען, כדי צו וויסן וואָס פאַר אַ בוך מען דאַרף יעדן געבן.

כדי אַריינצוציען אונדזערע מיטגלידער צום לייענען, איז איינגע־שטעלט געוואָרן אַ גאַנצע רייע לייענער־קרייזן פון די פאַרשידנסטע גרופּן און קאַטעגאָריעס. געווען אפילו אַ גרופּע, מיט וועלכער מען האָט גע־דאַרפט אָנהויבן פון אלף־בית. מיט אַזאַ קרייז האָט אָנגעפירט הענעך פיגולאַ, וועלכער האָט פּשוט געלערנט ווי אַזוי מען לייענט אַ צייטונג. מיט אַן אַנדערן קרייז האָט מען „געקנעלט" שיינע ליטעראַטור. געמאַכט

האָבן מיר עס אויף אַזאַ אופן: דער לעקטאָר האָט געלייענט אַ קאַפּיטל שלום עליכם, פּינסקי, אַש אָדער נאָמבערג, צי גאָר גענומען עטלעכע לידער פון ראָזנפעלד, יהואש אָדער א. רייזין און נאָכן איבערלייענען האָבן טייל חברים געפּרוווט אַרויסזאָגן זייער מיינונג וועגן דעם געלייענטן. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ דיסקוסיע, און דער לעקטאָר איז כמעט שטענדיק געווען דער פּוסק אחרון... אויף דעם זעלבן אופן איז געלערנט געוואָרן י. ל. פּרץ, פאַר וועמען מיר האָבן געהאַט אַ באַזונדערן קרייז צוהערער.

דעם קרייז פאַר סאָציאַליסטישער ליטעראַטור האָט אָנגעפירט א. טוואַרדאָווסקי. ער האָט גענומען אַ קאַפּיטל קאַוטסקים „ערפורטער פּראָ־גראַם" אָדער אַ קאַפּיטל פון מאַרקס „קאַפּיטאַל", עס איבערגעלייענט און דערנאָך צעגלידערט און דערקלערט אין אַ פּשוטן פאָלקסטימלעכן יידיש אַזוי לאַנג, ביז ער האָט עס אַריינגעקלאַפּט אין אונדזערע האַרטע מוחות. מיטן קורס פאַר פּאָליטישער עקאָנאָמיע האָט אָנגעפירט א. בערגמאַן.

איינמאָל, בעת אַזאַ לעקציע, איז צופעליק אַריינגעקומען אין אונ־דזער לאָקאַל אונדזער ליטעראַט י. ל. גאָלדשטיין, און כאָטש ער האָט אין אונדזערע קרייזן נישט פאַרקערט (ער איז געשטאַנען בראש פון די ציור־ניסטן), איז ער אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער לעקציע, אַז ער האָט גע־בעטן מיר זאָלן אים דערלויבן בייצווויין דעם קורס. און ער איז טאַקע אַ קורצע צייט געווען איינער פון אונדזערע בעסטע צוהערער.

***

אונדזער ערשטן עפנטלעכן אַרויסטריט פאַרן שטעטל האָבן מיר גע־מאַכט אין פּורים פון יאָר 1915. אין אונדזער אייגענעם לאָקאַל האָבן מיר איינגעאָרדנט אַן אָוונט מיט נישט קיין צו־גרויסן פּראָגראַם: געווען עט־לעכע דעקלאַמאַציעס, עטלעכע לידער געזונגען צום ערשטן מאָל דורך אונדזער כאָר, און דערנאָך האָט מען געטאַנצט אַ גאַנצע נאַכט. דער רושם וואָס אונדזער אָוונט האָט געמאַכט, איז געווען אַ קאָלאָסאַלער. און כאָטש אונדזער דירה האָט ביי געוועגלעכע אומשטענדן מער ווי 200 פּערזאָן נישט אַריינגענומען, האָבן זיך דאָס מאָל פאַרזאַמלט איבער 350 באַזוכער, און קיינער האָט זיך נישט געפילט ענג.

נישט אַזוי לייכט איז אונדז דער אָוונט אָנגעקומען ווי עס רעדט זיך. באַלד ביים ערשטן באַווייזן זיך עפנטלעך פאַר דער גאַס האָבן מיר זיך

אַנגעשטויסן אין דעם ערשטן גרויסן קאָנפליקט מיט די פּני פון שטעטל. מיר האָבן זיך צו יענער צייט געפונען אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע. עטלעכע טעג פאַרן אָוונט האָבן מיר אָנגעמאָלן אַביסל אַפּישן, אַוועקגע־שיקט אַ דעלעגאַציע צו דער קאָמענדאַנטור און נאָך אַ געהעריקער אויפ־קלערונג האָבן זיי אונדז דעם אָוונט דערלויבט, געבנדיק דעם אָפיציעלן שטעמפּל אויפן אַפּיש. אַז די „שיינע" יידן האָבן דערזען די אַפּישן אין גאַס, האָט זיך געמאַכט דער גאָר גרויסער טומל: זיי זענען געלאָפן צום רב, אָפּגעהאַלטן פאַרזאַמלונגען און באַראַטונגען און לסוף, נאָך אַ מסירהלע, אויסגעפּועלט ביי דער קאָמענדאַנטור צוריקצוציען די דערלויבעניש. און טאָמער איז דאָס נאָך געווען ווייניק, איז גלייכצייטיק פאַרבאָטן געוואָרן פאַרזאַמלונגען, מיט אַ דערקלערונג, אַז "5 מענטשן צוזאַמען וועט באַ־טראַכט ווערן ווי אַ פאַרזאַמלונג און זיי וועלן טראָגן אַלע קאָנסעקווענצן וואָס דאָס געזעץ זעט פאָר פאַר אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען בעת דער קריגס־צייט". אונדז איז, פאַרשטייט זיך, געוואָרן זייער ביטער אויף דער נשמה. עס איז אונדז שוין נישט געגאַנגען אין דעם אָפּצוראַטעווען דעם אָוונט, נאָר מיר האָבן דערזען די ווייטערדיקע צילן פון די „שיינע יידן", און דאָס האָט אונדז זייער נישט געשמעקט. מיר האָבן נישט גערוט און ווידער אַוועקגעשיקט אַ דעלעגאַציע אין דער קאָמענדאַנטור. נאָך גרויסער און שווערער מי איז אונדז געלונגען זיי צו „איבערצייגן", אַז צו דער דייטשער רעגירונג האָבן מיר גאָרנישט... מיר האַסן בלויז דעם צאַרישן רעזשים.

אַז מיר האָבן שוין ווידעראַמאָל געהאַט די דערלויבעניש אויפן אָוונט, האָבן מיר אָבער מורא געהאַט, אַז די דייטשן זאָלן זיך נישט ווידעראַמאָל לאָזן „איבערצייגן" פון די „שיינע יידן" — האָבן מיר אַוועק־געשיקט אַ דעלעגאַציע צום רב, און דורכן רב דערלאַנגט אונדזער „וויזיט־קאַרטע" צו די „שיינע יידן" פון דער שטאָט: מיר האָבן זיי געגעבן צו פאַרשטיין, אַז זיי זאָלן נישט מאַכן קיין טעות אין אונדז, אַז מיר זענען ווייט נישט קיין יינגלעך, און מיר וואָרענען זיי, אַז פון היינט אָן און ווייטער זאָלן זיי זיך מער נישט מישן אין אונדזערע עסקים, כדי מיר זאָלן זיך נישט דאַרפן מישן אין זייערע געשעפטן...

בעת דער פאַרוויילונג האָבן מיר געהאַט אַ באַזוך פון דער גאַנצער קאָמענדאַנטור. דער אָרקעסטער האָט זיי אויפגעשפּילט עטלעכע דייטשע מאַרשן, אַ חבר אונדזערער האָט לכבוד זיי דעקלאַמירט עטלעכע לידער

פון היינריך היינע אין דייטש און זיי האָבן זיך „איבערצייגט“ אז מיטן דייטשן קייזער וועלן מיר זיך נישט פאַרטשעפּען...

זיי האָבן ביי אונדז פאַרבראַכט אַ צוויי שעה צייט, געטאַנצט, און ביים בופעט געצאָלט מיט דער גאָר ברייטער האַנט. צומאָרגנס אינדערפרי איז אַ פּאָליציאַנט אַרומגעגאַנגען איבער דער שטאָט און אָראָפּגעריסן פון די ווענט די באַקאַנטמאַכונגען, אַז פאַרזאַמלונגען זענען פאַרבאָטן.

אַ חוץ דער מאַטעריעלער זייט, האָבן מיר אויך געהאַט אַ גרויסן מאָראַלישן דערפאָלג. אַ צייט לאַנג זענען מיר געווען די טעמע פון טאָג, און וואָכן נאָכדעם — איז אַלץ נאָך קאָמענטירט געוואָרן אונדזער ערשטער אַרויסטריט.

פון דעמאָלט אָן זענען מיר געוואָרן אַ וויכטיקער כוח אין שטעטל און מען האָט זיך אָנגעהויבן צוהערן צו אונדזער וואָרט. מיר זענען געוואָרן אַ צד, מיט וועלכן מען האָט זיך אָנגעהויבן צו רעכענען.

געווען שוין ביי אונדז צו יענער צייט אַ פּאָליטישע גרופּע, וואָס כאָטש עפנטלעך איז זי נאָך נישט געווען זייער באַקאַנט, האָט מען דאָך געוווּסט פון איר עקזיסטענץ. דאָס איז געווען די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. קיין גרויסן פּאָליטישן קרעדיט האָט זי נאָך נישט געהאַט. איר אַקטיוויטעט איז נאָך דאַן געווען אַ ביז גאָר באַגרענעצטע. צו זייער לויב זאָל דאָ דערמאָנט ווערן, אַז די ערשטע יידישע ביבליאָטעק אין בעלכאַטאָוו האָבן געשאַפן די ציוניסטן. נאָך אַ צייט פאַרן ערשטן וועלט־קריג האָט די ביבליאָטעק עקזיסטירט, און בעלכאַטאָווער יוגנט האָט צוויי מאָל אין דער וואָך געטוישט ביכער. זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן, אַז די ערשטע ביכער פאַר דער דערמאָנטער ביבליאָטעק זענען געשענקט געוואָרן דורך יאַנקל עלבינגער און מאָריץ פרייטאָג. עס דאַרף אויך פעסטגעשטעלט ווערן, אַז אַ ביבליאָטעק האָט אין בעלכאַטאָוו שוין עקזיסטירט אין יאָר 1905, נאָר מחמת פאַרשטענדלעכע טעמים — נישט עפנטלעך. נאָכדעם ווי די רעוואָלוציע איז דערשטיקט געוואָרן, האָבן די ביכער אַרומגעוואַנדערט אין פּריוואַטע שטובן און זענען געלייענט געוואָרן בגנבה.

***

מיר האָבן אָנגעהויבן אונדזער אַרבעט אויסצובררייטערן און פאַרטיפן. מיר האָבן צוגענומען עטלעכע צימערן צו אונדזער דירה. אונדזערע

חברים סטאָליאַרעס (איטשע ווינטער, שמעון שמולעוויטש א״א) האָבן אַרויסגענומען עטלעכע ווענט און געמאַכט פון זיי באַוועגלעכע, דאָס הייסט, אַז ווען עס איז נויטיק געווען האָבן די ווענט זיך געלאָזט „איינ־וויקלען״ און עס איז פון עטלעכע צימערן געוואָרן איין גרויסער סאַלאָן, וועלכער האָט אַריינגענומען עטלעכע הונדערט פּערזאָן. דערצו האָבן זיי נאָך געמאַכט פון לעצטן צימער אַ קליינע סצענע, האָבן מיר שוין געהאַט אַ גאַנץ טעאַטער, ווו מיר האָבן געמאַכט קלענערע ספּעקטאַקלען אין אַן אייגענעם סאַלאָן.

מיר האָבן צוגעקויפט ביכער און פאַרגרעסערט די ביבליאָטעק. עס איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ לייען־זאַל, וועלכער איז אָפן געווען טעגלעך און איז גוט באַזוכט געוואָרן.

מיר האָבן אַראָפּגעבראַכט פון לאָדזש דעם חבר אהרן בערגמאַן, וועלכער האָט אַריינגעבראַכט אַ סך לעבן אין שטעטל. אַליין אַ לערער פון פאַך, אַ מענטש מיט פּאַרטיי־סטאַזש, האָט ער די אַרבעט אַוועקגע־שטעלט אויף מער זיכערע יסודות. קודם־כל האָט ער אָפּגעטיילט דעם „קולטור־פאַראיין״ פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע און געמאַכט צוויי באַזונדערע פאַרוואַלטונגען. אמת, אַז דער „פאַראיין״ איז ווייטער געווען בונדיש, האָט אָבער פאָרט פּאַסירט, אַז חברים, וועלכע זענען געווען מיטגלידער אין „פאַראיין״, זאָלן נישט געהערן צום „בונד״. אין קעגנטייל, כדי אָנצוקומען אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע האָבן אַ טייל געמוזט פריער אַדורכמאַכן דעם „קוואַראַנטין״ אין „קולטור־פאַראיין״.

מיר האָבן דאַן געשאַפן אַ קינדער־שולע. עס האָבן זיך פאַרשריבן עטלעכע צענדליק קינדער, און עס איז געלערנט געוואָרן אין צוויי גרופּן. אַ ביסל שפּעטער זענען צוגעצויגן געוואָרן אַלס לערערקעס די חברטעס רחל ליכטענפעלד און רחל שמולעוויטש.

איך גלויב, אַז ס׳וועט גאָרנישט זיין קיין גוזמא, אויב כ׳וועל זאָגן, אַז מיר זענען געווען פון די סאַמע ערשטע, אויב נישט די איינציקע, מיט אַ יידישער קינדער־שול אין דעמאָלטיקן פּוילן.

אויך האָבן מיר איינגעשטעלט אַ קורס פאַר דערוואַקסענע. עס איז געלערנט געוואָרן יידישע גראַמאַטיק, יידישע געשיכטע און אַלגעמיינע קולטור־געשיכטע, ליטעראַטור, געאָגראַפיע, און וואָס נישט? און כאָטש אַלע שילער האָבן געקאָנט לייענען און שרייבן און זיך געהאַלטן פאַר גאַנצע „קענער״, האָט מען זיך איבערצייגט, אַז מען קאָן קיין רעכט

יידיש ברוגז ניט אָנשרייבן. דאָס זעלבע אויך מיט יידישער געשיכטע. שוין אָפּגערעדט פון אַנדערע קעגנשטאַנדן, וועגן וועלכע אַ גרויסער טייל שילער האָבן גאָר אינגאַנצן קיין אַנונג נישט געהאַט.

דער לערער איז, פאַרשטייט זיך, געווען דער חבר א. בערגמאַן. די באַציאונג איז נישט געווען ווי פון אַ לערער צו שילער, נאָר ווי פון אַ חבר צו חברים. זענען טאַקע די לעקציעס געווען אַן אמתדיקער גייסטיקער פאַרגעניגן. זייער ווייניק מאָל האָבן די לעקציעס זיך געענדיקט מיט דעם, וואָס עס איז אָנגעהויבן געוואָרן, כמעט שטענדיק האָבן מיר זיך „פאַרטשעפּעט" אין אַ דיסקוסיע און אָנגעשפּאַרט ביזן אלף השישי...

מען קאָן אָן שום גוזמא זאָגן, אַז אַ דאַנק דעם חבר בערגמאַן, איז דער קולטור־ניוואָ ביי אונדז אין שטעטל באַדייטנדיק געשטיגן.

אַ ביסל שפּעטער האָבן אויך די ציוניסטן אַראָפּגעבראַנגט אַ לערער, אויב איך מאַך נישט קיין טעות, פון קראָקע, דעם חבר מנחם (כ׳געדענק נישט זיין פאַמיליע־נאָמען). אַ זייער פיינער יונגערמאַן מיט אַ סך קולטור. און עס איז געשאַפן געוואָרן אַ תרבות־שולע, וווּ עס איז געלערנט געוואָרן יידיש און הויפּטזעכלעך העברעאיש.

***

אין משך פון אַ קורצער צייט האָבן מיר געהאַט אין די שבתים אומפּאַרטייאישע צוזאַמענקונפטן. אַ חוץ „בונד" און ציוניסטן האָבן נאָך ביי אונדז דעמאָלט קיין אַנדערע פּאַרטייען נישט עקזיסטירט. די פּאַרטיידיפערענצן זענען נאָך נישט געווען גרויס, און צו קיין גרויסע פּאַרטייקאַמפּן איז נאָך נישט געקומען. די טעמעס זענען ווייט נישט געווען קיין פּאַרטייאישע נאָר ליטעראַרישע. עס זענען פאָרגעקומען דיסקוסיעס לשם דיסקוסיעס, כאָטש אַ גרויסער טייל פון די באַטייליקטע האָבן געוווּסט, אַז הינטער די דיסקוסיעס זענען פאַראַן פּאַרטייאישע כוונות...

אונדזער כאָר און דראַמאַטישער קרייז האָבן מיר פאַרגרעסערט, מער אויסגעשולט און די רעזולטאַטן זענען געווען זייער צופרידנשטעלנדיקע. די אויפטריטן זענען געווען סיסטעמאַטישע און זענען גוט באַזוכט געוואָרן. באַלד דערנאָך האָבן אויך די ציוניסטן אָרגאַניזירט אַ דראַמאַטישן קרייז.

אַ ביסל שפּעטער האָט זיך פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אָפּגעשפּאָלטן דער פּראָלעטאַרישער טייל (עס איז געווען אַ בונדיש שטיקל

אַרבעט...). דער גרעסערער טייל פון די אָפּגעשפּאָלטענע ציוניסטן האָט געבילדעט די נייע ביי אונדז פּועלי ציון פּאַרטיי. אַ קלענערער טייל — איז צוגעשטאַנען צום „בונד".

ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאָנקורענץ: די פּועלי ציון האָבן זיך אויך איינגעשאַפט אַ ביבליאָטעק, אויך געעפנט אַ קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוו (מיר האָבן שוין אַזעלכע געהאַט), און אויך געשאַפן אַ דראַמאַטישן קרייז.



מיטגלידער פון דראַמאַטישן קרייז:
(פון רעכטס צו לינקס) אברהם לייב, נחמן מאיר גאָלדבערג, אברהם ליבערמאַן, אברהם נאָוואַק, איטשע לייב גאָלדבערשט, וועלוול ווייס, רחל ליכטענפעלד, חיה יאקובאָוויטש, אברהם ליפּמאן נאָוואק, גיטל הארטמאן, הערש לייזער גאָלדבערג, שמואל יאָסל סאַט, הינדע רויזע יאקובאָוויטש, משה אייזנער, יחיאל לייביש גאָלדבערג, שלמה לושטשאנאָווסקי און הענעך פיגולא

מיטן כאָר זענען מיר געבליבן די איינציקע. האָט טאַקע נישט איין־מאָל געטראָפן, אַז די ציוניסטן האָבן געדאַרפט צו זייערס אַ פאָרשטע־לונג אַ כאָר, האָבן זיי זיך דעם כאָר ביי אונדז „אויסגעבאָרגט".

אַרום די דראַמאַטישע קרייזן בכלל און פּיעסן בפרט זענען פאָרגע־קומען, הויפּטזעכלעך צווישן „בונד" און פּועלי ציון, אַ סך קריגערייען

און אויך קאָמישע אינצידענטן. האָט איין פּאַרטיי אָנגעהויבן רעפּעטירן עפּעס אַ פּיעסע, האָט באַלד די אַנדערע פּאַרטיי אָפּגעזוכט די זעלבע פּיעסע און זי אויך אָנגעהויבן רעפּעטירן. האָט מען זיך ביי איין פּאַרטיי דערוווּסט אַז ביי דער צווייטער רעפּעטירט מען שוין די זעלבע פּיעסע, האָט זי זיך מקדים געווען און אָפּגעדונגען דעם איינציקן סאַלאָן וואָס



אַ גרופּע יוגנטלעכע טוער אין יאָר 1919

פון רעכטס צו לינקס: יומקע לייב, הערש לייזער גאָלדבערג, משה אייזנער, מלך גאלסטער, הענעך שערמאַן, וועווע פיולא, אברהם לייב, אהרן בער־גערמאַן, אברהם ליבערמאַן און יוסף רייך.

אונדזער שטעטל האָט פאַרמאָגט: דעם פייערלעשער־זאַל („די סטראַזשאַצ־קע שאָפּע"), אויף די ערשטע צוויי נעכט פון נאָענטסטן חול המועד אָדער פּורים.

עס האָט איין מאָל געטראָפן, אַז איין פּאַרטיי האָט טריאומפירט מיט אַ פּיעסע, פון וועלכער עס איז נישט מעגלעך געווען צו באַקומען נאָך אַן עקזעמפּלאַר, איז די איינציקע פּיעסע ביינאַכט אַרויסגעגנבעט געוואָרן פון יענער ביבליאָטעק, איבער נאַכט איז די פּיעסע איבערגע־

שריבן געוואָרן, און פאַרטאָג האָט מען זי צוריק „אַריינגעגנבעט" און אוועקגעשטעלט אין יענער ביבליאָטעק אויפן זעלבן אָרט, ווי זי האָט זיך געפונען. און צו דער איבערראַשונג פון דער „טריאומפירנדיקער" פּאַרטיי איז די פּיעסע אויפגעפירט געוואָרן אויך דורך די קעגנער.

בכלל האָבן מיר געהאַט וויִיניק נעכט אין יאָר צו שפּילן טעאַטער. עס איז צו יענער צייט געווען ביי אונדז איינגעפירט, אַז מען האָט הויפּט־זעכלעך געשפּילט נאָר אין די נעכט פון חול המועד סוכות און פּסח און אויך פּורים. און כדי צו זיין זיכער מיטן דערפאָלג, האָבן אַלע געזוכט צו שפּילן אין דער ערשטער נאַכט פון חול־המועד, איבערהויפּט נאָך ווען צוויי „טרופּעס" האָבן געשפּילט איין און די זעלבע פּיעסע...

קלענערע אונטערנעמונגען האָבן מיר ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן געמאַכט אין אונדזער אייגענעם סאַלאָן.

אונדזער עולם איז אַזוי „פאַרקאָכט" געוואָרן אין טעאַטער, אַז אין די שפּעטערע יאָרן, ווען ס'פלעגן אַראָפּקומען אין אונדזער שטעטל פּראָ־פעסיאָנעלע אַקטיאָרן־טרופּעס שפּילן טעאַטער, האָבן זיי שטענדיק גע־שפּילט פאַר געפּאַקטע הייזער. דערצו האָבן זיי געהאַט די סאַטיספאַקציע, אַז זיי שפּילן פאַר אַן אויפמערקזאַמען צושויער מיט אַ סך באַציאונג צו יידיש טעאַטער. און די טרופּע וועלכע האָט נאָר איין מאָל באַזוכט אונ־דזער שטעטל, האָט שוין געוווּסט, אַז צו אַ צווייטן באַזוך דאַרף זי מיטברענגען גוטע אַקטיאָרן און אויך גוטע פּיעסן.

אויך די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט אַ דראַמאַטישע סעקציע מיט גאָרנישט קיין שלעכטע אַמאַטאָרן, מיט וועלכע מיר האָבן געלעבט זייער בשלום. עס איז קיינמאָל צווישן אונדז און זיי נישט פאָר־געקומען קיין קאָנפליקטן אויף דעם געביט. אָנגעפירט און רעזשיסירט מיט דער טרופּע האָט יואל לייב גאָלדשטיין. זיי האָבן געמאַכט אַ גאַנצע רייע זייער איינגעגעבענע און אינטערעסאַנטע פאָרשטעלונגען, וועלכע האָבן יעדעס מאָל איבערגעלאָזט אַ פיינעם רושם.

י. ל. גאָלדשטיין איז געווען אַ זייער אינטעליגענטער מענטש. און דערצו דער איינציקער ליטעראַט, וואָס אונדזער שטעטל בעלכאַטאָוו האָט אַרויסגעגעבן. אמת, ער איז נישט געווען קיין זייער פּאָפּולערע פּערזאָן אין דער שרייבערישער וועלט, אַפילו אין פּוילן איז ער געווען וויִיניק באַ־קאַנט. מער פון אַלץ איז עס מסתמא זיין אייגענע „שולד", ווייל צוליב זיין באַשיידנקייט האָט ער זיך נישט געריסן צו פּאָפּולאַריטעט. ווען ער

זאָל נאָר געווען ווען — וואָלט מען זיכער פון אים געהערט. ער האָט באַוויזן אַרויסצוגעבן עטלעכע ביכער אין פאַרלויף פון זיין שרייבערישער קאַריערע. זיין ערשט ביכל „דער לעצטער מענטש" איז דערשינען נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה אין גיטלינס פאַרלאַג אין וואַרשע. אין יאָר 1934 זענען דערשינען אין פאַרלאַג „ביכער" זיינע צוויי בענד פון איבער 1200 זייטן „צוזאַמענבּרוך אָדער איבערבוי" (פאַנטאַסטישער ראָמאַן אין 4 טיילן). אין זעלבן פאַרלאַג איז אין 1939 אַרויס זיינס אַ ביכל אונטערן נאָמען „1960". עס איז אונדז אויך באַקאַנט זיינס אַ בוך דערציילונגען אונטערן נאָמען „מיטן פּנים צום שפּיגל". אַ חוץ דעם האָט ער געהאַט זייער אַ סך ליטעראַרישע אַרבעטן, וועלכע זענען קיינמאָל נישט אַרויס אין בוכפאָרם. און געשריבן האָט ער אין עטלעכע ליטעראַטור־פאָרמען: נאָוועלן, לידער און אויך דראַמען. עטלעכע פון זיינע דראַמען און איינאַקטערס האָט ער אַליין מיט גרויס דערפאָלג אויפגעפירט אין בעלכאַטאָוו.

ער איז בכלל געווען אַן אייגנאַרטיקער און אינטערעסאַנטער מענטש. צו אַלעם האָט ער זיך געכאַפּט און פון אַלעם עפּעס געקענט: אַ ביסל פידל שפּילן, אַ ביסל פּיאַנאָ, ער איז אויך געווען ניט קיין שלעכטער שאַכ־מאַטיסט. פּאָליטיש איז ער געווען אַ ציוניסט און איז געשטאַנען אַ לענ־גערע צייט בראש פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע ביי אונדז אין שטעטל.

זיין באַשעפטיקונג איז געווען מסחר. ער האָט געהאַט אַ פּאַפּיר געשעפט (אַזוי האָט עס ביי אונדז געהייסן). ער איז געווען דער איינציקער אין בעלכאַטאָוו, וואָס האָט צוגעשטעלט שרייב־מאַטעריאַל, אַלערליי לערן־ביכער, סיי פאַר יידן, סיי פאַר די קריסטלעכע איינוווינער.

זיין קראָם איז שטענדיק געווען אַ מין בית־ועד פאַר דער שטעטלדיקער אינטעליגענץ, הויפּטזעכלעך פאַר דער יידישער. אין זיין קראָם האָט מען זיך שטענדיק דערוווּסט די לעצטע נייעס, געלייענט און דיסקוטירט דאָס נייעסטע ביכל, און אפילו זיך דערוווּסט די פרישסטע רכילות...

אין יאָר 1940, שוין אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע אין בעלכאַ־טאָוו, איז י. ל. גאָלדשטיין געשטאָרבן מיט אַ „לוקסוס־טויט", ווי מען האָט עס גערופן, ווען עמעצער איז געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט.

***

דאָס יאָר 1918 איז פאַר אונדז געווען פון גרויס באַדייטונג. אין דעם יאָר האָבן מיר זיך באַוויזן מיט אונדזער פּאָליטישן קרעדאָ פאַר דער וועלט. איינגאַנצן אומבאַקאַנט זענען מיר שוין נישט געווען. אַ חוץ וואָס מיר זענען שוין באַקאַנט געווען מיט אונדזער אַרבעט אַרום דעם קולטור־פאַראיין, שולע, ביבליאָטעק, כאָר, לעקציעס, לייען־זאַל; טעאַטער־פאָר־שטעלונגען, קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוו — האָבן מיר זיך אויך באַטייליקט מיט אַ פאַרטרעטונג אין דעם עקזיסטירנדיקן „אַמעריקאַנער־קאָמיטעט" (דאָס הייסט, אַ קאָמיטעט צו פאַרטיילן פּראָדוקטן וואָס מען האָט געשיקט פון אַמעריקע פאַר אָרעמע לייט). און מיר האָבן זיך שוין געהאַט קונה־שם געווען מיט אונדזערע אַרויסטרעטונגען לטובת דער אָרעמקייט. מיר זענען געווען עדות פון קליינע סקאַנדאַלעכלעך ביים פונאַנדערטיילן די באַקומענע פּראָדוקטן. עס האָט אונדז געקאָסט אַ סך אַרבעט און קאַמף אין דעם „אַמעריקאַנער קאָמיטעט", אַז אַלץ וואָס עס קומט אָן פון אַמעריקע זאָל האָבן חשבון און אַז ס'גאַנצע זאָל אָנקומען צו די באמת נויט־באַדערפטיקע.

דעמאָלט האָבן מיר זיך באַוויזן פאַר דער גאַס מיט אונדזער פּאָליטישער טעטיקייט.

מחמת דעם וואָס צו יענער צייט איז אין קאָמיטעט פון „בונד", וועלכער איז באַשטאַנען פון 7 חברים, געווען דריי חברים וואָס זענען נאָך מיט איין פוס געשטאַנען אין בית־המדרש, האָבן מיר די וועכנטלעכע זיצונגען געמוזט אָפּהאַלטן שבת צווישן טאָג און נאַכט. די דאָזיקע צייט איז געווען די פּאַסיקסטע פאַר די „בית־המדרש־בחורים", כדי עס זאָל אין זייערע היימען נישט באַמערקט ווערן זייער אָפּוועזנהייט און זיי זאָלן זיך נישט דאַרפן פאַרענטפערן, פון וואַנען זיי קומען. איינמאָל בעת אַזאַ זיצונג האָבן מיר געהאַט אַן איבערראַשונג: צווישן אַנדערע פונקטן האָט זיך אויפן טאָג־אָרדנונג אויך געפונען אַ פונקט: „מיטינג". עס איז פאַר אונדז געווען אַ גרויסער נייעס. אויס נייגעריקייט פאַר דעם דער־מאָנטן פונקט, האָבן מיר שנעל אָפּגעפּטרט אַלע אַנדערע פונקטן, און צו־געקומען צום ענין „מיטינג". חבר א. בערגמאַן רעפערירט: פּוילן ווערט זעלבסטשטענדיק, ס'וועט קומען צו פּאַרלאַמענט־וואַלן, דאַרפן מיר זיך אָנהויבן באַווייזן אין גאַס ווי אַ פּאָליטישער כוח און מען דאַרף זיך באַקענען מיט דער צוקונפטיקער וויילער־מאַסע.

דער מיטינג איז באַשטימט געוואָרן אויף צומאָרגנס, זונטיק פאַר־

נאַכט, צווישן מנחה און מעריב אין בית־המדרש. זונטיק נאָכמיטאָג, עטלעכע שעה פאַרן מיטינג, האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אַ פאַרזאַמלונג פון אַ 40 געקליבענע חברים, בלויז מענער, די סאַמע פאַראַנטוואָרטלעכסטע, און מיר האָבן פונאַנדערגעטיילט די „ראָלן". עטלעכע בחורים האָט מען געשיקט אין גאַס אַריין רופן דעם עולם צום מיטינג. געמאַכט האָבן זיי עס אויף אַזאַ אופן: זיי האָבן זיך איינגעטיילט מיט עטלעכע גאַסן, הויפּט־זעכלעך פאַביאַניצער, סטערצעווער און פּיעטריקאָווער, וווּ ס'פלעגט וווינען דאָס ביסל אָרעמקייט. און ווו זיי האָבן געטראָפן אַ ייד, האָבן זיי אים געהיימניספול אַ שעפּטשע געטון אין אויער אַריין „מ'רעדט אין בית־המדרש", „אַ רעדע אין בית־המדרש", „וויכטיקע נייעס אין בית־המדרש", און נאָך איידער דער ייד האָט צייט געהאַט עפּעס צו פרעגן, איז שוין אונדזער שליח געווען אַנדערשוווּ. אַ שטיק צייט פאַר מנחה איז שוין דאָס בית־המדרש געווען איבערפולט. אַזאַ עולם האָט מען שוין אַ סך יאָרן אין בית־המדרש נישט געזען. די מזרח־וואַנט, די שטענדיקע דאַוו־נער, גאַפן און שטוינען: וואָס פאַסירט? קיין באַרימטער בעל־דרשן איז דאָך נישט געמאָלדן.

אַנטקעגן דעם בית־מדרש וווינט „יודל לעקעכבעקער". ער ווי די גאַנצע פאַמיליע זענען זייער פיינע און סימפּאַטישע מענטשן. צוויי טעכ־טער זענען אונדזערע חברטעס. דאָרט האָט זיך באַזעצט אונדזער שטאַב און מען טיילט ווייטער ראָלן: ווער עס דאַרפן שטיין ביי דער טיר, ווער ביי דער מזרח־וואַנט (כדי צו האַמעווען די תקיפים), ווער סתם צווישן עולם, און אַ ספּעציעלע „לייב־וואַך" אַרום דעם רעדנער. די הויפּט זאַך האָבן מיר געזאָרגט, אַז ס'זאָלן זיין חברים מיט אַ סך טאַקט און אָריענטאַציע.

אַ שטאַפּעט מעלדעט, אַז ס'פעלן אַ פּאָר מינוט צו פאַרענדיקן מנחה. דער גאַנצער „שטאַב" האָט זיך אַריינגעלאָזט אין בית־המדרש און יעדער האָט זיך באַלד געשטעלט אויף זיין פּלאַץ. אויפן בעלעמער שטייט חבר הענעך ליבערמאַן אַ ביסל צעטומלט. ווי נאָר דער בעל־תפילה האָט פאַר־ענדיקט מנחה, גיט חבר הענעך אַ קלאַפּ אין שולחן־אַריין און הייבט אָן:

אין נאָמען פון קאָמיטעט פון „בונד" קום איך אייך מעלדן... און ס'פאַרפעלט אים אָטעם... (ער איז דאָס געווען איינער פון די, וועלכע זענען נאָך געשטאַנען מיט אַ פוס אין בית־המדרש און שוין געזעסן אין קאָמיטעט פון „בונד", און בעת־מעשה זיך מסתמא פאָרגעשטעלט דעם שוואַרץ־שבת וואָס אים דערוואַרט אין דער היים...

חבר א. בערגמאַן שטייט שוין אויף אַ בענקל, דעם קאַפּעלוש פאַרוקט אַ ביסל אויף אַ זייט און זעט די סיטואַציע פון חבר הענעך ליבערמאַן, הייבט ער באַלד אָן: „חברים, פריינט און אין משך פון אַנדערטהאַלבן שעה צייט רעדט ער וועגן דער מלחמה און וואָס פאַר אַ „פּראָפיטן" דעם אַרבעטער און האַרעפּאשניק דערוואַרט נאָך דער מלחמה, ווען אפילו אַ געווונענע מלחמה... אַ פּאָר תקיפדיקע יידן האָבן אין אָנהויב געפּרוווט טומלען, נאָר זיי זענען באַלד איינגעשטילט געוואָרן, ווייל באַלד איז ביי יעדן איינעם אויסגעוואַקסן אונדזערס אַ חבר און אים איינגערוימט אַ סוד אין אויער: „ר' אלי פייוול, טאָמער געפעלט אייך נישט, לוינט אייך בעסער אהיימצוגיין, ווייל ס'קאָן זיך דאָ מיאוס ענדיקן"... אַן אַנדערער: „גייט בעסער אַרויס שטיל און מיט כבוד, ווייל אַז נישט, וואַרפן מיר אייך אַרויס אויף אַ שפּענדל"... און אַזוי זענען איינגעשטילט געוואָרן אַלע תקיפים.

די אַריינקומענדיקע און אַרויסגייענדיקע יידן האָבן די חברים ביי די טירן געוואָרנט: „ש... ש... מען רעדט..." נאָך די ערשטע פּאָר מינוט איז דער רעפעראַט אַדורך אין דער בעסטער אָרדענונג און ביי דער אויפמערקזאַמסטער שטילקייט.

נאָכן רעפעראַט, צוהערנדיק זיך צו די קאָמענטאַרן פון די גרופּקעלעך פאַרחושכטע יידן, האָבן מיר געהאַט דאָס געפיל, אַז מיר האָבן אָנגעקניפּט אַ קאָנטאַקט מיט דער אָרעמקייט, און אַז זיי האָבן אין אונדז דערפילט אַן אָנשפּאַר.

איין גרופּע יידן שטייענדיק אויף דער גאַס נאָך דעם מיטינג קאָמענטירן און דיסקוטירן וועגן פּאַרטייען בכלל און וועגן דעם, וועלכע פּאַרטיי עס האָט דעם היינטיקן מיטינג איינגעאָרדנט. איין ייד זאָגט אַרויס עפּעס אַ גרויסן אַבסורד, שטופּט זיך צו אַ ייד ישכר שולקלעפּער („סוכער קרוסים"), וועלכער איז נאָכן באַרימטן יאָר 1905 אָפּגעקומען פאַרן „בונד" 4 יאָר סיביר:

„איר זאָלט מיר מוחל זיין ר' ייד, איר ווייסט נישט וואָס איר רעדט. איר ווילט וויסן, ווער דאָס איז, וועל איך אייך זאָגן: דאָס איז דאָך דער „בונד"! און ווער דער „בונד" איז — פרעגט מיך!"

אַזוי האָט זיך דער „בונד" פאָרגעשטעלט פאַרן שטעטל!

**
*

עס איז געווען אָנגענומען, אַז אין בעלכאַטאָוו איז נישט געווען קיין אַנטיסעמיטיזם. פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג פון אַרום דעם שטעטל איז זיכער, אַז זיי זענען קיין אַנטיסעמיטן נישט געווען. און עס איז נאַטירלעך, ווייל זיי זענען געווען אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט יידן, און טיילווייז געלעבט פון יידן. פון זייערע דאָרפישע פּראָדוקטן, וואָס זיי האָבן איין מאָל אין דער וואָך (מאַנטיק) געברענגט אין שטאָט אריין צו פאַרקויפן, זענען די אַפּנעמערס אין ווייט גרעסטן טייל געווען יידן. און ווען זיי, די פּויערים, האָבן נאָר צייט געהאַט, איבערהויפּט ווינטער, האָבן זיי זיך גענומען צו וועבעריי און ווידעראַמאָל געמוזט אָנקומען צו יידן. און דער עיקר: עס זענען נאָך צו יענער צייט נישט אַרומגעפאָרן איבער די דערפער קיין פּראָפּאַגאַנדיסטן פרעדיקן אַנטיסעמיטיזם. דאַקעגן קאָן מען דאָס שוין נישט זאָגן וועגן דער שטאָטישער קריסטלעכער באַפעלקערונג. אמת, אַז קיין אַנטיסעמיטיזם האָט זיך כמעט נישט געפילט, איז אָבער פאָרט אַ פאַקט, אַז אַ גרויסער טייל פון דער שטעטלדיקער אינטעליגענץ איז געווען אַנטיסעמיטיש.

מען דאַרף נאָך צוגעבן, אַז כמעט אַלע גויים ביי אונדז האָבן פאַרשטאַנען און גערעדט נישט קיין שלעכטן יידיש. דערפאַר טאַקע האָט דער ווייט גרעסטער טייל פון דער בעלכאַטאָווער יידישער באַפעלקערונג גערעדט אַ שלעכטן פּויליש.

די ערשטע טריט פון פּוילנס זעלבסטשטענדיקייט זענען „געפייערט" געוואָרן מיט עטלעכע פּאָגראָמען אויף יידן. ביי אונדזער קאָמיטעט פון „בונד" איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן די פראַגע פון זעלבסט־שוץ. אמת, אַז קיין גרויסע סמנים פון אַנטיסעמיטיזם האָבן מיר ביי אונדז נישט געזעען, פונדעסטוועגן האָבן מיר נישט געוואָלט זיין אויסגעשטעלט אויף סורפּריזן, און פאַרלאָזן זיך אויף ניסים. מיר האָבן געוואָלט זיין צוגעגרייט אויף יעדנפאַל „מען זאָל נישט דאַרפן". מיר האָבן זיך געווענדט מיט אונדזער זעלבסט־שוץ־פאָרשלאַג צו די ציוניסטן, און זיי האָבן באַלד אָן קווענקלעניש ממש מיט באַגייסטערונג, דעם פאָרשלאַג אַקצעפּטירט. נאָך אַ בשותפותדיקער בעראַטונג איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז עס זאָלן צו אונדזער אַקציע צוגעצויגן ווערן עטלעכע פון די „שטאַרקע יונגען" פון שטעטל (נישט צו פאַרמישן מיט דער אונטערוועלט — אויך זיי האָבן ביי אונדז נישט געפעלט). דאָס זענען געווען בעלי־עגלות־יונגען, קצבים־יונגען, וועלכע האָבן צו קיין פּאַרטייען נישט געהערט. געווען אָרנטלעכע

הארעפּאַשנע יידן, אַטלעטיש געבויט און געקאָנט דערלאַנגען אַ קלאַפּ. טאָמער האָט אַמאָל אַ גוי געהאַט אַ סיכסוך מיט איינעם פון די פּאַר־שוינען און עס איז געקומען צו קלעפּ, האָט אַזאַ גוי שוין געוואָרנט אַ צענטן מער מיט דער „חברה״ נישט צו „דיסקוטירן״...

מוצאי יום־כפור 1919 האָבן מיר געהאַט די ערשטע פאַרזאַמלונג. עס זענען אָנוועזנד געווען נאָר די, וועלכע זענען באַשטימט געוואָרן אין אַקטיוו פון זעלבסט־שוץ. דאָס ערשטע איז באַהאַנדלט געוואָרן דיסציפּלין און קאָנספּיראַציע. עס איז געגעבן געוואָרן יעדן איינעם אַ מעגלעכקייט זיך צוריק צו ציען, אויב ער איז נישט בכוח זיך אונטערצוואַרפן די דיס־ציפּלין־ און קאָנספּיראַציע־פּונקטן. די פּונקטן, כאָטש נישט קיין לייכטע, זענען פון אַלע אָן אויסנאַם אַקצעפּטירט געוואָרן. קיינער האָט זיך נישט צוריקגעצויגן. מיר האָבן באַשטימט אַ פּאַראָל, אַ סימן, וועלכן נאָר מיט־גלידער פון זעלבסט־שוץ האָבן געוווסט. מיר האָבן אויפן אָרט געזאַמלט עטלעכע הונדערט מאַרק אויף איינצוקויפן געווער. עס האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז אונדזער בירגערלעכע יוגנט פאַרמאָגט אַ צענדליק רעוואָל־ווערן און נאָך אַ געוויסע צאָל איז באַשטימט געוואָרן צוצוקויפן. די רע־וואָלווערן זענען פאַרטיילט געוואָרן נאָר צו די סאַמע פאַראַנטוואָרטלעכ־סטע. פון די „שטאַרקע״ האָט קיין איינער נישט באַקומען קיין רעוואָל־ווער, כאָטש מיר האָבן געהאַט אַ פאַרדאַכט, אַז נישט איינער פון זיי באַזיצט אַזעלכן. יעדער איינער פון זיי האָט באַקומען אַ קורץ, דיק, קײלע־כיק און האַרט האָלצן שטעקעלע, אויף צו קאָנען האַלטן עס אין אַרבל, אַז ס׳זאָל נישט ציען פון קיינעם די אויפמערקזאַמקייט.

אויף צוויי טעג אין דער וואָך האָבן מיר געלייגט אַ ספּעציעלן אַכט: זונטיק און מאָנטיק. זונטיק — ווייל אין דעם טאָג קומען זיך צוזאַמען פון די אַרומיקע דערפער הונדערטער פּויערים אין די שטאָטישע קירכעס אריין דאַווענען און אויסהערן דעם גלחס דרשות, און מאָנטיק — ווייל דאָס איז געווען ביי אונדז דער מאַרק־טאָג, אין וועלכן הונדערטער פּוי־ערים פון אַרום פלעגן ברענגען זייערע פּראָדוקטן צו פאַרקויפן, און פאַר איין וועג אין שטאָט איינקויפן אין די יידישע געוועלבער אָן ביי די אין מאַרק אויסגעשטעלטע יידישע סטראַגאַנעס די פּאָר זיי נויטיקע זאַכן.

אויף אַלע אַנדערע טעג פון דער וואָך האָבן מיר געהאַט קלײנע וואַכן, אָבער זונטיק און מאָנטיק האָבן מיר געהאַט דעם גאַנצן אַקטיוו אויף די פיס.

די שטאָט איז איינגעטיילט געוואָרן אין פאַרשידענע פונקטן. איבער יעדן פונקט האָט געהאַט צו באַפעלן אַ גרופּע פון 5 פּערזאָן. איבער יעדן „פינפטל״ איז איינער פון זיי געווען דער פאַראַנטוואָרטלעכער קאָמענ־דאַנט. אין אַ צענטראַלן פונקט פון דער שטאָט (ביי יואל לייב גאָלד־שטיין) האָט אין די זונטיקס און מאָנטיקס זיך געפונען דער שטאַב. שטאַפעטן זענען אַ גאַנצן טאָג געלאָפן פון פונקט צו פונקט און פון די פונקטן צום שטאַב און צוריק. געברענגט נייעס אין שטאַב אַריין און אוועקגעטראָגן באַפעלן. די אויפגאַבן פון די „פינפטלעך״ זענען געווען נישט לאָזן זיך פּראָוואָצירן: אויב אַ שייגעץ וועט כאַפּן ביים „גראָבן אַלטער״ אַ פּעקל טאַבאַק און אַנטלויפן נישט באַצאָלנדיק, אָדער גנבענען עפּעס (ווי ס׳פלעגט טרעפן) ביי אַ יידישן סטראַגאַן און עטלעכע פּויערים וועלן עס העלפן פאַרשטעקן — זאָל עס נישט באַלד באַטראַכט ווערן ווי אַ פּאָגראָם. אין קלענערע זאַכן האָט געהאַט רעכט צו דעצידירן יעדער פירער פון „פינפטל״ אין זיין פונקט, ביי גרעסערע זאַכן האָט געהאַט צו דעצידירן נאָר דער שטאַב אַליין.

די אויפגאַבע פון די „פינפטלעך״ איז געווען מיט טאַקט נאָכצושפּירן די גויים און היטן זייערע באַוועגונגען, צי זיי פאַרזאַמלען זיך נישט אין געוויסע ערטער, צוזעצן זיך צו זייערע טישלעך אין די שענקן, צובייגן אַן אויער אויב אַ גרופּקעלע וועט נאָר צווישן זיך רעדן און דער עיקר, צוקוקן אויפמערקזאַם צי עס זענען נישט פאַראַן פרעמדע, אַנגעפּאַרענע אַגיטאַטאָרן.

אין די זונטיקס האָבן מיר זיך אַפילו אַריינגעקריגן אין די קירכעס אויסצוהערן דעם גלחס דרשות.

אַרום דעם זעלבסט־שוץ האָבן מיר געהאַט פאַרשידענע קאָמישע עפּיזאָדן: האָט זיך ווער געוואָלט איבערצייגן, צי יענער היט אָפּ די קאָנ־ספּיראַטיווע כּללים, האָט ער אָפּגעשטעלט יענעמס כּלה און אָפּגעזאָגט דעם „פּאַראָל״, האָט ער זיך באַלד איבערצייגט אין יענעמס קאָנספּיראַציע; איינער פון די שלעגער־יונגען גייט צו צו אונדזערס אַ חבר, זאָגט אָפּ דעם שפּרוך און קריגט דעם געהעריקן ענטפער, גיט ער אַ פרעג: „נו, חבר ווען וועט מען שוין עפּעס טוען, מ׳דרייט זיך דאָ אַרום גאַנצע טעג ליידיק״?

אין דער זעלבסטשוץ זענען געווען טעטיק: פון די ציוניסטן — מרדכי סאַפּירשטיין, מאָריץ פרייטאָג, י. ל. גאָלדשטיין, מאיר און דניאל וואַר־

שאַוּוסקי, חיים מאיר זשעסלאַווסקי, בערל וואַלדמאַן, פּיטאָוּוסקים זין א״א.
פון בונר: אהרן בערגמאַן, יוסף רייך, אברהם און הענעך ליבערמאַן, הענעך גרושקא, הענעך פיגולא, יחזקאל בירנצווייג, יחיאל לייביש גאָלדבערג אברהם נאָוואק א״א; פון די „שטאַרקע״: נוטע הערש דודס, יאַנקל „פּאַכ־טשאַזש״, פּרץ אברהם זעלנערס, אברהם אַלטער כמאַל, שמעון דעם לע־קעך בעקערס, יעקב הילל, חיים־יאַנקל איטשע גרונמס א״א.

אַ חוץ קלענערע אומוויכטיקע עקסצעסן, וועלכע זענען באַלד מיט גרוים טאַקט ליקווידירט געוואָרן, איז צו קיין גרעסערע אומרועןבײַ אונדז נישט געקומען. אין איין זאַך זענען מיר אַלע געווען זיכער און איבער־צייגט, אַז ווען עס זאָל חלילה בײַ אונדז אויסברעכן אַ פּאָגראָם, וואָלט עס גיכער ווי אַלץ געווען אַ פּאָגראָם אויף די אָנפאַלער גופא...

*****

מיטן דערנענטערן זיך צו די ערשטע סיים־וואַלן האָט אונדזער שטעטל אויפגעלעבט. אַלע דעמאָלט שוין עקזיסטירנדיקע פּאַרטייען, ווי „בונד״, אגודה, ציוניסטן און פּועלי ציון, האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַר־בעט. יעדע פּאַרטיי האָט קודם־כל געוואָלט שלאָגן פּאָליטישן קאַפּיטאַל. יעדע פּאַרטיי האָט שוין „געציילט״ די צאָל שטימען וואָס זי וועט באַ־קומען. נישט אַזוי אין די שטימען איז עס געגאַנגען, ווי איז געווינען די מאַסן, געווינען מיטגלידער פאַר דער פּאַרטיי, אָדער לכל הפחות סימפּאַ־טיקער אויף וועלכע מען זאָל זיך קענען שטיצן. און עס איז אַוועק אַ סדרה פון אָראָפּברענגען רעדנער־אַגיטאַטאָרן. רעדנער אין בעלכאַטאָוו איז שוין לאַנג נישט געווען קיין נייעס. מיר רעדן נישט פון די מגידים און בעלי־דרשנים, וואָס די רעליגיעזע יידן פלעגן שטענדיק ברענגען, און אַ גרויסער טייל פון זיי וואָס פלעגן אַליין קומען אומגעבעטענערהייט; אויך נישט פון די מטיפים וואָס די ציוניסטן פלעגן פון צייט צו צייט אַראָפּ־ברענגען און וועלכע האָבן גערעדט איינגעהילט אין אַ טלית אויף וועגן וועלטלעכע ענינים, ווייל מיטן אויפקומען פון די פּאַרטייען איז אַ רעדנער אין שטעטל שוין נישט געווען קיין פּנים חדשות. אַלע פּאַרטייען פלעגן זיי ברענגען. די טעמעס פלעגן זיין פאַרשידן: דאָס רוב דירעקט פּאַרטייאישע, אַנדערע „אומפּאַרטייאישע״, אויף אַלגעמיינע ליטעראַרישע טעמעס.

גאָר היימלעך איז געוואָרן אין שטעטל, ווען ס׳איז געמאָלדן גע־וואָרן אַ רעפעראַט מיט דיסקוסיעס. דעמאָלט האָבן זיך אַלע „געשליפן

די צינגלעך" צו אָפּאָנירן. בעת די רעפעראַטן זענען חברה געזעסן מיט בלייפעדער און פּאַפּיר אין האַנט, נאָטירט יעדן אויסדרוק פון רעדנער. יעדער אָפּאָנענט איז געווען „באַוואָפנט" מיט וויניקסטנס אַ טוץ ציטאַטן פון צייטונגס־אַרטיקלען, פון זשורנאַלן און ביכער, אין וועלכע דער רע־פערענט( אויב ער איז געווען אַ שרייבער) האָט זיך באַטייליקט. עס זע־נען געווען נאָך מיטלען צו „איבערצייגן" אַ רעדנער פון אַ קעגנערישער פּאַרטיי, נעמלעך, נישט לאָזן ענדיקן, אַראָפּרייסן, אָדער גאָר אינגאַנצן גלייך נישט לאָזן אָנהייבן...

פאַר אַ קורצער צייט איז בעלכאַטאָוו געווען דער עיר־מקלט פאַר צוויי בונדישע חברים, וועלכע האָבן צוליב פּאָליצייאישע טעמים נישט געקאָנט זיין אין וואַרשע און ביי אונדז זיך געפילט זיכערער. דאָס זענען געווען די חברים לייזער לעווין און הערשל בעקערקונסט. דער ערשטער איז ביי אונדז געווען אַ שטיק צייט און אַוועקגעפאָרן, שפּעטער איז אַראָפּגעקומען דער אַנדערער. אַזוי ווי די חברים זענען געווען פּאַר־טיי־טוער, רעדנער און אויך שרייבער, האָבן מיר זיי, זעלבסטפאַרשטענד־לעך, אויסגענוצט פאַר אונדזערע פּאַרטיי־צוועקן. מחמת קאָנספּיראַציע־טעמים האָבן מיר אונדזערע פאַרזאַמלונגען און פאָרלעזונגען דורכגעפירט צום מיינסטנס אין וואַלד.

איינמאָל האָבן מיר זיך דערלויבט אַ לוקסוס. חבר ה. בעקערקונסט האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט אין אונדזער „קולטור־פאַראיין". אינמיטן רעדן האָבן מיר געהאַט אַן איבעררעשונג: אַ פּאָליצייאישער איבערפאַל. עס איז אונדז געלונגען דעם חבר ה. בעקערקונסט מיט נאָך עטלעכע חברים (אויך נישט אינגאַנצן כשרע) אַרויסצופירן דורך אַ פענצטער און אַוועק־שיקן אין וואַלד אַריין. נאָך עטלעכע טעג אויסבאַהאַלטן זיך איז ער אַוועק פון בעלכאַטאָוו און אונדזער שטעטל איז געוואָרן אויס עיר־מקלט. מיר האָבן זיך קיינמאָל נישט דערוווסט, צי עס איז געווען אַ פּראָוואָקאַציע, צי אַ ריינער צופאַל.

צו די סיים־וואַלן האָט יעדע פּאַרטיי געזוכט אַראָפּצוברענגען וואָס מער פּאָפּולערע און וואָס מער באַרימטע רעדנער. בלויז דעם „בונד" האָט זיך דאָס נישט איינגעגעבן, ווייל דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט געהאַלטן, אַז די באַרימטע רעדנער דאַרף ער האָבן פאַר די גרויסע שטעט. פונדעסט־וועגן האָט דער „בונד" זיך געפונען אין אַ בעסערער סיטואַציע בנוגע רעדנער ווי אַלע אַנדערע פּאַרטייען ביי אונדז, ווייל דער „בונד" האָט

צו יעדער צייט געהאַט צו דיספּאָזיציע אַ רעדנער און אויך אַ זייער קאָמ־פּעטענטן אָפּאָנענט, וואָס קיין אַנדערע פּאַרטיי האָט עס נישט געהאַט, אין דער פּערזאָן פון אונדזער שוין דערמאָנטן חבר א. בערגמאַן.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן אַ ריי מיטינגען, וועלכע האָבן אויפגערו־דערט דאָס שטעטל. שלעכט איז נאָר געווען מיט לאָקאַלן. בסך־הכל האָט בעלכאַטאָוו פאַרמאָגט איין איינציקן לאָקאַל, דעם פייערלעשער־זאַל.

באַלד האָבן זיך די פּאַרטייען דערטראַכט, אַז אַזוי ווי דער „בונד" האָט שוין אַמאָל גענוצט דעם בית־המדרש פאַר אַ מיטינג, פאַרוואָס זאָל מען דאָס נישט ווייטער טון? האָבן אַלע פּאַרטייען גענומען אויסנוצן דעם בית־המדרש. און נישט נאָר דעם בית־המדרש, נאָר אויך די שול. עס איז אַוועק אַזוי ווייט, אַז די רעליגיעזע יידן האָבן אויפגעהויבן אַ טומל, אַז עס איז אַ חילול־השם און אַז עס קען ווייטער אַזוי נישט גיין, געקלאַפּט אין טיש און געשריגן: גענוג! און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, מיט דער הסכמה פון אַלע פּאַרטייער, אַז קיינער מאַכט מער נישט קיין מיטינגען אין די רעליגיעזע לאָקאַלן.

איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט, ווען עס האָט געהאַלטן שוין ביים פאַר־ענדיקט ווערן דער וואַל־קאַמפּיין, דערוויסן מיר זיך, אַז אין פּאָליש פון דער שול קומט פאָר אַ געהיימע באַראַטונג פון אַלע פּאַרטייען אויסער דעם „בונד". ס'איז שנעל צוזאַמענגערופן געוואָרן דער קאָמיטעט פון „בונד" און אויך עטלעכע אַקטיווע חברים און „אויפן שפּרונג" איז אָנ־גענומען געוואָרן אַ באַשלוס און באַלד אַוועקגעשיקט אַ דעלעגאַציע אומ־געבעטערנערהייט צו דער געהיימער באַראַטונג. גלייכצייטיק האָט דער קאָמיטעט פון „בונד" זיך פאַרקליבן אויף אַ זיצונג צו אַ חבר אין אַ קעלער־בעקעריי, אין שכנות מיט דער שול, כדי צו נעמען אַ שטעלונג צו דער געהיימער באַראַטונג. אין דער זעלבער צייט זענען שטאַפעטן געלאָפן הין און צוריק — פון דער שול צו דער זיצונג און פון דער זיצונג אין שול — כדי צו ברענגען ידיעות און נאָך אַ שנעלער באַטראַכטונג צוריקגעטראָגן אָנגענומענע באַשלוסן.

געהאַנדלט האָט זיך דעמאָלט אויף דער דערמאָנטער באַראַטונג צו פאַרענדיקן דעם וואַל־קאַמפּיין מיט אַ שלום־מיטינג, וועלכער זאָל פאָרקומען אין שול. אַזוי ווי קיין פרעמדע רעדנער זענען נישטאָ, זאָל דער איינציקער רעדנער זיין דער רב (למען האמת איז אונדזער רב, באָטש זייער אַ קלוגער ייד, קיינמאָל קיין רעדנער נישט געווען, אפילו ביי

א דרשה איז ער נישט געווען צו שטאַרק...). ביים שלום פון דער באַראַ־טונג איז פאָרגעקומען אַט דער כאַראַקטעריסטישער דיאַלאָג:

ר' יעקב הערש שטאַטלענדער פון דער „אגודה":

— בלייבט עס, אַז אויפן מאָרגנדיקן מיטינג וועט רעדן נאָר דער רב.

חבר יחזקאל בירנצווייג פון „בונד":

— און דער חבר בערגמאַן.

מאיר וואַרשאַווסקי פון די ציוניסטן:

— ס'איז באַשלאָסן געוואָרן בהסכם כולם, אַז דער איינציקער רעד־נער אויפן מאָרגנדיקן מיטינג איז נאָר דער רב.

חבר יחזקאל:

— ס'וועט זיין נאָך אַן איינציקער רעדנער — דער חבר בערגמאַן.

משה שמולעוויטש פון די פּ. צ., דירעקט צו דער בונדישער אומגע־בעטענער דעלעגאַציע:

— איר הערט דאָך, אַז ס'איז אַן איינשטימיקער באַשלוס, איר האָט דאָך שטענדיק אַ פול מויל מיט דעמאָקראַטיע. ווי וואַגט איר זיך קעגנ־צושטעלן אַן אָנגענומענעם באַשלוס?

דער בונדישער פאָרשטייער:

— נישט מיר ברעכן באַשלוסן, נאָר איר! ווער האָט ווידעראַמאָל דערלויבט צו רעדן אין שול, נאָכדעם ווי עס איז שוין איינמאָל באַשלאָסן געוואָרן מער נישט צו באַנוצן אַ מקום קודש אויף מיטינגען? אגב, גע־פינען מיר זיך דאָך גאָרנישט אויף דער היינטיקער זיצונג, אַז מיר זאָלן דאַרפן רעספּעקטירן וועמענס מערהייטס־באַשלוסן; מיר געפינען זיך דאָך צופעליג און מיר הערן, אַז מאָרגן וועט געדעט אין שול. מעלדן מיר אייך, אַז עס זאָל פאַר אייך נישט זיין קיין סורפּריז, אַז אויך אונדזער חבר בערגמאַן וועט מאָרגן רעדן.

דער מיטינג איז פאָרגעקומען. די שול איז געווען איבערפולט אונטן און אויך אויבן, אין דער ווייבער שול. עס איז צייטלעך באַקאַנט געמאַכט געוואָרן, אַז עס וועט רעדן דער חבר בערגמאַן. בלויז צום רבס רעדע וואָלטן מיסתמא קיין צען פּראָצענט נישט געקומען.

דער ערשטער האָט גערעדט דער רב. געווען אַ שטילער טומל, אַ געמורמלעריי, מען האָט רעכט נישט געהערט קיין וואָרט. נאָך צען מינוט רעדן האָט ער פאַרלאָזט דעם בעלעמער און באַלד דערנאָך אויך די שול. נאָכן רב האָט גערעדט אונדזער חבר בערגמאַן. עס איז געוואָרן אַ טומל

און מען האָט נישט געהערט קיין וואָרט. מיר האָבן דערקלערט אַ קורצע הפסקה און דער חבר יחזקאל בירנצווייג האָט הויך אויפֿן קול געמאָלדן אין אַ זייער טעאַטראַלער פּאָזע:

— מיר גיבן אייך צען מינוט צייט, כדי די, וועמען עס געפֿעלט נישט דעם חבר בערגמאַנס רעדע, זאָלן קענען רואיק און אָן טומל פֿאַרלאָזן די שול און די וואָס וועלן בלייבן, וועלן מיר האָבן אַ סימן, אַז זיי זענען גע־קומען הערן דעם חבר בערגמאַן, און ווי וועט זיין צו די, אויב נאָכדעם וועט נאָך אימיצער פּרווון שטערן.

אפשר צוויי מנינים יידן האָבן פֿאַרלאָזט די שול. חבר בערגמאַן האָט, ביי דער גרעסטער שטילקייט און אויפֿמערקזאַמקייט, גערעדט איבער אַ שעה צייט. דערנאָך האָבן נאָך גערעדט משה שמולעוויטש, שמואל חיים קעלמאַן און מרדכי סאַפּירשטיין. דער ערשטער אין נאָמען פֿון פּועלי ציון און די לעצטע צוויי אין נאָמען פֿון די ציוניסטן.

בכלל איז דער מיטינג, ביי עטלעכע קאָמישע אינצידענטן, אַדורך אין דער בעסטער אָרדנונג.

איינס מוז מען מודה זיין, אַז פֿון די אַלע מיטינגען, רעדעס, לעקציעס און רעפֿעראַטן, מיט אָדער אָן דיסקוסיעס, האָט די בעלכאַטאָווער יוגנט גייסטיק אַ סך געוואונען.

*
**

ווי אין אַלע גרעסערע און קלענערע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן, האָבן אויך ביי אונדז נישט געפֿעלט קיין יידישע גנבים און בכלל יידישע אונטערוועלט־מענטשן.

די גנבים זענען נישט געווען קיין גרויסע איבערקלייבער, זיי האָבן „גענומען" אַלץ וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט: זיי האָבן „גענומען" הי־נער און גענדז פֿון די שטעלעס אַרויס, זיי האָבן „אַראָפּגענומען" די וועש פֿון די בוידעמס און טאָמער האָט זיך געמאַכט און זיי האָבן זיך דער־ווּוסט, אַז אַ פֿאַמיליע פֿעלט פֿון דער היים, האָבן זיי צוזאַמענגענומען אַלע ווייכטיקסטע ווערט־זאַכן פֿון דער שטוב און „זיך אַרויסגעצויגן"...

איבערהויפּט האָט די חברה שווער געהאָרעוועט אין די מאָנטיקס, ווען מען האָט געקענט „באַאַרבעטן" אַזוי פֿיל אָנגעפּאַרענע פּויערים.

אַ באַזונדערע קאַטעגאָריע זענען געווען די קאָרטן־שפּילער, וועלכע האָבן שוין „געאַרבעט" אין גרעסערע גרופּן בשותפות. די זעלבע חברה

האָט פון צייט צו צייט אויך אָפּגעשטאַט „גאַסטראָלן" אין די שכנותדיקע שטעטלעך פון אַרום בעלכאַטאָוו אין די ספּעציעלע יאַריד־טעג.

נאָך אַ „פּאַך" האָט די חברה געהאַט: איבערפאַלן. זיי האָבן שוין אויס־גערעכנט, ווען יידן ברענגען צו פירן געלט קיין בעלכאַטאָוו. ס'רוב איז עס אויסגעפאַלן דאָנערשטיק ביינאַכט. יעדן דאָנערשטיק פלעגן די בעלכאַ־טאָווער פאַבריקאַנטן אַהיימקומען פון לאָדזש און מיטברענגען געלט אויף אויסצוצאָלן די אַרבעטער אויף שבת. דעמאָלט פלעגט זיך די חברה פאַר־שטעקן אין דאָבזשעלאָווער וואַלד מיט מאַסקעס אויף די פּנימער, אָפּ־שטעלן וויפל וועגענער עס פלעגן נאָר אָנקומען פון פּיעטריקאָוו און מיט געווער אין די הענט באַרויבן די פּאַסאַזשירן. הויפּטזעכלעך האָבן זיי צוגערויבט דאָס געלט וואָס יעדער האָט פאַרמאָגט, זיי האָבן זיך אָבער אויך נישט אָפּגעזאָגט פון אַ גאָלדענעם זייגער, אַ רינגל און אַנדערע ווערט־זאַכן...

בעלכאַטאָווער האָבן אפילו דערציילט, אַז מיט יאָרן צוריק האָט די זעלבע באַנדע געמאַכט אַ דרייסטן איבערפאַל: זיי האָבן אָפּגעשטעלט אַ צוג, באַרויבט די פּאָסט און נעלם געוואָרן.

די בעלכאַטאָווער פּאָליציי האָט זיך ווייניק געמישט אין זייערע עסקים. טייל האָבן געהאַלטן, אַז די פּאָליציי האָט פּשוט מורא פאַר זיי, און אַנדערע ווידער — אַז זיי זענען שטילע שותפים צו די „געשעפטן"... גאַנץ מעגלעך, אַז ביידע צדדים זענען גערעכט געווען.

מיטן אויסברוך פון דער מלחמה אין 1914 איז די גאַנצע באַנדע שוין געהאַט פאַרשווונדן און דאָס „פּאַך" איז אונטערגעגאַנגען.

אַן אַנדערע גרופּע „אַקטיאָרן" האָט „געאַרבעט" ביים פאַרקויפן „גנבישע" סחורות. זייער אַרבעט איז געווען זייער איינפאַך: אויסגעפונען דעם קונה, אים אַריינגעפירט אין אַ טויער אַריין און אים פאָרגעלייגט אַ שטיקל שטאָף וואָס האָט פאַרכאַפּט ס'אויג. און ווייל עס איז „געגנבעטע סחורה", פאַרקויפן זיי עס אים בחצי חינם. אין דער היים האָבן זיך די קונים איבערצייגט, אַז זיי האָבן געקויפט אַ פיין... שטיק פּאַפּיר.

אויך יידן, און דווקא חכמים דערצו, האָבן איינגעהאַנדלט אַזעלכע מציאות...

אַ גאָר באַזונדערע קאַטעגאָריע זענען געווען די פערד־גנבים. דאָס „מסחר" איז געפירט געוואָרן אין גאָר גרויסן מאַסשטאַב. און כאָטש די „גלאַוונע" גנבים און אָפּנעמער זענען געווען פּאָליאַקן, האָבן דאָך די

יידן געהאַט דערין אַ גאַנץ באַדייטנדיקן חלק: סיי צווישן די גנבים, סיי צווישן די אָפּנעמער.

די פּוילישע הויפּט־גנבים, די ברידער קנאַפּעק, זענען געווען פאַרשווי־נען פון אויסערגעוועגלעכער געוואַגטקייט. זיי האָבן פאַר קיינעם קיין מורא נישט געהאַט. פאַרקערט, זיי זענען געווען די שרעק פאַרן גאַנצן שטעטל און אפילו פאַר דער פּאָליציי. ווער עס האָט מיט זיי אָנגעהויבן איז נישט געווען זיכער מיטן לעבן. זיי האָבן טאַקע געהאַט אויף זייער „געוויסן" נישט איין לעבן, און עס איז פאַרשוויגן געוואָרן.

אין אונדזער קרייז איז אומגעגאַנגען ווי אַ לעגענדע, אַז אַלע פערד וועלכע זענען געגנבעט געוואָרן אין אומקרייז פון לאָדזש—קאַליש—טשענ־סטאָכאָוו זענען אַדורכגעגאַנגען בעלכאַטאָווער הענט.

כדי צו פאַרענדיקן מיט אונדזער אונטערוועלט, מוזן מיר נאָך צוגעבן, אַז אויך מוסרים האָבן מיר נישט געדאַרפט אויסשרייבן פון דער פרעמד. מיר האָבן געהאַט אייגענע... די יידן אין שטעטל האָבן פון זיי געהאַט גרויסע צרות. צוויי זענען זיי געווען, איינער שמואל נחמיה־מאירס, אַ זייער פּיפיקער און דורכגעטריבענער פאַרשוין, זיין „פּאַך" איז געווען צום ערשט מסרן און דערנאָך „מאַכערן" און פאַר גיט געלט דעם געמסרטן באַפרייען... און דער אַנדערער איז געווען לייבוש מעכל לאַנדע, אַ נישט צו גרויסער חכם (אַ ייד, אַ חסיד, אַ געוויסער קלוג, האָט אים אַמאָל אונטערגעפירט צו זיך אין שטוב אַריין, געפירט מיט אים פאַר־האַנדלונגען וועגן באַפרייען זיין זון פון מיליטער־דינסט, און גראָד ביים באַצאָלן דאָס „מלאכה־געלט" האָט זיך באַוויזן אַ געהיים־אַגענט — און דאָס שטעטל האָט געהאַט אַ קורצע צייט מנוחה... ביז ער איז צוריקגע־קומען פון תפיסה), דערפאַר האָט ער אָבער געהאַט אַ זייער „רייכע" קאַ־ריערע: אָנגעהויבן ווי אַ רעוואָלוציאָנער, אין 1905 געווען טעטיק אין פּ. פּ. ס., נאָכן דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע געמוזט אַנטלויפן פון פוילן, און אין 1918 צוריקגעקומען פון לאָנדאָן און געוואָרן אַ „נאַרישער" מסור און צום סוף דאָך געענדיקט ווי אַ קדוש: געווען איינער פון די צען יידן, וועלכע זענען אין פּורים פון 1942 דורך די נאַצים געהאָנגען גע־וואָרן עפנטלעך פאַר דער גאַנצער בעלכאַטאָווער באַפעלקערונג.

טאַקע נישט קיין גרויסער יחוס, אָבער פאַקט בלייבט פאַקט.

***

ד ע ר װ א ל ד.

היינריך היינע האָט געזאָגט, אַז דער רהיין איז זיינער. װעגן בעלכאַ־טאָװער װאלד קען מען דרייסט זאָגן, אַז ער האָט געהערט צו דער יידישער יוגנט. מען האָט עס ביי אונדז גערופן „דער װאלד", כאָטש עס איז אַ גרויסער טעות, ווייל עס װאָלט געדאַרפט הייסן „די װעלדער". פאַקטיש איז עס נישט געװען איין װאלד, נאָר אַ סך װעלדער. געװען דער נידערי־קער װאלד, דער הויכער װאלד, דאָס יונגע װעלדל, די בזשעזשינקעס, די סמאָליאַרנע און נאָך אַ סך אַנדערע װעלדער. און דאָס נאָר די מער באַ־קאַנטע, װעלכע זענען געװען נאָענט פון דער שטאָט. פאַקטיש זענען די גאַנצע 16 קילאָמעטער צװישן בעלכאַטאָװ ביזן נאָענטן שטעטל סטערצעװ געװען כמעט בלויז װאלד.

אין די זומער־חדשים פלעגן מיר (אויב מיר האָבן נאָר געהאַט צייט) גאַנצע טעג פאַרברענגען אין װאלד. בכלל האָבן מיר געהאַט זייער נאָענט אין װאלד אריין. מיטן גלייכן װעג דורכן שאָסיי איז עס אַ צװיי קילאָ־



דער װעג צום װעלדל

מעטער. מיר זענען אָבער געגאַנגען דורכן נענטערן װעג, אינגאַנצן אפשר איין קילאָמעטער. דער נענטערער װעג איז געװען די פאַביאַניצער גאַס. דורך יעדן הויף פון דער לינקער זייט פון דער דערמאָנטער גאַס איז גע־

ווען אַ דורכגאַנג צו די פעלדער און לאַנקעס גלייך אין וואַלד אַריין. מיר האָבן דעם וועג געמאַכט אין געציילטע מינוטן.

וואָס האָבן מיר אַלץ נישט געטון אין דעם וואַלד? זיצונגען און פאַר־זאַמלונגען דאָרט אָפּגעהאַלטן; פאַרלעזונגען, דיסקוסיעס, שמועסן און נישט איינמאָל אויך רעפּעטיציעס דאָרט געמאַכט; אין פּאַלאַנט געשפּילט און אַפילו — להבדיל — צו מאַכן אַ קערטל האָט דער וואַלד געדינט. אין די



דאָס בריקל האָט פאַרקירצט דעם וועג צום וועלדל

יאָרן פון 1914—1918, ווען עס איז, מחמת דער מלחמה, קיין ארבעט נישט געווען, האָבן מיר אין די זומער־חדשים ממש דאָרט געוווינט. קיין זומער־וווינונגען זענען דאָך דעמאָלט אין וואַלד נישט געווען. ערשט אין די לעצטע יאָרן האָט די פאַרמעגלעכע באַפעלקערונג פון בעלכאַטאָוו דער־פילט די טייערע לופט וואָס דער וואַלד פאַרמאָגט און דאָרט אויפגעשטעלט זייערע זומער־וווינונגען.

אויף דער צווייטער זייט פון דער שטאָט, אַ דריי קילאָמעטער אַן ערך מיטן פּיאָטריקאָווער שאָסיי, האָט זיך געפונען נאָך אַ וואַלד, דער

דאבזשעלאווער וואלד. נאר יענער וואלד איז עפעס פרעמד געווען אונ־דזער יוגנט. מיר האבן מיט אים נישט געהאט קיין צו גרויסע עסקים. עס האט עפעס דארט ווי געסטראשעט (פון יענעם וואלד ארום איז טאקע נישט איינמאל פארגעקומען באנדיטן־איבערפאלן, רויבערייען). טאמער פלעגן מיר אמאל מאכן דארט אהין א שפאציר, האבן מיר געהאט דאס געפיל, ווי מיר זאלן מאכן עפעס א שטיקל אוואנטורע... אין דאבזשעלא־ווער וואלד האבן מיר זיך געפילט ווי אין... א וואלד, בעת אין אנדערן וואלד האבן מיר זיך געפילט בעסער ווי אין דער היים.

נאכן פארברענגען א טאג אין וואלד האבן מיר ביינאכט ערשט געמאכט „פאפראווליעניעס" אויף די לאנקעס. דארט האבן מיר זיך נישט „געמאטערט" מיט שווערע פראבלעמען, נאר מיט לייכטן פלירט. דארט האט מען דערציילט אלע רכילותן, דארט איז מען געוווּיר געווארן, ווער מיט וועמען וועט חתונה האבן, ווער מיט וועמען וועט זיך צעגיין. דארט איז אויך אויסגעזונגען געווארן אונדזער גאנצער לידער־רעפערטואר. א סך מאל, א דאנק די לידער טאקע, זענען פויערים מיט הינט געקומען און אונדז פון דעם גן־עדן פאריאגט.

די לידער האבן געהאט טויזנט חנען און האבן פאר אונדז געקלונגען ווי די שענסטע מוזיק, און די ריחות פון די וועלדער באטאג און פון די פעלדער ביינאכט — איז נישט צו פארגלייכן מיט די טייערסטע פאר־פומען.

***

חסידים.

עס איז שוין דערמאנט געווארן, אז אויך דער חסידיזם האט א סך בייגעטראגן צו דער אנטוויקלונג פון שטעטל. אמת, מיר האבן מיט זיי געפירט א שטענדיקע מלחמה, סיי אינדיווידועל, סיי קאלעקטיוו. מיר האבן זיי באטראכט פאר דאס ערגסטע פינצטערניש. נאר קוקן מיר אבער צוריק פון א דיסטאנץ פון אזוי פיל יארן, און נאך מיט אביסל אביעק־טיוויטעט דערצו, זעט מען די גרויסע מעלות, וואס זיי האבן געהאט און ווי זיי האבן ביינעטראגן, אומבאוווּסטזיניקערהייט, צום פראגרעס פון שטעטל.

געווען ביי אונדז צוויי קאטעגאריעס פרומע יידן: חסידים און באלע־באטים (נישט קיין מתנגדים). די חסידים זענען כמעט אלע געווען וויל־

געלערנטע, געקאָנט אין די דראָבנע אותיות און זיך אפילו געקאָנט אויף וועלטלעכע זאַכן, און די באַלעבאַטים זענען געווען פּשוטע אַרבעטס־מענטשן, האָרעפּאַשניקעס. וואָס שייך פרומקייט זענען די באַלעבאַטים אפשר געווען אַ סך פרומער ווי די חסידים, ווייל די חסידים, ווי זייער שטייגער איז זענען שטענדיק געווען צופיל „פּאַן־בראַט" מיטן רבונו־של־עולם, און דורכלאָזן אַמאָל אַ מנחה איז נישט געווען פון די גאָר גרויסע זאַכן... דערפאַר האָט מען אַמאָל גיכער געקאָנט דיסקוטירן מיט אַ חסיד ווי מיט אַ באַלעבאָס.

די חסידים האָבן געהערט צו פאַרשידענע רבייאישע דינאַסטיעס. די גרעסטע אין צאָל זענען געווען די גערער חסידים (ביי די 600), ווייטער זענען געגאַנגען די אַלעקסאַנדערער, דערנאָך די נאָווא־ראַדאָמסקער, ראַד־זינער, וואָלבאָרשער און ראַספּעשער. די ראַדזינער זענען געווען זייער ווייניק אין צאָל, דערפאַר זענען זיי אָבער געווען גרויסע למדנים. די לעצטע צוויי, די וואָלבאָרשער און ראַספּעשער, זענען שוין גאָר קיין למדנים נישט געווען , אין ווייט גרעסטן טייל זענען זיי געווען פּשוטע עמכדיקע באַלע־באַטים, וואָס האָבן געמאַכט דעם אָנשטעל פון חסידים.

די אָנגעזעענסטע און רירעוודיקסטע זענען געווען די גערער, האָבן זיי עס געדרייט דאָס גאַנצע רעדל אין שטעטל און אָנגעפירט מיט דער „אגודה".

די גערער ווי אויך די אַנדערע חסידים האָבן פון די וואָלבער־טער און ראַספּעשער „חסידים" גאָר ווייניק געהאַלטן און זיך מיט זיי, ווי מיט חסידים, אינגאַנצן נישט גערעכנט. אויך פון זייערע רביים האָבן זיי, די אמתע חסידים, נישט געהאַלטן, ווייל זיי זענען געווען „ווייבערישע רביים" (זיי האָבן גענומען פּדיונות — הויפּטזעכלעך — פון ווייבער).

קריגערייען צווישן די פאַרשידענע כתות חסידים האָבן קיינמאָל נישט געפעלט: אַמאָל איז עס געווען צוליב אַ שוחט אָדער אַ חזן, אַן אַנדער מאָל צוליב אַ דיין, צי גאָר וועגן אַ רב אָדער אַן אַנדער כלי־קודש. סיבות, צוליב וועלכע צו פירן אַ מלחמת־מצווה, האָבן קיינמאָל נישט געפעלט. גאַנץ אָפט זענען די קריגערייען דערגאַנגען ביז געשלעגן און אפילו ביז מסירה. אַ סך מאָל האָט געטראָפן, אַז איין חסידישע גרופּע האָט גע־אסרט די שחיטה פון אַ שוחט, וועלכער האָט געהערט צו אַן אַנדערן חסידישן צד. דעמאָלט האָבן זיי אַרויסגעשיקט אַ שמש אָנצוקלאַפּן אין אַלע יידישע שטובן און מעלדן, אַז דאָס עסן ביי אַלע, וועלכע האָבן גע־

קויפט פלייש פון דעם און דעמס שחיטה, איז טריף ווי חזיר. האָט ביי טייל געטראָפן, אמת געציילטע, וועלכע האָבן עס גענומען ערנסט, און דאָס מיטאָג איז אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פאַר די הינט, און אַליין האָט מען געגעסן עגמת־נפש און נאָך געמוזט כשרן דאָס געפעס.

א טייל פון די כלי־קודש זענען געווען גערער חסידים. און כאָטש זיי, די גערער, זענען געווען די גרעסטע אין צאָל, זענען זיי דאָך נישט אַלע מאָל אַרוים די זיגער פון די אַלערליי מחלוקת. א באַזונדער גרויסן דורכ־פאַל האָבן זיי געהאַט ביים אַראָפּברענגען א רב. נאָך א מחלוקת פון א סך חדשים האָט געזיגט דער באַלעבאַטישער צד, וועלכער האָט אַראָפּ־געבראַכט דעם וואָלבערשער רבינס א זון פאַר א רב, און דער רב, אגב א זייער קלוגער און דורכגעטריבענער ייד, האָט ביי אונדז „געקיניגט" א סך יאָרן.

מיטן דערשיינען פון „בונד" און פון די ציוניסטן, האָבן די חסידים זיך אַרומגעזען, אַז ס'ווערט פון זיי אַרויסגעריסן א גרויסער טייל פון דער יוגנט. עס איז שוין באַלד אויסגעקומען, אַז אין בית אשר אין שם בונדיסט, אָדער ציוניסט. זיי האָבן אָנגעהויבן „ליידן חרפות און בושות", און עס איז שוין באַלד נישט געבליבן ווער עס זאָל וועמען מוסר זאָגן, ווייל כמעט יעדער האָט געהאַט ביי זיך אין שטוב אַן אייגענע צרה... און עס האָט זיך ביי די חסידים אָנגעהויבן א סעריע באַראַטונגען „וואָס טוט מען?" ווי אַזוי האַלט מען איין די יוגנט, אַז זיי זאָלן נישט אַנט־לויפן צו „זיי"? און זיי האָבן, מיט דער הסכמה פון דער „אגודה", באַ־שלאָסן קודם־כל, אַז מען דאַרף זייער יוגנט עפּעס געבן, עפּעס ענלעכס צו דעם וואָס זיי קאָנען האָבן ביי „זיי". דעמאָלט איז אין בעלכאַטאָוו געגרינדעט געוואָרן די „פּועלי אמוני ישראל". די חסידישע יוגנט האָט געהאַט א געלעגנהייט נאָכצוקאָפּירן און זיך צו שפּילן אין פאַראיינען מיט פאַרוואַלטונגען, מיט זיצונגען און פאַרזאַמלונגען, מיט רעדעס און אַלע אַנדערע גוטע זאַכן.

מיט א צייט שפּעטער האָבן די חסידים מיט דער אגודת ישראל בראש געשאַפן די בית־יעקב־שולע פאַר מיידלעך אַזוי, אַז עס איז זיי צו־געקומען נאָך א יוגנט־אָרגאַניזאַציע.

איינס פון די מיטלען צוריקצוגעווינען זייער יוגנט איז אויך געווען דאָס, וואָס די חסידים האָבן א סך אַראָפּגעלאָזט פון טאָן לגבי זייערע קינדער: שוין נישט געפּראַוועט קיין סקאַנדאַלן פאַר טראָגן א שטייף

קעלנערל, אָדער געפּרעסטע הויזן און אפילו אַמאָל זיך געמאַכט נישט זעענדיק, אַז אַ בחור האָט זיך באַגעגנט מיט אַ מיידל.

און מען מוז מודה זיין, אַז די חסידים האָבן דערמיט זייער אַ סך געוואונען. אמת, קיין צו גרויסע טעטיקייט האָבן זיי צו יענער צייט נאָך נישט געפירט, אָבער מען האָט שוין פונדעסטוועגן זייער אָנוועזנהייט גוט געפילט, און מיט דער צייט זענען זיי געוואָרן אַ צד, מיט וועלכן מען האָט זיך געמוזט רעכענען. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער איז די אָרגאַני־זירטע חסידישע יוגנט געוואָרן אַ גאָר גרויסער כוח.

אונדזערע חסידים, זאָל צו זייער שבח געזאָגט ווערן, האָבן זייער געהאַלטן פון דעם זאָג „אהוב את המלאכה, ושנא את הרבנות": אויב אַ חסיד איז אַראָפּ פון דער מדרגה און געוואָרן אַ יורד; אויב אַ יונגערמאַן איז אַראָפּ פון קעסט און נישט געהאַט צו וואָס זיך צו נעמען; צי אַ חסיד סתם אַ לאַ־יוצלח — איז אַנשטאַט צו ווערן אַ מלמד אָדער אַן אַנ־דערער כלי־קודש, איז ער געוואָרן אַ שערער. אויך זענען אַ טייל פון זיי געוואָרן בוכהאַלטערס (ביי אונדז זענען זיי גערופן געוואָרן ווערק־פירער).

איך גלויב, אַז אַ סך אַזעלכע חסידים זענען אין פּוילן נישט געווען, חסידים וועלכע זאָלן זיך נישט נאָר נישט שעמען מיט קיין בעל־מלאכה, נאָר נאָך אַליין זיין בעלי־מלאכות.

עס וועט נישט זיין קיין גוזמא, אויב איך וועל זאָגן, אַז זעכציק פּראָצענט (קיין גענויע סטאַטיסטיק האָבן מיר נישט) פון אַלע שערער ביי אונדז זענען געווען געוועזענע חסידים. דער ערשטער פּראָפעסיאָנעלער קלאַסן־פאַראיין ביי אונדז איז טאַקע געווען דער שערער־פאַראיין. און זאָל דאָ צו אונדזער סאַטיספאַקציע אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז דער רוב פון די חסידים אין פאַראיין האָבן פולשטענדיק אויסגעהאַלטן די פּראָבע פון קלאַסן־באַוווסטזיניקע פּראָלעטאַריער. אמת, אָנגעפירט מיטן שערער־פאַראיין האָבן בונדיסטן, מיר האָבן אָבער גאָרנישט געהאַט זיך צו באַ־קלאָגן אויף דער חסידישער מיטגלידערשאַפט. ווי אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַר־איין איז אונדז אויסגעקומען דורכצופירן פאַרשידענע שטרייקן, האָבן מיר פונדעסטוועגן געהאַט צו פאַרצייכענען זייער ווייניק שטרייק־ברעכער צווישן חסידישן עולם. מען דאַרף דאָ נאָך צוגעבן, אַז זיי, די חסידים, האָבן זיך שטענדיק געפונען אין אַן אומבאַקוועמער סיטואַציע, ווייל די ברויט־געבער זענען צומאָל אויך געווען חסידים און זיך צוזאַמענגעטראָפן

אין זעלבן חסידים־שטיבל, און גאַנץ אָפט נאָך אויך געווען פון דער זעלבער משפחה.

אויב עס איז פאָרגעקומען אַ שטרייק אין פאַך, האָבן מיר געזאָרגט, אַז אויך עטלעכע חסידים זאָלן זיך געפינען אין שטרייק־קאָמיטעט. ביי די פאַרהאַנדלונגען מיט די פאַבריקאַנטן האָבן מיר מיט זיי אויסגענומען, פאַר זייער באַקוועמלעכקייט וועגן, אַז זיי זאָלן וואָס ווייניקער רעדן. האָט איינמאָל געטראָפן, אַז זיצנדיק ביי פאַרהאַנדלונגען מיט די פאַברי־קאַנטן וועגן אַ נייער לוין־הוספה, און ווי שטענדיק, זענען די „שקצים" געווען די ראשי־המדברים, האָט אַ חסיד־פאַבריקאַנט געוואָלט פראָוואָצירן אַ חסיד־פּראָלעטאַריער און זיך געווענדט צו אים מיט אַזאַ לשון: „זאָג נאָר, שלמה (ליבערמאַן), דו האָסט שוין וועגן דעם ענין גאָרנישט וואָס צו זאָגן? דיין עובדה דאָ איז נאָר בלויז פון אַ שטומען דיין ביי חליצה? לאָמיר אויך הערן דיין וואָרט!" ענטפערט אים דער פּראָלעטאַרישער־חסיד: „מיר קאָנען דאָך נישט רעדן אַלע אינאיינעם, און אַ חוץ דעם געדענקסטו דאָך דעם מאמר „שתיקה כהודאה דמיא", הייסט עס, אַז אויב מיר שווייגן, איז אַ סימן, אַז מיר זענען מסכים..."

איינער אַ פּראָלעטאַרישער חסיד, ר' משה אייזיק (ברעסלער), האָט נאָך יעדן געוווּנענעם שטרייק געהאַט זיינס אַ פאַראַפראַזירט גמרא־ווערטל: „לכתחילה האָבן מיר טאַקע נישט געדאַרפט שטרייקן, וואָסי, די וועבערס פאַרדינען מער? נאָר בדיעבד — יצא".

דאָס יאָר 1921 איז ביי אונדז געווען אַ זייער שטורמיש יאָר. דאָס דאָזיקע יאָר האָט זיך באַזונדערס איינגעקריצט אין זכרון און איבערגעלאָזט אין שטעטל אַ געוויסן קענטיקן חותם. אין דעם יאָר איז פאָרגעקומען אַן איבערגרופּירונג פון כוחות, אַן איבערגעשטאַלטונג, וואָס האָט אָנגעזאָגט נייע פאַרמעסטן: דאָס איז געווען אין דעם יאָר, אין וועלכן עס איז פאָר־געקומען די שפּאַלטונג פון „בונד".

אין דער בונדישער פּרעסע איז שוין לאַנג אָנגעגאַנגען די דיסקוסיע. לאַנגע אַרטיקלען מיט אַרגומענטן פאַר און קעגן זענען געשריבן געוואָרן פון אַלע צדדים. און צדדים זענען געווען דריי. יעדע גרופּע האָט פאַר־טיידיקט איר שטאַנדפּונקט. איין גרופּע האָט פאַרטיידיקט „זעכצן פּונקטן" פון פּראָגראַם, אַ צווייטע — „ניינצן מיט אַ האַלבן פּונקט" און די דריט־טע — גאַנצע „21 פּונקטן". מיט די נעמען פון די פּונקטן זענען די גרופּן באַצייכנט געוואָרן. אַזוי אין דער פּרעסע, אַזוי אין די גרויסע שטעט

און אַזוי אויך אין קלײנעם שטעטל: ״די זעכצענער״, די ״נײנצן אַ האַל־בער״ און די „אײן און צוואַנציקער״. אויך צו אונדזער שטעטל האָט עס אָנגעשפּאַרט.

טעג און נעכט זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן זיצונגען, באַראַטונגען, פּאַרזאַמלונגען, רעפעראַטן און דיסקוסיעס. די רעפעראַטן און דיסקוסיעס זענען פֿאָרגעקומען מיט אײנגעװע כּוחות און אויך מיט פּרעמדע, אַראָפּ־געקומענע פֿון צענטער. די גרעסטע אַמפּערײען און קריגערײען זענען פֿאָר־געקומען בײם װײלן דעלעגאַטן צו דער פּאַר־קאָנפערענץ, װעלכע איז פֿאָר־געקומען אין לאָדזש. און דערנאָך בײם װײלן אַ דעלעגאַט צו דער אַלגע־מײנער לאַנדס־קאָנפערענץ.

די רײבונגען און שפּאַלטונגס־טענדענץ האָבן זיך שוין זײער בולט געפילט. מיר זענען שוין געװען זיכער, אַז אויב אַפילו עס זאָל נישט קומען צו אַ שפּאַלטונג אין לאַנדס־מאַסשטאַב װעלן מיר שוין, יעדנ־פֿאַלס, מיט קײן גאַנצע בײנער פֿון דעם עסק נישט אַרויס.

דער ערשטער אויפֿן פײער איז געװען דער „קולטור־פֿאַראײן״. די שפּאַלטונגס־סימנים זענען שוין געװען פֿילבאַרע: עס האָבן שוין געפֿעלט אַ סך ביכער פֿון דער ביבליאָטעק, אַ בליץ־לאָמפּ און אַנדערע קלײניקײטן. און אונדז איז געבליבן צו פֿאַרטראַכטן זיך װעגן אַ זײער ערנסטע פֿראַ־גע: װאָס טוט מען מיט דער ביבליאָטעק? די ביבליאָטעק, װאָס מיר האָבן אַזוי ליב געהאַט, װאָס מיר האָבן באַטראַכט װי דאָס טײערסטע װאָס מיר פֿאַרמאָגן. אויף אַ סך זאַכן זענען מיר גרײט געװען מותּר צו זײן, נאָר נישט אויף אונדזער ביבליאָטעק. מיר האָבן פּשוט מורא געהאַט, אַז די ביכער װעלן צעשלעפּט װערן, און עס װעט פֿון דער ביבליאָטעק, װאָס איז אויפֿגעבויט און אָפּגעהיט געװאָרן מיט אַזוי פֿיל מי, ליבע און פֿיע־טעט, גאָרנישט װערן.

נאָך אַ סך נעכט נישט שלאָפֿן, נאָך פֿיל באַראַטונגען און באַטראַכ־טונגען, איז מיט גרויס האַרץ־װײטיק באַשלאָסן געװאָרן (עטלעכע חברים האָבן דערבײ געװײנט), אַז פֿאַר דער זיכערקײט און גאַנצקײט פֿון דער ביבליאָטעק זאָל מען צײטװײליק אַרויסנעמען די ביכער פֿון פֿאַראײן, און זײ אַרײנגעבן אין די פּריװאַטע שטובן, צו צװײ פֿאַראַנטװאָרטלעכע חברים.

װען עס איז צומאָרגנס באַקאַנט געװאָרן, אַז די ביבליאָטעק איז „פֿאַרכאַפּט־געװאָרן״, האָט דער צװײטער צד, װעלכער האָט אויך גערעכנט

צו טון דאָס זעלבע, נאָר געקומען אביסל צו שפּעט — אויפגעהויבן דעם גאָר גרויסן טומל, געוואָרנט און געדראָט, נאָר ווי יידישע גזלנים, איז מען אָפּגעקומען מיט בלויזע „סטראשונקעס".

א לענגערע צייט האָט די ביבליאָטעק אַזוי עקזיסטירט אין פּריוואַטע שטובן. ביכער, כאָטש נישט אַזוי אָפט ווי פריער, זענען געטוישט געוואָרן. ביז עס איז געקומען די צייט און די ביכער זענען צוריק אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף זייער אָרט אין דער שאַפע פון פאַראיין, און אַלץ איז צוריק נאָרמאַליזירט געוואָרן.

נאָך דער שפּאַלטונג אין „בונד" איז ביי אונדז טעטיק געוואָרן די אָפּגעשפּאָלטענע גרופּן אונטערן נאָמען „קאָמבונד". א גרויסן חלק אין דער שפּאַלטונג ביי אונדז האָבן געהאַט צוויי צוגעפאָרענע חברים פון דער פרעמד: איינער א שוין באַקאַנטער נאָמען חבר הערשל בעקערקונסט, און דער אַנדערער א לאָדזשער חבר אַלעקסאַנדער. פאַקטיש איז דאָס געווען דער געבורט, דער אָנהויב פון דער יידיש־קאָמוניסטישער אָרגאַניזאַציע ביי אונדז אין בעלכאַטאָוו.

דער „בונד", כאָטש ער האָט פאַרלוירן א טייל מיטגלידער, איז דערפון ווייט נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן, פאַרקערט, ער האָט זיך ערשט געמוזט אָננעמען מיט נייע כוחות צו נייע פאַרמעסטונגען. ער האָט צוגעקריגן א נייעם, א וויכטיקן קעגנער אין געשטאַלט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, וועלכע איז מיט דער צייט אויסגעוואַקסן צו א גרויסער באַוועגונג.

דער פירער פון דער נייער פּאַרטיי ביי אונדז איז געוואָרן אונדזער אַמאָליקער חבר יחזקאל בירענצוויינ.

***

אין יאָר 1922 האָט זיך אָנגעהויבן א גרויסע עמיגראַציע פון דער בעלכאַטאָווער יידישער יוגנט. סיבות זענען געווען א סך; אויפן ערשטן פּלאַץ עקאָנאָמישע: נאָכן ענדיקן די ערשטע וועלט־מלחמה, נאָכדעם ווי אַלץ האָט זיך לאַנגזאַם אָנגעהויבן איינשטעלן און נאָרמאַליזירן, האָט זיך די סיטואַציע פון די יידישע אַרבעטער כמעט מיט גאָרנישט פאַרבעסערט. נאָר געציילטע גליקלעכע איז געלונגען אַריינצוקומען אַרבעטן אין די מעכאַנישע וועבערייען, דער רוב יידישע אַרבעטער האָט ווייטער געמוזט אַרבעטן ביי שקלאַפישע באַדינגונגען ביים האַנט־שטול. א צוויי־

טע סיבה איז געווען דער אַנטיסעמיטיזם, פון וועלכן מען איז געלאָפן ווי פון אַ שריפה. נאָך אַ סיבה איז געווען, וועל איך זאָגן, אַן „אַוואַנטורים־טישע": די יוגנט האָט זיך באַקענט אַ ביסל מיט געאָגראַפיע, זיך אָנגע־לייענט מיט אַ סך רייזע־באַשרייבונגען, געזען פאַר זיך אַ גרויסע, שיינע, ברייטע וועלט, האָט זי אויך געוואָלט די וועלט אָנקוקן און נישט איינגע־שרומפּן ווערן אין דעם קליינעם שטעטל. האָט מען געזוכט מיטלען און וועגן פון דעם שטעטל זיך אַרויסצובאַקומען.

עס איז שוין אַ מאָל געווען ביי אונדז אַ גרויסע עמיגראַציע פון אַרבעטער־יוגנט אין דער וועלט אַריין. דאָס איז געווען נאָכן דורכפאַל פון דער רוסישער רעוואָלוציע פון יאָר 1905. דעמאָלט איז די עמיגראַ־ציע געגאַנגען הויפּטזעכלעך אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון אַמע־ריקע. אויך דאָס מאָל וואָלט די ריכטונג געגאַנגען דאָרט אַהין, ווען נישט די קוואָטע־גזירות. און אַזוי ווי קיין אַמעריקע איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט צו פאָרן, איז מען געפאָרן ווו נאָר עס האָט זיך געלאָזט: אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, קיין דייטשלאַנד, פראַנקרייך, בעלגיע, ארץ־ישראל, אַרגענטינע, בראַזיל און אַנדערע אַמעריקאַנער לענדער. אַזוי, אַז ביים היינטיקן טאָג געפינען זיך גרעסערע גרופּן פון אונדזערע לאַנדסלייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אין ישראל, אין סאָוועטן־פאַרבאַנד און אין אַרגענטינע. און קלענערע גרופּן — אין בעלגיע, פראַנקרייך און בראַזיל. און איינצלנע פון אונדזערע לאַנדסלייט קאָן מען געפינען צעוואָרפן אין לענדער פון דער גאַנצער וועלט.

פון איין זייט איז עס זייער דערפרייענדיק וואָס בעלכאַטאָווער יידן געפינען זיך אין דער גאַנצער וועלט, און פון דער אַנדערער זייט איז זייער טרויעריק וואָס אין אונדזער ליב שטעטל בעלכאַטאָוו געפינט זיך נישט קיין איין לעבעדיקער ייד.

***

איך קאָן נישט פאַרענדיקן מיין באַשרייבונג, אַז כ'זאָל נישט כאָטש בלויז דערמאָנען עטלעכע אינטערעסאַנטע פּערזאָנען און טשיקאַווע טיפּן פון בעלכאַטאָוו.

עס שטייען מיר פאַר די אויגן אונדזערע היימישע און ווילע יידן און בעטן זיך: עפּעס האָבן מיר דאָך מתקן געווען אין אונדזער בידנעם לעבן, דערמאָן אונדז!

ר׳ לוי מצבה־קריצער (ר יי ך): א גערער חסיד, א בן־תורה; א ייד אַן אַלץ־וויסער און אַלץ־קענער. די מצבות וואָס ער האָט אויסגעקריצט זענען געווען קונסט־ווערק צוגעפּאַסט צו יעדנס כאַ־ראַקטער: איז דער פאַרשטאָרבענער געווען א כהן, האָט מען געזעען אויס־געקריצט צוויי הענט צום דוכענען, איז עס געווען א לוי — א האַנט מיט אַן עמער, וואָס גיסט וואַסער אויפן כהנס הענט. ביי א ייד א תלמיד־חכם א שאַנק מיט ספרים. איז עס געווען א פאַרשטאָרבן קינד — א פאַרלאָשן ליכט; א דערוואַקסן קינד — אַן אונטערגעבראָכענער בוים. ביי א יונגער פרוי וואָס האָט איבערגעלאָזט עטלעכע קליינע קינדער — א פאַרבלאָנדזשעטע סטאַדע שעפּסן אָן א פּאַסטוך... און אַזוי כסדר. היינט די אויפשריפטן אויף די מצבות זענען געווען ממש פּאָעזיע, פאַרשטענדלעך צוגעפּאַסט צו יעדנס כאַראַקטער. וואָס האָט דער ייד נישט געקענט? פון אַן עין־הרע אָפּשפּרעכן ביז צורעכטמאַכן די קאָמפּליצירטסטע מאַשין; פון א בלאַט זוהר, ביז אויסמאָלן א שטוב מיט פייגל אין דער לופט, און אויב עס האָט אויפגעהערט צו פונקציאָנירן איינער פון די געציילטע טעלע־פאָנען וואָס דאָס שטעטל האָט פאַרמאָגט — האָט מען אויך נישט געהופן קיין אַנדערן, נאָר ר׳ לוין. און טאָמער האָט זיך פאַרגלוסט דעם גביר ר׳ מענדל דזשאַלאָווסקי פון איין שטוב פון זיין רייכער דירה מאַכן א שטענדיקע סוכה, האָט ר׳ לוי צוגעטראַכט א מאַשינדל, פאַרפעסטיקט אין א קעסטל צו דער וואַנט, און מיט א קאָרבע פון אינעווייניק צו יעדער מינוט דעם דאַך געעפנט אָדער פאַרמאַכט. ווען דער ייד זאָל האָבן א שולע, וואָלט ער זיכער געווען א גרויסער דערפינדער.

ר׳ אלי שערער (ל יי ב), א גערער חסיד, אויך א בן־תורה. אין די מיטעלע יאָרן איז ער געוואָרן א יורד, געמוזט ווערן א בעל־מלאכה: צו ערשט געווען א בוכהאַלטער (ביי ר׳ משה נחמיה טייטלבוים) און דערנאָך אַן איינפאַכער אַרבעטער — א שערער (פון דאַנען דער צונאָמען). א גרויסער פּעדאַנט: דער גאַנצער טאָג איז ביי אים געווען אויסגערעכנט און פונאַנדערגעטיילט צו דער מינוט. כאָטש א פאַבריקס־אַרבעטער, האָט ער פונדעסטוועגן שטענדיק געדאַוונט מיט מנין. נאָך געהאַט צייט יעדן טאָג פאַר א פּאָר קאַפּיטלעך תהילים, א פּרשה חומש, א פּרק משניות און אויך נאָך אויף א בלאַט גמרא. זיין נאָענטסטער ידיד איז געווען ר׳ לוי מצבה־קריצער. אויך ווי יענער, האָט ער אַלץ געקענט. וואָס די אויגן האָבן געזעען, האָבן די הענט געמאַכט: אַלערליי שניצערייען פון האָלץ און

פון ביין; פונאנדערנעמען און צוריק צוזאמענשטעלן די קאמפליצירטסטע מאשין; טאמער איז א טייל געווען אפגענוצט, האט ער צוגעשניצט אדער צוגעגאסן אן אנדערע טייל, אז ס'האט זיך דאס מינדסטע נישט באמערקט. אזיינער צום צורעכטמאכן האט ער קיינמאל נישט אוועקגעטראגן צום



משה אליעזר פודלאווסקי



ר' אלי לייב

זייגערמאכער, און אז ר' לוי האט א מאל געהאט א קאמפליצירטן ענין, זענען זיך דיביידע יידן צוזאמענגעקומען אויף א באראטונג און דאס רעטעניש איז געלייזט געווארן. אויך אין ר' אלי שערער אין פארלוירן געגאנגען א קינסטלער.

ר' י ש ע י ה ו ש ר ג א. א שיינער־ייד, א גערער חסיד. שטענדיק (אויסער שבת) מיט א לאנגן לולקע־ציביק ביז דער קני. שטענדיקער בעל־מוסף אין גערער שטיבל אין די ימים־נוראים. א ייד פון עטלעכע דורות חסידים.

ר' י ח י א ל א י ט ש ע ע ל ב י נ ג ע ר. א ראדזינער חסיד. א זייער קלוגער ייד. א פאטריארכאלער ייד פון א פארצווייגטער משפחה. איינער פון די גרעסטע למדנים פון שטעטל, אפשר טאקע דער גרעסטער למדן.

ר׳ יוסף לייבוש גרושקע. א ראדזינער חסיד. הויך און גלייך ווי א שטעקן. שטענדיק זייער ערנסט. מען האָט דערציילט, אַז מען האָט אים קיינמאָל נישט געזעען אפילו שמייכלען, שוין אָפּגערעדט פון לאַכן.

ר׳ אלי פייוול געלבארט און ר׳ יעקב הערש שטאטלענדער. צוויי שיינע יידן, שטענדיק דאָזאָרעס. די שתדלנים פון שטעטל. אַז מען האָט געדאַרפט עפּעס אַן ענין ביי דער מאַכט אויספועלן אָדער אָפּשרייען, איז מען געלאָפן צו זיי. זיי האָבן נישט געמאַכט דערפון קיין מאַטעריעלען געברויך, נאָר לשם שמים.



יעקב הערש שטאטלענדער

ר׳ שלמה שמש (שמולעוויטש), דער שמש פון בית־המדרש. אייגנטלעך דעם רבס משמש. געווען א זייער קלוגער ייד און אויך א שטיקל שתדלן וואָס האָט עס קיינמאָל נישט געטון פאַר אייגננוציקייט.

ר׳ ישעיה זוסקעס (עקשטיין). א גערער חסיד. זיין „פּאַך" איז געווען בעל־תוקע אין גערער שטיבל זיין גאַנץ לעבן. עס האָט קיינמאָל נישט געטראָפן אין פאַרלויף פון זיין שופר־בלאָזן, אַז עס זאָל כאָטש איינמאָל אַרויס עפּעס א תקיעה אָדער א שברים מיטן מינדסטן פּגם. ווען ער איז געשטאָרבן, איז געוואָרן זיין ממלא מקום זיין זון, ר׳ משה ישעיהו זוסקעס. אויך ער האָט דורכגעפירט זיין „מיסיע" מיטן גרעסטן דערפאָלג און דעם פאָטער זיינעם קיינמאָל נישט פאַרשעמט.

די מרדכי יוספס: „דער הויכער מרדכי יוסף" (ליבערמאַן). א ראדזינער חסיד. א טאַטע פון א זייער פאַרצווייגטער משפּחה. א לאַנגער, א שטייפער און א קאַלטער. „דער קליינער מרדכי יוסף" (דזשאַלאָווסקי). א גערער חסיד, א לעבעדיקער, א פריילעכער, א שטיק קוועקזילבער.

ר׳ לאַזער שפּיגלמאַן. א גערער חסיד. א ייד א גרויסער אָרעמאַן. איז שטענדיק גרייט געווען צו גיין אויף קידוש השם.

אין די מלחמות מיט די אפיקורסים איז ער שטענדיק געווען דער ערשטער, דער אָנפירער. איז ער טאַקע שטענדיק אַרויס פון אַזאַ מלחמה מיט נאָך אַ ריס אין דער אַזוי אויך צעריסענער יופּצע.

ר׳ שמואל ישעיהו (שליט) און ר׳ מיכאַל־קע. ביידע דיינים. ביידע האָבן זיך פאַרנומען מיט פּסקענען שאלות פאַרן שטעטל. דער ערשטער אַ יונגער, אַן איידעלער, דער אַנדערער — אַן אַלטער, אַ בייזער; דער ערשטער — אַ מקיל און דער אַנדערער — אַ מחמיר. זענען טאַקע ס׳רוב ווייבער געגאַנגען מיט אַ שאלה צו ר׳ שמואל ישעיהון. ביי אַ געלעגנהייט האָט שמואל ישעיהו זיך פאַרענטפערט: ער האָט געזאָגט, אַז ביי אַ רייכן יידס אַ שאלה איז ער פּונקט אַזאַ מחמיר ווי ר׳ מיכאַלקע, נאָר טאָמער קומט מען צו אים מיט אַ שאלה פון אַן אָרעמאַן, טוט אים דאָס האַרץ וויי, און ער קאָן נישט מיט אַזאַ לייכט געמיט טריפה מאַכן.



ר׳ מיכאַלקע

ר׳ הערשל שוחט, ר׳ בערל שוחט, ר׳ חיים איטשע שוחט, דער גראַבאַליצער שוחט, ר׳ לייבל שוחט (דעם אַפּטער חזנס אַ זון), דער סופר מיט דער סופרטע, פיינע יידן, ווילע יידן, אַ טייל פון די כלי־קודש פון שטעטל.

ר׳ מאירל גערער (סטאַראַווינסקי), ר׳ יוסף שאול קראַקאָווסקי, ר׳ אַל־טער באָרנשטיין (דער גראָבער אַלטער), ר׳ מרדכי שפּיגלמאַן, ר׳ חיים

טוסק, ר׳ יאָסל וואַרשאַווסקי, שיינע יידן, חסידים וואָס יעדער באַזונדער איז ווערט באַשריבן צו ווערן מיט זייערע מעלות און אַפילו חסרונות.

ר׳ בערל שמש (געלבאַרט). אַ ייד אַ בן־תורה און אַ ייד אַ גיבור און דערצו אַן אומדערשראָקענער. עס איז זעלטן געווען צו טרעפן ביי אַ פּוילישן ייד אַזאַ פּאַראַדאָקס: אַז איין און ייד זאָל זיין פּאַראייניקט אי תורה, אי גבורה. ער איז געווען אַ טאַטע פון 16 קינדער (פון איין ווייב). אין דער שול, וווּ ער איז געווען שמש, האָט ער געפירט די מלוכה ביד חזקה. ער האָט נישט געהאַט קיין באַזונדערן דרך־ארץ פאַרן גרעסטן



ר׳ הערשל שוחט



ראָכל, הערשל שוחטס פרוי

שיינעם ייד, אַפילו נישט פאַרן דאָזאָר. ער האָט נישט קיין מורא געהאַט אַפילו פאַרן גרעסטן ווילן יונג: ווען ער האָט געפונען פאַר נויטיק, האָט ער אַזעלכן דערלאַנגט אַ הילכיקן פּאַטש און ווי אַ שפּענדל אַרויסגעוואָרפן פון דער שול. אַלע האָבן פאַר אים ממש געציטערט. כדי צו כאַראַקטע־ריזירן זיין אומדערשראָקנקייט האָט מען דערציילט וועגן אים אַזאַ מעשה: ער האָט אַ מאָל, נאָך אין די צאַרישע צייטן, געדאַרפט זיין אַן עדות אין פּיעטריקאָווער קרייז־געריכט ביי עפּעס אַ זייער וויכטיקן ענין. איידער מען האָט אים געגעבן די שבועה, האָט מען אים געמאַכט פאַרשידענע וואָרענונגען, אַז ער זאָל זאָגן דעם אמת. אים איז געוואָרן דערעסן דאָס שפּיל, גיט ער אַ קוק אָן דעם ריכטער מיט גרויס ביטול, און כאַפּט זיך אַרויס מיט אַן עכט זעלנערישן רוסיש (ער האָט אַמאָל געדינט ביי

פּאָניען 7 יאָר): ווער עס וועט מיך דאָ אויפעסן, וועט מיך מוזן צוריק אויס... שפּייען". פאַר דעם זאָג איז ער אָפּגעזעסן זיבן טעג.

„דער בלינדער אלי" (ר' אלי געלבאַרט). ר' בערל שמשס אַ זון. אַ בן־תורה, אַ מתנגד. אַ ייד אַ תקיף און אַ חכם. ער האָט אָבער זעלטן אַ מאָל זיך באַנוצט מיט תקיפות, כמעט אַלעמאָל נאָר מיט חכמה און מיט טאַקט.

ר' משה לאַזער טאָמאַשאָווער (פּודלאָווסקי). אַ געלערנטער חסיד. אַ גרויסער למדן. געזעסן אין גער מער ווי אין דער היים. און אין דער היים האָט אים אויך מער אינטערעסירט די גמרא מיטן גערער שטיבל ווי זיין אייגן געשעפט.

ר' מענדל יוסף פּשעדבאָרסקי (דער טרייבעטשאַרזש"). אַ כלי־קודש, פלעגט טרייבערן די בהמות. אַ געלערנטער חסיד, אַ גרויסער כעסן. קיינמאָל נישט צופרידן געווען, שטענדיק געהאַט צו עמעצן אַ טענה...

ר' יצחק לייבוש פּשעדבאָרסקי („קליין־טאַטעלע"). מענדל יוספס אַ ברודער. געווען פּונקט דער גאַנצער היפּוך פון ברודער. אויך אַ געלערנטער חסיד, אַ זייער רירעוודיקער, אַ טענצלדיקער, אַ שטענדיק אויפגערוימטער, אַ פרייליכער, אַ געוואַלדיקער בעל־בטחון: ער איז געווען זיכער אַז גאָט וועט העלפן, ער מוז העלפן! „ווערמען דען וועט ער העלפן אויב נישט זיינע יידן?" ער איז געווען אַ תבואה־סוחר. איינמאָל, אין יאָר 1918 איז עס געווען, איז ער אַדורכגעפאַלן מיט אַ תבואה־שמוגל, און אַריינגעפאַלן אין פּיעטריקאָווער טורמע אויף עטלעכע חדשים. גראָד איז אויפגעפאַלן ימים־נוראים, האָט ער אויסגעפּועלט, אַז מען זאָל אין תפיסה אַריינגעבן אַ ספר־תורה און מען זאָל דערלויבן דאַווענען מיט מנין. ער איז טאַקע געווען דער בעל־תפילה, דער בעל־קורא און אויך דער בעל־תוקע. אַז ער איז, נאָכן אָפּזיצן דעם טערמין, אַהיימגעקומען, האָט ער דערציילט, אַז ער ווייסט שוין פאַרוואָס ער איז געזעסן: נישט פאַר שמוגלען, נאָר כדי עפּעס מתקן צו זיין, ווייל ווען נישט ער — וואָלטן די יידן, וואָס זענען געזעסן אין תפיסה נישט געווען געראַוונט און אפשר גאָרנישט געוווסט אַז עס זענען ימים־נוראים. און נישט נאָר וואָס ער האָט עס געהאַלטן פאַר זיין פּערזענלעכער סאַטיספאַקציע, נאָר ער האָט עס פּשוט באַטראַכט פאַר אַ באַזונדערער זכיה...

„חיה די בעקערין", זייער שוועסטער, אַן אמתע אשת־חיל, אַ זייער קלוגע יידענע און אַ זייער פרומע, אַ חסידיסטע, איז געפאָרן צו רביים און

דערלאַנגט קוויטלעך. קיינמאָל נישט געגעסן אומגעדאַוונט, און צו זיין א גאַנצער מאַנספּאַרשוין האָט איר געפעלט נאָר א טלית־קטן...

ר׳ שלום אמשינאָווער, ר׳ הערשל זאָלאָשינער, משה „רויט״ (צינג־לער), יאָסקע „גרעגער״ (באָרנשטיין), מלמדים: ישעיה „באַבער״, יאָסקע גרעגערס זון. טיפּן וואָס יעדער איינער פאַרדינט כאָטש דערמאָנט צו ווערן.

ר׳ שלמה „אָקס״ (גרינוואַלד), ר׳ ישעיה דוד „איילשלעגער״, ר׳ יאַנקל „וויינמאַכער״, ניסעלע „משיח״ — חסידים האָרעפּאַשניקעס.

ר׳ אברהמל פּאַטשנער (טשאַרנילאַס). א גרויסער בעל־בטחון און אויסערגעוויינלעך פרומער ייד, וועלכער האָט באמונה שלימה געגלויבט, אַז ער וועט נאָך דערלעבן משיחן.

דער קלישטשעווער רב, יודל די רביצינס, אהרן פּנחס באָרנשטיין, שמואל חיים קעלמאַן , בטלנישע פילאָזאָפן: מען האָט קיינמאָל נישט געקאָנט דערגיין וואָס עס דאָמינירט ביי זיי מער — דער בטלן אָדער דער פילאָזאָף. דער לעצטער האָט אפילו געמאַכט פּרוּוון אַרויסצוגעבן אַן אייגענעם זשורנאַל.

פּרץ פרייטאָג. דער גרעסטער גביר פון שטעטל, דער ערשטער פאַברי־קאַנט אין גרויסן מאַסשטאַב. האָט באַשעפטיקט די גרעסטע צאָל אַרבע־טער און אָנגעשטעלטע.

מיכאל אביגדור פילאַווסקי. איינער פון די בעלכאַטאָווער „דאַטשן״. אַן אינטעליגענטער ייד, אַן אַריסטאָקראַט. האָט געקאָנט מאַכן א פיינעם וויץ.

אברהם פעלדשער (לאַסקאָווסקי). איז געווען אַמאָל א שלעכטער וועבער, געוואָרן א פעלדשער און געמאַכט דערפון א גאַנץ פיין לעבן.

ר׳ יאַנקל פעלדשער (וואַרשאַווסקי). א ווילער געלערנטער ייד אין פוילן זין פון וואָרט (אַפילו אין יידיש רעליגיעזן זין). דערצו פון זייער פיינעם כאַראַקטער. עס האָט מער ווי איינמאָל געטראָפן, אַז קומענדיק צו אַן אָרעמען קראַנקן, איז נישט נאָר וואָס ער האָט נישט גענומען באַ־צאָלט פאַר דער וויזיט, נאָר האָט נאָך איבערגעלאָזט א האַלבן רובל, אַז דער אָרעמאַן זאָל האָבן צו באַצאָלן פאַר דער רעצעפּט.

מאיר וואַרשאַווסקי, יאַנקל פעלדשערס עלטסטערס זון, א כלל־טוער, אַן אינטעליגענטער און זייער ווילער מענטש, איז געשטאַנען בראש פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

ברידער ראָזענבלום. 4 זענען זיי געווען. און וואָס פאַר אַ ריזיקער קאָנטראַסט פון איינעם צום אַנדערן, יעדער — אַ באַזונדערע וועלט: זעליק דער עלטסטער איז געווען אַ קולטורעלער מענטש, יאַנקל — ממש אַ פויער, יודל — אַ האָרעפּאַשניק, אַ שניידער, אַ זייער פיין מענטשל און דער יינגסטער דער „לאָבודזשיצער גלח" — איז געווען אַ שטיק אויס־וואָרף, אַ האַלבער אונטערוועלטניק, דריי פערטל משומד — ממש אַ העלד פאַר אַ שונד־ראָמאַן.

איטשע לייב גאָלדבערשט. אַ געוואַלטיקער „ביכער פרעסער". ביז דער שפּאַלטונג אין „בונד" איז ער געווען דער שטענדיקער סופלער ביי דער דראַמאַטישער טרופּע אין קולטור־פאַראיין.

העניך ליבערמאַן, אברהם ליבערמאַן, פון חסידיש (ראַדזינער) נגי־דישע עלטערן. טייערע, וווילע, ערנסטע און פאַראַנטוואָרטלעכע חברים.



פון רעכטס צו לינקס:

עס זיצן: אברהם ליבערמאַן, העניך ליבערמאַן

עס שטייען:

יחזקאל בירענצווייג
העניך פּיגולא
העניך גרושקא

דער ערשטער, כמעט שטענדיקער סעקרעטאַר, און דער אַנדערער — כמעט שטענדיקער קאַסירער אין בונדישן קולטור־פאַראיין.

רחל ליכטענפעלד, רחל שמולעוויטש מיט אירע ברידער, אלי טוואַר־דאָווסקי, משה און שמעון שמולעוויטש, די ברידער אבראַמטשיק, די ברידער שטאַטלענדער, די שוועסטער און ברידער ניווינסקי, שוועסטער און ברידער שטיין, שוועסטער יוכבד און גיטל עקשטיין, דניאל און לייב־בוש וואַרשאַווסקי, חיים מאיר זשעסלאַווסקי, „דער שוואַרצער בערל" און

ישעיה לאַנגנאַס, יעדער אויף זיין אופן און אין זיין קרייז האָט זיך נוצלעך געמאַכט ביי געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

העניך פיגולאַ. אַ געמיש פון בית־המדרש־בחור און בעל־עגלה. אַ זון פון אַ ראַדזינער חסיד ר׳ ישראל־דוד פיגולאַ.

ישכר פזשיבילסקי, פון אַ ווילער משפּחה. דער פאָטער חיים־בער, אַ חסיד, אַ זייער האַרציקער פאָלקס־מענטש, פון די יידן, אויף וועלכע מען זאָגט: צו גאָט און צו לייט. ישכר, אַ טייערער איבערגעגעבענער חבר. זיינע ווערטער זענען געווען געוויגן און געמאָסטן. די אים אָנפאַרטרויטע פאַראַנטוואָרטלעכע שליחותן, זענען דורך אים שטענדיק פּינקטלעך אויסגעפירט געוואָרן.

אברהם־בער „פאָזנאַנסקי" (זילבערשטיין), יצחק גאָלדמינץ, יחיאל באָרוכאָוויטש, יוסף־לייב געלבאַרט, טייערע און ווילע יידן. גרינדער און פירער פון דער „מזרחי".

צימל יאַקובאָוויטש, פון אַ יחוסדיקער, חסידישער משפּחה. איר מאַן יודל, דווקא נישט קיין חסיד, איז געשטאָרבן יונגערהייט. קיין עשירות האָט ער נישט איבערגעלאָזט, דערפאַר זענען געבליבן אַ פולע שטוב קליינוואַרג (ניין נפשותלעך), מיט וועלכע די פרוי האָט זיך געמאַטערט, ביז זיי זענען אונטערגעוואַקסן און געקאָנט צוהעלפן צו דער פרנסה. דער רוב פון די קינדער זענען געוואָרן „בונדיסטן".

יחזקאל בירענצווייג, האָט פאַרמאָגט אַ סך מעלות און אויך נישט ווייניק חסרונות. ער קומט פון דער ישיבה, האָט אַ סך געלייענט, געווען אינטעליגענט, קלוג, האָט געקאָנט רעדן פאַר אַן עולם און געוווּסט וואָס צו רעדן. פאַרמאָגט אַ סך חוצפּה, מוט און געוואַגטקייט. און דערצו נאָך געווען שיין און אַטלעטיש געבויט. צו די מעלות האָט ער געהאַט גענוג חסרונות: קאַפּריזן ווי אַ בן־יחידל ביי גבירישע עלטערן, זייער שטאַרק געהאַלטן פון זיך, אין אַ דיסקוסיע האָט ער זיך געהאַלטן ווי אַן אויטאָריטעט מיט אַ טאָן פון אַ פּוסק אחרון... ער האָט געשטאַמט פון פּשוטע מענטשן (דער פאָטער איז געווען אַ בעל־עגלה „מאכל פורמאַן").

ער איז געווען אַ נישט שלעכטער אָרגאַניזאַטאָר, אַ פירער (דאָס האָט ער זייער ליב געהאַט), נאָר געפירט ווערן פון אַנדערע האָט ער זיך נישט געלאָזט. ביז דער שפּאַלטונג פון „בונד" איז ער געווען אַ מיטגליד אין דער פּאַרטיי, נאָר מחמת זיין אינדיווידואַליסטישן כאַראַקטער כמעט קיינמאָל נישט פאַרנומען קיין אָנפירנדיקן אמט. נאָך דער שפּאַלטונג

איז ער געוואָרן דער אָנפירער ביי די קאָמוניסטן, אָבער מיט דער צייט איז ער פאַר דיסציפּלין־ברוך אויך פון דאָרט אויסגעשלאָסן געוואָרן. דריי ברידער האָט ער געהאַט. דער עלטערער פון אים קלמן איז געווען אַ רב ערגעץ אין אַ שטעטל אין פּוילן, און האָט שוין קיינמאָל נישט באַזוכט בעלכאַטאָוו, און דער יינגערער פון אים, שאַמע — איז אויך געווען אַן אינטעליגענטער און באַגאַבטער בחור, וועלכער איז געווען טעטיק אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, צוליב וואָס ער איז דערנאָך פאַרשיקט געוואָרן אין פּוילישן קאָנצענטראַציע־לאַגער קאַרטוז־בערעזע.

פּייוול קלעזמער (יאַקובאָוויטש). איז געווען אַ שם־דבר אין שטעטל. דער ערשטער פידלער און דער אָנפירער פון דער קלעזמאָרים־קאָמפּאַניע, וועלכע זענען כמעט אַלע געווען פון דער זעלבער פאַמיליע: זישע קלעזמער, זיין פאָטער, יודע קלעזמער — אַ ברודער א״א. זיי האָבן געשפּילט אויף חתונות און אַנדערע שימחות. זיי האָבן אויך געשפּילט אויף פּריציִשע חתונות, ווייל זיי זענען געווען די איינציקע קלעזמאָרים פון גאַנץ בעל־כאַטאָוו און אומגעגנט. זיי זענען אויך איינגעלאַדן געוואָרן צו שפּילן אויף חתונות אין אַרומיקע שטעטלעך.

די „קראַדניקעס״ (פעלדם). אַ גרויסע פאַרצווייגטע משפחה געווען, וועלכע האָט מיט גאָרנישט באַרעכטיקט דעם צונאָמען זייערן. דווקא גע־ווען אָרנטלעכע סוחרים, פאַבריקאַנטן, האַרעפּאַשניקעס ווי: יאַנקל, יוסף־לייב, פּרץ, מענדל (דער לעצטער איז געווען אַ צייט דאָזאָר, און אין 1942 אַ קדוש — איינער פון די 10 געהאַנגענע). אפשר האָט זיך דער צונאָמען „קראַדניקעס״ גענומען פון דעם, וואָס זיי זענען אַלע געווען קלוג, שאַרפזיניק, איבערשפּיצט, גרויסע ווערטל־זאָגער און אויך אַ ביסל כיטרע.

„דער קלישטשעווער קצב״ (לייזעראָוויטש). געווען אַן אָרנטלעכער באַלעבאָס, געהאַט עטלעכע קינדער, פון וועלכע צוויי האָבן זיך באַזונדער אויסגעטיילט: איינער — הערש־מענדעלע, אַ גנב, אַ באַנדיט, אַן אָנפאַ־לער, וועלכער איז געווען די מורא פון גאַנצן אַרום, און דער אַנדערער — יעקב (אויב איך מאַך נישט קיין טעות), איז געווען אַ רב. אַ רב אין שטעטל קלישטשעוו.

יאַנקל יאַקובאָוויטש („יאַנקל פיש״). אַן עמכניק, אַ שניידער בן שניידער. אַן אָרנטלעכער בעל־מלאכה און אַ גרויסער פאַכמאַן. ס׳רוב האָט

ער גענייט פאַר די פּריצים אַרום בעלכאַטאָוו. אַ מאָדנער ייִד געווען: ער האָט אימפּראָוויזירט אויסערגעוועגלעכע ווערטלעך און קללות. עס איז נאָר אַ שאָד וואָס זיי זענען נישט פאַרשריבן געוואָרן, זיי זענען געווען אַן אוצר פון פאָלקלאָר. אָט זענען עטלעכע קללות פאַר אַ מוסטער: „משה רבינוס געוויטער זאָל דיך טרעפן״, „אַ שוואַרצער ווינד אין דיינע געדערים אַריין״, „געדרייטע פליי־טיכער אין דיין לייב אַריין״, „דיין קאָפּ זאָל דיר צום האַרץ שטויסן״ א״אַ. עלטערע ייִדן האָבן דערציילט, אַז דער פאָטער זיינער „משה פיש״ האָט געהאַט נאָך אַ גרעסערן אויסוואַל פון קללות. באמת אַ שאָד וואָס זיי זענען נישט פאַרצייכנט געוואָרן.

די ברידער הובערמאַן. „די סקאָרפּיס״ אָדער די בני סקאָרפּים ווי דאָס שטעטל האָט זיי גערופן. דריי זענען זיי געווען: משה, מיכאַל־וויגדער און קלמן. בעלי־עגלות. זייער אָרנטלעכע ייִדן, איינגעפונדעוועטע באַלעבאַטים. אומדערשראָקענע ייִדן, פעסט־געבויטע גבורים, אַטלעטן ממש. טאָמער האָט זיך אַ מאָל געמאַכט אַ ייִד־גוי־טומל, זענען זיי געווען די ערשטע אין גאַס, און טאַקע מער ווי איינמאָל געראַטעוועט דעם ייִדישן כבוד מיט זייערע אָרציקעס.

הערש דוד פורמאַן (שוואַרצבערג), איטשע גרונמס, בעלי־עגלות. אויך זיי האָט מען נישט געדאַרפט בעטן ווען ס׳האָט געהאַלטן ביי דערלאַנגען קלעפּ.

אַ גרעסערע גרופּע יונגע, דרייסטע גבורים האָט דאָס שטעטל פאַרמאָגט, פאַר וועלכע די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט געציטערט אימת מוות: נאָטע הערש דודס, שמעון לעקעך־בעקער, אברהם אַלטער כמאָל, יעקב הילל, חיים יאַנקל איטשע גרונמס, יאַנקל פאַכטשאַרש, מלך קראַוויצקי א״אַ. נישט חלילה קיין אונטערוועלטניקעס נאָר פּשוטע אַרבעטס־יונגען, בעלי־עגלות, יונגען ריזן, וועלכע האָבן געקאָנט דערלאַנגען קלעפּ און זיי האָבן טאַקע דערלאַנגט, ווען עס איז יאָ, און אפילו נישט נויטיק געווען. זיי זענען שטענדיק גרייט געווען צו פאַרטיידיקן ייִדישן כבוד.

חיים לייב „דרופּטשיק״. איינער פון די גנבים אין שטעטל. אייגנטלעך מער קרבן ווי גנב, ווייל ווו עס איז נאָר געשען אַ גנבה, האָט מען קודם־כל אים צוגענומען און אים געשלאָגן מכת רצח, אַזוי אַז ער האָט „באַצאָלט״ פאַר אַלע גנבות, אפילו די, וועלכע ער איז נישט באַגאַנגען.

די מאַכאַביינסקים, אַ גרויסע פאַרצווייגטע משפחה געווען. צו דער זעלבער משפחה האָבן אויך געהערט די ווענגערס און אַדלערס. אַלע

זענען זיי געווען בעלי־מלאכות, וועבערס, ביי זיי אין די שטובן זענען גע־ווען גאַנצע פאַבריקלעך צו דריי, פיר און מער וועב־שטולן. עס איז גע־וועָנדט געווען וויפל קינדער און לערן־יונגען איינער האָט פאַרמאָגט. זיי האָבן זיך כמעט שטענדיק געהאַלטן צוזאַמען. אויך אין בית־המדרש, וווּ זיי האָבן געדאַוונט, האָבן זיי שוין געהאַט זייערס אַ באַזונדערן טיש (דער ערשטער ביי דער טיר צו דער גאַס צו), ביי וועלכן נאָר זיי האָבן געדאַוונט. ביי אָט דעם טיש זענען געבוירן געוואָרן אַ סך לצנישע „אי־ניציאַטיוועס": טאָמער איז אַ ייד ביים לייענען די תורה געזעסן פאַר־טראַכט, האָט אים איינער פון זיי שוין געוועקט: ר' בעריש, מען האָט אייך אויפגערופן צו דער תורה! דער ייד איז שנעל אַרויף אויפן בעלע־מער, נאָר אַן אַנדערער ייד האָט שוין געמאַכט די ברכה... אַן אַנדער מאָל האָבן זיי געזען צו טון, אַז צוויי יידן זאָלן גלייכצייטיק אַרויף אויףביידע זייטן פון בעלעמער, און ביידע זאָלן זיך אָוועקשטעלן מאַכן די ברכה. און טאָמער האָט זיך זיי איינגעגעבן צוצובינדן אַ פלעדערוויש צו דער ציצה פון טלית איינעם פון די חכמים (אברהם לוקס, לייבוש מאָשקעס וכדומה), האָבן זיי שוין געזען איינצורעדן דעם גבאי, אַז דער דאָזיקער האָט היינט יאָרצייט און אַז עס קומט אים אַן עליה... ראש־השנה ביים פאַלן כורעים, אַז ס'האָט עמעצער געקריגן אַ מחזור אין קאָפּ אַריין, אָדער גאָר אַ שטיוול — איז עס אויך נישט געווען פון אַן אַנדער ווינקל, נאָר פון די מאַכאַביינסקיס.

דער איניציאַטאָר פון די אַלע שפּיצלעך איז געווען ישעיה מאַכאַ־ביינסקי, און דער „למדן" זייערער איז געווען משה גרויס.

הערשל צינעס ((הערצקאָוויטש). צוויי פאַכן האָט ער געהאַט, איז געווען אַ שוסטער און אַ ליגנער. פון שוסטעריי האָט ער נישט געהאַט אָפּצועסן. וואָס ער האָט יאָ געהאַט פון דעם פאַך איז געווען, אַ פּאָר נאַלאַנטע גלאַנציקע שטיוועלעך, מיט הויכע, שמאָלע ווייבערישע אָפּצאַסן. פּרוּווט זיך פאָרשטעלן: אַ ייד מיט אַ רויטער ברייטער באָרד, אַ יידיש היטעלע מיט אַ לאַנג כאַלאַטל און שטיוול מיט הויכע אָפּצאַסן.

פון זיין צווייטן „פאַך" האָט ער אויך נישט געהאַט אָפּצועסן, דערפאַר איז ער אָבער אין זיין פאַנטאַזיע (אין וועלכער ער האָט זייער געגלויבט), אָוועקגעשוואומען אין אַזעלכע הויכע וועלטן מיט אַזעלכע באַגייסטערטע און באַפליגלטע געשיכטעס, אַז ער האָט פאַרגעסן, אַז ער האָט אַ ווייב מיט אַ גאַנצער כאַליאַסטרע הונגעריקע קינדער־קאַליקעס און אַז ער אַליין

איז אויך נישט איבעריק זאַט. ווען אַלע זיינע גוזמאדיקע מעשיות זאָלן פאַרשריבן ווערן, וואָלט עס געווען אַן אוצר פאַרן יידישן פאָלקלאָר. אַזוי ווי ער האָט אַמאָל געדינט אין דער צאַרישער אַרמיי, זענען אַ גרויסע צאָל פון זיינע גוזמאות געווען פון צאַר און זיין חבריה. אַלע אין שטעטל האָבן געוווסט, אַז הערשל פאַרמאָגט אַ גאָלדן שווערדל „אַ מתנה פון אים אַליין, פון צאַר". אויף דער וואַנט ביי אים אין שטוב האָט שטענדיק געהאָנגען דעם צאַרס בילד „אַן אויסצייכענונג פאַר העלדישקייט געשענקט פון דער קייזערין אַליין". ווען אין יאָר 1914 איז בעלכאַטאָוו אָקופּירט געוואָרן פון דער דייטשער אַרמיי, האָט נישט געהאָלפן קיין געבעט און קיין וואָרענונג פון די יידישע שכנים, אַז ער זאָל דאָס בילד פון דער וואַנט אַראָפּנעמען. איין גליק האָט ער געהאַט, וואָס דאָס בילד איז שוין געווען אַזוי באַפּינטלט פון פליגן, אַז מען האָט שוין לאַנג נישט דערקענט וועמענס בילד עס איז.

נאָך אַ סך יידן און אויך יידענעס שטייען מיר פאַר די אויגן און בעטן זיך, אויב שוין נישט באַשרייבן, איז כאָטש בלויז דערמאָנען, דערמאָנען זיי אַזוי ווי זיי זענען געווען.

ווי דערמאָנט מען נישט אַזעלכע יידן ווי ר' לייבוש פיינער מיטן ווייב, ר' יוסף מיכאלס, ר' שלמה מיכאלס, ר' אברהם פאַקטער, ר' מאָטעלע „צאַפּלעניצער" (גליקסמאַן), ר' אליקום „פּראָפּן" (זוויערזשינסקי) מיט זיינע זין ר' יוסף־לייב און ר' שלמה „מידלאַרזש". לייבוש מאָשקעסקעס, זרח פּאָלאַקעוויטש („דער קאַווע־ברענער"), יעקב אייזנער („דער בלינדער יעקעוו"), די זייער פאַרצווייגטע משפּחות ווילהעלמס, הענעך מיכאַלסקי, יאַנקל אָסטראָווסקי, יאַנקל פּלאַקאָוויטש, איטשע מאיר גיווערץ, איטשע מאיר „וואלום" (נאַפּאַרסטעק), יאַנקל זשיטניצקי, אברהם „זעלנער", שמואל־זקן כוינאַצקי, יוסף־בער „פּאַפּלאָק" (יאַקובאָוויטש), מאַניש טרעגער, משהלע דאָרפסגייער, מאַנעלע שניידער, יעקל גרוינעמס, דער אַלטער בינעצקי, דער טויבער עמנואל (טשיקאָצקי), משה־לייזער „וווּיטל", דער „הויכער משה", יודל לעקעך־בעקער מיטן ווייב, זקן שוסטער, ישעיה בעקער, יודל גראָכאָליצער און נאָך און נאָך טייערע און ווילע יידן, סוחרים און האָרעפּאַשניקעס, וועלכע האָבן שווער געהאָרעוועט כדי ערלעך צו פאַרדינען דאָס שטיקל ברויט. זאָלן זייערע נעמען כאָטש בלויז פאַרצייכנט ווערן אין דעם ספר־הזכרונות פון אונדזער פאַרשווונדן שטעטל בעלכאַטאָוו.



פאַרוואַלטונג פון דער בעלכאַטאָווער תלמוד־תורה

עס שטייען (פון רעכטס): משה ווישניעווסקי, יחזקאל פּאַביאַניצער, יוסף פיגולא, בעריש נאָוואַק, ישראל סטאראווינסקי, הערשל זיידמאַן און ש. מ. ריינבאַך.
עס זיצן (פון רעכטס): זיינוול בוים, פרידליך (דער איילשלעגער), מאיר (דער שוואַרצער מאיר), אליהו געלבאַרד (בלינדער אלי), ניסן־מאיר וואַרשאַווסקי, משה מענדל קראוויצקי.



אנטיילנעמער פון בעלכאַטאָווער אָוונט־קורסן מיט אהרן בערגמאַן בראש




אַ גרופע שילערינס פון דער בית־יעקב שולע

# הילפס טעטיקייט בעת דער ערשטער וועלט-מלחמה

די שארית־הפליטה פון די בעלכאטאווער יידן, וואס געפינען זיך איצט אין מדינת ישראל, האבן מיט זיך מיטגענומען אן אינטערעסאנטן דאקומענט, וואס איז דורך א צופאל אפגעראטעוועט געווארן און וואס אנטהאלט דעם

## באריכט פון בעלכאטאווער הילפס- און אונטערשטי-צונגס-קאמיטעט

### פאר דער צייט פון 18טן פעברואר 1915 ביזן 31סטן יולי 1917

דאס איז א העפט, געשריבן מיט דער האנט און ער אנטהאלט א גענויעם באריכט פון דער הילף, וואס איז אין יענעם פעריאד געגעבן געווארן דער נויטבאדערפטיקער יידישער באפעלקערונג אין בעלכאטאוו. דער דאזיקער דאקומענט האט בלי ספק א היסטארישע באדייטונג פאר דער געשיכטע פון דעם פארשוווונדענעם יידישן שטעטל און מיר געפינען פאר נויטיק צו געבן דא דעם פולן אינהאלט פון דעם דאקומענט.

אין דער איינלייטונג, געשריבן אויף 4 זייטלעך, זאגט זיך פאלגנ-דיקס:

„אן שטיצע מן הצד, נאר מיט אייגענע כוחות פון א גרופע יונגע-לייט, זענען געגרינדעט געווארן די ערשטע הילפס־אינסטיטוציעס ביי אונדז אין שטעטל, וואס דער קריג האט אזוי שטארק געטראפן. אזוי איז דעם 12טן פעברואר 1915 געגרינדעט געווארן די ביליקע טיי־האלע. באלד האט מען זיך געמוזט איבערצייגן, אז די טיי־האלע איז נאך נישט גענוג, ווייל דאס שטעטעלע ציילט איבער 800 יידישע משפחות, וועלכע זענען פארן קריג געווען באשעפטיקט ס'רוב ביי דער אינדוסטריע, איז

די נויט געווען אומבאשרייבלעך. דערפאר איז באלד דערנאך, דעם 1טן מערץ 1915, געגרינדעט געוואָרן אויף די ביליקע קיך, וועלכע האָט גע־קאָנט עקזיסטירן, אזוי ווי די טיי־האַלע, פון די מיטגלידס־ביטראָגן לטובת דער אינסטיטוציע. צוליב די קליינע מיטלען האָט מען געמוזט פירן א באגרענעצטע טעטיקייט, הגם די קאָנסומענטן פון דער קיך האָבן זיך וואָס אמאָל פארגרעסערט, אזוי אז במקום די 50 מיטאָג־עסער אין אָנפאנג האָבן זיי זיך אין משך פון דער צייט געהעכערט אויף 600 טעגלעך. דערביי ווילן מיר אויסדריקן א דאנק די ה"ה ישראל פיטאָווסקי און שטאטלענדער, וועלכע האָבן אין א קריטישער צייט פאר דער קיך, צונויפגעזאמלט באדייטנדיקע סומעס פאר דער קיך, אויך דעם קרייז־קאָמאנדאָ פאר זיינע שפענדונגען און פּראָדוקטן לטובת דער טיי־האַלע מיט דער קיך.

ערשט אין מערץ 1916 האָבן מיר אָנגעהויבן באקומען די אונ־טערשטיצונג־געלטער פון דער אַליאַנץ. אזוי ווי די קיך האָט געקענט עקזיס־טירן — הגם מיט א באגרענעצטער טעטיקייט — האָבן מיר באשלאָסן די אַליאַנץ־געלטער פארווענדן אויף אנדערע צוועקן. אזוי, אז אויף פסח 1916 האָבן מיר שוין אונטערגענומען א ברייטע אונטערשטיצונגס־טעטיקייט און פסח 1917 האָבן מיר באדייטנד פארגרעסערט די טעטיקייט, וועלכע איז באשטאנען אין פארטיילן פּראָדוקטן בחינם און אויך געלט־אונטער־שטיצונגען.

זומער 1916 איז מצד געוויסע פערזאָנען, צוליב „פּרינציפּיעלע" טעמים, געפירט געוואָרן א הייסער קאַמף קעגן דער „פּריזיניקער" קיך, וואָס עם האָט געברענגט דערצו, אז א סך באַלעבאטים האָבן אויפגע־הערט צאָלן זייער מיטגלידס־אָפּצאָל לטובת דער קיך, אזוי אז אין מיטן יוני איז פארמאכט געוואָרן די טיי־האַלע און סוף אויגוסט זענען מיר געווען געצוווּנגען אויך די קיך צו שליסן.

די נויט אין שטעטל איז געווען אומבאשרייבלעך. הונדערטער מש־פּחות, יידישע און נישט־יידישע, מערסטנטייל וועבערס, זענען געבליבן בוכשטעבלעך אָן ברויט. דעמאָלט איז ערשט רעאָרגאַניזירט געוואָרן דער אַלגעמיינער רעטונגס־קאָמיטעט, וואָס האָט געדארפט אָנפירן מיט דער הילפס־ארבעט צווישן יידן און נישט־יידן. דאָרט זענען יידן געווען פאר־טרעטן דורך די ה"ה פ. פריידטאג, מ. ה. שטאטלענדער און מ. ווארשאווּ־סקי.

א דאנק די הכנסות פון רעטונגס־קאָמיטעט צוזאַמען מיט די געלטער פון דער אַליאַנץ, האָבן מיר געהאַט די מעגלעכקייט צו פירן אַ ברייטע הילפס־טעטיקייט, וועלכע איז מערסטנס באַשטאַנען אין נדבות, אָנפּראָ־צענטיקע הלוואות או״וו.

צום ווינטער 1916/1917 האָבן מיר אַ דאַנק דער זאַמלונג פון מו״צ ר׳ ש. י. שיליט און ר׳ ה. ווייס צעטיילט צווישן אַ גרעסערער צאָל פאַ־מיליעס האָלץ צום הייצן, אויך האָבן מיר צעטיילט בחינם העכער 300 פּאָר טרעפּעס.

ערשט אין מערץ 1917 האָבן מיר באַקומען די מעגלעכקייט צו באַנייען די טעטיקייט פון דער קיך, און צוליב דער הערשנדיקער נויט זי צו פאַרוואַנדלען אין אַ בחינמדיקער, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס אומפאַרמיידלעכע זאַך, ווי עס באַווייזט די צאָל מיטאָג־עסער, וועלכע האָט זיך פאַרגרעסערט אויף 1.200—1.300 טעגלעך, דערונטער כמעט אַ העלפט קינדער. אויך האָבן מיר געטיילט פאַר דער גאַנץ אָרעמער טייל פון דער באַפעלקערונג בחינם ברויט און פאַר אַ טייל האָבן מיר גע־קויפט ברויט צו ביליקע פרייזן.

פון יוני אָן האָבן מיר אויפגעהערט צו באַקומען די געלט־אונטער־שטיצונגען פון דער אַליאַנץ, אַזוי אַז פיל צווייגן פון אונדזער טעטיקייט האָבן מיר געמוזט אָפּשטעלן. אויך זענען ענדע יולי אָפּגעשטעלט געוואָרן די קיכן בכלל, דערונטער אויך אונדזער קיך.

איצט, אַז עס האָט זיך געענדיקט אַ גאַנצער פעריאָד פון אונדזער הילפס־טעטיקייט, האָבן מיר באַשלאָסן אָפּצוגעבן דער עפנטלעכקייט אַ רין־וחשבון פון איינגעפלאָסענע געלטער און פון אונדזער טעטיקייט.

ביי דער געלעגנהייט ווילן מיר אויסדריקן עפנטלעך אַ דאַנק די פערזאָנען וואָס האָבן פאַרדינסטן פאַר פאַרשידענע צווייגן פון אונדזער טעטיקייט, די ה״ה מו״צ ר׳ ש. י. שיליט, ר׳ ה. ווייס, י. פּיטאָווסקי, מ. שטאַטלענדער, ב. וואַלדמאַן, א. י. ראָזנצווייג, פרוי ר. ראָזענבלום, פרוי שיליט, פרל׳ פעלא וואַרשאַווסקי און בכלל אַלע, וואָס זענען אונדז ביי־הילפיק געווען אין דער אַרבעט.

די פאַרוואַלטונג

בעלכאַטאָוו, ענדע יולי 1917.

## טיי־האַלע 18 פעברואַר 1915 — 11 יוני 1916

### ה כ נ ס ה

| | |
|---|---|
| מיטגלידס־בייטראָגן | 246,64 |
| נדבות | 499,47 |
| 16.204 גלעזער טיי צו 1 קראָנע | 450,11 |
| 15.409 פּאָרציעס ברויט צו 1 קראָנע | 428,03 |
| 283 פּאָרציעס ברויט צו 2 קראָנען | 15,73 |
| 2 קאַסטנס צוקער, 488 פונט | 244,— |
| 14 זאַק מעל באַקומען פון דער קרייז־קאָמאַנדע אין פּיעטריקאָוו | 560,— |
| | 2.443,98 רובל |

### ה ו צ א ה

| | |
|---|---|
| 5.453 פונט ברויט | 908,84 |
| 886 פונט צוקער (דערונטער 64 פונט פון קרייז־קאָמאַנדע) | 416,56 |
| 10 פונט טיי | 61,39 |
| וווינונג | 147,64 |
| באַהייצונג | 111,11 |
| קליינע אויסגאַבן | 26,44 |
| צעטיילט בחינם 3.392 פונט ברויט צווישן 848 מענטשן | 560,— |
| צעטיילט בחינם 424 פונט צוקער | 212,— |
| | 2.443,98 רובל |

די קראָנע איז באַרעכנט געוואָרן צו 36 קאָפּיקעס.

אין דער צייט פון איר עקזיסטענץ איז אין דער טיי־האַלע אַרויסגעגעבן געוואָרן:

24.191 גלעזער טיי

17.451 פּאָרציעס ברויט צו 12 לויט אַ פּאָרציע

3.392 פונט ברויט בחינם

424 פונט צוקער בחינם

## האָלץ אויף ווינטער 1916 — 1917

| הכנסה | | הוצאה | |
|---|---|---|---|
| געזאַמלט דורך מו"צ ר' ש. י. שיליט און ר' ה. ווייס | 1.494.80 | 28 קלאַפטער האָלץ | 2.344,80 |
| פון רעטונגס־קאָמיטעט | 250,— | | |
| פון אַליאַנץ | 600,— | | |
| | רובל 2.344,80 | | רובל 2.344,80 |

## טרעפּעס 1916 — 1917

| הכנסה | | הוצאה | |
|---|---|---|---|
| פון אַליאַנץ | ר' 1.582,30 | געקויפט און צעטיילט 307 פּאָר טרעפּעס | ר' 1.582,30 |

## מעדיצין פאַר קראַנקע

| הכנסה | | הוצאה | |
|---|---|---|---|
| פון רעטונגס־קאָמיטעט | ר' 200,— | פאַר מעדיצין פאַר 14 פּערזאָן (און געלט) | 106,— |
| | | סאַלדאָ אין קאַסע | 94,— |
| | ר' 200,— | | ר' 200,— |

## פסח 1916

### הכנסה

| | |
|---|---|
| 1.879,62 | הכנסה פון קמחה־געלטער |
| 208,34 | הכנסה פון פסחדיקן צוקער־פאַרקויף |
| 200,— | הכנסה פון רעטונגס־קאָמיטעט |
| 2.600,— | הכנסה פון אַליאַנץ |
| 4.887,96 רובל | |

### הוצאה

| | |
|---|---|
| 2.051,40 | 2085 פונט מצה (צעטיילט צווישן 287 פאַמיליעס) |
| 1.831,30 | געלט־אונטערשטיצונגען (צעטיילט צווישן 92 פאַמיליעס) |
| 995,60 | 128 קערץ קאַרטאָפל (צעטיילט צווישן 282 פאַמיליעס) |
| 9,66 | פאַרשידענע אויסגאַבן |
| 4.887,96 רובל | |

## פסח 1917

### הכנסה

| | |
|---|---|
| 2.497,— | הכנסה פון קמחה־געלטער |
| 1.853,— | הכנסה פון פסחדיקן מעל |
| 5.150,10 | הכנסה פון אַליאַנץ |
| 9.500,10 ר׳ | |

### הוצאה

| | |
|---|---|
| 4.617,40 | 3.360 פונט מצה (צעטיילט צווישן 301 פאַמיליעס) |
| 4.882,70 | געלט אונטערשטיצונגען (צעטיילט צווישן 334 פאַמיליעס) |
| 9.500,10 ר׳ | |

## נדבות

| | |
|---|---|
| 381,— | פון רעטונגס־קאָמיטעט |
| 1.351,40 | פון אַליאַנץ |
| 2.182,40 ר׳ | |

| | |
|---|---|
| 2.182,40 | נדבות 398 פאַמיליעס |
| 2.182,40 ר׳ | |

## בכבודע פאַמיליעס

| | |
|---|---|
| 3.607,50 ר׳ | פון אַליאַנץ |
| 3.607,50 ר׳ | נדבות 160 פאַמיליעס |

## אָנפּראָצענטיקע הלוואות

| | |
|---|---|
| 681,50 ר׳ | פון אַליאַנץ |
| 681,50 ר׳ | געבאָרגט 9 פערזאָן |



בעלכאַטאָווער תלמוד־תורה



יוגנט־קאָמיטעט ביי דער צישאָ אין בעלכאַטאָוו

הערש גאָלדמינץ

# דער קאַמף פאַר רעכט אויף אַרבעט

אָנהויב פון די צוואַנציקער יאָרן, מיטן אויפלעבן פון דער פּוילישער טעקסטיל־אינדוסטרי, זענען אויך אין בעלכאַטאָוו געלאָזט געוואָרן אין גאַנג די מאַשינען אין די פאַבריקן, וואָס זענען די גאַנצע צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געשטאַנען אומבאַוועגלעך. ווען זיי זענען צוריק געלאָזט געוואָרן אין גאַנג, איז די יוגנט פון שטעטל, און אויך דערוואַקסענע, געלאָפן צו די פאַבריקן אָנקוקן די אַרבעטנדיקע מאַשינען ווי עפּעס א וווּנדער. ווייל ביז יענער צייט זענען די פענצטער פון די פאַבריקן, בפרט פון פּרץ פּרייטאַגס פאַבריק, וואָס איז געשטאַנען אויפן נייעם וועג, געווען א צילברעט פאַר אַלע שטיינער, וואָס זענען געשליידערט געוואָרן בעת די ייִנגלישע מלחמות.

דער גערויש פון די פאַבריקס־מאַשינען איז פאַרן רוב יוגנטלעכע געווען א נייעס. ביז דאַן האָבן מיר בלויז געהערט ווי דערוואַקסענע פלעגן דערציילן, אַז פאַר דער מלחמה זענען אַלע פאַבריקן געווען אין באַוועגונג.

***

די אַרבעטער ביי די מעכאַנישע וועב־שטולן זענען געווען פּאָליאַקן און טיילווייז דייטשן. קיין יידישע אַרבעטער, מיטן אויסנאַם פון איינעם אָדער צוויי, זענען אין מעכאַנישע פאַבריקן נישט געווען. יידן האָבן געאַרבעט אין די אַדמיניסטראַציעס פון די פאַבריקן; אויך די צוגרייטער, למשל טרייבערינס (פייפן־מאַכער), שערער (קעטן־מאַכער), שפּולערינס, נופּער־קעס, זענען ס׳רוב געווען יידן. ווערן א שערער איז ביי די אָפּגעקומענע

באַלעבאַטישע אָדער חסידישע משפחות נישט געווען קיין חרפה. זענען טאַקע אַ סך חסידישע יונגעלייט געוואָרן שערערס. אַ יונגערמאַן אַ שערער האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט צו טון אַ שיינעם שידוך מיט נדן דערצו.

יידישע וועבער זענען ווייטער, פונקט ווי אַמאָל, געווען באַשעפטיקט ביי די האַנט־וועבמאַשינען און נישט ביי די מעכאַנישע. אויף דער פאַביאַניצער גאַס, וואָס איז כמעט אויף גאַנצע הונדערט פּראָצענט געווען באַוווינט דורך יידן, איז נישט געווען קיין איין שטוב, וווּ עס זאָלן נישט זיין קיין האַנט־וועב־שטולן. קינדער, וואָס האָבן קוים דערגרייכט מיט זייערע פּיסלעך צו די טרעטערס, האָט מען שוין אַוועקגעשטעלט אַרבעטן.

פון זונטיק פרי (אָפט מאָל שבת־צו־נאַכטס גלייך נאָך הבדלה), ביז פרייטיק נאָכמיטאָג, האָט מען אין די שטובן געהערט דאָס מאָנאָטאָנע קלאַפּן פון די האַנט־וועב־שטולן, וואָס איז געווען באַגלייט מיטן געזאַנג פון אַ פאַרבענקט ליבע־ליד, קאַמף־ליד אָדער סתם אַ חסידישן פאָלקס־ניגון און וואָס האָט אָפּגעהילכט דורך די אָפענע פענצטער אויף דער גאַס אַרויס.



גרופּע יידישע טעקסטיל־אַרבעטערינס
אין יאַנקל קלוגס פאַבריק

די לאַגע פון די האַנט־וועבער איז געוואָרן וואָס אַמאָל שווערער. מען האָט באַקומען באַצאָלט פאַר יעדן שטיקל סחורה און דער באַלעבאָס האָט כסדר דערלייגט מעטערס, וואָס האָט פאַרנומען מער אַרבעטס־צייט. עס האָט דעריבער געטראָפן, אַז מען האָט געמוזט אַרבעטן דאָנערשטיק אַ גאַנצע נאַכט בכדי פרייטיק אָפּטראָגן דאָס שטיקל סחורה און באַווייזן פאַרן באַקומענעם געלט צוגרייטן דעם שבת.

* * *

די יידישע יוגנט, וואָס פלעגט שוין קומען אין די פּאַרטיי־לאָקאַלן און אין טעקסטיל־פאַראיין, זעענדיק דעם פּוילישן אַרבעטער, וואָס אַרבעט בלויז די געזעצלעכע אַכט שעה אַ טאָג און באַקומט דערביי פאַרזיכערונג אויפן פאַל פון אַרבעטסלאָזיקייט, איז פאַרזיכערט אין דער קראַנקן־קאַסע, באַקומט זיין יערלעכן אורלויב אד״גל. האָט אָנגעהויבן מקנא זיין די דאָזיקע דורכן געזעץ געשיצטע אַרבעטער. זיי, די יידישע אַרבעטער, האָבן דאָך ביי זייערע האַנט־וועב־מאַשינען געמוזט אַרבעטן ביז פאַרטאָג און נישט געקאָנט געניסן פון די אַלע געזעץ־פאַרזיכערונגען, ווייל עס איז נישט חל געווען אויף די, וואָס אַרבעטן ביי זיך אין שטוב. דערביי איז כסדר געוואָרן שווערער צו פירן לוין־אַקציעס, ווייל עס איז צוגעקומען אַ נייע קאָנקורענץ: דאָס זענען געווען די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער, וועלכע האָבן אויך איינגעפירט ביי זיך אין די שטובן האַנט־וועב־מאַשינען און געמאַכט די אַרבעט פיל ביליקער. ביי די פּויערים איז עס דאָך געווען בלויז אַ צוגאָב־אַרבעט, וואָס זיי פלעגן מאַכן אין דער פרייער צייט פון זייער אַרבעט אין פעלד, דאַקעגן ביי די יידן איז עס געווען זייער איינציקער מקור פון פּרנסה.

ערשט אין יאָר 1926 איז לויט דער איניציאַטיוו פון דעם לאַנד־ראַט פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אונטערגענומען געוואָרן אַן אַקציע פון רעכט אויף אַרבעט פאַר יידישע אַרבעטער־פאַרשטייער. עס האָבן זיך באַטייליקט אין דעם קאָנגרעס נישט בלויז פאַרשטייער פון „בונד״, אונטער וועמענס השפּעה דער לאַנד־ראַט האָט זיך געפונען, נאָר אויך די פּועלי ציון־פּאַרטייען און די לינקע. די אַקציע פון דעם לאַנד־ראַט האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג אויך ביי אונדז אין בעלכאַטאָוו. פאַר אַ פאָר זלאָטעס האָט מען זיך אָנגעהויבן לערנען מעכאַנישע וועבעריי ביי אַ פּוילישן אָדער דייטשן אַרבעטער פון די אָרטיקע פאַבריקן, אָבער קיין אַרבעט האָט מען אַליין נישט געקאָנט באַקומען, אַפילו ווען מען האָט שוין יאָ געקענט אַרבעטן ביי די מאַשינען. דערצו איז נאָך צוגעקומען אַ נייע צרה, וואָס דער טעקסטיל־אַרבעטער־פאַראיין, כאָטש עס האָבן צו אים אויך געהערט יידן, האָט אָנגעהויבן שטערן, אַז מען זאָל לערנען די יידישע אַרבעטער מעכאַנישע אַרבעט מיטן אויסרייד, אַז דאָס וועט שאַפן אַן אַרבעטסלאָזיקייט אין דעם פאַך. בנוגע דער קריסטלעכער אַרבעטער־יוגנט איז דער פאַרבאָט נישט חל געווען, ווייל קינדער פון אַרבעטנדיקע

וועבער האָבן קיין ספּעציעלע אַרבעטס־דערלויבניש פון פאַראיין נישט געדאַרפט.

די יידישע מיטגלידער פונעם טעקסטיל־פאַראיין האָבן אונטערגענומען א פאַרביטערטן קאַמף קעגן דער דאָזיקער גזירה און קעגן דעם פּאַרוואַנדלען דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין אין א צעך. מיר איז דאָ אויסגעקומען אָנ־טיילצונעמען אין דער דאָזיקער אַקציע אַלס דעלעגאַט פון די שערער און איך בין געשטיצט געוואָרן דורך די דעלעגאַטן פון די האַנט־וועבער. די פּוילישע פאַרוואַלטונגס־מערהייט האָט זיך אַלס פאַרשטייערשאַפט פון א קלאַסן־פאַראיין נישט געקאָנט אָפן אַרויסזאָגן קעגן די יידישע אַר־בעטער, אָבער אין דער פּראַקטיק האָט מען אָנגעווענדט אַלע שיקאַנען בכדי נישט אַריינצולאָזן די יידישע וועבער־אַרבעטער אין די פאַבריקן.

דורך פּראָטעקציע און פאַר געלט איז דערווייל אייניקע יידישע אַר־בעטער געלונגען זיך אויסצולערנען אַרבעטן אויף די מעכאַנישע שטולן, דערביי האָבן אייניקע געצײילטע יידישע אַרבעטער דאָס שוין געקענט פון פריער. יחזקאל בירנצווייג, ישכר פעלד (זיוונע) א״א האָבן געזאָרגט, אז א וואָס גרעסערע צאָל יידישע וועבער זאָלן פון האַנט־אַרבעט איבער־גיין צו מעכאַנישער אַרבעט, אָבער היות אַלע אַרבעטס־פּלעצער זענען שוין געווען פון פריער פאַרנומען און קיין נייע פאַבריקן האָבן זיך נישט געשאַפן, האָבן ס׳רוב יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן שוין געקענט די מעכאַנישע אַרבעט, געמוזט פאָרן קיין לאָדזש זוכן אַרבעט.

צו א נייעם קריזיס איז געקומען אין די יאָרן 1927—1928, ווען די יידישע פאַבריקאַנטן האָבן כמעט אינגאַנצן אָפּגעשטעלט דאָס אַרויס־געבן אַרבעט די יידישע האַנט־וועבער און די אַרבעט איבערגעגעבן די פּויערים פון די נאָענטסטע דערפער, וואָס האָבן זי אויסגעפירט א סך ביליקער. בלויז אייניקע עלטערע האַנט־וועבער זענען צוליב חזקה און פּראָ־טעקציע געבליבן ביי זייער אַרבעט, דאַקעגן די איבעריקע, בפרט די יוגנט, זענען געבליבן אַרבעטסלאָז. די לאַגע איז נאָכמער פאַרשאַרפט געוואָרן דורך דעם, וואָס צוליב דער שטייערן־פּאָליטיק פון דער פּילסודסקי־רעגירונג, האָבן אויך קינדער פון די סוחרים און קליינהענדלער געמוזט זוכן פאַר זיך אַרבעט אין די פאַבריקן. דאָס זענען ס׳רוב געווען שערער און די יעניקע וואָס זענען געווען קרובים פון די פאַבריקאַנטן איז געלונ־גען די אַרבעט צו באַקומען אויפן חשבון פון די פריערדיקע אַרבעטער, ביי וועמען די פאַבריקאַנטן האָבן צוגענומען די אַרבעטס־מעגלעכקייטן.

אין אייניקע פאַלן האָט מען אפילו די אָפּגעזאָגטע אַרבעטער אויסגעצאָלט אַנטשעדיקונג, בכדי זייערע אַרבעטס־פּלעצער צו באַזעצן מיט קרובים.

עס זענען דעריבער געמאַכט געוואָרן פּרוּוון צו אָרגאַניזירן די אי־בערגעבליבענע יידישע האַנט־וועבער און אויך צו ווירקן אויף די פּויערי־שע וועבער, אַז זיי זאָלן פאָדערן העכערע פּרייזן בכדי נישט צו קאָנקו־רירן מיט יידישע האַנט־וועבער. ליידער האָט דער גרויסער קריזיס אין דער טעקסטיל־אינדוסטרי פון יאָר 1928 צונישט געמאַכט אַלע אונדזערע אָנשטרענגונגען אויסצוגלייכן די דיפערענצן צווישן די יידישע האַנט־וועבער און זייערע פּויערישע קאָנקורענטן.

אין יאָר 1930 האָט מ. זשוכאָווסקי אויסגעבויט אַ גרויסע פאַבריק און געברענגט פון פאַביאַניץ אַן ערך 130 מעכאַנישע שטולן. מיר האָבן אָנגעהויבן אינטערוועניִרן, אַז ער זאָל געבן אַרבעטס־מעגלעכקייטן אויך יידישע אַרבעטער. דער פאַבריקאַנט האָט עס צוגעזאָגט צו טון אָבער מיטן באַדינג, אַז די יידישע וועבער אין זיין פאַבריק זאָלן נישט וועלן אַרבעטן שבת און יום־טוב און פרייטיק זאָלן זיי אַרבעטן בלויז די פאַרמיטאָג־שיכט. די קריסטלעכע אַרבעטער זענען נאָך לאַנגע אינטערווענצן איינגע־גאַנגען צו אַרבעטן יעדן פרייטיק בלויז דעם נאָכמיטאָג־שיכט און לאָזן די יידישע אַרבעטער אַרבעטן דעם פרייטיקדיקן פאַרמיטאָג־שיכט. אַזוי אַרום האָבן די קריסטלעכע אַרבעטער אויך גענאָסן פון דעם שבתדיקן טאָג, וואָס צוליבן געזעץ וועגן ענגלישן שבת האָט מען געאַרבעט אויסער זייערע איינענע 6 שעה אויך 6 שעה פאַר די יידישע אַרבעטער און באַקומען באַצאָלט פאַרן גאַנצן טאָג. די יידישע אַרבעטער האָבן נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה און געמוזט איינגיין אויף די אַלע באַדינגונגען, הגם עס איז זיי אויסגעקומען צו פאַרלירן יעדע וואָך 6 אַרבעטס־שעה. אויף אַזאַ אופן האָבן זיך צווישן די יידישע און פּוילישע אַרבעטער איינגע־שטעלט גוטע באַציאונגען.

בינו לבינו האָבן פון לאָדזש אָנגעהויבן שלאָגן נייע ווינטן. די פּוי־לישע פּראָפּעסיאָנעלע פאַראייגען, וואָס זענען באַהערשט געוואָרן דורך דער אַנטיסעמיטישער „נאַציאָנאַלער אַרבעטער פּאַרטיי" (נ. פּ. ר.) האָבן אָנגעהויבן אַן אַקציע קעגן באַשעפטיקן יידישע אַרבעטער און זענען אפילו אַרוים אין שטרייק וועגן דעם.

אין בעלכאַטאָוו האָבן אַ לענגערע צייט געהערשט גאַנץ פרידלעכע

באַציאונגען צווישן די יידישע און פּוילישע אַרבעטער און יידישע דעלע־גאַטן זענען אין די פאַבריקן געוויילט געוואָרן צוגלייך מיט די קריסט־לעכע און מיר האָבן געפירט געמיינזאַמע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אַקציעס, ווייל מיר זענען געווען אָנגעשלאָסן אָן דער צענטראַלע פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען אין לאָדזש. אָבער צו ביסלעך האָבן זיך אין די רייען פון דער מערהייט פּוילישע אַרבעטער אָנגעהויבן אריינ־באַקומען די אַנטיסעמיטישע השפּעות און אַ סך קריסטלעכע אַרבעטער האָבן נישט געוואָלט שלום־מאַכן מיטן געדאַנק, אַז אויך יידן זאָלן זיין באַשעפטיקט אין דער מעכאַנישער וועבעריי. עס האָבן זיך אין בעלכאַטאָוו אָנגעהויבן באַווייזן אַנטיסעמיטישע אַגיטאַטאָרן, וועלכע זענען אַרויסגע־טרעטן קעגן דעם געמיינזאַמען סאָציאַליסטישן גייסט, וואָס האָט באַהערשט ס׳רוב בעלכאַטאָווער אַרבעטער. די אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע האָט לאַנג נישט געלאָזט ווארטן אויף די טרויעריקע פאָלגן. אין אַ געוויסן טאָג האָט די פּוילישע מערהייט פון דער פאַרוואַלטונג פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז יעדער אַרבעטער מוז אָפּהיטן דעם אַכט־שעה־דיקן אַרבעטס־טאָג, מיט אַנדערע ווערטער האָט עס געהייסן, אַז שבת זע־נען די פּוילישע אַרבעטער נישט מחויב צו אַרבעטן אַנשטאָט די יידישע, אפילו ווען זיי האָבן דערפאַר באַקומען אַ ספּעציעלע באַלוינונג. אויך זאָל פּרייטיק נישט געטוישט ווערן דער שיכט, אַז די יידישע אַרבעטער זאָלן קאָנען אַרבעטן בלויז פאַרמיטאָג. אַזוי אַרום איז אויסגעקומען, אַז אויב די יידישע אַרבעטער וועלן נישט אַרבעטן שבת, זאָלן די מאַשינען נישט געלאָזט ווערן אין גאַנג. פאַרשטייט זיך, אַז פיל יידישע אַרבעטער וואָלטן אויך שבת געוואָלט אַרבעטן, אָבער דערויף האָבן די יידישע רעליגיעזע פאַבריקאַנטן בשום אופן נישט געוואָלט מסכים זיין און אויך נישט גע־וואָלט דערלאָזן, אַז די מאַשינען אין זייערע פאַבריקן זאָלן צוליב דעם נישט זיין טעטיק.

לויט דער איניציאַטיוו פון בונדישן פאַרטיי־קאָמיטעט איז גערופן געוואָרן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון אַלע יידישע מעכאַנישע וועבער. צו דער פאַרזאַמלונג האָבן אַלע יידישע אַרבעטער־פאַרטייען אין בעל־כאַטאָוו געשיקט זייערע פאָרשטייער. נאָכן אַרומרעדן די אַנטיסעמיטישע האַנדלונג פון דער פאַרוואַלטונג פון דעם טעקסטיל־פאַראיין, פון וועלכן די יידישע אַרבעטער זענען געווען שטענדיק אַן אַקטיווער באַשטאַנד־טייל, איז באַשלאָסן געוואָרן:

1) אָפּשטעלן צייטווייליק דאָס צאָלן מיטגלידס־אָפּצאָל אין דעם פאַראיין,

2) ווייטער אָנפירן אַ דעצידירטן קאַמף כדי אַריבערצופירן יידן אויף מעכאַנישע אַרבעט און נישט מאַכן קיין אויסנאַם צווישן די יידישע און קריסטלעכע אַרבעטער.

די דאָזיקע באַשלוסן זענען גלייך געמאָלדן געוואָרן סיי דער פאַר־וואַלטונג פון טעקסטיל־פאַראיין, סיי די יידישע פאַבריקאַנטן און עס איז געווײלט געוואָרן אַ קאָמיסיע, וואָס זאָל אָנפירן די אַקציע. אין דער קאָמיסיע זענען אַריין: יחזקאל בירנצווייג, מאָשקאָוויטש, ישכר פעלד, מ. יאַקובאָוויטש, גדליה שטיין און דער שרייבער פון די שורות. די לאַגע איז געוואָרן זייער אָן אָנגעשטרענגטע און דער הויפּט־קאַמף איז געפירט געוואָרן אין זשוכאָווסקים פאַבריק, ווו עס זענען געווען באַשעפטיקט ס'רוב יידישע וועבער.

אַזוי זענען דורך עטלעכע וואָכן אין זייער אַן אָנגעצויגענער שטי־מונג. די אַנטיסעמיטישע אַגיטאַטאָרן האָבן פאַרשפּרייט אַ העץ־פּראָפּאַ־גאַנדע, אַז די יידן ווילן ברעכן דעם אַכט־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג און מיר האָבן אָנגעהויבן אַן אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן די מער באַוווסט־זיניקע אַרבעטער. דאָס איז אונדז אויך מיט גרויס מי געלונגען דורכצו־פירן און די פאַבריקן זענען נישט אָפּגעשטעלט געוואָרן. מיר האָבן עס דערגרייכט מיט גוטן און מיט שלעכטן. מיר האָבן געוואָרנט די פּוילישע אַרבעטער, אַז מיר וועלן בשום אופן נישט לאָזן זיך אַרויסשטויסן פון די פאַבריקן און זיי פאַרגעלייגט, אַז צוליב דעם געמיינזאַמען אינטערעס פון דער אַרבעטערשאַפט זאָלן געהאַלטן ווערן די פריערדיקע אַרבעטס־באַדינ־גונגען. דער קאָנפליקט האָט זיך געצויגן אַ היבשע צייט און זעענדיק אונדזער אַנטשלאָסנקייט צו פאַרטיידיקן אונדזערע רעכט אויף אַרבעט, האָבן אונדז די פּוילישע אַרבעטער־דעלעגאַטן געמאָלדן, אַז זיי זענען מסכים צו אונדזערע פאָדערונגען. אויף אַזאַ אופן האָט זיך אין בעלכאַ־טאָוו פאַרענדיקט אַ קאַפּיטל פון קאַמף פאַר די רעכט אויף אַרבעט פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט.

⁂

די יידישע אַרבעטער אין בעלכאַטאָוו האָבן ווייטער פאַרנומען די אַוואַנגאַרד־פּאָזיציעס אין דעם קאַמף פאַר בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען

און שפּעטער איז די בעלכאַטאָווער טעקסטיל־אַרבעטער, אונטער דער השפּעה פון די יידישע אַרבעטער, אויסגעקומען אָנטייל צו נעמען אויך אין אייניקע פּאָליטישע מאַניפעסטאַציעס קעגן דעם הערשנדיקן פּאָלי־טישן טעראָר אין פּוילן און אַפילו פאַר די רעכט פון דער יידישער באַפעל־קערונג, ווי אויך אין אַלגעמיינע געמיינזאַמע פּאָליטישע אַקציעס, ווי דאָס איז געווען דער פאַל בשעת די ווינער געשעענישן אין יאָר 1932 (די אַרבעטער־רעוואָלוציע קעגן דעם דאָלפוס רעזשים), בשעת דער מעשה פּשיטיק, געטאָ־בענק אויף די פּוילישע הויכשולן און אַ רייע אַנדערע ענ־לעכע פאַלן.

אמת, די שוואַרצע שאָטנס פון דער אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע האָבן געפּרוווט נישט איינמאָל צו פאַרסמען די רו צווישן דער אַרבעטער־שאַפט, אָבער אין בעלכאַטאָוו איז זיי, אַ דאַנק דער אַנטשלאָסנקייט פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט, זעלטן ווען געלונגען צו דערגרייכן אַ דערפאָלג.




פּראָפעסיאָנעלע אויסשולונג פון בעלכאַטאָווער מיידלעך






בילדער פון ערשטן מאַי־מאַניפעסטאַציעס אין בעלכאַטאָוו



מיטגלידער פון סקיפ־קאָמיטעט אין בעלכאַטאָוו



דאָס הויז פון די לעמאַנס



*

ישראל לענקאָווער, פּיזול יאַנקל
גערס און זקן מאַכאַבאַנסקי אויפֿן
נייעם מאַרק אין אַ יאַריד־טאָג.

*



*

ר׳ קלמן הובערמאַן
(סקאָרפּיס)

*

יידישע טיפן

פון בעלכאַטאָוו







שלמה זשיטניצקי

# געווען אַמאָל אַ שטעטל...

צוגלייך מיטן קרייען פון די העגער האָט זיך דאָ, 5 אזייגער פאַרטאָג, געהערט דאָס פייפן פון די פאַבריק־קוימענס, באַגלייט מיט אַ געדיכטן שוואַרצן רויך.

דאָס קלינגען פון די קלויסטער־גלאָקן פלעגט איבעררייסן די שטעטל־דיקע מנוחהדיקייט. האָט זיך געהערט אַן אויטאָ־סיגנאַל, איז געוואָרן אַ געלויף אַרויס פאַר די טויערן ווי אויף אַ בייז ווונדער — זען: וואָס דאָ איז געשען, ווער עס האָט אַהער פאַרבלאָנדזשעט?

„סטויקעלע" — דער קליינער גוי מיט די וואָנצעס, האָט מיט זיין גראַגערן אויפגעוועקט דאָס שטעטל פון שלאָף, פאַרלייענענדיק די פאַרשי־דענע נייע „געזעצן", אַרויסגעגעבענע פון אָרטיקן מאַגיסטראַט פאַר די שטעטלדיקע „אָביוואַטעלעס" (בירגער).

צירל־טויבע, די קצבטע פון אַלטן מאַרק, פלעגט אויך שטערן די רו פון שטעטל מיט אירע אימהדיקע שלוקעכצן, וואָס האָבן אָפּגעהילכט אין די אַרומיקע געסלעך...

## אַלטער מאַרק.

דער צענטער פון שטעטל איז געווען דער אַלטער מאַרק („סטאַרי רינעק"). דאָ האָט זיך געפונען די אויטאָבוסן־סטאַציע, פונוואַנען עס זענען געפאָרן אויטאָס קיין לאָדזש, פּיעטריקאָוו און סטערצעוו. דאָ האָבן זיך געזאַמלט גרופּקעס יידן, געשמועסט „פּאָליטיק" און איבערגעגעבן די נייעסן פון טאָג. דערנעבן האָט זיך געפונען די שענק פון יאַנקל מרוני (מאַריינע) — אַ ברייט־פּלייציקער יונג מיט אַ פּאָר ווילדע אויגן. פון זיינע גבורות האָט מען זיך אָנדערציילט וואונדער: ווי אַזוי ער האָט אַ כאַפּ

געטון דעם שטארקסטן גוי און אים ארויסגעווארפן פון שענק. מען האט אפילו געוווסט צו זאגן, אז די שטעטלדיקע פאליציי האט פאר אים געציטערט. ס'האט נאר אלעמען געחידושט, ווי קומט דער דאזיקער תכשיט פאר אן איידעם פון אזא שיינעם ייד, ווי עס איז געווען דער שווארצער מאיר, א גערער חסיד.

דא איז אויך געווען די „בערזע" פון די ווילע יונגען פון שטעטל, וואס זענען געווען די באלעבאטים פון די אויטאבוסן און אויך א טייל



דער אַלטער מאַרק

פורמאנעס. יעקב הילער, א שיינער געשיקטער יונג מיט א שטענדיקן שמייכל אויפן פנים, נטע הערש דודם — א שטענדיק אנגעכמורעטער, שמעון יידל לעקעכבעקערס (כאטש לויט זיין אויסזען האט מען אים נישט געקאנט רעכענען צו דער קאטעגאריע פון „ווילע יונגען"), יאנקל פאכ־טשאזש, וואס ארויסרעדנדיק א ווארט, האט ער א שפיי געטון און עס באגלייט מיט א דרייגארדנדיקער קללה. חיים יאנקל איטשע גרונמס האט זיך געהאלטן פארן העלד פון אט דעם „געזינדל". אברהם „דזשא־דעק" — א ייד לאנג געקליידט וואס האט געשיקט זיינע געלאדענע

פורן מיט סחורות קיין לאָדזש, איז אויך נישט געווען קיין „מפּל־קינד". ער האָט גערעדט שטיל, קוים וואָס מען האָט געהערט, ווי ער וואָלט געציילט יעדעס וואָרט. חיים לייב דרובטשיק, וואָס האָט זיך באַרימט גע־מאַכט אין שטעטל מיטן טאַנצן אַ „קאָזאַטשאָק", און זיין ברודער מאיר. אברהם אַלטער כמאל, אַ הויכער, געזונטער יונג, וואָס אַז ער האָט גע־רעדט, האָט מען געהערט אין גאַנצן מאַרק. און אַ שפּראַך האָט ער גע־האַט אַ „פּערלדיקע", אָט למשל: „בראַנדיק זאָלסטו ווערן, גערדאָך (גיב דיך) אַ ריטש אַוועק, אַז נישט גיב איך דיר אַ פּעטש אין באָך אַריין". זיין שוואָגער בערל איז דערפאַר געווען אַ מער רואיקער, זעלטן געענט־פערט אויף פראַגן, ווייל ער איז געווען טויב ווי די וואַנט. דער לץ פון די „ווילדע יונגען" איז געווען „מלכל קראַדניק", זיין גבורה איז מער באַשטאַנען אין פּיסק־מלאכה ווי אין די ידים. יעדעס וואָרט באַגלייט מיט לצנות. שטייט אַ קרענצל אין גאַס און אַמפּערט זיך וועגן וועלט־פּאָלי־טיק, וואַקסט אויס ווי פון אונטער דער ערד מלכל און דעקט זיי אַלע־מען צו מיט אַ שמוציקן זאַק איבער די קעפּ, אָדער גיט אַ שטופּ, איינער פאַלט אויפן אַנדערן און דאָס קרענצל צעפאַלט זיך. ווען ער האָט זיך אָבער באַדאַרפט פאַרמעסטן מיט די הענט, האָט אים דאָס מויל קנאַפּ וואָס געהאָלפן. איז נישט געווען קיין ווונדער, וואָס מען האָט אים אָפט געזען מיט אַן אונטערגעהאַקט אויג, אָדער מיט אַ פאַרבונדן מויל. אָט דער מלך האָט געהאַט אַ שטילן, טייערן יאַט. שטענדיק געזעסן און געלייענט. זיינע אַ טאָכטער האָט זיך געראַטעוועט אין דער איצטיקער מלחמה און געפינט זיך אין אַמעריקע. אָט די אַלע „ווילדע יונגען" האָבן נעבילדעט אַ געוויסע קאַסטע, געקוקט אויף אַלעמען פון אויבן אַראָפּ און זיך באַטראַכט ווי „די אויבערשטע פונעם שטייסל". זייערע קאָנ־פליקטן זענען נישט אויסגעגלייכט געוואָרן דורכן „סאָנד" (געריכט), נאָר דורך די אייגענע פויסטן... זיי זענען געווען אויך צווישן די ערשטע, וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס.

איינער פון די פריילעכסטע יאַטן איז דאָ געווען דער געלער אברהם מענדל. זיין שוסטער־פאַך איז אים נישט געווען צום האַרצן. אים האָט געצויגן די גאַס. ער איז געווען אַ טרעגער און זיך געקענט שטענדיק פריי באַוועגן. געווען פול מיט לעבן. אַ פראָסטער אָבער איבערגעגעבענער בונ־דיסט, געווען ביי אַלעמען באַליבט.

צו די באַרימטסטע ליבעס, וואָס זענען געפירט געוואָרן אין אַלטן

מאַרק, דאַרף פאַררעכנט ווערן די ליבע פון אַט דעם טרעגער־אַרבעטער מיט אסתר־צירל די יאַאַבטעס. זיי האָבן ענדלעך חתונה געהאַט, געוווינט די לעצטע יאָרן אין לאָדזש. אויך זיי זענען אומגעקומען בעת דער נאַ־צישער אָקופּאַציע.

פון די אַרומיקע נידעריקע הייזקעס האָט זיך באַזונדער אויסגע־טיילט די „קאַמעניצע" (געמויערט הויז) פון ר' איטשע מאיר גענוערץ, איינס פון די עלטסטע הייזער אין שטעטל. דאָ האָט זיך געפונען די תלמוד־תורה, וואָס איז שפּעטער איבערגעטראָגן געוואָרן אין אַן אייגע־נער געביידע. דאָ האָבן די מלמדים אברהם צוקערמאַן, אַ רואיקער גו־טער מענטש, וואָס האָט קיינמאָל נישט פאַרלוירן דאָס געדולד, הערשל פּאָשלאַדעק, אַ בייזער ייד, מיט אַ פּאָר שטרענגע אויגן, פאַר וועמען די קינדער האָבן געציטערט, אברהמל פּאַנטשנער, מיט די ברילן אויפן שטערן, וואָס האָט נישט געזשאַלעוועט קיין שמיץ, דער קליינער יצחקל, וואָס זיינע קענטענישן האָט ער גענומען פון עברי טייטש — אַט די אַלע מלמדים האָבן דאָ אין דעם הויז פון פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט געקנעלט מיט זייערע תלמידים.

דאָ אין דעם הויז האָבן זיך אויך געפונען אַ ריי געוועלבער. דאָס גרויסע אייזן־געוועלב פון מרדכי שפּיגעלמאַן, דאָס בראָנפן געשעפט פון דעם פּאָליאַק מיענטקעוויטש, אַ ברודער פון „בורמיסטוש", אַ בודקע פון שמואל לייזער שמולעוויטש, וועלכער איז אין די שפּעטערדיקע יאָרן אויס־געוואַקסן אַ גרויסער פאַבריקאַנט.

רב איטשע מאיר איז געווען זייער אַ רייכער ייד, האָט געשמט אין שטעטל פאַר זייער אַ קאַרגן, צוגעטיילט זיין ווייב יעדן גראָשן, אַלע האָבן שוין געוואַרט אויף יענעם גליקלעכן מאָמענט, ווען ער וועט דאַרפן סילוקן די לייטישע „זשמעניע נדן" פאַר זיינע צוויי נישט שטאַרק גע־ראָטענע טעכטער, וועלכע מען זעט שטענדיק שפּאַצירן צוזאַמען. אַזוי אַרום וויל דאָס שטעטל נקמה נעמען פאַר זיין קאַרגשאַפט.

האָט איר געוואָלט אַ נאַש געבן אַ גוט שטיקל כאַלווע, אַ פּאָר פריי־שע שפּראָטן, אַ געריכערטן הערינג — ווער שמועסט, אַז איר האָט זיך געקאָנט דערלויבן דעם לוקסוס פון קויפן אַ „מאַלינאָוון" פּאָמעראַנץ — האָט איר געמוזט אָנקומען אין געוועלבל פון מאירלען. דאָ האָט איר אויך געקאָנט באַקומען אַ באַנאַן, וואָס האָט געהערט צו די זעלטנסטע פרוכטן אין שטעטל און נישט יעדער איינער האָט זיך דאָס געקאָנט

דערלויבן צו קויפן. רב מאירל, א קליין יידל מיט א שטיקל בערדל אויף דער גאמבע, וואס זעט אויס ווי צוגעקלעפט, מיט א תמעוואטן בליק, האט זיך אין זיין אייגן געוועלבל נישט געפילט ווי ביי זיך אין דער היים. מיטן געדאנק איז ער מער געווען אין חסידים־שטיבל. ער האט אויסגע־זען ווי א „סטאטיסט" פון יידישן טעאטער. דערפאר אבער איז שוין געווען א בריה זיין ווייב. זעענדיק זיין אומבאהאלפנקייט פלעגט זי אים שיקן אין שטוב צו וויגן דאס קינד און זי האט זיך שוין מיט אלעם אליין „געספראוועט". „וואס אלט (איילט) עץ זעך אזוי? צ'האט נישט קא צאט" — מיט די ווערטער פלעגט זי אלעמען אויפנעמען.

האט איר געוואלט א נאש טון א לייטישע לאדע, האט איר געדארפט אנקומען אין אלטן מארק צו יאנקל שטיין. פון זיין אייז־קרעם האט מען ממש געלעקט די פינגער. דא איז די מילך קיינמאל נישט געווען צוגע־ברענט, ווי ביי מאירלען, אדער געזאלצן ווי ביי מלכהלע אשר בידעס. און וואסערע געסט פלעגן קומען? איר האט דא געקאנט טרעפן לייביש פיינערס זון פון דער סאדע־וואסער פאבריק מיט רב בעריש זייגערמא־כערס טאכטער. דא זענען געקומען יאנקל קלוגס און ברוך סטאראווינסקיס טעכטער. פאר אזעלכע געסט האט מען סערווירט אין א ספעציעל צימער. זיין ווייב שפרה מיט דער טאכטער חוה פלעגן אלעמען אנטקעגנטראגן א שמייכל, און ער, יאנקל אליין, האט זיך ארומגעדרייט ווי א זיגער, וואס נאר ער אליין ווייסט דעם „אמתן סוד" פון מאכן אייז־קרעם. פריי־טיק פארנאכט, ווען די געשעפטן זענען געווארן פארמאכט, האט רב יאנקל אנגעטון די אטלעסענע קאפאטע מיטן סאמעטענעם היטל און גע־איילט אין גערער שטיבל, וואס איז געווען א שפאן פון זיין דירה. אביסל ווייטער האט זיך געפונען די שניט־קראם פון רב מאירל גערער, א בייזער ייד, זיך געהאלטן שטאלץ מיט זיין גערער יחוס, געזעסן יומם ולילה און געלערנט, זיין ווייב אודל האט געפירט דאס געשעפט און זיין יינגסטע טאכטער שרהטשע האט צוגעהאלפן. רב מאירל איז זייער קארג געווען אויף ווערטער און אויף די פראסטע יידן האט ער זיך לגמרי נישט אומגעקוקט, נישט געענטפערט רעכט אויף א באגריסונג. האט מען דער־ציילט וועגן אים אזא אנעקדאט: שבת פרי, ווען רב מאירל איז געגאנגען אין מקווה, האט ער באגעגנט יונהלע דרעקסלער — א ייד א לץ. יונהלע גייט צו און זאגט אים: „רב מאירל, קושטם מיך"...

— דו שגץ איינער, פשאל וואנט! — ענטפערט ר' מאירל מיט רוגזה.

— כאָטש איינמאָל געענטפערט. האָט זיך יונהלע דרעקסלער צע־לאַכט און נישט מיד געוואָרן אַלעמען דאָס צו דערציילן. דאָס שטעטל האָט הנאה געהאַט, וואָס מ׳האָט אָנגעלערנט אַ בייזן ייד.

דאָ אין מארק האָט זיך אויך געפונען דאָס גאַלאַנטעריע־געשעפט פון רב יעקב הערש שטאָטלענדער, איינער פון די שענסטע שטעטלדיקע יידן. אַז מען האָט אַמאָל גענדאַרפט עפּעס פועלן ביי „נאַטשאַלסטווע״ — האָט מען געוווּסט, אַז דער פּאַסיקער קאַנדידאַט דערפאַר איז רב יעקב הערש. פון די באַשטעלונג־שניידער האָט זיך דער לאָמער הערשל גערעכנט פאַר דעם בעסטן. ס׳איז אַפילו אָנגעגאַנגען אַ שפּאַרעניש: טייל האָבן גע־האַלטן, אַז יידל ראָזענבלום נייט מער מאָדערן, האָט מער „שיק״, אַנדערע ווידער האָבן געזאָגט, אַז מאיר מיט כאַמלען, וואָס זענען געפאָרן ספּע־ציעל קיין װאַרשע זיך לערנען „קראַי״ (צושניידן) װעלן אַלעמען איבער־שטייגן, אָבער די „קרוין״ פון לאָמען הערשל האָט קיינער נישט באַוויזן צוצונעמען. זיינע צוויי זין מרדכי און עזריאל זענען געוועזן זיינע שטענ־דיקע געזעלן.

עס האָבן אויך געהאַט זייערע געשעפטן הענעכל אַדלער, זיינע זין משה שיע, מענדעלע, וואָס האָט געפּטרט דעם נדן ביי שניידעריי, זיין איידעם יאָסל פּיעקנאַ, וואָס האָט אויף כוח — פון אַ טאַנדייטער געוואָלט ווערן אַ באַשטעלונג־שניידער. דערנעבן האָט געהאַט זיין געשעפט מרדכי גראַנעק. נישטאָ קיין בגד וואָס ער זאָל נישט אָנמעסטן און עס זאָל נישט פּאַסן! גערעדט שטענדיק אַזוי איידל, פיין, און דערביי יענעם אַזוי פּאַרדרייט, אַז מען האָט קיינמאָל נישט געוווּסט ווי מען האַלט מיט אים אין דער וועלט. וועווע פּיולע האָט זיך געהאַלטן פאַר דעם חכם צווישן די שניידער כאָטש אין דער אַרבעט האָט ער צוביסלעך געפּושערט.

אויך טאַנדייט־שניידער האָט דער אַלטער־מאַרק. אויפן ערשטן אָרט גייען דאָ די פאַרצווייגטע משפחות פון די בינעצקים. דער פאָטער, אַ קליינ־טשיק יידעלע מיט אַ פּאָר שיטערע האָר אין בערדל. זונטיק ביי מנחה־מעריב אין בית־המדרש האָבן די קרעמער אים קיינמאָל נישט צוגעלאָזן צום ברעטל, ווייל זיי האָבן געהאַלטן, אַז אויב ער דאַוונט פאַרן עמוד, מוז צוזאָרגנס רעגענען און דער מאָנטיקדיקער מאַרק־טאָג איז גע־שטערט...

שמשון נחמנס, וואָס אויסער שניידעריי איז ער אויך באַגרעבער, די נאָוואַקס ווי מען האָט זיי אין שטעטל גערופן די „מילבעלעך״, גע־

הערן אויך צו דער בראַנזשע פון טאַנדייט שניידעריי (קאָנפעקציע).

אויך די שיך־בראַנזשע איז דאָ געווען ליטיש פאַרטרעטן. הערשל גאָרשקאָוויצער האָט זיך באַטראַכט ווי דער קעניג פון אָט דער בראַנזשע. אַ דיקלעכער ייד, מיט אַ פּאָר רויטע באַקן, וואָס האָבן נישט דערציילט פון קיין הונגער, פלעגט שטענדיק שטיין פאַר זיין טויער מיט אַן אַרויס־געשטאַרצטן בויך, די פינגער פאַרלייגט אויף דער וועסט, פון זיין אויסזען איז געווען קענטיק, אַז ער האָט הנאה פון זיך און געווען שטאָלץ מיט זיינע געראָטענע זינדלעך, וואָס פירן דאָס געשעפט. די חילקעטע האָט דאָ אויך געהאַט איר געשעפט, ריכטיקער געזאָגט — איר געשעפטל. דאָ האָט באַוויזן איר בריהשאַפט איר געראָטענע טאָכטער מאַניע. דער פּיעטריקאָווער שוסטער מיט זיין געשעפט איז דאָ געוואָרן אַ שטאַרקער קאָנקורענט. זיין משרת — דער „משוגענער קוריער", האָט אים גע־מאַכט אַ סך רעקלאַמע. ווען אַ מיליטערישער אָרקעסטער פון פּיעטריקאָוו האָט דעפילירט איבערן שטאָט, איז שטענדיק אין שפּיץ געגאַנגען דער „משוגענער קוריער" מיט אַ שטעקעלע און דיריגירט.

פון די שוסטער האָט דאָ געוווינט דוד דעם הויכן משהס, וואָס אויסער שוסטעריי האָט ער זיך אויך פאַרנומען מיט באַגראָבן טויטע.

יאַנקעלע פריזירער האָט דאָ געהאַט זיין רעזורע. די חסידישע יידן פלעגן אויף אים וואַרפן אַ בייז אויג און נישט איינמאָל געדראָט אַריינ־צוליינן אים אין חרם. שבת, האָבן זיי געזאָגט, האַלט ער פון פאָרנט פאַרמאַכט און אינעווייניק „גאָליעט" ער בערד.

און קיין שפּייז־קראָמען פעלן אויך נישט אין אַלטן־מאַרק. משה הערש מיט זיין הורט־געשעפט, משה פּרצנס, וואָס האָט פאַרזאָגט אַלע זיינע קינדער מיט שפּייז קראָמען, — אויסער זיין זון שמעון, וואָס איז געווען אַ שניידער, און זיין ייִנגסטע טאָכטער שרהטשע, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט אַן אַרבעטער־ייִנגל. אין דער שפּייז־קראָם ביי אירע אָרעמע עלטערן איז שרהטשען געווען זייער ענג. די קרעמעריי איז איר נישט געווען צום הארצן. האָט זי זיך געלערנט נייען קליידער און איז געווען שטאָלץ אויף איר נייעם פאַך, הגם אירע עלטערן זענען נישט געווען צופרידן פון איר פּראָלעטאַרישער אַרבעט.

שרהטשע האָט אַ סך געלייענט און זיך שטענדיק געלערנט. זי איז געווען גוט באַקאַנט סיי מיט דער יידישער, סיי מיט דער פּוילישער ליטעראַ־טור. זי האָט אויך געהאַט אַ נייגונג צו מאָלעריי און פלעגט מאָלן פלאַ־

קאַטן צו פאַרשידענע אונטערנעמונגען. שרהטשע איז געווען זייער אַק־טיוו אין דער לינקער באַוועגונג. צוליב איר ערנסטער באַציאונג צו גע־זעלשאַפטלעכער אַרבעט איז זי דורך אַלעמען געווען שטאַרק געאַכט.

אין די אָקופּאַציע־יאָרן האָט שרהטשע געהערט צו די מוטיקסטע קעמפּעריננס אין שטעטל. זי האָט אַלעמען געטרייסט און געמונטערט, גלויבנדיק אין דעם זיג איבער די נאַציס. ביים אָנהויב פון דער אָקופּאַציע האָט זי באַקומען צוגעשיקט אַרויספאָדערונגס ־ פּאַפּירן פון אַרגענטינע, אָבער די דייטשן האָבן איר נישט דערלויבט אַרויסצופאָרן און זי פאַרשלעפּט אין אַ קאָנצענ־טראַציע־לאַגער, ווו זי איז אומגע־קומען האַרט פאַרן סוף פון דער מלחמה.



ש ר ה' ט ש ע

אַט דער משה פּרצנס האָט זיך באַמיט צו פאַראייניקן פּראַקטקייט מיט חסידות. זיך געשפּיגלט אין זיין חסידישן איידעם יאַנקל, וואָס איז געווען דער מאַן פון זיין טאָכ־טער דינטשע.

פון דער גאַנצער משפחה איז געבליבן ביים לעבן בלויז דער זון פּרץ (איצט אין בעלגיע).

דער געלער יונה, וואָס די חסי־דים האָבן אים מקנא געווען מיט זיין געראָטענעם איידעם, וועלכן ער האָט געהאַט אויף קעסט, איז געווען נאָך איינער פון די שפּייז־קרעמער. זיין טאָכטער בלימעלע האָט יעדעס יאָר געבוירן אַ קינד.

שלמה הערשל פלאַוונערס מיט זיין דיקלעכער יידענע, וועלכער עס פלעגט שטענדיק אויספּעלן לופט, האָט אויך געהערט צו די שפּייז־קרע־מער פון שטעטל. אַ שפּייז־קראָם האָט דאָ אויך געהאַט רב יוסף לייביש,

וואָס איז אָנגעפּירט געוואָרן פון זיינע צוויי טעכטער, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין גרויס מזל צו קיין שידוכים.

אויך הי̇טל־מאַכער האָט געהאַט דער אַלטער־מאַרק. אויפן ערשטן אָרט איז דאָ געווען מלך גאָלסטער, איטשע היטל־מאַכער מיט זיינע זין די יאַאַבס און אויך חיים־פּייוול נאַפּאַרסטעק דער פרייליעכער יאַט.

דער פעלדשער פון שטעטל האָט דאָ געהאַט זיין שטיבל צוגלייך מיט אַ גערטנדל, וואָס דאָס האָט געהערט צו די זעלטנהייטן אין שטעטל. יאַנקל פעלדשער איז געווען אַ סימפּאַטישער מענטש מיט אַן ערנסט פּנים, מיט אַ פיין צעקעמטער באָרד, האָט אַרויסגערופן צו זיך אַכטונג און פון אַלעמען רעספּעקטירט געוואָרן. נאָך זיין טויט האָט זיין זון אברהם (אַביסל אַ גערירטער אויפן קאָפּ), וועלכער האָט יאָרנלאַנג געוווינט אין דייטשלאַנד — געפּרווט פאַרנעמען זיין פּלאַץ, אָבער אָן דערפאָלג.

בעקערייען אין אַלטן מאַרק: שעיה בעקער, וואָס נישט איינמאָל איז ער באַשטראָפט געוואָרן פאַר נישט האַלטן ריין זיין בעקעריי, חיה די בעקערין, שמואל שנעלצוג, וואָס נישט איין קללה האָבן די ווייבער גע־שיקט אויף זייערע אַדרעסן פאַר אַ פאַרביטן אָדער פאַרברענט טשאָלנט אין זייערע בעקערייען. די איציקטע האָט אויך געבאַקן היימישע גרויסע ווייסע ברויט, פון וועלכע דער עולם האָט געהאַט הנאה, זי איז אָבער פאַרצערט געוואָרן פון דעם צער פון האָבן אַ משוגענע טאָכטער — ליבע, וואָס איז שטענדיק געשטאַנען פאַרן טויער מיט צעלאָזענע האָר און אָנגעוואָרפן אויף אַלעמען אַן אימה...

יאַטקעס האָבן אויך נישט געפעלט אין אַלטן מאַרק. הערצקע קצב האָט געהערט צו די שיינע באַלעבאַטים פון שטעטל, נישט געקוקט אויף זיין קצבישן פאַך. איינער פון די רייכסטע קצבים אין שטעטל איז גע־ווען יצחק גאָרשקעוויצער, וואָס האָט אויסגעמויערט אַן אייגן איינשטאָ־קיק הויז. פייגע רייזל מיט אירע בנים, לייזער קצב, די לאָמע שרה, פייגעלע פון ראַדאָמסק, וואָס האָט גערעדט מיט אַ ווייכער למד. די אַלע האָבן געהערט צו דעם דערמאָנטן פאַך.

אין אַלטן מאַרק האָט זיך אויך געפונען אַן אַפּטייק, אָבער געווען אויך אַן „אומלעגאַלע" אַפּטייק, אין דער שטוב פון חסידישן ייד רב נחל בעקל (ווייל ער איז שטענדיק געווען מיט אַן אַרומגעבונדענער באַק). דאָ ביי אים פלעגט די אָרעמקייט פון שטעטל קויפן די רעצעפּטן, ווייל דאָ

האָט עס געקאָסט אַ סך ביליקער. ער פּלעגט ממש ציטערן, ער זאָל חלילה נישט אַדורכפאַלן...

י. ל. גאָלדשטיין האָט דאָ אין מאַרק געהאַט זיין געשעפט, אָבער מיטן געדאַנק איז ער געווען מער אַריינגעטון אין לייענען און שרייבן ווי אין מסחר. אַ נידעריקער, מיט אַן ערנסטן בליק, אַז ער האָט שפּאַצירט אין גאַס, איז ער געגאַנגען פּאַמעלעך ווי ער וואָלט געמאָסטן יעדן טריט. ביי אים אין שטוב האָט זיך אויך געפונען אַ פּיאַנע, און דאָס איז נישט געווען קיין קלייניקייט אין שטעטל.

דער דענטיסט פון אַלטן מאַרק מיכאַל רעזורניק, האָט זיך אַראָפּגעבראַכט אַן איידעם פון טשענסטאָכאָוו. געמאַכט אים אַ שטיקל קלייטל, ווו מען האָט אויך געשפּילט אַ דאָמינאָ — אָבער דאָס בוך פון חובות איז געוואַקסן ווי אויף הייוון. ס'איז אים געגאַנגען וואָס אַמאָל ערגער אַפּילו דאַן ווען ער האָט פּרובירט מזל ביי שיך־האַנדל. דער אַלטער מאַרק האָט געהאַט פון וואָס צו לצעווען. „אַזאַ מציאה האָט ער ערשט געבראַכט פון דער פרעמד?"...

צו דער אָרעמקייט פון אַלטן מאַרק האָט געהערט: משהלביירעכס, וועמענס ווייב האָט שטענדיק געקרענקט אָבער תמיד געקינדלט. משה דאָרפסגייער מיט זיינע זעקס בנים, אשר פון האָבער, וואָס האָט פאַרקויפט פערד־פּאַשע, אסתר בינעצקים, וואָס איז געווען די שפּייזערין פון דער שטוב, כאָטש דער מאַן אירער איז געווען אַ שניידער און פיל אַנדערע. געווען דאָ פרויען, וואָס האָבן געשמט מיט זייער גוטן נאָמען: ביילע אסתר — אַן אַלטע פרוי מיטן קופּקעלע אויפן קאָפּ, וואָס פלעגט זיצן אין מאַרק און פאַרקויפן אויבסט. ווען זי איז געוואויר געוואָרן וועגן אַ שטוב אין וועלכער מען הונגערט אונטער, איז זי גלייך אַוועק אַהין און קיינמאָל נישט ליידיקערהייט. האָט אַן אָרעמע כלה געדאַרפט עפּעס נדן, איז זי געווען איינע פון די וואָס האָט געזאָרגט דערפאַר. צו די יחוסדיקע פרויען אין אַלטן מאַרק האָט זיך אויך פאַררעכנט פערל זעלדעס. און פאַרוואָס נישט דערמאַנען די פרוי מיט די פינף נעמען: לאה־העלטשע־פויגל־גיטל־מאַנעלעס, וועמענס נאָמען פאַרגעדענקען פון אויסנווייניק האָט געהערט צו האָבן אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער. די אמתע אשת חיל פון אַלטן מאַרק איז געווען די „סופרטע" וואָס פון אירע ווייסע זעמעלעך און געפילטע סטאָניקעס האָט דער עולם געלעקט די פינגער.

דער אַלטער מאַרק האָט אויך אַרויסגעגעבן „וווּנדער־קינדער". די

פאַמיליע לאַנגנאַס האָט דאָ געהערט צו די סאָלידסטע איינוווינער. געהאַט אַ געשעפטל, וואָס איז געווען מער ליידיק (ליידיקע שעכטלען האָבן פאַרשטעלט די אָרעמקייט). ער, ישעיה לאַנגנאַס האָט אַ סך געלייענט, זיך פיין באַנומען מיט מענטשן. זיי האָבן געהאַט צוויי געראָטענע קינדער: ריווטשע און העצוש. העצוש האָט אַרויסגעוויזן גרויסע פעאיקייטן אין מאָלעריי. די עלטערן האָבן אָבער נישט געהאַט קיין מעגלעכקייטן אים צו לאָזן שטודירן. אין אַ סך שטובן האָבן זיך געפונען בילדער געמאָלענע פון העצושן. פון אַלטע צעריבענע פאָטאָגראַפיעס האָט ער אַרויסגעכשופט פרעכטיקע פאָרטרעטן. ווען ער איז אַריינגעפאַלן אין איצטיקן קריג אין אַ דייטשן קאָנצענטראַציע לאַגער האָט אַ נאַצי דערוווסט זיך, אַז דאָ געפינט זיך אַ פעאיקער מאָלער, האָט ער אים געגעבן צו רעפּראָדוצירן זיינע אַ משפחה־פאָטאָ, וועלכע איז אַרויסגעקומען זייער קינסטלעריש און דאָס האָט העצושן מיטגעהאָלפן דערצו, ער זאָל האָבן אַ סך צו עסן און טרינקען און דערפון טיילן זיך מיט זיינע אומגליקלעכע הונגעריקע חברים. העצוש האָט געהאָפט, אַז דאָס וועט אים דערמעגלעכן איבערצוקומען די שווערע צייט, אָבער דער גורל האָט אַנדערש געוואָלט...

צו די איינוווינער פון אַלטן מאַרק האָט אויך געהערט אונדזער אייגענע משפחה. אין גרויס אָרעמקייט זענען די עלטערן געקומען פון לאָדזש קיין בעלכאַטאָוו אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. די מאַמע אונדזערע, אַן איידעלע און טיף־רעליגיעזע פרוי, איז געווען די פאָרזאָגערין פון דער ווייבער־שול. זי האָט זיך שטאַרק גענומען צום האַרצן זעענדיק, אַז אירע קינדער קערן זיך אָפּ פון „דרך־הישר". זי האָט אַ מאָל אַ כאַפּ געטון אַ מעסער און געדראָט צו באַגיין זעלבסטמאָרד, אויב מיר וועלן נישט דאַווענען. קראַנקערהייט פלעגט זי גיין אין דאָרף קאָלדעניוו, אויפקויפן דאָרט הינער, פוטער, קעז, אייער און עס שפּעטער פאַרקויפן צו די רייכערע באַלעבאָסטעס אין שטעטל און אַזוי־אַרום פלעגט זי צוהעלפן דעם טאַטן אין דער פרנסה.

דער פאָטער איז געווען פון פאַך אַ שעכטל־מאַכער, אָבער אין בעלכאַטאָוו האָט ער אויף דעם דאָזיקן געביט ווייניק וואָס געהאַט צו טון. איז ער געוואָרן אַ מאַרשעליק און „געשפּילט" אויפן באַס אין דער שטאָטישער קאַפּעליע, ציענדיק דעם סמיטשיק אַרויף און אַראָפּ. ער איז שטענדיק געווען גוט אויפגעלייגט און ביי זיין גאַנצער קבצנישקייט קיינמאָל נישט פאַרלוירן דעם גוטן הומאָר.

אונדזער משפּחה האָט געוווינט אין אַ קליין צימערל, ווו עס האָט זיך געפונען דער שוסטער־וואַרשטאַט פון מיין שטיף־ברודער יאָסל ראָזנטאַל, וועלכער האָט בייטאָג געלאַטעט שיך און ביינאַכט געגרימפּלט אויף דער מאַנדאָלין. צעהאַנגען איבערן צימער האָט זיך ווינטער דאָ געטריקנט באַנוול, וואָס איז שפּעטער אויפגעטריבן געוואָרן אויף צוויי טרייב־רעדלעך, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דעם זעלביקן צימער. אויסער די צוויי בעטן איז מען דאָ געשלאָפן אויף דער ערד.

דאָך איז עס געווען איינע פון די פרייליכסטע שטובן אויפן אַלטן מאַרק. אונטער די פענצטער פון אונדזער דירה פלעגן אָפט שטיין גרופּעס מענטשן און זיך צוהערן צו די ניגונים פון טאַטן און דעם אינסטרומענטן־שפּיל, וואָס האָט זיך פון דאָרט געטראָגן.

פון אָט דער שטוב קומט מיין ברודער משהלע.

משהלע האָט זיך אַליין געמאַכט אַ פידל פון דיקט (פאַרניר) און זיך געלערנט שפּילן. ער איז אָנגענומען געוואָרן אין דער שטאָטישער קאַפּעליע. אַן איבעררראַשונג איז אין שטוב געווען, ווען משהלע האָט אין שטוב אַריינגעבראַכט אַ נייעם טרומפּייט. אַלע זענען געשטאַנען און געגאַפט: ווו האָסטו גענומען געלט דערויף? ער שמייכלט: געשפּאָרט, זאָגט ער, אַ גראָשן צו אַ גראָשן, אָפּגעטראָגן אַ וואַליזקע, געדרייט אַ קענדל לאָדעס (אייז־קרעם) און אַזוי אַרום זיך דערשלאָגן דערצו. ער גיט זיך אַ שטעל אַוועק אינמיטן שטוב און שפּילט אויף זיין נייעם טרומפּייט אַ פריילעכס. די מוטער האָט זיך צעוויינט פאַר פרייד. אין דער קאַפּעליע האָט שוין משהלע געשפּילט אויף זיין נייעם סאַקסאָפאָן.

ביי אַ קאָנקורס פון ווילנער „ייוואָ" אויף דער בעסטער אויטאָ־ביאָגראַפיע פון אַ יידישן יוגנטלעכן, וואָס איז פאָרגעקומען אין 1934, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט 300 יוגנטלעכע פון אַ גאַנצער ריי לענדער, איז אויך אַ קינד פון אָט דער אָרעמער שטוב געווען איינער פון די וואָס זענען פּרעמירט געוואָרן.

אויפן אַלטן מאַרק זענען אויך געקומען אָפט אויף גאַסטראָלן „קונצן־מאַכער", וואָס האָבן געצויגן סטענגעס פון מויל, געשלונגען פייער, גע־מאַכט קאָזשעליקעס אין דער לופטן און שטעטלדיק קליינוואַרג האָט זיי באַגלייט מיט אַ הוראַ...

אין אַלטן מאַרק האָט מען געקאָנט זען שבת שפּאַצירן אַ „ייד" און רויכערן אַ פּאַפּיראָס, אַ זאַך וועלכע דער גרעסטער אפּיקורס וואָלט זעלטן

געוואגט. ווייזט זיך אַרויס אַט וואָס: דער פּאָליציאַנט פון שטעטל וווי־טאַשעק האָט געזוכט אַ גנב, איז אים איינגעפאַלן זיך צו פאַרקליידן אַלס ייִד, ער האָט זיך אָבער פאַרגעסן, אַז עס איז שבת ביי ייִדן און פאַרויכערט אַ ציגאַרעטל. פריילעך איז דעמאָלט געווען אויפן אַלטן מאַרק, מען האָט געהאַט אַ געלעגנהייט אָפּצוחוזקן פון דער פּאָליציי אויף ווּעמען מ׳האָט געטראָגן אַ בייז הארץ.

בייטאָג האָט נאָך דער מאַרק געהאַט ווי עס איז אַן אויסזען, אָבער אַז עס איז צוגעפאַלן די נאַכט און עס האָבן זיך אָנגעצונדן די קליינע לעמפּעלעך אויף די פּאָר סלופּעס, וועלכע האָבן געוואָרפן אַ מאַטן שיין — האָט דער מאַרק באַקומען דעם אויסזען פון אַ בית־עולם, אויף וועלכן עס איז אומהיימלעך געווען אַדורכצוגיין.

## פּאַביאַניצער גאַס

אייגנטלעך האָט זי געהאַט צוויי נעמען די דאָזיקע גאַס: פּאַביאַני־צער און בעלכאַטאָווקע. די קבצנים האָבן געוווּסט, אַז זיי ווינען אויף דער בעלכאַטאָווקע, אַזוי ווי דער נאָמען וואָלט געווען צוגעפּאַסט פאַר זייער אָרעמקייט. די נגידים ווידער האָבן זיך באַטראַכט פאַר איינוווינער פון דער פּאַביאַניצער גאַס. די גאַס איז געווען ברוקירט מיט גרויסע שטיינער. די ראָל־וואָגנס געלאָדנטע מיט סחורות און אינדערהויך מיט פּאַסאַזשירן האָבן דאָ אָנגעמאַכט אַזאַ גערויש, ווען זיי זענען אַדורכגע־פאָרן, אַז די ווייבער פון גאַס האָבן געשריגן, אַז זיי ווערן „זאַגלישעט" (טויב). נאָך יאָרן קאָמף האָט די גאַס זיך אויסגעקעמפט אַן אייגענע פלומפּ, וואָס איז מער געווען נישט טעטיק ווי געגעבן וואַסער. ווינטער, ווען עס איז געוואָרן גליטשיק, האָט מען געדאַרפט זיין אַן אַקראָבאַט צוצוקומען צו איר. דערפאַר אָבער האָבן די איינוווינער פון דער בעל־כאַטאָווקע זיך געפילט שטאָלץ, ווען זיי האָבן געזען ווי די בירגער פון אַלטן מאַרק מוזן זיך מטריח זיין צו זייער פלומפּ. וואָרום אויך יענע פלומפּ האָט אָפּט געמאַכט „די קונץ" און „פאַרשטרייקט". היינט דאָס פלומפּן! נישט איין ייִדענע האָט קוים אָפּגעאָטעמט נאָך אַזאַ שטיקל אַרבעט.

דאָ האָט איר געקאָנט אָנציילן אויף די פינגער די „געשעפטן": יששכר פּיאַסקאָזש מיט זיין שפּייז־קראָם; די הויכע שפּיגלטע מיט דער לאַנגער גאָמבע, וואָס האָט תמיד געהאַט טענות צו די ווייבער הלמאי מען טאַפּט

איר אויס „די שמאַלץ־הערינג"; די בעקערייען פון מאכל קורנאָסער, פון סטאָביעצקין און פון חנה ריוועז, וועמענס ברויט האָט געהאַט אַ שם אין שטעטל. משה נוטעס מיט זיין יאַטקע און הערש יידל שפּיגעלמאַן מיט זיין שענק, וואָס איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אכסניה. איז דאָ אַריינגעפאַלן אַ פרעמדער, וואָס האָט געדאַרפט נעכטיקן אין שטעטל, האָט מען אים געפירט צו הערש יידלען.

פאַרשידנאַרטיק איז געווען די באַפעלקערונג פון אָט דער גאַס. אויפן ערשטן אָרט זענען דאָ געווען די וועבער. זעלטן אַ הויף אין וועלכן מען



די פּאַביאַניצער גאַס

האָט נישט געהערט פון באַגינען ביז שפּעט אין דער נאַכט דאָס קלאַפּן פון די האַנט שטולן באַגלייט מיט געזאַנג.

דאָ האָבן געוווינט יידן פערד־הענדלער ווי איטשע גרונמס, אברהם טשורעמורעס, משה גראַכאָליצער מיט זיינע שיינע טעכטער, טשאַטש מאיר מיט די קראַנקע אויגן, וואָס איז מער געווען אין תפיסה ווי אויף דער פריי. דאָ האָבן געוווינט יידן, וואָס זענען יומם ולילה געזעסן און געלערנט, ווי ר' יידעלע דעם רבס, רב מיכאלקעס איידעם, שלמה מענדל נאָווינסקי, ר' יחזקאל לייביש, שמואל זיינוול באָגאַנסקי, אליעזר שפּיגעלמאַן, רב שלמה מיכאלס, ר' חיים־איטשע שוחט, וואָס אויף אים פלעגט די גאַס אַ ברום טון, אז ער באַגייט זיך נישט אַזוי גוט מיט זיינע אַרבעטער, אברהם פאַקטער און נאָך אַנדערע. אויך די פישער האָבן געוווינט דאָ אין דער גאַס: יומע לוים, וואָס האָט די ווייבער געהאַקט איבער די הענט, געשריגן און געשאָלטן, הילער שטריק־

מאַכער, וואָס אויסער פּיש האָט ער אויך פאַרנומען זיך מיט פלעכטן שטריק, געברומט אונטערן נאָז, אַז מען האָט קיינמאָל נישט געוווּסט וואָס ער רעדט...

דאָ זענען געווען די גאַרבערייען און פאַרבערייען פון שטעטל, וואָס האָבן דער גאַס צוגעגעבן גאָר נישט קיין „וואָזשנע" ריחות. זקן גאַרבער מיט זיינע זין; פּרץ, שעיה און דוד. משה זלמן פּולדופּעק, וואָס איז געווען אומצופרידן פון דעם, וואָס זיין געראָטענע טאָכטער חוה האָט זיך פאַרדרייט אַ קאָפּ מיט דעם שניידער־יונג וועלוול. דער לאָמער מנשהלע, מיט זיין פערד און וועגעלע האָט שטענדיק זיך אויסגעטענהט מיט דער שקאַפּע, ווען זי האָט מחמת מידקייט זיך אַוועקגעלייגט און נישט קיין ריר... ווען דאָס פערד האָט איינמאָל נישט אויף קיין שפּאָס זיך אַוועקגעלייגט און נישט אויפגעשטאַנען מער, האָט ער זיך אַזוי שטאַרק גענומען צום האַרצן, אַז אויך ער איז אין קורצן געשטאָרבן.

דאָ האָט געוווינט קויפמאַן שוסטער מיט זיין ווייב שפּרינצע וואָס האָט גערעדט אונטער דער צונג. אין יענעם געוועלבל, וואָס איז געווען סיי וואַרשטאַט, סיי וווינונג, זענען זיך צונויפגעקומען די „פּאָליטיקער" פון דער פּאַביאַניצער גאַס. זייער צען יאָריק טעכטערל איז געלאָפן אין דער ביבליאָטעק בעטן מען זאָל איר לייען מאַרקס „קאַפּיטאַל".

אַזאַ ענלעכע וווינונג האָט אויך פאַרנומען אַ צווייטער שוסטער: גרשון מיט זיין ווייב גאָלדע און 5 קינדער. דאָ האָט מען געגעסן, געאַרבעט און געשלאָפן, און נישט איינמאָל דאָרט אָפּגעהאַלטן פּאַרטיי באַראַטונגען. דער דאָזיקער שוסטער, אַ האַלבער אַנאַלפאַבעט, איז געוואָרן מיט דער צייט ראַטמאַן אין שטאָט ראַט. אין פּאַביאַניצער גאַס האָט אַזעלכעס געקאָנט פּאַסירן. אויך פּורמאַנעס פעלן נישט אין דער פּאַביאַניצער גאַס. מיכאל וויגדער סקאָרפּיס, אַ הויכער ברייטפּלייציקער ייד. ער האָט זיך געשפּיגלט אין זיין שיינעם זון משה, אין וועמען ער האָט געזען אַ קאָפּיע פון זיך. צו זיין צווייטן זון גבריאל גאַפּע האָט ער נישט געהאַט קיין גרויס צוטרוי צו קאָנען אים איבערגעבן „די לייצעס" און אים דעריבער געמאַכט פאַר אַ שניידער.

משה סקאָרפּיס מיטן רויטן קאַרק, וואָס זיין געזונטקייט האָט געשפּראָצט פון אים. זיינע זין ישראל־יצחק, נח און שמואל לייב האָבן פאַרגעזעצט די אַרבעט פון טאַטן. מאיר־בער, איז נישט געווען צו שטאַרק פאַרליבט אין זיין פאַך — האָט ער געמאַכט זיינע קינדער פאַר בעלי־מלאַ־

כות. ווער אין שטעטל האָט נישט געקאָנט צימלען פון דער פּאָביאַניצער גאַס, די מאַמע פון 5 טעכטער און 4 זין? איר זון ישכר איז שטענדיק געווען פאַרקעמט מיט אַ גלאַנציקן שריינט און זיך געהאַלטן פאַרן בעסטן טענצער פונעם שטעטל, כאָטש דער ייִנגערער לייבקע האָט אים געפּרוווט איבערשטייגן. איר טאָכטער מאַניע, פאַר ווען עמענס האַרץ עס האָבן געקעמפּט שמואל קישקע און רחמיאל הערש דודס און די אַנדערע טאָכטער חנה, וואָס איז געווען איינע פון די לעבעדיקסטע און גלייכצייטיק שענסטע טעכטער פון שטעטל. חיה־דינה האָט געהערט צו די באַקאַנטסטע פרויען פון שטעטל. איר נאָמען איז אַרויסגערעדט געוואָרן „כאַדינע", געהאָרעוועט פון באַגינען ביז שפּעט אין דער נאַכט. דערצו כסדר געפּאָרן קיין פּיעטריקאָוו מיט וואַלוווקעס (פּעקלעך) פאַר אירע קינדער זלמן און פּרץ די „וועלט־איבערקערער", וואָס זענען געווען אין דער תּפיסה מער ווי אויף דער פריי. אין אַ נידעריקער כאַטע האָט דאָ געוווינט מאַכל פּורמאַן, אַ ייִד מיט אַ פּאָר רויטע אויגן, וואָס האָבן דערציילט פון אַ סך שלאָפלאָזע נעכט. וועגן זיינע צוויי זין יחזקאל און שאַמע האָט מען דערציילט וווּנדער, אַז זיי זענען „יענע קעפּ" און זיי וועלן וועלטן צעשטערן.

נישט נאָר טאַנדייטניקעס ווי ישכר פּאַפּלאָק, דוד פּיעקנים, מרדכי מאָרגענשטערן און אַנדערע, אויך יחוסדיקע שניידער האָט געהאַט די פּאָביאַניצער גאַס. מאַנעלע איז נישט געווען אַבי ווער. ער האָט געניית פאַר פּריצים. אויספּרעסן דעם פּאַסעק פון אַ הויז דאָס האָט ער קיינעם נישט געטרויט. זיין בעסט פאַרגעניגן איז געווען אַ כאַפּ טון דעם וואַסערטרעגער, אַוועקזעצן אים אויפן טיש און נעמען אַ פול מויל מיט וואַסער, באַשפּריצן אים פון קאָפּ ביז די פּיס און נאָכדעם אים אַרויסוואַרפן. ער האָט זיך געקאָנט אַרומדרייען גאַנצע טעג אין שטוב און נישט אַרויסרעדן קיין וואָרט. ביים נייען האָט ער עפּעס געדאַרפט האָבן, האָט ער מיטן פינגער אָנגעוויזן אין דער לופט: גיב מיר נאָר דאָס! נישט ווייזנדיק וואָס. האָט מען אים געקאָנט דערלאַנגען די שער, קרייד, פאָדעם, קנעפּלעך, און אַז מען האָט אים ענדלעך צוגעטראָפן און דערלאַנגט דעם צענטימעטער, האָט ער שטאַרק הנאה געהאַט און אויסגערופן: אָט אַזוי געפעלסטו מיר! אָט די ספּעקטאַקלען פלעגן זיך כסדר איבערחזרן. גאָר אַנדערש איז ער געווען אין גאַס. דאָ איז ער געווען צוגעלאָזן, גערן געשמועסט און געהאַט אַ שוואַכקייט צו רעדן וועגן תּורה, אין וועלכער ער איז נישט געווען קיין גרויסער בקי.

דאָ האָט אויך געוווינט אין גרויס אָרעמקייט דער טויבער לוזער, א ייד א דאַרפס־גייער, געבויגן פון שטענדיקן טראָגן דאָס זעקל אויף די פּלייצעס, קיין פליג אויף דער וואַנט נישט געטשעפּעט. ווען א פּוילישער כוליגאַן האָט אים פארטשעפּעט אַמאָל — האָט ער אים דערלאַנגט אַזא פּאַטש, אַז יענער איז פאר גרויס חרפה אנטלאָפן.

זאנוול פּאַפּיראָשניק האָט אַליין געשטאָפּט פּאַפּיראָסן און דער־נאָך זיי פארקויפט. וואָווע איילשלעגער האָט דאָ צוגעגרייט אייל צום קאָכן און הויפּטזעכלעך האָט מען הנאה געהאַט ביים פּרעגלען לאַטקעס.

צו די „פּאָפּולערסטע" איינוווינער פון פּאַביאַניצער גאַס האָט זיך פאַרעכנט הערשל צינעס. אַן עלטערער ייד, מיט א ווייסער באָרד, דער איינציקער יידישער „סטראַזשאַק" (פייערלעשער) אין שטעטל. זונטיק פרי, ווען די פייערלעשער האָבן דעפּילירט מיט מוזיק איבער די גאַסן, האָט קליינוואַרג זיך געפילט שטאָלץ, וואָס אויך א ייד איז דאָ צווישן זיי. הערשל צינעס אין זיין מונדיר און סטראַזשאַצקע היטל איז געגאַנגען גלייך אויסגעצויגן ווי א סטרונע. ביי א שרפה איז ער געווען פון די ערשטע. פון פאַך איז ער געווען א שוסטער. מען האָט אים לאַנג נישט געדאַרפט בעטן, ער זאָל דערציילן פון זיין „סלוזשבע" ביי פּאַניעז, ווו ער האָט געמאַכט פאר דער קייסערינע א פּאָר גאָלדענע לעטשלעך. און ווי אַזוי האָט איר אַראָפּגענומען איר די מאָס? — האָבן אים חברה לצנים געפרעגט. הערשל וואַרט שוין אויף דער פראַגע. „פאַרוואָס פאַרשטייט איר נישט גראָבע קעפּ — ענטפערט ער זיי. זי האָט אַוועקגעשטעלט דעם פוס אין שניי און אַזוי אַרום האָב איך אַראָפּגענומען א מאָס"...

מאַניש מיט דער גרויסער, רויטער נאָז איז געווען א טרעגער. די רויטקייט האָט זיך גענומען, האָט מען דערציילט פון א סך „אָקעוויט" טרינקען, וואָס ער האָט אַזוי גערן געהאַט. דאָס ווייב זיינס איז שטענדיק אַרומגעגאַנגען שעלטנדיק אים, „וואָס ער פאַרדינט — האָט זי געזאָגט — גייט אַריין אין דער „באָדניע" (מאָגן), אין פּרעסן און זויפן...

די משה זרחטע איז געווען די בריוו־שרייבערין פון שטעטל. זי האָט אַלע מאָל געוווסט ווי אַזוי צו שרייבן צו די קינדער אין די אַמעריקעס, אַז זייערע קעשענעס זאָלן זיך עפענען און זיי זאָלן געדענקען אין די גע־לאָזענע אָרעמע קרובים אין דער אַלטער היים. קיין סך האָט מען איר נישט געדאַרפט זאָגן. אירע בריוו האָבן זיך אַלעמאָל אָנגעהויבן מיט

אַט דעם נוסח: „ליבע קינדער, מיר זענען געזונט, געבע גאָט פון אייך צו הערן דאָס זעלבע אימער און עוויג”.

ישראל לענקאַווער איז געווען אַ גלעזער. אין איין צימער געוווינט מיט 7 קינדער (5 זין און צוויי טעכטער), אין דעם זעלבן צימער האָבן די קינדער אויך געאַרבעט האַנט־וועבעריי.

ווי נישט פּאַסיק פאַר דער פּאַביאַניצער גאַס זענען געווען די פּאַב־ריקאַנטן; מענדל שמואלס, די פעלדס (קראדניקעס), בערל רובינשטיין א"א. צו שאַרף איז געווען דער קאָנטראַסט פון זייער אַרט לעבן און דעם לעבן פון א וועבער־אַרבעטער ווי עס איז געווען, למשל, דער טויבער עמנואל אָדער שלמה שעפּלס. אוודאי האָט מען זיי אַנטקעגנגעטראָגן דעם ברייטן „גוט מאָרגן”, אָבער אין האַרצן זיי געוווּנטשן גאָר עפּעס אַנ־דערש. דער גרעסטער גביר פון שטעטל, וועגן וועמענס רייכטום מען האָט געוועבט לעגענדעס, האָט דאָ אויך געוווינט. דאָס איז יאַנקל פלאַקאָ־וויטש. מען האָט געוווּסט צו דערציילן, אַז דאָרט האָט מען נישט גע־האַלטן קיין דינסט, כדי זי זאָל נישט זען וואָס זיי פאַרמאָגן. אַ האַלב שטעטל האָט צו אים געהערט, דערצו פיל פאַבריקן און הייזער וואָס ער האָט געהאַט אין אַנדערע שטעט. ער אַליין איז געווען אַ באַשיידענער מענטש אָבער זיין ווייב פלעגט שטענדיק אונטערשטרייכן, אַז זיי זענען שוין פאַרזיכערט מיט פּרנסה אויפן גאַנצן לעבן. פון אַט דער גאַנצער משפּחה איז לעבן געבליבן איין זון שמואל, וואָס געפינט זיך איצטער אין ישראל.

דאָ האָט איר אויך געקאָנט טרעפן פּאָליאַקן וואָס רעדן יידיש: גאָטוואַלד, גאַשעווסקי — דעם שוסטערס זון, וואָס האָט אפילו אַריינגע־וואָרפן העברעאישע פּסוקים.

די דייטשן פון פּאַביאַניצער גאַס: וואַלבערג, מילבראַנדט א"א האָבן אויך גערעדט אַ גוטן יידיש. ביי יעדער געלעגנהייט האָבן זיי אונ־טערגעשטראָכן זייער „פריינטלעכע” באַציאונג צו יידן.

אויך אַ רבי האָט דאָ געוווינט אין דער פּאַביאַניצער גאַס. געקומען אַ ייד מיט אַן אַלטן ברייטן הוט און אַ צעריבענער קאַפּאָטע און זיך אָנגעגעבן, אַז ער שטאַמט פון גרויסן רבנישן יחוס. געהאַט זיין אייגן שטיבל אין וועלכן ער האָט געוווינט, זיינע חסידים זענען געווען די פּראָסטע יידן פון שטעטל. זיין נאָמען איז שנעל באַרימט געוואָרן און וואָסערע ניסים פלעגט מען זיך פון אים אָנדערציילן. שבת בעתן דאַווע־

נען איז ער צוגעגאַנגען צו אַ ייד און אים דערלאַנגט אַ הילכיקן פּאַטש. נו אַז אַ רבי פּאַטשט, מן־הסתם ווייסט ער פאַרוואָס? אַ צייט שפּעטער האָט דער ייד זיך אָנגענומען מיט מוט און געפרעגט: „רבי, וואָס האָט געדאַרפט באַדייטן יענער פּאַטש?”. נאָך אַ לאַנגן ישוב זאָגט אים דער רבי: געדענקסט, אַז דו האָסט מיר איבערגעגעבן, אַז דיינס אַ קינד איז מסוכן קראַנק, זיי וויסן, אַז אָט דער פּאַטש האָט אויסגעלייזט דאָס קינד”. דער פּרעסטיזש פון רבין איז פון דאַן אָן שטאַרק געוואַקסן.

געווען אַ קינאָ אויף פּאַביאַניצער גאַס, וואָס האָט געשפּילט צוויי מאָל וועכנטלעך, שבת און זונטיק. אין דעם קינאָ־זאַל פלעגן אויך פּאָר־קומען קאָנצערטן און רעפעראַטן. דאָ האָט אונדזער ליבער ב. אייסוראָ־וויטש פאַרכשופט דעם עולם מיט זיינע מעשהלעך וועגן אינדיע.

דער יחוס פון דער פּאַביאַניצער גאַס איז אָבער באַשטאַנען נישט אַזוי אין אירע איינוווינער ווי אין די גייסטיקע היימען, וואָס האָבן זיך דאָ געפונען.

די יידיש וועלטלעכע שול אין וועלכער די לערערין ראָזענבאַנד גייט אַרומגערינגלט מיט קינדערלעך, וואָס באַטראַכטן זי ווי אַ מאַמע און טרעטן פון איר נישט אָפּ, די „יבנה”־שול פון „מזרחי” מיט אירע פיל קינדער. כמעט אַלע ביבליאָטעקן פון שטעטל, וואָס זענען געווען ווי אַן אוניווערזיטעט פאַר דער יוגנט. דאָ האָבן זיך אויך געפונען די לאָ־קאַלן פון פאַרשידענע פּאַרטייען ווי „בונד”, מזרחי, רעכטע „פּועלי ציון” און פּועלי אמוני ישראל. דאָ איז געווען דער אַדרעס פון נאָדל־פאַראיין. דאָ האָט דער טעקסטיל־פאַראיין פון די יידישע און פּוילישע אַרבע־טער געגעבן אינסטרוקציעס צו יענעם גרויסן שטרייק, וואָס האָט גע־דויערט 6 חדשים און איז געווען די טעמע פון אַ סך אַרטיקלען פון דער פּראָלעטאַרישער לאַנד־פּרעסע. „בעלכאַטאָוו דאַרף פאַרשריבן ווערן אין דעם גאָלדענעם בוך פון דער געשיכטע” — האָט צו יענער צייט געשריבן יוסף כמורנער.

דאָ האָבן די סאָציאַליסטישע האַנטווערקער געהאַט זייער היים. דאָ איז פאָרגעקומען אַ סיום־הספר, וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ יום־טוב פון שטעטל. דאָ זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן געהיימע זיצונגען, וואָס זענען נישט איינמאָל פאַרענדיקט געוואָרן מיט שמידן אין קייטן די אָנטיילנעמער און אָפּפירן זיי אין דער פּיעטריקאָווער תפיסה. נעכטי־קע משוררים האָבן דאָ געבילדעט אַן אַרבעטער־כאָר און פאַרהילכט די

גאַס מיט זייער געזאַנג. דאָ האָבן אַרבעטער־ייִנגלעך און מיידלעך געגרייט זייערע גימנאַסטישע אויפטריטן, מיט וועלכע זיי האָבן אַרויסגערופן אַנטציקונג ביים שטעטל.

פון פּאַביאַניצער גאַס האָבן קינדער אין בלויע בלוזן און רויטע קראַוואַטן אַפּמאַרשירט מיט געזאַנג אין וואַלד אַריין צו זייערע אויס־פלוגן.

דאָ זענען פאָרגעקומען פלי־דעמאָנסטראַציעס, ווו די פּאָליציי האָט זיך געפילט הילפלאָז. דאָ אין דער גאַס האָבן זיך פאָרמירט די ערשטע מאַי־דעמאָנסטראַציעס, דאָ האָבן פאָלקס־מענטשן באַקומען זייערע ערשטע ידיעות אין לייענען און שרייבן. אין דעם שול־לאָקאַל האָט מען פאַר יידישע פרויען געהאַלטן אָפטע שמועסן וועגן קינדער־דערציונג און אויך וועגן געזעלשאַפטלעכע פראַגן. אָט די פרויען זענען געוואָרן אָרגאַניזירט און טייל אפילו, נאָך טיף רעליגיעז (אין שייטלען אויפן קאָפּ), האָבן דעם ערשטן מאַי אין דער דעמאָנסטראַציע געטראָגן אַ רויטע פאָן.

דאָ האָבן זיך אויך געפונען דאָס ראַדזינער און דאָס אַלעקסאַנדרער שטיבל. פאַר אַ גרויסן טייל זענען אָט די אויבן אויסגערעכנטע אינסטי־טוציעס געווען ממש זייער ערשטע היים, ווו זיי האָבן זייער פרייע צייט אָפּגעגעבן פאַר אינטערעסאַנטער מאַכן דאָס לעבן אין יידישן שטעטל.

ווען אויף אַ שטאָטראַט־זיצונג איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אַ פאָר־שלאָג וועגן אָנרופן אַ גאַס אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ, איז פאַר יעדן געווען קלאָר, אַז אויפן ערשטן און פּאַסיקסטן אָרט קומט דאָ אין באַ־טראַכט די פּאַביאַניצער גאַס.

ביי דער געלעגנהייט איז כדאי איבערצוגעבן אַן אינטערעסאַנטן קוריאָז: ווען די בונדישע שטאָטראַט־פראַקציע האָט אַריינגעטראָגן דעם דערמאָנטן פאָרשלאַג, האָט עס נאַטירלעך אַרויסגערופן אַ גרויסן שטורעם אין די רעאַקציאָנערע קרייזן. אין דער דיסקוסיע האָט אויך געבעטן אַ וואָרט דער פּוילישער ראַטמאַן ה ע ל ו א ק (העלוויק) און אָנגעהויבן זיין רעדע בזה הלשון:

— „עס איז אמת, אַז דער הער פּרץ איז אַ ווױלער מענטש. ער איז מיינער אַ שכן, איך האָב צו אים גאָרנישט, פאַרקערט, איך שפּיל אפילו מיט אים אַמאָל אַ קאָרטל. אָבער וואָסערע פּאַטריאָטישע פאַרדינסטן ער האָט, אַז מען זאָל אָנרופן אַ גאַס אויף זיין נאָמען — דאָס ווייס איך נישט. איך וואָלט אפשר נישט געבעטן קיין וואָרט, האָט ער ווייטער

גערעדט, מיך ווונדערט נאָר, וואָס אזא פאָרשלאג זאָל קומען פון סאָציאַ־ליסטן"...

דאָס קוריאָזע באַשטייט דערין וואָס העלוואק האָט פארביטן די יוצרות מיט א נאָמען פון זיינעם א שכן, וואָס האָט אויך געהייסן פּרץ און דאָס איז געווען דער רייכער פאבריקאַנט פּרץ פּרייטאג.

## אונדזער טעאַטער.

אַ מאָדנע שוואַכקייט האָט דאָס שטעטל געהאַט צו טעאַטער. איינער פון די הויפּט־פאַרוויילונגען ביי קינדער איז געווען שפּילן טעאַטער. האָבן זיך צונויפגענומען א גרופּע קינדער און געשאַפן א „טרופּע", פריער פארקויפט בילעטן, און דאַן אין איינער פון די אָרעמע שטובן פאַר־צויגן א פאָרהאַנג אָדער ליילעך מעשה בינע. די מיידלעך האָבן זיך אָנ־געטון אין מאמעשע, לאַנגע קליידער, שיך מיט הויכע אָפּצאַסן. די יינגלעך האָבן זיך צוגעקלעפּט בערד, אָנגעטון לאַנגע קאַפּאָטעס, אָדער גאָר פארדרייט דאָס אייגענע רעקל און אזוי האָט קליינוואַרג געשפּילט טעאַטער. פארשטייט זיך, אז אויך דאָ האָבן נישט געפעלט קיין „היימי־שע רעזשיסערן", וועלכע האָבן די ספּעקטאַקלען צוגעגרייט. דאָס אלץ איז געווען נאָכקאָפּירט די גרויסע אקטיאָרן, מיט וועלכע דאָס שטעטל איז געווען אזוי רייך.

אונדזערע היימישע אַקטיאָרן זענען געווען:

משה אייזנער, אַ שטובן־מאָלער, האָט זיך גערעכנט פאַרן ערשטן דראַמאַטישן אַקטיאָר. געטראָגן ברילן אין גאָלדענע רעמלעך, דאָס האָט אים צוגעגעבן מער חשיבות און שטעטלדיקע „אינטעליגענץ". אז ער האָט מיט עמעצן גערעדט, האָט ער פריער יענעם גוט באַטראַכט, ווי איי־נער זאָגט: ווייסט כאָטש מיט וועמען דו רעדסט? און עס האָט זיך אייך געדאַכט, אז אין גאַס שפּילט ער אויך טעאַטער.

נאַטאַן גאָלדבערג האָט וואָס אַן אמת אָלעמען גענומען אין „טאַש אריין". ער האָט שפּעטער אויך געשפּילט מיט גרויס דערפאָלג אין לאָדזש. ער איז אָבער נישט געווען קיין בעלכאַטאָוועד, געשטאַמט פון זדונסקע וואָלע. אזוי אז דעם טיטל: ערשטער אַקטיאָר האָט ער ביי אייזנערן נישט געקאָנט צונעמען.

ווייטער זענען געווען יחיאל לייביש גאָלדבערג, משה אבראַמטשיק, מאַקס יאַקובאָוויטש, אברהם נאָוואַק (מילבל), הענעך פּיגולא, משה שמו־

לעוויטש, די קאָמיקער פון דער טרופּע זענען געווען: אברהם ליפּמע „פּאָדלאַץ״ (נאָוואַק) — איצט אין סאַן פּאַולאָ, און יידל פעלד. פרויען־ראָלן האָבן געשפּילט: רחל ליכטענפעלד, וואָס האָט געהאַט אַ חזקה צו



מיטגלידער פון דראַמאַטישן קרייז
מיט נאַטאַן גאָלדבערג אַלס רעזשיסאָר

שפּילן מוטער־ראָלן, שיינדל לאה דרעזנער, אסתר טשיקאַצקי. אין „פּרי־מאַדאָנע״־ראָלן רחמה בלאַט און חנה יאַקובאָוויטש. אויך האָבן מיטגע־שפּילט: פריידע נאַפּאַרסטעק, חיה און הינדע רויזע יאַקובאָוויטש. יומקע לייב האָט שטענדיק געשפּילט קינדער־ראָלן מיט גרויסן דערפאָלג. סופלער איז געווען דער לאָמער איטשע לייב, וואָס האָט זיך געפילט אין סופלער־קאַסטן ווי ביי זיך אין דער היים. לאַנג איז געוואָרן געגרייט אַן אויפפירונג. פּלאַקאַטן אין גאַס (געמאַכט פון היימישע „קינסטלער״) פלעגן אָנזאָגן די קומענדע פאָרשטעלונג. יעדע פאָרשטעלונג איז אויסגעקוקט געוואָרן פון שטעטל. וואָכנלאַנג שפּעטער איז יעדע פאָרשטעלונג געווען די טעמע פון אַלע שמועסן. דאָ האָבן זיך געשאַפן „גאַסן־קריטיקער״, געלויבט אָדער אַראָפּגעריסן. ניש איין אַקטיאָר איז באַטיטלט געוואָרן „דראָנג״. די היים

פון די אַקטיאָרן איז געווען ביי דער שווארצער רחל. דאָ האָט מען עפּעס געכאַפּט אין מויל אריין און אויך געשפּילט אַ קערטל. דער רעפּערטואַר איז אין גרעסטן טייל געווען אַן אַלטער, הויפּטזעכלעך פּיעסן פון יעקב גאָרדין.

אין מאַרק האָט זיך געפונען די „סטראַזשאַצקע שאַפּע״. אונטן האָבן די פייערלעשער געהאַט זייערע מכשירים און אויבן איז געווען אַ זאַל מיט אַ סצענע און גאַליארקע. דאָ האָט מען געשפּילט טעאַטער. פון איין זייט זענען די פענצטער אַרויס אין גאַס אריין און פון דער צווייטער זייט אין סאַד פון פוילישן גלח. פון ביידע זייטן סצענע זענען געווען אָפּגעטיילט שטיקלעך פּלאַץ, וואָס האָט געדינט אַלס גאַרדעראָבע־צימערן פאַר די אַקטיאָרן. אַ גענויע אויג האָט געקאָנט זען פון דער גאַס



אַ סצענע פון אַ פאָרשטעלונג אויסגעפירט דורכן דראַמאַטישן קרייז

ווי עס טוען זיך איבער די אַקטיאָרן. דאָס אויפציען פון פאָרהאַנג האָט נישט געהערט צו די גרינגע זאַכן. נישט איינמאָל האָט זיך דער פאָרהאַנג פאַרהאַלטן אינמיטן ציען און דער אַנסאַמבל איז געבליבן שטיין

ווי פאַרלוירן. דעקאָראַציעס זענען געווען שטענדיק די זעלבע, נאָר יעדעס מאָל האָט מען זיי איבערגעקערט אויף דער אנדערער זייט. אן איבערראַשונג אין שטעטל איז געווען די אויפפירונג פון ש. אנסקים „דבוק" — רעזשי־סירט פון י. ל. גאָלדשטיין. די פאָרשטעלונג האָט אַזוי שטאַרק אויסגע־נומען, אַז מען האָט זי געמוזט איבערחזרן, און דאָס איז שוין אַליין געווען אַ זעלטנקייט.

טייל „אַקטיאָרן" זענען זיך צעפאָרן איבער דער וועלט. אייניקע האָבן חתונה געהאַט און די טרופּע איז זיך צעפאַלן. נייע כוחות פון דער אונטערוואַקסנדער יוגנט האָבן געשאַפן אַ דראַמאַטישן קרייז ביי דער יידיש - וועלטלעכער שול. דאָס זענען געווען: עמנואל יאָאַב, שלמה זלמן קריזמאַן, זאַנוול לוש־טשאַנאָווסקי, עזריאל ליפּינסקי (אַלע אומגעקומען אין איצטיקן קריג), משה לייב פּריימאַן, הערש אביגדור זילבערשטיין און דער שרייבער פון די שורות (די לעצ־טע דריי געפינען זיך אין אַרגענ־טינע). פרויען: שרה רבקה זשיט־ניצקי, פּראַדל נאָוואַק, חוה קריז־מאַן (אַלע דריי אומגעקומען). פּריי־מעט לייב און אסתר עקשטיין (איצט אין אַרגענטינע). עס זענען אויפגע־פירט געוואָרן ז. ליבינס „געבראָכענע הערצער". דער „בטלן" א"אַ. אַ ניי קאַפּיטל הויבט זיך אָן, ווען אין שטעטל איז געקומען צו פאָרן די לערערין פון ווילנע רבקה קאַנסקאַ, אַ יונגע, נאָר וואָס געענדיקט דעם לערער־סעמי־נאַר און אויך אַ באַגאַבטע רעוויו־אַקטריסע. זי האָט זיך לאַנג נישט געלאָזט בעטן און איבערגענומען די קרייז־אָנפירונג, נעמענדיק גרייטן די ערשטע פאָרשטעלונג מיט אַ רעפּערטואַר, גענומען פון לאַדזשער רעוויו־טעאַטער „אררט". זי אַליין האָט אויך אָנטייל גענומען. נאָך יעדן נומער געזאַנג האָט דער זאַל געשטורעמט. די קאַנסקאַ איז געווען אַ בילד־שיינהייט מיט אַ פּאָר שוואַרץ־ברענענדיקע אויגן און אַ שיינע פיגור. אַז זי איז דער־שינען אין מענער־קליידער, און געזונגען „דאָס גנבל" האָט דער זאַל געהויבן זיך ממש פון די ערטער און זי נישט אַראָפּגעלאָזט פון דער בינע.



דאָס ווינקל, וווּ עס געפינט זיך דער פייערלעשער־זאַל

דאָס איז געוואָרן אזא שלאַגער, וואָס זי האָט געמוזט ביסירן בעת יעדער פאָרשטעלונג. יעדע רעווי־פאָרשטעלונג איז געשפּילט געוואָרן ביי א פול געפּאַקטן זאַל. די לידער זענען געוואָרן שטאָט־שלאַגערן.

אויך אין די אַרומיקע שטעטלעך ווי סטערצעוו, סילעוו פלעגט דער לאָזיקער דראַמאַטישער קרייז אויפטרעטן און אומעטום געהאַט דערפאָלג. אויסער דעם שטאָטישן אָרקעסטער, וואָס פלעגט באַגלייטן די אַלע געזאַנג־נומערן האָט אויך אָנטיילגענומען א יונגער פידלער בינעם געלבאַרד. עס פלעגן אויך קומען טרו־פּעס פון לאָדזש און סילעוו שפּילן טעאַטער. ווען עס הויבן זיך אָבער אָן באַווייזן „סטאַרן" מיט נעמען פון דער גרויסער שטאָט — דאַן האָבן די אַלע דראַמאַטישע קרייזן געמוזט אוועק אין שאָטן.


רבקה קאנסקא

לידיא פּאָטאָצקאַ קומט אייניקע מאָל אין שטעטל מיט א גוטן אַנסאַמ־בל. זייער אָפט זענען געקומען י. טורקאָוו און דיאַנאַ בלומענפעלד. זיי זענען יעדעס מאָל געווען צופרידן פון דער האַרציקער אויפנאַמע און צוגע־זאָגט בקרוב ווידער אַמאָל צו קומען. אידאַ קאַמינסקאַ, קלאַראַ סעגאַלאָ־וויטש און קליינלערער האָבן דאָ אין א פּראָסטן מיטוואָך געשפּילט „מיר פרויען" ביי אַן איבערפולטן זאַל. יעקב וויסליץ, מיט א טייל פון דער „ווילנער טרופּע" האָבן אויסגענומען מיט „קידוש־השם". דאָס זעלבע י. קאַמען מיט א טרופּע האָט דאָ געשפּילט אַנ־סקים „טאָג און נאַכט", „דער זינגער פון זיין טרויער" א"א. גרוים דער־פאָלג האָט דאָ געהאַט סאַמבערג. אָפטע געסט זענען דאָ געווען מיט רעצי־טאַציע־אָוונטן א. וואָלפשטאַט און י. וויסליץ. אויך לאָלאַ פאָלמאַן האָט דאָ געגעבן געזאַנג־קאָנצערטן. דער לאָדזשער „אררט" איז פון שטעטל אוועקגעפאָרן שטאַרק אומצופרידן. אינמיטן שפּילן האָט זיך געהערט א פייפעריי, טייל וואָס האָבן געזען דעם פּראָגראַם אין לאָדזש האָבן גע־

שריגן „אז זיי נעמען דאָס שטעטל אויפן זיכער”. נישט געווען קיין דע־קאָראַציעס, ס'האָט געפעלט אַ טייל פון אַנסאַמבל.

אוקראַאינישע טרופּעס פלעגן דאָ שפּילן צען צוועלף טעג אָן איבער־רייס, און הויפּטזעכלעך פּאַר אַ יידישן עולם. מיט פיל ווארעמקייט איז אויפגענומען געוואָרן יעדע טעאַטער טרופּע. האָבן זיך יידישע אַקטיאָרן באַוויזן אין גאַס, זענען אַלעמענס בליקן געווען געווענדט אין זייער זייט. זייער אַפּפּאָר פון שטעטל האָט זיך אַלעמאָל פאַרוואַנדלט אין אַ דעמאָנ־סטראַציע.

יידיש טעאַטער איז אין שטעטל געווען אויף אַזוי ווייט באַליבט, אַז אַפילו די רעליגיעזע פּועלי אמוני ישראל האָבן נישט געקאָנט בייַ־שטיין דעם נסיון און אויך דערמיט „אונטערגעזינדיקט”. זיי האָבן אויפ־געפירט „מכירת יוסף”. די פּרויען־ראָלן זענען געשפּילט געוואָרן דורך מענער פאַרשטעלטע אַלס פרויען, און דאָס האָט אַריינגעבראַכט אַ סך הייטערקייט אין שטעטל.

**
*

אָפּגעבערנט איז געוואָרן דער אַלטער מאַרק.

די פּאַביאַניצער גאַס מיט די אַרומיקע געסלעך זענען חרוב און וויסט.

דעם גורל פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג האָבן געטיילט אויך אירע היימישע אַקטיאָרן, וואָס האָבן אַריינגעבראַכט אַזוי פיל פרייד און לעבן אין שטעטל.

בלויז די אַרומיקע וועלדער און בערג זענען געבליבן אומבארירט און קוקן אויף דער שטעטלדיקער פּוסטקייט.

ווען בערג און וועלדער וואָלטן געקענט רעדן, וואָלטן זיי אַ סך געקענט דערציילן וועגן דעם בעלבאַטאָווער יידישן לעבן, מיט וועלכן זיי זענען געווען געקניפּט און געבונדן.

יאָ, געווען אַמאָל אַ שטעטל...



די מקווה



דער נייער מאַרק



די בעלכאַטאָווער שול אין הינטערגרונט די תלמוד-תורה

יעקב באָטאָשאַנסקי

# י. ל. גאָלדשטיין — אַ שרייבער, וואָס האָט געוואָלט לייזן די שווערסטע פּראָבלעמען פון מענטש און ייד

(אַ רעפעראַט וועגן זיינע צוויי ווערק „צוזאַמענברוך, אָדער איבערבוי" און „1960")

## אַ היתנצלותדיקע הקדמה

אין זלמן רייזענס לעקסיקאָן זענען קיין דאַטן נישט פאַראַן וועגן דעם לעבן פון דעם שרייבער י. ל. גאָלדשטיין, דעם מחבר פון דריי געדרוקטע ביכער („צוזאַמענברוך, אָדער איבערבוי", אַ פאַנטאַסטישער ראָמאַן, „1960", אַן אוטאָפּיע און „מיטן פּנים צום שפּיגל" — דריי דרעציילונגען). מען ווייסט לערך, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין די אכציקער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, איז געווען אַ פיזיש שוואַכער און געהאַט אַ גוטן קאָפּ און ער האָט אַ סך געלערנט. ער איז געווען אַן אויטאָדידאַקט. ער האָט כמעט דאָס גאַנצע לעבן געלעבט אין בעלכאַטאָוו, איז דאָרט געווען אַ לערער און אַ בוכהענדלער. אידעאיש איז ער געווען אַ צעירי ציון און ער איז בשעת דער צווייטער עליה געפאָרן קיין ארץ־ישראל, פון וואַנען ער איז צוריקגעקומען אין אַ היפּשער מאָס אַן אנטוישטער (דאָס דאָזיקע זעט מען אויך פון זיינע ווערק), אָבער דעם פולן גלויבן אין ארץ־ישראל האָט ער דאָך נישט פאַרלוירן און ער האָט געהאַלטן, אַז ער קען געפינען דעם ריכטיקן וועג צו לייזן נישט נאָר דאָס יידישע פּראָבלעם, נאָר די גאַנצע וועלט־פראַגע. און מיט זיינע ווערק



י. ל. גאָלדשטיין

איז ער טאַקע אויסן געווען צו לייזן די הויפּט־פּראָבלעמען פון דעם מענטשן בכלל און פון דעם יידישן פאָלק בפרט. געשטאָרבן איז י. ל. גאָלדשטיין, מיינט מען, אין יאָר 1940.

פון די דריי ווערק, וואָס י. ל. גאָלדשטיין האָט געלאָזט אין בוך־פאָרם, זענען מיר פּערזענלעך באַקאַנט נאָר צוויי: „צוזאַמענברוך, אָדער איבערבוי" און „1960". „מיטן פּנים צום שפּיגל" האָב איך קיינמאָל נישט געזען און איך ווייס נישט אפילו פון וואָס פאַר אַ כאַראַקטער די דריי דערציילונגען פון אָט דעם בוך זענען און ווען זיי זענען דערשינען. מיין אַרבעט ווערט דערפאַר רעדוצירט נאָר צו צוויי רעפעראַטן וועגן די צוויי ווערק פון דעם בעלכאַטאָווער יידישן שרייבער, וואָס זענען מיר באַקאַנט. איך געפין פאַר נויטיק צו באַמערקן, אַז וועגן „צוזאַמענברוך, אָדער איבערבוי" האָב איך בשעתּה געשריבן אַן אָפּהאַנדלונג, אין וועלכער איך האָב געניצט אַ סך שאַרפערע רייד, ווי איך ניץ היינט. און זאָל מען אין דעם קיין סתּירה נישט געפינען. דעמאָלט האָב איך געשריבן וועגן אַ לעבעדיקן מענטשן, מיט וועלכן איך האָב זיך געקענט קריגן, בעת היינט שרייב איך וועגן אַ מענטשן, וואָס איז שוין נישטאָ און וועלכן מען דאַרף אויסלייזן פון דער פולער פאַרגעסנקייט.

## „צוזאַמענברוך, אָדער איבערבוי"

„פאַנטאַסטישער ראָמאַן" (אין פיר טיילן) הייסט ביים מחבר דאָס דאָזיקע ווערק, וואָס איז דערשינען אין יאָר 1934, אין פאַרלאַג „ביכער", וואַרשע. דער מחבר זאָגט אין זיין הקדמה צו אָט דעם ראָמאַן, אַז ער האָט דאָס בוך געשריבן אין שווערע, אוממענלעכע באַדינגונגען און ער

באַטראַכט דאָס נישט ווי קיין פולקומען ווערק, נאָר ווי אַ „שקיץ" (סקיץ) צו אַ בוך, וואָס דאַרף געשריבן ווערן. ער האַלט, אַז מיר לעבן אין אַזאַ תקופה, אין וועלכער יעדער, וואָס האָט די קלענסטע מעגלעכקייט, דאַרף אַרויסזאָגן זיין וואָרט און נישט וואַרטן אויף קיין באַרימטע פּערזענ־לעכקייטן, ווייל „דער שטורעם צעברעכט די געוועגלעכע ביימער פריער, איידער ער צעברעכט די טאָפּאָליען און צעדערן און אַ סך סימנים ווייזן, אַז דער שטורעם איז נאָענט".

לויט אָט דעם געזאָגטן, איז דער מחבר אויסן געווען נישט אַזוי צו שאַפן אַ ווערק, ווי צו זאָגן זיין וואָרט. און ער בעט טאַקע דעם לייענער, אַז ווען ער וועט ענדיקן לייענען דאָס בוך, זאָל ער „אויסשטרעקן די האַנט און העלפן פאַרווירקלעכן" (ער זאָגט נישט וואָס פאַרווירקלעכן, אָבער מיר פאַרשטייען, אַז ער מיינט דעם אידעאַל פון איבערבוי, וואָס ער פּרעדיקט). דאָס דאָזיקע ווערק פאַרנעמט צוויי גרויסע בענד, איינס פון 565 און איינס פון 657 זייטן; און כאָטש אין יידע בענד זענען פאַראַן אַ סך דיסקוסיעס, ווערט אָבער דער עצם געדאַנק אַרויסגעבראַכט קוים אויף אַ פּאָר צענדליק זייטן און דער רוב פון די אַריבער צוועלף הונדערט זייטן איז געווידמעט דער האַנדלונג און די שילדערונגען פון די העלדן. אויב דער עיקר איז ביים שרייבער געווען דער געדאַנק, האָט ער דאָך געקענט מקצר זיין דעם בעלעטריסטישן טייל און מאריך זיין דעם אידעאישן. דאַרף מען דענקען, אַז כאָטש י. ל. גאָלדשטיין האָט זיך מיט זיין שרייבן געשטעלט אידעאישע צילן, איז ער אָבער בעיקר געווען אַ בעלעטריסט.

עס מוז דאָ ביים אָנהויב געזאָגט ווערן, אַז אין דער האַנדלונג איז דער ראָמאַן נישט פאַנטאַסטיש, נאָר דורכאויס רעאַל. ערשט ביים סאַמע סוף פון ווערק ווערט געשילדערט עפּעס אַזוינס, וואָס איז אין לעבן נישט פאָרגעקומען און דער מחבר האָט דאָס געזען אין זיין פאַנטאַזיע און נעמלעך: ווען מען האָט גערופן די פעלקער צום צווייטן וועלט־קריג, האָבן זיי נישט געוואָלט גיין און זיי זענען נאָכגעגאַנגען דעם רוף פון פרידן. דאָס דאָזיקע האָט געשריבן דער מחבר פינף יאָר איידער דער דערמאָנטער קריג האָט אויסגעבראָכן און דאָס איז געווען זיין אוטאָפּיע (אָדער פאַנטאַזיע), וואָס איז לײדער נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן.

פאַנטאַסטיש איז טאַקע נאָר דער שלום, אָבער די גאַנצע געשיכטע איז ווי אַ מעשה נוראָ און עס מאַכט דעם איינדרוק, אַז דער עיקר פון

אינהאַלט איז אַרויסגענומען פון אַן אַלטן ספר, אָדער פון אַ פאָלקס־געשיכטע.

עס קומט פאַר אין שטעטל סטאַוועק. אַ יידישער קרעמער לייט געלט ביי אַ קריסטלעכן פויער און ווייל ער געפינט זיך אין אַ שווערער פינאַנ־ציעלער לאַגע, פאַרלייקנט ער טיילווייז זיין שולד. דער פויער קומט זיך קלאָגן צום „קסיאָנדז" און דער קריסטלעכער פאַסטוך גייט זיך דורכטענהן מיט דעם פאַסטוך פון דער יידישער עדה. ביידע פאַסטוכער זענען אויסער־געוועגלעכע מענטשן, דער קריסטלעכער גלח, לעאָ יאַנסאָן, איז אַ געביל־דעטער און טאָלעראַנטער און ער האָט אפילו נייגונגען צו אפיקורסות. דער רב ר' תנחום צמח איז אַ גרויסער למדן און ער רעדט אויך אַ גלענצנדיקן פויליש און ער איז אַ מזג טוב און ער איז קלוג און מיט אַלע מעלות.

דער רב איז שוין אַן עלטערער מאַן און ער האָט אַ טאָכטער פון צוואַנציק יאָר, אויף וועלכער ער האָט אכט יאָר געבעטן ביי גאָט, ביז ער האָט זי אויסגעבעטן. די דאָזיקע טאָכטער, וואָס הייסט ברכהלע, איז שיין און קלוג און האָט נישט ווייניקער מעלות ווי דער פאָטער. און דער גלח איז נאָך אויך אַ יונגער און צו אַלע זיינע אויסגערעכנטע מעלות איז ער אַ שיינער. און עס צעפלאַקערט זיך אַ ליבע צווישן אָט די צוויי יונגע מענטשן, וואָס ברענגט אַ סך אומגליק און מאַכט שיר־נישט חרוב גאַנץ סטאַוועק.

דער רב גיט זיך די ערשטע צייט נישט קיין חשבון וועגן דעם, וואָס עס קומט פאַר און ער האַלט אָן די בעסטע פריינטשאַפט מיט דעם קסיאָנדז און די טריפהנע ליבע צעפלאַקערט זיך וואָס אַמאָל שטאַרקער און שטאַרקער. פונקען ווערן פאַרוואַנדלט אין פלאַמען. פידל און קלאַוויר (דער גלח שפילט ביידע) און לבנה און שטערן און פוילישע פאָעזיע און וועלט־פאָעזיע באַגלייטן די דאָזיקע ליבע, וואָס וועט סוף כל סוף אויפ־הערן ברענגען פרייד און גליק און וועט ברענגען נאָר טרויער און אומ־גליק.

ברכהלע שטייט שוין אין שידוכים; די ערשטע צייט געפינט זי מיטלען ווי אַזוי צו אָפּשטויסן אַלערליי חתנים־קאַנדידאַטן דורך פאַרשי־דענע תירוצים. ווער עס איז אַ שוטה און ווער עס געפעלט איר גלאַט נישט. אייניקע מאָל קומט שוין צו אומאַנגעמלעכקייטן, ווייל עס האַלט

שוין דערביי, אַז די מחותנים מיט דעם חתן זאָלן קומען און עס ווערט אָפּגעלייגט.

און סוף כל סוף העלפט נישט און די רבנישע טאָכטער מוז אַ כלה ווערן. און מען פּראַוועט תנאים און זי פאַרשווינדט פון דער שמחה און ראַנגלט זיך מיט זיך אַליין און קומט צוריק און ערשט דערנאָך אַנטלויפט זי מיט איר געליבטן.

דער גלח מיט דעם רבס טאָכטער פאָרן קיין אַמעריקע דורך רומע־ניע. זיי געפינען זיך אין דער דאָרטיקער פּאָרט־שטאָט קאָנסטאַנצאַ, ווו זיי לעבן ביידע איבער חבוט הקבר. זי האָט געוווּסט, אַז איר אַוועקגיין פון פאָטערס הויז באַדייט אַריינברענגען דעם מלאך המות אַהין, ווייל דאָרט הערשט סאַמע „טרוקענער דין, אָן פּשרה, אָן לאָגיק, אָן בויגונג". זי איז איין מאָל אַוועק פון הויז אויף דריי טעג, האָט זי ביים צוריק־קומען געטראָפן אַן אַנדער טאַטן, אַ גרויערן, אַ דערשראָקענעם. ער האָט אויף איר געקוקט מיט אַזעלכע אויגן, ווי איינער, וועלכער שטייט ביי אַ שריפה און זעט ווי אַלץ ביי אים ווערט חרוב. דער פאָטער האָט געאיילט מיט דעם חתונה מאַכן די טאָכטער, ווייל ער האָט זי דערמיט געוואָלט ראַטעווען פון גלחס הענט און ער האָט דערנענטערט איר אַנט־לויפן. און אויך דער יונגער קסיאָנדז האָט געליטן דערפון, וואָס ער האָט פאַרשאַפט אַזוי פיל ווייטיק זיין פריינט, דעם רב. זיי האָבן זיך געפילט ווי צוויי פאַרברעכער, וואָס זענען באַגאַנגען אַ מאָרד און וועמען דאָס געוויסן הערט נישט אויף צו פּלאָגן. זיי האָבן זיך געוואָלט טרייסטן דערמיט, וואָס זיי האָבן זיך גענומען איינרעדן, אַז זיי האָבן געבראַכט די צוויי קרבנות — איר טאַטן און מאַמען — פאַר דער גרויסער אידעע פון פרייהייט און ליבע פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. זיי האָבן באַשלאָסן צו באַקעמפן דעם קאַפּיטאַליזם און די פאַלשע אמונות און זיי האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס וועט זיין לייכט צו דערגרייכן. זיי האָבן אַזש נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס דאָס דאָזיקע איז נישט דורכגעפירט ביז איצטער. ווען נישט דער גלויבן אין דער פאַרווירקלעכונג פון זייער נייער רעליגיע, וואָלטן זיי געוועזן צוזאַמענגעבראָכן אונטער דער לאַסט פון זייערע ליידן. זיי האָבן זיך אונטערגענומען שאַפן אַ באַוועגונג פאַר זייער גלויבן און זיי האָבן געוווּסט, אַז זיי דאַרפן ווענן דעם אָנשרייבן אַ גרינטלעך ווערק, אָבער זיי האָבן באַשלאָסן דערווייל אָנשרייבן אַ „שקיץ" און דאָס אַי־בערגעבן אַ ליטעראַרישער אויטאָריטעט און זיי זענען אין דער זעלביקער

צייט אָנגעגאַנגען מיט דער מינדלעכער פּראָפּאַגאַנדע. זייער ווערק האָבן זיי געזאָלט אַ נאָמען געבן „אַרויס פון גיהנום" און זיי האָבן באַשלאָסן דעם צו געבן דעם נאָמען פון איר טאַטנס ספר — „דער אייביקער שבת".

די אַרבעט אַרום דעם ווערק האָט זיי געגעבן טרייסט, זיי האָבן געגליט ווי קליינע קינדער פּאַרטיק צו מאַכן זייער חיבור. אָבער די אַרבעט האָט זיך פאַרשלעפּט צוליב אַ סך סיבות און אויך צוליב דעם, וואָס ס'איז געקומען אַ קינד. דאָס קינד האָט זיי געבראַכט אַ טרייסט פון אַן אַנדער מין. איידער דאָס קינד איז געקומען, פלעג ער מורא האָבן זי צו לאָזן אין שטוב אַליין. אים האָט זיך רק געדאַכט, אַז זי וועט באַגיין זעלבסטמאָרד. איצטער האָט ער פאַר דעם שוין מער נישט מורא געהאַט. און זי איז טאַקע געוואָרן אַנדערש. כאָטש זי איז געווען קראַנק און געבראָכן האָט זי אַמאָל אַ שמייכל געטאָן. דאָס קינד איז פאַר זיי אין אַ גרויסער מאָס געוואָרן — „דער אייביקער שבת".

ביים אַרויסגעבן זייער ווערק האָבן זיי אָנגעטראָפן אויף שוועריקייטן. דער פאַרלאַג, וועמען זיי האָבן דאָס פאַרגעלייגט, האָט געענטפערט, אַז ער גיט נישט אַרויס קיין אומלעגאַלע ווערק. מען האָט חוזק געמאַכט פון זייערע געדאַנקען און געהייסן זיין פּאַרזיכטיק, נישט אַריינצופאַלן אין דער רומענישער תפיסה. זיי האָבן באַשלאָסן דאָס בוך אַרויסצוגעבן אויף אייגענער רעכענונג און די רעגירונג האָט דאָס ווערק קאָנפיסקירט, ווען עס איז געווען אין זאַץ און עס איז נישט גרינג אָנגעקומען און עס האָט נישט ביליק געקאָסט מען זאָל זיי נישט אַרעסטירן.

און אָט דעמאָלט האָט ברכהלע גענומען ריידן וועגן צוריקפאָרן קיין פּוילן. זי איז געווען זיכער, אַז זיי זענען ביידע פאַר דער צייט אַזוי פאַרענדערט געוואָרן, אַז מען וועט זיי נישט דערקענען, זי הייסט מאַריאַנאַ און ער קאָנסטאַנטין בינקע און זיי האָבן פּאַפּירן מיט אָט די נעמען און ס'איז נישט פאַראַן קיין סכנה. ער האָט געגלויבט, אַז אין פּוילן וואָלט זיי גרינגער אָנגעקומען צו אַרויסגעבן זייער בוך און פאַרווירקלעכן זייער אידעע. אָבער ער האָט נישט געוואָלט זי זאָל זיין נאָענט פון סטאַוועק. צוליב דעם בוך האָבן זיי געדאַרפט פאָרן, צוליב דעם קינד האָבן זיי נישט געטאָרט פאָרן. איר האָט דאָס האַרץ געשראָקן פאַר דעם, וואָס ס'איז געשען אין דער היים ביי איר. ער האָט אויך געטראַכט, אַז ער האָט אָפּגעטאָן „אַ בלוטיק שטיקל אַרבעט".

און קיין טעות האָבן זיי נישט געמאַכט. די מוטער איז באַלד פּאַ־ראַליזירט געוואָרן און זי איז געשטאָרבן, ווי דער פּאָטער האָט געזאָגט, מיט אַ פאַרקרומט מויל; דער פּאָטער אַליין איז אַריינגעפאַלן אין מרה שחורה און אין אַזאַ שטורמיש־פאַרצווייפלטן טרויער, וואָס האָט געגרע־נעצט מיט משוגעת. דער אַלטער רב האָט געזען אַלערליי האַלוצינאַציעס. ער האָט געזונגען שירה אינאיינעם מיט די גלגלים און ער האָט געזען ווי זיין פרוי, די מוטער פון דער זינדיקער טאָכטער, ראַנגלט זיך אין די נעגל פון די מלאכי חבלה און דער ס"ם הערשט איבער איר. ער שרייט אויס:

עפנט זיך אויף, טויערן פון גיהנום, אייער פייער וועט קיינמאָל נישט ווערן פאַרלאָשן!

די איינציקע תרופה וואָלט געווען, ווען די טאָכטער וואָלט גע־שטאָרבן... ער האָט געזען אַזעלכע בילדער, אַז ער האָט געמוזט פלאָנ־טערן מיט די רייד און אין שטעטל האָט מען געוווּסט, אַז דער רב איז „געריהט". אַלע תלמידים און פריינט, וואָס זענען געקומען טרייסטן דעם רב און דער קאָמיטעט, וואָס האָט זיך אונטערגענומען אים צו באַוואַכן, און אים צו באַשפּייזן, זענען מיד געוואָרן. דער רב איז געווען פאַרלאָזן פון אַלע, אויסער פון זיין איינציקן געטרייען תלמוד מובהק אריה מאיר יאַקובאָווסקי. ווען ער פלעגט זיך שטאַרק צעוויינען, פלעגט דער רב עפּעס עסן.

און די טאָכטער מיטן איידעם זענען צוריקגעקומען קיין פּוילן און זיך באַזעצט אין לאָדזש. קיין סטאַוועק איז לעאָ אַליין געפאָרן. ברכה איז נישט בכוח געווען צו מאַכן די ראַזיקע רייזע. און דער געוועזענער גלח האָט געזען, אַז די מוטער איז טויט און דער רב איז נישט ביי די גע־דאַנקען און ער איז צוריקגעפאָרן צו זיין ווייב און איר מודה געווען, אַז זי האָט שוין נישט צו וועמען צו פאָרן. ער האָט איר נישט געזאָגט, אַז דער פּאָטער איז געריהט, ער האָט איר דערציילט, אַז די עלטערן זענען שוין ביידע נישטאָ.

זיי האָבן שוין געמאַכט אַ פּלאַן צוריק צו פאָרן קיין רומעניע, אָבער צוליב דעם ווערק זענען זיי נאָך געבליבן אַ פּאָר וואָכן. ברכה האָט איין מאָל דערזען אין לאָדזש איר טאַטנס געטרייסטן פריינט יאַקובאָווסקין און זי האָט זיך געלאָזט צו אים און געחלשט. זי האָט געמיינט, אַז ער

האָט זי נישט געזען. זי איז אפילו נישט געווען זיכער, צי זי האָט אים געזען אין דער ווירקלעכקייט. אָבער ער האָט זי יאָ געזען און וועגן דעם דערציילט דעם רב.

און ווען לעאָ און ברכה האָבן אַרויסגעגעבן דאָס בוך, איז לעאָ דער ערשטער געפאָרן און ברכה האָט אים געדאַרפט נאָכפאָרן. איין מאָל האָט ער איבערגעקלערט, אַז יאַקובאָווסקי האָט דערציילט דעם רב, אַז זיין טאָכטער איז אין לאָדזש און ער האָט זיך דערפאַר דערשראָקן און זיך אומגעקערט, אָבער ווען ער האָט זיך איבערצייגט, אַז ס'איז גאָרנישט געשען, איז ער ווידער געפאָרן. אויף דעם וועג האָט מען אים אַרעסטירט. ער האָט, ווערנדיק צוריקגעשיקט, פאַרלוירן דעם געדאַנק און ער האָט נישט געוווסט ווו ער איז אין דער וועלט. ער האָט זיך געפילט שולדיק קעגן זיין פרוי און קינד און ער האָט דער דאָקטערשע אין שפּיטאָל געזאָגט: „מאַדאַם, ס'קינד אויך דערהרגעט". און מען האָט אָנגענומען, אַז ער האָט טאַקע דערהרגעט זיין ווייב און זיין קינד און מען האָט אים אַריינגעזעצט אין תּפיסה.

און דער אַלטער רב איז געפאָרן קיין לאָדזש און געקומען צו זיין טאָכטער און גערעדט צו איר די האַרבסטע רייד פון דין און שטראָף. די באַגעגעניש צווישן ביידע איז געווען אַ קאָשמאַרע. ביידע האָבן זיך קוים דערקענט, אַזוי פאַרעלטערט און פאַרענדערט זענען זיי געווען. און די טאָכטער האָט געחלשט און איז געשטאָרבן. פריער האָט ער געשריען צו דער טאָכטער, אַז זי איז חייב מיתה, איצטער האָט ער זי געוואָלט מחייה מתים זיין. וויינענדיק אויף דעם טויט פון דער טאָכטער, איז דעם רבס בליק געפאַלן אויף דעם קינד און ביי אים איז געבוירן געוואָרן דער משוגענער געדאַנק דאָס צו פאַרטיליקן. אָבער ער האָט זיך באַ־הערשט און דערפילט, אַז „נישט די זינדיקע, נאָר די זינד דאַרף מען פאַרטיליקן" און אים איז אָנגעקומען אַ שטורמישער פאַרלאַנג צו ראַטע־ווען דאָס קינד און דאָס מל זיין און מאַכן פאַר אַ יידן און ער כאַפּט דאָס און אַנטלויפט מיט דעם און ער פירט דורך אַ קאָנספּיראַטיווו שטיקל אַרבעט מיט זעלטענעם אימפּעט און ער גיט איבער דאָס קינד דעם געטרייען פריינט זיינעם, יאַקובאָווסקין, אינאיינעם מיט דעם נדן, וואָס ער האָט געהאַט צוגעגרייט פאַר דער טאָכטער און ווען ער גייט צוריק צו זיך, זעט ער די מוראַדיקסטע האַלוצינאַציעס און ווען ער קומט אַביסל צו זיך, זאָגט ער צו דער טאָכטער:

— קינד מיינס, אויף דער וועלט האָב איך דעם חשבון אויסגע־גלייכט, איצטער קום איך דאָרט אהין „דיר צו העלפן".

אין שטוב ביי זיך פאַרלירט ער ווידער די געדאַנקען און ווען א סטראַזשניק קומט אים אויספאַרשן, קען ער ביי אים גאָרנישט דערגיין און אין שטאָט מיינט מען, אַז דער גלח האָט טאַקע אומגעבראַכט די פרוי מיט דעם קינד. און דעם אַלטן רב מיט די נישט־קלאָרע געדאַנקען האָט זיך פאַרוואָלט דווקא צו זיין אינאיינעם מיט זיין טאָכטער און אַן איינציקער וועג דערפאַר איז פאַר אים געווען: באַגיין זעלבסטמאָרד, ווייל המאבד את עצמו לדעת האָט, לויט דעם יידישן דין, נישט קיין חלק לעולם הבא און מען וועט אים שיקן אין גיהנום אריין און ער האָט באַלד גענומען וואַרפן זיינע ספרים אויף דער ערד. אויך זיין חיבור „יום שכולו שבת" האָט ער אַראָפּגעוואָרפן און דעם גאַנצן הויפן ספרים האָט ער באַגאָסן מיט נאַפט. און אינאיינעם מיט א ספר־תורה און מיט דעם לאָמפּ פון טיש, וועלכן ער פאַרלעשט און פון וועלכן ער נעמט אַראָפּ דאָס גלעזל, וואַרפט ער זיך אויף דעם „פרייווויליקן שייטער־הויפן" און ער הערט נישט אויף זאָגן: „אַזוי האַנדלט א טאַטע, א פּשוטער מענטש"...

אין שטוב איז פינצטער און ער זעט פאַר זיך די טאָכטער, ווי א טויטע, פייערדיקע טויב. ער געפינט א שטיק ליכט, צינדט דאָס אָן, ווייל דאָס אוועקשטעלן צווישן די ספרים, אָבער עס וויל נישט שטיין, לייגט ער דאָס אוועק אויף די מיט נאַפט באַגאָסענע ספרים, עס פאַלן אַראָפּ א פּאָר טראָפּן, עס האָט לאַנג געדויערט, דער באַרג האָט זיך נישט אָנגעצונדן. דער פלאַם לעקט דעם נאַפט און שפּרינגט אָפּ. ער פרעגט זיך: אפשר טוט ער שלעכט? אפשר זאָל ער אַראָפּגיין פון די ספרים און צונעמען דאָס ליכט? ער האָט געקלערט זאָגן ווידוי. אָבער ווי נאָך א לאַנגן ישוב הדעת האָט דער גאַנצער באַרג אויפגעפלאַמט. א שווידערלעך ברענען האָט אָנגעכאַפּט זיין האַנט און ער האָט אַראָפּגעלאָזט די ספר־תורה און אויפ־געהויבן די הענט. עס האָט אים גענומען ברענען דער רוקן... און אַזוי איז ער אומגעקומען אין די פלאַמען. עס איז פון אים געבליבן א שוואַרצע מאַסע, אָן קיין שום פאָרם פון א מענטשן. אַלע ספרים זענען פאַרברענט געוואָרן, עס האָבן זיך אָנגעכאַפּט די הייזער פון אַרום. א צווילינג פון צוויי יאָר איז פאַרברענט געוואָרן און די מאַמע איז אַראָפּ פון זינען. עס איז פאַרברענט געוואָרן די שול, דער קאַשציאָל, דער גאַנצער מאַרק, ס'רוב גאַסן. סטאַוועק איז אַוועק מיט דעם רויך.

און אָט אזא פייער האָט אָנגעאַרבעט די ליבע צווישן גלח און רבס טאָכטער. דעם גלח האָט מען ציניש אויסגעפּרעגט ביים געריכט און זייענדיק זיכער, אַז ער האָט אומגעבראַכט זיין ווייב און זיין קינד, האָט מען אים פאַרמישפּטעט אויף אייביקער תפיסה.

דערמיט ענדיקט זיך דער ערשטער באַנד מיט די צוויי טיילן. אין צווייטן באַנד גייט דורך דאָס לעבן פון דעם זון פון דער טריפהנער ליבע, וועלכן מען רופט תנחום נאָך דעם יידן און מייראַנץ אויף דעם נאָמען פון דעם יידן, וואָס האָט אים אַדאָפּטירט. תנחום דער צווייטער ווערט געשילדערט ווי אַ קינד מיט אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן און מיט משונהדיקע נייגונגען. ער פאַרהאַלט זיך גוט אויך מיט די גויאישע קינ־דער און ער האָט אַ נייגונג צו מיסטיק. ביז דעם עלטער פון פיר יאָר איז ער געווען איז הויז פון אַ יידן מיטן נאָמען ברוך מייראַנץ, דערנאָך האָט אים יאַקובאָווסקי גענומען צו זיך און אים געכאָוועט אינאיינעם מיט זיין יינגעלע גבריאל, וועלכער איז געווען עלטער פון רבס אייניקל מיט אַ פּאָר חדשים און מיט זיין מיידעלע חווטשע, וועלכע איז אַלט געווען אַ יאָר זעקס.

יאַקובאָווסקים פרוי האָט זיך באַהערשט מיט אַלע כוחות נישט צו האָבן קיין בייזע באַציאונג צו דעם „ממזר" און זי האָט זיך פאַרגע־שטעלט איר גבריאלן ווי אַ יתום, אָבער די בייזקייט האָט זיך אַרויס־געכאַפּט. און דאָס דאַזיקע האָט זיך וואַרשיינלעך אויך אָפּגערופן אויף דעם כאַראַקטער פון דעם יינגל, וועלכער האָט זיך דווקא שטאַרק געחברט מיט גבריאלן און וועלכן ער האָט געמאַכט פאַר אַ שותף צו זיינע אויס־טערלישקייטן. תנחום האָט נישט געוואָלט עסן קיין פליייש, האָט גבריאל אויך נישט געגעסן און ווען תנחום האָט אַוועקגעטראָגן די הון, וואָס מען האָט געדאַרפט קוילען אין וואַלד אַריין, האָט גבריאל גענומען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט און ער האָט באַקומען די שטראָף.

תנחום האָט געהאַט אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן און ער איז גע־וואַקסן אַ למדן און אַ בעל מקובל. גבריאל האָט אים אָפּט מקנא געווען און געוואָלט נאָכהאַלטן. גבריאל איז קראַנק געוואָרן און מען האָט אויף אים אויסגעגעבן אַלץ, וואָס ס'איז געווען אין שטוב. און יאַקובאָווסקי האָט באַשלאָסן צו בעטן דערלויבעניש ביי תנחומען צו נעמען זיין געלט צו ראַטעווען גבריאלן, אָבער פון וואַנען ער האָט דאָס געלט און ווו ער האָט דאָס גענומען, האָט ער אים נישט אויסגעזאָגט. תנחומען האָט אַזוי

פאַרדראָסן למאי מען פרעגט ביי אים דערלויבעניש, אז ער האָט באַשלאָסן, אַז ווען גבריאל וועט געזונט ווערן, וועט ער פאַרלאָזן דאָס הויז. אָבער גבריאל איז נישט געוואָרן געזונט. מען האָט אים פריער אָפּגעשניטן איין פוס, דערנאָך אַ צווייטן. ראַטשקעענדיק זיך אויף דער ערד, האָט ער דערקלערט זיין חבר, אַז ער גלייבט נישט אין גאָט... און אַ נישט גלויבנדיקער אין גרויסע יסורים, איז ער געשטאָרבן.

עס האָט שוין געהאַט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. תנחומס הייליקע געביידע, זיין גלויבן, האָט זיך גענומען וואַקלען. ער האָט נישט געקענט פאַרגעסן די ווערטער, וואָס גבריאל האָט אים געזאָגט: „דו, אַ בשר ודם, ביסט זיך פאַר מיר מקריב, און גאָט, דער רחום וחנון, פייניקט"... און די מלחמה האָט געגרייכט ביז סטאַוועק, אונדזער העלד האָט זיך געפונען צווישן די פיינטלעכע חיילות, וואָס האָבן פאַרוואַנדלט דעם וועג אין אַ בלוטיק שעכטהויז און אים האָט אַ קול גערופן: „גיי, גיי, דערלאָז נישט די ווייטערדיקע שחיטה, גיי, גיי, זאָלן זיי זיך אויפהערן שעכטן"... און אָט אין יענער צייט, ווען דער אַלטער יאַקובאָווסקי פילט, אַז ער וועט אומגעבראַכט ווערן, זאָגט ער אויס תנחומען פון וואַנען ער שטאַמט. ער האָט מורא, אַז ער וועט חתונה האָבן פאַר זיין טאָכטער חוהטשע און ער פאַרלאַנגט ביי אים אַ תקיעת כף, אַז ער וועט פאַר איר נישט חתונה האָבן און ער זאָגט אים דעמאָלט אויס זיין יחוס. לויט דעם אָפּמאַך מיט דעם רב האָט ער דאָס געדאַרפט טאָן, ווען ער איז געוואָרן בר־מצווה, אָבער דעמאָלט האָט ער קיין מוט נישט געהאַט דאָס צו טאָן. נאָך דעם, וואָס תנחום גיט תקיעת כף, האָט יאַקובאָווסקי חרטה און איז אים מוחל און ער בעט אים ער זאָל יאָ חתונה האָבן מיט זיין טאָכטער.

און תנחום קריגט דעמאָלט אַן אויסערגעוויינלעכן כוח און ער ראַטעוועט דורך אַ ווילדן אויסברוך פון מוט יאַקובאָווסקין מיט דער פרוי און חוהטשען. ער רעדט איין אַ דייטשן אָפיציר, אַז ער זאָל אים לאָזן פירן זיין אַרמיי־טייל צו אַ פּלאַץ, ווו עס געפינט זיך רוסיש מיליטער און יענער לאָזט זיך איבעררעדן און ער קומט אָן צו דער ריכטיקער צייט און ראַטעוועט זיי.

נאָך דער מלחמה ווערט תנחום אַ ציוניסט און ער פאָרט סוף כל סוף קיין ארץ־ישראל. חוהטשע, וואָס האָט שטענדיק געגלויבט, אַז ער וועט זיין איר מאַן, פאָרט מיט אים נישט, אָבער זי שרייבט זיך איבער

מיט אים. אין ישראל דערוואַרטן אים אַ סך אַנטוישונגען און ער ראַנגלט זיך מיט זיי. איבערהויפּט שרעקט ער זיך פאַר דעם, וואָס די יידן מוזן אַריינקומען אין לאַנד אַריין, דערוועקנדיק שינאה ביי די אַראַבער (דאָס דאָזיקע ווערט דער הויפּט־מאָטיוו פון זיין אַנטוישונג און די באַזע פון זיין ווערק „1960"). ער דערשרעקט זיך אַזוי שטאַרק פאַר דער שינאה, אַז בעת אַ דיסקוסיע אין אַ קאָלאָניע, וואָס געפינט זיך קעגן דעם באַרג תבור, נעמט ער אַ וואָרט און ער זאָגט, אַז „מיר דאַרפן אָפּשטעלן די אימיגראַציע אין לאַנד אַריין". אַלע שפּרינגען אויף און ער בעט רואיקייט. ער זאָגט: „אוקראַאינער פעלדער האָבן נאָך נישט אויסגעטרוקנט פון יידישן בלוט, אַראַבער ווילן דאָס אויך טאָן. זיי זענען מיליאָנען, מיר טויזנטער". ער האָט זיין געדאַנק אַרויסגעזאָגט אויך פאַר אַן ענגלישן מאַכטהאָבער, וואָס האָט שטילערהייט מסכים געווען מיט אים. און ער האָט אין ישראל גענומען פּרעדיקן פאַר אַ מין אָרדען, וואָס זאָל אויף זיין פאָן האָבן די דריי לאָזונגען: „אמאָר, ליברע, סציאָ (ליבע, פרייהייט, וויסן). פאַקטיש זענען דאָס די זעלביקע געדאַנקען, וואָס זיין פאָטער האָט געפּרעדיקט. ער האָט זיינע געדאַנקען אַרויסגעזאָגט אין אַ בראָשור, וואָס האָט געהייסן „צוזאַמענברוך, אָדער איבערבוי" און ער האָט פאַרלאַנגט פריער איבערבויען די פּסיכאָלאָגיע פון דעם מענטשן.

אין ארץ־ישראל האָט תנחום זיך באַפריינדעט מיט אַ יידן מיטן נאָמען עזרא קאַסמאַלאַ, וואָס איז געווען דער סאַמע היפוך פון אים. ער סאַמע גלויבן, יענער סאַמע ציניזם. ער אַ מילדער, אַ האַרמאָנישער, אַ האַרציקער, יענער — אַ ריז אַ ווילדער, אַ ברוטאַלער. ווען קאַסמאַלאַ האָט געפּרעדיקט זיין ציניזם און אומגלויבן און מען האָט אויף אים זיך געוואָרפן, האָט אים תנחום פאַרטיידיקט מיט זיין וואָרט און באַהערשט דעם עולם און זיי זענען געבליבן אויף שטענדיק פריינט. אידעאיש האָבן זיי זיך קעגנזייטיק געוואָלט אומברענגען און פערזענלעך האָבן זיי זיך געהאָלפן.

תנחום איז צוריקגעפאָרן קיין פּוילן פּרעדיקן זיינע אידעען, מיט אַ שפּעטערדיקער שיף איז אויך קאַסמאַלאַ צוריקגעפאָרן און ער האָט אים רק געוואָלט איבערצייגן, אַז אויסער געמיינקייט פאַרמאָגט דער מענטש גאָרנישט. און טראָץ זיין אייגענעם ווילן האָט קאַסמאַלאַ צונויפגעפירט זיין גלויביקן פריינט מיט זיין פאָטער, דעם געוועזענעם גלח לעאָ יאַנסאָן פון סטאַוועק.

דער געוועזענער גלח איז אָפּגעזעסן צוואַנציק יאָר אין תפיסה און אַן אַדוואָקאַט האָט אים באַפרייט, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז אין אַמעריקע וואַרט אויף אים אַ מיליאָניקע ירושה. עס איז דאָרט געשטאָרבן דער מיליאָנער אַבא צמח און געלאָזט זיין גאַנץ פאַרמעגן דעם פוילישן קסיאָנדז לעאָ יאַנסאָן. דער געוועזענער גלח איז אַרויס פון תפיסה אַ פאַרביטערטער קעגן אַ סך זאַכן און איבערהויפּט קעגן דעם יידישן פאַנאַטיזם און ער האָט זיך נישט געקענט מוחל זיין, וואָס ער האָט נישט פאָראויסגעזען אַלץ, וואָס איז געשען. ער האָט געדאַרפט פאַרשטיין ווי ווייט עס קען גרייכן דער יידישער פאַנאַטיזם. דאָך האָט ער זיין גלויבן צו קענען איבערבויען די מענטשהייט און זי דערציען קעגן קאַפּיטאַליזם און פאַלשע אמונות נישט פאַרלוירן און ער האָט אויך נישט פאַרלוירן זיין האָפענונג צו קענען געפינען זיין זון.

ער איז געפאָרן קיין אַמעריקע, ווו ער איז אין שיקאַגאָ גרינג געוואָרן דער באַלעבאָס פון דער גרויסער ירושה און דאָרט האָט ער זיך דערוווּסט, אַז אַבאַ צמח, וואָס האָט אים געלאָזט די ירושה, איז געווען דעם סטאַוועקער רבס אַ ברודער און ער איז אַראָפּ פון דרך הישר און ער איז געווען זיין טאַטע. ער האָט אים דערצויגן אַלס יאַנסאָן און אַלס קריסט, ווייל ער האָט נישט געוואָלט ער זאָל ליידן אַלס ייד. אין דעם פאַרזיגלטן קאָנווערט, וואָס ער האָט געעפנט, איז געווען געשריבן:

„לעאָן יאַנסאָן, דו ביסט מיין זון, מיין איינציקער זון, וועלכן איך האָב קיין רגע אין מיין טרויעריק לעבן נישט פאַרגעסן! דו ביסט אַ ייד, געבוירן פון אַ יידישן טאַטן און אַ יידישער מאַמען. כ'האָב דיך געמוזט אַלס קריסט דערציען.״

לעאָ איז צוריקגעפאָרן קיין פוילן, אָבער אויף דעם וועג איז ער געווען אין ארץ ישראל. און דאָרט האָט ער זיך געטראָפן מיט קאָסמאַלאַן און ער איז מיט אים געפאָרן אויף איין שיף קיין פוילן. דער יידישער ציניקער איז געווען מאָדנע איבערראַשט צו זען ווי דער דאָזיקער פּאָליאַק פּרעדיקט די זעלביקע געדאַנקען, וואָס תנחום און ער ציט אפילו צו עטלעכע ערנסטע מענטשן פאַר זיינע אידעען. ער האָט תנחומען געוואָלט צונויפפירן מיט אים, אָבער ער האָט זיך געגעבן חשבון, אַז דאָס דאָזיקע וואָלט זייער אַרבעט פאַרשטאַרקט און ער האָט דאָס נישט געטון.

און דער פּאָטער מיט דעם זון האָבן זיך דאָך צוזאַמענגעטראָפן. טאַקע קאָסמאַלאַ האָט זיי צוזאַמענגעבראַכט. תנחום האָט געהאַלטן אַ רעדע

און לעאַ האָט אים געהערט. ער האָט אויסגעזעצן אינגאַנצן ווי זיין מאַמע. און ווען תנחום האָט דערציילט, אַז ער איז אַ רבס אַן אייניקל און אַ גלחס אַ זון, איז דער גלח אַרויפגעלאָפן צו אים און אים געזאָגט, אַז ער איז זיין טאַטע... קאָסמאַלאַ האָט געוואָלטביידע שיסן און ער האָט זיך לאַנג געראַנגלט מיט זיך און ער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. דער יצר הרע האָט נישט געהאַט קיין מוט צו דערשיסן די בויער פון איבערגעבויטן לעבן און ער האָט נישט געהאַט קיין כוח צו גיין מיט זיי אינאיינעם און ער האָט זיך אָפּגערוימט און זיי געלאָזט פריי דעם וועג...

און די באַוועגונג האָט זיך צעוואַקסן. תנחומס בראָשור „צוזאַמענ־ברוך, אָדער איבערבוי" איז זיך פריער געהאַט צעגאַנגען נאָר אין אַ פּאָר טויזנט עקזעמפּליאַרן, אָבער ווען דער פּאָטער איז געקומען צו הילף מיט זיין קאַפּיטאַל, האָט די אָרגאַניזאַציע געקענט אַרויסגעבן אַ וואָכנ־בלאַט, וועלכע איז גיך געוואָרן אַ טעגלעכע צייטונג און באַלד האָט אין אַן אַנדער אייראָפּעאיש לאַנד גענומען דערשיינען אַ טעגלעכע צייטונג פון זעלביקן כאַראַקטער און עס האָט גענומען קלאַפּן אַ גוט אָרגאַניזירטער אַפּאַראַט. דאָ הייבט זיך אָן דאָס פאַנטאַסטישע, וואָס דערציילט ווי אַזוי די אידעע פון איבערבוי האָט געזיגט און מיליאָנען האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע. מלוכות האָבן גענומען איבערבויען זייערע לענדער אין הסכם מיט די פּרינציפּן פון דער אָרגאַניזאַציע, גרענעצן זענען אָפּגעשאַפט געוואָרן און פעלקער האָבן זיך געוואָרפן מיט ליבע איינס צום אַנדערן אין די אָרעמס און ווען עס איז געקומען צו אַ קאָנפליקט צווישן צוויי מלוכות און צו אַן אולטימאַטום און עס האָבן געדאַרפט אָנהויבן רעדן קאַנאָנען און גאַז־וואָלקנס, האָט די וועלט אַ ציטער געטון פאַר פרייד. תנחום, דער פּרעזידענט פון דער גרויסער אָר־גאַניזאַציע, האָט געגעבן אַ באַפעל, אַז אַ מיליאָן מענטשן זאָל אַרויסמאַר־שירן צו דער באַדראָעטער גרענעץ און שליסן אַ לעבעדיקע פרידנס־וואַנט מיט ווייסע פענער. און ס'איז געשען. און אָרקעסטערס האָבן געשפּילט און הארציקע קושן און ליבלעכע האַנט־דרוקן זענען געווען דער געבאָט פון טאָג. און עס איז אויפגעשווומען אַ פּלאַן, צו וועלכן אַלע מלוכות האָבן מסכים געווען, אַז דאָס ערשטע לאַנד, וואָס די נייע באַוועגונג וועט אויפבויען, זאָל קריגן די גאַנצע אַמוניציע און כעמיקאַלן און די פעלקער זאָלן בלייבן אַנטוואָפנט און דערמיט זאָל זיך ענדיקן דאָס קאַפּיטל מלחמה..."

ווען תנחום איז צוריקגעקומען פון ארץ־ישראל, האָט חווה'טשע שוין געהאט א חתן, א קאָמוניסט. און כאָטש ער האָט זי ווייטער ליב געהאט, האָט ער זיך מקריב געווען און איבערגעלאָזט פאר יענעם און אליין איז ער אַוועק צו זיין אַרבעט פאַר ליבע, פרייהייט און וויסן. ער איז אין זיין אַרבעט געוואַקסן און די אָרגאַניזאַציע זיינע איז געוואָרן גרעסער און שטאַרקער. חווה'טשע איז געקומען צו אים א געבראָכענע. זי האָט איר חתן געהאָלפן אומברענגען אַ בחור, וואָס איז אויך געווען פאַרליבט אין איר, ווייל ער האָט אים חושד געווען צו זיין א שפּיאָן. דערנאָך האָט איר חתן זיך איבערצייגט, אז יענער איז געווען אומשולדיק און ער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. תנחום האָט געגעבן א מעגלעכקייט זיין געוועזענער כלה צו ווערן א מיטגלידערין אין זיין אָרגאַניזאַציע און זי האָט אַרויסגעוויזן גרויסע העלדישקייטן און מסירת נפש. חברים האָבן וועגן איר אַרויסגעגעבן א בראָשור מיטן נאָמען „חווה'טשע יאַקובאָווסקאַ". זי איז געלעגן א קראַנקע אין שפּיטאָל און זי האָט אים געוואָלט זען. ער איז צו איר געגאַנגען מיט דער בראָשור און זי האָט אים גערופן „פּרעזידענט". זי האָט אים געזאָגט, אַז זי שטאַרבט. תנחום האָט זיך געהייסן רופן ביים נאָמען און ער האָט איר געזאָגט, אַז עס איז איצטער געקומען די צייט, ווען זי וועט ווידער לאַכן און נישט שטאַרבן. און מען האָט צו איר געבראַכט צוויי פּראָפעסאָרן, וועלכע האָבן געגעבן וועגן איר נישט קיין פריילעכע, אָבער אויך נישט קיין יאושדיקע ידיעות. און מען האָט זי געראַטעוועט.

ווען אָבער דער מולך האָט יאָ נישט אַרויסגעלאָזט פון זיינע לאַפּעס, איז געווען תנחומס פאָטער. דעמאָלט ווען דער פּרעזידענט פון דער גרויסער אָרגאַניזאַציע איז געווען באַגייסטערט פון דעם, וואָס חווה'טשע איז געזונט געוואָרן, דעמאָלט ווען ער האָט איר גערעדט באַגייסטערט וועגן תחית המתים און ער האָט איר געוויזן וויפל מיליאָנען מענטשן עס פאַרלאָזן זייערע קברים (צווישן זיי זיינען טאַקע געווען נירון און טאָרקוועמאַדאַ און יאָהאַן דער גרויזאַמער, אָבער עס זענען אויך געווען גאַוטאַמאַ, משה, ישעיה און — יעזוס) און אַלע האָבן געזאָגט, אַז טויזנט שטאַרבנס קענען נישט אָפּשוואַכן דאָס גליק פון איין מינוט לעבן, אָט דעמאָלט האָט זיין פאָטער געדאַרפט שטאַרבן. ער האָט אים געזאָגט:

— מיין זון, אַזוי איז דער פאַטאַלער גורל פון מענטשן. ווען כ'האָב געוואָלט שטאַרבן, בין איך געצוווּנגען געווען צו לעבן... און ווען דאָס גייע

לאַנד ווינקט אַהער, גליטשט זיך דאָס לעבן פון מיר אַרויס.

און דער אַלטער זעט ברכהלען, הערט איר געזאַנג פון מיצקעוויטשעס „חלום" און ער שטאַרבט.

דאָס בוך ענדיקט זיך מיט די ווערטער: „מולך האָט ווידער געזיגט".

דעם מענטשנס שלעכטס האָבן פּאָעטער און זון באַזיגט, אָבער דאָס שלעכטס פון דעם קאָסמאָס, דעם טויט, האָבן זיי נישט געקענט באַזיגן.

אָט דאָס איז לערך דער אינהאַלט פון דעם צוויי־בענדיקן, אַרי־בער צוועלף הונדערט זייטן דיקן בוך, וואָס דער מחבר האָט באַטראַכט נאָר ווי אַ „שקיץ". און די אידייע וועגן אַן איבערגעבויטער וועלט איז דאָ טאַקע אָנגעוואָרפן געוואָרן נאָר סקיצנהאַפט. סיי אין די שטעלן פון פּאָעטער און זונס ווערק און סיי אין זייערע רייד זענען פאַראַן אַלגעמיינע אַגיטאַציע־רייד קעגן פאַנאַטיזם, פאַלשער אמונה, קעגן קאַפּיטאַליזם, דיק־טאַטור, קעגן קריג און פאַר אַ וועלט פון ליבע, פרייהייט און וויסן. ווי אַזוי דאָס דאָזיקע איז רעאַליזירט געוואָרן, ווערט נישט געזאָגט. די קאַפּי־טאַלן, וואָס לעאָן האָט געירשנט, האָבן געהאָלפן פאַרווירקלעכן דעם אי־בערבוי געראַנק און געראַטעוועט די וועלט פון צוזאַמענברוך. ווען דער צווייטער וועלט־קריג האָט געדראָאָט...

## „1960"

אין זעלביקן פאַרלאַג „ביכער", אין וועלכן עס איז דערשינען אין יאָר 1934 דאָס בוך „צוזאַמענברוך, אָדער איבערבוי", איז דערשינען אין יאָר 1939 דאָס ביכל „1960", וואָס האָט נישט מער ווי 74 זייטן טעקסט.

שוין פון טיטל קען מען זען, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן אַן אוטאָ־פּיע. דער מחבר וויל פאָרשטעלן ווי אַזוי עס וועט זיין אין יאָר 1960, 21 יאָר נאָך דעם, וואָס ער האָט אָנגעשריבן זיין ווערק. דער עיקר איז דאָ ווידער אַ געדאַנק, אָבער צום אויסדרוק קומט ער דורך אַ מעשה. אַ ייִד האָט געוואָלט באַגיין זעלבסטמאָרד און ער האָט זיך איבערגעשניטן דעם האַלדז, ליגט אַ געראַטעוועטער אין שפּיטאָל, און ווען ער קומט צוריק צום באַוווסטזיין, פרעגט אים דער דאָקטאָר פאַרוואָס ער האָט אויסגעקליבן גראָד דעם איצטיקן מאָמענט, אַ יאָר נאָך דער קאַטאַסטראָפע, צו באַגיין זעלבסטמאָרד און פאַרוואָס ער האָט נישט געזוכט מיטצושלעפּן אין קבר אַריין נאָך אַ פּאָר שונאים. די קאַטאַסטראָפע איז באַשטאַנען

אין דעם, וואָס כוליגאַנעס האָבן זיך אַריינגעריסן אין הויז אַריין צו אים און האָבן דערמאָרדעט זיינע צוויי זין און אים געשאָסן נישט אויף טויט. די טאָכטער האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף איינעם פון די מערדער מיט אַן אייזערנעם פּרענט. ער האָט געזען ווי מען האָט זיין טאָכטער געשלעפּט צום טייך און ווען ער איז שפּעטער געקומען צום באַוווסטזיין, זענען שוין נישט געווען נישט קיין זין און נישט קיין טאָכטער.

און דער געראַטעוועטער ענטפערט נישט דירעקט. ער דערציילט וועגן די רעיונות זיינע, וואָס האָבן אים געפייניקט. ער האָט נישט אויפגעהערט קלערן וועגן זיין פאָלק, וואָס באַשטייט פון קוים זיבעצן מיליאָן מענטשן און איז צעשפּרייט איבער דער וועלט און האָט נישט קיין אייגן לאַנד און ווערט באַשולדיקט אין אַלע אומגליקן. דער מענטש איז צוריקגעגאַנגען צום מיטלאַלטער. ער הערט ווי דער נייער דייטשער קאַנצלער זאָגט, אַז „מען מוז די יידן צעקוועטשן". אים איז קלאָר געווען, אַז דער „פּירער" וויל ווערן אַ נייער משיח און שאַפן אַ נייע רעליגיע, און בכדי צו פאַרניכטן די קריסטלעכע רעליגיע, מוז ער דערנידעריקן און אַראָפּשטויסן אין תהום די ראַסע, פון וועלכער יעזוס שטאַמט. און דאָס יידישע פאָלק רירט זיך נישט. אפּנים, אַז ביאַליק איז גערעכט, ווען ער זאָגט: הוא לא יקום, אם לא יקימנו השד הוא לא ייקץ, אם לא יעירנו השוט" (ער וועט זיך נישט אויפהייבן, אויב דער שד וועט אים נישט אויפשטעלן און ער וועט נישט דערוואַכן, ווען די בייטש וועט אים נישט אויפוועקן). ער האָט געטראַכט וועגן פּאַלעסטינע. דאָס דאָזיקע וואָרט אַליין האָט ביי אים גערויבט דעם שלאָף מער ווי פון איין נאַכט. און ער ברענגט דאָ אַ סך קלאָרער און שאַרפער אַרויס דעם דאָזיקן געדאַנק, וואָס ער האָט אָנגעהויבן אַרויסברענגען אין „צוזאַמענברוך, אָדער איבערבוי". פּאַלעסטינע, זאָגט ער, איז אַ קליין לאַנד, אַ מאָגערס, אַ באַרגיקס, אָן נאַטירלעכע רייכקייטן. אין כמעט אַלע קאָלאָניזאַציע לענדער באַקומט דער קאָלאָניסט אומזיסטן באָדן און אפילו אומזיסטן לעבעדיקן און טויטן אינווענטאַר. און אין פּאַלעסטינע איז דער קאָלאָניסט געצוווּנגען צו קויפן נישט דעם בעסטן באָדן אויף דער קלענסטער מאָס (דונאַם), פאַר דער העכסטער וואַליוטע (פונטן). נאָך דעם, ווי די יידן האָבן אַריינגעלייגט אין לאַנד אַ סומע פון צוואַנציק מיליאָן פונט, געפינט זיך נאָך 95 פּראָצענט פון באָדן אין אַראַבישע הענט. ארץ ישראל האָט זיבעציק פּראָצענט אַראַבער און ווען עס וועט זיך געפינען אַ מיליאָן יידן אין לאַנד, וועלן דאָרט זיין

קרוב צו צוויי מיליאָן אַראַבער. אין משך פון 14 יאָר האָבן קיין ארץ ישראל איינגעוואַנדערט 250 טויזנט אַראַבער און קיין איינער האָט נישט אויסגעוואַנדערט. בן־גוריון האָט געזאָגט, אַז די דריי הונדערט טויזנט יידן, וואָס מען האָט אַריינגעבראַכט אין לאַנד אַריין, האָבן דערמעגלעכט דעם אַריינקום פון דער זעלביקער צאָל אַראַבער. און אויב מען זאָל יאָ באַווייזן אַריינברענגען צוויי מיליאָן יידן אין אַ קורצער צייט און שאַפן אַ יידישע מערהייט, וועט דאָס לאַנד אַנדערטהאַלבן מיליאָן אַראַבער און זיי וועלן שטענדיק זיין די באַוואָלטע און עס וועלן זיך פאַר זיי איינשטעלן די עטלעכע הונדערט מיליאָן מאַכמעדאַנער פון עגיפּטן, איראַק, טערקיי, טוניס... די אַראַבער זענען אין צאָל 23 מאָל אַזוי גרויס ווי די יידן. דאָס לאַנד איז פון דריי זייטן אַרומגערינגלט מיט מוסולמענער און דאָס קליינע מדינהלע וועט זיך שטענדיק געפינען צונויפגעדריקט אין די אָרעמס פון שכן און זיין באַדראָט פון אינעווייניק. פאַר יידן איז פאַלעסטינע, האָט ער געטראַכט, טאַקע דער גוף און די נשמה, אָבער דאָס יידישע פאָלק, וואָס ווערט שוין זייט הונדערטער יאָרן געשאָכטן און דערניידעריקט פון קריסטלעכע פעלקער, טאָר נישט אויפשטעלן קעגן זיך אַ שונא פון קרוב צו אַ האַלבן ביליאָן מענטשן. (ער רעכנט טויזנט מיליאָן פאַר אַ ביליאָן. י. ב.) אָט דאָס האָט ער געטראַכט דעמאָלט, איידער דאָס אומגליק איז מיט אים געשען. און ער האָט זיך באַלד געזען אין אַן אַנדער וועלט. ער האָט פאַרלוירן דעם זכרון און ער האָט זיך געזען אין שפּיטאָל פון דער „נייער יידישער רעפּובליק” און צווישן אים און דער שוועסטער קומט פאָר אַ שמועס, ביי וועלכן די לעצטע פאַרזיכערט אים, אַז ער בעסערט זיך און ער וועט אינגיכן געזונט ווערן. אים האָט זיך געדאַכט, אַז עס זענען אַריבער 22 יאָר זייט דעמאָלט (דאָס הייסט זייט יאָר 1938) און יידן האָבן אַן אייגן לאַנד, וואָס הייסט „ניי ארץ ישראל” און אין שפּיטאָל פון אָט דעם לאַנד געפינט ער זיך איצטער. ער האָט געלייענט צייטונגען און זיינער אַ פריינט האָט אים געבראַכט אַ בראָשור, וואָס דער פּופצן־יאָריקער שילער חיים בן נפתלי יערי האָט אָנגעשריבן און ער פאָרערט ביי אים, ער זאָל וואָס גיכער זי איבערלייענען. און ער האָט אין דער דאָזיקער בראָשור איבערגעלייענט די געשיכטע פון דעם נייעם ארץ ישראל.

עס איז אַ געשיכטע ווי אַזוי דער אייזן־קרעמער דניאל ברזל פון דיסל־בערג האָט צוגעזען אין טבת פון יאָר 1939 רדיפות און מערדערייען אויף

יידן אין זיין לאַנד און ער האָט אַוועקגעשיקט אַ בריוו צום פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, אַליוואר פרענקלין, אין וועלכן ער מאָנט אַ שטח ערד פאַר דעם יידישן פאָלק, ווייל עס פעלט נישט קיין ערד אין אַמעריקע, אויסטראַליע, צי ערגעץ אנדערש. ער האָט געשריבן צום פּרעזידענט, אַז אויב אין איין טייל וועלט איז אויפגעשטאַנען אַ נביא פון האַס און שקר, דאַרף אין אַן אנדער טייל וועלט אויפשטיין אַ נביא פון רחמים און גערעכטיקייט און ער, דער גרויסער פּרעזידענט, דאַרף ווערן דער געגאַרטער משיח...

און דניאל ברזל האָט אַוועקגעשיקט דעם בריוו צום פּרעזידענט אויף יידיש און יענער האָט שוין געקריגן ווער עס זאָל אים איבערלייענען און ער האָט דעפּעשירט צום שרייבער פון בריוו, אַז ער זאָל קומען. און דער דיסלבערגער קרעמער איז געקומען צום פּרעזידענט, וועלכער האָט אים אויפגענומען אין דער אַנוועזנהייט פון זיין פריינט, דעם גרויסן ציוניסט ראַביי סילווער. און ער האָט געהאַט אַ גרויסע און שווערע דיסקוסיע מיט דעם ציוניסטישן פירער וועגן ארץ ישראל און ער האָט אים גענומען אי־בערצייגן, אַז אין דעם מאָמענט, ווען מיליאָנען יידן וועלן זיין אין אַ יידיש לאַנד, וועלן די אראבער אויפהערן באַקעמפן די יידן אין פּאַלעס־טינע און ס'וועט פאַרשווינדן די שנאה צווישןביידע פעלקער. צוואַנציק טעג האָט געדויערט די דיסקוסיע און ראַביי סילווער האָט זיין אָפּאָנענט נישט איינמאָל אָנגערופן „פאַררעטער". און יענער האָט זיך נישט פאַר־לוירן. ער האָט אים נישט אויפגעהערט קלאַפּן אין מוח אריין, אַז איידער עס ווערט פאַרוואָרפן די פּעטליע ארום יידישן האלדז, דאַרפן אַלע יידן פאַרשווינדן פון די אויגן פון די פעלקער און לעבן פאַר זיך. און ער האָט די עקשנות פון ראַביי סילווער געבראָכן און יענער האָט גענומען איבער־צייגן אַנדערע ציוניסטישע פירער און מען האָט געמאַכט אַן אָנקעטע צווישן אַלע יידן און אכציק פּראָצענט האָבן צוגעשטימט מען זאָל בויען אַ יידישע מלוכה נישט דווקא אין פּאַלעסטינע. דאָס יידישע פאָלק האָט דערזען די שווערד, וואָס הענגט איבער דעם קאָפּ און עס איז געקומען די אנטשפּאַנונג. און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע באַוועגונג פאַר איינ־וואַנדערן אין דעם נייעם אייגענעם לאַנד אריין, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ שטח פון הונדערט טויזנט קוואַדראַט קילאָמעטער אין קאַנאַדע און די יידן האָבן זיך נישט געקענט מוחל זיין, וואָס זיי זענען נישט געגאַנגען אויף אָט דעם אייַנציקן וועג צוריק מיט טויזנט יאָר. זיי וואָלטן געווען

אויסגעמיטן די שפּאַנישע אינקוויזיציע, די אוקראַינישע מאַסן־קברים, די דייטשע שחיטות. און פרויען האָבן אויסגעטון זייער צירונג און הונ־דערטער טויזנטער בחורים און מיידלעך האָבן זיך געמאָלדן פאַר חלוצים... קיינמאָל, זייט יידן זענען פאַרטריבן געוואָרן, זאָגט דער מחבר, האָט ביי זיי נישט געהערשט אַזאַ אייניקייט, ווי דעמאָלט (איידער זיי זענען פאַר־טריבן געוואָרן האָט אויך נישט געהערשט קיין אייניקייט! י. ב.) די „פרענקלין דעקלאַראַציע" און די באַפרייאונג פון צרות און נויטן האָט זיי צונויפגעשמידט אין איין פאָלק.

און עס ווערט געשילדערט אין דער דאָזיקער בראָשור, ווי דער אַנ־טיסעמיטיזם איז פאַרשוואונדן פון דער גאַנצער וועלט־פּרעסע און ווי די אַרבעטסלאָזיקייט איז פאַרשוואונדן אין גאַנץ קאַנאַדע. און אין דעם נייעם ארץ ישראל זענען די קרעמער — די אַראַבער, ווייל די יידן ווילן נישט זיין מער קיין קרעמער און זיי האָבן אָפּגעקויפט אַראַבישע ערד אין ארץ ישראל פאַר קראָמען אין נייעם ארץ ישראל...

און דער חלום האָט זיך ווייטער געצויגן. ער איז געזונט געוואָרן, און ער איז אַרויס אויף דער פריי און געזען די גרויסע פרייד, וואָס הערשט אין יידישן לאַנד און די גרויסע פייערונגען, וואָס ווערן דאָרט געפּראַוועט. און ווען ער האָט דערוואַכט, האָט ער אין אַ צייטונג גע־לייענט, אַז „אין גליוויץ האָבן די נאַציס אונטערגעצונדן אַ שול און דריי יידן זענען פאַרברענט געוואָרן", „אין ווין זענען אַלע שולן אונטער־געצונדן געוואָרן און עס קומען פאַר מאַסן אַרעסטן און יידן באַגייען זעלבסטמאָרד". ער האָט נישט געוווסט, צי ער געפינט זיך אין אַ „נאַצי־מוזיי", אָדער ער זעט דיווירקלעכקייט און דאָס דאָזיקע, וואָס ער האָט פריער געזען, איז אַ חלום. און אָט דעמאָלט איז אים געוואָרן אַזוי שווי־דערלעך פיינלעך, אַז אַלע פאַרלאַנגען האָבן אים איבערגעלאָזט און ער האָט געוואָלט וואָס גיכער באַגיין זעלבסטמאָרד און ער האָט געכאַפּט אַ מעסער און גענומען שניידן דעם האלדז. די דאָזיקע געשיכטע ענדיקט זיך מיט אָט די ווערטער, וואָס דער העלד זאָגט צום דאָקטאָר:

„הערט אויס, ליבער דאָקטאָר, מיר וועט איצטער שווער זיין צו לעבן, נאָכדעם וואָס איך האָב אריינגעקוקט אין יענער שיינער, פרייער וועלט, כאָטש ס'איז נאָר געווען אַ חלום. גייט צו יידן און זאָגט זיי: מיר, די גרויסע מענטשן רופן צו אייך:

יידיש פאָלק! ס'איז טאַקע געווען אַ חלום, נאָר ס'טאָר קיין חלום ניט בלייבן, אויב דו ווילסט אַליין ניט ווי אַ חלום פאַר־שווינדן".

## ער האָט פאַרמאַגט עכט פייער

עס איז ניט נייטיק צו דערווייזן, אַז דאָס לעבן האָט געטון אַנ־דערש, ווי י. ל. גאָלדשטיין האָט אָנגעמערקט. דער צווייטער וועלט־קריג איז יאָ פאָרגעקומען און די מאַסן האָבן ניט געפאָלגט דעם רוף פון די פּאַציפיסטן און צענדליקער מיליאָנען מענטשן זענען אומגעקומען און כמעט גאַנץ אייראָפּע און גרויסע שטיקער אַזיע זענען חרוב געוואָרן און מען רעדט שוין איצטער וועגן אַ דריטן וועלט־קריג, און עס איז נאָך אויך איצטער זייער ווייט דערפון, אַז די מאַסן זאָלן פּרווון שטערן דערצו. און די פאַלשע אמונות מיט די דיקטאַטורן הערשן נאָך מיט מער כוח. דאָס הויפּט־פּראָבלעם פון מענטשן איז היינט צו טאָג ניט דער טויט, וואָס די נאַטור ברענגט, נאָר דער מאַסן־טויט, וואָס דער מענטש אַליין ברענגט אויף זיך. און יידן האָבן אויך ניט געפאָלגט גאָלדשטיינען און זיי זענען ניט איינגעגאַנגען צו בויען אַן אַנדער לאַנד און זיי בויען דווקא ארץ ישראל, ווו עס איז היינט שוין דאָ אַריבער אַ מיליאָן יידן און ווייניקער ווי הונדערט פּופציק טויזנט אַראַבער. און כאָטש די אַראַ־בער עקשענען זיך ווייטער און אַנערקענען ניט דאָס יידישע לאַנד, ווערט זייער עקשנות היפּש געבראָכן דורך דער ווירקלעכקייט.

און דאָך זענען די געדאַנקען, וואָס גאָלדשטיין האָט אַרויסגעבראַכט, ניט אומאינטערעסאַנט און זיי וועלן בלייבן ווי אַ דאָקומענט פון דעם, ווי אַזוי עס האָט געטראַכט אַ ייד אַ בר שכל אין אָנהויב פון דער היטלער־עפּאָכע און ביים גרענעץ פון 1939. אין יידישן פּרט האָט דאָך דער טע־ריטאָריאַליסטישער מנהיג בן אדיר אויך אַזוי געשריבן. און דאָס אייראָ־פּעאישע יידישע פאָלק האָט מען דאָך טאַקע אומגעבראַכט... עס וואָלט אוודאי געווען בעסער, ווען גאָלדשטיין ווערט אַ ריכטיקער נביא! פאַר־בלייבן וועט ער ווי אַן אויפריכטיקער ייד, וואָס האָט געהאַט מוט צו אַרויסזאָגן זיינע געדאַנקען און וואָס האָט געמיינט, אַז שכל איז גענוג צו טון טועניש און לייזן די שווערסטע פּראָבלעמען. דער מענטש לעבט דערווייל ניט מיט דעם שכל, נאָר מיט דעם אינסטינקט, וואָס פירט אים אַמאָל צום לעבן און אַמאָל צום אומקום... כאָטש דאָס לעבן האָט

געטון אנדערש ווי י. ל. גאָלדשטיין האָט געפּאָדערט, איז ער דאָך נישט געווען אומגערעכט און — ווײַ איז צו דער גערעכטיקייט.

עס איז נישט די אויפגאַבע פון אָט דער ארבעט צו געבן אן אָפּשאַצונג פון דעם קינסטלערישן ווערט פון די צוויי ווערק, וועגן וועלכע איך האָב רעפערירט. זייער אויפגאַבע איז נישט קיין קינסטלערישע און זייער ווערט דאַרף מען נישט זוכן אויף דעם קינסטלערישן געביט. דער מחבר איז נישט אויסן געווען דעם ווי אַזוי, נאָר דעם וואָס. ער האָט געשריבן גלאַט און קלאָר און מיט טעמפּעראַמענט און אַפילו מיט שטורעם. אין דעם אופן פון דערציילן האָט ער געגרענעצט מיט די־נעזאָנגען און אפילו מיט שמרן, די שפּראַך איז ביי אים געווען אַ מער מאָדערנע, אַ נאָענטע צו דעם לשון פון די הײַנטצײַטיקע יידישע פּובליציסטן. מיר שיינט, אַז שפּראַכלעך איז ער צום מיינסטן נאָענט צו הלל צייטלינען און עס קען זיין, אַז אויך אידעאיש איז ער נישט געווען ווייט פון אים. מ׳קען ביי אים געפינען אידעאישע איינפלוסן אויך פון פּרצן און פון זשיטלאָווסקין און טאַקע פון דערמאָנטן בן אדיר; אַ טעמפּעראַמענט האָט ער געהאַט פון אַ קינסטלער. ווען ער האָט געדאַרפט, אַז די האַנדלונג זאָל בריען, האָט זי געבריט. די שטעלן, וואָס שילדערן אין „צוזאַמענברוך, אָדער איבערבוי", ווי אַזוי דער האַלב־געריוורטער רב גייט צו דער טאָכטער, ווען זי געפינט זיך אַ געבראָכענע מיט איר גוייש קינד אין לאָדזש און ווי אַזוי ער דערפירט זי צו טויט און ווי אַזוי ער ראַטעוועט דאָס קינד און ווי אַזוי ער פאַרברענט זיך אינאיינעם מיט זיינע ספרים, זענען בכוח עפּעס אָנצינדן דעם מאַרך. ביים שרייבער אַליין האָט געברענט, בשעת ער האָט דאָס געשריבן. און מיר שיינט, אַז דאָס איז דער שטאַרקסטער קאָמפּלימענט, וואָס מ׳קען מאַכן י. ל. גאָלדשטיינען דעם שרייבער:

ער האָט פאַרמאָגט עכט פייער, וואָס האָט אים אַליין געברענט.

משה יאַנאָווסקי *)

# ה ע נ ט

(פונעם ציקל „עולם קטן")

פאַרייניקסט הענט — איז לוחות צוויי
און צען פינגער — די צען געבאָט
אַקעגן פנים — האַלט זשע זיי
הויב אָן: אָנכי — איך בין גאָט.

צענעמסטו הענט — גאָט פאַרגעסטו
שווערדן, שפּיזן פינגער ווערן
מיט נאָגלס שאַרף, אַלץ צעשטעכסטו
עולם קטנס צוצעשטערן.

צו וואָס באַשאַפן געוואָרן
צווייגן־הענט, אַזעלכע קלאָרע
אפשר צום זעלביקן וואָס דאָרן?
שטעכן, אָנוואַרפן אַ מורא?

נישט דיין האַנט הויבט זיך צום לינטשן
ס'איז דעם תליונס, דעם ווילדסטן, רויען,
דיין האַנט, מענטש, איז נאָר צום בענטשן,
א כהן ביסטו, א כהן.

הויב־זשע אויף די הענט צום דוכן**)
מיטן פנים שטיי צו מאַסן,
זוכן זאָלן זיי און זוכן
קאָפּ, טרער־פייכטן, פון פיין־בלאַסן...

---

*) דער מחבר פון דעם ליד, משה יאַנאָווסקי, וואָס איז אומגעקומען על קידוש השם אין דעם טויטן־לאַגער כעלמנאָ, איז געוועזן דער פאָרזיצער פון צעירי אגודת ישראל אין בעלכאַטאָוו. דאָס ליד איז אָנגעשריבן געוואָרן ערב דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

**) דוכ'ענען.

# פּאָליטישע
# באַוועגונגען
# אין
# בעלכאַטאָוו

משה אפרתי (פרייטאג)

# בעלכאטאוו און דער ציוניזם

נאָך א צייט־אָפּשניט פון פופציק יאָר איז שווער צו שילדערן פאַר אונדזער דור, וואָס פאַר אַן אָנשטרענגונג און ריזן־ארבעט עס איז אויס־געפירט געוואָרן דורך א קליין הייפל פון בעלכאַטאָווער יוגנעלייט אין זייער קאַמף קעגן דער אגרעסיע פון קלעריקאַליזם און חסידיזם, וואָס האָט דעמאָלט געהערשט אין בעלכאַטאָוו, קעגן יחידים אָדער קליינע גרו־פּעס פון כלערליי חסידים: גערער, אַלעקסאַנדרער, וואָלבאָרזשער, ראָספּ־שער אא״וו, וואָס אין זייערע הענט איז געווען די מאַכט איבער דער יידישער קהלה און אירע אינסטיטוציעס, און וועלכע זענען געווען קעגנער פון קולטור, וויסן, פּראָגרעס און פרייהייט ביי יידן — און ווי איז געווען צו יענע, וועלכע זענען נישט געגאַנגען אין דעם דורך זיי אויסגעטרע־טענעם וועג.

די בעלכאַטאָווער פון עלטערן דור געדענקען נאָך אוודאי יענע צייטן, ווען נישט געקוקט דערויף, וואָס דער עקאָנאָמישער מצב פון די בעלכאַטאָווער יידן איז נישט געווען קיין גלענצנדיקער (וועבער־ארבעטער, דאָרפגייער און קליינהענדלער) האָבן זיי תמיד געפירט א הייליקע מלחמה פאַר העגעמאָניע איבער די כלי־קודש, איבער דער קהלה אא״וו: עס האָט געהערשט שנאה און מחלוקת און עס זענען פאָרגעקומען געשלעגן און זידלערייען צווישן די חסידים פון איין רבין מיט די חסידים פון אַן אנדערן רבין, אָבער אין איין זאַך זענען זיי געווען אייניק: אין קאַמף קעגן וויסן, קעגן א צייטונג אָדער בוך, קעגן דער שטרעבונג צו לערנען, קעגן קולטור און שולן, קעגן דעם רעוואָלוציאָנירטן יוגנטלעכן, וועלכער האָט געוואָלט ארבעטן, לערנען, וויסן און קעמפן פאַר א פריי לעבן. עס האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה צווישן עלטערן און קינדער, מען האָט אָנגענומען אַלע מיטלען, כדי צו שטערן, צו פאַרהאַלטן אָדער צו שעדיקן דעם נייעם שטראָם און זיי האָבן זיך אויך באַנוצט מיט מסירות צו דער

צאַרישער מאַכט, וועלכע איז געווען אויף זייער זייט אין דער דאָזיקער „הייליקער מלחמה".

מען דאַרף פונדעסטוועגן באַמערקן, אַז אין אָנהייב פון ניינצנטן יאָרהונדערט האָבן צו יחידים אין בעלכאַטאָוו אָנגעהויבן אָנקומען צייטונגען, און צווישן זיי אויך די „הצפירה", וועלכע עס האָבן באַהאַלטענערהייט געליינט אפילו חסידים. עס זענען אין דער שטיבל פאַרקויפט



בעלכאַטאָווער דעלעגאַטן צו דער צעירי־ציון־קאָנפערענץ אין יאָר 1914

סאַפּירשטיין, משה פרייטאַג, הערשל בראַט, דער לערער מנחם, פרוי סאַפּירשטיין א"א

געוואָרן שקלים פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, און אין די יאָרן 1905־6 איז אין בעלכאַטאָוו אָרגאַניזירט געוואָרן די פּועלי ציון־פּאַרטיי און איר דעלעגאַט האָט זיך באַטייליקט אין וועלט־קאָנגרעס פון די פּועלי־ציון אין קראָקע אין יאָר 1908.

דורכן איינפלוס פון עטלעכע חברים פון דער לאָדזשער צעירי־ציון, וועלכע זענען פון צייט צו צייט געקומען קיין בעלכאַטאָוו, איז געגרינדעט

געוואָרן א צעירי־ציון פאראיין פון בעלכאטאָווער יונגעלייט, און כדי זיי זאָלן נישט אַרעסטירט און אַוועקגעשיקט ווערן קיין סיביר, מחמת צעירי ציון איז געווען אומלעגאַל אין רוסלאַנד, האָבן א סך חברים פון צעירי ציון זיך פאררעגיסטרירט אלס מיטגלידער פון אָדעסער קאָמיטעט (די חובבי־ציון אין רוסלאַנד), וואָס זיין טעטיקייט איז געווען דערלויבט דורך דער צארישער מאכט און וואָס האָט געהאט אלס ציל צו שאַפן און באַארבעטן באָדן אין ארץ־ישראל.



אַ גרופּע עולים קיין א״י אין יאָר 1920

עס איז געגרינדעט געוואָרן א לעגאַלער פאראיין פאר א ביבליאָטעק און לייענזאל, וואָס איז געשטאַנען אונטער דעם איינפלוס פון צעירי־ציון; עס זענען געזאַמלט געוואָרן עטלעכע הונדערט ביכער און ס׳איז געעפנט געוואָרן א ביבליאָטעק און א לייען־זאַל אויפן אָרט; ס׳זענען אָר־גאַניזירט געוואָרן אָוונט־קורסן, מען האָט איינגעאָרדנט רעפעראַטן און אָוונטן, עס זענען געגרופן געוואָרן פאַרזאַמלונגען, וואָס האָבן באַהאַנדלט אַלגעמיין־יידישע און ציוניסטישע ענינים און מען האָט געלערנט די געאָגראַפיע פון ארץ־ישראל.

עס זענען געשאפן געוואָרן ארום פופציק אבאָנענטן פאר „דאָס יודישע פאָלק", א ציוניסטיש וואָכנבלאט, וואָס איז דערשינען אין ווארשע אונטער דער רעדאקציע פון יצחק גרינבוים.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די וועלט־מלחמה אין יאָר 1914, איז פארשטארקט געוואָרן די טעטיקייט פון דער צעירי ציון אין בעלכאטאָוו:

א) דורך אָרגאניזירן א יידישע זעלבסטשוץ קעגן די פוילישע כוליגאנעס;

ב) דורך אָרגאניזירן קאָנסטרוקטיווע און סאָציאלע הילף פאר נויטבאדערפטיקע;

ג) דורך עפענען א פארבאנד פון צעירי ציון־אָרגאניזאציעס אין די ארומיקע שטעטלעך, און אָרגאניזירן א זאמלונג פאר דעם קרן קימת לישראל און דאָס אריבערפירן קיין ווין;

ד) דורך קולטור־טעטיקייט צווישן דער יוגנט, עפענענדיק א שול פאר קינדער און אָוונט־קורסן פאר דערוואקסענע;

ה) עס זענען איינגעלאַדן געוואָרן רעפערענטן פון די גרעסערע שטעט צו פארזאמלונגען פון נאציאָנאלע פייערונגען;

ו) ביי יעדער געלעגנהייט זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אָוונטן פון א קולטור־כאראקטער;

ז) עס איז געגרינדעט געוואָרן א פאראיין מיטן נאָמען „גאולת הארץ" פאר איינשאפן באָדן און פאר קאָלאָניזאציע.

די בעלכאטאָווער יוגנעליים און מיידלעך האָבן געארבעט ענערגיש און פלייסיק אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה פון 1914—18, אָן וועלכן עס איז לוין, פאר זייערע שטאָטלייט און פאר זייער פאָלק, און באלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען צענדליקער יוגנעליים און מיידלעך געווען צווישן די ערשטע וואָס זענען אוועק קיין ארץ ישראל אלס חלוצים, ארבעטער און קאָנסטרוקטאָרן. דער רוב פון זיי האָט זיך גענומען צו אגריקולטור, אינדוסטרי און מלאכה. זיי האָבן אויך אָנגעקניפּט א לעבעדיקן קאָנטאקט מיט זייער שטאָט, דערפאר געפינען זיך איצט עטלעכע הונדערט בעלכאטאָווער אין אונדזער לאנד — אין ישראל, ווו זיי זענען אקטיוו טעטיק אין דעם אויפבוי־ווערק פון דער יידישער מדינה.

אלימלך פּודלאָווסקי

# די ציוניסטישע גרופּירונגען אין בעלכאַטאָוו

עס איז שווער זיך צו שאפן א באגריף וועגן דעם געזעלשאפטלעכן און קולטור־לעבן אין די קליינע שטעטלעך פון פארמלחמהדיקן פוילן, ווען מען באַקאַנט זיך נישט קודם־כל מיט דער טעטיקייט פון די פארשידענע



ערשטע ציוניסטישע טוער (צעירי ציון):

מאיר וואַרשאַווסקי, בערל וואלדמאַן, יחיאל מאיר קראַ־וויצקי, מאיר יאקובאָוויטש, ישעיה לאנגנאס און דוד לושטשאַנאָווסקי

פּאָליטישע און רעליגיעזע גרופּירונגען, ווייל דאָס גאנצע געזעלשאפטלעכע לעבן פון די קליינע שטעטלעך אין פוילן האָט זיך קאָנצענטרירט ארום די פּארטייען.

מען קאָן מיט דער פולער זיכערקייט באַהויפּטן, אַז 95 פּראָצענט פון דער בעלכאַטאָווער יוגנט איז געווען אָרגאַניזירט פּאַרטייאיש. אויך דער עלטערער דור איז מערסטנטייל געווען אָרגאַניזירט אין די פּאַרטייען אָדער רעליגיעזע גרופּן.

וועל איך דאָ פּרווון געבן אַ בילד וועגן דער טעטיקייט פון די ציוניסטישע גרופּירונגען אין בעלכאַטאָוו, וועמענס טעטיקייט עס איז מיר גוט באַקאַנט.

## מזרחי

די ציוניסטיש־רעליגיעזע פּאַרטיי „מזרחי" איז אין בעלכאַטאָוו געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1917, בעת דער עסטרייכישער אָקופּאַציע. צו יענער צייט האָבן אין בעלכאַטאָוו שוין עקזיסטירט ציוניסטישע באַוועגונגען, ווי „פּועלי־ציון" און „צעירי־ציון", אין וועלכע עס האָבן זיך אויך געפונען רעליגיעז־געשטימטע חברים. אָבער נישט קאָנענדיק זיך אויסלעבן אין אַ נישט־רעליגיעזער סביבה, האָט די גרופּע רעליגיעזע ציוניסטן, אונטער דער אָנפירונג פון יחיאל באַראָכאָוויטש, געגרינדעט די „מזרחי", וועלכע איז — אין די יאָרן צווישן ביידע וועלט־מלחמות — געווען די שטאַרקסטע ציוניסטישע גרופּירונג אין בעלכאַטאָוו.

די גרינדער און ערשטע עסקנים פון „מזרחי" זענען געווען: יחיאל באַראָכאָוויטש, יוסף לייב געלבאַרד, אברהם בער זילבערשטיין און יצחק גאָלדמינץ. עס לוינט זיך, אין קורצע שטריכן, אָנצוגעבן אַ פּאָר ביאָגראַפישע דאַטן וועגן אָט די ערשטע פיר מזרחיסטישע עסקנים אין בעלכאַטאָוו.

יחיאל באַראָכאָוויטש — אַ חסידישער יונגערמאַן מיט אַ שפּאָר ביסל וועלטלעכער בילדונג, האָט ער זיך מיט חסידישער התלהבות איבערגעגעבן דער ציוניסטישער טעטיקייט אין די רעליגיעזע קרייזן. ער האָט געשאַפן אַ לאָקאַל, געגרינדעט אַ בית־תפילה, געהאַלטן פלאַם־פייערדיקע רעפעראַטן, אַדורכגעפלאָכטענע מיט מאמרי חז"ל, וועגן ישוב ארץ ישראל. זיין לעבן האָט ער ממש אַוועקגעגעבן דער בעלכאַטאָווער יידישער באַפעלקערונג. ער האָט אין 1919, בעת דער טיפוס־עפּידעמיע, וואָס האָט געבושעוועט אין שטעטל, געשאַפן אַ פּראָוויזאָרישן שפּיטאָל פאַר טיפוס־קראַנקע (אין דעם בנין פון אמאָליקן צאַרישן פרידנס־געריכט). און אַר־



מזרחיסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע אין בעלכאַטאָוו, צווישן די פירער געפינען זיך קלמן געלבאַרד און מענדל ליפּמאַן



אַ גרופּע פון מזרחיסטישע חלוצים

בעטנדיק אין דעם שפּיטאָל, ווי א פּריוווּיליקער סאַניטאַר, האָט ער זיך אָנגעשטעקט פון א טיפוס־קראַנקן און איז געשטאָרבן. א לאַנגע צייט האָט די בעלכאַטאָווער יידישע באַפעלקערונג געטרויערט נאָך אים. אגב, האָט די ביבליאָטעק פון „מזרחי" אין בעלכאַטאָוו געטראָגן דעם נאָמען פון יחיאל באַראַכאָוויטש.

יוסף לייב געלבארד — א משכיל פון אַלטן שניט, איז ער גלייכצייטיק א גערער חסיד. אין זיין פּריוואַטער ביבליאָטעק, וואָס איז אגב געווען די גרעסטע אין שטאָט, האָבן זיך צונויפגעפּאָרט ש"ס און פּוסקים צוזאַמען מיט פּראָפ' גרעץ און י. ל. פּרץ. בשכנות מיטן זוהר האָבן זיך געפונען די ווערק פון מיצקעוויטש, שילער, טאָל־סטאָי א"א אין אָריגינאַל. בלויז יחי־דה סגולה האָבן געהאַט א צוטריט צו זיין ביבליאָטעק. גאָר זעלטן פלעגט ער ווע מען אויסבאָרגן משכי־לישע ביכער. ער האָט נישט געוואָלט אָנגיין אלס פאַרשפּרייטער פון דער השכלה.


ר' יוסף לייב געלבארד

פּרנסה האָט ער געצויגן פון א שפּייז־קרעמל, מיט וועלכן עס האָט זיך באַשעפטיקט זיין פרוי, און פון לערעריי. אין צארישע צייטן האָט ער געלערנט יידיש, לשון קודש, רוסיש און דייטש. נאָך דער באַפרייאונג פון פּוילן — יידיש לשון קודש און פּויליש. ער האָט אויך צופּאַרדינט מיט שרייבן ביטעס צום געריכט און צו אַנדערע רעגירונגס־אַמטן. ער פלעגט אויך געבן יורידישע עצות, באַנוצנדיק זיך מיט די קאָדעקסן, וואָס האָבן זיך געפונען אין זיין ביבליאָטעק.

יוסף לייב געלבארד איז געווען פון די גרינדער פון „מזרחי" נאָך ווען ער האָט געדאַוונט אין גערער שטיבל. ביז דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער געווען פון די אַקטיווסטע עסקנים פון „מזרחי". ער איז פון דער „מזרחי" געווען רעלעגירט אין פאַרשידענע אינסטיטו־

ציעס: פּאָרזיצער פון דער יידישער קהלה, ראַטמאַן אין שטאָטראַט א״א. צוליב זיין ערלעכקייט און אויפריכטיקייט איז ער געווען באַליבט ביי דער יידישער און אויך קריסטלעכער באַפעלקערונג.

אברהם בער זילבערשטיין — צווישן דער בעלכאַטאָווער יידישער באַפעלקערונג איז זיין נאָמען געווען ווייניק באַקאַנט, הגם ער איז געווען איינער פון די אַקטיווסטע עסקנים פון „מזרחי", ווו ער האָט פאַרנומען די אחריותפולסטע אַמטן. ער איז געווען זייער אַ



אברהם בער זילבערשטיין און יעקב ערליך

באַשיידענער, קיינמאָל זיך נישט געשטופּט אויבנאָן און פיינט געהאַט יעדן קופּץ בראש. זיין אַרבעט אין דער פּאַרטיי האָט אברהם בער געטון אָן רעש און געפּילדער, אָבער שטענדיק ענערגיש און מיט דערפּאָלג.

אברהם בער זילבערשטיין איז געווען גרינדער און אָנפירער פון דער יבנה־שולע אין בעלכאַטאָוו, ווו אַ דור גאַנצער איז דערצויגן געוואָרן אין גייסט פון ארץ ישראל און זיך אויסגעלערנט אַ פליסיקן עברית אין ספרדישן דיאַלעקט. ער האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט פונעם מנהל־אַמט אין דער שולע, הגם ער האָט זיך צו יענער צייט געפונען אין גאָר שלעכטע מאַטעריעלע באַדינגונגען. ער האָט אַרויסגעוויזן אַ זייער ערנסטע באַציאונג צו געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. צו די זיצונגען פון קרן קימת, קרן היסוד א״א פלעגט ער קומען שטענדיק פינף מינוט פאַר דער באַ־

שטימטער צייט, הגם ער האָט גוט געוווּסט, אַז די זיצונג וועט זיך אָנהייבן ערשט מיט אַ שעה אָדער גאָר צוויי שפּעטער. מיט דער צייט האָט ער דערפירט דערצו, אַז אַלע אַנדערע האָבן אָנגעהויבן קומען פּינקטלעך צו די זיצונגען.

אפילו אויפן טויטן־בעט האָט ער נישט איבערגעריסן זיין פּאַרטיי־אַרבעט. צו זיין לוויה איז געקומען דאָס גאַנצע שטעטל. אָבער דאָ איז געשען אַ מאָדנע זאַך. ביי דער לוויה פון אברהם בער זילבערשטיין, וואָס האָט אַ גאַנץ לעבן אויסגעמיטן יעטוועדן קאַמף, יעטוועדן קאָנפליקט, איז דווקא אויסגעבראָכן אַ גאָר גרויסע מחלוקת. די חברה קדישא, וואָס איז דעמאָלט געווען באַהערשט פון דער „אגודה", האָט זיך געוואָלט נוקם זיין אין דעם נפטר פאַר זיין שאַרפער אַנטי־אגודה שטעלונג. זי האָט דעריבער אים צוגעטיילט אויפן בית־עולם אַ קרקע, וואָס איז געווען נישט צום כבוד פון אַ בן־תורה, אַלעקסאַנדרער חסיד און שטרענג פרומען ייד. האָבן דעם נפטרס פּאַרטיי־חסידים און פריינט אַליין דורכגעפירט די קבורה אויף אַן אַנדערן, אָנגעצייכנטן פּלאַץ.

יצחק גאָלדמינץ — שטאַמט פון אַן אַרבעטער־משפּחה. אַליין אַ וועבער, איז ער געווען אַ יודע און חובב ספר. יעדע פרייע שעה פלעגט ער פאַרברענגען איבער אַ בוך. אַ מענטש מיט אַ הייסן טעמפּעראַמענט, האָט ער רעאַגירט אויף יעדער עוולה. ער האָט צוליב דעם געהאַט פיל קעגנער אפילו אין זיינע אייגענע מזרחי־קרייזן. ער איז געווען דער לעצטער מזרחי־פאָרזיצער אין בעלכאַטאָוו. ער איז אויך געווען אין דער קהלה־פאַרוואַלטונג אין די יאָרן 1935—1939, בעת די קהלה איז געווען באַהערשט פון דער אגודה אויפן סמך פון דעם טרויעריק־באַרימטן פּאַראַגראַף 20. בעלכאַטאָווער יידן פלעגן ספּעציעל גיין צו די זיצונגען פון דער קהלה־פאַרוואַלטונג, כדי צו הערן יצחקס בייסיקע אַטאַקעס קעגן דער אגודה.

אויך אין די יאָרן פון דער נאַצי־אָקופּאַציע, ווען אָנגעזעענע מזרחי־עסקנים האָבן פאַרנומען אָנפירנדיקע אַמטן אינעם יודנראַט (יאַנקל ערליך, מענדל פעלד, שלום פעדער, מענדל ליפּמאַן און מאיר זשוכאָווסקי) האָט יצחק גאָלדמינץ זיי אַלעמאָל עפנטלעך קריטיקירט און זיך קאַטעגאָריש אָרויסגעזאָגט קעגן יעדער מיטאַרבעט מיט די נאַצים.

די מזרחי איז געווען די שטאַרקסטע ציוניסטישע גרופּע אין בעלכאַטאָוו און האָט געהאַט אַ שטאַרקן איינפלוס אויפן גאַנצן געזעלשאַפט־

לעבן לעבן אין שטעטל. זי האָט געהאַט אַ שטענדיקע מערהייט אין דער פאָלקסבאַנק (מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט יאַנקל ערליך) און — אין משך פון עטלעכע יאָר — אויך אין דער קהלה (מיט יוסף לייב געלבאַרד אלס פאָרזיצער). אין יענע יאָרן טאַקע האָט די קהלה אָנגעהויבן סובסי־דירן די יידישע ביבליאָטעקן און ספּאָרט־קלובן. דער קהלה־בודזשעט האָט דעמאָלט אויך פאָראויסגעזען סובסידיעס פאַרן קרן היסוד און קק״ל, אָבער די פּאָזיציעס פלעגן שטענדיק אַנולירט ווערן פונעם שטאָט־סטאַראָסטע, נאָך אינטערווענצן פון דער "אגודה".

עס האָט ביי דער „מזרחי" עקזיסטירט אַ יבנה־שול, אין וועלכער אַ גרויסער טייל פון דער בעלכאַטאָווער יוגנט האָט באַקומען אַ נאַציאָ־נאַלע דערציאונג. די שפּראַך פון די לימודים איז געווען עברית. די לערער זענען געווען דיפּלאָמירט פון מזרחיסטישן לערער־סעמינאַר.

אין די לעצטע יאָרן ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט זיך אין בעלכאַטאָוו אַרויסגערוקט אַ גרעסערע גרופּע יונגטלעכע מזרחי־עסקנים. די וויכטיקסטע פון זיי זענען גע־ווען מענדל ליפּמאַן און קלמן געלבאַרד.


מענדל ליפּמאַן

מ ע נ ד ל ל י פּ מ אַ ן, אַ זון פון זדונסקע וואָליער מורה הוראה, אַ למדן, אַ בקי אין תנ״ך, גערעדט אַ שיינעם עברית און באַשאָנקען מיט אַ פיינעם רעדנער־טאַלאַנט. בעת זיינע רעפעראַטן איז די שול שטענדיק געווען איבערפולט. ער פלעגט זיינע רעדעס בויען אויף מאמרי חז״ל, מדרשים, פסוקים פון תנ״ך. אין אינערלעכן לעבן פון „מזרחי" האָט מענדל ליפּמאַן געהאַט אַ גרויסן איינפלוס. ער איז געווען מיטגליד פון פּאַרטיי־ראַט פון דער „מזרחי" אין פּוילן. אין בעלכאַטאָוו האָט ער, אין משך פון אַ סך יאָרן, פאַרנומען דעם אמט פון פּאַרטיי־סעקרעטאַר.

בעת דער נאַצי־אָקופּאַציע איז מענדל ליפּמאַן געווען אַ מיטגליד אין יודנראַט. הגם קיין קאָנקרעטע פּאָרווורפן זענען קעגן אים נישט געמאַכט געוואָרן, האָט אים אָבער דער אָמט קיין כבוד נישט צוגעגעבן. זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן, אַז בעת עס האָט זיך אין לאָדזשער געטאָ געשאַפן אַ הילף־קאָמיטעט פאַר בעלכאַטאָווער — האָט ער אין אים אַקטיוו מיטגעאַרבעט.

ק ל מ ן  ג ע ל ב א ר ד, אַ זון פון פרומע באַלעבאַטישע עלטערן, געלערנט אין חדר און שפּעטער — אין בית־המדרש. ער האָט זיך אומעטום אויסגעצייכנט מיט זיין שנעלער אָריענטאַציע. די שווערסטע סוגיות האָט ער באַנומען באַלד ביים ערשטן מאָל לערנען. די קאָמפּליצירטסטע מאַטעמאַטישע חשבונות פלעגט ער מאַכן ממש צו דער סעקונדע. ער פלעגט לייענען אַ סך, געהאַט וועלטלעכע ידיעות, געקאָנט יידישע און וועלטגעשיכטע, געלערנט בוכפירונג און לסוף אויך באַקומען אַ לערער־דיפּלאָם.

אין די יאָרן 1922—1923 איז ער געווען אַקטיוו ביי די „צעירי אגודת ישראל", מיטגרינדער פון זייער ביבליאָטעק. ווען ער איז אָבער געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די אַרבעט פון דער „אגודת ישראל" פאַר ארץ־ישראל איז נישט קיין ערנסטע — איז ער, צוזאַמען מיט אַ גרופּע חברים זיינע, אַריבער אין „מזרחי", וווּ ער איז שנעל געוואָרן זייער אַקטיוו און שפּעטער איז ער געווען דער פאַקטישער מנהיג פון דער „מזרחי".

קלמן פלעגט אויסמיידן יעטוועדע רעקלאַמע און כבוד־זוכעריי. ער פלעגט זעלטן אויפטרעטן עפנטלעך, אָבער האָט ער דאָס געטון — פלעגט מען זיך צו זיין וואָרט שטאַרק צוהערן.

ער איז אויך געווען דער מנהיג און דערציער פון דער מזרחי־יוגנט. בעת דער אָקופּאַציע איז ער — להיפוך צו אַנדערע זיינע פּאַרטיי־חברים — געווען אַ שאַרפער קעגנער פון מיטאַרבעטן אין יודנראַט. אין 1941 איז קלמן געלבארד געווען אין דעם ערשטן טראַנספּאָרט, וואָס די דייטשן האָבן פון בעלכאַטאָוו געשיקט אין די טרויעריקע־באַרימטע פּויזנער לאַגערן. אַ דאַנק זיינע ידיעות אין דער דייטשער שפּראַך קומט ער אָן אין לאַגער־ביוראָ, וווּ ער האָט שטאַרק נושא־חן געווען און ווערט באַשטימט אַלס אונטער־לאַגער־פירער, ד"ה אַלס הערשער איבערן לעבן און טויט פון אַלע קאַצעטניקעס.

אָבער אויך אויף דעם אמת האָט קלמן אויסגעהאַלטן דעם עקזאמען פון מענטש און ייד. ער האָט אויסגענוצט זיין גאנצן איינפלוס לטובת די לאגער־מענטשן. ער האָט זיך מיט אלע מיטלען באמיט אויסצובעסערן די באשפייזונג (אין דעם פרט האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף די טרוי־עריק־באַרימטע ברידער ראָזענשטאַק, ר' יוסף סופרס זינדלעך).

ער האָט אויסגעפועלט, אז פון די שפייז־פעקלעך, וואָס זענען אָנגעקומען פון בעלכאַטאָוו, זאָל צוואַנציק פּראָצענט אָראָפּגענומען ווערן פאַר די נישט־פארמעגלעכע בעלכאַטאָווער, וואָס האָבן קיין פעקלעך נישט באַקומען. ער האָט געמונטערט די לאגער־מענטשן, זיי באַוויגן אויפצוהאַלטן די היגיענישע באדינגונגען, פארגלעט פארן ס. ס. לאגער־פירער די „חטאים" פון די קאצעטניקעס און דערמיט געשטעלט אין געפאַר זיין אייגן לעבן. צום סוף האָט מען אים טאקע געמסרט, אז ער פארדעקט די חטאים און ער איז אראָפּגענומען געוואָרן פון זיין אמט. אויף זיין פלאַץ איז באשטימט געוואָרן דער בעלכאַטאָווער תמיר ווישניעווסקי און באַלד טאקע האָט זיך ארויסגעוויזן די טראגישע באדייטונג פון דער ענדערונג. באַלד אין די ערשטע טעג פון ווישניעווסקים „הערשאפט" איז געהאָנגען געוואָרן דער בעלכאַטאָווער ייד משה יוסף פעלד פאַר ארויסכאַפּן זיך פון לאגער און זוכן ברויט ביי די ארומיקע פויערים. אויך פריער פלעגט משה יוסף זיך ארויסגנבענען פון לאגער, אָבער קלמן פלעגט עס פארדעקן. ווישניעווסקי האָט זיך אָבער נישט געוואָלט שטעלן אין געפאַר און דער־פירט משה יוספן צו דער תליה.

זאָלן מיינע ווערטער דינען ווי אַ מצבה פאַר מיין חבר קלמן געל־בארד, וואָס איז אומגעקומען אין די לאגערן.

עס דאַרף אויך דערמאַנט ווערן דער מזרחי־עסקן בן־ציון בערקאָ־וויטש. ער האָט זיך אינגאנצן געווידמעט דעם קק"ל. דאָס איז ביי אים געווען אַן עבודת הקודש און דער ארבעט האָט ער אָפּגעגעבן זיין צייט, ענערגיע און מי.

## אַלגעמיינע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע

ביז דעם יאָר 1930 זענען די ציונים־כלליים אין בעלכאַטאָוו נישט געווען אָרגאַניזירט, הגם זיי האָבן — ווי יחידים — זיך באַטייליקט אין אַלע ציוניסטישע אַקציעס, ווי קרן היסוד, קק"ל א"א. אין יאָר 1930 איז אויף דער איניציאַטיוו פון שלמה הערש טאָפּאָלעוויטש, פייוול רעגי־

רער און לייביש זשוכאָווסקי, געגרינדעט געוואָרן די ציוניסטישע אָרגאַני־זאַציע. די ערשטע פאַרוואַלטונג איז באַשטאַנען פון: שלמה הערש טאָפּאָלעוויטש (פאָרזיצער), מלך פודלאָווסקי (סעקרעטאַר), פייוול רעגירער, לייביש זשוכאָווסקי און חיים נתן זענדעל.

די אַלגעמיינע ציוניסטישע באַוועגונג האָט אין דעם עפנטלעכן געזעלשאַפטלעכן לעבן פון בעלכאַטאָוו נישט געשפּילט קיין באַדייטנדיקע ראָלע. אָבער די גאַנצע אַרבעט פאַר די ארץ־ישראל־פאָנדן איז געטון געוואָרן דווקא פון דער אָרגאַניזאַציע.



ערשטער באַזאַר פון קרן קימת לישראל

ביי דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָט עקזיסטירט אַ „חלוץ בעל מלאכה”, וואָס איז באַשטאַנען פון ציוניסטיש־געשטימטע האַנטווערקער, וועלכע האָבן זיך געגרייט עולה צו זיין קיין ארץ ישראל. אָנגעפירט מיט זיי האָט אליעזר ווענגלישעווסקי.

שוין די ערשטע פאַרוואַלטונג פון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָר־גאַניזאַציע האָט געשאַפן דעם „הנוער הציוני” — אַ ציוניסטישע יוגנט־גרופּע, וואָס האָט מיט דער צייט פאַרנומען אַ גאָר בכבודיק אָרט אין דער בעלכאַטאָווער יוגנט־באַוועגונג.

די לעצטע פאַרוואַלטונג פון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַני־זאַציע איז באַשטאַנען פון: פּנחס זשעסלאַווסקי (פאָרזיצער), לייביש זשוכאָווסקי, חנה האַפּט, ברוך ראָזענצווייג און מלך פּודלאָווסקי. אין חברים־געריכט — יחיאל מאיר פערשטער, פייגע פּודלאָווסקא־אייזען און אליעזר ווענגלישעווסקי. אין דער רעווידיר־קאָמיסיע — אהרן פיי־נער און מאיר יאַקובאָוויטש.

## הנוער הציוני

דער הנוער הציוני איז געגרינדעט געוואָרן אין בעלכאַטאָוו אין יאָר 1931 אויף דער איניציאַטיוו פון ה׳ פּייוול רעגירער (היינט אדוואָקאַט אין לאָדזש) מיט דער מיטהילף פון אַ חבר פון דער הנהגה פון לאָדזש — יאַנעק דזשעוויענצקי.

די ערשטע הנהגה פון „הנוער הציוני" איז באַשטאַנען פון אדוו. פּ. רעגירער (ראש הקן), חנה האַפּט, יידל אַלטמאַן, בראָנקע דרעזנער און רחל לייב.

אין „הנוער הציוני" האָבן זיך גרופּירט חברים פון אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין בעלכאַטאָוו. די מערהייט האָט איר דער־ציאונג באַקומען אין די אַלגעמיינע פאָלקס־שולן, אָן שום יידישע קענטע־נישן. אַ קלענערער טייל איז געקומען פון „השומר הדת" און „בנות אגודת ישראל", וואָס האָבן שוין יאָ געהאַט באַקומען אַ נאַציאָנאַל־רע־ליגיעזע דערציאונג.

כמעט יעדן טאָג פלעגן אין „הנוער הציוני" פאָרקומען „קרייזן", ווו מען האָט זיך באַמיט צו געבן די חברים ידיעות וועגן יידישער ליטעראַטור און געשיכטע, ארץ־ישראל אא"וו. עס פלעגן אויך פון צייט צו צייט באַ־האַנדלט ווערן סאָציאַלע טעמעס. מיט די קרייזן האָבן אָנגעפירט פּייוול רע־גירער, ש. ה. טאָפּאָלעוויטש, זלמן פיינער, מלך פּודלאָווסקי און פון די יוגנטלעכע גופא — מאיר באַראָכאָוויטש און אריה שאַטאַן.

די הנהלה הראשית פון ווארשע פלעגט אויך צושיקן אינסטרוקטאָרן. עס זענען געפירט געוואָרן אָוונט־קורסן פאַר עברית, אָנגעפירט פון אהרן פּנחס באָרענשטיין.

פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה איז דער „הנוער הציוני" אין בעל־כאַטאָוו געווען איינע פון די גרעסטע יוגנט־גרופּן, געציילט קרוב צו הונדערט מיטגלידער, געהאַט אַן אייגענע ביבליאָטעק, אַ פוטבאָל־דרו־

זשינע און די בעסטע פינג־פּאָנג־גרופּע. ווען עס איז אין בעלכאטאָוו, אין ווינטער 1938—39, פּאָרגעקומען א פארמעסט פון אַלע אָרטיקע פינג־פּאָנג קלובן (יידישע, פּוילישע און דייטשע), האָט דער „הנוער הציוני" געוווּנען די מייסטערשאַפט. (אַדאַנק די ח"ח יאנקל זילבערגאָלד און אריה שאטאן).

די לעצטע הנהגה פון „הנוער הציוני" פון בעלכאטאָוו איז באשטאַנען פון: זלמן פיינער (ראש הקן), בראָנקע דרעזנער, מאיר באָראָכאָוויטש, אריה שאטאן, סימע וויעזשביצקי און שמואל נאכטיגאל. ווען עס איז אין לאָדזשער געטאָ אָרגאניזירט געוואָרן א מחתרת־באוועגונג אונטערן נאָמען „חזית", אָנגעפירט פון אהרן יאקובסאָן, האָבן די בעלכאטאָווער חברים אין איר גענומען אַן אַקטיוון אנטייל.

## די רעוויזיאָניסטישע אָרגאַניזאַציע

אין בעלכאטאָוו האָט אויך עקזיסטירט א רעוויזיאָניסטישע אָרגאַניזאַציע מיט אַלע אירע צווייגן, ווי „ביתר", „ברית החייל" אא"וו. קיין



די פאַרוואַלטונג פון בית"ר אין בעלכאַטאָוו

אויפן בילד: הענעך זשוכאָווסקי, לייבל פעדער, משה קלוב און יאָסל נוס

באַדייטנדיקע ראָלע אינעם בעלכאַטאָווער יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן האָט די רעוויזיאָניסטישע אָרגאַניזאַציע נישט געשפּילט. אַן אויסנאַם איז נאָר געווען די ספּאָרט־באַוועגונג, וואָס איז אין „ביתר" געווען גוט אוועק־געשטעלט.

צו די אַקטיווסטע רעוויזיאָניסטישע טוער אין בעלכאַטאָוו האָבן געהערט: גדליהו שטאַטלענדער, משה קלוג, אברהם נאָוואַק און הענעך זשוכאָווסקי.

## רעכטע פּועלי ציון


שמואל חיים קעלמאַן

אויך די פּועלי ציון (רעכטע) האָבן געהאַט אַ גוט אָרגאַניזירטע באַוועגונג מיט אַן אָנפירערשאַפט, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ הויכן קולטור־ניוואָ ווי: אהרן פנחס באָרענשטיין, שמואל חיים קעלמאַן, חייטשע זיגמונטאָוויטש, אברהם מינץ, משה בורנעם פערבער (איצט אין ישראל), אברהם ליצטאַנאָווסקי און יידל לייב.

די רעכטע פּועלי ציון האָט געהאַט די גרעסטע ביבליאָטעק אין שטאָט.



אַ גרופּע פון די רעכטע פּועלי־ציון



אַ גרופּע יוגנטלעכע פון די רעכטע פּועלי ציון



באָראָכאָוו־קיבוץ (יאָר 1934)



פרייהייט־קאָמיטעט פון די רעכטע פועלי־ציון

עס זיצן (פון רעכטס): מאָשקאָוויטש, רחל יאָסקאָוויטש, פעלד, גאָלדבערג, יודל פלאַוונער. עס שטייען: לייזער פיולאַ, מאָטל לייב און אהרן פנחס באָרענשטיין.



ספאָרט־אָרגאַניזאַציע „קראפט" פון רעכטע פועלי־ציון

פישל שמולעוויטש

# די לינקע „פועלי ציון"

די פועלי־ציוניסטישע באוועגונג אין בעלכאטאָוו איז אנטשטאַנען אויף אַ גאַנץ־קוריאָזן אופן: זי איז אויסגעוואַקסן פון די רייען פון בעל־כאטאָווער „בונד".

בכדי צו פאַרשטיין דעם דאָזיקן קוריאָז, מוז איך מיך אומקערן צו אַ קאַפּיטל פאַרגעשיכטע, צו יענעם פּעריאָד אין אונדזער שטעטל, ווען די בחורים אין בית־המדרש האָבן ביים לערנען אונדזער גמרא אָדער אַנדערע ספרים געהאַט באַהאַלטן ביכלעך פון דער וועלט־ליטעראַטור און זיי געלייענט אין געהיים. די דאָזיקע ביכלעך פלעגט מען אויסבאָרגן אין געהיים פאַר דריי קאָפּיקעס אַ וואָך ביי יעקב עלבינגער, וועלכן מען האָט אין שטעטל גערופן „יאַנקל שפּיליטער". ערשט שפּעטער, ווען מען האָט אונדז אַנטדעקט און מיר האָבן שוין פאַרלאָזט דעם בית־המדרש, זענען מיר געוואָרן אָפיציעלע מיטגלידער אין דער ביבליאָטעק און אַ טייל האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן דער ציוניסטישער באַוועגונג, די אַנדערע טייל ווידער איז צוגעטרעטן צום „בונד". מיר האָבן אונדזער ביבליאָטעק אָרגאַניזירט אין דעם ציוניסטישן קלוב, וואָס האָט צו יענער צייט עקזיסטירט אין דער הייף ביי יאַנקל אָסטראָווסקי אין הויז, די איינציקע צוויי־שטאָקיקע געביידע, וואָס איז דאַן געווען אין בעלכאטאָוו.

אַ גרויסער טייל מיטגלידער אין ציוניסטישן קלוב האָט געשטאַמט פון די אָרעמע שיכטן פון אַרבעטער, בעלי־מלאכות און קליינהענדלער, וואָס האָבן אידעאיש געזוכט צו לייזן די יידישע נאַציאָנאַלע פראַגע דורך ארץ־ישראל, אָבער גייסטיק איז די סביבה אין דעם ציוניסטישן קלוב זיי געווען פרעמד, ווייל עס האָבן זיך געהאַט פאַרקליבן אַהין אויך די קינדער פון רייכע עלטערן און אפילו עטלעכע רייכע פאַבריקאַנטן. אין בונדישע קרייזן איז דאַן אַנטשטאַנען די איניציאַטיוו אָפּצוטיילן פון דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע די אומצופרידענע אַרבעטער־יוגנט און שאַפן די

פועלי־ציון־פּאַרטיי, בכדי ביי דער נאָענטסטער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון דער ביבליאָטעק צו האָבן אַן ארבעטער־מערהייט, וועלכע זאָל באַשטימען וועגן דעם ווייטערדיקן גורל פון דער ביבליאָטעק. וואָס האָט שוין דאַן געציילט אַן ערך 900 ביכער. עס איז קלאָר, אַז וועגן דעם בונדישן אויפטו האָט מען זיך דערוווסט שוין לאחר־המעשה, ווען פּועלי־ציון איז שוין געווען אַ זעלבסטשטענדיקע פּאַרטיי און אַנטוויקלט אַ פּאַרצווייגטע טעטיקייט אין שטעטל. די ערשטע אָנפירער פון בעלכאַטאָווער פּועלי־ציון זענען געווען רחל ליכטענפעלד, און משה שמולעוויטש, צוויי פעאיקע און אינטעליגענטע יונגע מענטשן, וועלכע דער „בונד" האָט באַשטימט פאַר דעם דערמאָנטן צוועק.

דאָס איז געווען אין יאָר 1917, ווען דער „בונד" האָט איבערגענומען די ביבליאָטעק פון דעם ציוניסטישן באַזיץ. אין אַ שבת נאָכמיטאָג האָט מען אונדז גערופן אויף אַ דרינגענדיקער פאַרזאַמלונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער וווינונג פון דער לערערין אויף פּאַביאַניצער 29. דאָרט האָט משה שמולעוויטש געהאַלטן אַ פּראָגראַם־רעדע און באַלד איז אויפן אָרט געשאַפן געוואָרן אַן אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פון די פּערזאָנען: שלמה גאָלדשטיין, דער זון פון אברהם יעקב גאָלדשטיין, וואָס איז אין יאָר 1919 געשטאָרבן אין אונגאַרן, אברהם וואַרשאַווסקי, ישעיהו אבראַמטשיק, ישראל געלבאַרד, רחל שמולעוויטש, רחל ליכטענפעלד און דער שרייבער פון די שורות. דעם צווייטן שבת נאָכמיטאָג איז באַשטימט געוואָרן די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, צו וועלכער עס זענען געקומען אַ גרויסע צאָל מענטשן און עס האָבן זיך גלייך פאַרשריבן אין דער נייער פּאַרטיי עטלעכע און דרייסיק מיטגלידער. עס איז געוויילט געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג, אין וועלכער עס זענען אריין: משה שמולעוויטש, רחל ליכטענפעלד, מאַקס יאַקובאָוויטש, אברהם שמולעוויטש, פישל שמולעוויטש, ישעיהו אבראַמטשיק, מרים בוזשיקאָווסקי, שלמה גאָלדשטיין און משה פיגעל. אין רעוויזיאָנס־קאָמיסיע זענען אריין: ישראל געלבאַרד, א. וואַרשאַווסקי און שלמה פעלצמאַן.

אונדזער ערשטע אויפגאַבע איז געווען צו ווערבירן מיטגלידער און דאָס האָט זיך אונדז זייער גוט איינגעגעבן. פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָבן זיך צו אונדז אָנגעשלאָסן אַ גרויסע צאָל מיטגלידער און מיט עטלעכע חדשים שפּעטער איז גערופן געוואָרן די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער ביבליאָטעק. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט זיך

שוין דעמאָלט געפונען אין דער הייך ביי מאַליע די בעקערין, דאָרט ווו עס איז לעצטנס געווען די פּאָסט. פּאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג איז געווען דער פירער פון די בעלכאַטאָווער ציוניסטן, דער שרייבער יואל לייב גאָלדשטיין.

זעענדיק, אַז זיי האָבן שוין נישט מער קיין מערהייט אין דער ביבליאָ־טעק, האָבן די פאַרשטייער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אַרויס־גערופן אַ טומל און אויפגעריסן די פאַרזאַמלונג. שפּעטער האָבן מיר,



דער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון די לינקע פועלי־ציון אין יאָר 1923

שוין אַלס אָרגאַניזירטע פועלי־ציון־פּאַרטיי, באַקומען אַ בריוו פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אַז היות די ביבליאָטעק געפינט זיך אין ציוניסטישן לאָקאַל, ווערט זי דערקלערט אַלס ציוניסטישע ביבליאָטעק און אויב מיר זענען דערויף נישט מסכים, זאָלן מיר קומען צוזאַמען מיט אַ דעלעגאַציע פון „בונד“ צו אונטערהאַנדלען. מיר, די פועלי־ציון, האָבן שוין דאַן געהאַט אין אונדזערע רייען כמעט אַ העלפט פון אַלע מיט־גלידער פון דער ביבליאָטעק און צווישן אונדז און דעם „בונד“ איז שוין אויך געקומען צו אַ ריס און דאָס צוליב פאָלגנדיקע סיבות:

דער „בונד“ האָט געמיינט, אַז עס וועט אים געלינגען צו באַקומען אַ השפּעה אויף אונדזער פּאַרטיי, אָבער מען האָט זיך אָרומגעזען, אַז די

דאָזיקע מיינונג איז געווען אַ טעותדיקע. מיר האָבן גלייך פון אָנהויב אַליין גענומען אויף זיך די איניציאַטיוו פון אַלע אַרבעטן צו פירן זעלבסט־שטענדיק און נישט געוואָלט דערלאָזן צו קיין שום זייטיקע השפּעות; נאָר אַליין ווערן אַ ווירקנדיקער פאַקטאָר אין דעם אָרטיקן יידישן לעבן. צווישן „בונד" און „פּועלי־ציון" האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרהאַנדלונגען וועגן אַ צוזאַמענאַרבעט אויפן קולטורעלן געביט מיט אַ פולשטענדיקער אויטאָנאָמיע פאַר יעדער פּאַרטיי צו פירן איר פּאָליטישע טעטיקייט. דער קולטור־פאַראיין האָט זיך דאַן געפונען אין ראָזנערס הויז אויף דער פּיעטריקאָווער גאַס און האָט געהערט צום „בונד". מיר האָבן געדאַרפט העלפן אויסהאַלטן די שולע, וואָס האָט שוין דאַן עקזיסטירט ביים קולטור־פאַראיין און גע־הערן צום פאַראיין אַלס פולבאַרעכטיקטע מיטגלידער. אין פאַראיין האָבן געדאַרפט פאָרקומען פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן צו דער פאַרוואַלטונג. דער אָפּמאַך צווישן „בונד" און „פּועלי ציון" איז געשלאָסן געוואָרן אין דעם גייסט און מיר האָבן אָנגעהויבן אַן אַקטיווע פּאָליטישע און קולטורעלע טעטיקייט. פון די צוויי אָרגאַניזאַטאָרן פון אונדזער פּאַרטיי איז רחל ליכטענפעלד באַלד צוריק אין „בונד", דאַקעגן איז משה שמולעוויטש ווייטער געבליבן אין „פּועלי ציון", הגם שוין נישט אויף קיין פירנדיקן אַמט. פון אונדזער יוגנט האָבן זיך שוין אָנגעהויבן אַרויסרוקן אינטעליגענטע כוחות, וואָס האָבן איבערגענומען די לייטענדיקע אַמטן. איינער פון זיי, שלמה גאָלדשטיין, אַ דינאַמישער יונגער מענטש, וואָס איז געקומען פון דער ישיבה, איז געוואָרן דער פּאַרטיי־סעקרעטאַר. מיר האָבן אויך אָנגע־הויבן איינלאָדן רעדנער און איינער פון די ערשטע געסט ביי אונדז איז געווען חבר קרול פון לאָדזש. דער צווייטער גאַסט־רעדנער איז געווען חבר ראַפּאַפּאָרט, אויך פון לאָדזש, וועלכער האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט א. ד. ט. „בונד און די נאַציאָנאַלע פראַגע". ווען ער האָט אָנגערופן דעם „בונד" (רופנדיק זיי בונדיסטלעך), איז אַנטשטאַנען אַ טומל אין זאַל, עס איז געקומען צו אַ געשלעג און דער רעפעראַט איז אויפגעריסן געוואָרן.

אַ קורצע צייט נאָכדעם איז פאָרגעקומען די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון קולטור־פאַראיין און די בונדישע מערהייט האָט אָנגענומען אַ באַ־שלוס, אַז די פּועלי־ציוניסטישע מיטגלידער קאָנען אינדיווידועל געהערן צום פאַראיין אָבער נישט אַלס אָרגאַניזירטע גרופּע און דערביי איז אויך אָפּגעוואָרפן געוואָרן אונדזער פאָדערונג וועגן פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן,

נאָר עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די קאַנדידאַטן־ליסטע, וואָס וועט באַקומען אַ מערהייט, וועט פאַרוואַלטן מיטן קולטור־פאַראיין. דאַן האָבן די פועלי־ציוניסטן פאַרלאָזט די פאַרזאַמלונג און האָבן באַשלאָסן שאַפן „די אַרבעטער־היים". היות אָבער איין ביבליאָטעק איז געבליבן אין רשות פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און דער קולטור־פאַראיין איז אינגאַנצן איבערגעגאַנגען אין רשות פון דער בונדישער מערהייט. האָבן מיר אָפּ־



אַ גרופּע טוער פון לינקע פועלי ציון

א. נאָוואק, ק. מ. פּזשעדבאָרסקי, ש. פּזשעדבאָרסקי, א. שמולעוויטש, ש. אבראמטשיק, ל. שאפראן, ש. יאַאַב, דוד אלטמאן, פעלדמאן, יאנקל גרינשטיין, אברהם געלבארט, פּ. שמולעוויטש, דוד שמולעוויטש, י. נאוואק, י. מאָר־גענשטערן, מ. שמולעוויטש, יידל פעלד, מ. אבראמטשיק א"א.

געהאַלטן אַ באַראַטונג און באַשלאָסן איבערפּאַלן די ציוניסטישע ביבליאָטעק און פאַרכאַפּן וואָס מער ביכער. די ציוניסטישע ביבליאָטעק פלעגט געעפנט ווערן 5 נאָכמיטאָג יעדן זונטיק, דינסטיק און דאָנערשטיק און שבת איז די ביבליאָטעק געווען אָפן דעם גאַנצן נאָכמיטאָג. היות זונטיק פלעגט קומען אין דער ביבליאָטעק ווייניק מענטשן, האָבן מיר באַשלאָסן מאַכן דעם איבערפאַל זונטיק נאָכמיטאָג, גלייך ווי די ביבליאָטעק וועט נאָר געעפנט ווערן און עס זענען נאָך קיין מענטשן נישטאָ. מיר

האָבן אויסגעקליבן אַ גרופּע שטאַרקע בחורים, וואָס האָבן געדאַרפֿט דורכ־פירן דעם אָנפֿאַל. מען האָט אַרומגעשטעלט דעם איינגאַנג, בכדי קיין שום זייטיקע מענטשן נישט אַריינצולאָזן (זאָגנדיק די געקומענע, אַז די ביבליאָטעק איז דעם טאָג געשלאָסן) און איין גרופּע איז אונטער מיין אָנפֿירונג אַריין אין דער ביבליאָטעק מיט זעק, וועלכע מען האָט געדאַרפֿט אָנפֿילן מיט די ביכער און אַ צווייטע גרופּע, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון אברהם וואַרשאַווסקי האָט געדאַרפֿט זיך געפֿינען אויף דער צווייטער זייט פּלויט און איבערנעמען די זעק מיט די ביכער, וועלכע מען האָט געדאַרפֿט אוועקטראָגן אויף באַשטימטע ערטער, ווו עס זענען שוין געווען אויסגע־גראָבן גריבער בכדי דאָרט צו באַהאַלטן די ביכער ביז דער ערשטער שטורעם פֿון אָנפֿאַל וועט אַריבער. צווישן די „אָנפֿאַלער" אויף דער ביבליאָ־טעק זענען אויך געווען„ משה אבראַמטשיק, טויבע שמולעוויטש, מרים בורזשיקאָווסקי, רחל שמולעוויטש, משה פֿיגעל, פּיניע נאַפּאַרסטעק, יוסף מאָרגענשטערן א"א.

ווען מיר זענען צו דער באַשטימטער צייט געקומען אין דער ביבליאָ־טעק, האָבן מיר דאָרט געטראָפֿן דעם ביבליאָטעקאַר משה רייבענבאַך, זיין פּאַרטרעטער משה אָסטראָווסקי און אַ מיידל, וואָס איז געקומען טוישן אַ בוך. דער גאַנצער פּלאַן פֿון דעם אָנפֿאַל האָט זיך איינגעגעבן. מיר האָבן צוגענומען אַן ערך 600 ביכער. ביינאַכט זענען די אָנפֿירער פֿון דער ביבליאָטעק געקומען מיט פּאָליציי און אָנגעוויזן אויף אונדז, אַלס דורכ־פירער פֿון דעם שטיקל אַרבעט. אָבער דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט זעענדיק, אַז עס האַנדלט זיך וועגן אַ פּאָליטישן ענין צווישן ציוניסטישע גרופּן האָט אונדז גלייך באַפֿרייט און נישט געמאַכט קיין פּראָצעס.

נאָכן איינשטילן זיך פֿון דעם שטורעם צוליב אונדזער געוואַגט שטיקל אַרבעט, האָבן מיר איינגעאָרדנט אונדזער ביבליאָטעק פֿריער ביי משה פּזשעדבאָרסקי (משה גראָבעליצער) אויף דער פּאַביאַניצער גאַס און שפּעטער אין אַ גרעסערן לאָקאַל ביי משה באַם אויף דער פּיעטריקאָווער גאַס און מיר האָבן אָנגעהויבן פֿירן אונדזער קולטור־טעטיקייט. מיר האָבן געשאַפֿן אַ כאָר אונטער דער לייטונג פֿון מאַקס יאַקובאָוויטש (היינט אין בוענאָס איירעס) און צום יאָרצייט נאָך בער באָרוכאָוון האָבן מיר איינ־געאָרדנט אַ טרויער־אַקאַדעמיע, אויף וועלכער אונדזער כאָר האָט אויס־געפֿירט כמעט דעם גאַנצן פּראָגראַם און זייער שטאַרק אויסגענומען. אונ־טער דער לייטונג פֿון דעם זעלביקן מאַקס יאַקובאָוויטש האָבן מיר אויך

געשאפן א דראמאטישן קרייז. עס איז געשאפן געוואָרן א יוגנט־קרייז, וואָס האָט זיך זייער שיין אַנטוויקלט און היות אונדזער אַרבעט איז זיך כסדר פונאַנדערגעוואַקסן, האָבן מיר געדונגען פאַר דער „אַרבעטער היים" א שיינע דירה פון עטלעכע צימערן ביי עוזר זשיכאָווסקי, לאָזנדיק דעם פריערדיקן קליינעם לאָקאַל פאַר דער יוגנט.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אָבער אונדז נישט געקאָנט פאַרגעסן אונדזער אָנפאַל אויף דער ביבליאָטעק און באַשלאָסן זיך נוקם זיין.



א גרופּע פון לינקע פּועלי ציון

בעת מיר האָבן צוזאַמען מיטן „בונד" איינגעאָרדנט א טעאַטער־פאָרשטעלונג אין דעם זאַל פון די פייערלעשער, שפּילנדיק „גאָט, מענטש און טייוול" פון יעקב גאָרדין, האָבן די מיטגלידער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע זיך אַריינגעבאַקומען אין אונדזער לאָקאַל און צוגענומען ביי אונדז אַן ערך 400 ביכער. אויף צו מאָרגנס האָבן מיר מיט דער הילף פון דער פּאָליציי צוריק אָפּגעפונען די ביכער. זיי זענען אָבער איבערגעשיקט געוואָרן צום געריכט און בעת דעם משפּט זענען די ביכער דורכן ריכטער איינגעטיילט געוואָרן אין צוויי טיילן, פאַר יעדער ביבליאָטעק איר טייל און דערמיט איז דער אינצידענט ליקווידירט געוואָרן... מיר

האָבן אויך געשאַפן אַן אייגענע שולע, ווו עס האָבן געלערנט אַן ערך הונדערט קינדער. די לערער זענען געווען: רחל שמולעוויטש, וואָס איז געשטאָרבן אין עלטער פון 23 יאָר, חיה בלימע רובין, וואָס האָט געלערנט פויליש און משה שמולעוויטש. נישט געקוקט דערויף, וואָס מיר האָבן גע־האַט אין „ארבעטער היים" 200 מיטגלידער, האָבן מיר אָבער דעם לאָקאַל מיט דער שולע נישט געקאָנט אויסהאַלטן און מיר האָבן דאַן גע־שאַפן אַ קאָאָפּעראַטיוו, בכדי פון דעם פאַרדינסט צו דעקן דעם דעפיציט פון דער שולע.

צווישן די רעדנער־געסט, וואָס מיר פלעגן ברענגען פון ווארשע און פון לאָדזש האָבן זיך געפונען די ח"ח: זרובבל, נתן בוקסבוים, אהרן וואלד, יוסף ראָזען, ישראל סטאָלארסקי א"א.

מיר האָבן אויך דורכגעפירט ציקלען לעקציעס מיט אייגענע כוחות און אזוי האָט משה שמולעוויטש רעפערירט וועגן יידישער געשיכטע און וועגן קולטור־געשיכטע, ח' אסטלער, אַ סטודענט, האָט רעפערירט וועגן פּאָליטישער עקאָנאָמיע און די געשיכטע פון סאָציאַליזם אד"גל.

זייער אַ וויכטיק אָרט אין אונדזער טעטיקייט האָט פאַרנומען די קאָ־אָפּעראַטיווע. מיר האָבן געשאַפן דעם קאַפּיטאַל דורכן פאַרקויף פון אַק־ציעס צווישן מיטגלידער, סימפּאַטיקער און סתם קאָנסומענטן און אפילו געבאָרגט געלט אויף פּראָצענט. משה שמולעוויטש איז באַשטימט גע־וואָרן אַלס פאַרוואַלטער פון דער קאָאָפּעראַטיווע, אברהם געלבארד איז געווען סעקרעטאַר און יעקב פלאַקאָוויטש דער פאַרקויפער. דאָס איז אגב געווען די הערלעכסטע צייט אין דער טעטיקייט פון אונדזער פּאַרטיי אין בעלכאַטאָוו, ווייל שפּעטער, מיטן צוזאַמענברוך פון דער קאָאָפּעראַטיווע, איז אויך געקומען די ירידה פון דער פּאַרטיי גופא. עס האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז די פירער פון דער קאָאָפּעראַטיווע זענען נישט געווען קיין דערפאַרענע מענטשן אויף דעם געביט, בפרט, אַז אויך דער „בונד" האָט געהאַט זיין קאָאָפּעראַטיווע און עס איז אָנגעגאַנגען אַ שטאַרקע קאָנקור־רענץ צווישןביידע קאָאָפּעראַטיוון. אַ סך חברים, וואָס האָבן אַריינגעלייגט אין די אַקציעס זייערע לעצטע גראָשנס, האָבן דאָס געלט פאַרלוירן און מיר האָבן קוים געקאָנט אַרויסקריכן פון די חובות, וועלכע מען האָט גע־מאַכט ביי יידן, וואָס האָבן געבאָרגט דאָס געלט אויף פּראָצענט. עס איז געוואָרן אַ בהלה אין שטעטל און דער פּרעסטיזש פון דער פּאַרטיי האָט דערפון שטאַרק געליטן. מיר האָבן אויך געמוזט ליקווידירן אונדזער שולע

און צוריק פארקלענערן דעם לאקאל פון דער „ארבעטער היים", וואס האט זיך איבערגעטראגן אין הויז פון חנא ליפעס. די טעטיקייט איז אויך געווען שוין באשווערט צוליב די פאליצייאישע רדיפות אויף די ארבעטער־ארגאניזאציעס.

ביי זייער שווערע באדינגונגען האבן מיר אבער דאך פארגעזעצט אונדזער טעטיקייט און צווישן די אקטיווסטע טוער האבן זיך אין די שפעטער־דיקע יארן געפונען: יוכבד עקשטיין, וואס איז בעת דער פערטער עליה עולה געווען קיין ארץ־ישראל, האט אבער געמוזט צוליבן געזונט־צושטאנד צוריקקומען (זי איז געשטארבן אין יאר 1932), ישעיה אבראמטשיק, און משה פעלצמאן (ביידע זענען שפעטער אוועק קיין סאוויעט־רוסלאנד), טויבע שמולעוויטש, מרים בוזשיקאווסקי, אברהם ווארשאווסקי, ישראל געלבארד, קלמן מענדל פזשעדבארסקי, וואס איז געקומען צו אונדזער באוועגונג פון די „פועלי אמוני ישראל", מענדל פעלד און שלמה שמולעוויטש (ביידע זענען אומגעקומען צווישן די ערשטע צען געהאנגענע יידן פורים 1942), משה פיגולע, אברהם געלבארד, יעקב זשעסלאווסקי (היינט אין ישראל), פיניע נאפארסטעק, יעקב נאפארסטעק (היינט אין נארד־אמעריקע).

אין די יארן 1922—1923 האט זיך אנגעהויבן א שטארקע אויסוואנדערונג פון בעלכאטאוו. מען איז געפארן קיין נארד־אמעריקע, קיין ארגענטינע, בראזיל, ארץ־ישראל, סאוויעט־רוסלאנד און אונדזער פארטיי־אקטיוו איז געבליבן זייער א קליינער. די אקטיווסטע זענען צו יענער צייט געווען: קלמן מענדל פזשעדבארסקי, ישראל יאקובאוויטש, זרח פעלד, אברהם רוזשיצקי, משה אלי ניעווינסקי און דער שרייבער פון די שורות. מיר האבן געדונגען א בוידעם שטיבל אויף פאביאניצער גאס און פלעגן נאך פון צייט צו צייט אראפברענגען פון לאדזש א רעדנער, הגם שוין נישט אין דעם פריערדיקן פארנעם. מיר האבן אבער נאך געהאט א גוטע יוגנט, צווישן וועלכע מען דארף דערמאנען איטשע אבראמטשיק, מלך זילבערשטיין, אברהם הארטמאן א"א.

מיטן אומקום פון דעם פוילישן יידנטום איז אויך אומגעקומען דער בעלכאטאווער יידישער ישוב צוזאמען מיט אירע בעסטע מענטשן און העלדישע קעמפער.

לייב פּודלאָווסקי

# די אָרטאָדאָקסישע באַוועגונג אין בעלכאַטאָוו

שוין אין סוף פון 19טן יאָרהונדערט, האָט אין בעלכאַטאָוו עקזיסטירט א „חברה" בחורים, ס'רוב וועבער, מיט שמואל זאַנוול באָם און זקן אַלט־מאַן בראש. וואָס פלעגן יעדן פאַרנאַכט קומען אין בית־המדרש לערנען משניות אָדער עין־יעקב, אָפּהיטן די פרומקייט, פאַר קבלת שבת אַרויס־נעמען אַלץ פון די קעשענעס (עס איז נאָך דעמאָלט אין בעלכאַטאָוו קיין ערוב נישט געווען). אין עזריאל גאַרבערס הויז האָבן זיי געהאַט א צימער, ווו זיי פלעגן דאַווענען מיט אַן אייגענעם מנין און האָבן אפילו מחנך געווען אַן אייגענע ספר־תורה.

אָנהויב פון הײַנטיקן יאָרהונדערט האָט שוין אין בעלכאַטאָוו עקזיס־טירט אַ ישיבה מיט פיר הונדערט תלמידים פון אַלע עקן פּוילן. די ישיבה האָט זיך געפונען אין בית־המדרש און איר ראש איז געווען דער בעלכאַ־טאָווער רב ברוין, שפּעטער לוקאָווער רבי, וואָס איז געווען באַרימט איבער גאַנץ פּוילן אַלס דער לוקאָווער גאון. עסן און שלאָפן פלעגן די ישיבה־בחורים ביי די באַלעבאַטים פון שטעטל.

בעלכאַטאָוו האָט געהאַט א געמויערטע שול, א גרויס בית־המדרש און א סך חסידים־שטיבלעך. אין שול און אין בית־המדרש האָט געדאַוונט דער פּראָסטער עולם. חסידים פלעגן דאָרט זעלטן דאַווענען, הגם זיי האָבן געהאַט געקויפטע „שטעט". אין די שבתים פון פאַר יום־כיפּור און פון פאַר פּסח פלעגט דער בעלכאַטאָווער רב, צמח טאַרענהיים, האַלטן זיינע דרשות אין שול און אין די איבעריקע שבתים פון יאָר האָט ער געדרשנט אין בית־המדרש. אין פּאָליש פון דער שול פלעגן פאָרקומען די אסיפות וועגן אַלע וויכטיקע שטאָט־ענינים. בעת די צאַרישע צייטן פלעגן אין פּאָליש אָפּ־

האַלטן זייערע זיצונגען די דאָזאָרעס. פאַרן ערשטן וועלט־קריג זענען די בעלכאַטאָווער דאָזאָרעס געווען: מרדכי שפּיגעלמאַן, אלתר באָרענשטיין, הערשל פּלאָוונער, יעקב הערש שאָטלענדער א״אַ.

בכלל האָט זיך דאָס יידישע לעבן אין בעלכאַטאָוו פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה קאָנצענטרירט אַממיינסטן אין שול אָדער אין בית־המדרש. אין 1905, בעת דעם קאַמף פון די וועבער־אַרבעטער קעגן די פאַבריקאַנטן, זענען אַמאָל די אַרבעטער אַריין אין שול, בעת די באַלעבאַטים האָבן געזאָגט סליחות און זיי געשלאָגן מכות־רצח. אין יאָרטאָג פון ניקאָליי דעם צווייטן און אַנדערע אָפיציעלע „גאַלוווקעס״ זענען אין שול אָפּגעריכט געוואָרן פייערלעכע תפילות. יאָסקע דער דרדקי־מלמד פלעגט ברענגען זיינע תלמידים אין שול, ווו זיי פלעגן באַקומען נאַשווארג. יאָסקעס חדר איז געווען דער איינציקער לעגאַליזירטער חדר אין בעלכאַטאָוו. אויף דער וואַנט אין זיין חדר איז געהאַנגען אַ בילד פון ניקאָליי דעם צווייטן מיט דער פאַמיליע. די איבעריקע חדרים (שלום אַמשינאָווער), לייזער מלמדס, מענדל גראָכאָליצערס א״אַ זענען געווען „געהיימע״ און זיי פלעגן טאַקע מוזן צעטרייבן די תלמידים ווען עס איז געקומען אין שטאָט דער צאַרישער שול־אינספּעקטאָר.


די בעלכאַטאָווער שול, אין הינטערגרונט די תלמוד־תורה

אין די יאָרן 1909—1910 זענען אין בעלכאַטאָוו פאָרגעקומען הייסע קאַמפן ביים אויפנעמען נייע שוחטים. עס האָבן זיך פאָרמירט דריי צדדים: די גערער חסידים, די אַלעקסאַנדרער און די באַלעבאַטים מיטן רב. דער גאַנצער קאַמף האָט זיך אָפּגעשפּילט אין פּאָליש. יעדער צד האָט געהאַט זיינע אָנהענגער און זיינע „שטאַרקע״. אַלטער באָרענשטיין, פון די גערער, פלעגט קומען צו די אסיפות אַרומגערינגלט מיט „שטאַרקע״ כדי זיך אויסצוהיטן פון קלעפּ. צוויי יאָר האָט געדויערט דער סכסוך און צום סוף האָט מען אויפגענומען דריי נייע שוחטים, איינעם פון יעדן צד. די באַלעבאַטים האָבן אַראָפּגעברענגט פון פּיעטריקאָוו לייבל מושקאַט,

דעם פּיעטריקאָווער חזנס אַ זון. דרייסיק יאָר איז ער געווען שוחט אין בעלכאַטאָוו.

אַממייניסטן פלעגן די בעלכאַטאָווער יידן פאַרברענגען זייער צייט אין בית־המדרש. אפילו ווען די ישיבה האָט זיך שוין געהאַט ליקווידירט, פלעגן די בחורים דאָרט אַ גאַנצן טאָג זיצן און לערנען, ביי באַזונדערע טישן זענען געזעסן די גערער און די אַלעקסאַנדרער. אין בית־המדרש פלעגט מען שמועסן וועגן מסחרים און פּאָליטיק. דער רב פלעגט דאָרט לייגן אין חרם די ווידערשפּעניקע. דאָרט האָט מען אויך געגעבן חליצה.

אַרום 1911 האָט זיך אין בית־המדרש געשאַפן אַ געהיימע גרופּע משכילים און אין 1912 איז עס שוין אפילו דערגאַנגען דערצו, אַז עס זענען אויפגעריסן געוואָרן די שמ׳ן פון ספרים, גמרות זענען אריינגעוואָרפן געוואָרן אין די קלאָזעטן. דער חשד איז געפאַלן אויף דער גרופּע משכילים און עס איז אויף זיי אָרגאַניזירט געוואָרן אַ משפּט. דער רב האָט אַרויס־גענומען אַ ספר־תורה און גערופן די משכילים תשובה צו טון. איינער פון די משכילים, חיים דזשאַלאָווסקי, איז צוגעקומען צו דער תורה, איר אַ קוש געטון און פאַרן גאַנצן עולם האָט ער צוגעזאָגט צו זיין גוט און פרום.

אין די שבתים פלעגן די למדנים פון שטאָט לערנען מיט די באַלע־באַטים פּרקי־אבות, משניות, חומש און רש״י. דער בעלכאַטאָווער רב האָט געפירט אַ רבישן טיש, ביי וועלכן מען פלעגט זינגען נגונים פון וואָל־באָרזשער רבין.

אין דער גרעסטער צאָל זענען געווען די גערער חסידים. זיי האָבן אין בעלכאַטאָוו געהאַט אַזש צוויי שטיבלעך און זיי האָבן אויך געהאַט דעם גרעסטן איינפלוס אויף דער שטאָט. זיי האָבן דעצידירט וועגן אויפ־נעמען אַ רב אָדער אַ שוחט. עס איז זיי נאָכגעגאַנגען אַ טייל פון דעם באַלעבאַטישן עלעמענט און אפילו אָפטמאָל נישט אָרגאַניזירטע וועבער, וואָס האָבן ביי די גערער חסידים אַרויסגענומען קעטן צו דער אַרבעט, פורמאַנעס א״אַ. דאָס צווייטע אָרט, נאָך די גערער, האָבן פאַרנומען די אַלעקסאַנדרער חסידים און צווישן דיביידע גרופּעס איז שטענדיק אָנ־געגאַנגען אַ קאַמף פאַר דער מאַכט איבער די רעליגיעזע יידן אין בעל־כאַטאָוו. די שנאה צווישן זיי איז געווען אַזוי גרויס, אַז זיי פלעגן זיך אפילו נישט משדך זיין צווישן זיך.

צום ראַדאָשיצער רבין פֿלעגט פֿאָרן דער פּראָסטער עולם. יעדן שבת ביינאַכט פֿלעגן די פֿורמאַנעס איינשפּאַנען עטלעכע פֿורן, זיי אָנגעפֿילט מיט מענער און פֿרויען און פֿאָרן קיין ראַדאָשיץ, וואָס איז געווען נאָר בשכינות פֿון בעלכאַטאָוו. צוריקקומענדיק, פֿלעגן די ווייבער זיך דערציילן די ניסים פֿון רבין ר׳ בער.

פֿון יענע צייטן איז נאָך כדאי צו דערמאָנען די חברה קדישא, וואָס איז באַשטאַנען פֿון באמת פֿרומע יידן און גרויסע לומדים, ווי יוסף גוט־מאַן, דער איינבינדער פֿון שטעטל, וואָס פֿלעגט יעדע נאַכט אָפּריכטן חצות; אלתר ברעסלער, דער בעל־מוסף פֿון גערער שטיבל א״א. די חברה קדישא פֿלעגט אויך נעכטיקן ביי קראַנקע, טיילן צדקה און פּראַווען שמחות. אזוי האָט אויסגעזען דאָס רעליגיעזע לעבן אין בעלכאַטאָוו, ביזן סוף פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

*****

צום סוף פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה קומט פֿאָר אין יידישן לעבן אין בעלכאַטאָוו אַ שטאַרקער איבערברוך. עס וואַקסט זיך ראַשיק פֿונאַנדער דאָס יידישע געזעלשאַפֿטלעכע לעבן. עס האָבן אָנגעהויבן פֿירן אַן עפֿנטלעכע טעטיקייט: די פּועלי־ציון, דער „בונד" א״א. די יוגנט הייבט אָן צו שטראָמען אין די פּאַרטייען. אויך די רעליגיעזע יידן ווערן מיטגעריסן מיט דעם שטראָם. אין 1918 ווערט געשאַפֿן די ערשטע רעליגיע־זע גרופּירונג א״נ: „תפארת בחורים", וואָס באַשטייט פֿון בית־המדרשני־קעס און בחורים פֿון באַלעבאַטישע קרייזן. ענלעכע אָרגאַניזאַציעס האָבן שוין דעמאָלט עקזיסטירט אין אַ רייע שטעט אין פּוילן, אָבער קיין אָר־גאַניזאַציאָנעלן קאָנטאַקט צווישן זיך האָבן זיי נישט געהאַט. מיט קיין פּאָליטישע פּראָבלעמען האָבן זיך די אָרגאַניזאַציעס נישט פֿאַרנומען. זייער איינציקע אויפֿגאַבע איז געווען צו געבן דעם רעליגיעזן יוגנטלעכן אַ מעגלעכקייט זיך גייסטיק אויסצולעבן. אידעאָלאָגיש האָט די „תפארת" גרופּירט יוגנטלעכע פֿון חסידישע און מתנגדישע קרייזן. זיי פֿלעגן דורכ־פֿירן שמחות, טאַנצן און זינגען, ווי ביי די חסידים און אויך לערנען פּרקי־אבות, חומש און רש״י. אויף אַ חברישן אופֿן האָט זיך דאָרט צוזאַמענ־געלעבט די יוגנט פֿון פֿאַרשידענע שיכטן, פֿון חסידישן בחור ביזן קצב־יונג און טרעגער. די מערהייט מיטגלידער איז באַשטאַנען פֿון אַרבעטער און בעלי־מלאכות פֿון פֿאַרשידענע פֿאַכן: וועבער: שערער, שניידער, טרע־

גער קצבים, פורמאַנעס און חסידישע בחורים פון אָרעמע היימען. זעלטן ווען איז דאָרט איינער געווען פון אַ רייכערער שטוב.

די „תפארת בחורים" האָט געהאַט אַן אייגענע זעלבסטהילף־קאַסע. אין אַן עת־צרה איז איינער געווען מחויב צו העלפן דעם צווייטן. שבת פלעגן די מיטגלידער פאַרברענגען אַ גאַנצן טאָג אין דער אָרגאַניזאַציע און אַהיימגיין פלעגן זיי נאָר צו די שבתדיקע מאָלצייטן. פרייטיק ביינאַכט פלעגט מען לערנען חומש און רש"י, שבת אינדערפרי האָבן אַלע געמוזט קומען דאַווענען אין אייגענעם לאָקאַל. נאָכמיטאָג האָט מען געלערנט פרקי־אבות און משניות, צו שלש־סעודות פלעגט מען זיך משמח זיין ביי אַ פעסעלע ביר, טאַנצן און זינגען. באַלד אין אָנהייב פון איר עקזיסטענץ האָט די „תפארת געציילט העכער הונדערט מיטגלידער. צו די וויכטיק־סטע טוער און גרינדער פון דער אָרגאַניזאַציע האָבן געהערט:

יעקב מאַכאַבאַנסקי — דער פאָרזיצער פון דער אָרגאַ־ניזאַציע, אַ זון פון פשוטע פאָלקס־מענטשן וועבער און האַנטווערקער און אַליין אויך אַ וועבער וואָס האָט געקאָנט לערנען אַ שטיקל חומש מיט רש"י. ער האָט פאַרמאָגט אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן און שטאַרק משפיע געווען מיט זיין גראָדליניקייט. ער איז שפעטער געווען דער פאָרזיצער פון די „צעירי אמוני ישראל" און אגודה־ראַטמאַן אין ערשטן בעלכאַטאָווער שטאָט־ראַט.

דער צווייטער וויכטיקער טוער איז געווען משה פּזשיביק־סקי. אים האָט מען גערופן משה „גאָט", ווייל ער איז שטענדיק געווען פאַרקוקט אין די הימלען. ער איז געווען דער פאַקטישער פירער פון דער „תפארת־בחורים" אין בעלכאַטאָוו. אַממיינסטן פלעגט ער זיך אָפּגעבן דער דערציאונג פון די בחורים. שפּעטער איז ער געווען דער פירער פון „אגודת ישראל" אין פּאַביאַניץ.

עס דאַרפן נאָך דערמאָנט ווערן: משה עקשטיין, זיינוול מושקאַט, ישעיה־יודל זשעסלאָווסקי (קיפּערניאַק), וואָס איז שפּעטער געווען פּאָר־זיצער פון דער ערשטער בעלכאַטאָווער קהילה אין דעם אומאָפּהענגיקן פּוילן.

די „תפארת" האָט אויך געהאַט אַ דראַמאַטישן קרייז. פּורים 1919 האָבן זיי דורכגעפירט אַ פאָרשטעלונג פון „אחשוורוש". די פאָרשטעלונג האָבן זיי געגעבן אין אייגענעם לאָקאַל, אָן דעקאָראַציעס, מיט אַ פּראָווי־זאָרישער בינע פון ברעטער און בענק. עס איז געקומען אַ גרויסער עולם

און לכבוד פורים — האָט מען אויך פּרויען צוגעלאָזט צו דער פאַר־שטעלונג.

מיט דער צייט האָט זיך אין „תפארת־בחורים" געשאַפן אַ גרופּע, וואָס האָט געפאָדערט, אַז די אָרגאַניזאַציע זאָל מאָדערניזירן איר אַרבעט, שאַפן אַ ציטונג, זיך אָנשליסן אין דער רעליגיעזער קולטור־אָרגאַניזאַציע „תבונה" א"א. דער אָנגעזעענסטער פון דער גרופּע איז געווען שלמה מושקאַט, דעם בעלכאַטאָווער שוחטס זון. ער איז געווען זייער באַהאַוונט אין לימודי קודש ווי אין לימודי חול, פאַרמאָגט אַ פלינקע אָריענטאַציע און אַ באַדייטנדיקן רעדנער־טאַלענט. ער איז שפּעטער געווען אַ טוער סיי אין דער „צעירי אמוני ישראל" און סיי אין דער „פּועלי אגודת ישראל", פאַרשטייער פון דער „אגודה" אין דער קהילה און אין שטאָט־ראַט.

אין 1919 האָט זיך די „תפארת" אין בעלכאַטאָוו אויפגעלייזט און זיך פאַרוואַנדלט אין אַ „תבונה"־אָרגאַניזאַציע. אין איר טעטיקייט איז אָבער די נייע אָרגאַניזאַציע נישט אַוועק ווייט פון דער אַמאָליקער „תפארת". אין דער „תבונה" האָבן מיט די בחורים געלערנט זיינוול מוש־קאַט (דער בעלכאַטאָווער שוחט) און משה פּזשיבילסקי. די אָנפירער זענען געבליבן די זעלבע, אָבער די מיטגלידערשאַפט איז מיט דער צייט געוואָרן אויסשליסלעך פון דעם באַלעבאַטישן עלעמענט.

אויך די טעטיקייט פון דער „תבונה" האָט נישט נושא חן געווען ביי אירע מיטגלידער. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אינערלעכער קאַמף אַרום דער ארץ־ישראל־פראַגע. אין דער צייט פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע האָט אַ גרופּע געפאָדערט מער ציון־אַרבעט, אַ צווייטע גרופּע איז נישט געווען צופרידן דערפון וואָס די „תבונה" פאַרנעמט זיך בלויז מיט רעלי־גיעזער דערציאונג. דער סוף איז געווען, אַז די „תבונה" איז זיך פונאַנדער־געפאַלן. די ציוניסטיש־געשטימטע עלעמענטן זענען אַריבער אין „מזרחי", בעת די מערהייט, צוזאַמען מיט דער אָנפירונג, איז אַריבער צו דער דעמאָלט אַנטשטאַנענער „צעירי אמוני ישראל".

***

די „צעירי אמוני ישראל" איז געגרינדעט געוואָרן אין 1920. איר מיטגלידערשאַפט איז באַשטאַנען אין דער גרעסטער טייל פון די אַמאָליקע „תפארת־בחורים" און פון „תבונה". עס איז אויך צוגעקומען אַ גרופּע חסידישע בחורים פון די גערער, ראַדזינער א"א שטיבלעך. אָט די גרופּע

האָט אין דער נייער אָרגאַניזאַציע אַדורכגעפירט אַ רייע ענדערונגען. די אָנגעזעענסטע פון דער גרופּע זענען געווען: יצחק פיגולאַ, אלימלך פּוד־לאָווסקי און זלמן־פּרץ געלבארט. זיי האָבן אין די שפּעטערדיקע יאָרן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין פאַרשידענע בעלכאַטאָווער פּאַרטייען. אין דער ערשטער ציטוואייליקער פאַרוואַלטונג זענען אַריין: יעקב מאַכאַ־באַרסקי, משה עקשטיין, זיינוול מושקאַט, שלמה מושקאַט און ישעיה־יודל זשעמלאַווסקי — אַלע געוועזענע טוער פון דער „תפארת" און „תבונה".

אין דער פאַרוואַלטונג זענען אויך גע־ווען די ברידער פּיוראָ. איינער פון די ברידער, מאיר, האָט זיך שנעל אַרויסגערוקט אין שפּיץ פון דער בעל־כאַטאָווער „צעירי אמוני ישראל". אַ גרויסער קענער פון דער אָרטאָדאָקסי־שער ליטעראַטור, פּעאיקער דערציער, גוטער רעדנער, האָט ער אויך פאַרמאָגט אַ קלאָרע שפּראַך אויף אויסצוטייטשן דעם תנ"ך. צו דער דאָזיקער ערשטער פאַרוואַלטונג האָבן אויך געהערט ישראל פרענקל און משה חיים גרינ־בלאַט. ביידע זענען זיי געווען די פאָר־שטייער פון די „שלומי אמוני ישראל", וואָס האָט געהאַט די אויפזיכט איבער די צעירים. זיי זענען שפּעטער געווען פון די אָנגעזעענסטע טוער אין דער


יצחק פיגולא

„אגודה" און די גרינדער פון דער בית־יעקב באַוועגונג אין בעלכאַטאָוו. אין משך פון די ערשטע צוויי יאָר טעטיקייט פון דער פאַרוואַלטונג (מאַכאַבאַרסקי — פּאָרזיצער און מאיר פּיוראָ — סעקרעטאַר) זענען קיין שום וויכטיקע ענדערונגען אינעם לעבן פון דער אָרגאַניזאַציע נישט פאָר־געקומען. די אָנפירונג האָט זיך שאַרף אַנטקעגנגעשטעלט יעדן פּרווו מצד די „יונגע" איינצופירן וועלכע עס איז רעפאָרמען. זענען טאַקע די גאַנצע צייט פאָרגעקומען שאַרפע קאַמפן צווישן די יונגע, וואָס האָבן געפאָדערט פּאָליטישע טעטיקייט: אַ ביבליאָטעק, אַ לייען־זאַל, אַקטיווע טעטיקייט פאַר ארץ־ישראל א"א. עס זענען פאָרגעקומען שטורמישע פאַר־

זאַמלונגען און הגם עס איז די „יונגע" געלונגען צוצוציען צו זיך אַ גרעסערע גרופּע פון די צעירי־אמוניקעס, — האָבן אָבער דאָך זייערע באַמיאונגען נישט געהאַט קיין דערפאָלג ביי דער אָנפירונג. אַ נייעס איז בלויז געווען דאָס שטודירן דעם „חירב" די „13 בריוו" פון ד"ר שמשון רפאל הערש און „גאָטס פאָלק" פון ד"ר נתן בירנבוים. אממיינסטן זענען געווען באַזוכט די שעורים פון „מורה נבוכים" און „חובת הלבבות", געלערנט פון דוד שוחט. די מורה הוראהס פון בעלכאַטאָוו, שמואל יהושוע שיליט און משה אליעזר פּודלאָווסקי, האָבן אויך געלערנט שעורים.



די צעירים פלעגן פאַרשפּרייטן דעם אָרטאָדאָקסישן אָרגאַן „דער ייד".

עס פלעגן קומען רעפערענטן פון וואַרשע, לאָדזש, פּיעטריקאָוו א"אַ.

אַ סך חסידישע עלטערן פלעגן נישט וועלן שיקן זייערע קינדער צו די צעירים. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז זייערע קינדער זאָלן זיך נישט אַמאָל אָנשטעקן מיטן גייסט פון די „יונגע" און עס האָט זיי אויך נישט געפּאַסט, אַז זייערע קינדער זאָלן זיך חברן מיט די „פּראָסטע יונגען", וואָס זענען געווען מיטגלידער פון די צעירים.

דער פינאַל פון דעם קאַמף צווישן „אַלטע" און „יונגע" האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, אָנהייב 1922. ביידע צדדים האָבן מאָביליזירט אַלע זייערע אָנהענגער. עס זענען טאַקע צו דער



דריי בעלכאַטאָווער בחורים, וואָס האָבן באַקומען היתר הוראה
קאַדזיאַל, באַזשיקאָווסקי און דעם פאַרבערס זון



אַ גרופּע חסידישע בחורים אין בעלכאַטאָוו

פאַרזאַמלונג געקומען ביי 120 יוגנטלעכע און עס האָבן געזיגט די יונגע, וועלכע האָבן אין דער נייער פאַרוואַלטונג געהאַט די מערהייט.

די נייע פאַרוואַלטונג האָט געעפנט אַ ביבליאָטעק און אַ לייען־זאַל (דער ערשטער ביבליאָטעקאַר איז געווען אלימלך פּודלאָווסקי). עס האָבן זיך נאָך שפּעטער געפירט שאַרפע קאַמפן אַרום דעם כאַראַקטער פון דער ביבליאָטעק. עס איז אפילו אָנגעקומען געוואָרן אַ באַשלוס, אַז קיין נישט־רעליגיעזע ביכער דאַרפן אין דער ביבליאָטעק נישט אַריינגענומען ווערן, אָבער די מערהייט פון דער ביבליאָטעק־קאָמיסיע איז באַשטאַנען פון „יונגע" און זיי האָבן עס טאַקע „אַריינגעשמוגלט" אויך ביכער פון וועלט־לעכע מחברים, הגם פּרץ, מענדעלע, שלום־עליכם, אש, אַפּאַטאָשו א"א זענען אין דער ביבליאָטעק נישט צוגעלאָזט געוואָרן.

דער עיקר האָט זיך די ביבליאָטעק געשטיצט אויף איבערזעצונגען פון פרעמדע שפּראַכן, פון וועלכע מען פלעגט אַרויסרייסן די בלעטלעך מיט סעקסועלן אינהאַלט. צום סוף 1923 האָט די ביבליאָטעק פאַרמאָגט 500 ביכער.

ביי דער אָרגאַניזאַציע האָט אויך עקזיסטירט אַן ארץ־ישראל קאָמי־סיע (מיט זלמן פּרץ געלבאַרט אַלס סעקרעטאַר), וואָס האָט אַדורכגעפירט אַן אַקציע פאַרן קרן־הישוב.

איינע פון די וויכטיקסטע אַרבעטן פון די „צעירי אמוני ישראל" אין 1923 איז געווען דער חינוך פון אַ נייער ספר־תורה. די זאַמל־אַקציע פאַר דעם צוועק האָט אָנגעהויבן נאָך די „תפארת־בחורים", אָבער געענ־דיקט איז די אַרבעט געוואָרן ערשט ביים סוף פון דער עקזיסטענץ פון די צעירים.

די חינוך־פייערונגען האָבן זיך געצויגן אַ גאַנצן חודש. יעדן אויפדער־נאַכט פלעגן יידן קומען אַריינשרייבן אַן אות. פייוול קלעזמערס קאַפּעלע האָט געשפּילט אַ פריילעכס. אין טאָג פון חינוך זענען אויף ווייסע פערד אַרומגעפאָרן אברהם קייניסלם און לייבוש פעלצמאַן, מיט פאַרגרימירטע פּנימער, אָנצוזאָגן די בשורה אין אַלע עקן שטאָט. פאַרנאַכט זענען אַלע רעליגיעזע יידן געקומען אין לאָקאַל פון די צעירים, פון וואַנען די נייע ספר־תורה איז אונטער אַ חופה אַריבערגעפירט געוואָרן אין דער שול. אויפן גאַנצן וועג האָבן יידן געטאַנצט און געזונגען. אין שול האָט לייבל שוחט מיט אַ כאָר געזונגען קאַפּיטלעך תהילים. געענדיקט האָט זיך די




אגודהשער קיבוץ-הכשרה אין בעלכאַטאָוו



געזעגענונגס-אָוונט פון בעלכאַטאָווער צעירי אגודת ישראל לכבוד
דעם סעקרעטאר יצחק אַלפישער צו זיין עולה זיין קיין א״י
(יאָר 1937)

שמחה מיט א גרויסער סעודה, בעת וועלכער עס זענען געהאַלטן געוואָרן דרשות.

נאָכן חינוך האָט זיך אין „צעירי אמוני ישראל" פאַרשאַרפט דער קאַמף אַרום דער ארץ־ישראל־פראַגע. א גרעסערע גרופּע מיטגלידער, מיט זלמן פּריץ געלבאַרט, סוכער יוטקעוויטש און יצחק יוסף פלאַם, האָט גע־פאָדערט מער אַקטיוויטעט פאַר ישראל און אַן ענגערע צוזאַמענאַרבעט מיט די ציוניסטישע ריכטונגען. ווען די אָנפירונג האָט די פאָדערונגען נישט באַפרידיקט, האָט די גאַנצע גרופּע פאַרלאָזט די צעירים און אַריי־בער אין „מזרחי".

די אָנגעזעענסטע טוער פון דער דאָזיקער גרופּע זענען געווען די ברוי־דער געלבאַרט. דער עלטערער, זלמן פּריץ, א לונגען־קראַנקער, איז געווען די נשמה פון דער באַוועגונג. אפילו אויפן טויטן־בעט האָט ער נישט איבערגעריסן די פּאַרטיי־אַרבעט. דער יינגערער ברודער, קלמן, איז אויך געווען א טוער אין „מזרחי". מיט זיין מיינונג און שטעלונג האָט מען זיך אומעטום זייער גערעכנט. ער איז שפּעטער אומגעקומען אין די פּויזנער לאַגערן.

אין דער צווייטער העלפט פון 1923 האָט זיך ווידער אין דער אָר־גאַניזאַציע געשאַפן אן אנדערע גרופּע, וואָס האָט פאַרלאַנגט אַז די „צעירי אמוני ישראל" זאָל זיך פאַרוואַנדלען אין א רעליגיעזער אַרבעטער־פּאַרטיי. דער דאָזיקער פאָרשלאָג האָט געפונען א טיפן אָפּקלאַנג ביי דער מערהייט מיטגלידער, וואָס איז באַשטאַנען פון וועבער, שערער א"א קרובהשע פאַכן אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע. סוף 1923 איז אויף אן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג באַשלאָסן געוואָרן דער אָרגאַניזאַציע א נאָמען צו געבן „פּועלי אמוני ישראל". נאָך דעם באַשלוס איז טאַקע א קליינער טייל — קינדער פון חסידישע פאַבריקאַנטן — אַוועק פון דער אָרגאַניזאַציע. די אַוועק־געגאַנגענע האָבן אפילו געשאַפן א נייע פאַרוואַלטונג פון דער „צעירי אמוני", אָבער קיין ממשותדיקע טעטיקייט האָט שוין די אָרגאַניזאַציע נישט געפירט. ערשט אין די דרייסיקער יאָרן האָט זיך די „צעירי אמוני" ווידער פאַרשטאַרקט. אין 1935 האָט די בעלכאַטאָווער „צעירי אמוני" געהאַט פופציק מיטגלידער. די וויכטיקסטע טוער זענען דעמאָלט געווען: משה יאַנאָווסקי (פאָרזיצער) *) יצחק אַלפּישער, באָרזשיקאָווסקי און פּאַ־קענטרעגער.

**
*

*) זיינס אַן אינטערעסאַנט ליד האָבן מיר געבראַכט אויף דער זייט 268.

די בעלכאַטאָווער „פּועלי אמוני ישראל" איז אַנטשטאַנען פאַר דער פאַקטישער „פּועלי אגודת ישראל" אין פּוילן. דאָס איז פאַקטיש געווען די ערשטע רעליגיעזע אַרבעטער־פּאַרטיי אין פּוילן. די צווייטע איז גע־ווען אַן אָרגאַניזאַציע מיטן זעלבן נאָמען אין פּיעטריקאָוו.




די בעלכאַטאָווער פּועלי־אמוני איז געווען פון די געציילטע רעלי־גיעזע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָט געהאַט אַן אַרבעטער־עלעמענט (וועבער, שניידער, שערער, כאַלופּניקעס, האַנטווערקער א"אַ). נאָך זייענדיק אין די „צעירי אמוני" זענען די דאָזיקע עלעמענטן נישט גערן געווען אין איין אָרגאַניזאַציע מיט די קינדער פון די פאַבריקאַנטן, קעגן וועלכע זיי איז אויסגעקומען צו פירן שטרייקן. דער הויפּט־פּרינציפּ פון דער „פּועלי־אמוני" איז געווען, אַז נאָר אויפן רעליגיעזן געביט זענען זיי געבונדן מיט דער „אגודה". אין אַלע אַנדערע פראַגן איז די אָרגאַניזאַציע געווען אינגאַנצן זעלבסטשטענדיק.

אין דער ערשטער אָנפירונג זענען געווען: שמאי און שלום ברוך פעלד, וועבערס; יעקב שמולעוויטש, א לערער; יהודה לייב קאַפּלאַן, א וועבער און יצחק פּיגולאַ, א שערער. דער אידעאָלאָג פון דער אָרגאַניזאַציע איז געווען יצחק פּיגולאַ, וואָס האָט אויך געהערט צום פּרעזידיום פון ערשטן צ"ק פון דער „פּועלי אגודת ישראל" אין פּוילן. ער איז געווען זייער באַליבט און געאַכט פון אַלעמען. זייער א באַשיידענער, פלעגט ער אפילו זיינע אָפּטע אַרטיקלען אין דער אגודישער פּרעסע נישט אונטערשרייבן מיט זיין נאָמען. ער איז געווען איבערצייגט, אַז די „פּועלי־אגודת ישראל" האָט אויסצופירן א גרויסע מיסיע אין דעם יידישן לעבן, וואָס דאַרף זיך פירן לויט די סאָציאַלע געזעצן פון דער תורה. בעת דער נאַציאָקופּאַציע האָט ער כסדר אינטערווענירט ביי דעם יודן־ראַט קעגן די עוולות לגבי די בעלכאַטאָווער יידן.

די אָרגאַניזאַציע האָט געפירט א ביז גאָר פאַרצווייגטע טעטיקייט. עס האָבן פונקציאָנירט קרייזן, אויף וועלכע מען פלעגט דיסקוטירן וועגן סאָציאַלע פּראָבלעמען, דורכגעפירט פּרעסע־איבערזיכטן, געלייענט די ווערק פון ד"ר נתן בירנבוים, געהאַלטן רעפעראַטן וועגן נאַטור־וויסנשאַפטן און פילאָזאָפיע. דריי מאָל אין וואָך האָט יעדער מיטגליד געמוזט באַזוכן תנ"ך־קורסן. די אַלע אַרבעטן פלעגט דורכפירן אין דער גרעסטער טייל טאַקע יצחק פּיגולאַ מיט דער מיטהילף פון איטשע מאיר וואָלפאָוויטש, משה אליעזר פּודלאָווסקי, שמואל יהושע שיליט, דוד שוחט און משה יוסף ליטמאַנאָוויטש.

די „פּועלי־אגודת ישראל" איז אין בעלכאַטאָוו געווען איינע פון די שטאַרקסטע אָרגאַניזאַציעס. פון קנאַפּע הונדערט מיטגלידער בעת איר אנטשטייאונג איז זי ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה דערגאַנגען ביז 250 (100 עלטערע און 150 אין דער יוגנט־סעקציע). די יוגנט־סעקציע האָט געהאַט איר אייגענע פאַרוואַלטונג. די וויכטיקסטע טוער אירע זענען געווען: סענדער סענדיק, שמואל קאַלמאַן, שלמה פּיגולאַ, די ברידער לעווקאָוויטש און אברהם שערמאַן. די יוגנט־סעקציע האָט זיך געווידמעט אַמייינסטן דער דערציאונג־אַרבעט.

אין 1924 האָט די אָרגאַניזאַציע געמאַכט א פּרווו צו אָרגאַניזירן א קיבוץ, צוזאַמען מיט די פיעטריקאָווער „פּועלי־אגודה". 25 בחורים זענען אַרויסגעפאָרן אין דעם פּריצישן הויף ניעכטשיץ, וואָס האָט געהערט צום יידישן פּריץ משה פּעפּער (דעם געוו' יידישן פאַרשטייער

אין דעם מלוכה־ראט אין ווארשע בעת דער ערשטער וועלט־ מלחמה). ער האָט געשטעלט אַ תנאי, אַז די בחורים וועלן מוזן ארבעטן אין די זעל־בע שעהען וואָס זיינע פּוילישע פּאַראָבקעס. דער קיבוץ האָט זיך אָבער געמוזט אויפלייזן, ווייל די פּוילישע ארבעטער האָבן געמיינט, אַז די קיבוצניקעס זענען געקומען צונעמען זייער ברויט.

דער פּרווו איז איבערגעחזרט געוואָרן אין 1931. דער קיבוץ איז באַשטאַנען פון דרייסיק בחורים, וואָס האָבן זיך פאַרדונגען צו פאַרשי־דענע „שווארצע" ארבעטן: געהאַקט האָלץ, געדרייט גאַרן ביי די פאַרבערס, שטוב־ארבעט אין יידישע הייזער א"אַ. אין די פאַבריקן זענען זיי נישט צוגעלאָזט געוואָרן צוליבן ווידערשטאַנד פון די אָרגאַניזירטע ארבעטער.

די ביבליאָטעק פון דער אָרגאַניזאַציע האָט פאַרמאָגט איבער טויזנט ביכער. אינעם לייען־זאַל האָט מען באַקומען צו לייענען אַלע יידישע צייטונ־גען פון פּוילן און אויסלאַנד. די „פאָלקסצייטונג" איז פון דעם לייען־זאַל באַזייטיקט געוואָרן, ווען זי האָט אָנגעהויבן דערשיינען אין שבת. שפּעטער האָט מען דעם בונדישן אָרגאַן צוריק אריינגעפירט, אָבער די שבתדיקע נומערן זיינע זענען ווייטער געווען פאַרבאָטן.

די אָרגאַניזאַציע האָט אויך פאַרמאָגט אַ כאָר, אָנגעפירט פון יצחק מושקאַט און אַ דראַמאַטישן קרייז, וואָס פלעגט פון צייט צו צייט דורכ־פירן עפנטלעכע אונטערנעמונגען, סיי אין אייגענעם לאָקאַל און סיי אין שטאָטישן זאַל, אָוונט־קורסן פאַר יוגנטלעכע און דערוואַקסענע.

אין 1929 גרינדעט די בעלכאַטאָווער „פּועלי־אגודה" אַ שול פאַר מיידלעך פון 9 ביז 16 יאָר. די שול א"נ: „חורב" האָט געהאַט 4 אָפּ־טיילונגען מיט 150 שילערינס. די לערן־שפּראַך איז געווען יידיש. די שול האָט געהאַט מלוכה־רעכט און עס איז אין איר געלערנט געוואָרן יידיש, עברית, יידישע און אַלגעמיינע געשיכטע, דינים, תנ"ך א"אַ רעלי־גיעזע לימודים. די לערער זענען געווען: יוסף שמולעוויטש, יצחק פּיגולאַ און חנטשע פּייוויטש.

אויך דער פּראָפעסיאָנעלער געביט האָט פאַרנומען אַ בכבודיקן פּלאַץ אין דער טעטיקייט פון דער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אפילו געהאַט אַ מערהייט אינעם שערער־פאַך, ווייל חסידישע עלטערן פלעגן זייער אָפט אויסלערנען זייערע קינדער דעם פאַך, וואָס איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ מער בכבודיקער ווי אַלע אַנדערע מלאכות. אין דער פאַך־קאָמיסיע פון די

# ולא תביא תועבה אל ביתך!

# כי חרם הוא!

## יודען! קויפט נישט קיין צייטונג וועלכע ווערט געדרוקט אין שבת און יום כיפור!

היינט קומט ארויס פאר א פרעסע טאג פון דעם בונדישען ארגאן די „פאלקס-צייטונג" און יעדער רעליגיעזער יוד וועט זיכער באזוכט ווערן דורך די בונדישע יונגלעך און מיידלעך, וואו זיי וועלן פרובען איהם פארקויפען א צייטונג.

מיר ווענדען זיך דעריבער צו אלע יודען, וואס עס איז זיי טייער די תורה און טראדיציע, צו אלע יודען, וואס ווילען נישט, אז די נשמות פון זייערע קינדער זאלען פערסמ'ט ווערען פונ'ם מארקסיסטישען גיפט — צו זיי אלע ווענדען מיר זיך מיט אנ'אפעל;

יודען! די חוצפה פון די בונדישע כופרים וועלכע טרעטען אלעס וואס ביי אונז הייליג און טייער איז, וועלכע פערשפרייטען מינות און אפיקורסות דוקא דורך די צייטונג, מיט וועלכע זיי קומען היינט צו דיר רעליגיעזער יוד, דיר איינרעדען די צו קויפען — שטייגט איבער יעדע גרענעץ!

רעליגיעזער יוד! צו וועסטו אריינלאזען אין דיין שטוב א צייטונג, וואס איז פול מיט כפירה און מינות!!

צו וועסטו אריינלאזען אין דיין שטוב א צייטונג, וואס טרעט אנ-אויפהער מיט גאליגער שנאה אלעס וואס האט צו טוען מיט דער יודישער אמונה אין אזא פארם, וואס מען טרעפט נישט אפילו ביי גישט יודישע סאציאליסטען?

צו וועסטו קויפען א צייטונג וואס פערלייקענט דעם יודישען אפשטאם און ווילען אז דאס יודישע פאלק זאל אויפהערען ח"ו צו עקזיסטירען!!

רעליגיעזער יוד! צו וועסטו נעמען אין דיין האנד א צייטונג וואס איז געדרוקט אין שבת, וואס איז ע"פ דין אסור בהנאה!!

**צו וועסטו אונטערשטיצען א צייטונג, וואס פרעהט זיך ווען יודיש בלוט גיסט זיך אין אונזער הייליג ארץ-ישראל!!**

ניין!!! טויזענט מאל ניין!!! דו טארסט עס נישט און וועסט עס זיכער נישט טוען.

די מוזט פערשטעהן אז מיט'ן קויפען א „פאלקס-צייטונג" העלפסטו צו די בונדישע משומדים זייער אינקוויזיטארישע ארבייט;

קויפסטו א „פאלקס-צייטונג" דאן בעשמוצטו דיין כבוד און דעם כבוד פון יודישען דת!!!

### די גרעסטע חרפה וואלט עס געווען פאר דיר!

דעריבער רעליגיעזער יוד, ווען מען וועט צו קומען צו דיר, פערקויפען א „פאלקס-צייטונג" זאלסטו מוטיג און שטאלץ ענטפערן: טראגט אייך אב איהר פעררעטער, מיר וועלען ביי אייך אזא צייטונג וואס בעקעמפט יודען און יודענטום, נישט קויפען.

קיין איין רעליגיעזער יוד טאר נישט אריינלאזען צו זיך אין שטוב די פייגענערישע „פאלקס-צייטונג" אויב האסטו שוין אויסגעקויפט א קונאן, דאן צורייס און צופליק זי אין די אויגען פון די מסיתים און מדיחים.

**זיי מקיים דעם ובערת הרעה מקרבך!!!**

**דער פעראייניקטער קאמיטעט**
**צו בעקעמפען די פרייע פרעסע.**

Druk. Żarkowski. Wydawca: „Agudas Israel" w Bełchatowie.

שערער זענען געווען: אהרן פּזשיבילסקי, סאָכער ליטמאַנאָוויטש, משה לי־בערמאַן און יצחק פיגולאַ.

די פּועלי־אגודהניקעס פלעגן זיך אַקטיוו באַטייליקן אין אַלע שטרייקן. זיי פלעגן שיקן מענטשן אויף אָראַפּצונעמען די שטרייק־ברעכער, אויס־האַקן שויבן ביי אגודישע פאַב־ריקאַנטן.



אַ גרופּע חסידישע בחורים, צווישן וועלכע עס שטייט משה לעווי, וועל־כער איז אַלס פּאַרטיזאַן פאַרמשפּט געוואָרן צום הענגען

אין שייכות מיט דער אָנגעהע־ריקייט צו פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַ־ניזאַציעס זענען אינערהאַלב דער גרופּירונג פאָרגעקומען זייער שאַר־פע דיסקוסיעס. אַ טייל (מיט אברהם זיגמונטאָוויטש בראש) האָט געפאָדערט, אַז מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע זאָלן נישט טאָרן געהערן צו פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען וואָס באַקעמפן ארץ־ישראל.

די בעלכאַטאָווער „פּועלי־אגודה" איז געגאַנגען זעלבסט־שטענדיק צו אַלע אָרטיקע וואַל־אַקציעס. נאָר בעת די וואַלן צו דער ערשטער קהילה איז זי געגאַנגען צוזאַמען מיט דער „אגודה". אין 1924 נעמט די „פּו־עלי אגודה" אָנטייל אין די וואַלן צו דער קראַנקן־קאַסע. זי האָט ביי די וואַלן באַקומען קוים 65 שטי־מען און נישט דורכגעפירט קיין איין מאַנדאַט. ביי די וואַלן איז אויס־געוויילט געוואָרן נאָר איין יידישער פאָרשטייער און דאָס איז געווען זלמן פּודלאָווסקי פון „בונד". ביי די ערשטע און צווייטע שטאָטראַט־וואַלן האָט די „פּועלי אגודה" דורכגעפירט צו צוויי ראַטמענער: שלום ברוך פעלד און יעקב ישעיה שמולעוויטש (אין צווייטן שטאָטראַט איז אויף שמולעוויטשעס אָרט אויסגעוויילט געוואָרן שלמה מושקאַט).

בעת די לעצטע סיים־וואַלן אין פּוילן, ווען דער גאַנצער יידישער ישוב האָט בויקאָטירט די וואַלן, און בלויז די „אגודה" איז געגאַנגען מיטן „אָזאָן" (פּאַרטיי פון דער סאַנאַציע־רעגירונג) האָבן די בעלכאַטאָווער פּועלי־אגודהניקעס זיך נישט באַטייליקט אין די וואַלן.

א באַזונדער קאַפּיטל אין דער בעלכאַטאָווער „פּועלי־אגודה" איז געווען דער כסדרדיקער אינערלעכער פראַקציע־קאַמף אַרום דער אָנגעהער־יקייט צו די פּראָפ' פאַראיינען. די בעלכאַטאָווער אָרגאַניזאַציע איז געווען פון די לינקסטע פון דער פּועלי־אגודה אין פּוילן. עס איז געווען א גרופּע, מיט שמואל קאַלמאַן בראש, וואָס האָט געוואָלט אינגאַנצן זיך אָפּרייסן פון דער אגודה צוליב איר אַנטיסאָציאַלער פּאָליטיק און איר התקרבות מיט דער פּילסודסקי־רעגירונג. א צווייטע גרופּע, מיט סענדער סענדיק בראש, איז געגאַנגען נאָך ווייטער: זיי האָבן פאַרלאַנגט פולע מיטאַרבעט מיטן „בונד" און אפילו מיט די קאָמוניסטן. אָבער די מערהייט, מיט יצחק פּיגולאַ בראש, האָט געהאַלטן אַז די „פּועלי־אגודה" דאַרף נישט פאַר־מולירן קיין נייעם פּראָגראַם און דאַרפן בלויז זיך האַלטן ביי די סאָציאַלע געזעצן וואָס זענען פאַראַן אין תורת משה. אויב עס איז אין דער אָרגאַני־זאַציע נישט געקומען צו קיין שפּאַלטונג — איז עס דער אויסשליסלעכער פאַרדינסט פון יצחק פּיגולאַ, וואָס האָט אַלעמאָל באַוויזן צו באַהערשן די אָפּטע קריזיסן.

אין די לעצטע יאָרן האָבן זיך אין „פּועלי־אגודה" אַרויסגערוקט נייע כוחות ווי: אברהם מרדכי שילית, יונה ראָזענבערג און סאָכער ליטמאַ־נאָוויטש.

*****

די בעלכאַטאָווער „אגודה" איז אַנטשטאַנען אין יאָר 1918. ביז דעם ווינער קאָנגרעס פון דער אנשי־כנסיה־הגדולה האָט זיך די בעלכאַטאָווער אָרגאַניזאַציע גערופן: „שלומי־אמוני ישראל". די בעלכאַטאָווער אגודה האָט נישט געפירט קיין סטאַבילע טעטיקייט. נאָר פון צייט צו צייט פלעגט זי מאָביליזירן אירע מיטגלידער צו באַשטימטע אַקציעס. דער פּאַר־טיי־צענטער האָט זיך געפונען אין גערער שטיבל. ביי יעדער אַקציע פלעגט אין שטיבל איבערגעלייענט ווערן א בריוו פון גערער רבין, א קול קורא צו שטיצן די אַקציע. צו דער אגודה האָבן אויך געהערט די ראַדאָמסקער און ראַדזינער חסידים. די אגודה האָט אויך געהאַט אַן איינפלוס אויף

א טייל באַלעבאַטים וואָס האָבן געראַוונט אין בית־המדרש און ביי פּאַר־שידענע וואַלן פלעגט זי אָפּט אויף אירע וואַל־ליסטעס שטעלן די נעמען פון די באַלעבאַטים וואָס האָבן געהאַט אַן איינפלוס אויפן פּראָסטן עולם. די וויכטיקסטע פון אָט די באַלעבאַטים זענען געווען: קלמן וויוויעצקי, יהודה ראָזענטאַל, משה הובערמאַן און הילל זיידמאַן.

צו די ערשטע און וויכטיקסטע טוער פון דער בעלכאַטאָווער „אגודה" האָבן געהערט: יעקב הערש שאָטלענדער, משה לייב, אברהם יעקב גאָלד־שטיין, מאיר אליעזר שאַטאַן, מיכל סטאַראָווינסקי און דער בעלכאַטאָווער מורה־הוראה שמואל יהושע שליט. יעקב הערש שאָטלענדער איז געווען אַן אָנגעזעענער עסקן נאָך פון די צאַרישע צייטן. ער האָט געהאָלפן בויען די נייע געמויערטע שול, בעת דער עסטרייכישער אָקופּאַציע איז ער גע־ווען צווישן די גרינדער פון די פּאָלקסקיכן.

אין 1919 האָט די בעלכאַטאָווער „אגודה" געגרינדעט די תלמוד־תורה. אין די ערשטע יאָרן איז די תלמוד־תורה געווען אַ חדר, ווו מען האָט געלערנט בלויז חומש און רש"י. אין די דרייסיקער יאָרן האָט מען אָנגעהויבן לערנען אויך וועלטלעכע לימודים, מיט פּוילישע לערער. אין 1925 האָט זיך די בעלכאַטאָווער תלמוד־תורה איבערגעצויגן אין איר נייעם בנין וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן פון יצחק יעקב וואַרשאַווסקי. אַ בעלכאַטאָווער ייד אין אַמעריקע. די וויכטיקסטע תלמוד־תורה טוער זענען געווען: מאיר יאָסקאָוויטש (דער שוואַרצער מאיר) און הילל זיידמאַן.

די בעלכאַטאָווער „אגודה" האָט געהאָלפן גרינדן די „צעירי אגודה" אין בעלכאַטאָוו. זי האָט צו דער אַרבעט דעלעגירט אירע מיטגלידער ישראל פרענקעל און משה חיים גרינבלאַט. צו דער כנסיה הגדולה אין ווין, אין 1921, האָט די בעלכאַטאָווער אגודה דעלעגירט דעם מורה־הוראה שמואל יהושע שליט.

שוין אַלס אָרגאַניזירטע פּאַרטיי האָט די בעלכאַטאָווער אגודה זיך באַטייליקט אין די וואַלן צום ערשטן סיים. זי האָט געשטיצט דעם רב פּערלמוטער, וואָס איז אין פּיעטריקאָווער וואַל־קרייז אַרויסגעשטעלט גע־וואָרן פון דער אגודה. די הויפּט־אַגיטאַציע פאַר די וואַלן האָט די אגודה געפירט אין די שטיבלעך. אין שול און אין בית־המדרש האָט זיך שוין די אַגיטאַציע אָנגעשטויסן אויף אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד פון די ציוניס־טיש־ און מאַרקסיסטיש־געשטימטע עלעמענטן, וואָס האָבן געהאַט אַ גרעסערן איינפלוס אויפן עולם ווי די אגודה. זי האָט אויך געהאַט אויס־

צושטיין אַ קאַמף מצד דעם „מזרחי" און די אַלעקסאַנדרער חסידים. בלויז ביי די שטאָטראַט־וואַלן איז די אגודה געגאַנגען צוזאַמען מיט דעם „מזרחי". ביידע צדדים האָבן אַזוי געהאַנדלט כדי נישט צו צעשפּליטערן די בירגערלעכע שטימען און כדי קעגנצווווירקן דעם איינפלוס פון בעלכאַטאָווער „בונד" און פון די יידישע קאָמוניסטן.

דעם ערשטן וואַל־פּאַרמעסט מיט אירע קעגנער ביי די ערשטע קהילה־וואַלן אין בעלכאַטאָוו האָט די אגודה פאַרשפּילט. עס האָט געזיגט דער בלאָק פון „מזרחי" און האַנטווערקער און אַלס פאָרזיצער פון דער קהילה איז געוויילט געוואָרן ישעיה יודל זשעסלאַווסקי, אַ האַנטווערקער־טוער.

אין אָט דער ערשטער בעלכאַטאָווער קהילה אין אומאָפּהענגיקן פּוילן האָט דעם אויבנאָן פאַרנומען דער קאַמף אַרום דער שוחטים־פראַגע, וואָס האָט בשעתו אויפגערודערט דאָס שטעטל. נאָכן טויט פון חזן־שוחט לייבל מושקאַט, האָט די קהילה־מערהייט באַשלאָסן אַראָפּצוברענגען דעם רזשאַלאָשינער שוחט מלאַט. האָט די אגודה אַראָפּגעברענגט אַ שוחט פון פּאַדעמביץ און גלייכצייטיק געאַסרט די שחיטה פון צד שכנגד. די מחלוקת האָט געדויערט יאָרן ביז צום סוף זענען ביידע שוחטים געבליבן אין בעלכאַטאָוו, נישט מער וואָס איין צד האָט נישט געגעסן פון צווייטנס שחיטה.

ביי די צווייטע קהילה־וואַלן האָט די אגודה באַקומען אַ מערהייט. דאָס איז אָבער געשען נאָר אַדאַנק דעם באַרימטן „פּאַראַגראַף 20", וועלכער האָט איר געגעבן די מעגלעכקייט צו פּסלען אַ טייל פון אירע קעגנער. פאָרזיצער פון דער צווייטער קהילה איז געווען מיכל סטאַראַווינסקי, אַ גערער חסיד.

אין דער קאַדענץ פון דער דאָזיקער קהילה איז אין יאָר 1938 פאָרגעקומען אַ שאַרפער קאַמף אַרום די רבנים־וואַלן. נאָכן טויט פון דעם רב צמח טאָרנהיים איז בעלכאַטאָוו עטלעכע יאָר געווען איינגאַנצן אָן אַ רב, ווייל ביידע צדדים — די אגודה און דער „מזרחי" — האָבן נישט געהאַט קיין זיכערע מערהייט און זיי האָבן דעריבער אָפּגעשטעלט דעם ענין. ערשט ווען די אגודה האָט באַקומען אַ מערהייט אין דער קהילה, האָט זי זיך דערפילט זיכער און אָנגעהויבן דעם קאַמף.

אויף יעדן שבת האָט די אגודה אַראָפּגעבראַכט קיין בעלכאַטאָוו די אָנגעזעענסטע רבנים פון גערער צד כדי צו שטיצן די קאַנדידאַטור פון דעם פּאַביאַניצער רב האָראָוויץ, מענדל אַלטערס אַן איידעם. דער קאַנדידאַט פון „מזרחי" איז געווען דער דאָברער רב. געזיגט האָט דער

קאַנדידאַט פון דער „אגודה" און דעם נצחון האָט זי געהאַט צו פאַרדאַנ־קען אין דער ערשטער רייע דעם קהילה־אַפּאַראַט וואָס זי האָט געהאַט אין אירע הענט.

די בעלכאַטאָווער אגודה האָט אויך געהאַט אַן אייגענע באַנק, מיט וועלכער עס האָבן אָנגעפירט לייבל קאָן און משה חיים גרינבלאַט.

***

די רעליגיעזע פרויען־אָרגאַניזאַציע „בנות אגודת ישראל" און די בית־יעקב שול זענען געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1924 דורך שרה שענירער פון קראָקע. אין דער ערשטער פאַר־וואַלטונג זענען אויסגעוויילט גע־וואָרן: מאַלטשע באָרענשטיין (פאָר־זיצערין), גאָלדע לאַנדשטיין, רבקה פרענקעל,ביילע לאַכמאַן א"א. די פאַקטישע טעטיקייט פון „בנות אגודת ישראל" האָט זיך אָנגעהויבן ערשט דריי יאָר שפּעטער, אין 1927. צו דער צייט האָבן זיך שוין אַרויסגערוקט נייע טוערינס: מלכה קאָזשאָל — אַ מיידל וואָס האָט גוט געקאָנט תנ"ך און געווען באַהאַוונט אין דער אָרטאָדאָקסי־שער ליטעראַטור. אַ גאַנצן טאָג האָט זי געאַרבעט ביים טרייב־רע־דל און ביינאַכט האָט זי געאַר־בעט אין דער בית־יעקב שול; טאָ־



אַ גרופּע פון בית־יעקב

בע שאַטאַן (די סעקרעטאַרין); גליקע יאָסקאָוויטש, אַ מיידל פון אַן אָרעמער היים מיט גרויסע פעאיקייטן א"א. אין 1927 האָט די בעלכאַטאָווער „בנות אגודת ישראל" געציילט 30 מיטגלידערינס. פיר מאָל אין דער וואָך פלעגן דורכגעפירט ווערן צוזאַמענקומען, בעת וועלכע מען האָט געלערנט דינים פון שולחן ערוך, יידישע געשיכטע א"א לימודים. די לערער זענען געווען: מלכה קאָזשאָל, די לערערין נאָוואָמיאַסט, איטשע מאיר וואָלפאָוויטש, משה חיים גרינבלאַט און ישראל פרענקעל.



די פּאַרוואַלטונג פון בנות אגודת ישראל אין יאָר 1929



אַ גרופּע אַקטיוויסטינס פון בנות אגודת ישראל אין יאָר 1936

די בית־יעקב שול איז אויך געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1924 און עם האָבן אין איר זיך דעמאָלט געלערנט 30 קינדער, אָבער שוין אין אָנהייב פון די דרייסיקער יאָרן איז די צאָל תלמידים דערגאַנגען ביז 250. די שול האָט געהאַט 4 אָפּטיילונגען און אַן אייגענעם דראַמאַטישן קרייז. אין 1928 האָט די שול דורכגעפירט אין בעלכאַטאָווער פייערלעשער־זאַל דריי פאָרשטעלונגען: „שולמית", „בר־כוכבא" און „יהודית". צו די פאָרשטעלונגען זענען צוגעלאָזט געוואָרן נאָר פרויען.

די „בנות אגודת ישראל" האָט געהאַט אַן אייגענע ביבליאָטעק, וואָס איז אין אָנהויב באַשטאַנען בלויז פון פוילישער בעלעטריסטיק. ערשט אין די דרייסיקער יאָרן האָט מען אריינגענומען אויך יידישע ביכער, ארויסגעגעבן פון דעם אגודה־פאַרלאַג אין פוילן. דאָרט זענען געווען אַלע ווערק פון ד"ר לעמאַן און ראָטשטיין. משולם קאַמינערס יידישע געשיכטע א"א.

אָנגעפירט מיט דער ביבליאָטעק האָט ריווע פּזשעמיסלאָווסקי. האָרט פאַרן לעצטן קריג האָט זיך אין בעלכאַטאָווער „בנות אגודת ישראל" ארויסגערוקט אַ נייע גרופּע טוערינס, צווישן וועלכע די וויכטיקסטע זענען: שרה וויוויעצקא, חוה איטע סטאַראווינסקא און עטל שערמאַן.



פאַרוואַלטונג פון בעלכאַטאָווער צעירי אגודת ישראל אין יאָר 1936
צוזאַמען מיטן גאַסט פון וואַרשע ד"ר הערשל קלעפּפיש

מ. גליקסמאַן

# פון דער בונדישער באַוועגונג אין בעלכאַטאָוו

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער באַגינען פון דער יידישער אַר־בעטער־באַוועגונג אין פּוילן, ליטע און רוסלאַנד, ווען דער יידישער אַרבעטער האָט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז ער קאָן זיך מער נישט פאַרלאָזן אויפן חסד פונעם באַלעבאָס — איז די אַנטשטייאונג פון „בונד" געווען אַ שטראַל אין דעם דעמאָלט אַזוי פינצטערן יידישן לעבן. בעת אַלץ איז געלעגן אין די הענט פון כלי־קודש, איז דער רוף צו קעמפן פאַר אַ נייער גערעכטער אָרדענונג, ווו די וואָס שאַפן זאָלן געניסן פון זייער אַרבעט, אויך דערהערט געוואָרן אין אונדזער פאַרוואָרפענעם פּראָלעטאַרישן וועבער־שטעטל. די אויפגאַבע פון די פּיאָנערן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג איז נישט געווען קיין לייכטע. עס האָט געהערשט אַן אומגעהויערע פינצטערקייט אין יידישן לעבן. ערשט דער „בונד" האָט דערפילט די היסטאָרישע מיסיע פון צעמענטירן אַ גע־זעלשאַפטלעכן כוח, וואָס האָט געהאַט אַ טאָפּלטע אויפגאַבע: אי גייסטיק דערהייבן דאָס יידישע לעבן, אי מאַכן פון דעם אָפּגעשטאַנענעם בעל־מלאכה אַ באַוווסטזיניקן קעמפער פאַר אַ נייער וועלט.

אונדזער שטעטל — הגם נישט פון די גרויסע פּראָווינץ־שטעט אין פּוי־לן — איז דאָך צווישן די ערשטע, וואָס האָבן אָנגעהויבן אַ סאָציאַליסטישע טעטיקייט. פיל בעלכאַטאָווער זענען געווען, נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, צווישן די רעוואָלוציאָנערן, וואָס די צאַרישע מאַכט האָט פאַר־שיקט קיין סיביר. אגב, האָט דער פּראָלעטאַרישער כאַראַקטער פון אונ־דזער שטעטל אויך מיטגעווירקט צו דער אַנטוויקלונג פון אַ ברייט־פאַרצווייגטן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

מיט דער אַנטשטייאונג פון „בונד" האָט אין שטעטל א בלאָז געטון מיט אַ נייעם לעבנס־שטראָם. די ערשטע בונדישע טוער זענען געווען עט־לעכע יונגע מענטשן ווי: אברהם ישעיהם, חיים שלמה, מיכאל יוספס, פישל מאיר, פערל די באַסטערינס, משה קייזער און אנדערע. צוזאַמען מיט זיי איז אויך געווען אַ לאָדזשער וועבער בערל בינעם. שטילערהייט האָבן זיי אָנגעהויבן אַן אַגיטאַציע פאַר ענדערונגען אינעם עקאָנאָמישן לעבן בכלל און אין יידישן לעבן בפרט.

צו יענער צייט האָט עס געקאָכט און געברויזט אין די רייען פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט. עס איז געווען עטלעכע יאָר נאָך דער גרינדונג פון „בונד". אַ געוואַלדיקע אויפלעבונג האָט זיך געטראָגן איבער שטעט און שטעטלעך. אין לאָדזש און אין פּיעטריקאָוו איז אָנגעגאַנגען אַ שטאַר־קע רעוואָלוציאָנערע אַרבעט. בעלכאַטאָוו, וועלכע איז געשטאַנען אין אַן ענגן קאָנטאַקט מיט די פריער דערמאָנטע שטעט, איז מיטגעריסן געוואָרן מיט די דאָזיקע שטימונגען.

די עקזיסטענץ פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע איז נישט געווען צום האַרצן די מושלים פון יידישן לעבן אין בעלכאַטאָוו. זיי האָבן דער־פילט אין דעם אַ געפאַר פאַר זייער ממשלה און זיך גענומען אַנטקעגנ־שטעלן. קודם כל איז קעגן „בונד" אַרויס דער רב, וואָס איז געווען זייער אָנגעזען אין שטעטל; ער האָט געפירט אַ גרויסע ישיבה און זיין איינפלוס איז דעריבער געווען זייער אַ גרויסער. זיינע דרשות קעגן „בונד" (אחדות־ניקעס) זענען געוואָרן וואָס אַמאָל דראָענדיקער און האָבן אויף אַזוי ווייט געווירקט, אַז דער לאָדזשער וועבער־אַרבעטער בערל בינעם און אויך חיים שלמה האָבן געמוזט פאַרלאָזן בעלכאַטאָוו.

אַ צווייטע שטערונג, אַ גאָר ערנסטע, זענען געווען די פורמאַנעס. זייער גבורה האָבן זיי אויסגענוצט אַ חוץ צו זייער אַרבעט אויך צו פירן געשלעגן. אונטערגעהעצט פון די פאַבריקאַנטן, פאַר וועלכע זיי האָבן גע־פירט סחורות קיין לאָדזש — זענען זיי אָפטמאָל אָנגעפאַלן אויף בונדישע טוער שלאָגנדיק זיי מכות רצח. די דאָזיקע שטערונג איז באַזייטיקט גע־וואָרן דורך די לאָדזשער בונדיסטן.

ביי דער לאָדזשער אָרגאַניזאַציע פון „בונד" איז געווען טעטיק אַ מיליץ. אָט די מיליץ האָט געוואָרנט די בעלכאַטאָווער פורמאַנעס נישט צו מישן זיך אין דער בונדישער טעטיקייט פון בעלכאַטאָוו. איינער פון די מיליץ־פאָרשטייער, וועלכער האָט געמאַכט די דאָזיקע וואָרענונג איז

געוועזן ישכר אבראַמאָוויטש (ער געפינט זיך היינט אין די פאַראייניקטע שטאַטן און איז אַן אַקטיווער פּראָפעסיאָנעלער טוער אין פּרעסער־לאָקאַל 35 פון דער „אינטערנעשאָנעל" אין ניו־יאָרק).

די דאָזיקע האַרבע וואָרענונג האָט געגעבן גוטע רעזולטאַטן און גע־האַט איר ווירקונג.

די אויטאָריטעט פון „בונד" איז אַזוי ווייט דערגאַנגען, אַז אַנשטאַט גיין אין אַ געריכט אָדער האָבן אַ דין־תורה האָבן יידן זיך אָנגעהויבן ווענדן צום „בונד". מערסטנטייל האָט זיך די אָרגאַניזאַציע אָפּגעזאָגט פון אַריינ־מישן זיך אין אַזעלכע ענינים.

די השפּעה פון גערער הויף האָט זיך זייער שטאַרק אָנגעזען אין בעל־כאַטאָוו. גערער חסידים האָבן דאָ געהערשט אומבאַגרענעצט, אַפילו דאַן ווען אין תחום המושב איז אָנגעגאַנגען די השכלה־באַוועגונג. ווי אַ כאַ־ראַקטעריסטישן פאַל איז כדאי צו דערמאַנען די געשיכטע מיט איינעם אַ ייד אבנר. ער איז געקומען אין שטעטל און געעפנט אַ חדר, וועלכער איז געווען נישט לויטן גערער נוסח. דער דאָזיקער „פושע ישראל" האָט שנעל געמוזט פאַרפּאַקן די פּעקלעך און פאַרלאָזן דאָס שטעטל.

אין גאַנצן שטעטל איז אָנגעקומען איין איינציקער נומער „הצפירה" און איין נומער „פריינד".

אין שטעטל האָבן זיך געפונען עטלעכע יונגע לייט, אָנגעשטעקטע מיטן נייעם גייסט, זיי האָבן זיך געהאַלטן אין דער שטיל פאַר משכילים. דאָס זענען געווען די צוויי ברידער יואל לייב און וועלוול גאָלדשטיין, שיע לאַנגנאַס, יחיאל מאיר יאַקובאָוויטש, דוד לושטשאַנאָווסקי, יחיאל מאיר קראַוויצקי און אַנדערע.

אַ צווייטע גרופּע משכילים האָט זיך געפונען צווישן די בית־המדרש בחורים. די גרופּע איז באַשטאַנען פון: אלי טוואַרדאָווסקי, אהרן פנחס באָרנשטיין, משה שמולעוויטש און זלמן פודלאָווסקי. זיי האָבן באַהאַל־טענערהייט געלייענט צייטונגען און יידישע ליטעראַטור. זיי האָבן אויך געפירט צווישן זיך דיסקוסיעס וועגן פאַרשידענע פראַגן. גאָר שטאַרק האָט מען זיך למשל געפּילפּולט איבער דער פראַגע צי עס קען זיין אמת, אַז הלל צייטלין זאָל האָבן געגעסן טרפות?...

די גרופּע איז געוואַקסן. עס זענען צוגעקומען פרישע מענטשן: אברהם און הענעך ליבערמאַן, הענעך פיגולאַ, הענעך גרושקאַ און שמעון שמולע־

וויטש. דער גרעסטער טייל פון דער דערמאָנטער גרופּע זענען שפּעטער געווען אַקטיווע טוער פון „בונד" אין בעלכאַטאָוו.

דאָס עפענען די געזעלשאַפט „קולטור" האָט ביי דער בעלכאַטאָווער יוגנט אַרויסגערופן אַ שטאַרקן רושם. כמעט די גאַנצע גרופּע משכּילים פון די בית־המדרש בחורים זענען געווען אין דער געזעלשאַפט. אין דער ערשטער פאַרוואַלטונג האָבן זיך געפונען די משכּילים: אברהם און העניך ליבערמאַן, אלי טוואַרדאָווסקי, משה שמולעוויטש, זלמן פּודלאָווסקי, יוסף רייך און אברהם לייב. ביי דער געזעלשאַפט איז באַלד געעפנט געוואָרן אַ ביבליאָטעק, אָנגעפירט פון גרשן פּערקאַל. אַלס לערער איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרן פון לאָדזש אהרן בערגמאַן, וואָס האָט די אַרבעט אַוועקגעשטעלט אויף אַ מוסטערהאַפטן אופן. עס זענען אָרגאַניזירט געוואָרן אָוונט־קורסן פאַר דערוואַקסענע. לאַנגע ברעטער, געלייגטע אויף קאָזלעס האָבן געביל־דעט די טישן, אַרום וועלכע די שילער זענען געזעסן. עס איז געלערנט געוואָרן: לייענען און שרייבן יידיש, יידישע געשיכטע, ליטעראַטור און אַנדערע קעגנשטאַנדן. דער לאָקאַל איז אין אַ קורצער צייט אַרום געוואָרן צו קליין אויפצונעמען די אַלע, וואָס האָבן זיך געוואָלט לערנען.

עס איז אויך געפירט געוואָרן אַ פּאָליטישע אַרבעט. עס זענען געפירט געוואָרן קרייזן, מיטינגען און פאָרלעזונגען אויף פאַרשידענע פּאָליטישע און ליטעראַרישע טעמעס.

עס איז אויך געעפנט געוואָרן אַ יידיש־וועלטלעכע שול, אין וועלכער עס האָבן געלערנט איבער 100 קינדער. אויסער בערגמאַנען האָבן אויך מיטגעאַרבעט אין דער שול אַלס געהילפן, פּרייטאַגס אַ טאָכטער און איטע זילבערשאַץ פון לאָדזש, ר. שמולעוויטש און ר. ליכטנפעלד. די אַרבעט וואָלט אָבער נישט געהאַט אַזאַ דערפאָלג, ווען נישט די אויסערגעוויינ־לעכע איבערגעגעבנקייט פון חבר אהרן בערגמאַן.

## די גרינדונג פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע

זומער צייט 1915 האָבן אָנהענגער פון „בונד", מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט „קולטור", אויסגעדריקט דעם פאַרלאַנג, אַז אין שטעטל זאָל געשאַפן ווערן אַ בונדישע אָרגאַניזאַציע. די גרופּע בונדיסטן מיט בערג־מאַנען בראש האָבן אויסגעטיילט אַ מענטש קיין לאָדזש (צום דאָרטיקן קאָמיטעט) און די לאָדזשער אָרגאַניזאַציע האָט דעלעגירט דעם חבר ישעיה זאַק.

די גרינדונג־פארזאמלונג האט געטראגן א פייערלעכן כאראקטער. דער זאל איז געווען שיין דעקארירט און איבערפולט מיט מענטשן. דער חבר זאק האט געהאלטן א רעפעראט וועגן די צילן און אויפגאבן פון „בונד" און ממש עלעקטריזירט די צוהערער.

די טעטיקייט פון „בונד" פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה האט געלאזט טיפע ווארצלען פאר דער באנייאונג פון א בונדישער באוועגונג



מיטגלידער פון דער בונדישער פארטיי־ארגאניזאציע מיט עזריאל ליפינסקי, ישכר פזשיבילסקי, פרץ פרייטאג, זלמן פודלאווסקי, גדליה שטיין, שלמה זשיטניצקי, אברהם מרדכי ניווינסקי, רבקה קאנסקא, אסתר נאכע שטאטלענדער א״א

נאך דער מלחמה. עס האבן אויך אנגעהויבן זייער טעטיקייט פארשידענע ציוניסטישע גרופירונגען און עס איז שפעטער אויך אנטשטאנען א קאמוניסטישע פארטיי, מיט וועלכער דער „בונד" האט געפירט א שטארקן אידעאישן שטרייט.

עס איז זעלטן געווען א פארטיי אין יידישן לעבן וואס זאל נישט האבן עקזיסטירט ביי אונדז און יעדע פון זיי האט אויף איר שטייגער בייגעטראגן צו דער פילפארביקייט פון דער ארטיקן יידישן לעבן.

די צווישנפּאַרטייאישע שטרייטן פלעגן זייער אָפט אָננעמען אַ גאַנץ שאַרפן כאַראַקטער, אָבער אויך דאָס איז דאָך געווען אַ באַווייז פון לעבן.

אין דער פּילפּאַרביקייט פון אונדזער שטעטל האָט דער „בונד" גאָר גרויסע פאַרדינסטן. ער איז געווען דער כוח, וואָס האָט אויפגעוועקט אונדזער שטעטל פון זיין לעטאַרגישן שלאָף און עס איז ממילא פאַר־שטענדלעך, וואָס ער איז געוואָרן איינע פון די שטאַרקסטע פּאַרטייען. דער „בונד", וואָס שטאַמט פון די טיפענישן פון דער יידישער מאַסע, האָט אין בעלכאַטאָוו געפונען דעם ריכטיקן באָדן.

דער „בונד" איז געווען טעטיק אויף אַלע געביטן פון יידישן לעבן און האָט געמאַכט זייער אַ סך אָנשטרענגונגען כדי צו דערציען דעם יונגן דור אין אַ רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישן גייסט.

צו דער בונדישער לאַנד־קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין די ערשטע צייטן פון אומאָפּהענגיקן פּוילן — אין וואַרשע — איז אַלס דעלעגאַט פון „בונד" אין בעלכאַטאָוו געפאָרן חבר אהרן בערגמאַן. צום ערשטן צוזאַמענפאָר פון „בונד" אין פּוילן (דאָס איז געווען אין יאָר 1920) איז דעלעגירט געוואָרן יוסף רייך.

צוליב די עקאָנאָמישע שוועריקייטן אין לאַנד בשעת דער עסטריי־כישער אָקופּאַציע זענען פיל יידישע אַרבעטער געווען געצוווּנגען צו פאַר־לאָזן זייערע היימען און זוכן אַרבעט אין דער פרעמד. זייערע וועגן האָבן געפירט קיין דייטשלאַנד, עסטרייך און אונגאַרן, ווו עס איז געווען אַ מאַנגל אין אַרבעטס־הענט.

אין דער אונגאַרישער רעוואָלוציע איז געפאַלן דער יונגער בונדיסט יצחק פּזשיבילסקי.

אין בעלכאַטאָוו איז ביזן סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה נישט געווען צו באַמערקן קיין געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג צווישן די פּאָליאַקן. זינט 1905, ווען בעלכאַטאָווער פּוילישע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס האָבן דורכגעפירט אַ גרויסע גאַסן־דעמאָנסטראַציע, ביי וועלכער עס זענען געווען אַ סך אַרעסטן און פאַרשיקונגען קיין סיביר—, זינט דאַן האָט בעלכאַטאָוו נישט געהערט וועגן אַ טעטיקייט פון אַ פּוילישער אָרגאַניזאַציע.

באַלד נאָך דער מלחמה האָבן זיך באַוויזן יונגע פּאָליאַקן מיט ביקסן אויף די פּלייצעס און זייער ערשטע אַרבעט איז געווען אַ רעוויזיע אין דער געזעלשאַפט „קולטור", מיטן אויסרייד פון זוכן געווער...

צו דער ערשטער וואַל־קאַמפּאַניע אין אומאָפּהענגיקן פּוילן איז אין בעלכאַטאָוו אַרויסגעטרעטן אַלס פּאָליטישער כוח די „אגודה״. די חסידים־שטיבלעך און שולן זענען געוואָרן פּלעצער פאַר וואַל־מיטינגען און אַגיטאַציע. אויך דער „בונד״ האָט אויסגענוצט די שול פאַר וואַל־פאַר־זאַמלונגען. די בונדישע וואַל־קאַמפּאַניע איז געווען זייער א לעבעדיקע און אהרן בערגמאַן איז בעתן וואַל־קאַמפּיין נאָך מער באַליבט געוואָרן צווישן דער באַפעלקערונג.

אין רעזולטאַט פון די וואַלן האָבן זיך די אגודה־לייט אַרויסגערוקט אויפן ערשטן אָרט און דעם צווייטן האָט פאַרנומען דער „בונד״.

אין פּיעטריקאָוו איז געשאַפן געוואָרן א פּאָוויאַטאָווע קראַנקן־קאַסע, וווּ בעלכאַטאָוו האָט באַקומען איר געהעריק אָרט און פאַרטרעטערשאַפט.



בעלכאַטאָווער קאָמיטעט פון „בונד״ אין יאָר 1937

עס זיצן פון רעכטס: י. פּזשיבילסקי, פּרץ פּרייטאַג, זלמן פּודלאָווסקי. עס שטייען: ע. ליפּינסקי, לייבל גאָלדמינץ, שלמה זשיטניצקי און וו. בערקאָוויטש.

אין בעלכאַטאָוו איז געשאַפן געוואָרן אַן אָפּטיילונג פון דער פּיעטריקאָווער קראַנקן־קאַסע. דאָס איז געשען באַלד אין די ערשטע יאָרן נאָך דער מלחמה.

אין יאָר 1928, ביי די וואַלן צום ראַט פון דער פּיעטריקאָווער קראַנקן קאַסע, איז אויסגעוויילט געוואָרן דער חבר זלמן פּודלאָווסקי, וועלכער איז

זייער באַליבט געווען ביי דער יידישער און פּוילישער אַרבעטער־באַפעל־קערונג.

אין בעלכאַטאָוו האָט זיך אָנגעהויבן פאָרמירן אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע אין די ערשטע יאָרן פון אומאָפּהענגיקן פּוילן. ס׳איז געווען אין יענער צייט, ווען די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט נישט געהאַט קיין לאָקאַל און די בונדישע טעטיקייט איז געפירט געוואָרן אין דער וווינונג פון זלמן פּודלאָווסקי. דאָ האָט זיך אויך יאָרן גאַנצע געפונען די בונדישע ביבליאָ־טעק און דאָ זענען געפירט געוואָרן קאָמיטעט־זיצונגען, פאַרזאַמלונגען, ליאַמעס אא״וו. די שטוב פון חבר ז. פּודלאָווסקי, קען מען זאָגן, איז געווען יאָרן־לאַנג אַ בונדישער פּאַרטיי־לאָקאַל. זיין פרוי — די האַרציקע חברטע רחל, האָט אַלעמען זייער וואַרעם אויפגענומען און צוזאַמען מיט איר מאַן געווען באַליבט אין דער באַוועגונג.

די ערשטע טוער און גרינדער פון דער בעלכאַטאָווער „צוקונפט״ זע־נען געווען: יעקב פּיולאַ, ישראלקע בערקאָוויטש, יעקב יאַאב, שמשון צימבערקנאָפּ, יצחק פּזשיבילסקי, גדליהו שטיין, פּראַדל חנה סאַד און אַ גרופּע יונגע מיידלעך.

דער יוגנט־בונד „צוקונפט״ איז געווען איינע פון די שענסטע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס ביי אונדז סיי לויט דער צאָל און סיי לויט איר געזעל־שאַפטלעכער טעטיקייט. אונדזער יוגנט־אָרגאַניזאַציע האָט דערצויגן אַ נייעם טיפּ פון אַ יוגנטלעכן. עס איז געווען אַ פאַרגעניגן צו זען ווי נעכ־טיקע חדר־יינגלעך, אָפּגעשטאַנענע יוגנטלעכע, זענען געוואָרן רייפע, באַ־וווסטזיניקע און שטאָלצע קעמפער.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן טרעפן מיר שוין אַ גרויסן טייל פון דער יוגנט אַלס וויכטיקע טוער אין דער בונדישער באַוועגונג.

אונדזער יוגנט־אָרגאַניזאַציע האָט געציילט ביי אַ הונדערט מיטגלי־דער, איינגעטיילט אין „קרייזן״, וואָס האָבן געטראָגן די נעמען פון די באַוווסטע בונדישע פירער וולאַדימיר מעדעם, בראָניסלאַוו גראָסער און י. ליכטענשטיין. אין די „קרייזן״ פלעגן באַהאַנדלט ווערן אַלע אַקטועלע געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע פּראָבלעמען.

זומערצייט פלעגט די יוגנט אַריבערטראָגן איר אַרבעט אין וואַלד, אין פעלד. די אויספלוגן פון אונדזער יוגנט אין די וועלדער אַרום דעם שטעטל פלעגן צוציען אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט מיט זייער געזאַנג פון רעוואָלוציאָנערע און פאָלקסלידער.

אונדזער יוגנט איז געווען א דינאַמישע און האָט זיך באַטייליקט אין כמעט אַלע אַקציעס וואָס די פּאַרטיי האָט געפירט. דער אָנטייל פון דער יוגנט פלעגט צוגעבן אַ גאַנץ באַזונדערן גלאַנץ די בונדישע ערשטן־מאַי פייערונגען און מאַניפעסטאַציעס.



מעדעם־קרייז

די יוגנט פלעגט זיך אויך באַטייליקן אין די וואַל־אַקציעס פון דער פּאַרטיי צום סיים און שטאָטראַט דורך פונאַנדערטיילן פּראָפּאַגאַנדע־ליטעראַטור און מינדלעכער אויפקלערונג צווישן דער באַפעלקערונג.

אין די פּרעסע־אַקציעס האָט אונדזער יוגנט פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט. עס איז נישט געווען קיין איין אונטערנעמונג, פאַרלעזונג אָדער מיטינג פון דער פּאַרטיי, וווּ די יוגנט זאָל נישט זיין דער אוואַנגאַרד.

דער יוגנט־בונד „צוקונפט" האָט געפירט אַ ברייט־פאַרצווייגטע קולטור־טעטיקייט צווישן די יוגנטלעכע אַרבעטער, זייער אַקטיוו פאַרשפּרייט דעם „יוגנט־וועקער" (אָרגאַן פון צענטראַל־קאָמיטעט פון י. ב. „צוקונפט" אין פּוילן) און פון צייט צו צייט אויך אַרויסגעגעבן אייגענע וואַנט־צייטונגען, איינגעאָרדנט קעסטל־אָוונטן, „מאַסוווקעס" און עפנטלעכע פאַרלעזונגען, אויף וועלכע עס פלעגן אַרויסטרעטן רעפערענטן.

געשיקטע פון צענטראַל־קאָמיטעט פון „צוקונפט", ווי די ח"ח לייבל אָלשאַנעצקי, רפאל ריבא (דער היינט באַקאַנטער בונדישער טוער אין פראַנקרייך), רענע היסטער, סערגיי נוטקעוויטש, באַרענשטיין, לייבל פרידמאַן א"אַ.



דער ליכטענשטיין־קרייז ביי דער בונדישער יוגנט אָרגאַניזאַציע

גלייכצייטיק האָט די יוגנט־אָרגאַניזאַציע געפירט אַ ברייטע פּראָפּאַגאַנדע פאַרן יידישן בוך און כמעט אַלע יוגנטלעכע זענען געווען לייענער פון דער ביבליאָטעק. ווען עס זענען געגרינדעט געוואָרן די יידיש־וועלטלעכע שולן — האָט די „צוקונפט" געזאָרגט דערפאַר, אַז עס זאָלן געעפנט ווערן אָוונט־קורסן פאַר דער אַרבעטנדיקער יוגנט.

אויף די צוזאַמענפליען, וואָס דער ראַיאָן־קאָמיטעט פון דער „צוקונפט" פלעגט אָרגאַניזירן, איז אונדזער יוגנט שטענדיק געווען באַטייליקט. אויך אויפן ערשטן לאַנד־צוזאַמענפלי, אין וואַרשע, פון אַלע צוקונפט־אָרגאַניזאַציעס, אָרגאַניזירט פון צ. ק. פון י. ב. „צוקונפט", האָט די בעלכאַטאָווער יוגנט־אָרגאַניזאַציע נישט געפעלט.

פון צייט צו צייט פלעגט אונדזער יוגנט דורכפירן געמיינזאַמע אויספלוגן מיט די פּיעטריקאָווער יוגנטלעכע חברים.

זייט ביי זייט מיט דער פאַרצווייגטער טעטיקייט אויפן פּאָליטישן געביט, האָט אונדזער יוגנט־אָרגאַניזאַציע אויך נישט פאַרגעסן צו זאָרגן וועגן דער פיזישער קולטור פון די יוגנטלעכע און האָט געגרינדעט דעם ספּאָרט־קלוב „מאָרגנשטערן".



צוזאַמענפלי פון פּיעטריקאָווער און בעלכאַטאָווער צוקונפט־טוער

אין דער אַרבעט פון דער יוגנט זענען די עלטערע חברים געווען זייער אַקטיוו באַטייליקט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן אויסטיילן פון דער יוגנט אַליין מענטשן, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער אַרבעט:

י צ ח ק פּ ז ש י ב י ל ס ק י — אַליין אַ וועבער־אַרבעטער, איז ער — אַדאַנק זיין עלטערן ברודער, דעם שפּעטער באַקאַנטן בונדישן פירער סוכער — גאַנץ פרי אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער אַרבעט פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. יצחק האָט פאַרמאָגט אַ געוואַלטיקע עקשנות און איבערגעגעבנקייט. ביז 1930, ווען ער האָט פאַרלאָזט פּוילן, האָט ער ווי אַ סאָלדאַט געדינט אונדזער אָרגאַניזאַציע.

צוגלייך מיט יצחקן האָט אויך אַקטיוו מיטגעאַרבעט י אַ נ ק ל פּ י ז ל אַ. ער שטאַמט פון אַן אָרעמער שניידער־פאַמיליע. שטענדיק אַ קראַנקער, האָט ער דאָך מיט לייב און לעבן זיך אָפּגעגעבן דער יוגנט־באַוועגונג.

משה יאַקובאָוויטש — אַ זון פון דער באַקאַנטער בונדישער פאַמיליע צימל, האָט ער זיך אַרויסגערוקט און געוואָרן איינער פון די פירנדיקע פערזאָנען אין יוגנט־קאָמיטעט. משה איז פון דער נאַטור זייער אַן ענערגישער און דאָס איז אָפט געקומען צום אויסדרוק אין זיין אַרבעט. ער פלעגט זייער אָפט אַרויסטרעטן אויף „קרייזן" און „מאַסוווקעס". זיין באַס־שטימע האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז ער בייזערט זיך. אָבער אינדעראמתן איז ער אין פערזענלעכן לעבן אַ גוטמוטיקער און איבערגעגעבענער חבר. ער געפינט זיך היינט אין אַרגענטינע.

גדליהו שטיין — שוין אַלס יונגער בחור איז ער אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער אַרבעט אַדאַנק זיין שוועסטער פערל־לאה, וואָס האָט שוין דעמאָלט געהערט צו דער בונדישער אָרגאַניזאַציע. פון דער נאַטור איז ער געווען אַ חסיד. ער האָט פאַרמאָגט אַ זעלטענע פינקטלעכקייט. שטענדיק אַן אומצופרידענער, האָט ער אָבער זייער אַ סך צייט אָפגעגעבן פאַר דער אַרבעט צווישן דער יוגנט. געווען אַ מיטגליד פון יוגנט־קאָמיטעט. לאַנגע יאָרן — אויך אין פאַרטיי־קאָמיטעט. צוליב זיין פינקטלעכקייט איז ער געווען דער שטענדיקער קאַסיר פון דער אָרגאַניזאַציע. גדליהו איז ליידער אומגעקומען בעת דער נאַצי־אָקופּאַציע.



פרץ פרייטאַג

פרץ פרייטאָג — דוד פרייטאָגס אַ זון. נאָך זייענדיק אַ גאָר יונגער שילער האָט עס אים געצויגן צו דער אַרבעטער־יוגנט און ער איז אַריינגעטראָטן אין יוגנט־בונד „צוקונפט". אַ דאַנק זיין אינטעליגענץ און שאַרפער אָריענטאַציע האָט ער זיך גאָר גיך אַרויסגערוקט אין די פאָדערשטע רייען פון אונדזער יוגנט. צוליבן שטודיום פאָרט ער קיין פראַנקרייך. נאָך זיין צוריקקומען הייבט ער ווידער אָן צו פאַרנעמען די אָנגעזעענסטע ערטער אין דער בונדישער באַוועגונג. ער ווערט פאַרזיצער פון קאָמיטעט פון „בונד", טרעט אַרויס אַלס רעפערענט אויף

„קרייזן", „מאַסוווקעס" און מיטינגען. ער ווערט קאָרעספּאָנדענט פון פּ.פּ.ס.ישן „ראַבאָטניק". עס פילט זיך נישט נאָר אין אונדזער באַוועגונג, נאָר אויך אין דער גאַנצער שטאָט, אַז ער וואַקסט אויס אַ וויכטיקער געזעלשאַפטלעכער טוער. וואָלט די לעצטע מלחמה נישט אונטערגעשניטן זיין יונג לעבן, וואָלט ער געקאָנט דערגרייכן צו גאָר גרויסע דערפאָלגן אין זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

נ פ ת ל י  ה ו ב ע ר מ א ן — שטאַמט פון אַ פּשוטער אַרבעטער־פאַמיליע. ער איז געקומען זייער יונג אין דער באַוועגונג. זייער אַ סך געלייענט און אַן אויפהער געאַרבעט איבער זיך. געוואָרן אַן אָנגעזעענער טוער. היינט געפינט ער זיך אין אַרגענטינע.

מ נ ח ם  ה ו ב ע ר מ א ן — אַ יינגערער ברודער פון נפתלין, אונטער ווענעמס איינפלוס ער איז געקומען צו אונדזער אָרגאַניזאַציע. ווי אַ דורשטיקער, האָט ער זיך צוגעכאַפּט צו די ביכער פון אונדזער ביבליאָטעק. ער האָט פאַרמאָגט אַ שטאַרקן דראַנג צו וויסן, זייער אַ סך געלייענט און געווען באַשאָנקען מיט ממש אַ פענאָמענאַלן זכרון. גאָר גיך איז מנחם געוואָרן דער גייסטיקער פירער פון דער יוגנט. אַ טיפּ פון אַ זייער צוגעלאָזענעם מענטשן, אָבער זייער ווייניק צוגעפּאַסט צום פּראַקטישן לעבן. וואָלט מנחם געווען געהאַט די מעגלעכקייט צו שטודירן — וואָלט ער זיכער פאַרנומען אַ וויכטיקע פּאָזיציע. 1930 איז ער אַוועק קיין רוסלאַנד. מיט זיין גייסטיקן פאַרנעם האָט מנחם אַריינגעבערענגט אַ העכערן ניוואָ אין דער אַרבעט פון אונדזער יוגנט.

ה ע ש ק ע  ג א ל ד מ י נ ץ — קומט פון אַ גאַנץ אַנדערער סביבה. זיין פאָטער יצחק איז,אין קעגנזאַץ צו אַלע אַנדערע עלטערן, שוין אַליין געווען אַ געזעלשאַפטלעכער טוער. אַ פּראָגרעסיווער מענטש, איז ער געווען דער סעקרעטאַר פון דער „מזרחי"־אָרגאַניזאַציע ביי אונדז אין שטאָט. ווען ער קומט צו אונדזער יוגנט, איז שוין העשקע טיילווייז אַ רייפער מענטש. ער רייסט איבער מיט אַ בירגערלעכער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. דאָ, אין אונדזער יוגנט, ווערט ער גיך אַן איבערגעגעבענער טוער, טרעט אַרויס אויף „קרייזן", עפנטלעכע אונטערנעמונגען, מיטינגען. ער פאַרמאָגט אין אַ גרויסער מאָס די פעאיקייט איבערצוגעבן אויף אַ פּשוטן אופן פאַקטן און געשעענישן. העשקע ווערט שנעל אַן אָנגעזעענער טוער אין דער פּאַרטיי. ער ווערט אויך געוויילט אין קאָמיטעט און אַרבעט טיכטיק אין דעם פּראָפעסיאָנעלן טעקסטיל־פאַראיין. בעת דעם

גרויסן שטרייק פון 1932, וואָס האָט געדויערט גאַנצע פינף חדשים, ווערט העשקע געוויילט אין שטרייק־קאָמיטעט. ער ווערט איינער פון די אַקטיווסטע אָנפירער פון שטרייק און — נאַטירלעך — ווערט ער פאַר־פאָלגט פון דער פּאָליציי. די סאַנאַציע־צייטונג אין לאָדזש שטעלט אים פאָר ווי אַן אַגענט, געשיקט ספּעציעל אויף אָנצופירן מיטן שטרייק.

שלמה זשיטניצקי — אַ קינד פון אַ פּראָלעטאַרישער היים. נאָך זייענדיק גאַנץ יונג איז ער אָנגעקומען אין דער בונדישער יוגנט. זיין גאַנצע משפחה איז אַ בונדישע. זיינע עלטערע ברידער, אלתר און יוסף, זענען שוין דעמאָלט אַקטיווע בונדיסטן. נאָך אין דער פאָלקסשול האָט דער יונגער שלמה די אייגנשאַפט צו גרופּירן אַרום זיך קינדער. אין אונדזער יוגנט־באַוועגונג האָט ער דעריבער באַקומען דעם אמתן תיקון. נאָך גאָר יונג ווערט ער אַן אַקטיווער טוער און איינער פון די אָנפירנדיקע חברים אין מעדעם־קרייז. אַ דאַנק זיין אַקטיוויטעט איז דער מעדעם־קרייז געוואָרן אַ וויכטיקער באַשטאַנד־טייל פון אונדזער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. שלמה האָט אויך איינגעבוירענע פעאיקייטן צו מוזיק, טעאַטער, ספּאָרט און אַנדערע. אין אונדזער יוגנט־אָרגאַניזאַציע האָט ער די מעגלעכקייט זיינע פעאיקייטן אויסצונוצן. ווען עס ווערט ביי דער „צוקונפט" געשאַפן דער מאַנדאָלין־אָרקעסטער, ווערט ער איינער פון די בעסטע שילער. ווערט געגרינדעט אַ דראַמאַטישער קרייז — פאַרנעמט ער אין אים איינעם פון די אָנגעזעענסטע ערטער. מיט דער צייט הייבט ער אָן אליין איינצושטודירן אייניקע זאַכן. ווערט געגרינדעט דער „מאָרגנשטערן" — עפענען זיך ווידער פאַר אים די ברייטסטע מעגלעכקייטן פאַר אויסנוצן זיינע פעאיקייטן. אליין איז ער אַן אויסגע־צייכנטער ספּאָרטלער און מיט דער צייט, נאָכן אַדורכמאַכן עטלעכע אינ־סטרוקטאָרן־קורסן, ווערט ער דער הויפּט־אינסטרוקטאָר פון „מאָרגנ־שטערן". גלייכצייטיק טרעט ער אַרויס אַלס רעפערענט אויף „קרייזן", „מאַסווקעס" און 1טע־מיי פייערונגען. ער איז איינער פון אונדזערע שענסטע יוגנט־רעדנער. אַן ערלעכער האַרציק־איבערגעגעבענער חבר און פריינד. ער איז אַ לאַנגע צייט געווען פּאָרזיצער פון דער „צוקונפט". ביז זיין אָפּפאָר אין אַרגענטינע, אין 1938, איז ער כסדר געווילט געוואָרן אין פּאַרטיי־קאָמיטעט. געווען סעקרעטאַר פון נאָדל־פאַראיין. מיט זיין אָפּפאָרן קיין אַרגענטינע האָט די אָרגאַניזאַציע געליטן אַ פילבאַרן פאַר־לוסט. ער איז היינט אין בוענאָס איירעס.

עס איז, ליידער, אוממעגלעך אויסצורעכענען די אַלע יוגנטלעכע, וואָס זענען אויסגעוואַקסן אין אונדזער יוגנט און שפּעטער געוואָרן אָנגעזעענע אַקטיווע טוער אין דער בונדישער באַוועגונג. מיר וועלן זיך דעריבער באַגרענעצן מיט אויסרעכענען בלויז עטלעכע נעמען פון חברים, וואָס האָבן געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָל אין דער אַרבעט פון דער יוגנט: יעקב־יחיאל קושער, עזריאל לעפּינסקי, לייב און אביגדור מאַכאַלסקי, טוביה און דוד פּזשיבילסקי, יאַנקל ראָטשטיין, זלמן לעוואָקאָוויטש, אסתר־רחל מאַכאַבאַנסקאַ, שמואל געלבאַרט, צירל און עמנואל יאַאַב, נטע גאָלדמינץ, איציק גאָלדבערג. און אַ גרופּע סקיפיסטן, וואָס זענען איבערגעשיקט געוואָרן אין דער יוגנט און גיך געוואָרן אַקטיווע טוער: יחזקאל פּזשעבאָרסקי, ירחמיאל גאָלדבערג, מאַניע שטיין, שרה גליקסמאַן, הערצקע פּרייטאַג, רבקה און פייגע ברייטבערג, יחיאל און שמחה הערצקאָוויטש, דינה ווינער, לייבל גאָלדמינץ, קריזמאַן, אברהם שטיין און רבקה פּודלאָווסקי.

## „ס ק י ף״

אונדזער בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט אויך געזאָרגט פאַר דעם יונגן אונטערוואַקסנדיקן דור. ווען עס האָט זיך — אין וואַרשע, אין יאָר 1927 — צוזאַמענגענומען אַ גרופּע לערער און צוקונפט־טוער, וואָס האָבן געשאַפן דעם סאָציאַליסטישן קינדער־פאַרבאַנד „סקיף״, — איז אין אַ קורצער צייט שפּעטער אויך ביי אונדז געגרינדעט געוואָרן די קינדער־אָרגאַניזאַציע. שלמה זשיטניצקי, פּרץ פּרייטאַג און דער שרייבער פון די שורות האָבן אויף זיך גענומען די וויכטיקע אויפגאַבע. אויפן ערשטן צוזאַמענטרעף איז שוין געווען אַ גרופּע שול־קינדער און חדר־יינגלעך, און אויך 11—12 יאָריקע קינדער, וואָס זענען שוין צו יענער צייט געוואָרן אויסגענוצט ביי טעקסטיל, שניידעריי און שוסטעריי. די נייעס, אַז מיר ווילן פאַר זיי שאַפן אַ קינדער־אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל זיי צוריקגעבן זייער קינדערישע פרייד און זיי דערציען אַלס באַוווסטזיניקע מענטשן, האָבן די קינדער אויפגענומען מיט באַגייסטערונג. צווישן דער ערשטער גרופּע זענען געווען די שפּעטער באַקאַנטע טוער פון „סקיף״: כאַצקל פּזשעדבאָרסקי, ירחמיאל גאָלדבערג, שמחה הערצקאָוויטש א״א.

די אָרגאַניזאַציע האָט אָנגעהויבן וואַקסן און עס האָט זיך גאָר גיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס גרינדן דעם „סקיף״ איז געווען ממש אַ גוטוועני־

דיקייט. אַלס קינדער־אָרגאַניזאַציע ביים „בונד", איז דער „סקיף" געוואָרן די גרעסטע קינדער־אָרגאַניזאַציע ביי אונדז אין שטאָט. זי האָט געציילט ביי א הונדערט קינדער, איינגעטיילט אין עטלעכע גרופּן. אין „סקיף" איז געפירט געוואָרן א ברייט־פאַרצווייגטע דערציערישע ארבעט.

עס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אָפטע אויספלוגן אין די אַרומיקע וועלדער און פעלדער, כדי צו באַקענען די קינדער מיט די שיינקייטן פון דער נאַטור. און עס איז באמת געווען א פאַרגעניגן צו זען ווי די נאָך נעכטן אָפּגעשטאַנענע ארבעטער־קינדער האָבן זיך א לאָז געטון צו דער שיינער און פרייער נאַטור. מיט זייער געזאַנג און מונטערקייט האָבן זיי צוגעצויגן אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט.

מיט אומגעדולד פלעגן די קינדער א גאַנצע וואָך אויסקוקן דעם שבתדיקן טאָג, ווען עס פלעגן פאָרקומען די אויספלוגן. מען האָט, בעת די אויספלוגן, געלערנט די קינדער זינגען, פאַרשידענע שפּילערייען. עס פלעגן אויך פאָרקומען שמועסן. פון גאָר א גרויסן טייל אָפּגעשטאַנענע קינדער האָט דער „סקיף" דערצויגן א געזונטן, באַוווסטזיניקן עלעמענט.

ווען די יידיש־וועלטלעכע שול האָט איינגעאָרדנט אָוונט־קורסן, זענען אונדזערע קינדער געווען פון די ערשטע שילער.

יעדעס יאָר פלעגט דער „סקיף" דורכפירן א יובל־אַקאַדעמיע, וואָס איז שטענדיק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א גרויסן יום־טוב פון דער גאַנ־צער בונדישער באַוועגונג. דעם פּראָגראַם פלעגן אויספילן די קינדער און עס איז נישט געקאַרגט געוואָרן קיין אָנשטרענגונגען, כדי די פייערונגען זאָלן אויספאַלן וואָס אימפּאָזאַנטער. עס פלעגן אויף די אַקאַדעמיעס אַרויסטרעטן פאָרשטייער פון דער „סקיף"־צענטראַלע, ווי די ח"ח סערגיי נוטקעוויטש, ארטור לערמער א"א. אויף איינער פון די אקאַדעמיעס איז אַרויסגעטראָטן דער באַקאַנטער פ.פ.ס.־ישער פירער און סייב־דעפּוטאַט זיגמונט זאַרעמבאַ.

בעת די יערלעכע אקאַדעמיעס פלעגט כמעט אַלעמאָל פאָרקומען דאָס איבערשיקן פון גרופּעס סקיפּיסטן אין דער „צוקונפט". דער „סקיף" איז אַזוי אַרום געווען דער רעזערוואואַר פאַר דער פּאַרטיי.

אַחוץ די כסדרדיקע אויספלוגן פלעגט דער „סקיף" אָרגאַניזירן אין דער וואַקאַציע־צייט לאַגערן, וווּ די סקיפּיסטן האָבן פאַרבראַכט עטלעכע וואָכן אויף דער פרייער לופט און געלעבט אין אַן אמתער קינדער־רע־פּובליק, אָנגעפירט פון קינדער און העלפער. אין איין לאַגער אין דאָמבראָ־

ווע, נישט ווייט פון טאָמאַשאָוו, האָבן מיטגעאַרבעט לייבל קירש און די סקיף־טוערין פון לאָדזש זשימאַלקאָווסקא. אויך שלמה זשיטניצקי האָט זיין חלק בייגעטראָגן.

זייער אָפט זענען אָרגאַניזירט געוואָרן אויספלוגן צו די ברידער־אָרגאַניזאַציעס אין פּיעטריקאָוו און זדונסקא־וואָלע. לאַנג, לאַנג פלעגן אונדזערע קינדער דערמאַנען די האַרציקע צוזאַמענטרעפן מיט די ברידער־אָרגאַניזאַציעס.



פאַרוואַלטונג פון „סקיף"

אָבער דער שענסטער מאָמענט פון אונדזער „סקיף" איז זיכער געווען דער ראַיאָן־צוזאַמענפאָר, צו וועלכן עס פלעגן זיך צונויפפאָרן הונדערטער סקיפיסטן פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך, ווי: פּיעטריקאָוו, טאָמאַשאָוו, זדונסקא־וואָלע, סוליעוו און לאָדזש.

פון לאָדזש איז געקומען דער גאַנצער זומער־לאַגער אונטער דער אָנפירונג פון חבר סערגיי און דעם אינסטרוקטאָר פון „מאָרגנשטערן" יאַקובאָוויטש. דער צוזאַמענפאָר פלעגט זיך פאַרוואַנדלען אין אַ מעכטיקער מאַניפעסטאַציע פון דער גאַנצער בונדישער באַוועגונג. אומפאַרגעסלעך איז דער פאַקל־צוג ביינאַכט איבער די גאַסן. הונדערטער קינדער

האָבן מיט זייער געזאַנג אויפגערודערט דאָס פּראָלעטאַרישע שטעטל. צום שלום פון פּאַקל־צוג האָט די גרויסע מאַסע קינדער זיך פאַרזאַמלט אויפן פּלאַץ פאַרן טעאַטער־זאַל. דער חבר סערגיי האָט פון באַלקאָן גערעדט צו די פאַרזאַמלטע. עס איז אוממעגלעך ארויסצוברענגען די געפילן, וואָס האָבן דעמאָלט באַהערשט די גרויסע פאַרזאַמלטע מאַסע הערנדיק דעם חבר סערגיים דונערדיקע שטימע קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. די מאָמענטן וועלן ביי אונדז שטענדיק בלייבן איינגעקריצט אין זכרון.



זומער־לאַגער פון „סקיף"

דער „סקיף" האָט באַשיינט אַלע בונדישע אונטערנעמונגען. און גאַנץ באַזונדער די ערשטע מאַי־מאַניפעסטאַציעס, אויף וועלכע איבער הונדערט סקיפיסטן, אין בלויע בלוזעס און רויטע קראַוואַטן פלעגן עפענען דעם בונדישן מאַי־צוג. עס איז געווען דאָס גרעסטע פאַרגעניגן צו זען ווי די נעכטיקע שילער, חדר־יינגלעך און ארבעטער־קינדער האָבן מאַרשירט, שטאָלצע און מיט געזאַנג, אין דער מאַי־מאַניפעסטאַציע.

די סקיפיסטן פלעגן מאכן גימנאסטישע איבונגען, שפילן פוטבאל א״א. אויפן סקיף־צוזאמענפאר אין ווארשע, 1936, איז אין דער סקיף־צענטראלע געוויילט געווארן א העלפער פון בעלכאטאווער „סקיף״*).

דער „סקיף״ האט דערצויגן א באוווסטזיניקן יונגן עלעמענט און ארויסגעגעבן פון זיך וויכטיקע טוער פאר דער גאנצער בונדישער באוועגונג. א טייל פון זיי האבן מיר שוין דערמאנט אין צוזאמענהאנג מיט דער „צוקונפט״. נאך עטלעכע ווען מיר דא אויסרעכענען:

שמואל גלאגאווסקי, הינדע ליבערמאן, מרדכי און לייבל פיעטר־קאווסקי, רבקה, פייגע, הערשל מאיר און מרדכי ברייטבערג, מאניע פריי־טאג, פערל גליקסמאן, אברהם שטיין, חנה־רויזע גליקסמאן, מענדל און ריווטשע פודלאווסקי (די לעצטע איז געווען טעטיק אין דער אומלעגאלער באוועגונג בעת דער דייטשער אקופאציע, ביידע — קינדער פון חבר זלמן), פייגע דאברע הארטמאן. גאר אקטיוו איז אין דער לעצטער צייט געווען די לערערין ר. קאנסקא.

ליידער זענען כמעט אלע קינדער אומגעקומען בעת דער דייטשער אקופאציע. בלויז גאר א זייער קליינער פראצענט אין געבליבן.

## ספארט

עס איז אונטערן נאמען „שטורם״ געגרינדעט געווארן א פוטבאל־דרוזשינע, וואס האט זיך פארנומען אויסשליסלעך מיט פוטבאל. צווישן די גרינדער פון את דער דרוזשינע זענען געווען: ירחמיאל שווארצבערג, לייבקע יאקובאוויטש, שמואל גרינבערג, פרץ פרייטאג א״א. דער „שטורם״ פלעגט זייער אפט דורכפירן פארמעסטונגען מיט ארטיקע קלובן און אויך פון אנדערע שטעט. א קורצע צייט שפעטער איז אויפן ארט פון „שטורם״ געגרינדעט געווארן דער „מארגנשטערן״, וועלכער האט שוין זיין הויפט־אויפמערקזאמקייט געווידמעט גימנאסטישע איבונגען און אויך זיך פארנומען מיט פוטבאל. עס זענען ביי אים געווען פארשידענע סעק־ציעס פון גימנאסטיק פאר יינגלעך און מיידלעך. נאך שווערער מי און גרויסע אנשטרענגונגען איז דעם „מארגנשטערן״ קוים געלונגען זיך איינ־צושאפן די נויטיקע ספארט־מכשירים. קיין שום שטיצע פון דער רעגי־רונג אדער מוניציפאליטעט האט דער „מארגנשטערן״ נישט באקומען,

*) דאס איז געווען דער מחבר פון דער ארבעט מ. גליקסמאן — (רעד.).

בעת די בירגערלעכע ספּאָרט־אָרגאַניזאַציעס פלעגן אָפט סובווענציאָנירט ווערן. דער „מאָרגנשטערן" האָט געהאַט גרויסע לאָקאַל־שוועריקייטן. כמעט די גאַנצע צייט פון זיין עקזיסטענץ האָט ער זיך געפונען אין בונדישן לאָקאַל. אָבער די גרעסטע שוועריקייט איז באַשטאַנען אין דעם מאַנגל פון אינסטרוקטאָרן פאַר די גימנאַסטישע איבונגען. אין דער ערשטער צייט איז נישט געווען קיין אַנדערער אויסוועג ווי זיך צו באַניצן מיט אויסגעדינטע סאָלדאַטן. אָבער עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זייערע איבונגען זענען נישט געווען צוגעפּאַסט פאַר אונדזערע יוגנטלעכע. ערשט ווען שלמה זשיטניצקי האָט דורכגעמאַכט אַן אינסטרוקטאָרן־קורס אין לאָדזש, איז מעגלעך געוואָרן צו פירן די אַרבעט אין א געהעריקן פאַרנעם.



אַ גרופּע ספּאָרטלער פון „שטורעם" מיטן אינסטרוקטאָר משה יואל יעזשי

מען האָט זיך איינגיכן גענומען גרייטן צו א גרויסן עפנטלעכן טורן־פעסט. צו דעם צוועק איז ספּעציעל געקומען קיין בעלכאַטאָוו דער אינסטרוקטאָר פון לאָדזשער „מאָרגנשטערן", דער חבר הילער. דער פאָרגעקומענער טורן־פעסט האָט געמאַכט אַן אויסערגעוויינלעך שטאַרקן רושם, אַזוי אַז מען האָט אויף דער פאָדערונג פון עולם אים געמוזט איבער־חזרן. עס האָט זיך פון דעמאָלט אָן איינגעשטעלט א טראַדיציע פון יער־

לעכע טורן־פעסטן. אין די זומער־חדשים פלעגן די איבונגען פאָרקומען אויפן פרייען פעלד. ס'האָבן זיך אויסגעטיילט עטלעכע יוגנטלעכע, וואָס זענען געוואָרן אינסטרוקטאָרן. איינער פון זיי איז געווען דער איבערגעגעבענער טוער פון דער „צוקונפט", ירחמיאל גאָלדבערג. א קורצע צייט איז דער „מאָרגנשטערן" געווען פאַראייניקט מיט דער



ספּאָרט־פיירונג פון „מאָרגענשטערן" מיטן אינסטרוקטאָר הילער (פון לאָדזש)

ספּאָרט־סעקציע פון די לינקע ביי אונדז אין שטאָט. א דאנק דער איבערגעגעבענער ארבעט פון די ח"ח שלמה זשיטניצקי, זלמן לעווקאָוויטש, אברהם־מענדל גאָלדבערג, נטע גאָלדמינץ, לייזער הובערמאַן, ש. שטאָטלענדער, הלל בעלכאַטאָווסקי א"א איז דער „מאָרגנשטערן" געוואָרן איינע פון די שענסטע ספּאָרט־אָרגאַניזאַציעס נישט נאָר אויף דער יידישער גאַס, נאָר אויך אין לאַנד־פאַרנעם. די ספּאָרט־ימים־טובים, וואָס

**STOW. ROB. WYCH. FIZYCZN. „JUTRZNIA"**
W POLSCE. ODDZIAŁ W BEŁCHATOWIE.

W sobote dnia 29 stycznia b. r.
o godz. 8 wiecz.
w sali Straży Pożarnej
ODBEDZIE SIE

# WIELKI POPIS
## GIMNASTYCZNY

Pod kierownictwem **L. HILERA** z Łodzi. — Bilety przy kasie.

שבת דעם 29־טן יאַנואַר ה. י. 8 אַזייגער
קומט פֿאָר אין פֿײַער־לעשער זאַל

מאָרגנשטערן אין פּױלן
אָפּט. אין בעלכאַטאָוו

דער 2־טער **גרויסער**

# טורן = פֿעסט

פֿון בעלכאַטאָווער „מאָרגנשטערן“

**אין פּראָגראַם:**

1. דערעפֿענונג
2. אויפֿמאַרש פֿון די ספּאָרטלער
3. פֿרײַ איבונג
4. רייף איבונג
5. שפּרונגען
6. אַליאַפּישע פֿרײַ־איבונג
7. „ „ „
8. קינדער פֿרײַ־[illegible]
9. שפּרונגען
10. איבונג
11. „
12. „ לויט בוק סיסטעם
13. וואַנדער פֿרײַ־איבונג
14. גימנאַסטישער טאַנץ
15. אַלגעמיינע פּיראַמידע מיט בענגאַלישע פֿײַער

| | |
|---|---|
| אַלע איבונגען ווערן אויסגעפֿירט בײַ דער באַגלייטונג פֿון אַ שטרײַך־קלאַסישן אָרקעסטער אונטער דער לייטונג פֿון ה' קוכאַרסקי | איבונגען צוזאַמענגעשטעלט און אויסגעפֿירט דורך אינסטרוקטאָר ה' י. הילער מאַט. |

דער „מאָרגנשטערן" האָט אָרגאַניזירט, פלעגן שטענדיק צוציען אַ גאָר גרויסן טייל פון דער באַפעלקערונג.

עס איז כדאי צוצוגעבן, אַז דער שטאָט־פּרעזידענט האָט זיך אין אַ פאַל געווענדט צו אונדז מיט דער בקשה אָנטיילצונעמען אין אַ מי־ליטערישער צערעמאָניע. צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים, האָבן מיר די ווענדונג אָפּגעוואָרפן.

## פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג

אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג האָט דער „בונד" פאַרנומען אַ גאָר בכבודיקן פּלאַץ. אין דעם טעקסטיל־פאַראיין, וואָס האָט געציילט עטלעכע טויזנט אַרבעטער, איז אונדזער חבר זלמן פּודלאָווסקי געווען וויצע־פּאָרזיצער און יאָרנלאַנג איינער פון די אַקטיווסטע טוער. די יידי־שע און פּוילישע אַרבעטער האָבן גוט געוווּסט, אַז אין דעם חבר זלמן האָבן זיי אַן איבערגעגעבענעם, ערלעכן קעמפער פאַר זייערע גערעכטע פאָדערונגען. עס איז נישט פאָרגעקומען קיין איין אַקציע אָדער שטרייק, בעת וועלכן אונדזערע חברים זאָלן נישט זיין אין די סאַמע פאָדערשטע רייען. אין בעלכאַטאָוו האָט דער לאַנדראַט געהאַט אַלס זיין פאַרטרעטער דעם ח' זלמן פּודלאָווסקי. בעת ס'איז אין 1932 אויסגעבראָכן דער באַרימ־טער 5־חדשימדיקער שטרייק, ווען וועלכן עס האָט געשריבן די גאַנצע פּויי־לישע פּרעסע, — זענען אונדזערע חברים זלמן פּודלאָווסקי, העשקע גאָלד־מינץ א"אַ געווען אין דער הויפּט־אָנפירונג. ווען דער אַרבעט־אינספּעק־טאָר פון פּיעטריקאָוו האָט צונויפגענומען אַ גרויסע עפנטלעכע פאַרזאַמ־לונג פון די טעקסטיל־אַרבעטער, כדי זיי איבערצורייצן נישט צו פירן קיין אַקציעס קעגן די פאַבריקאַנטן, — האָט ער נישט געוואָלט עפענען די פאַרזאַמלונג ביז חבר זלמן וועט נישט פאַרלאָזן דעם זאַל. און ווען די פּאָליציי האָט אויפן אינספּעקטאָרס פאַראָרדענונג, געצוווּנגען דעם חבר זלמן אַרויסצוגיין, — האָבן אַלע יידישע אַרבעטער, מיט עטלעכע פּוילישע, פאַרלאָזט די פאַרזאַמלונג מיטן געזאַנג פון דער „רויטער פאָן" און „אינטערנאַציאָנאַל". אין פאַראיין זענען אויך געווען טעטיק די ח"ח גדליהו שטיין, שכר פּזשיבילסקי, לוי געלבאַרד, אַלטער ראָזנטאַל, משה יאַקובאָוויטש א"אַ.

אויך אין נאָדל־פאַראיין זענען אונדזערע חברים געווען זייער טעטיק און ח' שלמה זשיטניצקי האָט כמעט אָן איבעררייס פאַרנומען דעם סעק־

רעטאַר־אמט. צווישן די אַקטיווע טוער פון דער פאַרוואַלטונג האָבן זיך גע־פונען נטע גאָלדמינץ, זלמן לעווקאָוויטש און ש. זשיטניצקי.

## 1טע מאַי־פייערונגען

יאָר יערלעך האָבן די בעלכאַטאָווער אַרבעטער געפייערט דעם 1טן מאַי מיט מאַי־פייערונגען און גאַסן־מאַניפעסטאַציעס, אין וועלכע עס האָבן זיך שטענדיק באַטייליקט פיל אַרבעטער פון די אַרומיקע געגנטן און דערפער. מערסטנטייל זענען עס געווען האַנט־וועבער. די מאַניפעס־



בונדישע ערשטער מאַי־מאַניפעסטאַציע

טאַציעס זענען כמעט שטענדיק געווען געמיינזאַמע: פּ.פּ.ס. בונד און פּראָפע־סיאָנעלע פאַראייניגן. שוין וואָכנלאַנג פאַרן 1טן מאַי פלעגן די אַרבעטער זיך גרייטן צו דעם יום־טוב. דעם 1טן מאַי פלעגן אַלע פאַבריקן אָפּשטעלן די אַרבעט. באַזונדער ענערגיש פלעגט זיך אונדזער אָרגאַניזאַציע גרייטן צום 1טן מאַי. מיט וואָכן פריער פלעגט אונדזער כאָר פאַרהילכן די פאַביאַניצער גאַס, ווו עס האָט זיך געפונען דער בונדישער לאָקאַל, מיט פאַרשידענע קאַמף־לידער. עס פלעגן דורכגעפירט ווערן „מאַסוווקעס" און די אויפרופן פון צענטראַל־קאָמיטעט פלעגן פאַרטיילט ווערן אין אַלע יידישע

אַרבעטער־שטובן. געעפנט דעם צוג האָט שטענדיק דער ייִנגסטער צווייג פון אונדזער באַוועגונג — דער „סקיף". די קרוב הונדערט קינדער, אין בלויע בלוזן און רויטע קראַוואַטן, פלעגן צוגעבן אַ באַזונדערן חן דער מאַניפעסטאַציע. אויך די „צוקונפט", אין די זעלבע אוניפאָרמען וואָס דער „סקיף", פלעגט שטאָלץ און מונטער מאַרשירן און כסדר וואַרפן פאַרשידענע לאָזונגען. דער כאָר, אָנגעפירט פון עמנואל יאָאַב, האָט צוגעגעבן פיל לעבעדיקייט דעם צוג. די מחנה עלטערע בונדיסטן האָט געשלאָסן דעם צוג.

אין יאָר 1938 איז אויך אין בונדישן צוג געטראָגן געוואָרן די פאָן פון „יאַפ" (אָרגאַניזאַציע פון יידישע אַרבעטער פרויען) און אונטער איר — רייען יידישע אַרבעטער פרויען. דאָס איז געווען אַ נייער צווייג אין דער בונדישער משפּחה. אין דער דערמאָנטער אָרגאַניזאַציע זענען געווען טעטיק רבקה קאָנסקאַ, וועלכע איז גלייכצייטיק געווען פּרעזעגענטין, אסתר נאַכע שטאָטלענדער, בראַנדל פּיולאַ א"א.

## אין שטאָט־ראַט

ווען בעלכאַטאָוו האָט אין 1925 באַקומען די רעכט פון אַ מאַגיס־טראַט און אַ געוויילטן שטאָט־ראַט, האָט אונדזער אָרגאַניזאַציע אָנגע־הויבן פירן אַ ברייטע אויפקלערונג־אַרבעט וועגן דער באַדייטונג פון די דאָזיקע זעלבסטפאַרוואַלטונג־אָרגאַנען לטובת די אינטערעסן פון דער באַפעלקערונג. עס זענען דורכגעפירט געוואָרן „מאַסוווקעס" אין פּאַרטיי־לאָקאַל און עפנטלעכע מיטינגען אין שטאָטישן זאַל מיט דער באַטייליקונג פון פאָרשטייער פון צענטראַל־קאָמיטעט, ווי די ח"ח הערשל הימעל־פאַרב, גרשון זיבערט, מילמאַן, אפרים־לאָזער זעלמאַנאָוויטש, אַרטור זי־געלבוים, משה לעווין, יצחק סאַמסאַנאָוויטש א"א. מיר האָבן אויך פאַר־נאַנדערגעטיילט אויפרופן, אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלן נומער פון „בעל־כאַטאָווער וועקער" און געפירט אַן אינטענסיווע הויז־אַגיטאַציע. אין ערשטן שטאָט־ראַט זענען געוויילט געוואָרן די ח"ח זלמן פּודלאָווסקי און הענעך ליבערמאַן. די איבערגעגעבענע אַרבעט פון דער בונדישער פראַקציע אין שטאָט־ראַט האָט אַרויסגערופן פיל אָנערקענונג מצד דער יידישער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג.

זייערע אַרויסטריטן אויף דער שטאָטראַט־טריבונע האָבן פאַרנומען דעם גרעסטן טייל זיצונגען. זיי זענען געוואָרן די וואָרטזאָגער פון דער

יידישער און פּוילישער אָרעמקייט, אַזוי אַרום האָבן זיי זיך דערוואָרבן גרויס אָנזען און אנערקענונג אין שטעטל.

עס איז כדאי איבערצוגעבן פאָלגנדן פאַקט:

די פּאַביאַניצער גאַס איז געווען געדיכט באַוווינט פון אַן אָרעמער יידישער באַפעלקערונג און האָט נישט געהאַט קיין וואַסער. נאָך לאַנגע פאָדערונגען פון דער בונדישער פראַקציע איז דער מאַגיסטראַט געווען געצוווּנגען צו מאַכן אַ פּלומפּ (ברונעם), וואָס דאָס שטעטל האָט גערופן „זלמנס פּלומפּ".

די זעלבע גאַס איז שפּעטער נאָך אַ שטורמישן קאַמף מצד דער בונדישער פראַקציע אָנגערופן געוואָרן אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ.

די בונדישע פראַקציע האָט אויסגעקעמפט נאָך שטורמישע זיצונגען, ביי גרויסע אָבסטרוקציעס פון דער גאַלעריע, וואָס איז ווי געהעריק אינסטרואירט געוואָרן — סובסידיעס פאַר די יידיש־וועלטלעכע שולן.

ביי די צווייטע שטאָטראַט־וואַלן אין יאָר 1927, זענען אויסגעוויילט געוואָרן פון „בונד" — זלמן פּודלאָווסקי און שיע זשאַרסקי.

דער בונדישער פראַקציע איז אויסגעקומען צו פירן אַ קאַמף קעגן „בעלכאַטאָווער בערל קוטשמע" — שמואל יאַקובאָוויטש (לאַווניק), וואָס האָט מיסגעברויכט מיט זיין אַמט אויף פאַרשידענע אופנים. אַלס ענטפער אויף אַט דעם קאַמף האָט ער אָרגאַניזירט פאַרשידענע כוליגאַנישע אָנפאַלן אויף די בונדישע ראַטמענער. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז נישט געבליבן אָן אַן ענטפער מצד די בונדיסטן.

ס'האָט דערפירט דערצו, אַז 7 בונדיסטן זענען אָפּגעזעסן 3 חדשים צייט אין פּיעטריקאָווער תפיסה.

די השפעה פון „בונד" איז געשטיגן. ביי די צוגאָב־וואַלן אין יאָר 1933 איז דער חבר שיע זשאַרסקי אויסגעוויילט געוואָרן אַלס לאַווניק.

די וואַלן צום דריטן שטאָטראַט זענען פאָרגעקומען לויט אַ נייער וואַל־אָרדינאַציע. די צאָל ראַטמענער זענען פאַרקלענערט געוואָרן פון 24 אויף 16. פון די געוויילטע 7 יידישע ראַטמענער זענען געווען 4 בונדיסטן. די 4 ראַטעמענער זענען געווען הענעך ליבערמאַן, גרשון ברייטבערג, רחל און זלמן פּודלאָווסקי.

אין אָנהויב 1933 איז אין לאַנד אָנגעגאַנגען אַ פּאָליטישע אַקציע קעגן דער נייער וואַל־אָרדינאַציע. דער „בונד" צוזאַמען מיט פּ. פּ. ס. האָבן זיך אויך אין בעלכאַטאָוו באַטייליקט אין דער דערמאָנטער קאַמפּאַניע. דעם 5טן מערץ פון זעלבן יאָר איז פאָרגעקומען אַ געמיינזאַמער מיטינג אין פייערלעשער־זאַל. אויפן מיטינג זענען אַרויסגעטרעטן מצד פּ. פּ. ס. ד"ר ב. קאַן פון טאָמאַשאָוו מאַז. און דער בונדיסט העשקע גאָלדמינץ.

דעם 6טן יאַנואַר 1934 האָט דער קלאַסן־פאַראיין פון די בעלאַכטאָווער טעקסטיל־אַרבעטער איינגעאָרדנט אַ גרויסן מיטינג קעגן פאַרערגערן די סאָציאַלע געזעצן. עס זענען אַרויסגעטרעטן דער סיים דעפּוטאַט ז. זאַרעמ־באַ, דער פאָרזיצער פון די פראָפ. קלאַסן־פאַראיינען אין פּיעטריקאָווער ראַיאָן כאַלאַדיי. דער מיטינג איז געפירט געוואָרן פון חבר ז. פּודלאָווסקי.

אין צוזאַמענהאַנג מיט די דאָלפוס־געשעענישן אין פעברואַר 1934 אין עסטרייך איז אויף דער בונדישער איניציאַטיוו פּראָקלאַמירט געוואָרן אַ פּראָטעסט־שטרייק אויף דעם 19טן פעברואַר. אין שטרייק האָט זיך אָנ־געשלאָסן דער גאַנצער בעלכאַטאָווער פּראָלעטאַריאַט, און דאָס איז געווען אַ מאָנטיק — אַ מאַרק־טאָג אין שטעטל, זענען שוין אָנוועזנד געווען בעת די מאַניפעסטאַציעס די פּויערים פון דער אַרומיקער געגנט. אונדזער חבר פּרץ פרייטאָג האָט דאַן מיט זיין פּוילישער רעדע בעתן גאַסן־מיטינג אויפן נייעם מאַרק באַגייסטערט די פיל טויזנט קעפּיקע מאַסע.

צוגלייך ווי אין גאַנצן לאַנד איז אויך אין בעלכאַטאָוו געשאַפן גע־וואָרן אַן אָפּטיילונג פון סאָציאַליסטישן האַנטווערקער פאַראיין. די טוער פון געגרינדעטן האַנטווערקער פאַראיין זענען געווען: מענדל גליקסמאַן, הענעך ליבערמאַן, רחל פּודלאָווסקי, פּרץ פרייטאָג, עמנואל יאַאַב א"א.

דער סאָציאַליסטישער האַנטווערקער פאַראיין צוזאַמען מיט דער בונדישער שטאָטראַט פראַקציע האָט געהאָלפן אויסאַרבעטן האַנטווערקער קאַרטן, וואָס איז ממש געווען אַ לעבנס־פראַגע פאַר די אָרעמע בעל־מלאכות אין צוזאַמענהאַנג מיטן אַנטיסעמיטישן צעכן־געזעץ.

אין יאָר 1937 איז פאָרגעקומען אין וואַרשע די יובל־פייערונג גע־ווידמעט 40 יאָר „בונד". אויף דעם דערמאָנטן צוזאַמענפאָר איז פון בעלכאַטאָוו געפאָרן אַ גרעסערע דעלעגאַציע. דאָס זענען געווען: פּרץ פריי־טאָג, רבקה קאַנסקאַ, שלמה זשיטניצקי, ישכר פּזשיבילסקי, אסתר נאַבע שטאָטלענדער און ז. פּודלאָווסקי. דער חבר זלמן איז דעקאָרירט געוואָרן דורך דעם בונדישן פירער הענריק ערליך מיט אַ זשעטאָן הויפּט־שלאָגלער

ביים פאַרקויפן „די פאָלקסצייטונג" אין די פרעסע־טעג. כדאי צו באַטאָנען, אַז אין די פרעסע־טעג איז די „פאָלקסצייטונג" אייניקע מאָל פאַרשפּרייט געוואָרן צו 600 עקזעמפּליאַרן — פאַר בעלכאַטאָוו אַ רעקאָרד־ציפער.

## קולטור־טעטיקייט פון „בונד"

די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט זיך נישט באַגרענעצט בלויז מיט אינערלעכער קולטור־אַרבעט. ביי די אויסערגעוויינלעך שווערע מאַטעריעלע באַדינגונגען, אין וועלכע עס איז אויסגעקומען צו לעבן דעם יידישן אַר־בעטער, איז דאָך געגרינדעט געוואָרן אַ יידיש־וועלטלעכע שול. די פּוי־לישע רעגירונג האָט, פאַרשטייט זיך, קיין שום הילף נישט געגעבן. האָט די יידישע באַפעלקערונג מיט ליבע און איבערגעגעבנקייט אַרומגערינגלט די שול. די לערער האָבן אָפטמאָל געהונגערט, אָבער דער גלויבן, אַז אין דער שול ווערט דערצויגן אַ נייער טיפּ מענטש און ייד, האָט געמונטערט און געשטאַרקט. עס האָט זיך אויסגעבילדעט אַ קאַדר איבערגעגעבענע שול־טוער, ווי: הענעך ליבערמאַן, מלך גאַלסטער, גרשון ברייטבערג, זלמן פּודלאָווסקי א"אַ. עס זענען ביי דער שול געשאַפן געוואָרן אָוונט־קורסן פאַר יוגנטלעכע און דערוואַקסענע אַרבעטער. דער לאָקאַל איז געווען צו קליין פאַר דער גרויסער צאָל קינדער, יוגנטלעכע און דערוואַקסענע תלמידים.

מיר האָבן אויך פאַרמאָגט אַן אָרטיקן דראַמאַטישן קרייז, וואָס פלעגט פון צייט צו צייט געבן דראַמאַטישע און רעווי־פאַרשטעלונגען אונטער דער אָנפירונג פון דער לערערין פון דער יידיש־וועלטלעכער שול, ח"טע רבקה קאָנסקאַ. עס האָבן זיך אין דראַמאַטישן קרייז אויסגע־צייכנט די ח"ח עמנואל יאַאַב, משה לייב פרידמאַן, שלמה זשיטניצקי, שרה־רבקה זשיטניצקי, הערש אביגדור זילבערשטיין א"אַ.

די ביבליאָטעק — די גרעסטע אין שטאָט — האָט איר אַרבעט גע־פירט רואיק און באַשיידן. זי איז עס געווען דער אוניווערסיטעט פונוואַנען די יידישע יוגנטלעכע האָבן געשעפּט זייער וויסן און ווו עס האָבן זיך אויספאָרמירט די אַלע אויבנדערמאָנטע געזעלשאַפטלעכע טוער. דער שטילער און באַשיידענער ביבליאָטעקאַר, אברהם־מרדכי נאָווינסקי, האָט פיל ביינעטראָגן צו דער אַנטוויקלונג פון דער ביבליאָטעק.

אדאַנק דער טעטיקייט פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע איז אונדזער שטעטל דערהויבן געוואָרן צו אַ הויכער קולטור־מדרגה.

## בעלכאַטאָווער וועקער

די בונדישע אָרגאַניזאַציע פלעגט ארויסגעבן, פעריאָדיש, דעם „בעלכאַטאָווער וועקער". פאַר יעדע שטאָט־ראָט־וואַלן פלעגט דער „וועקער" אינפאָרמירן די יידישע באַפעלקערונג וועגן דער ברייט־פאַרצווייגטער ארבעט פון אונדזערע פאַרשטייער אין שטאָטראַט, אין מאַגיסטראַט און אין די פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. נישט ווייניק מי און אַרבעט פלעגט ח' זלמן אַוועקגעבן פאַרן „וועקער". אויך ח' לעווין, באַקאַנטער בונדישער טוער אין פיעטריקאָוו, האָט אין „וועקער" אַ גרויסן חלק.

## פרעסע־טעג

פון צייט צו צייט פלעגט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" פראָקלאַמירן „פרעסע־טעג" פאַר דער „פאָלקסצייטונג". צו די דאָזיקע אַקציעס פלעגט אונדזער קאָמיטעט מאָביליזירן די גאַנצע אָרגאַניזאַציע. דעם באַשטימטן טאָג זענען די בעלכאַטאָווער גאַסן געווען פול מיט די יוגנטלעכע און עלטערע פאַרקויפער. צווישן די אויסגעצייכנטע פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פאַר דער פרעסע־אַקציע האָבן אונדזערע חברים שטענדיק פאַרנומען אַ גאַר בכבודיקן פּלאַץ. איינמאָל האָט אונדזער אָרגאַניזאַציע אפילו באַקומען אַ גרויסן מעדעם־ביוסט, וואָס האָט אין משך פון לאַנגע יאָרן באַשיינט דעם בונדישן לאָקאַל ביז די נאַצי־באַנדיטן האָבן אים פאַרניכטעט צוזאַמען מיט דער יידישער באַפעלקערונג.

## פּאָליטישע רעפעראַטן

די רעפעראַטן אויף אַקטועלע פּאָליטישע טעמעס, וואָס די בונדישע אָרגאַניזאַציע פלעגט דורכפירן, זענען געווען אַ שם־דבר אין אונדזער שטעטל. בעלכאַטאָוו, וואָס איז דאָך נישט געווען פון די גרויסע פּראָווינץ־שטעט, האָט געהאַט די זכיה צו הערן די בעסטע בונדישע רעפערענטן און לעקטאָרן. עס זענען ביי אונדז געווען: דער באַליבטער בונדישער פירער ח' ה. ערליך, ב. שעפנער, יעקב פאַט, ארטור זיגעלבוים, ליבּערמאַן, איסר גאָלדבערג, אבראשע בלום, מייזלער, מילמאַן, זעלמאַנאָוויטש א"א. זענען טאַקע די פאָרלעזונגען געווען פאַר דער באַפעלקערונג אַ קוואַל פון גייסטיקן גענוס און מיט אומגעדולד פלעגט דאָס שטעטל וואַרטן אויף די רעפעראַטן.

## ווידערשטאַנד. — די היימישע רעאַקציע

אונדזער שטעטל האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע רעוואָלוציאָנערע טראַ־דיציע. פּאָגראָם־העצעס האָבן ביי אונדז קיינמאָל נישט געהאט קיין גרויסן דערפאָלג. די לאַנגיאָריקע צוזאַמענאַרבעט פון די יידישע און פּוילישע אַרבעטער האָט געגעבן די דערוואַרטע רעזולטאַטן. בעת פּיעט־ריקאָוו, סטערצאָוו א״א אַרומיקע שטעטלעך האָבן אָפּט געליטן פון אַנטיסעמיטישע אַקציעס, האָט אונדזער שטעטל דעם טעם כמעט נישט פאַרזוכט. דאָס הייסט נישט, אַז עס זענען ביי אונדז נישט געווען קיין רעאַקציאָנער־אַנטיסעמיטישע עלעמענטן וואָס האָבן געהאט חשק צו פּראָ־וואָצירן געשעענישן. זיי האָבן זיך אָבער צוריקגעהאַלטן ווייל זיי האָבן געוווסט, אַז די בעלכאַטאָווער יידישע און פּוילישע אַרבעטער וועלן נישט דערלאָזן קיין אַנטיסעמיטישע פּראָוואָקאַציעס.

נישט האָבנדיק די מעגלעכקייט עפּעס אויפצוטון אין שטעטל גופא, האָט די פּוילישע רעאַקציע אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן די אַרומיקע דאָר־פישע אָפּגעשטאַנענע עלעמענטן און ביי זיי האָבן די באַקאַנטע אַנטי־סעמיטישע אַרגומענטן („יידן זענען שולדיק אין אייער אָרעמקייט" א״א) געהאַט אַ לייכטן דערפאָלג. עס האָבן זיך גענומען פאַרשפּרייטן גאַנץ ערנסטע ידיעות, אַז אַ באַנדע פּאָגראָמשטשיקעס גרייט צו אַן איבערפאַל אויף דער יידישער באַפעלקערונג אין אַ מאַרק־טאָג. דער בונדישער קאָ־מיטעט האָט באַלד צונויפגערופן אַ דרינגנדיקע זיצונג און עס איז באַ־שלאָסן געוואָרן זיך צו ווענדן צו דער פּ.פּ.ס. און אויך צו די לינקע, און צום טעקסטיל־פאַראיין וועגן אַ געמיינזאַמען באַוואָפנטן ווידערשטאַנד. אונדזער ווענדונג איז אויפגענומען געוואָרן פּאָזיטיוו און גלייך זענען אויסגעטיילט געוואָרן גרופּן מיט דער אויפגאַבע צו שטעלן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד די ענדעקעס און סאַנאַציע־כוליגאַנעס. בונדישע פאָרשטייער זענען אויפגעטראָטן אין בית־המדרש און גערופן די יידישע באַפעלקערונג צום ווידערשטאַנד. די ענדעקישע און סאַנאַציע „העלדן" האָבן זיך דער־וווסט וועגן די צוגרייטונגען און אין גרויס מורא האָבן זיי אָפּגערופן זייער געפּלאַנטן איבערפאַל.

אַזוי איז עס געשען עטלעכע מאָל. דער „בונד" איז אָבער שטענדיק געשטאַנען אויף דער וואַך, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן פאַרטיי־דיקן דעם כבוד פון דער יידישער באַפעלקערונג.

## אַרעסטן

די טעטיקייט פון אונדזער באַוועגונג איז שטענדיק געווען ווי אַ דאָרן אין די אויגן פון דער שטאָטישער רעאַקציע. מיט גאַל פלעגט דער סאַנאַציע־וויצעפּרעזידענט פון מאַגיסטראַט מילער רעדן וועגן „בונד". זיינע ־ייד האָבן, נאַטירלעך, געהאַט זייער פּעולה ביי דער פּאָליציי און אַזוי איז פאָרגעקומען דער ערשטער אַרעסט פון צוויי אַקטיווע בונדישע טוער: אסתר עקשטיין און משה יאַקובאָוויטש. ווייל דער „בונד" איז נאָך דעמאָלט געווען לעגאַל — האָט מען קענען די חברים פאָרמולירט פאַלשע באַשולדיקונגען און נאָכן אָפּהאַלטן זיי עטלעכע חדשים אין דער פּיעטריקאָווער תפיסה — האָט דאָס געריכט זיי געמוזט באַפרייען. אַ צייט שפּעטער איז אַרעסטירט געוואָרן דער שרייבער פון די שורות און אויך ח' מאיר קריזמאַן, אָבער אויך זיי האָט דאָס געריכט, חדשים נאָכן אַרעסט, געמוזט באַפרייען. דער ווילדער כעס פון דער שטאָטישער רעאַקציע האָט זיך אָבער באַזונדער קאָנצענטרירט אויפן ח' זלמן פּודלאָווסקי. מען האָט געזוכט אַלערליי תחבולות אים צו קאָנען שיקן אויף „קוראַציע". אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט אונטערגענומען אַן ענערגישע אַקציע און מיט דער הילף פון די פּיעטריקאָווער חברים יעקב בערלינער און אברהם ווייסהאָף (ביידע זענען זיי אומגעקומען אין טרעבלינקע) האָט ח' זלמן אויסגעמיטן דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער.

די היימישע רעאַקציע האָט געגלייבט, אַז מיטן אַרעסטירן די בונדישע טוער וועלן זיי קאָנען צעברעכן אונדזער באַוועגונג. דערגרייכט האָבן זיי אָבער דאָס פאַרקערטע.

## דער אַקטיוו

עס איז כדאי צו דערמאָנען אַ רייע חברים, וועלכע האָבן געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָל אין דער בעלכאַטאָווער בונדישער באַוועגונג צווישן ביידע וועלט־מלחמות.

ח ב ר ז ל מ ן פּ ו ד ל אָ ו ו ס ק י — אַ זון פון דעם גוט־באַקאַנטן רעליגיעזן ייד משה־לאָזער טאָמאַשאָווער, איז ער דערצויגן געוואָרן אין אַ שטרענג־רעליגיעזער סביבה. יאָרנלאַנג האָט ער געלערנט אין בית־המדרש, וואָס איז אייגנטלעך געווען די ישיבה פון שטעטל. עס איז אפילו זיינע עלטערן גישט איינגעפאַלן אין געדאַנק, אַז זייער זון, וואָס זיצט יומם־ולילה איבער דער גמרא, וועט נאָך לייענען אין געהיים רע־

וואָלוציאָנערע ליטעראַטור. עס גערויערט נישט לאַנג און דער יונגער זלמן ווערט מיטגעריסן מיטן רעוואָלוציאָנערן שטראָם. פאַרלאָזט דעם בית־המדרש און וואַרפט זיך אַריין, מיט זיין גאַנצער ענערגיע און ליידנשאַפט אין דער בונדישער אַרבעט. צוזאַמען מיט יוסף רייך, אַלי טוואַרדאָווסקי, אַברהם און הענעך ליבערמאַן א״א. גרינדעט ער אין בעלכאַטאָוו דעם קולטור־פאַראיין, וואָס גרופּירט מיט דער צייט כמעט די גאַנצע יוגנט פון אונדזער שטעטל. זלמן ווערט איינער פון די וויכטיקסטע טוער אינעם פאַראיין. עס ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה. די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט ווערט איבערגעריסן. זלמן ווערט פאַרשיקט אויף צוואַנג־אַרבעט. ווי נאָר די מלחמה ענדיקט זיך און דאָס לעבן הייבט זיך אָן נאָרמאַליזירן — זעט מען ווידער זלמנען ביי דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. צוזאַמען מיט אַ גרופּע בונדיסטן, ווי אַברהם לייב, ליבערמאַן, אַלטער ראָזענטאַל, בערל לייב, ישכר פּזשיבילסקי א״אַ באַלעבט ער אויפסניי די בונדישע אָרגאַניזאַציע. מיט לייב און לעבן גיט ער זיך אָפּ דער באַוועגונג. ער איז רעפּערענט אויף קרייזן, מאַסנווערס און פאַרזאַמלונגען, קאָרעספּאָנדענט פון דער „פאָלקסצייטונג", סעקרעטאַר פון „בונד" אין בעלכאַטאָוו. ער איז אַקטיוו באַטייליקט אין אַלע גייסטיקע און פּראַקטישע אַרבעטן פון דער באַוועגונג. פאַר אַלץ געפינט ער צייט. ער איז פירער און אויספירער.


זלמן פּודלאַווסקי

לאַנגע יאָרן איז זלמן געווען וויצע־פאָרזיצער פון טעקסטיל־פאַראיין און פונקט אַזוי געליבט פון די יידישע און פּוילישע טעקסטיל־אַרבעטער ווי געהאַסט פון דער רעאַקציע. ער איז איינער פון די גרינדער פון דער יידיש־וועלטלעכער שול אין בעלכאַטאָוו. ער ווערט כסדר געוויילט אין שטאָט־ראַט, וווּ ער פירט, צוזאַמען מיט די אַנדערע בונדישע ראַטמענער, אַ ביטערן קאַמף לטובת דער יידישער באַפעלקערונג. ער איז אויך ראַטמאַן אין דער קראַנקן־קאַסע. מען האָט געדאַרפט זיין ביי אים אין שטוב כדי צו וויסן, וואָס זלמן איז געווען פאַר דער אָרעמער יידישער

באַפּעלקערונג. פאַר יעדן האָט ער געפונען צייט, פאַר יעדן — אַ גוט וואָרט. צו ליב דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט האָט ער פאַרנאַכלעסיקט זיין אייגן לעבן. ער האָט נישט געהערט צו די, וואָס באַפעלן נאָר יענעם און אַליין האַנדלען זיי אַנדערש.

זלמן איז אויך געווען מיטגליד פון פאַרטיי־ראַט אין פּוילן און דעלעגאַט כמעט אויף אַלע צוזאַמענפאָרן פון „בונד״ אין די יאָרן פון צווישן ביידע וועלט־מלחמות.

בעת דעם גרויסן חורבן איז זלמן פאַרוואָרפן געוואָרן אין נאָרד־אַמעריקע און אויך אין דער נייער היים האָט ער נישט אָפּגעשטעלט זיין הילף־גרייטקייט פאַר יעדן וואָס ווענדט זיך נאָך צו אים. נאָך היינט, שוין נאָך אַכט יאָר אַמעריקע, שרייבט ער: „דאָס גרויסע ניו־יאָרק איז פאַר מיר אַן אומגליק, פאַר מיר איז גוט געווען בעלכאַטאָוו״. מען קאָן דרייסט זאָגן, אַז זלמנס לעבנס־געשיכטע איז די געשיכטע פון דער גאַנצער בונדישער באַוועגונג אין בעלכאַטאָוו.

ה ע נ ע ך ל י ב ע ר מ א ן — שטאַמט אויך פון אַ רעליגיעזער פאַמיליע. אויך ער האָט אַדורכגעמאַכט זלמנס וועג פון בית־המדרש צום סאָציאַליזם. ער האָט מיטגעמאַכט אַלע עטאַפּן פון דער בונדישער באַוועגונג ביי אונדז אין שטאָט. אין כאַראַקטער איז ער דער קעגנזאַץ פון זלמנען, אַ קאַלטער, שטענדיק אַ צוריקגעהאַלטענער, אָבער אויך אַ פאַרביסענער אין זיינע איבערצייגונגען. מיט זיין האַלטונג האָט ער אַרויסגערופן אַן ערנסטע באַציאונג צו זיך. געווען אַ לאַנגע צייט מיטגליד פון פּאַרטיי־קאָמיטעט און פון אַנדערע אָנפירנדיקע אינסטאַנצן. ער איז די גאַנצע צייט, אָן איבעררייס, געוויילט געוואָרן אין שטאָט־ראַט. בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע איז ער געווען אין לאָדזשער געטאָ און דאָרט אַקטיוו מיטגעאַרבעט אין דער בונדישער אונטערערדישער באַוועגונג. אין געטאָ האָט ער אויסגעהויכט זיין נשמה.

אין משך פון דער עקזיסטענץ פונעם שטאָט־ראַט זענען אין אים געוויילט געוואָרן, אַ חוץ די צוויי דערמאָנטע אויך די חברטע רחל פּודלאָווסקי (זלמנס פרוי). זי שטאַמט פון פּיעטריקאָוו, זייער יונג געוואָרן אַקטיוו אין דער בונדישער באַוועגונג און שפּעטער — אין דער בעלכאַטאָווער אָרגאַניזאַציע. זי איז אומגעקומען בעת דער נאַצי־אָקופּאַציע;

י ה ו ש ו ע ז ש א ר ס ק י — פון לאָדזש. געווען אַן איבערגעגע־בענער טוער אין דער בעלבאַטאָווער בונדישער אָרגאַניזאַציע. אַ צייט געווען לאַווניק אין מאַגיסטראַט. מיט ליב און לעבן האָט ער געדינט דער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג פון אונדזער שטאָט. אויך ער איז אומגעקומען בעת דער נאַצי־אָקו־פּאַציע.


יהושוע זשאַרסקי

י ש כ ר פ ז ש י ב י ל ס ק י — אריין אין דער באַוועגונג אַלס יונ־גער בחור, האָט ער זיך אָבער שנעל אויסגעטיילט און האָט אָנגעהייבן צו פאַרנעמען אַ וויכטיקן פּלאַץ אין דער אַרבעט. אָנגעפירט מיט קרייזן, אויפגעטראָטן אויף מאַסנוועקעס, געווען אַ לענגערע צייט מיטגליד פון פּאַרטיי־קאָמיטעט, קאַנדידאַט צו די שטאָט־ראַט וואַלן. שפּעטער האָט זיך ח' ישכר באַזעצט אין לאָדזש און געוואָרן אַן אַקטיווער טוער אין דער אָרטיקער בונדישער אָרגאַניזאַציע. בעת דער דייטשער אָקופּאַ־ציע האָט ער געהערט צום אונטערערדישן קאָמיטעט פון „בונד". לויט עם דערציילט ח' יעקב נירענבערג פון לאָדזש — איז ישכר פזשיבילסקי אומגעקומען אין טרעבלינקע.

ג ר ש ו ן ב ר י י ט ב א ר ג — אַן אַלטער איבערגעגעבענער בונדיסט, אַ שוסטער־אַרבעטער. לאַנגע יאָרן איז ער געווען אין פּאַרטיי־קאָמיטעט, אין דער פאַרוואַלטונג פון דער יידיש־וועלטלעכער שול. שטענדיק אַ קראַנקער, איז פונדעסטוועגן קיין שום אַרבעט נישט געווען צו שווער פאַר אים. אַ מוסטערהאַפטער אָרגאַניזאַטאָר, האָט ח' גרשון זיך באַזונ־דער אויסגעצייכנט בעת וואַלן צום סיים, אָדער צום שטאָט־ראַט. אין זיין אָרעמען שוסטער־געוועלבל אויף דער פּאַביאַניצער גאַס, אין יאַנקל פּלאַ־קאָוויטשעס הויז, וווּ ער האָט געוווינט אין איין צימער, וואָס איז מיט אַ פאָרהאַנג געווען אָפּגעטיילט פונעם שוסטער־וואַרשטאַטל, האָט מען שטענדיק געטראָפן בונדיסטן. אונטער דעם קלאַנג פונעם שוסטער־העמערל

פלעגן זיי דאָרט האַרציק פאַרברענגען מיט אים און זיין פרוי גאָלדע. גאָל־דען פלעגט מען ביי אונדז רופן „די מאַמע פון בונד". ח' גרשון און זיין פרוי און די צוויי טעכטער זענען אומגעקומען. די דריי זין געפינען זיך היינט אין בעלגיע און זענען דאָרט אקטיוו אין דער בונדישער אַרבעט.

לייבל פודלאָווסקי — זלמנס אַ ייִנגערער ברודער. ער איז געקומען צום „בונד" אין די שפּעטערדיקע יאָרן. ער האָט פאַר־מאָגט די פעאיקייט שנעל און שאַרף צו באַנעמען ענינים און פּראָבלעמען. אין דער באַוועגונג איז ער געווען זייער אַקטיוו, אָנגעפירט מיט קרייזן און אויפגעטראָטן אויף עפנטלעכע אונטערנעמונגען. בעת דער מלחמה איז ער אַוועק קיין רוסלאַנד, אָבער אין אַ צייט שפּעטער איז ער צוריקגעקו־מען קיין פּוילן, וווּ ער איז געווען זייער אַקטיוו אין דער פּאַרטיזאַנען־באַוועגונג. נאָך דער מלחמה האָט ער איז פּוילן געהאָלפן ווידער אויפ־שטעלן די בונדישע באַוועגונג און איז געווען אַ מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד". ער האָט אויך געהערט צו דער אָנפירונג פון די געוועזענע פּאַרטיזאַנען. ער האָט שפּעטער פאַרלאָזט פּוילן.

אסתר עקשטיין — שטאַמט פון אַ זייער פרומער און חסי־דישער פאַמיליע. זי איז געווען אַקטיוו סיי אין דער יוגנט און סיי אין דער פּאַרטיי און געהערט צו דער אָנפירונג פון דיביידע אָרגאַניזאַציעס. היינט איז זי אין אַרגענטינע.

עס דאַרפן אויך דערמאָנט ווערן: אַלטער ראָזענטאַל, בערל לייב, לוי געלבאַרט, אברהם און פּייוול נאַפּאַרסטעק, יאַנקל ראַטשטיין, כאַמל דזשיאַלאָווסקי, משה יואל יעזשי, אַלי' קלוג, בערקאָוויטש, ש. געל־באַרט א"א.

עס איז נישט מעגלעך אויסצורעכענען אַלע חברים און חברטעס, וואָס זענען געווען אַקטיוו אין דער בונדישער באַוועגונג אין בעלכאַטאָוו. כמעט אַלע זענען זיי אומגעקומען, בלויז איינצלנע פּאַרטיזאַנען זענען על פּי נס ניצול געוואָרן. און די געבליבענע, וואָס זענען איצט צעשפּרייט איבער דער גאָרער וועלט, דערמאָנען זייער היים־שטעטל מיט שטאַרקער ליבשאַפט.

זיינוול פשעדבאָרסקי

# צו דער געשיכטע פון דער לינקער ארבעטער - באַוועגונג

די ארבעטער באַוועגונג אין בעלכאַטאָוו ציט איר פּאָדעם שוין פון יאָר 1895. שוין דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן די אָרגאַניזירונג פון די יידישע און פּוילישע ארבעטער. אין זיין בוך „געשיכטע פון דער ארבעטער באַוועגונג אין פּוילן" ברענגט דער גוט־באַקאַנטער ארבעטער טוער און שרייבער לוציאַן רודניצקי פאַקטן וועגן דעם העלדישן קעמפער און פּאָליטישן ארעסטירטן מ. גאָלדפיש פון בעלכאַטאָוו. בעלכאַטאָוו איז אויך איינע פון די שטעטלעך וועלכע צייכענען זיך אויס מיט זייערע אַקציעס בעת די רעוואָלוציאָנערע אויפברויזן אין יאָר 1905. עס קומען דאַן פאָר גרויסע ארעסטן און עס ווערן פארשיקט קיין סיביר א גאַנצע ריי ארבעטער, ווי שפּיגלמאַן, כאַינאַצקי און אַנדערע. די ארבעט, וועלכע ווערט דאַן איבערגעריסן אויף א שטיקל צייט, לעבט אויף מיטן קומען קיין בעלכאַטאָוו פון ח׳ גאָטליב (היינט אין ארגענטינע), וועלכער אָרגאַניזירט ווייטער קאַמפּס־גרופּן, ווי עס באַשטעטיקט א פאָטאָגראַפיע פון אַן אָפּגעהאַלטענער זיצונג אין יענער צייט.

מיטן אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג שטעלן זיך אָפּ די פאַבריקן און עס ווערט פּאַקטיש איבערגעריסן די פּאָליטישע ארבעט. עס בלייבן די קולטור־געזעלשאַפטן, וועלכע פירן א קולטור־ארבעט, און עס אָרגאַניזירן זיך די הילפס־קאָמיטעטן.

אין יאָר 1919 הויבן זיך אָן אין גאַנצן לאַנד די דיסקוסיעס ארום די „21 פּונקטן" און עס שפּאַלט זיך דער „בונד". אויך אין בעלכאַטאָוו שאַפט זיך א גרופּע פון „21 פּונקטן", וועלכע ציט מיט זיך מיט א גרויסן טייל יידישע ארבעטער. צוליב לעגאַלע טעמים איז די גרופּע געצוווּנגען צו פארלאָזן דעם קולטור־פאַראיין, וועלכער בלייבט אין די הענט

פון „בונד". דער אָנפירער פון דער לינקער באַוועגונג איז יחזקאל בירענ־צווייג, אַ דינאַמישער מענטש מיט אָריענטאַציע און באַוווסטזיין, וואָס איז זייער באַליבט צווישן די בעלכאַטאָווער אַרבעטער. אונטער זיין וויר־קונג און מיט דער מיטהילף פון אַנדערע טוער, וועלכע קומען צו יענער צייט קיין בעלכאַטאָוו, ווי הערשל בעקערקונץ, ווערט דורכגעפירט אַ גרויסע ווערבירונגס־אַקציע און די גרעסטע טייל בעלכאַטאָווער יידישע אַרבעטער שליסט זיך אָן אין „קאָמבונד".

ווען עס ברעכט אויס די מלחמה צווישן פוילן און ראַטנפאַרבאַנד אין 1920, פירט די לינקע באַוועגונג אָן אינטענסיווע אַגיטאַציע זיך נישט צוצושטעלן אין מיליטער. עס קומען דאַן פאַר גרויסע איבערפאַלן פון דער פוילישער זשאַנדאַרמעריע און עס ווערט אַרעסטירט דער בעסטער אַקטיוו. אַנדערע זענען געצוווּנגען אַריינצוטרעטן אין מיליטער.

נאָך אַ שטיקל צייט קומט ווייטער בעקערקונץ און רופט אַ פאַרזאַמ־לונג, וועלכע ווערט אָבער געמסרט. בעקערקונצן געלינגט צו אַנטלויפן דורך אַ פענצטער און דער לאָקאַל ווערט געשלאָסן. קיין אַרעסטן זענען דאַן נישט פאָרגעקומען, אָבער די לינקע באַוועגונג איז געצוווּנגען איבערצו־גיין צו אומלעגאַלער אַרבעט.

אין דער זעלביקער צייט קומט פאָר אין לאָדזש אַן איבערפאַל אויף דעם לינקן נאָדל פאַראיין. אַ באַדייטנדע גרופּע קומט זיך אויסבאַהאַלטן אין בעלכאַטאָוו. זיי העלפן איינשטעלן די אַרבעט אויף דער באַזע פון קעמערלעך און עס ווערט אָרגאַניזירט אַ פּאַרטיי־קאָמיטעט, אָנגעפירט פון יחזקאל בירענצווייג, און אַ יוגנט־קאָמיטעט אָנגעפירט פון שאַמע בירענצווייג און חיים יוסף יאַאַב.

עס ווערן געשאַפן ביי צען קעמערלעך, צוזאַמענגעשטעלט פון קרוב 60 פּערזאָן. מיט דער פּאָליטישער און קולטור־אַרבעט פירן אָן: רחל ליכטענפעלד, בירענצווייג, ה. פיגעל, לאָזער אַבראַמטשיק. עס ווערט גע־פירט אַ לעבעדיקע טעטיקייט און די באַוועגונג רופט זיך פּ. פּ. ק. (פּויל־ישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי). די הויפּט־אַרבעט באַשטייט אין אויפהויבן דעם קאַמף קעגן די קלאָגעדיקע באַדינגונגען, אין וועלכע עס געפינען זיך די אַרבעטער. מען הויבט אָן מיט די יידישע און מען וואַרפט זיך גלייך איבער צו די פּוילישע אַרבעטער. עס ווערט אָרגאַניזירט דער ערשטער טעקסטיל־שטרייק, ביי וועלכן מען געווינט אַלע פאָדערונגען, אָבער מען

קאָן זיך לאַנג נישט פרייען מיטן נצחון, ווייל צוליבן פאַלן פון דער פוילישער וואַלוטע קומען כסדר צו נייע קאָנפליקטן מיט די פאַבריקאַנטן.

ווען עס אָרגאַניזירט זיך אין בעלכאַטאָוו אַן אַלגעמיינער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין פון טעקסטיל ארבעטער, אָרגאַניזירט פ. פ. ק. אין אים אַ האַנט־סעקציע, צו וועלכער עס געהערן איבערהויפּט יידישע ארבעטער. מיט דער סעקציע פירן אָן יידל מאיר קאָכמאַנסקי, שלמה לייב מאָשקאָוויטש, יוסף גליקסמאַן א"א. אין דער פאַרוואַלטונג פון טעקסטיל־פאַראיין גייען אריין פוילישע און יידישע ארבעטער.

פ. פ. ק. הויבט אָן ארבעטן צווישן די פוילישע ארבעטער און מען ציט אריין אַ גרופּע אין דער פּאַרטיי, דורך וואָס די קאָמוניסטן באַקומען אַ גרויסן איינפלוס אין פאַראיין. אָבער דאָס געדויערט נישט לאַנג, ווייל די צענטראַלע שיקט כסדר פּעפּעסישע פונקציאָנערן קיין בעלכאַטאָוו טוענדיק אַלץ בכדי צו פאַרוואַנדלען דעם פאַראיין אין אַ סעקציע פון פּ. פּ. ס. (פוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי).

אין 1925 קומט פאָר אַ טעקסטיל־צוזאַמענפּאָר, צו וועלכן עס ווערן געשיקט פון בעלכאַטאָוו די דעלעגאַטן בירענצווייג און קאַטשמאַרעק. אין זעלבן יאָר קומען קיין בעלכאַטאָוו אַלס אָנגעשטעלטע פון דער קראַנקן־קאַסע צוויי פּעפּעסישע טוערס, הוזאר און שמיט, וועלכע ווערן אויך באַשטימט דורך דער צענטראַלע אַלס פונקציאָנערן פון טעקסטיל פאַראיין. עס הויבן זיך אָן גרויסע קאַמפן צווישן די לינקע און פּ. פּ. ס. הוזאַר נוצט דאַן אויס אַ נישט־געלונגענע ארויסטרעטונג פון דעם לינקן פאַרשטייער יידל מאיר קאָכמאַנסקי וועגן אַראָפּנעמען דאָס הייליקע בילד, וואָס הענגט אין קלאַסן־פאַראיין, בכדי אויפצוהעצן קעגן די קאָמוניסטן די ווייניק־באַוווסטזיניקע פוילישע ארבעטער. די סיטואַציע ווערט געראַטעוועט אַ דאַנק יחזקאל בירענצווייג, וועלכער קומט אַלס גאַסט צו אַ זיצונג און נעמט אַ וואָרט צו אַ דורכגעלייענטן פּראָטאָקאָל וועגן דעם ענין. ער דערקלערט, אַז נישט הוזאר און נישט קאָכמאַנסקי זענען געווען אויפן אָרט מיט זייערע ארויסטרעטונגען און ער שלאָגט פאָר, אַז מען זאָל שיקן אַ דעלעגאַציע קיין לאָדזש, כדי זיך צו אינפאָרמירן, צי דאָרט הענגען הייליקע בילדער אין פאַראיין. דאָס בילד ווערט סוף־כל־סוף אַראָפּגענומען און די קאָמוניסטן רייסן דעמאָלט אַרונטער דעם פונקציאָנאַר פאַר זיינע אַנטיסעמיטישע ארויסטרעטונגען. די לינקע געלינגט אויך צוריק אָנהויבן די ארבעט צווישן די פוילישע ארבעטער.

יענע צייט פון אַרבעט איז פאַר דער פּאַרטיי געווען די הערלעכסטע אין בעלכאַטאָוו. עס שאַפט זיך דאָן אויך אַ נאָדל־פאַראיין, אָנגעפירט פון יוסף לופּט, פּרץ שטאַטלענדער און חיים יוסף יאאב. מען ברענגט אַראָפּ באַקאַנטע רעדנער צו רעפעראַטן וואָס ווערן אָרגאַניזירט דורכן נאָדל־פאַראיין. עס קומט אהרן וואלי גוטמאַן (מיכלין). דער נאָדל־פאַראיין האָט אָבער געטיילט דעם זעלבן גורל וואָס דער טעקסטיל פאַראיין — די בונדישע צענטראַלע לייזט אים אויף און אָרגאַניזירט אַ נייעם פאַראיין אָנגעפירט דורך די בונדיסטן.

אין יענער צייט ווערט די פּאַרטיי געשטאַרקט דורך אַ פרישער גרופּע, דאָס איז די גרופּע אָפּגעשפּאָלטענע לינקע פּועלי־ציון, וועמענס בעסטער אַקטיוו עס טרעט אַריין אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. זייערע אָנפירערס, משה שמולעוויטש און קלמן מענדל פּשעדבאָרסקי, ציען מיט זיך מיט די גרעסטע טייל לינקע פּועלי־ציון. משה שמולעוויטש נעמט גלייך איבער די אַרבעט אין טעקסטיל־פאַראיין. אין זעלבן יאָר ווערט ער אַרעסטירט בעתן גרויסן טעקסטיל־שטרייק.

בעת די דיסקוסיעס אין דער פּאַרטיי נאָך דער מאַי־איבערקערעניש (יאָר 1927), נעמט בעלכאַטאָוו אָן אַקטיוון אָנטייל. עס קומען דאָן קיין בעלכאַטאָוו איינער, זאַק און פרוי גראָסער. די פּאַרטיי פון בעלכאַטאָוו גייט מיט דער מערהייט־גרופּע (וואַרסקי־קאָסטשעוו), בעת די יוגנט שליסט זיך אָן אָן דער מינדערהייט.

אין 1928 קומען פאָר אין בעלכאַטאָוו שטאָטראַט־וואַלן, צו וועלכע די קאָמוניסטישע פּאַרטיי שטעלט אַרויס אַ ליסטע, וואָס הייסט „אַרבעטער איינינקייט". דער ערשטער קאַנדידאַט איז יחזקאל בירענצווייג. די מאַכט האָט נישט געהאַט קיין מאָטיוון צו פּסלען די ליסטע. זי איז אָבער געפאַלן אויף אַ המצאה און אויסגעשטראָכן דעם ערשטן קאַנדידאַט, בירענצווייגן. דעמאָלט איז די פּאַרטיי געבליבן אין אַ פאַרלעגנהייט, ווייל די איבעריקע קאַנדידאַטן זענען געווען בלויז סימפּאַטיקער מיט אַ שוואַכער פּאָליטישער צוגרייטונג. עס איז דעריבער באַשלאָסן געוואָרן מיטצושיקן צו יעדער זיצונג פון שטאָט־ראַט אַ פּאַרטיי־מיטגליד, וועלכער זאָל אָריענטירן די פיר אויסגעוויילטע קאָמוניסטישע ראַטמענער. די רעאַקציאָנערע פּאַרטייען האָבן דאָס אויסגענוצט, בכדי צו דיסקרעדיטירן די קאָמוניסטישע ראַטמענער פאַר דער באַפעלקערונג.

א באזונדער קאפיטל פון דער קאָמוניסטישער טעטיקייט פארנעמט די פויערים־ארבעט. מען האָט געשאפן קעמערלעך אין א גרויסער צאָל דערפער, מען האָט געהאָלפן שאפן אַן אָפּטיילונג פון דער לינקער פויערים פארטיי „סאמאָפּאָמאָץ כלאָפּסקא", מיט אָפּטיילונגען אין א סך דערפער. צו די סיים־וואלן שטעלן די קאָמוניסטן ארויס אויף דער ליסטע פון פיעטריקאָווער ראיאָן צוויי פויערים־טוער. דאָס זענען — מאקאָווקא פון דריזביץ און דעם סאָלטיס פון שכנישן דאָרף וואדלעף. די ליסטע הייסט „ארבעטער און פויערים אייניקייט". דער פויערים־דעפוטאט וואָיטאָוויטש ווערט אַן אָפּטער באזוכער אין די ארומיקע דערפער. עס קומען אויך קיין בעלכאטאָוו די דעפוטאטן סיפולא און ביטנער, וועלכע רעדן צו די פארזאמלטע פויערים אין די מארק־טעג. די קאָמוניסטישע ליסטע ציט א סך פויערים־שטימען.

נאָך די וואלן הויבט זיך אָן א נייע סעריע פון רעפרעסיעס קעגן דער פאַרטיי. עס ווערן ארעסטירט א סך אקטיווע טוער, פון וואָס די פארטיי ליידט שטארק. עס קומען אויך אונטער עקאָנאָמישע קריזיסן. די יידישע ארבעטער, וועלכער זענען כמעט אלע געווען האנט־וועבער, פילן א נויטווענדיקייט זיך איבערצושיכטן אין די מעכאנישע פאבריקן. עס קומט דאן אוים אויסצושטיין אָנגריפן פון אלע זייטן. צווישן די פוילישע ארבעטער ווערט אָנגעפירט אַן אגיטאציע, אז דער יידישער ארבעטער ווערט זייער קאָנקורענט, און ווען עס געלינגט שוין יאָ אריינצופירן א געוויסע צאָל יידישע ארבעטער אין די פאבריקן, קומט דער פראָבלעם פון די יידישע פאבריקאנטן, וועלכע לאָזן די יידישע ארבעטער נישט ארבעטן אום שבת. דאָס מיינט, אז עס דאַרפן זיי פארטרעטן די פוילישע ארבעטער און ארבעטן 12 שעה, וואָס עס איז קעגן דעם געזעץ וועגן לעגאלן ארבעטס טאָג.

אין די יאָרן 1929—1930 שאפט זיך אין בעלכאטאָוו די לינקע פּ. פּ. ס., וואָס עס גיט די לינקע א געוויסע מעגלעכקייט צו אָרגאניזירן די פוילישע ארבעטער. עס קומט דאַלינסקי (פון פיעטריקאָוו), וועלכער האלט אָפּ קאָנפערענצן. אָבער עס קומען ווייטער פאָר מאסן־ארעסטן. אויף א ראיאָן־קאָנפערענץ, ווו עס איז פארטראָטן פון בעלכאטאָוו סטעפאן בוש, ווערט ער ארעסטירט און די פארטיי פון לינקע פּ. פּ. ס. ווערט אויפגעלייזט אין גאנצן לאנד. אין זעלבן יאָר פאלט דורך א זיצונג פון פארטיי־קאָמיטעט אין בעלכאטאָוו און עס ווערן ארעסטירט משה געלדבארט,

גוטשע האָפמאַן, זלמן סאַלאָמאָנאָוויטש, וואָיטשעך רוזגאַ (איצט וואָיע־וואָדע אין לובלין) און דער פונקציאָנער פון דער פאַרטיי. זיי קריגן אַלע גרויסע שטראָפן, פון 2 ביז 8 יאָר. עס ווערט אויך אַרעסטירט דער פונקציאָנער פון דער פּויערים־יוגנט אַלעקסאַנדער זשעלינסקי.

נאָך די אַלע געשעענישן קומט אויס דער פּאַרטיי שווער צו פירן איר אַרבעט. אין לאַנד בושעוועט דער טעראָר, די בעסטע מענטשן, ווי שאַמע בירענצווייג, ווערן אַוועקגעשיקט קיין קאַרטוז בערעזע, אַ סך פון די עלטערע מיטגלידער פאַלן אַוועק. די אַרבעט פאַלט אויסשליסלעך אויף דער יוגנט. דאָס ווערט אויסגענוצט פון די אַנדערע פּאַרטייען, ווי פּ. פּ. ס. און בונד, און זיי באַהערשן די גאַנצע פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג.

יחזקאל בירענצווייג געפינט זיך אין יענע יאָרן אין לאָדזש, ווו ער פירט אָן מיט דער פּאַרטיי־אַרבעט צוזאַמען מיט העלע ווײַנטריט פון וואַרשע. ער פירט אָן אין נאָמען פון צ. ק. מיט די וואַלן אין לאָדזש. נאָך די וואַלן קומט ער צוריק קיין בעלכאַטאָוו און פירט דורך אַ ריי קאָנ־פערענצן אין ספּאָרט קלוב, ווו ער רופט אַרויס צו דיסקוסיע די אַנדערע פּאַרטייען. די קאָנפערענצן ווערן מאַסנווײַז באַזוכט דורך די בעלכאַ־טאָווער יידישע אַרבעטער. עס איז צו מערקן אויך אַ גרויסע באַטייליקונג פון מיטעלן קלאַס. עס ווערט צוגעצויגן אַפילו די ביר־גערלעכע יוגנט צו די דיסקוסיעס. צווישן די וואָס זענען אַרויסגעטראָטן מיט פּאַרלעזונ־גען פאַר „קרייזן" און „מאַסוווקעס" אין די אַרומיקע וועלדער און אויף קולטורעלע אַקטן ווילן מיר דאָ, אגב, דערמאָנען די חברים שאַמע בירענצווייג, משה גרושקאַ, קלמן מענדל פּשעדבאָרסקי, איטשע לייב גאָלד־בערשט, הענעך פיגעל.



משה גרושקאַ

עס קומט דאָס יאָר 1930. די גאַנצע קאַ־פּיטאַליסטישע וועלט ווערט אַרומגעכאַפּט פון מוראדיקן עקאָנאָמישן קריזיס און, ווי שטענדיק, איז דער קרבן דער אַרבעטער.

די אונטערנעמער, וועלנדיק קאָנקורירן איינע מיט די אַנדערע, האַלטן

אין איין שניידן די שכירות, כאָטש פּאַקטיש האָט דער אַרבעטער, ביי די בעסטע באַדינגונגען, געהאַט קוים צום לעבן.

אין יאָר 1932 פאַרמעסטן זיך די בעלכאַטאָווער טעקסטיל־פאַבריקאַנטן צו שניידן די לוינען אויף גאַנצע 40%. די וועבער, נישט קענענדיק טאָלערירן אַזאַ גרויסע רעדוקציע, דערקלערן אַ שטרייק. די צייט אויף צו פירן שטרייקן איז נישט געווען קיין גינסטיקע, דער קאַמף ווערט אָבער געפירט מוטיק און פאַרביטערט. זעקס חדשים צייט האָט זיך דער שטרייק געצויגן, געפינענדיק אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג אין גאַנצן לאַנד. אַפילו אין אויסלאַנד זענען קאָמענטירט געוואָרן די געשעענישן אין לאָדזשער ראַיאָן.

די פּראָגרעסיווע באַוועגונג אַנגאַזשירט אירע בעסטע אַקטיוויסטן אָנצופירן דעם קאַמף ווי אויך צו אָרגאַניזירן הילף פאַר די אויסגעהונגערטע שטרייקערס און זייערע משפחות.

עס קומען דאַן פאָר גרויסע מאַניפעסטאַציעס און מיטינגען אין שטעטל. דער רעזולטאַט דערפון איז, אַז די פּאָליציי פירט דורך גרויסע אַרעסטן, און די לינקע באַוועגונג פאַרלירט אירע בעסטע אַקטיוויסטן, וועלכע ווערן פאַרשפּאַרט אין תפיסות.

עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז טאַקע בעת אָט דער גרויסער אַקציע איז געקומען צו אַן איבערברוך אין לעבן פון דעם אַקטיוון פּאַרטייטוער יחזקאל בירענצווייג. זיין האַנדלונג אין זיין פאַבריק אַלס פּאַרטייִ־דעלעגאַט האָט דערפירט דערצו, אַז די פּאַרטיי איז געווען געצוווּנגען אים אויסצושליסן פון דער באַוועגונג.

צוליב די דאָזיקע און אַ רייע אַנדערע פאַקטאָרן און נישט קענענדיק מער אָנהאַלטן דעם קאַמף, ווערט דער גרויסער שטרייק, אפשר דער גרעסטער אין דער געשיכטע פון בעלכאַטאָוו, פאַרשפּילט.

ווען עס קומען שפּעטער די פּאָגראָמען אין מינסק־מאַזאָוויעצק, טשענסטאָכאָוו, בלייבט אויך בעלכאַטאָוו נישט הינטערשטעליק אין דעם קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם און רעאַקציע.

עס ווערן אָרגאַניזירט איינהייטלעכע קאָמיטעטן און עס ווערן דורכגעפירט „מאַסוווקעס", בעת וועלכע עס טרעטן אַרויס מענדל שימקעוויטש פון די לינקע און פּרץ פּרייטאַג פון „בונד". אויך ווערט צוזאַמענגעאַרבעט מיט אַנדערע באַוועגונגען אין דער יידישער שול.

די אָנפירנדיקע קערפּערשאַפטן פון דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג האָבן שטענדיק געקוקט אויף בעלכאַטאָוו ווי אויף איינעם פון די פאַר־געשריטנסטע שטעטלעך אין פּוילן. עס איז כמעט נישט דורך אַ וואָך, אַז אונדזער שטעטל זאָל נישט באַזוכט ווערן פון אַ פאַרשטייער פון דער צענטראַלע.

ווען עס זענען אויסגעבראָכן די אומרוען אין קראָקע, זענען די לינקע געווען די ערשטע, וואָס האָבן געשטיצט די פּ. פּ. ס.ישע אַרבעטער אָפּ־צושטעלן די פאַבריקן אַלס צייכן פון פּראָטעסט און בעת די אָקופּאַציע־שטרייקן, אין יענע יאָרן, האָבן פיל פּראָגרעסיווע פּויערים פון די אַרו־מיקע דערפער, אונטער דער השפּעה פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, גע־בראַכט הילף פאַר די שטרייקנדיקע אַרבעטער. אין די לעצטע יאָרן פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן די לינקע באַקומען אַ גרויסע השפּעה אַפילו אין די בירגערלעכע קרייזן. די פּאַרטיי האָט גע־טון אַלץ, וואָס איז מעגלעך געווען בכדי אויף אַ ממשותדיקן אופן אויס־נוצן די אינטעליגענץ פאַר דער אַקטיווער טעטיקייט אין דער באַוועגונג. פיל פון זיי האָבן אָנגעפירט מיט דער קולטור־אַרבעט, צום ביישפּיל, מיטן „אַגראַ־ייד" האָבן אָנגעפירט אין בעלכאַטאָוו: שמחה געלבאַרד, נפתלי הובערמאַן, חיים בער מאַרקאָוויטש און ד"ר טענענבוים.

בעלכאַטאָוו איז נישט געווען אינגאַנצן אָפּהענגיק בנוגע פּראָפּאַ־גאַנדע־מאַטעריאַל פון דער צענטראַלע. עס האָט אין שטעטל פונקציאָ־נירט אַ געהיימע דרוקעריי, וואָס פלעגט פון צייט צו צייט פאַרעפנטלעכן אומלעגאַלע ליטעראַטור און אויך מאַטעריאַלן צוגעפּאַסט צו די אַקטועלע געשעענישן אין לאַנד.

עס האָט אויך עקזיסטירט אַ ברייט־פּאַרצווייגטע קערפּערשאַפט צו הילף די פּאָליטישע אַרעסטירטע, וואָס איז פּאַטראָניזירט געוואָרן דורך דער פּאַרטיי. די באַוועגונג האָט אַרומגענומען הונדערטער און הונדערטער אַרבעטער און פּאָלקס־מענטשן. מיט דעם אַרבעטס־אָפּשניט האָבן אָנגע־פירט: בראָנעק אייכנער, הערשל ריכטער און אַלעק לעווענשטיין (פון טשענסטעכאָוו).

אין יענער צייט שפּאַלט זיך די פּ. פּ. ס. און מיט דער הילף פון דער רעגירונג שאַפט זיך מאַראַטשעווסקיס פּאַרטיי „פּראַקעס". עס קומט דאָן קיין בעלכאַטאָוו דער פּיעטריקאָווער ווערבלעווסקי, וואָס איז באַ־קאַנט אַלס „פּראַק", און רופט אַ פאַרזאַמלונג פון אַלע טעקסטיל־אַרבעטער,

אויף וועלכער ער זוכט פאַר יעדן פּרייז אָראָפּצורייסן דעם פּרעסטיזש פון חבר זלמן פּודלאָווסקי, אַ בונדיסט, אָן איבערגעגעבענער אַרבעטער־קעמפער, אים אויפּפּאָדערנדיק צו פאַרלאָזן די פאַרזאַמלונג. וורובלעווסקי רייט אויפן אַנטיסעמיטישן פערדל, אין דער זעלבער צייט אָבער זוכט ער צו געווינען די יידישע אַרבעטער מיט דעמאַגאָגישע רייד וועגן דעם יידיש־פּוילישן פּאַטריאָט בערעק יאָסעלעוויטש. דאָ נעמט אַ וואָרט יחזקאל בירענצווייג, כאָטש זלמנס אַ פּאָליטישער קעגנער, און ווענדט זיך צו די פּעפּעסישע טוער, אַז זיי זאָלן פאַרדאַמען די האַנדלונג פון דעם אַנטי־סעמיטישן אינספּעקטאָר. די פּעפּעסישע טוערס האָבן אָבער נישט געהאַט קיין מוט דאָס צו טון, ווייל זיי זענען אַליין געווען געגנוג אַנטיסעמיטיש געשטימט. דאָן פאַרלאָזן די פאַרזאַמלונג, אויפן רוף פון בירענצווייגן, די יידישע אַרבעטער און אַ קליינער טייל לינק־געשטימטע פּוילישע אַר־בעטער. מיט אַ צייט שפּעטער זענען געקומען קיין בעלכאַטאָוו וואָלטשאַק און מילמאַן פון לאָדזש און דורכגעפירט אַ שלום־בית צווישן „בונד" און פּ. פּ. ס.

איבערגעבנדיק אָט די אַלע פאַקטן, ווילן מיר געבן אַ טיילווייזע געשיכטלעכע באַלייכטונג וועגן דער וויכטיקער ראָל, וואָס עס האָט געשפּילט אין דעם פאַרמלחמהדיקן פּוילן. דער פּראָלעטאַרישער אוואַנ־גאַרד אין קאַמף קעגן דעם רעאַקציאָנער־פאַשיסטישן פּוילן, און פעסט־שטעלן דאָס בכבודיקע אָרט, וואָס עס האָט אין דעם דאָזיקן קאַמף פאַרנומען אונדזער בעלכאַטאָוו. מיר ווילן דאָ נאָך צוגעבן, אַז די פּאַרטיי האָט אין בעלכאַטאָוו אַרויסגעגעבן גוטע געזעלשאַפטלעכע טוער און פּע־איקע מענטשן אויף אַלע געביטן. מיר וועלן בלויז דערמאָנען אייניקע: שמעון שמולעוויטש, געקומען פון „בונד", איז אָפּט אַרויסגעטראָטן אַלס אָפּאָנענט ביי קעגנערישע פאַרזאַמלונגען און גוט אויסגענומען ביי די מאַסן; איטשע לייב גאָלדבערשט, אַן איינפאַכער אַרבעטער, וועמען עס האָט געפעלט איין פוס און ער האָט שטענדיק געמוזט שווער אַרבעטן, ער איז געווען גוט באַהאַוונט אין דער קלאַסישער ליטעראַטור און זיינע לעק־ציעס פלעגן צוציען אַ גאָר גרויסן עולם. שאַמע בירענצווייג, איז געווען דער עילוי פון שטעטל. ער האָט געקענט גוט לערנען, געווען באַהאַוונט סיי פּאָליטיש, סיי קולטורעל, שטענדיק אָנגעפירט מיט קרייזן פון פּאָ־ליטישער עקאָנאָמיע און וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם. ער איז אומגעקומען אין לאָדזשער געטאָ, ווו אפילו דער טרויעריק־באַרימטער רומקאָווסקי

האָט זיך געמוזט רעכענען מיט זיין פּערזאָן. צולעצט זאָל דערמאָנט ווערן קלמן מענדל פּזשעדבאָרסקי, וואָס איז געווען איינער פון די, וועלכע האָבן אָפּגעגעבן זייער גאַנצע פרייע צייט פאַר דער געזעלשאַפט, ביז דעם לעצטן טאָג פון זיין אומקום. ער איז נישט נאָר געווען דער אָנפירער



אַ גרופּע לינקע אַקטיוויסטינס

פון די לינקע פראַקציעס אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען בעת דער אָפּוועזנהייט פון יחזקאל בירענצווייג. נאָר ער איז אויך געווען דער נערוו פון דער גאַנצער קולטור־אַרבעט. צווישן אַנדערן האָט ער אָרגאַניזירט ביים חבר גאָלדבערשט אין שטוב די ביבליאָטעק, וווּ ער האָט פאַרבראַכט אַ סך פון זיין פרייע צייט.

די לעבעדיקסטע מאָמענטן פון דער אַרבעט זענען געווען די צווישן־פּאַרטייאישע דיסקוסיעס, וואָס זענען אָרגאַניזירט געוואָרן אין ספּאָרט־קלוב און האָבן צוגעצויגן ברייטע מאַסן, וועלכע זענען געקומען הערן די אינטערעסאַנטע רעפעראַטן פון שאמע און יחזקאל בירענצווייג וועגן

דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע. די דאָזיקע רעפּעראַטן און דיסקוסיעס זענען געווען דער אויסדרוק פון פּאָליטישער אַקטיוויטעט מיט אַ ברייטן קוק, אין קעגנזאַץ צו דעם וואָס עס איז פאָרגעקומען אין די אַנדערע פּאַרטייען.

די פּאָליטישע דערציאונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג צווישן די ברייטע מאַסן, און איבערהויפּט צווישן דער יוגנט, פון וועלכער עס זענען הייגט צו טאָג פאַראַן אייניקע, וואָס פאַרנעמען פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס אין דעם נייעם פּאָלקס פּוילן, ווי דאָס איז גוטשע האָפּמאַן, קויפּמאַן א״אַ.

יעקב צינגלער

# די לינקע ארבעטער-באוועגונג צווישן ביידע וועלט-מלחמות

אין קעגנזאץ צו די שכנותדיקע יידישע שטעטלעך, ווו די גרעסטע טייל פון דער יידישער באפעלקערונג האט געלעבט פון לופט-געשעפטן, האט שוין ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה בעלכאטאוו געהאט א גרויסע יידישע ארבעטערשאפט און דאס האט געהאט א גרויסע ווירקונג אויפן געזעלשאפטלעכן און פאליטישן לעבן פון אונדזער שטעטל. אין יענער צייט האבן שוין עקזיסטירט אין שטעטל צוויי יידישע ארבעטער־פארטייען: די „פועלי־ציון" און דער „בונד", דערביי איז די לעצטע פארטיי געווען די שטארקסטע און אנערקענטסטע צווישן דער יידישער באפעלקערונג.

די פאליטישע געשעענישן נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה, בפרט דער אפקלאנג פון דער רוסישער רעוואלוציע, האבן אויסגעווירקט א בולטע השפעה אויף דער ווייטערדיקער אנטוויקלונג פון דעם פאליטישן לעבן אין בעלכאטאוו.

שוין אין יאר 1922 קומט פאר ביי אונדז אין שטעטל — פונקט ווי אין גאנץ פוילן — א שפאלטונג אין די פריער דערמאנטע צוויי ארבעטער־פארטייען און עס ווערט ארגאניזירט די לינקע ארבעטער־באוועגונג.

אין דער צייט ווען אין גאנץ פוילן וואקסט אוים די לינקע באוועגונג אויפן שוים פון דער סאציאל־דעמאקראטישער פארטיי פון רוסלאנד, פוילן און ליטע, וואס האט איבערגענומען די בעסטע רעוואלוציאנערע טראדיציעס פון דעם אמאליקן „פראלעטאריאט" און פון דעם לינקן פליגל פון פ.פ.ס., איז אבער אין בעלכאטאוו די לינקע באוועגונג ביי דער אנטשטייאונג געווען דורכאוים א יידישע.

די ערשטע אויפגאַבע פון דער נייער פּאַרטיי איז געווען זי פאַרוואַנד־לען אין אַ מאַסן־באַוועגונג פון דער בעלכאַטאָווער אַרבעטערשאַפט. דערי־בער איז מען גלייך צוגעטרעטן צו אָרגאַניזירן די קלאַסן־פאַראייגען פון די וועבערס. דאָס האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט די אַרבעטער פוןביידע נאַציאָנאַליטעטן צו געפינען אַ געמיינזאַמע שפּראַך צו פאַרטיידיקן זייערע געמיינזאַמע אינטערעסן. אין יאָר 1924 ברעכט אויס דער ערשטער גע־מיינזאַמער שטרייק. דער קאַמף איז געווען אַ לאַנגער און אַ שטאַרק פאַרביטערטער. נאָך פיר חדשים צייט געלינגט צו ברעכן די עקשנות פון די אונטערנעמער און דעם שטרייק צו געווינען. אין גאַנג פון דעם קאַמף רוקן זיך אונדזערע חברים אַרויס אין די פאָדערשטע קאַמפס־רייען.

בפרט איז אונדזער טעטיקייט צווישן די פּוילישע אַרבעטער געווען זייער אַ באַשווערטע. אין בעלכאַטאָוו האָבן נאָך דאַן געווירקט צווישן די פּוילישע אַרבעטער די שוואַרץ־רעאַקציאָנערע קאַטוילישע אַרבעטער־פּאַר־טייען „כאַ־דע״ און „ען־פּע־ער״, וועמענס הויפּט־אויפגאַבע איז געווען וואָס מער פאַרשאַרפן דעם אַנטאַגאָניזם צווישן די פּוילישע און יידישע אַרבעטער. אפילו די פירער פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי הוזאַר און שמיט האָבן דערצויגן זייערע פּאַרטיי־מיטגלידער אין גייסט פון אולטראַ־פּאַטריאָטיזם און נאַציאָנאַליזם.

עס איז דעריבער שווער געווען פאַר יידישע פּאַרטיי־מענטשן קומען צו די פאַרסמטע מיט אַנטיסעמיטישן גייסט פּוילישע אַרבעטער און זיי דערקלערן, אַז זיי האָבן געמיינזאַמע אינטערעסן מיט יידישע אַרבעטער.

די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי האָבן פאַרשטאַ־נען, אַז אויב זיי ווילן באַקומען אַ ממשותדיקע השפּעה אויף דער פּוי־לישער גאַס, מוזן זיי צוטרעטן בויען זייער פּאַרטיי צווישן דער פּוילישער אַרבעטערשאַפט. דאָס איז געלונגען צו טון אין גאַנג פון די כסדרדיקע שטרייקן, ווען די פּאַרטיי האָט איינגעפלאַנצט אַ קענטיקע השפּעה צווישן די פּוילישע אַרבעטער.

פירנדיק די אַרבעט אויף דער פּוילישער גאַס האָט די פּאַרטיי נישט פאַרנאַכלעסיקט איר טעטיקייט צווישן די יידישע אַרבעטער. אין קלאַסן־פאַראיינען קומען אָפּט פאָר פאַרזאַמלונגען אין דער יידישער שפּראַך, ווו מען באַהאַנדלט אויסער עקאָנאָמישע ענינים אויך לויפנדיקע פּאָליטי־שע פּראָבלעמען. אין די ראַמען פון די לעגאַלע מעגלעכקייטן ווערן אָר־גאַניזירט עפנטלעכע פאַראַנשטאַלטונגען און עס ווערן פאַרשפּרייט צאָל־

רייכע אויסגאַבן פון דער פּאַרטיי. די לעגאַלע פּאַרטיי־צייטונג „די וואָך" איז די אַממיינסטן פאַרשפּרייטסטע צווישן די בעלכאַטאָווער יידישע אַר־בעטער.

יעדע פּאָליטישע טעטיקייט געפינט איר אָפּקלאַנג אין אונדזער פּאַרטיי־טעטיקייט אין שטעטל. עס ווערט אָרגאַניזירט אַ יידישע ביבליאָ־טעק און עס ווערט געלייגט גרויס אַכט אויף דער אַנטוויקלונג פון אירע מיטגלידער סיי פּאָליטיש, סיי קולטורעל. צוליב די כסדר וואַקסנדיקע רעפּרעסיעס און אַרעסטן פון לינקע טוער ווערט אויך אין בעלכאַטאָוו, פּונקט ווי אין גאַנצן לאַנד, אָרגאַניזירט די רויטע הילפס־אַקציע.

אונדזער פּאַרטיי קומט צו די אַרבעטער און ווייזט זיי דעם וועג צו קעמפן פאַר בעסערע לעבנס־באַדינגונגען. אויף אונדזער רוף און אונ־טער אונדזער אָנפירונג ברעכן דאָן אויס אַ גאַנצע רייע שטרייקן. אַ דאַנק דער גוטער אָנפירונג ווערן ס'רוב שטרייקן געוווּנען. דאָס דערהויבט דעם פּרעסטיזש און פּאָפּולאַריטעט פון אונדזער פּאַרטיי צווישן די בעלכאַ־טאָווער אַרבעטער־מאַסן.

ווען אין יאָר 1926 אַנטשטייט די לינקע פראַקציע פון פּ.פּ.ס. (לעוויצע פּ.פּ.ס.), באַקומען מיר די מעגלעכקייט צו דערשיינען אין דער עפנטלעכקייט האַלב־לעגאַל. ביי די נאָענטסטע שטאָט־ראָט וואַלן באַקומען מיר די גרעסטע צאָל אַרבעטער־שטימען און אונדזער פראַקציע איז די שטאַרקסטע אין שטאָט־ראָט. מיר באַקומען אויך די גרעסטע השפּעה אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג און דער בעלכאַטאָווער קלאַסן־פּאַר־איין האָט זיך אַ געוויסע צייט געפונען אונטער דער אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, בפרט בעת דעם גרויסן טעקסטיל־שטרייק אין יאָר 1928. נישט געקוקט אויף דעם דערפאָלג פון אונדזער שטרייק־אַקציע האָט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי נישט באַוויזן צו שלאָגן טיפע וואָרצלען צווישן די פּוילישע אַרבעטער־מאַסן. עס האָבן, לויט מיין מיי־נונג, געווירקט דערביי דריי הויפּט־סיבות: 1) די בעלכאַטאָווער פּוילישע אַרבעטער האָבן נישט געהאַט קיין שום פּראָלעטאַריש־רעוואָלוציאָנערע טראַדיציע; 2) די איניציאַטיוו צו אָרגאַניזירן זיך אין דער קאָם־פּאַרטיי איז געקומען פון יידישע אַרבעטער־קרייזן און פאַר ווייניק־באַוווּסטזיניקע פּוילישע אַרבעטער איז געווען אַ מאָטיוו פון אומווילן פאַר יעדער איני־ציאַטיוו, וואָס איז געקומען מצד די יידן און 3) דער פאַקט, וואָס די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז געווען נישט־לעגאַל.

פאַראַלעל מיט דער אויפקלערונגס־אַרבעט אויף דער פּוילישער גאַס ווערט אַנטוויקלט אַ ברייט־פאַרצווייגטע אַרבעט צווישן די יידישע אַרבעטער. מען האָט געגרינדעט די „ספּאָרט־געזעלשאַפט“, וואָס האָט געשפּילט אַ גוואַלדיק וויכטיקע ראָלע ביים אַנטוויקלען אונדזער אָרגאַניזאַציע. אויסער דער פיזישער דערציאונג ווערט אויך געלייגט גרויס אַכטונג אויף דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון דער יידישער אַרבעטער־יוגנט. עס ווערן כסדר געגעבן ליטעראַרישע און פּאָליטישע פאָרלעזונגען. עס ווערן אָרגאַניזירט גרופּן פאַר טעאָרעטישער אויסבילדונג. אַזוי אַרום האָט די „ספּאָרט־געזעלשאַפט“ צוגעגרייט קאַדרען אַקטיוויסטן פאַר דער פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע.

אין דעם זעלבן יאָר 1927 קומען פאָר די ערשטע אַרעסטן פון פּאַרטיי־אַקטיוויסטן. עס ווערן דאַן אַרעסטירט יחזקאל בירענצווייג און אסתר שמולעוויטש.

אין די יאָרן פון שווערן קאַמף פאַר רעכט אויף אַרבעט פאַר די יידישע אַרבעטער־מאַסן פירט די לינקע באַוועגונג קאָנסעקווענט אָן מיט דער אַקציע און פאַרטיידיקט די רעכט פון יידישע אַרבעטער. גלייכצייטיק האָבן מיר אָבער נישט פאַרנאַכלעסיקט אונדזער אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן די פּוילישע אַרבעטער וואָרענענדיק זיי, אַז דער אַנטיסעמיטיזם און אַנטאַגאָניזם צווישן די פּוילישע און יידישע אַרבעטער דינט אויסשליסלעך די צילן און אינטערעסן פון דער רעאַקציע. מיר האָבן אויך געמאַכט גרויסע אָנשטרענגונגען צו אָרגאַניזירן די דאָרפישע אַרבעטער אין איין קלאַסן־פאַראיין. קיין גרויסן דערפאָלג האָבן מיר אויף דעם ראָזיקן געביט נישט געהאַט און דאָס צוליב צוויי קאַרדינאַלע סיבות: ערשטנס האָבן די פירער פון דעם קלאַסן־פאַראיין געהאַט אַ נעגאַטיווע שטעלונג צום פּראָבלעם האַלטנדיק, אַז מיט קיין פּויערים קאָן מען גאָרנישט מאַכן און צווייטנס, ווייל מיר האָבן אין דערפער געמוזט שיקן אַלס אָרגאַניזאַטאָרן יידישע אַרבעטער, ווייל קיין פּוילישע האָבן מיר צו דעם צוועק נישט געהאַט...

מיר האָבן אויך געליטן פון די כסדרדיקע אַרעסטן צווישן אונדזערע טוער, וואָס אויך דאָס האָט זיך שטאַרק אָפּגערופן אויף אונדזער אַקטיוויטעט. עס דאַרפן דערמאָנט ווערן צווישן די דאַן אַרעסטירטע: שמואל גרשון מאָרגענשטערן, וועלכער איז שפּעטער אומגעקומען אין קאַמף אין שפּאַניע, יעקב דאָבאָזשינסקי, אומגעקומען שפּעטער אויפן אוקראַיִנער

פראָנט אין קאַמף מיט די היטלעריסטן; און משה געלבאַרד, וועלכער איז שפּעטער אומגעקומען אין אַ דייטשן לאַגער.

פון אומגעהויערער וויכטיקייט איז געווען אונדזער אַקציע בעתן קאָנפליקט אין יאָר 1932. פילנדיק אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די קעמפנדיקע אַרבעטער, האָבן מיר כסדר געשטורעמט אין צענטראַל־קאָמיטעט פון אונדזער פּאַרטיי פאָדערנדיק ממשותדיקע און עפעקטיווע הילף פאַר די שטרייקנדיקע אַרבעטער. אויף אונדזער פאָדערונג איז אין



לינקע אַקטיוויסטן אַלס זעלנער אין פּוילישן מיליטער:

ז. פּזשעדבאָרסקי, שמואל פּודלאָוו־סקי און ט. פּזשיבילסקי

חודש יוני צונויפגערופן געוואָרן אין לאָדזש אַ פּאַרטיי־קאָנפערענץ מיט דער באַטייליקונג פון אַ פאָרשטייער פון סעקרעטאַריאַט. אויף דער קאָנ־פערענץ האָבן מיר געפאָדערט דאָס פּראָקלאַמירן אַ גענעראַל־שטרייק פון אַלע טעקסטיל־אַרבעטער אין פּוילן. די לאָדזשער חברים האָבן אונדז פאַרזיכערט, אַז אין משך פון אַ פּאָר טעג וועלן זיי פּראָקלאַמירן דעם שטרייק. אונדזערע חברים האָבן טאַקע זייער צוזאָג דערפילט, אָבער דער שטרייק האָט קיין פּעולה נישט געהאַט, ווייל די פּ.פּ.ס. האָט דעם שטרייק נישט געשטיצט. דאָס קעמפנדיקע בעלכאַטאָוו האָט קיין שטיצע נישט באַקומען און איז געבליבן פאַראיינזאַמט אין זיין קאַמף.

אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט אויך דורכגעפירט אַ מאַסן־קאַמפּיין צווישן די דאָרפישע אַרבעטער וועגן מאַטעריעלע און מאָראַלישע הילף פאַר די שטרייקנדיקע. מיר האָבן זיך אויך באַמיט אויסצוברייטערן דעם



לינקע אַקטיוויסטן:

ישעיה קרייזמאַן, פּזשעדבאָרסקי

און משה חייט

שטרייק אויף די דאָרפישע אַרבעטער, דאָס איז אונדז טיילווייז אפילו געלונגען אָבער קיין דעצידירנדיקן איינפלוס אויפן אויסגאַנג פון קאַמף האָט עס נישט געהאַט.

אין משך פון שטרייק האָט אונדזער פּאַרטיי באַקומען דעם שווערסטן קלאַפּ דורכן אַרעסט פון אונדזער פּאַרטיי־אַקטיוו. דער איינפלוס אויפן שטרייק איז אַזוי אַרום שטאַרק געפאַלן. דער שטרייק איז אַריין אין אַ פאַזע פון דעמאָראַליזאַציע און נאָך העכער 5 חדשים צייט איז דער שטרייק פאַרשפּילט געוואָרן. דאָס איז געווען אַ גרויסע מפּלה פאַרן בעלכאַטאָווער אַרבעטער־קלאַס און צוזאַמען דערמיט אויך פאַר אונדזער פּאַרטיי. מען האָט געמוזט אָנהויבן בויען די פּאַרטיי פון סאַמע אָנהויב אָן.

האַרבסט פון זעלבן יאָר האָבן מיר געעפנט דעם פּרץ־קלוב, וואָס האָט געפירט אַ פאַרצווייגטע קולטור־אַרבעט. דאָרט האָט זיך אויך געפונען אונדזער ביבליאָטעק. עס זענען ווידער איינגעשטעלט געוואָרן גרופּן

פאַר פּאָליטישע און ליטעראַרישע שמועסן. באַזונדערס אַקטיוו זענען געווען די ח"ח שמחה געלבארד (אומגעקומען אין בעלכאַטאָוו אין יאָר 1942) און נפתלי הובערמאַן. דער פּרץ־קלוב האָט פיל מיטגעהאָלפן ביים איינשטעלן די פּאַרטיי־אַרבעט. מיר האָבן אויך אָרגאַניזירט די פּאַרטיי־דיקונג פון חברים, וואָס זענען אַרעסטירט געוואָרן אין גאַנג פון שטרייק. אָבער אַ קורצע צייט שפּעטער, סוף ווינטער, האָט די פּאָליציי געשלאָסן דעם פּרץ־קלוב.

היטלערס קומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד אין יאָר 1933 האָט אַריינגעבראַכט וועזנטלעכע ענדערונגען אין דער סטראַטעגיע און טאַקטיק פון דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג. דאָס איבערגיין צום איינהייטלעכן פראָנט און שפּעטער צום פאָלקס־פראָנט האָט געפונען אַ פּאָזיטיוון אָפּקלאַנג אויך אין די בעלכאַטאָווער אַרבעטער־רייען. מיר האָבן ביי יעדער געלעגנהייט אַרויסגעוויזן אונדזער גוטן ווילן צו פאַרווירקלעכן דעם איינהייטלעכן פראָנט און אין יאָר 1934 איז ענדלעך געקומען צו אַ פאַרשטענדיקונג וועגן איינאָרדנען אַ בשותפותדיקע ערשטע מאַי־מאַניפעסטאַציע. די דאָזיקע מאַניפעסטאַציע האָט צוגעצויגן די גרעסטע טייל בעלכאַטאָווער אַרבעטער און האָט געמאַכט אַן אומגעהויער שטאַרקן רושם. ליידער אָבער איז נישט געלונגען צו שאַפן אַ שטענדיקן איינהייטלעכן פראָנט פון דער בעלכאַטאָווער אַרבעטערשאַפט און אַלע דיסקוסיעס אַרום דעם ענין האָבן קיין שום פּאָזיטיוון רעזולטאַט נישט געגעבן.

דער אַנטיסעמיטיזם אין לאַנד — און במילא אויך ביי אונדז אין שטעטל — איז כסדר געוואַקסן און מען האָט געפּרוווט אָרגאַניזירן אַנטיסעמיטישע „אויספלוגן" ביי אונדז אין שטעטל. צוזאַמען מיט אַנדערע יידישע גרופּירונגען און מיט אַ טייל פּוילישע אַרבעטער האָבן מיר די אַלע אַנטיסעמיטישע פּלענער פולשטענדיק צעשטערט.

בעתן שפּאַנישן בירגער־קריג, ווען דער פּוילישער אַרבעטער־קלאַס האָט אָרגאַניזירט די הילפס־אַקציע, איז אונדזער אָרגאַניזאַציע אין בעלכאַטאָוו אויך נישט אָפּגעשטאַנען פון די אַנדערע צענטערן און הגם מיר האָבן די אַקציע געפירט זעלבסטשטענדיק, האָט זי דאָך געגעבן גוטע רעזולטאַטן. ווי שוין פריער דערמאָנט איז אונדזער חבר שמואל גרשון מאַרגענשטערן געווען אַן אַקטיווער קעמפער אין דעם „דאָמבראָווסקי"־באַטאַליאָן און איז אומגעקומען אויפן שלאַכט־פעלד.

אין דעם שווערן קאַמף קעגן דער פּוילישער רעאַקציע און אַנטיסע־מיטיזם איז אונדז געלונגען מיטצואַרבעטן נישט בלויז מיט דער לינק־געשטימטער פּוילישער אַרבעטערשאַפט, נאָר עס איז אונדז געלונגען קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג מיטן „בונד" און טיילווייז אויך מיט פּ.פּ.ס.

גאָר אַ וויכטיקע ראָל האָט אונדזער פּאַרטיי געשפּילט אין די טרוי־עריקע צייטן פון דעם פּשיטיקער פּאָגראָם. מיר האָבן אָרגאַניזירט אַ פּראָ־טעסט־שטרייק מיטן אָנטייל פון דער גאַנצער בעלכאַטאָווער אַרבעטער־שאַפט. אפילו די פאַרסמטע דורכן אַנטיסעמיטיזם פּוילישע אַרבעטער האָבן מורא געהאַט זיך קעגנשטעלן דעם שטרייק און געמוזט אין אים אָנטייל נעמען. מיר האָבן גלייכצייטיק דורכגעפירט אַ ברייטע אויפקלע־רונגס־טעטיקייט צווישן דער בעלכאַטאָווער באַפעלקערונג קעגן דעם אַנ־טיסעמיטיזם. מיר האָבן גלייכצייטיק מיט דערפאָלג דורכגעפירט אַ געלט־זאַמלונג פאַר די געליטענע פון פּאָגראָם.

דאָך איז אונדזער אַרבעט געווען זייער באַשווערט דורך די כסדרדי־קע אַרעסטן פון אונדזערע בעסטע אַקטיוויסטן און מיר האָבן דער־בער געמוזט זאָרגן אויך פאַר די אַרעסטירטע חברים, אָרגאַניזירט זייער פאַר־טיידיקונג און זיי פאַרזאָרגט מיט שפּייז־פּעקלעך און קליידער. אין די ראַמען פון אונדזערע מעגלעכקייטן האָבן מיר אויך געזאָרגט פאַר די עלטערן און קרובים פון די אַרעסטירטע.

אין די צייטן פון אונדזער געמיינזאַמער אַרבעט מיטן „בונד" האָבן מיר פאַראייניקט אונדזערע ביידע ספּאָרט־אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן אַ דאַנק דעם דערוואָרבן גרויס אָנזען אין דעם לאָדזשער ראַיאָן. לײדער האָט די דאָזיקע פאַראייניקונג נישט לאַנג געדויערט.

אין יענער צייט זענען אויך פאַראייניקט געוואָרן ביידע יידישע אַר־בעטער־ביבליאָטעק. ווען די נאַצים האָבן אַריינמאַרשירט קיין בעלכאַ־טאָוו, איז מיר מיטן חבר הערצקע פּרייטאַג (אַ צוקונפטיסט) געלונגען אָפּצוראַטעווען די פאַראייניקטע ביבליאָטעק פון די נאַצישע הענט און פאַרן אָפּפאָר קיין ראַטנפאַרבאַנד האָב איך זי איינגעמויערט אין אַן אויוון צו באַקן מצות. שפּעטער האָט די ביבליאָטעק געטיילט דעם גורל פון די, וואָס האָבן די ביכער געלייענט.

מיר האָבן אויך געהאַט אָרגאַניזירט און לעגאַליזירט ביי דער מאַכט די געזעלשאַפט „אַגראָ־ייד", וואָס האָט פאָרמעל געהאַט די אויפגאַבע צו פאַרשפּרייטן אַגראַר־קענטניש צווישן די יידישע מאַסן. פאַקטיש האָט

די גנזעלשאַפט געירשנט דעם געשלאָסענעם „גנזערד" און האָט פּאָפּו־לאַריזירט די אידעע פון דער יידישער אויטאָנאָמער געגנט אין ביראָ־בידזשאַן. צוליב די אָפטע פּאָליציייִאישע רעוויזיעס האָט מען געמוזט פירן אַ שטרענג באַגרענעצטע ארבעט אין די ראַמען פון די לעגאַלע סטאַטוטן. דאָך איז די טעטיקייט פון „אגראָ־ייד" אויסגענוצט געוואָרן אויך פאַר פּאַרטיי־אַרבעט און עס איז צו דער זעלבער צייט געפירט געוואָרן אַ פאַרצווייגטע קולטור־טעטיקייט. „אגראָ־ייד" האָט עקזיסטירט אַן ערך צוויי יאָר צייט ביז די פּאָליציי האָט די גנזעלשאַפט געשלאָסן.

ווען דער פּוילישער פאַשיזם האָט אָנגעהויבן צעשטערן די פּוילישע פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג און אָרגאַניזירן אייגענע סינדיקאַטן, האָט די פעסט נישט אויסגעמיטן אויך בעלכאַטאָוו, ווו עס האָבן זיך גלייך גע־פונען קאַריעריסטן, וואָס האָבן געזוכט צו מאַכן אַ קאַריערע אין דער נייער אַרבעטער־באַוועגונג. די אַלטע פּראָפעסיאָנעלע פאַראייִנען זענען נערודפט געוואָרן דורך דער מאַכט און האָבן אָפטמאָל געמוזט איבער־גיין צו אומלעגאַלע טעטיקייט. ווען די נייע מושלים האָבן געוואָלט אויס־שפּרייטן זייערע פליגל אויף די פאַבריקן גופא, זענען מיר געווען די ערשטע זיך קאַטעגאָריש קעגנצושטעלן. בפרט ביים אויסוויילן פאַבריק־דעלעגאַטן און אַנדערע וויכטיקע אַקציעס. נישט געקוקט, וואָס מיר האָבן באַטראַכט די פּ.פּ.ס.־טוער אַלס שולדיקע אין דעם אויפשוווּנג פון דעם פאַשיזם און צעברעכן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייִנען, האָבן מיר דאָך געשטיצט די פּ.פּ.סישע פאָרשטייער אין די פאַבריקן, בכדי אַזוי אַרום אויפצוהאַלטן די אָפּאָזיציע קעגן דעם פאַשיסטישן רעזשים און אָפּצו־היטן אונדזערע געמיינזאַמע פּאָזיציעס אין די קלאַסן־פאַראייִנען.

אין יאָר 1938, נישט געקוקט, וואָס דער „קאָמינטערן" האָט אויפ־געלייזט אונדזער פּאַרטיי, האָבן מיר דאָך פאָרגעזעצט אונדזער טעטיקייט און געבראַכט צום אויסדרוק אונדזער פּראָטעסט קעגן דעם פּוילישן פאַר־כאַפּן טשעכישע טעריטאָריעס, וואָס איז פאָרגעקומען אַלס פּועל יוצא פון דעם מינכענער אָפּמאַך.

ווען היטלער האָט סוף 1938 דורכגעפירט דעם גירוש אויף פּוילישע יידן און עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן די הילפס־אַקציע, איז בעלכאַטאָוו געווען פון די ערשטע, וואָס האָט זיך אָפּגערופן און צוזאַמען מיטן „בונד" האָבן מיר אָרגאַניזירט די הילפס־אַקציע, איבערשיקנדיק געלט, קליי־

דער און ביכער פאר די פארטריבענע יידן, וואס האבן זיך געפונען אין קיינעמס לאנד, אין זבאנשין.

אין יאר 1939, שוין נאענט פארן מלחמה־אויסברוך, איז אונדז אויסגעקומען צו פירן דעם לעצטן וואל־קאמף אין פוילן. די רעאקציאנערע רעגירונג האט אויסגענוצט די מלחמה־שטימונגען אין לאנד צו פארשטארקן דעם טעראר קעגן דער ארבעטערשאפט, פארווערט די ערשטע מאי־מאניפעסטאציע, ארעסטירט ארבעטער־פירער אד״גל. אין אזא אטמאספער זענען פארגעקומען די וואלן צום שטאט־ראט אין בעלכאטאוו און הגם מיר האבן פארגעלייגט די איבעריקע אר׳בעטער־פארטייען שאפן א פאראייניקטן ארבעטער־פראנט, איז אונדזער פארשלאג נישט אנגענומען געווארן און די וואלן זענען פארגעקומען ביי אן אינערלעך צעריסענעם ארבעטער־פראנט, וואס האט בלויז פארשטארקט דעם נצחון פון פוילישן פאשיזם.

אבער לאנג איז דעם נייעם שטאט־ראט נישט באשערט געווען צו זיין טעטיק. א קורצע צייט שפעטער, דעם ערשטן סעפטעמבער, ווען היטלער האט אינוואדירט פוילן, האט זיך אנגעהויבן א נייער קאפיטל פון אונדזער קאמף פאר דער באפרייאונג...

י. מ. פוקאַטש

# בילדער פון פראָגרעסיווע טוער

שׁ מ אי  ב י ר ע נ צ װ י י ג: עטװאָס נידעריקער פון מיטלװוקס, אביסל א געבױגענע פּלייצע, דער בליק כמעט שטענדיק צו דער ערד, נאָכלעסיק אָנגעטון, חסידישע באַװעגונגען — דאָס איז דאָס אויסערלעכע אויסזען פון שמאי בירענצװייג.

קוקנדיק אויף אים, װעט זיך קיינער נישט פאָרשטעלן, אַז דאָס איז אַ פירער פון אַ רעװאָלוציאָנערער באַװעגונג. נאָר אין קעגנטייל, ער מאַכט דעם איינדרוק פון אַ מענטש, װאָס אים גייט איבערהויפּט גאָרנישט אָן.

אַ מענטש, װאָס קאָן אויסגעצייכנט די כּללים פון קאָנספּיראַציע און פונקט אַזוי אויסגעצייכנט זיך אָריענטירן אין נעמען אַ שטעלונג צו יעדער פּאָליטישער סיטואַציע. יאָרן לאַנג איז ער געשטאַנען בראש פון דער פּראָגרעסיװער באַװעגונג אין בעלכאַטאָװ און געגעבן אַ טאָן דער אַרבעט. שטענדיק פאַרהאַרװעט אין דאגות־פּרנסה, געפינט ער אָבער געהעריג צייט צו לייענען און צו לערנען זיך און אַנדערע.

ביי זיצונגען זיצט ער לאַנג און הערט זיך אויפמערקזאַם צו װאָס אַנדערע רעדן. דערנאָך קומען זיינע פּאָר שטילע און געציילטע װערטער, װעלכע ברענגען שטענדיק אריין קלאָרקייט און פשטות, אפילו אין די שאַרפסטע דיסקוסיעס.

אין יאָר 1938 װערט ער אַרעסטירט און פאַרשיקט קיין קאַרטוז־בערעזאַ. ער טראָגט דאָרט איבער ליידן און מאַטערנישן מיט דער זעלבער רואיקייט, מיט װעלכער ער האָט יאָרן־לאַנג אָנגעפירט די באַװעגונג.

עס קומט דאָס טראַגישע יאָר 1939. נאָך דער ליקװידאַציע פון די בעלכאַטאָװער יידן װערט שמאי פאַרװאָגלט אין לאָדזשער געטאָ. אויך דאָרט איז ער געזעלשאַפטלעך זייער אַקטיװ. אויך דאָרט װערט ער שנעל פּאָפּולער און באַליבט.

צום סוף טיילט דער פּעאיקער טוער דעם גורל פון מיליאָנען פּוילישע יידן:

מאַידאַנעק און אַש איופן ווינט!

ק ל מ ן ־ מ ע נ ד ל  פּ ז ש ע ד ב אָ ר ס ק י: אַ לאַנג און שמאָל פּנים. איינדרוקספולע, קלוגע אויגן. שטענדיק גרייט צו טון אַ טובה.

אַ קינד פון אָרעמע עלטערן, האָט אים די נויט פון קינדווייז־אָן איינגעשפּאַנט אין יאָך פון שווערער אַרבעט און דאָך האָט די ביטערקייט פון זיין פּערזענלעכן גורל קיינמאָל נישט געהאַט קיין השפּעה אויף זיין כאַראַקטער און אויף זיין באַציאונג צו מענטשן.



קלמן מ. פּזשעדבאָרסקי

אויב עס איז איבערהויפּט מעגלעך, אַז גוטסקייט זאָל האָבן אַ פּאַרקערפּערונג, האָט עס געהאַט אין זיין פּערזאָן. פון זיין פריסטער יוגנט אָן איז ער געווען באַשעפטיקט מיט געזעלשאַפטלעכער און פּאָליטישער טעטיקייט און ווו נאָר ער איז טעטיק, שאַפט ער זיך אַ סך פרעסטיזש. אפילו פּאָליטישע קעגנער באַציען זיך צו אים מיטן גרעסטן רעספּעקט.

דערצוויגן אין דער באָראָכאָוויסטישער, לינקער פּועלי־ציון־פּאַרטיי, געפינט ער זיך שפּעטער אין די פּאָדערשטע רייען פון דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג.

מען פלעגט אים זעלטן זען אַליין. שטענדיק אַרומגערינגלט מיט חברים און פריינט. וואָס הערן זיך צו צו אים, ווי חסידים הערן זיך צו צו אַ רבין. מען ווייסט, אַז צו טון אַ טובה און געבן אָן עצה איז ער שטענדיק גרייט. ער וואָלט אַלעמען געוואָלט העלפן, אַלעמען פּאַרזאָרגן, אָבער איין זאַך פאַרגעסט ער שטענדיק — צו טראַכטן וועגן זיך אַליין.

שוין ביים אָנהויב פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע איז ער געכאַפּט געוואָרן און מען האָט אים אוועקגעשיקט קיין בעלמנאַ, ווו ער איז אומגעבראַכט געוואָרן צוזאַמען מיטן רוב בעלכאַטאָווער יידן.

ש מ ו א ל ג ר ש ו ן מ אָ ר ג ע נ ש ט ע ר ן: אַ יונגער נאָך, אַ הויכער מיט אַ בלייך און ביינערדיק פּנים, מיט אַ פּאָר שוואַרצע, פייערדיקע אויגן און שטענדיק מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן. ווער עס קומט נאָר מיט אים אין באַרירונג מוז אים ליב באַקומען. ער רעדט שטיל מיט אַ קלאַנגפולער אויסשפּראַך, אָבער ער רעדט ווייניק, ווייל ער איז פון דער נאַטור אַ שעמעוודיקער. ער האָט בעסער ליב זיך צוצוהערן צו אַנדערע ווי אַליין רעדן. ער פאַרמאָגט אָבער אַ טעמפּעראַמענטפולן און טיילווייז אויך אַ שטורמישן כאַראַקטער. ער האָט פיינט צו וואַרטן און אָפּלייגן אויף מאָרגן, וואָס מען דאַרף מאַכן היינט, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז ער וועט עפּעס פאַרשפּעטיקן.

פון צייט צו צייט גיט ער אַ הוסט און אַ שפּיי און מיט יעדן שפּיי פאַלט אַרויס פון זיין מויל אַ שטיקל בלוט פון זיינע קראַנקע לונגען. פונקט ווי ער איז פון קינדווייז אויף געווען געוווינט צו הונגער און נויט, פונקט אַזוי מאַכט שוין אויף אים קיין שום איינדרוק נישט, ווען זיין לונגען־קראַנקהייט באַדראָט אַלץ מער און מער זיין לעבן. ער האָט וועגן דעם בכלל נישט געוואָלט רעדן...

אין יאָר 1936, ווען עס ברעכט אויס דער שפּאַנישער בירגער־קריג, קאָן שמואל גרשון נישט בלייבן גלייכגילטיק און נישט געקוקט אויף זיין געזונט־צושטאַנד פאָרט ער אַוועק קיין שפּאַניע און טרעט אריין אין דער באַרימט געוואָרענער דאָמבראָווסקי־בריגאַדע. אין שטעטל קומען אָן פון אים ענטוזיאַסטישע בריוו. ער איז גליקלעך, וואָס ער האָט אַ מעג־לעכקייט צו קעמפן קעגן פאַשיזם.

אָנהויב 1938 ווערט יעדע שפּור נאָכן העלדישן חבר און קעמפער שמואל גרשון מאָרגענשטערן פאַרלוירן.

זיינע חברים קאָנען אים קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

י ע ק ב ל י י ז ע ר ד אָ ב ז ש י נ ס ק י: אַ יוגנטלעכער, אין עלטער פון עטלעכע צוואַנציק יאָר, איז יעקב לייזער דאָבזשינסקי שוין געווען אַן אַלטער פאַרטיי־אַקטיוויסט. ער האָט ליב געהאַט צו דיסקוטירן מיט יעדן איינעם און זיך באַמיט שטענדיק צו איבערצייגן אין דער ריכ־טיקייט פון זיינע איִדעען. ער האָט שטאַרק געסטיקולירט ביים רעדן און אַלע האָבן אים ליב געהאַט פאַר זיין פּשטות און אויפריכטיקייט.

הגם ער האָט די לעצטע יאָרן פאַרנומען זייער אַ וויכטיקן אַמט

אין דער באוועגונג, האָט ער אָבער שטענדיק אויסגעמיטן זיך וואַרפן אין די אויגן. זיין אַרבעט האָט ער געפירט שטיל אָבער פּרעציז.

נאָכן מלחמה־אויסברוך אַנטלויפט ער קיין ראַטנפאַרבאַנד און נאָכן היטלעריסטישן איבערפאַל אויף סאָוויעט־רוסלאַנד שליסט ער זיך פרייוויליק אָן אין דער רויטער אַרמיי קעמפנדיק אויפן אוקראַינער פראָנט, וווּ ער פאַלט העלדיש אין אַ בלוטיקער שלאַכט מיט די נאַציס.

א י ט ש ע  ל י י ב  ג אָ ל ד ב ע ר ש ט: אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס, איז ער אָבער קיינמאָל נישט געווען געפאַלן ביי זיך. שטענדיק פריילעך, מונטער און גרייט צו דערציילן אַ וויץ אָדער אַ מעשה.

אַ דאַרער, הויט און ביין און דערצו נאָך אַ פיזישער אינוואַליד, פלעגט מען אים שטענדיק טרעפן אַ צופרידענעם האַצקענדיק אַנגעשפּאַרט אויף זיין הילצערנער קוליע. זיין פיזישער פעלער האָט אים טאַקע געשטערט צו דערשלאָגן זיך צו אַ שטיקל פרנסה און ער האָט דעריבער געליטן גרויס נויט.

צוליבן מאַנגל אין אַ לאָקאַל פון דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג איז אין זיין אָרעמער שטוב יאָרן־לאַנג טעטיק געווען די י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק.

אַליין אַ ליידנשאַפטלעכער לייענער, איז ער געווען גוט באַהאַוונט אין דער יידישער און אוניווערסאַלער ליטעראַטור. ער איז פון צייט צו צייט אויך אויפגעטרעטן מיט רעפעראַטן וועגן ליטעראַטור. זיין קלינגענדיקע שטימע און פּאָעטישע רעדנער־פאַרם האָט פאַרכאַפּט און מיטגעריסן די צוהערער.

אין יאָר 1936 איז ער צוליב אַ פּראָוואָקאַציע אַרעסטירט געוואָרן און אָפּגעזעסן אין תפיסה אַ יאָר צייט. ער קומט אָבער אַרויס פון דאָרט אַ פריילעכער און מונטערער ווי שטענדיק.

נאָך דער נאַצי־אָקופּאַציע פון בעלכאַטאָוו האָט ער געהערט צו די ערשטע קרבנות, וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן. בעת אַ סעלעקציע ווערט ער געשיקט צום אומקום צוזאַמען מיט אַלע קראַנקע, שוואַכע און זקנים.

געפינענדיק זיך שוין אויפן אויטאָ אַוועקגעשיקט צו ווערן, האָט ער געשריי געטון צום פאַרזאַמלטן עולם:

— יידן, מען שיקט אונדז צום טויט, נעמט פאַר אונדז נקמה!

מ ע נ ד ל  ש י מ ק ע ו ו י ט ש: אַן ענערגישער און האַרציקער חבר, איז ער געווען איינער פון די סאַמע ענטוזיאַסטישע טוער פון דער

פראָגרעסיווער באַוועגונג אין בעלכאַטאָוו. אויף מיטינגען און פאַרזאַמ־לונגען איז ער געווען דער אייביקער אָפּאָנענט און „צווישנרופער". נע־מענדיק אַ וואָרט אין דער דיסקוסיע, פלעגט ער אָפּטמאָל אַביסל אונטער־שטאַמלען, דאָס האָט אים אָבער נישט געשטערט מיטצורייסן דעם עולם דורך זיינע אַרגומענטן.



מענדל שימקעוויטש

מענדל שימקעוויטש איז יאָ־רן־לאַנג געזעסן אין תפיסה, דאָס האָט אים אָבער נישט צעבראָכן און ער איז שטענדיק געווען מונ־טער און קאַמפּס־לוסטיק. ער האָט ליב געהאַט צו נעמען אויף זיך שווערע אויפגאַבן, וועלכע ער האָט שטענדיק אויסגעפירט מיט דער גאַנצער פּינקטלעכקייט. ער האָט דערביי נישט דורכגע־לאָזט קיין שום געלעגנהייט צו פירן אַן אַקטיווע פּאַרטיי־אַגי־טאַציע. דאָס איז אפילו געווען זיין באַליבטסטע אַרבעט.

ווי דאָס רוב בעלכאַטאָווער קינדער, איז ער געקומען צו דער באַוועגונג אַ געיאָגטער און געפּלאָגטער דורך הונגער און נויט. פון פאַך איז ער געווען אַ סטאָליאַר־אַרבעטער, אָבער זיין שטרעבונג איז געווען צו דערגרייכן עפּעס העכערס און שענערס.

ווען די נאַצים האָבן אָקופּירט פּוילן, איז מענדל אַוועק קיין ראַטנ־פאַרבאַנד און נאָך דער גרינדונג פון דער פּוילישער פאָלקס־אַרמיי טרעט ער גלייך אַריין אין אירע רייען אַלס פריייוויליקער און באַטייליקט זיך אין אַ רייע קאַמפן קעגן דער נאַצישער אַרמיי.

אין דער באַרימטער שלאַכט נעבן לענינאָ קומט ער אום אויפן שלאַכט־פעלד פון אַ נאַצישער קויל.

**גוטשע האָפּמאַן:** געקומען איז זי צו דער באַוועגונג פון אַ בירגערלעכער היים, ווו זי האָט באַקומען אַ יידיש טראַדיציאָנעלע

דערציאונג און זיך מיט גאַנצן יוגנטלעכן ברען אַריינגעוואָרפן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

זי איז יאָרן־לאַנג אָפּגעזעסן אין די פּוילישע תפיסות, אָבער שטענדיק איז זי געווען גרייט צו נייע לייסטונגען. האָבנדיק מיטלשול־בילדונג, האָט גוטשע זיך אויך אַקטיוו פאַרנומען מיט דער דערציאונגס־אַרבעט צווישן די אַרבעטער און פּויערים.

נאָכן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה וואַנדערט זי אַוועק אין ראַטנפאַרבאַנד און ביים היינטיקן טאָג איז זי פּאַקטיש די איינציקע בעלכאַטאָווער אַקטיוויסטין, וואָס האָט דערלעבט די באַפרייאונג פון פּוילן, וווהין זי האָט זיך גלייך אומגעקערט און וווּ זי איז ווייטער אַקטיוו פאַר דער פולשטענדיקער דערפילונג פון אירע אידעאַלן.

## די קינדער־גרופּן „פּיאָנער“

נישט־געקוקט דערויף, וואָס די לינקע ריכטונג האָט אין דעם פאַר־מלחמהדיקן פּוילן געהאַט זייער באַגרענעצטע מעגלעכקייטן פאַר מאַסן־אַרבעט, האָט זי דאָך — ווי יעדע מאַסן־באַוועגונג געלייגט פיל אַכט אויף דער דערציאונג פון דער יוגנט.

באַלד נאָך דער שאַפונג פון „קאָמבונד“ האָט די לינקע ריכטונג געשלאָגן טיפע וואָרצלען צווישן דער יוגנט. עס איז כאַראַקטעריסטיש אונטערצושטרייכן, אַז אַ דאַנק די ספּעציפישע באַדינגונגען אין דער פּאַרטיי, צי דאָס איז געווען נאָך די גרויסע אַרעסטן אָדער צוליב די חלוקי־דעות אין דער באַוועגונג (נאָכן יאָר 1925), איז אָפט מאָל די גאַנצע אַרבעט געפאַלן אויף דער יוגנט. און מען מוז צוגעבן, אַז שטענדיק האָבן די בעלכאַטאָווער אַרבעטער און פאָלקס־קינדער אויסגעטראָגן מיט פיל פאַרשטענדעניש אַלע זייַ אָנפאַרטרויטע אויפגאַבן.

עס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז אויף צו ווערבירן מיטגלידער פאַר דער קינדער־גרופּע „פּיאָנער“ האָט מען זיך אָנגעטראָפן אויף פיל שוועריקייטן. די דאָזיקע שוועריקייטן זענען קודם געקומען צוליב דער אומלעגאַלקייט, אין וועלכער דער לינקער באַוועגונג איז אויסגעקומען צו פירן איר טעטיקייט און ממילא אויך צוליב פעלן פון אַ לאָקאַל, אין וועלכן דער יוגנטלעכער זאָל קאָנען פאַרברענגען און זיך גייסטיק אויסלעבן. די פּראָגרעסיווע באַוועגונג האָט נישט געקאָנט געבן דעם קינד דאָס אַלץ, וואָס אַנדערע, לעגאַלע פּאַרטייען האָבן יאָ געהאַט אַ מעגלעכקייט צו געבן.

דערפאר איז אָבער די לינקע באוועגונג געשטאַנען העכער, וואָס זי האָט איינגעפלאַנצט אין דעם קינד אַ קלאָרן קוק אויפן לעבן.

די קאַנדידאַטן אויף פּיאָנערן האָבן זיך איבערהויפּט ווערבירט צווישן די קינדער פון דער בעלכאַטאָווער אָרעמקייט: קינדער אין עלטער פון 11, 12 און 13 יאָר. צוליב ספּעציעלע באַדינגונגען האָט יעדער פּיאָנער געקאָנט בלויז די מיטגלידער פון זיין גרופּע.

קודם־כּל האָט יעדער קאַנדידאַט געמוזט מיטמאַכן אַ געניטעם קורס, אין וועלכן עס זענען אים אויפגעקלערט געוואָרן די עלעמענטאַרע אויפגאַבן פון יעדן באַטייליקטן אין דער באוועגונג, ווי דאָס איז דיסציפּלין און קאָנספּיראַציע. די אַרבעט פון לערנען אָט די פונדאַמענטאַלע פּרינציפּן האָבן גענומען אויף זיך עטלעכע עלטערע חברים, וועלכע זענען גלייכצייטיק געווען די פאַרבינדלער צווישן פּיאָנער און יוגנט. אין יאָר 1932 האָבן די דאָזיקע מיסיע אויסגעפירט: הילער בעלכאַטאָווסקי, שבתאי־יחיאל מאָשקאָוויטש, מרדכי הובערמאַן און חיה־צביה פאַרבער.

אַ חוץ די דאָזיקע אויפגאַבן, האָבן אונדזערע עלטערע חברים געלייגט אַ סך אַכט אויף דער פּאָליטישער דערציאונג פון קינד, דיסקוטירנדיק מיט אים די אַקטועלע דאַן געשעענישן און אויך לערנענדיק די געשיכטע פון דער אַרבעטער־באוועגונג.

די לינקע באוועגונג האָט פולשטענדיק פאַרשטאַנען, אַז יעדער „פּיאָנער" מוז זיין גוט צוגעגרייט, סיי פּאָליטיש סיי גייסטיק, בכדי צו קאָנען מוטיק פאַרטיידיקן זיין פּאָזיציע אַזוי, ווען עס איז נויטיק, זיך נישט צו וואַקלען אויך און זיין גרייט צו געבן קרבנות. נישט לייכט איז אָנגעקומען די דאָזיקע אַרבעט, ווייל מען דאַרף נעמען אין באַטראַכט, אַז די פּיאָנערן האָבן זיך געמוזט שטאַרק היטן, אַז מען זאָל אפילו אין שטוב נישט חושד זיין, אַז דאָס קינד פאַרנעמט זיך מיט פּאָליטישער טעטיקייט. פיל קינדער האָבן דאָך געשטאַמט פון חסידישע שטובן, ווו דער מינדעסטער חשד האָט ממש געקאָנט ברענגען צו טראַגישע פאָלגן פאַר די עלטערן און פאַר די קינדער גופא.

גאָר אַ גרויס פּראָבלעם איז געווען דאָס איינאָרדענען די צוזאַמענקונפטן, ווייל — ווי געזאָגט — האָט די פּראָגרעסיווע באוועגונג נישט פאַרמאָגט קיין לאָקאַל. מען האָט אפילו נישט געקאָנט באַקומען קיין צימער, ווו די קינדער זאָלן זיך פאַרזאַמלען. דעריבער איז אויסגעקומען צו

פירן די אַרבעט ס'רוב אין די זומער־חדשים אין וואַלד און אויף די פעל־
דער און אַפילו ווינטער, אין די גרויסע פרעסט און שנייען האָט מען זיך
פון צייט־צו־צייט געמוזט צונויפקומען אין וואַלד. זייער אָפט האָט מען
אָפּגעהאַלטן באַראַטונגען שפּאַצירנדיק אין גאַס.

אין יאָר 1933 האָט זיך די קינדער־אָרגאַניזאַציע „פּיאָנער" שטאַרק
אָנגעזען צווישן אַלע אַנדערע קינדער־גרופּן אין בעלכאַטאָוו. עס זענען דאַן
צו דער באַוועגונג צוגעקומען אַ גאַנצע רייע אַקטיוויסטן, יינגלעך און מייד־
לעך, צווישן וועלכע מען דאַרף ספּעציעל דערמאָנען פּעסע קויפמאַן, הינדע
שמולעוויטש, מענדל קויפמאַן, מאיר באַראַכאָוויטש, זיסקע עקשטיין, מענדל
פּיגולאַ, משה מאַכאַבאַנסקי, שלום מאַכאַבאַנסקי, פריידל בעלכאַטאָווסקי,
אפרים לאָזער מאַכאַבאַנסקי א"אַ.

די אויפגאַבע פון „פּיאָנער" איז נישט געווען בלויז צו דערציען פּאָ־
ליטיש צוקונפטיקע אַקטיוויסטן, נאָר עס האָט צו זיינע אויפגאַבן אויך גע־
הערט דאָס סטימולירן צו לייענען ביכער פון אונדזערע קלאַסיקער און בכלל
ווערק פון דער יידישער און וועלט־ליטעראַטור, וועלכע זענען שפּעטער דיס־
קוטירט און קאָמענטירט געוואָרן בעת די צוזאַמענקונפטן. צו דעם צוועק
האָט די באַוועגונג געשטעלט אין רשות פון די קינדער די אַזוי־גערופענע
„פּיאָנערן־ביבליאָטעק", וואָס האָט באמת אַ סך אויפגעטון פאַר דער דער־
ציאונג פון דעם אַרבעטער־קינד סיי אַלס פּאָליטיש קאָנסעקווענטן טוער, סיי
אויך אַלס באַוווסטזיניקן ייד און מענטש.

ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן פלעגן צו די שמועסן אויך קומען עלטע־
רע חברים, וועלכע פלעגן רעפערירן און דיסקוטירן מיט די פּיאָנערן וועגן
אַקטועלע פּאָליטישע פּראָבלעמען. ספּעציעל געדענק איך די חברים יעקב
צינגלער און יעקב־לייזער דאָבזשינסקי.

וואָס זענען געווען די אויפגאַבן פון „פּיאָנער".

עס דאַרף גענומען ווערן אין אַכט, אַז אין דעם פאַרמלחמהדיקן פּוילן
האָט זיך כמעט קיין שום יוגנטלעכער נישט געפונען מחוץ דעם איינפלוס
פון וועלכער ס'איז פּאָליטישער באַוועגונג, אַזוי אַז עס איז כמעט שטענדיק
אויסגעקומען צו דיסקוטירן און נעמען שטעלונג צו לאָקאַלע און אַלגעמיין
פּאָליטישע פּראָבלעמען. יעדער פּיאָנער איז געווען פאַרפליכטעט פריי אַרויס־
צוברענגען, אין אַזעלכע פאַלן, דעם שטאַנד־פּונקט פון דער פּאַרטיי. אויך
האָבן די פּיאָנערן אָנטייל גענומען אין פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע פאַר־

זאַמלונגען, פאַרלעזונגען און מיטינגען. אַלס אילוסטראַציע איז כדאי צו דער־מאָנען די גרויסע אַקציע, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין פוילן אין יאָר 1936 קעגן איינפירן דעם „נומערוס קלאַוזוס"־געזעץ אין די פוילישע הויכשולן. ווען עס זענען, נישט געקוקט אויפן פּאָליציייאישן פאַרבאָט, באַשטימט געוואָרן פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען און מאַניפעסטאַציעס פון כמעט אַלע פּאָליטישע ריכטונגען אויף דער יידישער גאַס, האָט אויך אין בעלכאַטאָוו די פּראָטעסט־באַוועגונג אָנגענומען אַ גאַר גרויסן פאַרנעם. אַ טאָג פאַר דער פּראָטעסט־אַקציע האָט דער „פּיאָנער" צוזאַמען מיטן „סקיף" צונויפגערופן כמעט אַלע יידישע שול־קינדער און זיי אויפגעקלערט די באַדייטונג פון „נומערוס קלאַוזוס" און די שטעלונג וואָס מען דאַרף אָננעמען. די קינדער זענען פאַרזאַמלט געוואָרן אויפן הויף פון מאיר בער שוואַרצבערג. עס האָבן גערעדט איין פאַרשטייער פון „פּיאָנער" און איין פאַרשטייער פון „סקיף". עס זענען אויך אַנוועזנט געווען יעקב־לייזער דאַבזשינסקי אַלס פאַרשטייער פון דער לינקער פאַרטיי און מענדל־לייב גליקסמאַן אַלס פאַרשטייער פון „בונד". דעם צווייטן טאָג זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן פּיקעטן פאַר די שולן און קיינער פון די קינדער איז נישט צוגעלאָזט געוואָרן אין שול־אַריין. מיר איז דעמאָלט אויסגעקומען צו שטיין מיט לייבל גאָלדמינץ פון „סקיף" און מענדל קויפמאַן פון „פּיאָנער". דאָס איז געווען איינע פון די שענסטע אַקציעס, אין וועלכע די בעלכאַטאָווער יוגנט איז געווען אַקטיוו פאַרטרעטן, אַרויסווייזנדיק דעם אַנטשיידענעם ווילן צו קעמפן קעגן אַנטיסעמיטיזם און רעאַקציע, וואָס האָט דאַן געבושעוועט אין פוילן.

עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן, אַז ווען פוילן איז נאָך די קריזיס־יאָרן פון 1930 אַרומגעכאַפּט געוואָרן מיט אַ כוואַליע פון שטרייקן, דורכפירנדיק די דאַן־באַרימטע אָקופּאַציע־שטרייקן אין די פאַבריקן, האָבן אויך אונדזערע קינדער גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דעם קאַמף. מען פלעגט די פּיאָ־נערן אויסנוצן, אַז זיי זאָלן אַריינוואַרפן אין די אָקופּירטע פאַבריקן פּעקלעך מיט שפּייז פאַר די שטרייקנדיקע אַרבעטער, וואָס האָבן זיך געפונען אין פאַבריקן און וועלכע זענען געווען אַרומגערינגלט דורך פּאָליציי. נישט איינער פון די קינדער האָט באַקומען שטאַרק געשלאָגן פון דער פּאָליציי, אָבער דאָס האָט זיי נישט אָפּגעהאַלטן דורכצופירן זייער אויפגאַבע.

די קינדער פון „פּיאָנער" האָבן אויך געהאַט די אויפגאַבע צו איבער־צייגן זייערע שול־חברים נישט צו קומען לערנען דעם ערשטן מאַי און

הגם דער דירעקטאָר האָט געדראָט מיט סאַנקציעס, פלעגט יעדן ערשטן מאַי פעלן אין דער שולע א באַדייטנדיקע צאָל קינדער.

****

דאָס וואָס איך האָב פריער געשילדערט זענען נישט מער ווי אייניקע בילדלעך און עפּיזאָדן דערפון, וואָס עס איז פאַקטיש געווען דער „פּיאָנער" אין בעלכאַטאָוו. אָן ארבעט, וואָס איז שטענדיק געווען פאַרבונדן מיט קרבנות־גרייטקייט און וואָס איז באַקעמפט געוואָרן דורך דער פוילישער רעאַקציאָנערער מאַכט. און דאָך האָבן די קינדער פון דער ארבעטערשאַפט אָן שום מורא זיך קעגנשטעלט די געפאַרן פון פוילישן פאַשיזם.

די פּיאָנערן האָבן באַוווסטזיניק געצויגן דעם פאָדעם פון פרעכטיקן המשך, דעם המשך, וואָס ציט זיך פון הירש לעקערט און נפתלי באָטווין.

ליב פודלאָווסקי

# אונטער דער נאַצי אָקופּאַציע

די מאַרטירלאָגיע פון די בעלכאַטאָווער יידן האָט זיך אָנגעהויבן גלייך פון ערשטן טאָג פון אויסברוך פון דער מלחמה. בעלכאַטאָוו, וואָס האָט זיך געפונען 50 קילאָמעטער פון דער פאַר מלחמהדיקער דייטשער גרענעץ, האָט גלייך אויף זיך דערפילט אַלע גרוילן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. שוין אין צווייטן טאָג פון דער מלחמה, שבת אינדערפרי, הויבן אָן אָנצוקומען פּליטים, נאַקעט און באָרוועס, פון ווילון און פון אַנדערע שטעטלעך פון גרענעץ־פּאַס. זיי זענען אַנטלאָפן פון זייערע ברענענדיקע היימען, וואָס זענען באָמבאַרדירט געוואָרן פון די דייטשישע עראָפּלאַנען און אַרטילעריע. די פּליטים האָבן זיך באַזעצט אין די שולן און אין בית־המדרש, ביי באַקאַנטע און ווער עס האָט קיינעם נישט געהאַט, אויף די לאָנקעס און אין די סעדער. דעם גאַנצן שבתדיקן טאָג זענען די בעלכאַטאָווער יידן געווען פאַרנומען מיט באַזאָרגן עסן פאַר די פּליטים און איינאָרדענען זיי, אָבער שוין אין דעם זעלבן אויפדערנאַכט האָבן די בעלכאַטאָווער יידן צוזאַמען מיט די צוגעקומענע פּליטים פון ווילון, ווידאַווע, סטערצאָוו און אַנדערע ישובים געמוזט פאַרלאָזן זייערע היימען און איבערלאָזן זייער מי און פאַרצע אויף הפקר, ווייל ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די דייטשן האָבן אַדורכגעריסן די פּוילישע באַפעסטיקונגס־ליניע ביי דער וואַרטע און ווידאַווע. אַלץ איז געלאָפן אין דער ריכטונג פון לאָדזש. עס זענען געלאָפן יונג און אַלט, יידן און פּאָליאַקן. די פּויערים האָבן אַלץ, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט אַרויפגעלייגט אויף די וועגענער, זיי האָבן מיטגענומען זייערע קי און אַנדערע בהמות. די יידן האָבן געטראָגן פּעק אויף די פּלייצעס, אַ סך האָבן זייער האָב און גוטס געפירט אויף קינדער וועגעלעך. אויפן וועג האָט מען אַ סך זאַכן אַוועקגעוואָרפן, ווייל מען איז נישט געווען בכוח צו שלעפן אויף זיך די אַלע פּעק צוליב די גרויסע היצן לויפנדיק צו פוס ביז לאָדזש. דער גאַנצער

שאָסיי פון בעלכאַטאָוו ביז פּאַביאַניץ איז געווען געפּאַקט מיט מענטשן און מיט אָפּטרעטנדיקן פּוילישן מיליטער. פון דער לופטן האָבן די דייטשן באַוואָרפן די אַנטלויפנדיקע מיט באָמבעס. עס איז אַנטשטאַנען אַ מהומה, איינער האָט דעם צווייטן אין וועג פאַרלוירן.

אַ סך זענען אומגעקומען פון די באָמבע־שפּליטערס. אַזוי איז פון אַ שפּליטער פון אַ באָמבע געטראָפן געוואָרן חיים זענדל, וועלוול פּערסטעטרס איידעם. ווען די בעלכאַטאָווער יידן האָבן זיך אויפן פערטן טאָג דערשלעפּט קיין לאָדזש, האָבן זיי ערשט דאָ געטראָפן דאָס זעלבע בילד, וואָס זיי האָבן מיט אַ פּאָר טעג צוריק געהאַט ביי זיך, אין דער היים. אויך לאָדזש האָט געהאַלטן ביי עוואַקואירן זיך. אויך דאָ זענען אַלע וועגן, וואָס האָבן געפירט ווייטער, קיין וואַרשע, געווען פאַרשטאָפּט מיט מענטשן. די גרעסטע טייל פון די בעלכאַטאָווער יידן האָבן שוין נישט געהאַט קיין כוחות צו שלעפּן זיך ווייטער, קיין וואַרשע. נאָר אַ קליינע צאָל, אַן ערך 50 יונגע מענטשן האָבן זיך אַדורכגעשלאָגן ביז וואַרשע און האָבן אָנטייל גענומען אין דער העלדישער פאַרטיידיקונג פון דער הויפּטשטאָט. ביי דער פאַרטיידיקונג פון וואַרשע איז אומגעקומען יאַנקל אַלטמאַן און עטלעכע בעלכאַטאָווער זענען פאַרוואונדערט געוואָרן. אַן ערך 500 בעל־כאַטאָווער האָבן זיך אַרויסגעריסן און אַנטלאָפן אויף דער סאָוויעטישער זייט.

***

אויפן זעקסטן טאָג פון דער מלחמה האָבן די דייטשע חילות פאַר־נומען בעלכאַטאָוו.

פאַרן אריינמאַרשירן האָבן זיי אונטערגעצונדן אַ טייל שטאָט, ספּע־ציעל די יידישע טייל. זיי האָבן דאָס געטון אויסשליסלעך כדי צו טרעפן די יידישע באַפעלקערונג, קיין שום סטראַטעגישע טעמים זענען דאָ נישט געווען, ווייל אין בעלכאַטאָוו איז נישט געווען קיין קאַמפּס־פּונקט און קיין פּויליש מיליטער איז דאָ אויך נישט געווען.

ווי עס גיבן איבער די איינצעלנע יידן, וועלכע זענען דעמאָלט גע־בליבן אין בעלכאַטאָוו, ווען די דייטשן זענען אַהין אריינגעקומען, איז אויפן פינפטן טאָג פון מלחמה־אויסברוך, דעם דייטשן בעקערס זון, אַרטעק לעבעלט, געלעגן אויף דער לאַנקע, וואָס פירט צום סטערצעווער וועג און פון דאָרטן געגעבן סיגנאַלן צום דייטשישן מיליטער. און באַלד

ווי ער האָט דאָס געטון, האָבן די דייטשן אָנגעהויבן וואַרפן צינד־באָמבעס אויפן יידישן טייל פון שטאָט און מען האָט שפּעטער גע־רעדט, אַז דאָס איז ספּעציעל אָרגאַניזירט געוואָרן דורך די אָרטיקע דייטש;, איבעריקנס איז אין פאַרגלייך דערמיט, וואָס זיי האָבן אָפּ־געטון שפּעטער דאָס דאָזיקע שטיקל אַרבעט געווען אַ קינדער־שפּיל. די שראַפּנעלן זענען געפאַלן אַזוי אויסגערעכנט, אַז אַלע יידישע הייזער אין אַלטן מאַרק און אויף פאַביאַניצער גאַס, וואָס האָבן געגרענעצט מיט וואַלענבערגס הויז, זענען פאַרברענט געוואָרן און נאָר וואַלענבערגס הויז איז גאַנץ געבליבן. עס האָט אָפּגעברענט כמעט דער גאַנצער אַלט־מאַרק, פון פערסטער פאַבריק ביזן פּייערלעשער־זאַל.פון איין זייט, און פון פאַקטאָרס הויז, ביז וואַלענבערגס הויז אויף דער פאַביאַניצער גאַס, פון דער צווייטער זייט. עס זענען בלויז אַרויס גאַנץ עטלעכע הייזער אויף דער זייט פון גערער שטיבל. אין די דייטשע דאָקומענטן געפינט זיך אַ רשימה פון 123 יידישע משפחות*), וואָס זייערע וווינונגען און פאַרמעגנס זענען פאַרברענט געוואָרן אין די ערשטע טעג פון מלחמה־אויסברוך.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָבן זיך פיל בעלכאַטאָווער יידן, וועלכע זענען געווען נישט ווייט, צוריקגעקערט אין זייער היים־שטעטל.

אויפן וועג אהיים זענען זיי געווען אויסגעשטעלט אויף פאַרשידענע צרות מצד דעם אַדורכמאַרשירנדיקן דייטשישן מיליטער: מען האָט פון זיי אַראָפּגעצויגן די בעסטע בגדים, זיי אָפּגעשוירן די בערד און דערביי מוראדיק צעקאַליעטשעט די פּנימער. מען האָט זיי געשלעפּט צו די שווער־סטע אַרבעטן. זיי האָבן געמוזט באַגראָבן די מענטשן און פערד, וועלכע זענען געלעגן אויפן וועג דערהרגעטע. מען האָט נישט געזשאַלעוועט קיין קלעפּ. אויפן וועג אהיים איז דורך די דייטשן פאַרפּייניקט געוואָרן מאיר פראַנים. און אין דער היים ערשט האָבן די צוריקגעקומענע גע־טראָפן פאַרברענטע הייזער און ווו עס איז נישט געווען פאַרברענט, זענען געווען אויסראַבירטע וווינונגען. דאָס אויסראַבירן די יידישע וווינונגען האָבן אַדורכגעפירט די אָרטיקע דייטשן אויף אַן אומפאַרשעמטן אופן. זיי האָבן נישט געהאַט קיין געדולד צו וואַרטן ביז די היטלעריסטישע געזעצן וועלן זיי דאָס דערמעגלעכן. גערויבט האָט מען אַלץ וואָס עס האָט זיך געלאָזט: מעבל, מאַנופאַקטור סחורות,וועב־שטולן פון האַנט

---

*) די רשימה געפינט זיך אויף דער זייט 479.

און קראַפּט, ניי־מאַשינען, זאַכן פון שטוב געברויך. זיי האָבן ארויסגע־נומען די קעטן פון די פאַבריקן.

אין אַ דייטשישן דאָקומענט פון די ערשטע טעג פון דער דייטשישער אָקופּאַציע געפינט זיך אַ כאַראַקטעריסטישער בריוו־אויסטויש צווישן דעם בירגערמייסטער מיט דעם קאָמיסאַר וועגן דעם פאַרמעגן פון זלמן מאַר־קאָוויטש, וואָס געפינט זיך אין פאַבריק־לאָקאַל פון עפּשטיין. אין דעם דאָקומענט קומט בולט צום אויסדרוק די רייסערייען צווישן די דייטשן גופא, ווער עס האָט מער רעכט צו פאַרכאַפּן דאָס יידישע פאַרמעגן.

דער פאַקט שטעלט זיך אַזוי פאַר: אַ געוויסער בעלכאַטאָווער פאָלקס־דייטש מיטן נאָמען הערמעל האָט צוגענומען די קעטן, וועלכע האָבן גע־הערט צו זלמן מאַרקאָוויטש. קעגן דעם האָט פּראָטעסטירט דער קאָמיסאַר פון דער פירמע מאַרקאָוויטש, וועלכער האָט זיך געהאַלטן פאַרן געזעצ־לעכן יורש פון זלמן מאַרקאָוויטשעס פאַרמעגן. דאָס אינטערעסאַנטע פון דעם בריוו־אויסטויש איז דאָס, וואָס דער בירגערמייסטער פאַרענטפערט זיך הלמאי מען האָט פאַרקויפן דעם גאַרן אַזוי שנעל, ווייל, ווערט דער־קלערט, עס האָבן זיך געקאָנט דערוויסן די אָרטיקע פּאָליאַקן, וואָס וואָלטן, לויט זיין מיינונג, אויך געהאַט חשק אויף דער סחורה און צו דעם, ווי ער שרייבט, האָט ער נישט געוואָלט דערלאָזן. דער גאַרן איז פאַרקויפט געוואָרן צו 9 מאַרק אַ קילאָגראַם און דאָס געלט האָט קאָנ־פיסקירט די שטאָט־פאַרוואַלטונג.

אין פאַרלויף פון אייניקע טעג זענען אַלע בעלכאַטאָווער יידן פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ מחנה בעטלערס.

***

אין משך פון די עטלעכע מלחמה־חדשים, ביז 1940, איז די בעל־כאַטאָווער יידן אויסגעקומען אויסצושטיין אַלערליי פּייניקונגען און צרות מצד פאַרשידענע דייטשישע מיליטערישע פאָרמאַציעס. יעדער דייטשער פעלדפעבל האָט געהאַלטן פאַר זיין חוב פאַרצושטעלן פאַר זיינע סאָלדאַטן די יידן אַלס שולדיקע אין אַלעם, אַלס קריגס־פאַרברע־כער און די סאָלדאַטן האָבן שוין אַליין געוווסט וואָס צו טון, זיי זענען שוין געווען גוט איינגעאיבט. באַלד ווי די דייטשן זענען אריינגעקומען האָבן די סאָלדאַטן זיך געלאָזט נאָכיאָגן נאָך די יידן. זיי האָבן געכאַפּט זרח צימבערקנאָפּ און האָבן אים אַזוי לאַנג געפּייניקט, ביז מען האָט

אים אַ האַלב טויטן אַהיימגעבראַכט. דעם גרייז־גרויען שוחט האָבן זיי אָפּגעשניטן די באָרד. זיי האָבן געכאַפּט יידן אין גאַס און זיי אויס־געשוירן האָקן־קרייצן אויף די קעפּ. מען האָט געצוווּנגען די יידן אויפ־צוקלויבן מיט די הענט דאָס מיסט פון די פערד, אין די ערטער ווו עס איז אַדורכגעגאַנגען דאָס דייטשע מיליטער; מען האָט מיט אַלטע יידן געמאַכט פאַרשידענע גימנאַסטישע איבונגען. מען האָט שוין פון אָנ־הויב אָן געטון אַלצדינג מען זאָל די יידן צעברעכן פיזיש און גייסטיק. די דייטשן האָבן גענומען יאַנקל אָסטראָווסקין און אים אַרויפגעזעצט אויף אַ טאַפּטשאַן. אַ גרופּע יידן האָבן געמוזט דעם טאַפּטשאַן טראָגן אויף די פּלייצעס. אַ צווייטע גרופּע יידן האָבן געמוזט נאָכגיין אין אַ פּראָצעסיע און פּויקן און קלאַפּן אין טאַצן און אין בעקנס און שרייען: אַז „מיר יידן זענען די שולדיקע אין קריג און אַז „מאָזעס" זאָל אונדז קומען העלפן"... אַזוי האָט מען געמוזט טראָגן איבער דער גאַנצער שטאָט און נאָכדעם, ווי די פּראָצעסיע האָט שוין אַדורכדעפילירט איבער אַלע גאַסן האָט דער דייטש, וועלכער האָט מיט דעם ספּעקטאַקל אָנגעפירט באַפוילן, אַז מען זאָל דעם קרבן פון דעם טאַפּטשאַן אַראָפּוואַרפן. אַזעלכע בילדער האָבן זיך איבערגעחזרט אַ פּאָר מאָל איבערן טאָג. זיי האָבן, אַ שטייגער, אַדורכגעפירט אַזאַ מין שפּיל: אין יום־כּפּור (ווען יום־כּפּורדיקן טאָג וועט נאָך זיין די רייד שפּעטער) האָבן זיי אַרויסגעפירט שלמה יאַקובאָוויטש, אים אַרויפגעזעצט אויף אַ לייטער אָנגעטון אין טלית און תּפילין. יידן האָבן געדאַרפט טראָגן די לייטער. אויך אַלע די, וועלכע האָבן גע־טראָגן די לייטער האָבן געדאַרפט זיין אין טלית און תּפילין, זיי האָבן געמוזט דאַווענען און מאַכן דערביי פאַרשידענע העוויות, זינגען הויך אויף אַ קול. די דייטשן האָבן די דאָזיקע סצענעס אָפּפאָטאָגראַפירט און אַהיים געשיקט אין „רייך" צו באַווייזן, וואָס פאַר אַ ווילד פאָלק עס זענען די יידן. און ווען די יידן זענען שוין געווען גוט מיד פון טראָגן די לייטער האָט דער דייטש באַפוילן דעם ייד פון דער לייטער אַראָפּצוּוואַרפן. אַזעל־כע קרבנות זענען נאָכן „ספּעקטאַקל" געבליבן קאַליקעס.

די בעלכאַטאָווער יידן האָבן געלעבט אין אַ פּאַנישן שרעק. זיי האָבן נישט געהאַט קיין רו נישט ביי טאָג, נישט ביי נאַכט. ביי טאָג האָט מען געכאַפּט אויף אַרבעט, ביי טאָג האָט מען געפּייניקט און ביי נאַכט האָט מען גערויבט. עס האָבן זיך געהאַלטן אין איין בייטן די מערדער־באַנדעס:

ווען עס איז סוף סעפּטעמבער אַוועק פון בעלכאַטאָוו די ס. ס. זענען גלייך נאָך זיי געקומען די געשטאַפּאָ, וואָס איז געווען נאָך ערגער פון די ערשטע. זיי האָבן אַרומגערינגלט די גאַנצע שטאָט, נישט אַדורכגעלאָזט קיין יידישע שטוב, געהייסן האָט עס, אַז זיי זוכן געווער. אין דער אמתן אָבער איז עס געווען אַ פּרישער רויב, זיי האָבן פאַרלאָדן אויף וועגענער אַלץ, וואָס עס איז זיי געקומען אונטער די הענט. פון קיך־געשיר ביז קינדערישע זאַכן. זיי האָבן גענומען וועש, טעלער, גלאָט קליידער. מיט זייער קומען האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע סעריע פון ראַפּי־נירטע פּייניגונגען איבער די יידן. פון די אַלע שרעקלעכע בעסטיאַלישע זאַכן וועל איך דאָ דערמאַנען נאָר איינציקע. זיי האָבן גענומען דעם קליי־נעם מרדכי־יוספס איידעם משה לעווי, אים צוגעבונדן צו אַ סלופּ מיט זיין אייגענעם גאַרטל און מוראדיק געשלאָגן. ער האָט נישט געטאָרט געבן אַפילו אַ פּינטל מיט אַן אויג, ווייל אַ צווייטער דייטש איז גע־שטאַנען איבער אים צוגעשטעלט מיט אַ באַגנעט צום בויך. ערשט ווען די דייטשן האָבן געמיינט אַז ער איז טויט, זענען זיי פון אים אַוועקגע־גאַנגען. מען האָט אים שפּעטער קוים אָפּגעמינטערט. דעם בעקער משה סטאַביעצקי האָבן זיי געצוווּנגען אַראָפּצושפּרינגען פון דאַך און זינגען די התקווה. יאַנקל קראַוויצקי האָבן זיי אַריינגעוואָרפן אין טייך און אים נעדראָט, אַז אויב ער וועט פּרווון אַרויסשווימען וועלן זיי אים דערשיסן.

אין די אַלע סאַדיסטישע אויפטוען האָבן אַ גרויסן אָנטייל גענו־מען די אָרטיקע דייטשן. ספּעציעל האָבן זיך אויסגעצייכנט די בעלכאַטאָ־ווער דייטשן ווילער און ברעטקרייץ, און דאַלקע פון זעלאָוו. ווילער איז געווען מייסטער אין שמולעוויטשעס פאַבריק. ער איז אַ גאַנצן טאָג אַרומ־געגאַנגען מיט אַ נאַהייקע אין די הענט און געשלאָגן מכוח רצח וואָס עס איז אים נעקומען אונטער די הענט: פרויען, קינדער, זקנים, אַלע זענען געווען גלייכע קרבנות. אַ באַזונדער „אויג" האָט ער געהאַט אויף חיים יאַנקל שימקעוויטש, יעדעס מאָל, ווען ער האָט אים געשלאָגן, האָט ער אים געפרעגט צי האַלט ער זיך נאָך אַלץ פאַר אַ „שטאַרקן?". „די דייטשן וועלן דיך שוין מאַכן פאַר אויס שטאַרקן". דאָס זעלבע איז געווען מיט יאַנקל מאַרייני און אַנדערע. די דייטשן האָבן געהאַלטן פאַר זייער פּאַ־טריאָטישן חוב אויפצוזוכן יעדן טאָג יידן און מכבד זיין זיי מיט קלעפּ.

***

אַ באַזונדער טראַגיש קאַפּיטל שטעלן מיט זיך פאַר די פּייניקונגען, וועלכע עס איז אויסגעקומען איבערצוטראָגן די יידן אין בעלכאַטאָוו אין די ימים־נוראים. נישט געקוקט דערויף וואָס עס איז געווען פאַרבאָטן זיך צוזאַמענצוקומען און צו דאַווענען און עס האָט געדראָט דערפאַר טויט־שטראָף, זענען די בעלכאַטאָווער יידן זיך דאָך אין די דאָזיקע טעג געהיימערהייט צוזאַמענגעקומען גרופּנווייז און געשמאַק געדאַוונט.

מיט צער און ווייטיק האָבן זיי זיך געמוזט צוקוקן, ווי די דייטשן האָבן פאַראומרייניקט דאָס בית־המדרש און די שול פאַרוואַנדלט אין אַ תפיסה פאַר יידן. די בעלכאַטאָווער יידן האָבן ריזיקירט מיטן לעבן און אַרויסגעגנבעט די ספרי־תורה פון דער שול, פון בית־המדרש און פון די חסידים־שטיבלעך, און זיי באַהאַלטן אין פאַרשידענע באַהעלטענישן. אַזוי איז באַקאַנט, אַז אין ראש־השנה 1939 האָבן די דייטשן געכאַפּט ביים דאַווענען אַ גרופּע יידן ביי משה זלמן קריזמאַן, מען האָט זיי אַרויס־געפירט אויף דער גאַס און מערדערלעך צעשלאָגן. די גאַנצע אַקציע פון פּייניקן די יידן, וועלכע איז אַדורכגעפירט געוואָרן אין די ימים־נוראים איז אויסגעפירט געוואָרן צוזאַמען מיט די אָרטיקע דייטשן און זשאַנ־דאַרמעריע. אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג פון היטלער יוגנט, וועלכע איז אַראָפּ־געקומען מיט אַ פּאָר טעג פריער, האָט זיך געלאָזט אין גייעג איבער די יידישע וווינונגען און אַלע אַרויסגעשלעפּט צו דער אַרבעט. נאָכדעם האָבן זיי געצוווּנגען די יידן צו פאַרנעמען דאָס טייערסטע, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט: די ספרים, און זיי צוזאַמענברענגען אויפן נייעם־מאַרק און פאַרברענען אויף אַ שייטער־הויפן. די יידן האָבן געמוזט מיט די אייגענע הענט פאַרברענען זייערע הייליקטימער. ביז איבער יום־כפור האָבן גע־ברענט די שייטער־הויפנס מיט יידישע ספרים. ספּעציעל האָבן זיך די דייטשן געגרייט צו יום־כפור. אין דעם טאָג האָבן זיי געשלאָגן אַלע רעקאָרדן פון פּייניקן און מאַטערן די יידן.

באַלד פון אינדערפרי אָן האָט מען אַרויסגעיאָגט די יידן פון זייערע שטובן און פאַריאָגט צו די שווערסטע און געמיינסטע אַרבעטן. אין די יידישע גאַסן האָבן זיך אָפּגעשפּילט שוידערלעכע סצענעס. אויפן נייעם מאַרק האָט שוין געברענט דאָס פייער און יעדעס מאָל ברענגט מען גרופּעס יידן מיט ספרי־תורהס און ספרים און מען צווינגט זיי אַריינ־צוואַרפן אין פייער אַריין; דערביי מוזן זיי זינגען און דאַווענען. און ווער עס האָט געוואָלט האָט געשלאָגן די יידן; 10־11 יעריקע דייטשלעך

האָבן געשלעפּט עלטערע יידן און געשלאָגן. משה זשאַרקאָווסקין האָט מען אַרויפגעזעצט אויף אַ מאַטראַץ און אַ גרופּע יידן האָבן אים געטראָגן, ער האָט געהאַלטן אַ ספר־תורה אין די הענט און ווען מען האָט אים צוגעבראַכט צום פייער האָט ער די ספר־תורה אַליין געמוזט אַריינוואַרפן אין שייטער־הויפן. פון דער פּאַביאַניצער גאַס האָט מען געטריבן יונה שווייגער און מענדל שטייער, אָנגעטון אין די טליתים און אין קיטלען, מיט ספרי־תורה אין די הענט. מען האָט זיי געכאַפּט ביים דאַווענען. זיי האָבן געמוזט שרייען: „דער פּאָטער אברהם האָט אונדז פאַרלאָזט״ פון אַ צווייט אָרט האָט מען געפירט חסידישע יידן: יאַנקל בער ליבערמאַן, לוזער שפּיגעלמאַן, משה סטאַביעצקי, דער אינהאַבער פון טאַרטאַק, אויך מיט ספרי־תורה אין די הענט. דייטשע שקצימלעך האָבן זיי באַוואָרפן מיט שטיינער און געצופּט ביי די בערד. שיע־פייוול יאַסקאָוויטשן האָבן זיי געצוווּנגען צו שאַרן דאָס פייער מיט די בלויזע הענט. אהרן האָט מען אים שוין געטראָגן מיט שווערע וווּנדן אויף די הענט און אַ פאַר־חלשטן. אַזעלכע סצענעס האָבן זיך אָפּגעשפּילט ביז אויף דער נאַכט.

**
*

דעם 15טן סעפּטעמבער 1939 איז דורך דער דייטשער מיליטערישער מאַכט באַשטימט געוואָרן אַלס בירגערמייסטער דער פּאַסטאָר געררהאַרדט און אַלס זיין פאַרטרעטער אָטאָ פריי, וועלכער איז אויך געווען פּאָלי־צײַ־קאָמענדאַנט. די ערשטע פאַראָרדענונג, וועלכע זיי האָבן אַרויסגע־געבן איז געווען, אַז יידן טאָרן נישט גיין אויף די טראָטואַרן. דעם 5טן נאָ־וועמבער 1939 האָבן די זעלבע ניי־באַשטימטע הערשער פאַראָרדנט, אַז יעדער ייד אין עלטער פון 10 יאָר אָן דאַרף טראָגן אַ ווייסע אָפּצייכע־נונג אויפן אַרבל; ווייטער, אַז יידן טאָרן נישט גיין אויף די גאַסן, זיי מעגן גיין איינער צום צווייטן פון 11 ביז 12 אַזייגער און אויך נישט דורך די גאַסן, נאָר הינטן־אַרום, דורך די פעלדער. יידן האָבן נישט געטאָרט קויפן עפּעס אויפן מאַרק. יידן איז פאַרבאָטן געוואָרן צו עסן אייער, פּוטער און פלייש. עס האָט פאַר זיי געמוזט גענוג זיין דאָס, וואָס עס איז צוגעטיילט געוואָרן פאַר די יידן דורך דער פאַרמיטלונג פונעם יידנראַט. נאָכדעם ווי מען האָט געטראָגן 3 וואָכן די ווייסע אָרעם־בענדער איז אַרויס אַ פאַראָרדנונג אָנצוטון די געלע לאַטע. אין נאָ־וועמבער איז אויך אַרויס אַ פאַראָרדנונג, לויט וועלכער עס איז פאַרבאָטן

געוואָרן יידן צו טראָגן בערד; יידן טאָרן נישט דאַווענען אין עפנטלעכע ערטער. דאָס יאָר 1939 איז פאַרענדיקט געוואָרן מיט א פאַראָרדנונג וועגן צוואַנגס־ארבעט. אין דעם אָפיציעלן דייטשן דאָקומענט פונעם 29סטן דעצעמבער 1939 פאָדערט אויף דער קרייז־הויפּטמאַן פון פּיעטריקאָוו (בעלכאַטאָוו איז נאָך דעמאָלט נישט געווען איינגעשלאָסן אין רייך) דעם בירגערמייסטער פון בעלכאַטאָוו, אז ער זאָל איינפירן ביי זיך אין שטאָט צוואַנגס־ארבעט פאַר יידן און אז ער זאָל אויפמערקזאַם מאַכן דעם יודענראַט, אז זיי זענען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער נישט פּינקטלעך־אויסגעפירטער פאַראָרדנונג, און וועגן יעדן פאַל פון נישט וועלן אויספירן די פאַראָרדנונג זאָל דער בירגערמייסטער ספּעציעל מעלדן דעם קרייז־הויפּטמאַן, וואָס עס האָט געהייסן „ספּעציעל מעלדן" איז זיך שוין געווען נישט שווער פאַרצושטעלן.

דעם 1טן יאַנואַר 1940 איז ארויס א פאַראָרדנונג פונעם שעף פון דער ס. ס.־פּאָליציי ביים גענעראַל גוווערנאַמענט פון די פאַרנומענע פּוילישע געביטן, פּולקאָווניק קריגער, אז די בעלכאַטאָווער יידן טאָרן נישט, אָן א ספּעציעלער דערלויבעניש, פאַרלאָזן זייערע ערטער, און אז פון 9 אזייגער אויף דער נאַכט ביז 5 אין דער פרי איז זיי פאַרבאָטן ארויסצוגיין פון זייערע שטיבער.

אָט דאָס איז דער טרויעריקער באַלאַנס, וועלכן די בעלכאַטאָווער יידן האָבן געהאַט צו פאַרשרייבן שוין אין די ערשטע פיר חדשים פון דער מלחמה.

***

די צאָל יידן אין בעלכאַטאָוו אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָט זיך געהאַלטן אין איין בייטן. בכלל האָבן די יידן אין די ערשטע חדשים פון דער מלחמה ביז עס זענען איינגעפירט געוואָרן די געטאָס געהאַלטן אין איין בייטן די ערטער, זיך איבערגעפירט פון אָרט צו אָרט. אין בעלכאַטאָוו זענען נאָך שפּעטער צוגעקומען ספּעציפישע אָרטיקע מאָמענטן, וואָס האָבן געהאָלפן פאַרשטאַרקן דעם וואַנדערונגס־פּראָצעס. דאָס האָט זיך דערקלערט דערמיט, וואָס בעלכאַטאָוו איז געלעגן אויף דער גרענעץ צווישן דעם אַזוי גערופענעם „גענעראַל גוווערנאַמענט" און דעם „וואַרטע־לאַנד", וואָס איז איינגעשלאָסן געוואָרן אין דייטשן רייך. אין די ערשטע 3 חדשים פונעם קריג האָט זיך די איינגעבוירענע

יידישע באַפעלקערונג פון בעלכאַטאָוו פאַרקלענערט מיט אַ טויזנט פּער־זאָן. אַ טייל פון זיי, ספּעציעל יונגע מענטשן, זענען אַנטלאָפן אין ראַטן־פאַרבאַנד; אַ טייל זענען אַנטלאָפן אין אַנדערע ריכטונגען. מען איז גע־לאָפן קיין פּיעטריקאָוו, קיין לאָדזש און אין אַנדערע שטעט, כאָטש אויך דאָרטן איז נישט געווען פיל בעסער. אייניקע האָבן געמוזט אַנטלויפן, ווייל ס'איז באַוווסט געוואָרן, אַז די דייטשע פּאָליציי זוכט זיי צוליב זייער פּאָליטישער טעטיקייט פון פאַר דער מלחמה. די אָרטיקע דייטשן האָבן שוין געהאַט צוגעגרייט, נאָך פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה, אַ רשימה פון די מענטשן, וועלכע מען האָט געדאַרפט לויט זייער איינזען אַרעסטירן. זלמן פּודלאָווסקיס פרוי, רחל, און זייער טאָכטער רבקה, האָבן די דייטשע זשאַנדאַרמען מוראַדיק צעשלאָגן. רחלען האָט מען אויסגעריסן די האָר, כדי זי זאָל אויסזאָגן ווו עס געפינט זיך איר מאַן, דער פירער פון בעלכאַטאָווער „בונד”.

ביים סוף פון 1939 הייבט זיך אָן די יידישע באַפעלקערונג אין בעלכאַטאָוו ווידער צו פאַרגרעסערן. עס קומען קיין בעלכאַטאָוו יידן פון לאָדזש. עס האָט זיי שוין פון דאָרט געטריבן דער הונגער. זיי האָבן געמיינט, אַז אין די קלענערע ישובים וועט זיין לייכטער איבערצוקו־מען די מלחמה. עס קומען יידן צו זייערע קרובים, עס קומען יידן פון פּאַביאַניץ און פון זעלאָוו. עס זענען צוגעקומען צו דער בעלכאַטאָווער יידישער באַפעלקערונג אַן ערך אַזוי פיל וויפל עס האָבן אַרויסגעוואַנ־דערט. מיטן איינפירן די געטאָס אין לאָדזש און אין פּאַביאַניץ, האָט זיך דער צוזאַנדערונגס פּראָצעס אָפּגעשטעלט. אין מערץ 1940 הויבט זיך ווידער אָן דער אַרויסוואַנדערונגס־פּראָצעס פון בעלכאַטאָווער יידן. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס אין מערץ 1940 איז בעלכאַטאָוו איינגעשלאָסן געוואָרן אין דייטשן רייך. בעלכאַטאָוו איז איינגעשלאָסן געוואָרן אין אַזוי גערופענעם וואַרטע־לאַנד.

בעלכאַטאָוו איז שוין געהאַט פריער איינגעשלאָסן געווען אין דעם אַזוי גערופענעם גענעראַל־גווערנאַמענט, אָבער די בעלכאַטאָווער דייטשן האָבן איינגעליינט וועלטן, אַז מען זאָל די שטאָט איינגלידערן אין דעם רייך. עס איז זיי נישט אָנגעשטאַנען צו געהערן צום גענעראַל־גווערנאַ־מענט, וואָס האָט מיט זיך אויסגעדריקט אין אַ געוויסער מאָס די פּוי־לישע מלוכה. זייערע באַמיאונגען זענען געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג: בעלכאַטאָוו איז טאַקע איינגעגלידערט געוואָרן אין רייך.

פאַקטיש איז די לאַגע פון די יידן אין גענעראַל־גוווערנאַמענט נישט געווען בעסער, ווי אין רייך, ס׳איז אָבער געווען אַ געוויסער אונטערשיד, ווייל אויך פּאָליאַקן האָבן דאָרטן קיין האַניק נישט געלעקט. אַ סך יידן האָבן געהאַט אילוזיעס, אַז זיי וועלן דאָרט קאָנען זייער לאַגע פאַרבע־סערן. געגנוי פעסטשטעלן וויפל יידן עס האָבן דעמאָלט ארויסגעוואַנדערט האָט זיך נישט געלאָזט, ווייל עס איז פון יענער צייט נישט פאַראַן קיין סטאַטיסטיש מאַטעריאַל. אָבער לויט דער מיינונג פון די לעבן־געבלי־בענע בעלכאַטאָווער יידן זאָל די צאָל די האָבן דערגרייכט פון 800 ביז 1.000 פּערזאָן. אַנטלאָפן איז מען קיין פּיעטריקאָוו וואָס ליגט אַמנענטסטן פון בעלכאַטאָוו. יידן האָבן ריזיקירט און געגנבעט די גרענעץ צווישן „רייך" און דעם גענעראַל־גוווערנאַמענט, מען האָט איינגעשטעלט דאָס לעבן און מען איז געלאָפן. אויב אָבער עס האָט זיך פאַרקלענערט די צאָל יידן און פּאָליאַקן אין בעלכאַטאָוו האָט זיך אויף זייער אָרט פאַרגרע־סערט די צאָל דייטשן. לויט דער סטאַטיסטיק ארויסגעגעבן דורך די דייטשן איז אין יאָר 1938 געווען אין בעלכאַטאָוו 1039 דייטשע איינוווינער, און שוין אין מאַי 1941 זענען געווען 1380 און מיט דריי חדשים שפּע־טער, אין אויגוסט 1941 איז זייער צאָל געווען 1.450. זיי זענען געקומען פון די חרובע שטעט פון רייך, וואָס זענען באָמבאַרדירט געוואָרן דורך די אַליאירטע, זיי זענען געקומען פון וואָלינער קאַנט און אויך פון די באַלטישע לענדער. מען האָט זיי צוגעטיילט די שענסטע וווינונגען. מען האָט צוגענומען די בעסטע יידישע געשעפטן פון די בעלכאַטאָווער דייטשן פאַר זיי.

לויט דער אָפיציעלער דייטשער סטאַטיסטיק זענען צום ערשטן יאַנואַר 1940 געווען אין בעלכאַטאָוו 5.560 יידן און שוין מיט אַ האַלב יאָר שפּע־טער: 5.050. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס מען האָט אָנגעהויבן ארויסצושיקן די יידן אין די פּויזנער לאַגערן און פון דעמאָלט אָן האַלט זיך די צאָל פון די יידן אין בעלכאַטאָוו אין איין פאַרקלענערן. די צאָל האָט זיך נישט פאַרגרעסערט אפילו דעמאָלט, ווען מען האָט קיין בעל־כאַטאָוו אריינגעשיקט די יידן פון קלעשטשעוו, גראָבאָליץ, לענקאָווע, דאָב־זשעלאָוו און אַנדערע ערטער. דאָס איז געווען אין 1941. קיין נאַטיר־לעכער צוּוואַקס איז, פאַרשטייט זיך, אויך נישט געווען.

אַזוי האָט אויסגעזען די יידישע באַפעלקערונג אין בעלכאַטאָוו אין 1941.

**
*

די היגיענישע און וווינונגס־באַדינגונגען ביי די בעלכאַטאָווער יידן זענען געווען שווערע: הגם אין בעלכאַטאָוו איז נישט איינגעפירט געוואָרן קיין אָפיציעלער געטאָ. עס איז געווען אַ יידן־קווארטאַל, אין וועלכן עס האָבן געוווינט אַן ערך 90 פּראָצענט פון די יידן. צום יידן־פערטל האָבן געהערט די גאַסן: פּאַביאַניצער, אַלטער־מארק, עוואַנגעליצקא, פּיעטרקאָווער און די אַלע הייזער, וואָס האָבן זיך געפונען הינטער דער שול. און כאָטש עס האָבן געוווינט אייניקע יידן אויך אין אַנדערע גאַסן, איז דער פאַרקער צווישן זיי געווען אַ באַגרענעצטער. דאָס וואָס די דייטשן האָבן אין בעלכאַטאָוו נישט איינגעפירט קיין געטאָ איז געווען דערפאַר, וואָס די דייטשן האָבן טעכניש נישט געקאָנט אריינשטופּן די קנאַפּע זעקס טויזנט יידן אויף איין אָרט און זיי אָפּצוימען, ווייל אַלע גאַסן אין בעלכאַטאָוו זענען געווען דורכפאָר גאַסן, וועלכע האָבן פאַראייניקט די באַזונדערע שטעט. מען האָט נישט געקאָנט אָפּשליסן קיין שאָסיי. אין דעם יידן קווארטאַל איז געווען אַ שרעקלעכע ענגעניש. מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז די מערהייט יידישע וווינונגען זענען אין אָנהויב קריג אָפּגעברענט געוואָרן, און נאָכדעם, נאָך די איינוואַנדערונגען האָט זיך ווי־דער די צאָל פון דער באַפעלקערונג פאַרגרעסערט אויף אַ טויזנט פּערזאָן. די דייטשן אַליין האָבן געמוזט צוגעבן, אַז די ענגשאַפט אין יידן־קווארטאַל איז אַ שרעקלעכע. אַלס באַווייז קאָן דינען פאָלגענדער דייטשער דאָקומענט:

דעם 24סטן נאָוועמבער 1941 ווענדט זיך דער לאַנדראַט פון לאַסק צום בעלכאַטאָווער בירגערמייסטער טראַהנער, אַז ער זאָל אין בעלכאַטאָוו מאַכן פּלאַץ פאַר 2.000 יידן, וואָס דאַרפן ארויסגעשיקט ווערן פון פּאַביאַניץ. דערויף האָט געענטפערט דער בירגערמייסטער, אַז עס איז אוממעגלעך אריינצונעמען נאָך יידן, ווייל צוליב דער ענגשאַפט דראָט שוין אַזוי אויך אַ טיפוס־עפּידעמיע. ער לייגט אים פאָר דריי אויסוועגן: 1) מען זאָל צום יידן־קווארטאַל צוגעבן אַ טייל פונעם נייעם־מארק, וואָס וואָלט געגעבן די מעגלעכקייט אריינצונעמען נאָך 1.500 יידן, איז אָבער אין דעם פּלאַן דאָ אַ געפאַר, אַז די שענסטע הייזער פון שטאָט זאָלן אריינפאַלן אין יידן קווארטאַל; 2) עס איז אויך מעגלעך צוצוגעבן צום יידן־קווארטאַל די סטערצעווער גאַס, דורך די לאָנקעס, איז אָבער דאָ אויך אַ געפאַר, אַז די יידן וועלן צו פיל קאָנען זיין פאַרבונדן

מיט דער אויסערלעכער וועלט, און דער דריטער אויסוועג איז, צו בויען באַראַקן פאַר די אָנגעקומענע אויפן שטח פונעם יידן־קוואַרטאַל.

א חוץ די אַזוי אויך שוין שווערע באַדינגונגען אין יידן־קוואַרטאַל פלעגן די דייטשן נאָך אַלעמאָל צונעמען די שענסטע יידישע וווינונגען פאַר די אָנגעקומענע דייטשן. די יידן האָבן געמוזט דערביי איבערלאָזן אַלצדינג, וואָס עס האָט זיך אין שטוב געפונען. דער יודענראַט האָט געדאַרפט באַזאָרגן די יידן, וואָס האָבן געמוזט פאַרלאָזן זייערע וווינונ־גען, מיט אַנדערע וווין־ערטער.

אין א דייטשן דאָקומענט, דאַטירט פון 4 אַפּריל 1940, פאָדערט אויף דער בעלכאַטאָווער בירגערמייסטער טראַהנער, אַז די יידן: דוד שמולעוויטש און שמעון אליעזר וואָלפאָוויטש, וועלכע וווינען אויף פּאַביאַ־ניצער גאַס, זאָלן אין משך פון דריי טעג פאַרלאָזן זייערע וווינונגען, וואָס זענען נויטיק פאַר דייטשע באַאַמטע. אין א צווייטן דאָקומענט, פון 10טן דעצעמבער 1940, ווערט דער יידן־ראַט אויפגעפאָדערט, אַז מאַטל געל־באַרט, וועלכער וווינט אויף פּאַביאַניצער גאַס 27, און זיין וווינונג באַ־שטייט פון א צימער מיט א קיך, זאָל די זעלבע באַלד באַפרייען פאַרן דייטש וואַלדעמאַר גוטקנעכט. עס איז קלאָר, אַז די היגיענישע באַדינ־גונגען ביי אַזאַ מין ענגשאַפט האָבן נישט געקאָנט זיין פון די בעסטע. דאָך האָבן די יידן זיך באַמיט אויך ביי די דאָזיקע באַדינגונגען צו האַלטן ריין זייערע שטובן אפילו די גאַסן אין יידישן קוואַרטאַל.

די יידישע באַפעלקערונג אין בעלכאַטאָוו, וועלכע האָט באַלד פון די ערשטע טעג פון דער מלחמה זיך אַזוי פיל אָנגעליטן, איז דאָך נישט געפאַלן ביי זיך, נישט פאַרלוירן דעם מוט. די בעסערע טייל פון דער באַפעלקערונג, און ספּעציעל די פּראָלעטאַרישע טייל, האָט אַלץ געטון כדי נישט צו דערלאָזן צו א גייסטיקן צוזאַמענברוך, אין וועלכן די דייטשן זענען געווען ספּעציעל פאַראינטערעסירט.

דאָס שפּרודלדיקע געזעלשאַפטלעכע לעבן איז טאַקע פאַרשווונדן פון דער אויבערפלאַך, אָבער עס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אונ־טערערדישער אַרבעט. אין דער אונטערערד האָבן עקזיסטירט כמעט אַלע געזעלשאַפטלעכע גרופּן ווי פאַרן קריג. די ערשטע אויפנאַבע פון די יידן, וועלכע האָבן זיך צוריקגעקערט באַלד נאָכן אָנהויב פון דער מלחמה פון זייער טראַגישער „נסיעה" איז געווען צו באַזאָרגן מיט א דאַך איבערן

קאָפּ און אַ בגד אַנצוטאָן פאַר די כמעט 300 אָפּגעברענטע משפּחות. עס בילדעט זיך באַלד אַ הילפס־קאָמיטעט, אין וועלכן עס גייען אַריין מענטשן, וועלכע האָבן שוין געהאַט אַ געזעלשאַפטלעכן סטאַזש פון פאַר דער מלחמה. אין דעם קאָמיטעט זענען אַריין: הענעך פּיגולאַ (שפּעטער אומגעקומען אין בעלמנאַ), ישכר פּשיבילסקי, לייזער לעווקאָוויטש („וויטלס" זון), דער לאָמער גאָלדבערשט (אַלע שפּעטער אומגעקומען אין בעלמנאַ). צום לויב פון די בעלכאַטאָווער יידן מוז געזאָגט ווערן, אַז זיי האָבן זיך וואַרעם אָנגערופן אויף דער ווענדונג פונעם הילפס־קאָמיטעט. מען האָט זיך געטיילט מיט וואָס מען האָט פאַרמאָגט און אַלע נשרפים זענען באַזאָרגט געוואָרן מיט ווינטערטער און מיט אַלעם נויטיקן. ווייטער האָבן די בעלכאַטאָווער יידן, נישט קוקנדיק אויף די שרעקלעכע באַדינגונגען, אין וועלכע זיי אַליין האָבן זיך געפונען, אָפּגעשפּאָרט דעם ביסן פונעם מויל און נאָך אַריינגעשיקט הילף קיין לאָדזש צו די קרובים, וועלכע זענען צו יענער צייט שוין דאָרט כמעט געשטאָרבן פון הונגער. טויזנטער מענטשן אַ חודש זענען שוין אין לאָדזש אומגעקומען פון הונגער. עס איז כאַראַקטעריסטיש דער בריוו־אויסטויש צווישן דעם בעלכאַטאָווער בירגערמייסטער מיטן לאַנדראַט פון לאַסק. פון דעם בריוו איז צו זען ווי די בעלכאַטאָווער יידן האָבן זיך באַמיט קומען צו הילף זייערע ליידנדיקע קרובים אין לאָדזש. אָט איז דער ווערטלעכער טעקסט פון דעם דאָקומענט מיט דער דאַטע פונעם 17טן מאַי:

בעלכאַטאָוו, דעם 17טן מאַי 1940

**דער בירגערמייסטער**

נר' 2303/40

צום
הער לאַנדראַט
פון לאַסקער קרייז
**אין פּאַביאַניץ**

**ענין:** אַן אויפפאַלנדיק צו גרויסע צאָל פון יידישע פּעקלעך ביים היגן פּאָסטאַמט.

**דער שעף פון בעלכאַטאָווער פּאָסטאַמט האָט מיר היינט מיטגעטיילט, אַז אין די לעצטע טעג, אין אַ כסדר וואַקסנדיקער מאָס, ווערן געשיקט יידישע פּעקלעך הויפּטזאַכלעך אַדרעסירט קיין ליצמאַנשטאַט (געמיינט לאָדזש. איבערזעצער).**

עס איז פאַראַן אַ שטאַרקער חשד, אַז די יידן שיקן אין די פּעקלעך קיין ליצמאַנשטאַט לעבנס־מיטל. מיר זענען (זשאַנדאַרם־פּאָסטן און איך) נישט בכוח צו קאָנטראָלירן די פּעקלעך וואָס ווערן צוגעשטעלט צו דער פּאָסט. די פּאָסט דערלויבט נאָר דאַן אַ קאָנטראָל ווען ס'איז פאַראַן אַ פאַראָרדנונג פון דער גע־היימער שטאַטס־פּאָליציי.

איך בעט, ווען דער הער לאַנדראַט האַלט פאַר נויטיק אַ קאָנטראָל, וועגן דעם ענין צו מעלדן דער געהיימער שטאַטס־פּאָליציי.

ווייטער ברענג איך צו קענטעניש, אַז די יידן ליפערן גרויסע סכומים קופּער־מטבעות (גראָשנס). דער ווערט פון גראָשן איז היינט גלייך אַ פעניג. אין דער דאָזיקער טראַנסאַקציע — גראָשן־גלייך פעניג, זעט דער ייד אַ גוט געשעפט און דערפאַר טוישט ער אויס זיינע קופּער־מטבעות, וואָס ער האָט באַהאַלטן ביז איצט.

ווען דער הער לאַנדראַט זאָל באַקומען פון דער געהיימער שטאַטס־פּאָליציי אַן אָנווייז צו קאָנען אין דעם זינען קאָנטראָלירן, בעט איך דאָס מיר מודיע צו זיין.

ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט דערלויב איך מיר צו רופן די אויפ־מערקזאַמקייט אַז ס'געפינט זיך אין גאַס אַ סך פאַלש־געלט פון 2 און 5 מאַרק, וואָס זענען אין אַ סך פאַלן געוואָרן קאָנפיסקירט.

עס וואָלט אפשר געווען נוצלעך אַ מעלדונג וועגן אומלויף פון פאַלש־געלט.

דער בירגערמייסטער
און אַמט ־ קאָמיסאַר
**ט ר אַ ה נ ע ר**

דער קיילעכדיקער שטעמפּל:
**דער בירגערמייסטער**
**פון דער שטאָט בעלכאַטאָוו**

פון די דערהאַלטענע בריוו, וועלכע די בעלכאַטאָווער יידן האָבן באַקומען פון זייערע קרובים אין לאָדזש האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די דייטשן האָבן סייווי צוגענומען אַלע פּעקלעך. אין אָנהויב 1942 האָט דער בעלכאַטאָווער פּאָסט־אַמט באַקומען פונעם פּאָסט־מיניסטעריום אַן אָפיציעלע דערלויבעניש צו פאַרהאַלטן אַלע יידישע פּעקלעך, ביז דאָס פּאָסט־מיניסטעריום וועט וועגן דער דאָזיקער פראַגע באַשטימען.

אין בעלכאַטאָוו זענען אויך געווען טעטיק פאַרשידענע פּאַרטיי־גרופּן. עס האָבן אַקטואירט אַ בונדישע גרופּע, אַ קאָמוניסטישע און פּועלי אמוני ישראל. צווישן דער בונדישער און קאָמוניסטישער גרופּע איז גע־ווען אַ סטאַבילע צוזאַמענאַרבעט. פון צייט צו צייט פלעגן פאָרקומען

געמיינזאַמע באַראַטונגען צווישן דער בונדישער, קאָמוניסטישער און פּועלי אמוני־ישראל גרופּירונגען. מצד דער בונדישער גרופּע האָט אין די באַראַטונגען אָנטייל גענומען ישכר פּשיבילסקי, גדליה שטיין (אומ־געקומען אין כעלמנא), אברהם בינעם שטיין (איצט אין אַמעריקע), הערצ־קאָוויטש. פון די קאָמוניסטן האָבן אָנטייל גענומען הענעך פּיגולאַ, שמעון שמולעוויטש (אומגעקומען אין אָשוויענטשים), חיים דוד קויפמאַן (אומ־געקומען אין פּויזנער לאַגער).

אויף די צוזאַמענקונפטן זענען באַהאַנדלט געוואָרן פראַגן וועגן זעלבסטהילף, וועגן איינאָרדענען אַ בילִיקע קיך פאַר די אָרעמעלייט. עס איז באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע ווי אַזוי אָוועקצושטעלן די אומלעגאַלע שולן, עס זענען אויך באַהאַנדלט געוואָרן פראַגן וועגן מיסברויכן, וועגן גנבות וואָס קומען פאָר אין יודענראַט, ווייל עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַ געוויסע טייל פון די סומען, וועלכע זענען איינגעצאָלט געוואָרן אין דער קאַסע פון יידן־ראַט פון די יידן, וועלכע האָבן זיך אויסגעקויפט פון צוואַנגס־אַרבעט, איז פאַרשווונדן געוואָרן. די פּועלי אמוני ישראל גרופּע איז פאָרגעשטעלט געווען דורך יצחק פּיגולאַ, אַן אָנפירנדיקער מיטגליד פון פאַר דער מלחמה. עס האָט עקזיסטירט אַ בית־יעקב גרופּע מיט הינדע יאַקובאָוויטש און פריילין יאָסקאָוויטש בראש.

זומער 1941 איז פאָרגעקומען אַ דעמאָנסטראַציע אָרגאַניזירט דורך דער בונדישער, קאָמוניסטישער און פּועלי אמוני גרופּעס קעגן די מאַכי־נאַציעס פון יידן־ראַט. אין דער דעמאָנסטראַציע האָבן אָנטייל גענומען עטלעכע הונדערט מענטשן.

אין 1940 האָבן אין בעלכאַטאָוו עקזיסטירט דריי אומלעגאַלע שולן: איינע אָרגאַניזירט פון דער קאָמוניסטישער גרופּע. אין דער שול האָט גע־לערנט שרהטשע שטאָטלענדער, אין יאָר 1942, בעת דער אויסזידלונג, האָט מען זי אָוועקגעשיקט קיין לאָדזש, פון לאָדזשער געטאָ איז זי אָוועק־געשיקט געוואָרן קיין טשענסטאָכאָוו אין „האַסאַג” און דאָרט איז זי אומגעקומען. עס האָט אויך געלערנט זלמן בילז. אין דער בונדישער שולע האָט געלערנט רחל פּודלאָווסקי און דינה ווינער. געלערנט האָט מען אין דיביידע שולן יידיש, פּויליש, יידישע געשיכטע. מען האָט מיט די קינדער געלערנט די ווערק פון יידישע שרייבער. עס זענען אויך געווען קורסן ביי די פּועלי אמוני ישראל. נאָר ווער עס זענען געווען דאָרט די דערציער איז איצט שווער פעסטצושטעלן. עס איז אויך געווען אַ חדר, עס

זענען אויך געווען געהיימע ביבליאָטעקן. מענדל קויפמאַן האָט באַלד פון אָנהויב מלחמה מיט געפאַר פארן לעבן ארויסגעטראָגן די ביכער פון דער בונדישער ביבליאָטעק און זיי אויסבאַהאַלטן. עס איז געווען אַ געהיימע ביבליאָטעק ביי איטשע לייב גאָלדבערשט אין שטוב. דאָס אָרט אין יידישן קוואַרטאַל ווו עס פלעגן זיך צוזאַמענקומען די יידן איז געווען הינטער דער שול אויף דעם פּלאַץ, ווו עס האָבן זיך געפונען יאַנקל וואַרשאַווסקים הייזער. דאָרטן האָט מען אַרומגערעדט וועגן אַנגעווייטיקטע פראַגן, דאָרטן האָט מען זיך דערציילט וועגן פּראָגנאָזן, אייניקע האָבן דערפרייט דעם עולם מיט ידיעות פון בריוו, וועלכע מען האָט באַקומען פון רוסלאַנד, אַז איינגיכן וועט קומען די „מומע רוזשאַ". אַהין האָט מען אַרויסגעטראָגן אַלץ, וואָס מען האָט נאָך געהאַט צו פאַרקויפן. פון צייט צו צייט פלעג אַהין אַריינפאַלן זשאַנדאַרמעריע און ווער עס האָט נישט באַוויזן באַצייטנס צו אַנטלויפן, דעם האָבן זיי געמאַכט פאַר אַ קאַליקע. ספּעציעל האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע סאַדיסטישע מעשים דער זשאַנדאַרם רעמפּל. דאָס שטיקל געזעלשאַפטלעכע לעבן איז אינגאַנצן אָפּגעשטאָרבן ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די דייטש־סאָוויעטישע מלחמה, אין יאָר 1941. דער טעראָר איז נאָכמער פאַרשאַרפט געוואָרן, מען האָט מורא געהאַט זיך צו טרעפן איינער מיטן צווייטן. עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אַרויסשיקן אין די לאַגערן. מען האָט אַרויסגעשיקט דערווייל נאָר די מענער. דאָס קיום זשיפּענדיקע קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע לעבן איז אינגאַנצן אָפּגעשטאָרבן. מען האָט פאַרמאַכט די שולן, ווייל די עלטערן האָבן מורא געהאַט צו שיקן אין דער שולע זייערע קינדער.

***

ווי עס איז שוין געווען אויבן דערמאָנט האָט מען צוגענומען ביי די יידן אַלע קוואַלן פון פרנסה. די פאַבריקן מיט די געשעפטן האָט מען צוגענומען; די בעלי־מלאכות האָט מען נישט דערלויבט צו אַרבעטן אין זייערע וואַרשטאַטן, מען האָט ביי זיי צוגענומען די מאַשינען. אין די טעקסטיל פאַבריקן, וועלכע עס האָבן איבערגענומען די דייטשן האָבן יידן קיין צוטריט נישט געהאַט. און אויף דער צוואַנגס־אַרבעט, אויף וועלכער מען האָט די יידן געכאַפּט, האָט מען באַצאָלט פאַר דער אַרבעט מיט קלעפּ. מיט דער גאַנצער שאַרפקייט איז אַנטשטאַנען דאָס פּראָבלעם: פון וואַנעט נעמט מען צום לעבן? די 30 דעקאַ ברויט, וועלכע זענען צוגע־

טייקט געוואָרן דורכן יידן־ראַט, אָן אַ ביסל פּעטס און אָן אַנדערע פּראַ־דוקטן, זענען געווען נישט צום לעבן און נישט צום שטאַרבן. עס איז די יידן נישט געבליבן קיין אַנדער עצה ווי זיך צו כאַפּן צו אַזעלכע פּרנסות ביי וועלכע עס איז אויסגעקומען צו ריזיקירן מיטן לעבן. און דאָס האָט טאַקע געקאָסט אַ סך מענטשלעכע קרבנות. אין די פינצטערע נעכט זענען יידן געגאַנגען אין דאָרף אַריין ברענגען אַביסל קאַרטאָפל. אַז מען האָט אַזאַ איינעם געכאַפּט איז אָדער מען האָט אים דערשאָסן, אָדער — אין בעסטן פאַל — האָט מען אים אַריינגעוואָרפן אַזוי פיל שמיץ, אַז ער האָט עס געהאַט אויף לאַנג צו געדענקען. און דאָך האָט מען געשמוגלט. דער שמוגל און נישט־לעגאַלער האַנדל האָבן געבליט, ווייל צווישן בעלכאַ־טאָוו און פּיעטריקאָוו איז געלעגן די גרענעץ צווישן דייטשן רייך און דעם גענעראַל־גוווערנאַמענט. פון בעלכאַטאָוו האָט מען געשמוגלט מאַנופאַק־טור און צוריקגעבראַכט האָט מען לעדער און אַנדערע אַרטיקלען. די מענטשן, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען דערמיט האָבן געוווּסט, אַז עס דראָט זיי אַ טויט־געפאַר, אָבער זיי האָבן נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה: דער הונגער האָט דערצו געצוווּנגען. דעם גרעסטן טייל פון זייערע פאַרדינסטן האָבן זיי דערביי געמוזט אָפּגעבן די איבערגעקויפטע זשאַנ־דאַרמען. זיי האָבן געהאַט צו טאָן מיט פאַרשידענע מינים אויספּרעסערס און שאַנטאַזשיסטן. זיי האָט מען אויך געמוזט אָפּטיילן אַ חלק פונעם פאַרדינסט. מען האָט געמוזט געבן כאַבאַר דער יידישער פּאָליציי, שמואל יאַקובאָוויטשעס באַנדע. עס איז אַנטשטאַנען נאָכדעם אַ קאַמף צווישן די רייכערע און אָרעמע שמוגלאַרס. די רייכערע שמוגלאַרס, וועלכע האָבן געהאַט גרעסערע מעגלעכקייטן איבערצוקויפן די זשאַנדאַרמעריע, האָבן געהאָלפן ליקווידירן די אָרעמע. דער שמוגל איז געגאַנגען נאָר ביינאַכט, נאָך דער פּאָליציי־שעה. מען האָט גענומען אַ זעקל, אָדער אַ רוק־זאַק אויף די פּלייצעס און מען האָט זיך געלאָזט שלייכן מיט פאָרזיכטיקע טריט דורך די פעלדער און לאָנקעס צו דער גרענעץ. פון יענער זייט האָבן שוין געוואַרט אויף זיי יידן, אָדער קריסטן פון פּיעטריקאָוו און אומגעגנט, אָפּצונעמען פון זיי די סחורות. עס האָבן אויך אויף זיי באַהאַלטענערהייט געוואַרט די דייטשע גרענעץ־פּאָסטנס מיט שפּיר־הינט.

יוני 1941 האָט דער קאָמענדאַנט פון דער שוץ־פּאָליציי געמאָלדן דעם בירגערמייסטער, אַז ער האָט געכאַפּט אויפן זעלעוועער וועג אַ פור מיט סחורה און דערביי אַרעסטירט די יידן אברהם בערקאָוויטש און

שמואל גאָלדבערג. אין דער גרעסטער טייל פאַלן האָבן אַזעלכע ארעסטן געדראָט מיט טויט. דער פאַל, וואָס ווערט אויבן דערמאַנט איז געווים געווען אַזעלכער, ווען דער זשאַנדאַרם האָט נישט געקאָנט צונעמען די סחורה פאַר זיך, דאָס האָט מען געווים באַמערקט ערגעץ פון אַ זייט און ער האָט נישט געקאָנט די זאַך נישט מעלדן. משה סטאַביעצקי, דעם בעקער, האָבן צוויי שוץ־פּאָליציאַנטן געיאָגט 5 קילאָמעטער. ער האָט געהאַט געשמוגלטע סחורה. זיי האָבן אים געיאָגט אַזוי לאַנג, ביז ער איז אריין אין אַ טייך. דאָ האָבן זיי אים איבערגעלאָזט, זייענדיק איבערגע־צייגט, אַז ער איז דערטרונקען געוואָרן. עס איז אים אָבער געלונגען זיך ארויסצוראַטעווען. דעם קצב מלאָט האָבן די זשאַנדאַרמען אין ארעסט פּאַרפייניקט צום טויט. זיי האָבן אים ארייגעגאָסן אין האַלדז אריין אַ ליטער ברען־שפּירט. עס איז דערנאָך צום טויט פּאַרפייניקט געוואָרן אברהם נאַפּעליאַן. מען האָט אים געכאַפּט מיט שמוגל אויפן וועג קיין סטערצעוו. עס זענען דערשאָסן געוואָרן: יאַנקל ראָזענטאַל, לאַזער שפּיגל־מאַנס זון, דער קצב מאַכאַבאַנסקי מיטן זון. אין אַ צווייטער מעלדונג פון דער שוץ פּאָליציי צום בירגערמייסטער ווערט דערציילט וועגן אַ שווערן פאַרברעכן וועלכן די יידן זענען באַגאַנגען: מען האָט געמעלעך געכאַפּט ביי די יידן, וועלכע האָבן געאַרבעט צוואַנגס־אַרבעט ביי דעם שאָסיי, 100 קילאָ קאַרטאָפל. די פּאָליציי האָט די קאַרטאָפל צוגענומען און פאַרקויפט צו 2 מאַרק אַ קילאָ די דייטשן.

די יידן האָבן אַלצדינג פון זיך אראָפּפאַרקויפט צו קויפן אַ שטיקל ברויט. אויב עס האָט שוין אַמאָל ריזיקירט אַ פויער אריינצוברענגען פאַר אַ ייד אַ שטיקל ברויט, האָט ער זיך געהייסן דערפאַר גוט באַצאָלן. עס זענען אָבער אויך באַקאַנט פאַלן, ווען פויערים האָבן געבראַכט זייערע יידישע באַקאַנטע ברויט און דערפאַר נישט געוואָלט נעמען קיין באַצאָלטס.

די יידן אין בעלכאַטאָוו האָבן אָנגעווענדט פאַרשידענע מיטלען, קונצן און אויפטועןן בכדי זיך צו דערהאַלטן ביים לעבן. עס האָט זיי שוין דער אינסטינקט אונטערגעזאָגט פאַרשידענע אופנים ווי אַזוי ארויס־צובאַקומען אביסל לעבנסמיטלען פאַר זיך, ווייב און קינד.

***

די דייטשן האָבן אין בעלכאַטאָוו, פונקט ווי אין אַנדערע שטעט, געשאַפן פאַבריקן און וואַרשטאַטן, וו עס האָבן געמוזט ארבעטן יידישע

אַרבעטער. געאַרבעט האָט מען אין די וואַרשטאַטן פון זון־אויפגאַנג ביז זו,־אונטערגאַנג און מיט הונגעריקע מאָגנס האָט מען געמוזט אַרבעטן און אַרויסשלאָגן פון זיך דאָס לעצטע ביסל כוחות. און אויב מען האָט זיך אָפּגעזאָגט צו אַרבעטן אין די דאָזיקע וואַרשטאַטן האָט געדראָט נאָך אַן ערגערע זאַך: אַוועקגעשיקט צו ווערן אין די לאַגערן. די גרעסטע פאַבריק אין וועלכער די יידן זענען געווען באַשעפטיקט איז געווען דער שניידער־וואַרשטאַט וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין דזשאַלאָווער־סקיס פאַבריק. די דייטשן האָבן פון דאָרטן אַרויסגענומען די וועבער־מאַשינען און אויף זייער אָרט אַריינגעשטעלט ניי־מאַשינען, וועלכע מען האָט געפונען אין די יידישע שטובן און ביי די יידישע בעלי־מלאכות. אין דעם שניידער־וואַרשטאַט האָבן געאַרבעט 650 יידישע אַרבעטער. אַלס טעכנישער לייטער האָבן די דייטשן באַשטימט שלמה יאַקובאָוויטש און אַלס פאַקטישן אָנפירער האָבן די דייטשן באַשטימט דעם פאָלקס־דייטש אַלפרעד אויגוסט, אַ פסיכאָפאַט און סאַדיסט. פאַר דער מינדעס־טער קלייניקייט האָט ער צעשלאָגן ביז האַלב טויט. זיין יחוס־בריוו, וואָס האָט אים דערמעגלעכט צו פאַרנעמען דעם דאָזיקן אמט, איז באַ־שטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט אָפּגעגט זיין פוילישע פרוי און אין די פוילישע צייטן האָבן די פאָליאַקן אים איבערגעבראָכן די הענט צוליבן חשד אין שפּיאָנאַזש לטובת דייטשלאַנד. ווען די דייטשן זענען אַריין קיין פוילן האָט מען אים באַשטימט אַלס בירגערמייסטער פון גראָבאָ־ליץ. דאָרט ערשט איז ער באַוווסט געוואָרן מיט זיינע סאַדיסטישע מע־שים, מיטן איזדיעקעווען זיך איבער דער ציוויל־באַפעלקערונג אַזוי ווייט, אַז די דייטשן אַליין זענען געווען געצוווּנגען אים אַוועקצונעמען פון דעם דאָזיקן פּאָסטן. און אָט דעם אויסוואָרף האָבן די יידן באַקומען אַלס שעף פון שניידער־שאָפּ. עס האָט עקזיסטירט אַ שוסטער־וואַרשטאַט מיט 50 אַרבעטער. דער שוסטער־שאָפּ האָט זיך געפונען אין הויז פון הערש דוד שוואַרצבערג. עס האָט אויך שוין געאַרבעט אַ גרעסערער טישלער־וואַרשטאַט, אָנגעפירט דורך איטשע ווינטער. ווייטער איז געווען אַ פאַב־ריק אין וועלכער מען האָט אויסגעאַרבעט פאַרשידענע זאַכן פון שטרוי. די צאָל יידן, וועלכע זענען געווען אָפיציעל באַשעפטיקט אין די אַלע וואַרשטאַטן קאָן מען רעכענען אויף העכער 1.000 פּערזאָן. די דאָזיקע אַרבעטער איז מאַטעריעל געגאַנגען אַמערגסטן, ווייל זיי האָבן נישט גע־האָט קיין צייט עפּעס צו פאַרדינען פון דער זייט. די גאַנצע דערנערונג,

וועלכע די אַרבעטער האָבן באַקומען איז באַשטאַנען פון 30 דעקאַ ברויט און אַ זופּ, וועלכע עס האָט זיי אַרויסגעגעבן די קיך ביים יודענראַט. דער יודענראַט האָט איינגעאָרדנט נאָכדעם 2—3 קיכן, וועלכע האָבן אַרויסגעגעבן 1.200 מיטאָגן. די מענטשן האָבן נישט באַקומען צוגעטיילט קיין הייץ־מאַטעריאַל, זענען זיי געזעסן מיט זייערע פרויען און קינדער אין די נישט געהייצטע צימערן. נאָך וואַסער האָט מען געמוזט גיין פון פּאַביאַניצער גאַס צום אַלטן מאַרק. „זלמן פּודלאָווסקים פּלומפּ" איז קאַליע געוואָרן. דאָס באָד איז צוליב מאַנגל אין באַהייצונג נישט גענוצט געוואָרן און אויב עמעצער איז קראַנק געוואָרן, האָט מען געמוזט וואַרטן אויף אַ מעדעצין עטלעכע טעג, ווייל אין אַפּטייק אריין האָט מען געמעגט גיין נאָר איין שעה אין טאָג. קיין שפּיטאָל איז נישט געווען. עס איז אויך כמעט נישט געווען קיין דאָקטוירים. ד"ר יאַקובאָוויטש איז אַוועק קיין פּיעטרקאָוו און האָט דאָרט אָפּגעשפּילט אַ שענדלעכע ראָלע. ער האָט מיטגעאַרבעט מיט געשטאַפּאָ. ער האָט אַוועקגעשיקט הונדערטער מענטשן אין קרעמאַטאָריע און צווישן זיי אַ סך בעלכאַטאָווער. ד"ר פּאַיעווסקי איז אין 1939 מאָביליזירט געוואָרן אין דער פּוילישער אַרמיי און איז מער נישט צוריקגעקומען. ער איז וואָרשיינלעך אומגעקומען אין אַ דייטשן געפאַנגען־לאַגער. די נישט־יידישע דאָקטוירים האָבן נישט געטאָרט זיך פאַרנעמען מיט יידישער פּראַקטיק. עס זענען געווען אין בעלכאַטאָוו — יידישע דאָקטוירים: ד"ר באַסיאַר, יוסף לייבס אַן איידעם. ער איז שפּעטער אומגעקומען אין כעלמנאַ. עס איז געווען נאָך אַ יידישער דאָקטאָר מיטן נאָמען טיפענבערג, פון וואַרשע. איינער פון זיי איז באַשטימט געוואָרן פאַר די יידן, שוין אין יאָר 1942, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן אין בעלכאַטאָוו די עפּידעמיע פון טיפוס. דער בירגערמייסטער האָט זיך דעמאָלט געווענדט צום לאַנדראַט וועגן דערלויבן צו קומען קיין בעלכאַטאָוו נאָך אַ יידישן מעדיקער, דעם ד"ר האַרט פון וולאַדימיעזשאָוו. ער האָט מאָטיווירט זיין פאָרשלאַג דערמיט, וואָס ער וויל נישט, אַז די נישט יידישע דאָקטוירים זאָלן באַזוכן די יידישע טיפוס קראַנקע, ווייל זיי קאָנען נאָך פאַרשלעפּן די קראַנקייט צו נישט יידן. אין אָנהויב 1942 האָט מען אויך פאַרווערט יידישע דענטיסטן צו פּראַקטיצירן. מען האָט צוגענומען ביי זיי די אינסטרומענטן און אוועקגעגעבן די דייטשן.

און ביי אַזעלכע באַדינגונגען האָבן די דייטשן געפאָדערט, אַז עס זאָלן אָפּגעהיט ווערן אַלע היגיענישע כּללים. ווען זיי האָבן אַלץ געטון,

אַז עס זאָל אוממעגלעך זיין דאָס אויסצופירן. האָט זיך טאַקע ביי דער יידישער באַפעלקערונג, צוליב דער שווערער אַרבעט און אַנטיסאַניטאַרן צושטאַנד, דער געזונט־צושטאַנד שטאַרק פאַרערגערט. עס האָט זיך אָנגע־הויבן אַ שרעקלעכע שטערבלעכקייט. אַ סך זענען געוואָרן לונגען קראַנק. פון דערשעפּונג האָבן אָנגעהויבן אויסצושטאַרבן די עלטערע לייט. די קליינע צאָל קינדער, וועלכע זענען צו יענער צייט געבוירן געוואָרן זענען געווען ראַכיטיש. פאַרשטייט זיך, אַז קודם כל האָבן אָנגעהויבן ליידן די יידישע אָרעמעלייט און מיט זיי די, וועלכע האָבן געאַרבעט אין די וואַרשטאַטן און אין די פאַבריקן.

**
*

די ראָל, וואָס דער יודענראַט האָט געשפּילט אין בעלכאַטאָוו בעת דער דייטשער אָקופּאַציע איז געווען די זעלבע, וואָס איז אַלע שטעט אין פּוילן: זיי האָבן געהאַרכזאַם אויסגעפּילט אַלע דייטשישע באַפעלן און אפילו אין אייניקע פאַלן מיטגעהאָלפן. זיי האָבן אָפטמאָל פרייוויליק צוגעטראָגן דער דייטשער מאַכט און דער געסטאַפּאָ, וואָס עס קומט פאַר ביי יידן. די מערהייט פון די יודענראַט־מענטשן און פון דער יידישער פּאָליציי זענען געווען כאַראַקטערלאָזע פּאַרשוינען, וואָס האָבן געזוכט אַ מעגלעכקייט צו מאַכן אַ לעבן אויפן חשבון פון דער אָרעמער מאַסע.

פאַר אַ ביין, וואָס די דייטשן האָבן זיי צוגעוואָרפן, האָבן זיי געטון די שמוציקסטע זאַכן, העלפנדיק אפילו ליקווידירן די אייגענע משפחה. עס איז אמת, אַז עס זענען געווען צווישן זיי אַזעלכע, וועלכע וואָלטן אין יודענראַט נישט געגאַנגען, נאָר מען האָט זיי דערצו געצוווּנגען. עס זענען אָבער געווען אויך אַזעלכע, וועלכע האָבן זיך גאָר נישט פאַר־טראַכט, וואָס פאַר אַ מיסיע זיי פירן אויס. עס וואָלטן אין בעלכאַטאָווער געזעלשאַפטלעכן לעבן קיינמאָל נישט געקאָנט שטיין אין דער שפּיץ אַזעלכע פּאַרשוינען, ווי שמואל יאַקובאָוויטש און זיינס גלייכן. אַלע זיי־ערע באַמיאונגען צו פאַרנעמען אַמטן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן האָבן פאַר דער מלחמה קיין שום דערפאָלג נישט געהאַט. די קולטורעל אַנט־וויקלטע יידישע באַפעלקערונג אין בעלכאַטאָוו האָט שטענדיק צונישט געמאַכט אַלע זייערע כוונות. און נאָר אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע־מאַכט האָבן זיי געקאָנט באַקומען אַ שטאַרקן באָדן אונטער די פיס. עס איז נישט קיין צופאַל, וואָס ווען ערליך איז שוין שפּעטער געגאַנ־

גען צו דער תּליה, האָט ער נאָך געפּרוּווט געפינען אַ זכות ביי די דייטשן און האָט זיי דערמאָנט, אַז נאָך אין דעם ערשטן וועלט־קריג האָט ער שוין געהאַט פאַרדינסטן פאַר דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט.

באַלד ווי די דייטשן האָבן אַריינמאַרשירט קיין בעלכאַטאָוו האָט זיך צום דייטשן מיליטערישן קאָמענדאַנט געמעלדעט אַ יידישע „דעלעגאַציע", פון קיינעם נישט באַפולמעכטיקט, און געבעטן ביים קאָמענדאַנט די דערלויבעניש צו באַקן ברויט פאַר יידן. די „דעלעגאַציע" איז באַשטאַנען פון מ. יאַקובאָוויטש, שמואל יאַקובאָוויטש און יאַנקל ערליך. עס איז זיי נישט געגאַנגען אין דעם עצם פאַקט פון קומען צו הילף דער יידישער באַפעלקערונג, נאָר אין דערשלאָגן זיך צו די דייטשן און באַקומען פון זיי די ממשלה איבער די יידן. די שפּעטערדיקע מעשׂים זייערע האָבן איינגאַנצן באַשטעטיקט די דאָזיקע כוונות זייערע. זיי האָבן פונעם קאָמענדאַנט באַקומען אַן אויפטראַג צו בילדן דעם יודענראַט און צו־קאָאָפּטירן די נויטיקע פאַר דער אַרבעט אין יודענראַט פּערזאָנען, לויט זייער אייגענעם איינזען. זיי האָבן צוקאָאָפּטירט אין יודענראַט מענטשן פון פאַרשידענע ריכטונגען, עס זאָל מאַכן דעם איינדרוק, אַז די גאַנצע יידישע געזעלשאַפטלעכקייט איז דאָרטן פאַרטראָטן. פאַר די, וועלכע זיי האָבן פאָרגעלייגט צוצוקאָאָפּטירן האָט זיך געשאַפן אַ שווערע לאַגע: אָפּזאָגן זיך, וואָלט געקאָנט ציען נאָך זיך שווערע קאָנסעקווענצן. האָט מען געמוזט מסכּים זיין. אַזוי האָבן צום ערשטן יודענראַט, וואָס האָט זיך געבילדעט שוין אין סעפּטעמבער 1939, געהערט: מיכאל יאַקובאָוויטש אַלס פאָרזיצער, שמואל יאַקובאָוויטש אַלס וויצע־פאָרזיצער, יאַנקל ערליך אַלס סעקרעטאַר און אהרן ליבערמאַן, יששכר פּזשיבילסקי, בינעם הענדעלעס, מלך גאַלסטער אַלס מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג.

די פּאַקטישע מאַכט האָבן אָבער געהאַט אין זייער רשות די ערשטע דריי. דער יודענראַט האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין שום ספּעציעלע אַקטיוויטעט. ער איז געווען אַדורכגעפרעסן פון קאָרופּציע און מיסברויכן, ער איז געווען פאַרהאַסט ביי דער יידישער באַפעלקערונג. מען האָט פאַר די יודענראַטלער מורא געהאַט. זיי האָבן מיט זייערע מעשׂים מיטגעווירקט, אַז עס זאָל זיך אַרום יודענראַט שאַפן אַ נעץ פון אינטריגעס.

עס האָבן זיך צונויפגערעדט אַראָפּצוואַרפן דעם יודענראַט עלעמענטן, וועלכע זענען געווען נישט צופרידן הלמאי מען האָט נישט זיי אויסגעקליבן. די מזרחי־טוער: שלום פעדער און מענדל ליפּמאַן

האָבן אָנגעווענדט קעגן יודענראַט פאַרשידענע כשרע און נישט כשרע מיטלען. אויב שמואל יאַקובאָוויטש און זיין קליקע האָבן געהאַט אויף זייער זייט די שוץ־פּאָליציי און די געסטאַפּאָ, מיט וועלכע זיי האָבן גע־מאַכט געמיינזאַמע געשעפטן, האָט די גרופּע פון שלום פעדער און מענדל ליפּמאַן געהאַט אויף זייער זייט דעם בירגערמייסטער. דאָס, וואָס טוער פון מזרחי, באַקאַנט אלס עסקנים פון פאַר דער מלחמה, האָבן זיך פאַר־נומען מיט אַזאַ נישט שיינער זאַך, דערקלערט זיך קודם־כל דערמיט, וואָס זיי זענען געווען אויפגעבראַכט, פאַרוואָס זייער גרופּע איז נישט געווען פאַרטרעטן אין יודענראַט. עס איז אָבער אויך מעגלעך, אַז זיי האָבן געשטרעבט צו באַזייטיקן די גנבות און קאָרופּציע אין יודענראַט, אָבער די מיטלען, וועלכע זיי האָבן אָנגעווענדט צו דעם צוועק האָבן לײדער נישט געהערט צו די גאָר אַנשטענדיקע. לאָמיר לאָזן רעדן די פאַקטן אליין.

דעם 18טן אָקטאָבער מעלדעט דער בירגערמייסטער, אַז עס דאַרף באַזייטיקט ווערן פונעם יודענראַט מיכאל יאַקובאָוויטש, שמואל יאַקו־באָוויטש און יאַנקל ערליך און אין נייעם יודענראַט זאָלן אריין שלום פעדער און מענדל ליפּמאַן, שמאי גרינבערג, מלך גאָלסטער און יששכר פּזשיבילסקי. דאָס וואָס פונעם אַלטן יודענראַט זענען געבליבן די צוויי לעצטע דערקלערט זיך דערמיט, וואָס זיי האָבן אין די מחלוקתן פון דער קליקע קיין אָנטייל נישט גענומען. אַז שלום פעדער מיט זיינע לייט האָבן זיך נישט באַנוצט מיט קיין גאַנץ גלאַטיקע מעטאָדן איז צו זען דערפון, וואָס אַ חודש נאָך דעם ווי מען האָט באַזייטיקט שמואל יאַקובאָוויטש פונעם יודענראַט איז מען געקומען און מען האָט אים אַרעסטירט, דאָס האָט געטון די שוץ־פּאָליציי אויפן באַפעל פון בירגערמייסטער. מען האָט יאַקובאָוויטשן פאַרגוואָרפן, אַז ער שטייט אין פאַרבינדונג מיט די שמוג־לער־באַנדעס, אַז ער איז אויך פאַר דער מלחמה געווען אַרעסטירט אויף זעקס חדשים, אַז ער האָט געמאַכט פאַלשע האַנטווערקער קאַרטן. פאַר־שטייט זיך, אַז דאָס אַלץ האָט דער בירגערמייסטער נישט געקאָנט וויסן פון זיך אליין, דאָס איז געווען אַ שטיקל אַרבעט פון די, וועלכע זענען געקומען אין יודענראַט אויף שמואל יאַקובאָוויטשעס אָרט. שמואל יאַ־קובאָוויטש פון זיין זייט איז אויך נישט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט. דעם 20סטן אָקטאָבער 1940, צוויי טעג נאָכדעם, ווי דער נייער יודענראַט האָט אַמטירט האָט דער בירגערמייסטער שוין אויפמערקזאַם געמאַכט

שמואל יאַקובאָוויטשן, אַז אויב ער וועט נישט אויפהערן מיט זיינע רכי־לות קעגן דעם נייעם יודענראַט וועט דאָס ציען קעגן אים טרויעריקע קאָנסעקווענצן.

אָט איז דער ווערטלעכער טעקסט פון דעם דאָזיקן דאָקומענט:

**„צום ייד שמואל יאַקובאָוויטש, פּריזירער אין בעלכאַטאָוו:**

**איך מאַך אייך באַקאַנט, אַז קעגן אייך און קעגן אַנדערע געוועזענע מיטגלידער פון יודענראַט וועלן אָנגעווענדעט ווערן די שטרענגסטע מיט־לען, אויב איר וועט נישט אויפהערן מיט אייערע ליגנס און העצערייען קעגן דער אַרבעט פון ניי געשאַפענעם יודענראַט, וועלכן איר ווילט מאַכן שוועריקייטן. איר זאָלט זיכער זיין, אַז דאָס קאָן ציען נאָך זיך די שווער־סטע קאָנסעקווענצן".**

**(—) טראַהנער**

20סטער אָקטאָבער 1940.

דעם 21סטן אָקטאָבער איז אַרעסטירט געוואָרן דער פּרעזעס פון יודענראַט שלום פעדער, צוזאַמען מיט אים זענען אויך אַרעסטירט גע־וואָרן מענדל ליפּמאַן און יחיאל מאַרטשאַק. אַלע דריי זענען אָפּגעשיקט געוואָרן קיין לאָדזש. דאָרט האָט זיי די געסטאַפּאָ באַשולדיקט אין גע־הערן צו דער אומלעגאַלער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. מען האָט זיי באַשולדיקט אין האַלטן אַנטי־היטלעריסטישע רעדעס, מען האָט זיי אפילו געזאָגט דעם נאָמען פון דער געהאַלטענער רעדע. עס זאָל האָבן געהייסן: „געדאַנקען איבערן היטלעריזם".

די יידישע באַפעלקערונג האָט וועגן דעם אַלעם קיין אַנונג נישט געהאַט. דאָס אַלץ האָט זיך אָפּגעשפּילט אין די קאַבינעטן פון דער גע־סטאַפּאָ און פון בירגערמייסטער. אין דער געסטאַפּאָ אין לאָדזש האָבן זיי זיך ווייזט אויס איבערצייגט אין דער גרונטלאָזיקייט פון די באַשול־דיקונגען. עס קאָן זיין, אַז זיי האָבן וועגן דעם אָנגעפרעגט דעם בעלכאַ־טאָווער בירגערמייסטער. אַ פאַקט איז נאָר, אַז מען האָט אַלע דריי צוריק באַפרייט. אויפן אָרט פון שלום פעדער איז אַלס פאָרזיצער פון בעלכאַ־טאָווער יודענראַט באַשטימט געוואָרן אַדוואָקאַט באָגדאַנסקי, אברהם לאַסקאָווסקים איידעם, וואָס האָט געשטאַמט פון פּיעטריקאָוו. ער איז געווען פאָרזיצער פון יודענראַט ביזן 21סטן יולי 1941. זיין קאַדענץ איז געווען אפשר די רואיקסטע צייט, וואָס די בעלכאַטאָווער יידן האָבן

געהאַט אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע. קיין סך פּרטים פון דער צייט זענען נישט באַקאַנט. עס איז בלויז באַקאַנט, אַז אין באָגדאַנסקיס צייט זענען געשאַפן געוואָרן די קיכן. ער האָט זיך אויך באַמיט אויסצובעסערן דעם היגיענישן צושטאַנד פון דער יידישער באַפעלקערונג. וואָס פאַרא סיבות עס האָבן גורם געווען מען זאָל באָגדאַנסקין באַזייטיקן פון זיין אמט, איז נישט געלונגען פעסטצושטעלן. מען קאָן זיך נאָר אָנשטויסן, אַז קיין ריין שטיקל אַרבעט איז עס נישט געווען, ווייל אויף זיין אָרט איז באַשטימט געוואָרן אַל ספּאָרזיצער דער שוין־באַקאַנטער יאַנקל ערליך. אַ חוץ יאַנקל ערליכן איז אין נייעם יודענראַט אויך באַשטימט געוואָרן פּרץ אַלטמאַן און איטשע ווינטער, אַלע דריי ווייניק פּאָפּולערע געשטאַלטן צווישן בעלכאַטאָווער יידן. אין דער מעלדונג פון בירגערמייסטער איז גענוי אָנגעוויזן געוואָרן די פונקציע פון יעדן מיטגליד פון יודענראַט.

לויט אַ געפונענעם דאָקומענט זענען די פונקציעס אַזוי פונאַנדער־געטיילט געוואָרן: פּרעזעס — יאַנקל ערליך, זיינע צוויי געהילפן: פּרץ אַלטמאַן און איטשע ווינטער. פאַר די איבעריקע מיטגלידער פונעם יודענ־ראַט לייגט ער פאָר פאָלגנדיקע אַרבעטס־פאַרטיילונג: אַרבעטס פאַר־זאָרגונג: שלמה־הערש טאָפּאָלעוויטש; סאָציאַלע פאַרזאָרגונג: בינעם ענדעלעס; ברויט־פאַרטיילונג: מענדל ליפּמאַן; לעבנסמיטל־פאַרזאָרגונג: דוד פּאַקערטרעגער; מילך־פאַרטיילונג: משה פּאַקערטרעגער; קאַסירער: בערל זשוכאָווסקי.

דער יודענראַט האָט מיטגעהאָלפן דער דייטשער מאַכט אין אַ רייע אַקציעס קעגן די בעלכאַטאָווער יידן. דאָס איז געווען אין דער אַקציע אוועקצושיקן יידן אין די לאַגערן קיין פּויזן אין אויגוסט 1941, ווי אויך אין צושטעלן אַ ליסטע פון שווער קראַנקע וואָס זענען אויך אַרויסגע־שיקט געוואָרן פונעם שטעטל.

עס קאָן זיין, אַז איינע פון די סיבות וואָס האָבן באַוויגן צו ענדערן דעם יודענראַט איז געווען דער פאַקט, וואָס דער בירגערמייסטער האָט געוואָלט האָבן וואָס מער אייגענע מענטשן. עס איז אפשר אויך נישט קיין צופאַל, וואָס פון דעם יודענראַט זענען אַרויסגעפאַלן ישכר פּזשיביל־סקי און אַנדערע. פּרץ אַלטמאַן האָט זיך געמאַכט אַ געשעפט און גענו־מען 500 מאַרק פון אַ מענטש פאַר נישט שיקן זיי אין די לאַגערן. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט געמוזט גיין אויפן חשבון פון אָרעמעלייט, ווייל די, וואָס האָבן נישט געקאָנט באַצאָלן זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן.

דעם 24סטן סעפּטעמבער האָט זיך ווידער געענדערט דער באַשטאַנד פֿו־נעם יודענראַט. עס האָט זיך אויסגעלאָשן דער שטערן פֿונעם פּרעזעס יאַנקל ערליך און אויף זיין אָרט איז ווידער באַשטימט געוואָרן אדוואָקאַט באַנדאַנסקי.

דער יודענראַט איז באַשטאַנען פֿון 9 פּערזאָן. א חוץ דעם זענען באַשטימט געוואָרן 12 באַאַמטע, צוגעטיילט צו פֿאַרשידענע אָפּטיילונגען און 8 שיק־יינגלעך, וואָס א טייל פֿון זיי זענען גלייכצייטיק געווען פּאָ־ליציאַנטן. אָט איז דער נאָמענטלעכער באַשטאַנד פֿונעם דעמאָלטיקן יו־דענראַט און זיינע מיטאַרבעטער:

פּאָרזיצער: איציק באַנדאַנסקי. זיינע צוויי בייזיצער: איטשע ווינ־טער און פּרץ אַלטמאַן. ווירטשאַפֿטס־אָפּטיילונג: משה קלוג; פֿינאַנץ־אָפּטיילונג: מאיר פּעדער; לעבנסמיטל־פּאַרטיילונג: אברהם וויינטרויב; סאָציאַלע־פֿאַרזאָרגונג: יאַנקל מאַכאַבאַנסקי; אַרבעטס־אָפּטיילונג: מענדל סאַפּירשטיין; פֿאַראַנטוואָרטלעכער פֿאַר דער שניידער פֿאַבריק: שלמה שמולעוויטש. די באַאַמטע זענען געווען: טעכנישער סעקרעטאַר: יוסף לייב געלבאַרד; עווידענץ: רעגינאַ גאָלסטער; אין דער ווירטשאַפֿטס־אָפּטיילונג: משה וואָלף סטאַראָווינסקי; סאָציאַלע־פֿאַרזאָרגונג: זיסקינד קלוג; לעבנסמיטל־אָפּטיילונג: שיע זערצעל און הערץ לייב.; קאַסע: אברהם שמולעוויטש; אַרבעטס־אָפּטיילונג: משה בוכמאַן; פּאָסט־אָפּטיי־לונג: שלמה גנאַטיק; ברויט־פּאַרטיילונג: אהרן ליבערמאַן; אין די קיכן: עזרא סטאַביעצקי און חנה ראָזענבערג; די שיק יינגלעך זענען געווען: גערסט דאַניעל, גאָלדבערג אברהם אַלטער, שטראָוך איציק, שימקעוויטש מייער, באַום משה, געלבאַרד מאָטל, פּיולאַ בעריש, האַנדלסמאַן איציק.

אין דעם נייעם יודענראַט, פּונקט אַזוי ווי אין די פֿריערדיקע, האָבן די דעה געהאַט די ערשטע דריי, די איבעריקע זענען געווען נישט מער ווי פֿיגוראַנטן.

אין חודש אַפּריל 1942, אין דער צייט פֿון דער „שפּערע", ווען דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען אַרומגערינגלט פֿון דער געסטאַפּאָ און די בעלבאַטאָווער יידן האָבן געמיינט, אַז עס איז געקומען זייער סוף, האָט דער פּרעזעס פֿון יודענראַט געפּרוווט אַנטלויפֿן קיין פּיעטריקאָוו. ער האָט זיך פֿאַרשטענדיקט מיט א דייטשן שאָפֿער, וועלכער האָט אים געדאַרפֿט פֿאַר א גרויסער סומע געלט אַוועקפֿירן קיין פּיעטריקאָוו. אָבער אַנשטאָט קיין פּיעטריקאָוו האָט ער באַנדאַנסקין מיט זיין גאַנצער משפּחה אָפּגע־

פירט אין דער פּאָליציי. פון דער פּאָליציי האָט מען זיי אַוועקגעשיקט אין דער טרויעריק־באַרימטער ראַדאָגאָשטשער תפיסה, ווו מען האָט זיי אַלע אומגעבראַכט. עס זענען אומגעקומען: אברהם לאַסקאָווסקי מיט דער פרוי און אַלע זייערע קינדער, זיין איידעם, דער פּרעזעס פון יודענראַט איציק באָגדאַנסקי.

אַלס פּרעזעס פון יודענראַט, אויפן אָרט פון באָגדאַנסקין, איז באַשטימט געוואָרן שלמה הערש טאָפּאָליעוויטש.

ערב דער ליקווידאַציע איז טאָפּאָליעוויטש דערשאָסן געוואָרן אויפן באַפעל פונעם בירגערמייסטער, וועלכער האָט זיך אין אים נוקם געווען.

די איבעריקע מיטגלידער פונעם יודענראַט, וועלכע זענען געווען ביזן סוף, האָבן מיטגעהאָלפן די דייטשן ביי דער ליקווידאַציע פון די בעלכאַטאָווער יידן.

***

אויך די ראָל פון דער יידישער פּאָליציי אין בעלכאַטאָוו האָט זיך מיט גאָרנישט אונטערשיידט פון דער ראָל פון דער פּאָליציי אין אַנדערע אָקופּירטע שטעט. די יידישע פּאָליציי האָט געהאָרכזאַם אויסגעפירט אַלע דייטשע באַפעלן.

די יידישע פּאָליציי אין בעלכאַטאָוו איז געשאַפן געוואָרן און באַשטעטיקט געוואָרן דורך דער דייטשער מאַכט דעם 15טן אָקטאָבער 1940. אין דער יידישער פּאָליציי האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַן עלעמענט פון אונטערוועלט־יונגען, וועלכע האָבן שאַנטאַזשירט די שמוגלערס, אויסגעפּרעסט סומעס געלט דורך שלאָגן און פּייניקן די יידן אד״גל. עס האָבן זיך אויך אַריינבאַקומען אין דער יידישער פּאָליציי די בירגערלעכע יוגענט, וועלכע האָט געהאַט געלט אונטערצוקויפן די באַזונדערע מיטגלידער פון יודענראַט. זיי האָבן זיך געמאַכט פון אומגליק לייכטע פּרנסות, אַליין זיך אַרויסגעדרייט פון די צוואַנגס־לאַגערן. דאָס זענען געווען מענטשן מיט שוואַכערע מאָראַלישע ווידערשטאַנדס־פעאיקייטן און האָבן, פאַרשטייט זיך, פּינקטלעך אויסגעפירט אַלץ, וואָס די דייטשע מאַכט האָט געהייסן. צווישן די יידישע פּאָליציאַנטן זענען כמעט נישט געווען קיין פּראָלעטאַרישע עלעמענטן, ווי א חוץ אזא מין נטע שפּיגעלמאַן, וואָס איז שוין פאַר דער מלחמה אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון די פּראָלעטאַרישע

רייען פאַר געלט־מיסברויכן. די יידישע פּאָליציי אין בעלכאַטאָוו איז באַ־שטאַנען פון 33 פּערזאָן. דאָס זענען זייערע נעמען: בוים ישראל, באָגדאַנ־סקי אברהם, בראַם הערשל, גאָלעצקי יעקב, דיכטוואַלד יחיאל פישל, זשוכאָווסקי לייבוש, גרינבערג שאַמע (וועלכער איז אַ געוויסע צייט אויך געווען מיטגליד פון יודענראַט), גאָלדבערג אברהם מייער (כמאַל), גאָלד־בלום משה, גאָלדבלום שמעון, גאָלדבערג יוסף, יאַקובאָוויטש הערשל, קלוג משה (וועלכער איז אויך געווען מיטגליד אין יודענראַט), ליפּשיץ יאַנקל, ליפּמאַן משה מענדל, לעווי פישל, ליפּמאַנאָוויטש קיווע, לייב יעקב־מענדל, מאַכאַבאַנסקי טוביה, מילער יצחק, פּשעמיסלאָווסקי וואָלף, ראָזענצווייג לייב, שטראַוך איציק, שפּיגעלמאַן נטע, וויעלניעוויטש משה, ווישניעווסקי איציק, זשוכאָווסקי הענעך, מאַרקאָוויטש בער, גאָל־סטער מלך, (אויך אַ מיטגליד פון יודענראַט) און בעריש גרינבערג. דער לעצטער איז געווען פאַר־אַרבעטער אין פּויזנער לאַגער און האָט זיך אויסגעצייכנט מיט שלאָגן די יידן און צונעמען ביי זיי דאָס עסן, ווײַ־טער זענען געווען: שטערן יעקב, דזשאַלאָווסקי מענדל, און פּיולאַ בע־ריש. דער לעצטער האָט צוזאַמען מיט זיין ברודער אָפּגעשפּילט אַ שענד־לעכע ראָלע אין די פּויזנער לאַגערן. ער איז געווען אַ לאַגער־„קאַפּאָ", ער האָט געשלאָגן און געמיטשעט און אַ סך יידן זענען אונטער זיינע הענט געוואָרן קאַליקעס. ער איז דער שולדיקער אין טויט פון אַ סך מענטשן, וועלכע זענען צוליב אים אַרויסגעשיקט געוואָרן אין די קרעמאַטאָריעס. די בעלכאַטאָווער פּאָליציי האָט זיך אויסגעצייכנט אין העלפן די דייטשן כאַפּן יידן בעת דער אַפּריל „אַקציע" אין 1942. צוזאַמען מיט די דייטשן האָבן זיי זיך אַ לאָז געטון אין די קעלערס און אויף די בוידעמס זוכן די אויסבאַהאַלטענע יידן. עס האָט זיך זיי דערמאָלט איינגעגעבן אַרויס־צושלעפּן פון זייערע באַהעלטענישן נאָך 400 יידן, וועלכע זענען אַרויס־געשיקט געוואָרן צו ליקווידאַציע.

צו דער דאָזיקער עוואַקואַציע האָט אויך מיטגעהאָלפן דער יו־דענראַט.

אָבער אויך די אויסוואורפן גופא האָט גאָרנישט געהאָלפן, ווייל אויך זיי האָט נישט אויסגעמיטן דער גורל, וואָס האָט געטראָפן אַלע בעלכאַ־טאָווער יידן.

**
*

אין אָנהויב, ווען די דייטשן זענען אַריינגעקומען קיין בעלכאַטאָוו, זענען אַלע אַמטן באַזעצט געוואָרן דורך פאָלקס־דייטשן, ס'רוב פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג. זיי האָבן באַזעצט די אַמטן אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, אין דער פּאָליציי און אַלס קאָמיסאַרן איבער די יידישע פאַרמעגנס. אָבער מיט דער צייט זענען זיי פאַרביטן געוואָרן דורך רייכס־דייטשן.

אין מערץ 1940 האָבן די דייטשן אויפן אָרט פונעם אָרטיקן ביר־גערמייסטער, פאַסטאָר געריהאַרדט, באַשטימט דעם רייכס־דייטש טראַה־נער, אַן אַלטער מיטגליד פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. ער איז געווען דער פאַקטישער ליקווידאַטאָר פון די בעלכאַטאָווער יידן. ער האָט שטרענג אָפּגעהיט און אַדורכגעפירט אַלע אַנטי־יידישע פאַר־אָרדענונגען און נישט נאָר דאָס, וואָס עס האָט אים באַפוילן זיין אויבערמאַכט, נאָר ער אַליין האָט צוגעטראַכט אַ סך זאַכן, וועלכע האָבן אים געהאָלפן, אַז אַ גרויסער טייל פון די יידישע פאַרמעגנס זאָל אַריינפאַלן אין זיין פּריוואַטן באַזיץ. דער פּאַסטאָר געריהאַרדט איז נאָכדעם ווי מען האָט אים אַראָפּגענומען פונעם אַמט אַלס בירגערמייסטער באַשולדיקט געוואָרן אין „סימפּאַטיזירן" מיט יידן. די דייטשע מאַכט האָט אים פאַרגעוואָרפן, אַז ער נעמט יידן אונטער זיין שוץ. מען האָט צוגעשטעלט באַוויזן דעם לאַנדראַט, אַז דער פּאַסטאָר זאָל זיך האָבן געווענדט צום קאָמיסאַר פון דער שניידער־פאַבריק, אויגוסט, וועגן צונעמען צו דער אַרבעט די יידן יידל לייב און ליפּמאַן וולאַשטשאָווסקי.

אָט זענען אייניקע כאַראַקטעריסטישע דאָקומענטן וועגן דעם ענין:

צום

**ה ע ר ק אָ מ י ס אַ ר א ו י ג ו ס ט**

**ווען ס'איז מעגלעך גיט באַשעפטיקונג כיל וולאַשטשאָווסקי און ליט־מאַן וולאַשטשאָווסקי.**

1940, 7/12

הייל היטלער

**ג ע ר ה אַ ר ד ט**

צום הער קאָמיסאַר
**א ו י ג ו ס ט**
דא

**ווען ס'איז מעגלעך... איר ווי אַן אַרבעטער דעם יודל לייבז... וואָס וועט זיכער טון זיין אַרבעט צו דער צופרידנקייט פון זיינע באַלעבאַטים.**

בעלכאַטאָוו, דעם 4טן 1941/1/

**ג ע ר ה אַ ר ד ט**

—0—

בעלכאַטאָוו, דעם 5טן יאַנואַר 1941

צום הער
פּאַסטאָר גערהאַרדט
**ב ע ל כ אַ ט אָ וו**

**דער אָנפירער פון יידישן שניידער־וואַרשטאַט האָט באַקומען פון אייך אייניקע בריוולעך, אין וועלכע איר רעקאָמענדירט אים אָדער בעט אויפצונעמען יידן אין דער יידן־שניידעריי.**

**איך מוז אייך דערויף מאַכן אויפמערקזאַם, אַז איר דורך די דאָזיקע רעקאָמענדאַציעס שטייט אין געפאַר צו ווערן באַטראַכט ווי אַ יידנפריינט. עס וואָלט אפשר געווען נויטיק אייך צו עצהנען, גראָד אייך אין אייער אַנזעעוודיקער פּאָזיציע און ווי אַ דייטש, אַרויסצווייזן מער צוריקהאַלטעוודיקייט.**

דער בירגערמייסטער
און אַמט־קאָמיסאַר
**ט ר אַ ה נ ע ר**

עס איז שווער פעסטצושטעלן, צי איז דער פּאַסטאָר גערהאַרדט ווירקלעך געווען אַזוי יידנפריינטלעך, ווי עס זאָגט זיך אין די דאָקומענטן. אַ פאַקט איז דאָך, אַז פּאַסטאָר גערהאַרדט איז געווען דער גרינדער פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין בעלכאַטאָוו און אַז דער דייטשער געזאַנג־פּאַראיין ווי אויך דער דייטשער ספּאָרט־קלוב, וואָס זענען דורך אים געגרינדעט געוואָרן פאַר דער מלחמה, זענען געווען נאַציִשע נעסטן. אַ פאַקט איז אויך, אַז די דייטשן האָבן דווקא אים באַשטימט אַלס בירגערמייסטער, ווען זיי זענען נאָר אריינגעקומען אין

שטאָט, און דער איבערצייגנדיקסטער פאַקט איז, אַז ער האָט, אין משך פון זיין קאַדענץ, מיט גאָרנישט רעאַגירט אויף די שווידערלעכסטע אַנטי־יידישע אַקטן מצד די פאָלקס־דייטשן.

דער פאַל קעגן פאַסטאָר גערהאַרדט באַווייזט די פאַרשידענע מיני אינטריגעס צווישן די דייטשן, ווען איין דייטש האָט געגראָבן קעגן צווייטן.

ווען אַ פאַל ווען אַ דייטש איז ווירקלעך געפאַלן אַ קרבן צוליב זיינע יידן־פריינטלעכע טאַטן, איז דאָ ווערט צו דערמאָנען: דאָס זענען געווען די דייטשע וועבער פּיעטריק און זיין פרוי.

ביידע האָבן געהערט צו דער סעקטע באַפּטיסטן. זיי האָבן געהאָלפן סיי יידן סיי קריסטן מיט וואָס זיי האָבן נאָר געקענט. זיי האָבן געטראָגן שטילערהייט עסן אין די שטיבן פון די נויטבאַדערפטיקע. זיי האָבן איבערגעגעבן ידיעות פון די פראָנטן, זיי האָבן געפירט אַן אַגיטאַציע קעגן היטלעריזם, זיי האָבן אָפן גערעדט פאַר מענטשן, אַז דער אַנטי־כריסט היטלער מוז ליידן אַ מפּלה. דעריבער זענען זיי אין יאָר 1944 פאַרשיקט געוואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער דאַראַ. דאָס פאַרמעגן פון די פּיעטריקס איז קאָנפיסקירט געוואָרן.

**
*

דער נייער בירגערמייסטער האָט באַלד פון ערשטן טאָג פון זיין אַמטירן באַוויזן, אַז ער איז פעאיק צו פאַרנעמען אַזאַ פּאָסטן. ער האָט גלייך אַרויסגעוואָרפן די יידן פון די בעסערע וווינונגען, און אַכטונג געגעבן נישט נאָר אויף זיין שטאָט, נאָר אויך אויף שכנישע שטעט. אין זיינעם אַ בריוו צום בירגערמייסטער פון זעלאַוו פרעגט ער, צי איז אמת, אַז אין דער פוטבאָל־דרוזשינע פון דייטשן ספּאָרט־קלוב אין זעלאַוו באַטייליקן זיך די צוויי ברידער ברייטשטיין.

ער האָט זיך אינטערעסירט מיט יעדן ווינקעלע. ער איז געקראָכן פון דער הויט צו געפעלן זיינע העכערע שעפן און געפעלן האָט מען געקענט מיט וואָס מער פייניקן יידן. און דאָך האָט מען אויך קעגן אים געפונען אומפּינקטלעכקייטן לגבי די יידן, ד"ה שוואַכקייטן; ווייניק ברוטאַליטעט. דעם 20סטן נאָוועמבער 1940 ווענדט זיך דער לאָדזשער קאָמיסאַר צום בעלכאַטאָווער בירגערמייסטער טדאַהנער און פאָדערט

אים אויף, ער זאָל אים דערקלערן אייניקע זאכן וועגן דער באַציאונג פון די דייטשן צו די יידן אין בעלכאַטאָוו. אָט איז דער פולער טעקסט פון די „פאַרברעכנס", וועלכע די יידן באַגייען נאָך אין בעלכאַטאָוו קעגן דעם דייטשן רייך:

1. „פון אַ פאַרטרויאונגס־מאַן האָב איך מיך דערוווּסט וועגן פאָלגענדן צושטאַנד, וואָס הערשט אין בעלכאַטאָוו: איין ייד האָט באַקומען דעם אויפטראַג איינצוקויפן עופות ביי אַ פאָלקס־דייטש, וועלכער האָט געהאַט דערויף אַ קאָנצעסיע. אַ טייל פון די עופות זענען געשאָכטן געוואָרן און פאַרקויפט געוואָרן צו יידן.

2. ביזן היינטיקן טאָג האָט נאָך עפעס אַ ייד אַן אייגענע פור.

3. אין אייער שוץ־פּאָליציי זענען באַשעפטיקט יידישע פרויען, און מען דערלויבט זיי, נאָך דער פּאָליציי־דינסט צו באָדן זיך אין די זעלבע וואַנעס, אין וועלכע עס באָדן זיך די דייטשן.

איך בעט די זאַכן פעסטצושטעלן, צי איז דאָס ריכטיק און מיר ווי אַמשנעלסטן צו באַריכטן".

לויט דעם ענטפער פון בירגערמייסטער איז צו זען, אַז נאָר איינער פון די אויבן אויסגערעכנטע „פאַרברעכנס" איז ריכטיק. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין דער וואַנע, אין וועלכער עס האָבן זיך געבאָדן די דייטשן, האָט זיך טאַקע געבאָדן די יידישע פרוי לאַנגנאַס, אָבער מען האָט זי שוין פון פאָסטן באַזייטיקט.

וואָס איז שייך דער פור, ד"ה דעם פערד און וואָגן, וואָס האָבן געהערט צו אַ ייד, שטעלט זיך אַרויס, לויט דער מעלדונג פון בעלכאַטאָווער בירגערמייסטער, פּירהט דער ייד מיט דעם פערד און וועגעלע דאָס געהילץ פון דעם פונאַנדערגענומענעם בית־המדרש און עס איז באַלד באַשטימט געוואָרן, אַז ווען דער ייד וועט ענדיקן די אַרבעט וועט מען דאָס פערד אוועקגעבן אַ פאָלקס־דייטש, נאָר עס האָט קיינער נישט געוואָלט נעמען, ווייל דאָס פערד איז נישט ווערט דאָס עסן. ס'איז אַן אַלט און קראַנק פערד...

מיטן איבערנעמען דעם אַמט פון בירגערמייסטער דורך טראַהנערן האָט זיך אָנגעהויבן אין בעלכאַטאָוו די לעגאַלע, געזעצלעכע אויספּלינדערונג פון די יידישע פאַרמעגנס. די יידן זענען פאַרפליכטעט געווען אויסצומעבלירן די וווינונגען פון די אָנגעקומענע דייטשע באַאַמטע. עס זענען פאַראַן דאָקומענטן, אָפיציעלע ווענדונגען צום יודענראַט. אין דאָקומענט

פונעם 20סטן יאַנואַר 1941, פון אַמטסקאָמיסאַר פון דער שטאָט בעלכאַ־טאָוו ווערט געזאָגט פאָלגנדעס:

„צום עלטסטן פון דער יידישער געמיינדע אין בעלכאַטאָוו:

דער בעלכאַטאָווער זשאַנדאַרמעריע־פּאָסטן, געג׳ ליצמאַן־גאַס, נויטיקט זיך, פאַר זייער קיך אין פאַרשידענע קיך־געשיר, איר דאַרפט זיך שטעלן אין פאַרבינדונג מיט דעם לייטער פון דער קיך, כדי דאָס צו דערליידיקן.

בירגערמייסטער און אַמטס־קאָמיסאַר

ט ר אַ ה נ ע ר

אָדער אַ צווייטער דאָקומענט פון 25סטן יאַנואַר 1941:

צום בעלכאַטאָווער יודענראַט:

ביטע צוצושטעלן פאַר דער פּאָליציי־אָפּטיילונג, אונטער דער אָנפירונג פון קאָמענדאַנט פישער, מאַטראַצן צום שלאָפן.

בירגערמייסטער: ט ר אַ ה נ ע ר

עס זענען אויך פאַראַן דאָקומענטן, וווּ עס איז די רייד וועגן צו־שטעלן דורך די דייטשן, אויף דער אויפפאָדערונג פון דער פּאָליציי דאָס פאַרמעגן.

אין דאָקומענט פון 12טן פעברואַר 1941 זאָגט זיך, אז דער פויער רודאָלף קיל דאַרף צושטעלן אין מאַגיסטראַט אריין די פּלושענע קאָלדרעס, וועלכע ער האָט צוגענומען ביי דעם ייד יאַקובאָוויטש. צווישן די דאָקו־מענטן דאַטירט דעם זעלבן מאָנאַט, געפינט זיך אזא בריוו פונעם פּאָ־ליציי־קאָמענדאַנט צום בירגערמייסטער:

„דעם פאַרגאַנגענעם מאָנאַט האָב איך צוגעשטעלט אַ פולע רשימה פון די זאַכן און מעבל, וועלכע שטאַמען פון יידן און געפינען זיך פאַר־לויפיק אין מיין באַזיץ. איך האָב געהאַנדלט אין דעם זין, ווי איר, הער בירגערמייסטער, האָט עס פון מיר פאַרלאַנגט. איך האָב צוזאַמענגענומען די אַלע זאַכן, וועלכע זענען געווען שוין כמעט ווי פאַרפאַלן אין פריי־וואַסטן באַזיץ, וואָס פאַרשידענע מענטשן האָבן צעשלעפּט פאַר זיך. דערביי האָב איך אַליין געליטן אַ גרויסן שאָדן: איך האָב געהייסן פאַרקויפן מיינע זאַכן, וועלכע האָבן זיך געפונען ביי מיין מוטער אין פּאַביאַניץ און האָב איר אַהינגעשיקט אַנדערע. אַ טייל פון מיינע זאַכן האָב איך אַוועקגעשענקט מיינע באַקאַנטע. צוויי פאַר בעטן האָב איך מיט אייער וויסן אויסגעטוישט

> ביי יידן. אפשר וואָלט מעגלעך געווען די דאָזיקע זאַכן צו קויפן? איך בעט מיר געבן אַן עצה וואָס איצט צו טון, אַז אַלס באַאַמטער זאָל איך נישט זיין צום חוזק ביי די פּאָליאַקן און יידן, וועלכע האָבן מיך פיינט. ווייטער וויל איך אייך מיטטיילן, אַז עס געפינען זיך נאָך זאַכן ביי פאַרשידענע מענטשן, דאָס זענען זאַכן, וועלכע זענען אויף אַן אומגעזעצלעכן־אופן צוגענומען געוואָרן ביי די יידן. איך בעט אייך, אַז איר זאָלט דאָס אַלעס. וואָס מען וועט אייך אויף מיר דערציילן נישט גלויבן, עס זענען דאָ פאַראַן אַ סך מענטשן, וועלכע זענען לגבי מיר פיינטלעך געשטימט. קעגן זיי שטיי איך שטענדיק מיט אַ ריין געוויסן. דעם אמת קאָן מען פאַר דער ליכט ברענגען. איך בין איינער, וואָס האָב פאַר אייך אַלץ געטון, און בין גרייט פאַר אייך אויף ווייטער אַלץ צו טון. איך בעט נישט אָפּזאָגן מיין ביטע, אַנדערש קאָן איך מיינען, אַז איך ווער ערגער טראַקטירט, ווי די שונאים פון דייטשן רייך".

אין אַ דאָקומענט פון 2טן יאַנואַר 1941 איז פאַראַן אַ פאַראָרדענונג פונעם בירגערמייסטער, אַז די יידן זאָלן צושטעלן פאַרן „פירער" פון דער היטלער־יוגנט, יאַנסען, אַ שאַנק. דעם 20סטן נאָוועמבער 1941 גיט דער בירגערמייסטער דעם פּאָליצײ־קאָמענדאַנט בלאָך אַ דערלויבעניש צוצו־נעמען ביים ייד הערשל גראַנעק אַ קליידער־שאַנק און אַ שפּיגל. ערגער זענען געווען די פאַראָרדענונגען פון בירגערמייסטער, וועלכע האָבן באַ־שווערט די יידן דאָס לעבן. ער האָט אינגאַנצן פאַרווערט דעם פאַרקער צווישן די יידן. אין דעם פּרט האָבן די בעלכאַטאָווער יידן געהאַט נאָך ערגערע באַדינגונגען, ווי די יידן אין אַ געטאָ. יענע האָבן זיך געקענט כאָטש אויפן שטח פונעם געטאָ פריי באַוועגן, דאָ איז דער ווילן זיך צו זען מיט אַ ייד, אַ שפּאַציר פון איין ייד צו אַ צווייטן, געווען פאַר־בונדן מיט מסירת נפש: אויב מען האָט אין וועג געטראָפן אַ דייטש אָדער אַ זשאַנדאַרם, האָט עס געקאָנט קאָסטן אפילו דאָס לעבן, אין בעסטן פאַל איז מען אָפּגעקומען מיט שווערע קלעפּ אָדער מיט גרויסע סומעס געלט זיך אויסצוקויפן.

ביזן 18טן פעברואַר 1941 האָבן זיך נאָך געקענט פריי באַוועגן אויף די גאַסן די יידישע פּאָליציי. נאָך דער דאַטע קומט דער פאַרבאָט אויך פאַר דער יידישער פּאָליציי זיך צו באַוועגן אין די אַזוי גערופענע „שפּער שעהען". מען פאַראָרדנט די שוץ־פּאָליציי זאָל דערויף אכטונג געבן און יעדן ייד, וואָס מען וועט כאַפּן אין גאַס אין די שפּער־שעהען זאָל מען שטרענג באַשטראָפן. די „שפּער־שעהען" האָבן געדויערט אַ גאַנצן טאָג. איין שעה אין טאָג איז געווען פריי פאַר יידן, צו גיין אין גאַס. איז די

שעה אויך אָנגעקומען מיט צרות. מען האָט געדאַרפט זיך היטן נישט אַרויסצוגיין מיט אַ מינוט פריער און נישט בלייבן אַ מינוט שפּעטער.

לויט אַ פאַראָרדענונג פונעם בירגערמייסטער ווערט צום 10טן יוני 1941 צוזאַמענגענומען אַלע יידישע ספרים און רעליגיעזע חפצים פאַרן דייטשן מזרח־אינסטיטוט צו פאָרשן די יידן־פראַגע.

דעם 10טן יוני 1941 מעלדעט דער בעלכאַטאָווער בירגערמייס־טער דעם לאַנדראַט פון לאַסקער קרייז אין פּאַביאַניץ, אַז ער האָט די זאַמלונג פאַרענדיקט.

מיט דער דאָזיקער זאַמלונג פאַרענדיקט זיך דער ערשטער פּעריאָד פון די רדיפות אויף די יידן אין בעלכאַטאָוו. נאָכדעם הויבט זיך אָן דער צווייטער פּעריאָד, דער ערגסטער: די ליקווידאַציע.

***

מיטן אויסברוך פון דער דייטש־סאָוועטישער מלחמה האָט די דייַ־טשע אַדמיניסטראַציע באַקומען אַ פאַראָרדענונג צו פאַרשאַרפן דעם קורס בנוגע יידן. עס הויבן זיך ווידער אָן רעוויזיעס און רעקוויזיציעס. די בעלכאַטאָווער יידן האָבן דערפילט, אַז עס הענגט עפּעס איבער זיי אין דער לופטן. מען האָט נאָך מער מורא באַקומען צוזאַמענצוטרעפן זיך. עס זענען געפאַלן קרבנות אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרוואָן. אין יידישן קוואַרטאַל האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעשטעלט די באַוועגונג. אָפּגעשטאָרבן די קולטור־אַרבעט, די אומלעגאַלע שולן זענען אינגאַנצן געשלאָסן געוואָרן, ווייל די עלטערן האָבן מורא געהאַט אַרויסצולאָזן אַ קינד אין גאַס אַריין. פּלוצים האָבן די דייטשן אָנגעהויבן נישטערן די פּאָליטישע כשרות פון אַ גאַנצער רייע מענטשן, סיי יידן און סיי פּאָליאַקן. דעם 1טן אויגוסט 1941 האָט דער לאַנדראַט אין פּאַביאַניץ צוגעשיקט קיין בעלכאַטאָוו אַ צירקולאַר וועגן „באַשפּייזן" די אַלטע און קראַנקע יידן *)

דער דאָזיקער דייטשער דאָקומענט איז פון גרעסטער ציניזם און פּערפידיע, ווייל עס האָט לאַנג נישט געדויערט און מען האָט זיך איבערצייגט, אַז די אויבנדערמאָנטע קאַטעגאָריע מענטשן זענען דאָס געווען די ערשטע קרבנות אין נאַצישן אויסראָטונגס־פּלאַן. באַלד איז געקומען אַ צווייטע פאַראָרדענונג, וועלכע האָט פאַרבאָטן שווער קראַנקע יידן אָפּצושיקן קיין לאָדזש אין שפּיטאָל אַריין. מען האָט פאַראָרדנט

*) זע דאָקומענט אויף זייט 490.

**Der Amtskommissar**
der Stadt Belchatow
Kreis Lask – Wartheland

Belchatow, den 10. Juni 1941

An den
Herrn L a n d r a t des Kreises L a s k
in P a b i a n i c e .

Tgb.Nr. 2021/41

Betr.: Sammlung jüdischen Schrifttums.
Vorgang: T/Z. vom 31.V.41

Die Sammlung jüdischen Schrifttums wurde durchgeführt,
Es kommen zur Ablieferung:

1) Talmud – jüdische Bibel
2) Hammerle – Gebetsbuch für Sabbat
3) Simmerle – Gebetsbuch für tägliche Gebete
4) Schriftrollen auf Schweinsleder
5) 1 Säckchen mit Gebetsklötzen
6) 1 Schultertuch – das jeder betende Jude beim Gebet trägt. Die aufgezählten Gegenstände werden der Kreisleitung zugeführt.

Der Amtskommissar:
Kalmer

---

Der Amtskommissar
der Stadt Belchatow
Kreis Lask
(Wartheland)

BELCHATOW, den 7. August 1941

An den
Herrn L a n d r a t des Kreises L a s k
in P a b i a n i c e .

Tgb.Nr. 3586/41

Betrifft: Unterbringung gebrechlicher und kranker Juden.
Abt. Nr. St./KP.

In Erledigung der Anfrage vom 1.VIII.1941 über gebrechliche und kranke Juden melde ich für die Stadt Belchatow nachfolgend aufgeführte Namen:

1) Schwarzberg Tojwia, Hindenburgplatz 3
2) Wojdyslawski Chune, Evangelischestr.4
3) Landau Sora, Litzmannstädterstr. 18
4) Goldstein Icek, Freiheitsplatz 19
5) Goldberg Schymon, Breslauerstr. 7
6) Freimann Icek, Evangelischestr. 4
7) Krasnicka Sura Fejga, Evangelischestr. 13
8) Stepnicka Sura Rachla, Horst Wesselstr.24
9) Kalmann Majnysch, Horst Wesselstr. 31
10) Warschawski Schlama D. Adolf Hitlerstr. 2
11) Spiegelmann Israel, Litzmannstädterstr. 11
12) Herskowicz Ryven, Litzmannstädterstr. 8
13) Piaskowski Moche, Horst Wesselstr. 25
14) Przybylski Israel Gerson, Freiheitsplatz 9
15) Baum Chaskiel, Horst Wesselstr. 20
16) Szmulewicz Estera Rachla, Litzmannstädterstr.43
17) Szwarcbord Rafael, Evangelischestr. 4
18) Klug Benjamin, Evangelischestr. 7

Der Amtskommissar:
Kalmer

אָפּצוּריינציקן פון די יידישע איינוווינער א גאַנץ הויז און עס צו איזאָלירן פאַר די אָנשטעקנדיקע קראַנקע. די דייטשן וואָלטן ביי זיך אין שטאָט נישט געדולדעט קיין הויז מיט אָנשטעקנדיקע קראַנקע, ווען זיי וואָלטן נישט געוווּסט, אַז דאָס איז נאָר א זאַמל־פּונקט אויף א גאָר קורצער צייט, אַז מען וועט די מענטשן פון דעם דאָזיקן הויז באַלד אַרויסשיקן.

שוין דעם 7טן אויגוסט מעלדעט דער בעלכאַטאָווער אמטסקאָמיסאַר דעם לאַנדראַט אין פּאַביאַניץ וועגן א גאַנצער רשימה פון קראַנקע און קאַליקעס, וועלכע עס האָט אים צוגעשטעלט דער בעלכאַטאָווער יודענראַט.

דער דאָזיקער דאָקומענט קלינגט ווערטלעך אַזוי:

„אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אָנפראַגע פונעם 1טן אויגוסט 1941 וועגן די קאַליקעס און קראַנקע יידן, וועלכע געפינען זיך אין בעלכאַטאָוו, שיק איך אייך איבער פאָלגענדיקע רשימה:

1. שוואַרצבערג טובה, הינדענבורג פּלאַץ 5
2. ווידיסלאַווסקי חנה, וואַנגעלישע גאַס 4
3. לאַנדוי שרה, ליצמאַנשטאַט גאַס 18
4. גאָלדשטיין יצחק, פרייהייטס גאַס 15
5. גאָלדבערג שמעון, ברעסלאַוער גאַס 7
6. פריימאַן יצחק, וואַנגעלישע גאַס 4
7. קזשעפּיצקאַ שרה פייגע, וואַנגעלישע גאַס 13
8. שטאַפּניצקאַ שרה רחל, האָרסט וועסעל גאַס 24
9. קאַלמאַן בייניש, האָרסט וועסעל גאַס 31
10. וואַרשאַווסקי שלמה, אַדאָלף היטלער גאַס 2
11. שפּיגעלמאַן ישראל, ליצמאַנשטאַט גאַס 11
12. בערקאָוויטש ראובן, ליצמאַנשטאַט גאַס 9
13. פּיאַסקאָווסקאַ נאַכע, האָרסט וועסעל גאַס 25
14. פּזשיבילסקי ישראל גרשון, פרייהייטס פּלאַץ 9
15. בוים יחזקאל, האָרסט וועסעל גאַס 20
16. שמולעוויטש אסתר רחל, ליצמאַנשטאַט גאַס 43
17. שוואַרצבאַרד רפאל, וואַנגעלישע גאַס 4
18. קלוג בנימין, וואַנגעלישע גאַס 7.

אויגוסט 1941 הויבט מען אָן אַרויסצושיקן די יידן פון בעלכאַטאָוו און עס ווערט וואָס אַמאָל שטרענגער דער קאָנטראָל איבער די יידן. עס ווערט פאַרבאָטן צו באַשעפטיקן די יידן ביי וועלכער עס איז אַרבעט. עס ווערט אין אַן עקסטרא פאַראָרדנונג פונעם לאַנדראַט (דאָס איז א פונקציע פון אַן אַמאָליקן סטאַראָסטע) נאָכאַמאָל ספּעציעל אויפמערק־

זאָם געמאַכט, אַז די אָרטיקע אַדמיניסטראַציע זאָל גוט היטן, אַז די ייִדן זאָלן נישט פאַרלאָזן זייערע וווין־ערטער... און אַזוי שיט זיך אויף די קעפּ פון די בעלכאַטאָווער ייִדן איין גזירה נאָך דער צווייטער. מען באַווייזט נישט אויסצופירן איין פאַראָרדענונג און עס דערשיינט שוין אַ צווייטע. דעם 19טן אויגוסט 1941 שיקט דער לאַנדראַט צום בעלכאַטאָווער אַמטס־קאָמיסאַר אַ מאַפּע פון דער שטאָט בעלכאַטאָוו און עס ווערט דאָרט גענוי אָנגעוויזן די צאָל גאַסן און וווינונגען, ווו מען דאַרף קאָנצענטרירן די ייִדן. מען ציט נאָך ענגער צוזאַמען די בעלכאַטאָווער ייִדן, כדי צו מאַכן אָרט פאַר די ייִדן פון די קלענערע שטעטלעך, וועלכע מען ברענגט צוזאַמען קיין בעלכאַטאָוו. די ייִדן פון דער אַרומיקער געגנט האָבן געמוזט אין משך פון איין וואָך פאַרלאָזן זייערע וווין־ערטער און זיך אַריבערציען קיין בעלכאַטאָוו.

די דייטשן האָבן דאָ אָנגעווענדט די זעלבע מיטלען, ווי אומעטום: קאָנצענטרירט די ייִדן פון די קלענערע ערטער אין די גרעסערע אַריין, כדי עס זאָל זיי לייכטער זיין אַלע אויף אַמאָל צו ליקווידירן.

די פאַראָרדענונג צוגעשיקט פונעם לאַנדראַט צום אַמטס־קאָמיסאַר פון דער גמינע וואַדזשעכאָדע אַנטהאַלט פאָלגנדיקן אינהאַלט:

„איר דאַרפט זיך פאַרשטענדיקן מיטן בעלכאַטאָווער בירגערמייסטער וועגן אַריבערפירן אַהין די 7 ייִדן פון דאָרף פשיכאַוואָניצע. דאָס איבער־זידלען זיי מוז שנעל אַדורכגעפירט ווערן, כדי נישט צו געבן קיין צייט די ייִדן זיך צו אָריענטירן און אַנטלויפן. עס איז די ייִדן דערלויבט מיט־צונעמען מיט זיך זייער שטוב־ווירטשאַפט, די צוגעגרייטע לעבנסמיטל־פּראָדוקטן. עס איז זיי אויך דערלויבט מיטצופירן קוילן, האָלץ, טאָרף. די גמינע מוז צו דעם צוועק צושטעלן פורמאַנקעס. ביטע מיר מיטטיילן צי די איבערזידלונג איז אַדורכגעפירט געוואָרן לויט די אָנווייזונגען".

עס וועט דאָך קיינער נישט גלויבן, אַז דער זעלבער לאַנדראַט, וועל־כער האָט אין זיין ראַיאָן שוין אַדורכגעפירט אַ רייע אַקציעס וועט פּלוצלינג ספּעציעל זיך נעמען זאָרגן פאַר די 7 ייִדן פון פשיכאַוואָניצע. דאָס אַלץ איז געמאַכט געוואָרן מיט איין ציל: אָפּצונאַרן די וואַכזאַמקייט פון די ייִדן, די קרבנות זאָלן זיך נישט כאַפּן, וואָס מען גייט מיט זיי טון און נישט באַצייטנס אַנטלויפן.

דעם 16טן סעפּטעמבער 1941 האָבן די קלישטשעווער ייִדן באַקומען אַ פאַראָרדענונג אַריבערצופאָרן קיין בעלכאַטאָוו. דעם 30סטן סעפּטעמבער מעלדעט די זשאַנדאַרמעריע, אַז זי האָט איבערגעפירט די 8 דאָבזשע־

לעווער יידן קיין בעלכאַטאָוו. די 8 יידן זענען געווען: יאַנקל ווינער, עלא ווינער, משה ווינער, שרה ווינער און רבקה ווינער. די צווייטע פאַמיליע איז באַשטאַנען פון: חיים גליקסמאַן, רבקה גליקסמאַן און אברהם גליקסמאַן. עס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין בעלכאַטאָוו די יידן פון גראַבאַליץ, בעלכאַטאָווק, לענקאָווע און אַנדערע. ווי אַנדערש ווי מיט צוגרייטן צו דער ליקווידאַציע פון די יידן אין בעלכאַטאָוו קאָן מען אויפקלערן די ווענדונג פונעם לאַנדראַט צום בעלכאַטאָווער בירגערמייסטער פונעם 13טן אָקטאָבער וועגן אַ גענויער רשימה פון די יידן, וועלכע ער דאַרף האָבן פאַר דער געהיים־פּאָליציי. אָט ווי עס קלינגט דער טעקסט פון דער דאָזיקער פאַראָרדענונג:

**„צום בעלכאַטאָווער בירגערמייסטער:**

**איך מוז האָבן פאַר דער געהיים־פּאָליציי אַ גענויע רשימה, וויפל יידן עס וווינען אין בעלכאַטאָוו. עס מוז גענוי אָנגעגעבן ווערן וויפל מענער און וויפל פרויען. אַ ספּעציעלער אַכט מוז געלייגט ווערן אויף די קינדער ביז 6 יאָר, וועלכע זענען נישט פאַרפּליכטעט צו טראָגן דעם יידן־צייכן".**

עס איז קלאָר, אַז זיי האָבן דערמיט געמיינט, אַז אין מאָמענט ווען עס זאָל קומען די ליקווידאַציע פון די בעלכאַטאָווער יידן, זאָל מען נישט קאָנען אויסבאַהאַלטן די קינדער. דעם 22סטן אָקטאָבער האָט דער יודענראַט דערהאַלטן אַ אָנווייזונג וועגן דעם פונעם בירגערמייסטער. אָט איז דער טעקסט דערפון:

**„דעם עלטסטן פון יודענראַט אין דער יידישער גמינע אין בעלכאַטאָוו:**

**איך פאַראָרדן אין משך פון דריי טעג מיר צוצושטעלן אַ גענויע רשימה פון אַלע יידישע איינוווינער אין בעלכאַטאָוו, לויטן געשלעכט. באַזונדער דאַרף אַכט געלייגט ווערן אויף קינדער ביז 6 יאָר. די רשימות דאַרפן מיר צוגעשטעלט ווערן שפּעטסטנס ביז דעם 26סטן אָקטאָבער".**

דעם 25סטן אָקטאָבער האָט דער יודענראַט צוגעשיקט צום בירגערמייסטער די רשימה פון בעלכאַטאָווער יידן. עס זענען געווען 2.067 מענער, 2.519 פרויען און 536 קינדער ביז 6 יאָר. נאָך קלאָרער און בולטער וועגן די פּלענער פון פאַרניכטן די יידן דערציילט דער דאָקומענט פונעם 8 יאַנואַר 1942, וועלכן דער בעלכאַטאָווער אַמטס־קאָמיסאַר האָט

צוגעשיקט צום לאַנדראַט. צוליב דער וויכטיקייט פון דעם דאָזיקן דאָקו־מענט גיב איך אים איבער ווערטלעך.

151

Der Amtskommissar
der Stadt Belchatow
- Kreis Lask -
Nr. 4998/42

Belchatow, den 8. Januar 1942

An den
Herrn L a n d r a t des Kreises L a s k
- Abt. Kreissyndikus -
in P a b i a n i c e.

Betr.: Judenliste.

Laut anliegender Liste ergibt die Aufstellung der kranken und unbeschäftigten Juden eine Gesamtzahl von 3.425.

Ich wiederhole die genaue Aufstellung um Unklarheiten zu vermeiden:

a) die mit blau gekennzeichneten Juden sind Handwerker und in Handwerksbetrieben Beschäftigte.

b) die rot angezeichneten sind ohne Beschäftigung, einschließlich der Alten Männer und Frauen.

c) jene Juden ohne Kennzeichen sind die Kranken insgesamt 1597, die sofort wegtransportiert werden können.

Die Kinder unter 8 Jahren konnten nicht gekennzeichnet werden, denn ich hätte mich in die Gefahr begeben, den Juden mehr zu verraten als notwendig ist.

Der Amtskommissar:
[signature]

142/42

—0—

בעלאַכטאָוו, דעם 8טן יאַנואַר 1942

דער אַמט־קאָמיסאַר
פון דער שטאָט בעלכאַטאָוו
קרייז לאַסק
נר׳ 4998/42

צום הער
לאַנדראַט פון קרייז לאַסק
— אָפּט׳ קרייז־סינדיקוס
א י ן פּ אַ ב י אַ נ י ץ

142/02

ע נ י ן: רשימה פון יידן.

לויט בייגעלייגטער רשימה איז דער גאַנצער סכום פון די קראַנקע און אומבאַשעפטיקטע יידן 3.425.

איך חזר איבער כדי צו פאַרמיידן דאָס אַנגעבן פון אומקלאָרקייטן:

א) די יידן מיט בלוי באַצייכנט זענען בעלי־מלאכות און באַשעפטיקטע אין האַנטווערקער־באַטריבן.

ב) די מיט רויט באַצייכנטע זענען אַן באַשעפטיקונג, איינגעשלאָסן אַלטע מענער און פרויען.

ג) יענע יידן אַן שום קענצייכן זענען די קראַנקע, צוזאַמען 1.597 נפשות, וואָס קאָנען תיכף ווערן אַוועקטראַנספּאָרטירט.

די קינדער אונטער 8 יאָר קאָנען נישט ווערן פאַרזאָרגט מיט אַ קענ־צייכן, דען איך וואָלט זיך אויסגעזעצט דער סכנה, די יידן מער אויסצוזאָגן וויפל ס'איז נויטיק.

דער אַמט־קאָמיסאַר

טראַהנער

דער דאָזיקער דאָקומענט נויטיקט זיך נישט אין קיין קאָמענטאַרן. ער באַווייזט נישט בלויז, אַז די געסטאַפּאָ האָט זיך שוין אין אָנהויב 1942 געגרייט צו דער פאַרניכטונג פון די בעלכאַטאָווער יידן, נאָר עס באַווייזט נאָך עפּעס: אַז אַלע קלענערע דייטשע באַאַמטע זענען געווען אינפאָרמירט וועגן דעם, אַז מען גרייט די יידן פאַרניכטונג און זיי האָבן אַלץ געטון כדי דערצו צוצוהעלפן.

**
*

אָנהויב 1942 ווערט דער טעראָר קעגן דער יידישער באַפעלקערונג נאָך מער פאַרשטאַרקט. ס'איז געווען אַ פאַרשפּיל צו דער אַלגעמיינער ליקווידאַציע. אין פעברואַר 1942 האָט די דייטשע זשאַנדאַרמעריע דורכ־געפירט אַרעסטן צווישן דער יידישער און פּוילישער באַפעלקערונג, ס'רוב מענטשן, וועלכע זענען געווען באַקאַנט פאַרן קריג צוליב זייער פּאָליטי־שער טעטיקייט. אַ טייל פון די אַרעסטירטע האָט מען דערשאָסן אויפן אָרט, אַ טייל האָט מען אַרויסגעשיקט אין די פאַרניכטונגס־לאַגערן. עס איז דעמאָלט דערשאָסן געוואָרן אהרן פּנחס באַרנשטיין, אַ טוער פון די רעכטע פּועלי־ציון פון פאַר דער מלחמה. מען האָט אים פאַרגעוואָרפן, אַז ער איז געווען לערער און דערציער פון יידישע קינדער אין אַן אומ־לעגאַלער שול. מען האָט אים דערשאָסן אין שול־הויף. דאָרט האָבן די נאַצים איינגעאָרדנט די תפיסה פאַר יידן. אהרן פּנחס באַרנשטיין האָט געהערט צו די שענסטע געשטאַלטן אין דעם פאַר מלחמהדיקן יידישן בעלכאַטאָוו. דאָס איז געווען זייער אַ באַשיידענער מענטש. לויט זיין אינ־טעליגענץ האָט ער געקאָנט דערגרייכן אַ סך אַ העכערן אָנזען און בעסערע פּאָזיציע אין לעבן. ער האָט זיך אָבער נישט ליב געהאַט צו שטופּן. ער

איז געווען העברעאישער לערער. ער מיט זיין פאַמיליע האָבן שטענדיק געלעבט כמעט אין נויט, פונדעסטוועגן האָט ער אויף קיין איין רגע נישט אויפגעגעבן זיין אַרבעט אַלס לערער און דערביי אויך זיך פאַרנו־מען מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. אָבער מיט אַזאַ געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, וועלכע האָט שטענדיק געבראַכט פּאָזיטיווע נוצן און מען האָט זי נישט אַרויסגעזען. זיין בילדונג און אינטעליגענץ האָט ער זיך אויך דערוואָרבן אין די שווערסטע באַדינגונגען. דער טאַטע זיינער איז געווען אַ מלמד אין בעלכאַטאָוו. ביז 14 יאָר איז ער געווען ביים טאַטן אַלס „בעלפער" אין חדר. ביינאַכט, ווען אַלע זענען שוין געשלאָפן, פלעגט ער אַרויסשלעפּן פון אַ באַהעלטעניש זיינע ביכער, און ביי אַ קאַניצל לער־נען ביז פאַרטאָג. ער האָט זיך קיינמאָל נישט צעשיידט מיטן בוך. שטענדיק האָט מען אים געזען מיט עפּעס אַ ספר אונטער דעם אָרעם, סיי אין די צייטן פון בית־המדרש, ווען עס האָבן אים פאַרפאָלגט פאַנאַטיקער פון דער דעמאָלטיקער סביבה און סיי אין די צייטן פון דער אָקופּאַציע, ווען אַ ספר פאַר אַ ייד איז געווען אַ לעבנס־געפאַר.

אַ גרויסער טייל פון דער בעלכאַטאָווער יוגענט האָבן אים געהאַט צו פאַרדאַנקען זייער וויסן. ער איז אויך געווען אַ גוטער לעקטאָר, גע־לייענט אויף ליטעראַרישע טעמעס. ער איז געווען ראַטמאַן פון בעלכאַ־טאָווער שטאָט־ראַט. אפילו זיינע אידעאישע קעגנער האָבן זיך צו אים באַצויגן מיטן גרעסטן רעספּעקט צוליב זיין גייסטיקער און מאָראַלישער דערהויבנקייט. ער איז געטריי געבליבן זיין וועלט אַנשויאונג און מיי־נונג, אַז אַ מענטש קאָן מען אויסבעסערן דורך אַנטשפּרעכנדיקער דער־ציאונג און דערפון איז געקומען זיין לעבנס־באַרוף, אַלץ לערער און דער־ציער. דערפאַר איז ער אויך אומגעקומען. אומגעקומען אויפן פּאָסטן אַלס לערער און דערציער.

אָנהויב מערץ 1942 האָבן די דייטשן אַרעסטירט 16 בעלכאַטאָווער יידן, אַלס אַזויגערופענע „זאַקלאַדניקעס". 10 פון זיי האָט מען אויפ־געהאָנגען, די פאַרבליבענע 6 האָט מען אַרויסגעלאָזט נאָכדעם, ווי זייערע פאַמיליעס האָבן אָוועקגעטראָגן דעם אַמטס־קאָמיסאַר און דער זשאַנדאַר־מעריע זייער גאַנץ פאַרמעגן.

די זעקס אָפּגעראַטעוועטע זענען געווען: שלמה שמולעוויטש, מאיר זשוכאָווסקי, בערל רובינשטיין, שמואל יאַקובאָוויטש, יאַנקל פּלאַקאָ־וויטש און משה קלוג. עס איז אַ חוץ דעם אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף

דער יידישער באַפעלקערונג אַ שווערע קאָנטריבוציע. מען האָט געמוזט צושטעלן צוויי קילאָ גאָלד, 10 קילאָ זילבער און אַ גרויסע געלט־סומע במזומנים. עס איז זיך גרינג פאָרצושטעלן ווי עס איז אויסגעקומען דאָס אַלץ צוזאַמענצושטעלן, נאָכדעם, ווי די יידן זענען שוין פריער גענוג באַרויבט געוואָרן. דעם 13טן מערץ באַריכטעט דער בעלכאַטאָווער אַמטס־קאָמיסאַר דעם לאַנדראַט:

**„ביי מיר איז היינט געווען דער קרימינאַל אויבער־סעקרעטאַר וואַל־דען מיט אַ באַאַמטן פון דער געסטאַפּאָ און מיר איבערגעגעבן, אַז מיט־וואָך, דעם 18טן מערץ 1942 פאַרמיטאָג, 11 אַזייגער מוזן אין בעלכאַ־טאָוו אויפגעהאָנגען ווערן 10 יידן".**

די וועלכע האָבן בייגעווינט די דאָזיקע שוידערלעכע עקזעקוציע האָבן דערציילט, אַז דעם 18טן מערץ אינדערפרי האָט מען אַלע יידן אַרויסגעטריבן פון די שטובן צום שול־הויף. פון דאָרט האָט מען זיי צו 5 אין דער רייע געפירט אויפן פּלאַץ, וואָס האָט געהערט צו יאַנקל בער ליבערמאַן, וווּ עס איז שוין געשטאַנען גרייט אַ תליה. אַרום 10 אַזייגער האָט די יידישע פּאָליציי אין דער באַגלייטונג פון דער זשאַנדאַרמע־ריע געבראַכט צופירן די 10 יידן, וועלכע זענען געווען באַשטימט אויף אויפצוהענגען. זיי זענען אַלע געווען מיט געבונדענע הענט.

די 10 יידן זענען געווען:

יאַנקל ערליך,
משה וואָלפאָוויטש
לייביש פעלדמאַן
מענדל פעלד,
יעקב הערש שטאַטלענדערס אַן אייניקל,
משה אהרן טויבע,
יחזקאל שפּיראָ,
ירחמיאל בוים,
אליעזר ראַוויטש (אַ לאָדזשער ייד),
און לייביש מיכל לאַנדאַו.

א שטאַרקן איינדרוק האָט אויף אַלע אַנוועזנדיקע יידן געמאַכט דאָס האַלטן זיך פון משה וואָלפּאָוויטש: מיט פעסטע טריט און אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ איז ער דער ערשטער אַרויפגעגאַנגען אויף דער תליה. ער האָט זיך אַליין פאַרלייגט דעם שלייף אויפן האַלדז און אויסגעשריגן צו די יידן, זיי זאָלן נישט פאַרלירן דעם מוט, אַז אויף די דייטשן וועט



די צען געהאָנגענע אין בעלכאַטאָוו דעם 19טן מערץ 1943

קומען אַ ווילסטע מפּלה, און אַז מען זאָל נקמה נעמען פאַר אַלע פאַרברעכנס וואָס די דייטשן באַגייען. און צו די איבעריקע פאַרמשפּטע האָט ער זיך געווענדט, אַז זיי זאָלן קיין מורא נישט האָבן און זיך האַלטן ווירדיק. די איבעריקע זענען אים נאָכגעגאַנגען. 20 מינוט זענען זיי געשטאַנען מיט די פאַרלייגטע אויפן האַלדז שלייפן ביז דער פּרעזעס פונעם יודענראַט טאָפּאָליעוויטש האָט איבערגעלייענט דעם „באַשולדיקונגס־אַקט", וועלכן דער בירגערמייסטער טראַהנער האָט אים דערלאַנגט. אין דעם „באַשולדיקונגס־אַקט" האָט זיך געזאָגט: אַז אין נאָמען פון דער

דייטשער גערעכטיקייט ווערן די 10 יידן באַשטראָפט פאַר ספּעקולאַציע, סאַבאָטאַזש און דיווערסיע קעגן דער דייטשער קריגס־ווירטשאַפט, פאַר פירן אומלעגאַלן האַנדל און שמוגל, פאַר הויבן די פּרייזן אויף לעבנס־מיטל פּראָדוקטן. נאָכדעם ווי טאַפּאַליעוויטש האָט איבערגעלייענט דעם „באַשולדיקונגס־אַקט", האָט דער פאָרשטייער פון דער לאָדזשער געסטאַ־פּאָ ריכטער באַפוילן אָפּערצונעמען דעם פּאָדיום, אויף וועלכן די פאַר־משפּטע זענען געשטאַנען. דעם פּאָדיום האָט אָפּגערוקט פון אונטער זייערע פיס אברהם אַלטער גאָלדבערג (כמאָל). די יידן אַרום זענען גע־שטאַנען, ווי פאַרגליווערטע, זיי האָבן זיך מורא געהאַט אַ ריר צו טון, ווייל די דייטשן, וועלכע זענען געשטאַנען אַרום דער עדה יידן מיט אָנ־געשטעלטע מאַשין געווער, האָבן געהאַט אַ פאַראָרדענונג, ביי דער מינ־דעסטער באַוועגונג אין די רייען פון די יידן — שיסן אין דער מאַסע אַריין. ביז 5 אַזייגער נאָכמיטאָג זענען די 10 יידן געהאָנגען אויף דער תליה. די בעלכאַטאָווער יידן זענען מיט אַ שווער געמיט נאָך דעם אי־בערגעלעבטן צוריקגעקומען אין זייערע שטובן נישט זייענדיק זיכער, וואָס דער מאָרגנדיקער טאָג וועט זיי ברענגען.

דעם 19טן מערץ 1942 באַריכטעט דער בעלכאַטאָווער אַמט־קאָמיסאַר דער אָרט־קאָמענדאַנטור לאַסק:

172

Der Amtskommissar
der Stadt Belchatow
- Kreis Lask -

Tr 6881/42
Tgb. 146/21

Belchatow, den 19. März 1942

An die
Standortkommandantur Lask
in Lask

Betr.: Exekution.

Auf Grund des Rundschreibens der Standortkommandantur melde ich, daß gestern vormittags 11 Uhr auf Anordnung der Geheimen Staatspolizei 10 Juden auf öffentlichem Platze erhängt wurden. Die Maßnahme wurde als abschreckendes Beispiel durchgeführt wegen fortgesetzten Vergehens der Juden gegen die Kriegswirtschaftsbestimmungen.

Der Amtskommissar:
[illegible]

בעלכאַטאָוו, דעם 19טן מערץ 1942

**דער אַמט־קאָמיסאַר**
**פון דער שטאָט בעלכאַטאָוו**
— קרייז לאַסק —
נר' 5881/42
טאָגבוך 146/21

צו דער
אָרט־קאָמענדאַנטור לאַסק
**אין לאַסק**

**ענין:** עקזעקוציע.

**אויפן יסוד פונעם צירקולאַר פון דער אָרט־קאָמענדאַנטור מעלד איך, אַז נעכטן פּאַרמיטאָג 11 אַזייגער זענען אויפן באַפעל פון דער געהיימער שטאַט־פּאָליציי געוואָרן אויפגעהאַנגען אויף אַ עפנטלעכן פּלאַץ 10 יידן. דאָס מאָסמיטל איז געוואָרן דורכגעפירט ווי אַן אַפשרעקנדיק ביישפּיל וועגן כסדרדיקע פאַר־ברעכנס מצד די יידן לגבי די באַשטימונגען פון דער קריגס־ווירטשאַפט.**

דער אַמט־קאָמיסאַר
**טראַהנער**

די בעלכאַטאָווער דייטשן האָבן זיך באַרימט, אַז דאָס וואָס מען האָט די 10 יידן אויפגעהאַנגען גראַד אין די פּורים־טעג זאָל זיי דער־מאָנען, אַז דאָס איז זיי אָפּגעצאָלט פאַר המנס 10 זין.

פון דעמאָלט אָן הויבט זיך ווידער אָן אַ סדרה „שפּערעס", הויז־רעוויזיעס און אַנדערע צרות. מען האָט געשמיסן, געפּייניקט, געשאָסן. מען האָט געשמיסן די פרויען, וואָס זייערע מענער האָבן זיך אויסבאַהאַלטן פון אָוועקגעשיקט צו ווערן צו צוואַנגס־אַרבעט. איך גיב דאָ איבער אַ דאָקומענט, וועלכער באַווייזט צו וואָס פאַרא מאָסמיטלען די דייטשן זענען געווען פעאיק.

בעלכאַטאָוו, דעם 27סטן יוני 1942

„צו דעם לאַנדראַט ד״ר שטילער, דינסטלעכע מיטטיילונג:

**איך מעלדע דעם הער לאַנדראַט פאָלגענדיקן פאַקט, וועגן וועלכן עס האָט מיר איבערגעגעבן דער לייטער פון אַרבעטס־אַמט. פּאַרטיי־גענאָסע זאַנדער און זיין מיטאַרבעטער פּאַרטיי־גענאָסע קימפּמאַן. עס דאַרף וועגן דער ריכטיקייט פון די פאַקטן קיין צווייפל נישט זיין, ווייל כ׳האָב ביידע**

באַזונדער אויסגעפּרעגט און ביידע האָבן דערציילט דאָס זעלבע. דער פּאָקט שטעלט זיך, לויט די שילדערונגען, פאָר אַזוי: דער אַרבעטס־אַמט האָט געדאַרפט צושטעלן יידן צו דער אַרבעט. ביינאַכט האָט מען זיי אַרויס־געטריבן פון די שטובן. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן זענען אַ סך יידן ביי דער אַקציע אַנטלאָפן, אָדער זיי האָבן זיך באַהאַלטן. דאַן האָבן מיר צוגענומען די פרויען און טעכטער פון די יידן, וועלכע זענען אַנטלאָפן אין אַרבעטס־אַמט אַריין ביז עס וועלן זיך אָפּזוכן זייערע מענער און פאָטערס. די מענער האָבן זיך נישט צוגעשטעלט און עס האָט זיך פאַר אונדז געשטעלט די פראַגע, וואָס צו טון מיט די פרויען און מיידלעך. די פּאַרטיי־גענאַסן זאַנדער און קימפּמאַן לייגן דאַן פאָר די פרויען און מיידלעך אָפּצולאָזן. דער רעגירונגס־ראַט שטראַם פאַראָרדנט דאַן, אַז מען זאָל די פרויען געבן די פאַרדינטע שטראָף און דאָס געשעט אין דער פאָלגענדיקער פאָרעם: די פרויען און מיידלעך, אין דער צאָל פון 20, מוזן זיך אויסטועט נאַקעט און ווערן מיט בייטשן און שטעקנס געשלאָגן, ווייל זיי ווילן נישט אויסזאָגן ווו עס געפינען זיך זייערע מענער און פאָ־טערס. דער רעגירונגס־ראַט שטראַם האָט נישט נאָר געגעבן די דאָזיקע פאַראָרדנונג, נאָר ער האָט אויך די שטראָף אַדורכגעפירט אַליין מיט דער מיטהילף פון פּאַרטיי־גענאַסע זאַנדער, וועלכער האָט געשלאָגן מיט אַ שטעקן און רעגירונגס־ראַט שטראַם האָט געשלאָגן מיט אַ בייטש. צווישן די יידישע פרויען און מיידלעך האָט זיך אויך געפונען אַ שוואַנגערע פרוי מיטן נאָמען קלוג. זי האָט אָנגעוויזן אויף איר צושטאַנד, נאָר טראָץ דעם האָט זי איר פּסק באַקומען פון רעגירונגס־ראַט שטראַם. וועגן דעם איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם יודענראַט און אויך דער שוץ־פּאָליציי. באַלד נאָכדעם האָט מען אַדורכגעפירט רעוויזיעס אין אַלע יידישע שטובן. די רעוויזיעס האָט אַדורכגעפירט די געהיים־פּאָליציי און די פּאַרטיי־גענאַסן זאַנדער און קימפּמאַן האָבן דערביי באַקומען דעם אויפטראַג נאָכאַמאָל צו קאָנטראָלירן צי מען דערקענט נאָך די שפּורן פון די באַקומענע שמיץ אויף די קערפּערס פון די יידישע פרויען און מיידלעך".

בירגערמייסטער: ט ר אַ ה נ ע ר

אזעלכע און ענלעכע פאקטן האבן זיך כסדר איבערגעחזרט ביזן טאָג פון דער פולשטענדיקער ליקווידאציע.

**
*

מיר קומען צו צום טראגישן קאפיטל פון סוף פון יידישן לעבן אין בעלכאטאָוו, א קאפיטל וואָס שליסט אָפּ העכער 150 יאָר פולסירנדיק יידיש לעבן אין איינעם פון יענע שטעטלעך, וועלכע האָבן מיט זייער בויען און שאפן אויף פארשידענע געביטן פאָרגעשטעלט מיט זיך דאָס אמתע פנים

פונעם שעפערישן פוילישן יידנטום. ס'איז דאָס קאַפּיטל פון דער ליקווי־דאַציע פון די יידן אין בעלכאַטאָוו. די ערשטע „אויסזידלונג" איז פאָרגע־קומען דעם 20סטן אויגוסט 1941.

דעם 19טן אויגוסט האָט דער אַמטס־קאָמיסאַר טראַהנער צוגעשיקט צום יידן־ראַט פאָלגנדיקע פאַראָרדענונג:

19. August 1941.

An den
Aeltestenrat der jüdischen Gemeinde
**B e l c h a t o w.**

Betrifft: Erfassung der männlichen Juden im Alter von 18 – 45 Jahren.

Am Mittwoch den 20. August haben alle Juden im Alter vom 18 – 45 Jahren im Hofe der Fa. L l u k, Horst Wesselstraße anzutreten. Pünktlich 14 Uhr! Ausgenommen sind nur jene Juden die jetzt in der Schneiderwerkstätte beschäftigt sind, jeder andere Beschäftigte ist nicht ausgenommen und hat zu erscheinen.
Der jüdische Arzt hat anwesend zu sein.

Der Amtskommissar:

—0—

19טער אויגוסט 1941

צום
עלטסטנראַט פון דער יידישער געמיינדע
**ב ע ל כ אַ ט אָ וו**

ע נ י ן: מאָביליזאַציע פון די מענלעכע יידן אין עלטער פון 18—45 יאָר.

עס זענען מחויב זיך צו מעלדן פערזענלעך אַלע יידן אין עלטער פון 18—45 מיטוואָך דעם 20סטן אויגוסט אין הויף פון דער פירמע קלוק האָרסט־וועסלער־גאַס. פינקטלעך 14 אַזייגער! אויסגענומען זענען נאָר יענע יידן וואָס זענען פעסט באַשעפטיקט אין שניידער־וואַרשטאַט, די יידן אָבער מיט אַנדערע באַשעפטיקונגען זענען נישט יוצאים מן הכלל און מוזן דערשיינען.
עס מוז בייזיין דער יידישער דאָקטער.

דער אַמט־קאָמיסאַר
**ט ר אַ ה נ ע ר**

מען האָט דעמאָלט צוגענומען אַ 500 יונגע מענער. עס איז אמת, אַז מען האָט זיי נישט געשיקט גלייך אין די קרעמאַטאָריעס, זיי האָבן זיך אָבער אַזוי אָנגעפּלאָגט ביז זייער אומקום, אַז זיי זענען שוין אפשר מקנא געווען די, וועלכע מען האָט געשיקט דירעקט אויף טויט. מען האָט די דאָזיקע ערשטע געשיקט אין די לאַגערן אין פּויזנער קאַנט. דאָרט האָט מען זיי געפּלאָגט ביי די שווערסטע אַרבעטן ביים בויען שאָסייען און אייזנבאַן־ליניעס. נישט איינער איז געפאַלן אונטער די משאות, וואָס זיי האָבן געראַפּט שלעפּן. מען האָט געמוזט אַרבעטן 12—14 שעה אַ טאָג, מען האָט נישט דערלויבט דעם אָטעם איבערצוכאַפּן. פאַרן מינדסטן פּרווו אָפּצורוען זיך ביי דער אַרבעט האָבן באַלד די אויסדרעסירטע דייטשע באַנדיטן געשלאָגן מכות רצח מיט שטעקנס און קאָלבעס פון ביקסן.

מען האָט די יידישע קנעכט געהאַלטן אין באַראַקן אין שרעקלעכע באַדינגונגען. עס איז געווען ענג און שמוציק, צום עסן האָט מען געקריגן 24 דעקא ברויט מיט אַ זופּ פון פאַרפוילטע ריבן אויף מיטאָג און אַ טעפּל שוואַרצע קאַווע אויף אָוונט־עסן. דאָס איז געווען די אָפיציעלע פאַרציע, פאַקטיש איז אָבער דאָס אויך נישט געווען, ווייל אַ העלפט פלעגט צעגנבעט ווערן דורך די דייטשן, דורך די אויפזועער, קוכערס און די „קאַפּאָס", אַזוי אַז ביז עס איז צוגעקומען צום לאַגער־מענטש, איז שוין ווייניק וואָס געבליבן. אויב ביי דער אַרבעט איז עמיצער קראַנק אָדער אָפּגעשוואַכט געוואָרן, האָט מען אים באַלד אָפּגעשיקט קיין אָשוויענטשים צום פאַרברענען. מען איז דעריבער געגאַנגען צו דער אַרבעט מיט 40 גראַד היץ אפילו, אבי נישט אָנגיין פאַר קראַנק. צו קיין דאָקטאָר האָט מען זיך נישט געמאָלדן, מען האָט זיך אַזוי געשלעפּט מיט די לעצטע כוחות און געוואַרט אויף אַ נס. אָבער אין יאָר 1941 און אין 1942 האָבן קיין נסים נישט געקענט געשען. עס זענען געווען יענע צייטן, ווען דער אויסגעהונגערטער יידישער קנעכט האָט פון דער אַרבעט מורא געהאַט צו גיין נאָך דעם ביסל זופּ אויף מיטאָג, ווייל ער האָט דאָרט געקאָנט באַקומען מיט אַ שטיק אייזן איבערן קאָפּ, אַנשטאָט זיין טעלער זופּ.

די בעלכאַטאָווער יידן זענען געווען צעוואָרפן אין די לאַגערן: נעקלאַ, פויזן—רעמפּסין, פויזן—וואַראשין, גוטענבוק א"א.

אין נעקלער לאַגער זענען די מענטשן געלעגן אונטערן פרייען הימל. פאַר הונגער האָט מען געגעסן ווערים. צו דער אַרבעט זענען יעדן טאָג

פון נעקלאַר לאַגער אַרויסגעגאַנגען ווייניקער מענטשן. איבער נאָכט פלעגן פון דערשעפונג און הונגער אויסשטאַרבן צו עטלעכע מענטשן. אין א קורצער צייט זענען דאָרט פון 400 בעלכאַטאָווער נישט געבליבן קיין העלפט. אויסגעשטאָרבן זענען גראָד די סאַמע יינגסטע. עס איז דאָרט געווען א דייטש וואָס האָט זיך נישט געזעצט צום פרישטיק ביז ער האָט נישט דערמאָרדעט א ייד; א צווייטער דייטש האָט געהאַט אַן אופן צו דערלאַנגען די יידן מיט א האַמער אין קאָפּ אַריין. נאָך אַזאַ קלאַפּ מיטן האַמער איז זעלטן ווער געבליבן לעבן. א פּאָר חדשים נאָכן ערשטן גירוש איז אין בעלכאַטאָוו געווען פאַרהעלטנישמעסיק רואיק, אָבער אין אָנהייב 1942 האָט עס זיך ווידער אָנגעהויבן. מען האָט פון די פּויזנער לאַגערן געפאָדערט נייע קאָנטינגענטן אַרבעטער, ווייל פון די פריערדיקע איז שוין דער גרעסטער טייל אויסגעשטאָרבן. עס זענען געווען „שפּערעס" און כאַפּעניש אין משך פון מערץ און אַפּריל. אָנהויב יוני פון יאָר 1942 זענען ווידער יידן אויפגעפאָדערט געוואָרן זיך צו שטעלן אין הויף פון קלוגס פאַבריק. אַנגעלערנט פון די פריערדיקע „אויסזידלונגען" האָבן זיך איצט יידן אַזוי גיך נישט צוגעשטעלט. מען האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין די קעלערס, אויף די בוידעמער, אין די וועלדער. די דייטשן האָבן אָנגעווענדט טעראָר: זיי האָבן דערשאָסן א פרוי, מיטן נאָמען גליקסמאַן, זיי האָבן דערשאָסן לעווקאָוויטשן, זרח צימבערקנאָפּ. דאָס אַלץ האָט אָבער נישט געהאָלפן. די יידן זענען פון די באַהעלטענישן נישט אַרויס. ווען נישט די יידישע פּאָליציי, וועלכע האָט געהאָלפן דער זשאַנדאַרמעריע זוכן און האָט אָנגעוויזן אויף די באַהעלטענישן, וואָלטן די דייטשן אַליין קיין סך נישט אויפגעטון. עס איז דעמאָלט די דייטשן ווידער געלונגען אַרויסצושלעפּן פון בעלכאַטאָוו 400 יידן אין די פּויזנער לאַגערס אַריין. זעלטן ווער פון די פאַרשלעפּטע איז צוריק אַהיים געקומען. אויב עס האָט זיך יאָ געמאַכט א זעלטענער פאַל און איינעם איז געלונגען צו אַנטלויפן און ער איז צוריקגעקומען, האָבן אים אויסגעגעבן יידישע מוסרים, וועלכע האָבן מיטגעאַרבעט מיט דער געסטאַפּאָ.

דעם 17טן פעברואַר 1942 האָט דער קאָמענדאַנט פון דער זשאַנדאַרמעריע איבערגעגעבן דעם בירגערמייסטער פּאָלגנדיקן ראַפּאָרט:

Schutzpolizei-Dienstabteilung
Belchatow.

Belchatow, den 17. 2. 1942.

Der Bürgermeister
[illegible]
Eing. [illegible] FEB. [illegible]
Nr. 55 18/42

Tageb. Nr. 77/42

Nr. 120/03

Meldung.

Betrifft.: Überschreitung der Sperrzeit durch den Juden Chaskil Zwierszynski, 25 Jahre alt, wohnhaft in Belchatow, Breslauer-Strasse 3.

Am 16. 2. 1942 gegen 21,10 Uhr wurde der Obengenannte in der Breslauer-Strasse, südlich hinter den Häusern in Höhe des deutschen Friedhofes umherschleichend angetroffen. Auf Anruf, stehen zu bleiben, ergriff Z. die Flucht. Er wurde auf der Flucht erschossen.

Meister der Schutzpolizei.

Büro Nr. 227/42

Urschriftlich

dem Herrn Bürgermeister u. Amtskomm.

in Belchatow

zur gef. Kenntnisnahme übersandt.

Belchatow, den 17. 2. 1942.

Revier-Leutnant
u. Abteilungsführer.

—0—

שוץ־פּאָליצײ — דינסט־אָפּטײלונג
בעלכאַטאָװ
טאָגבוך נר׳ 77/42

בעלכאַטאָװ, דעם 17טן/2/1942

שטעמפּל:
**דער בירגערמײסטער**
**בעלכאַטאָװ**
אָנגעק׳ 20סטן פעב׳ 1942
נר׳ 120/03

## מ ע ל ד ו נ ג

ע נ י ן: עובר זײן פון גײן אין גאַס נאָך דער דערלויבטער צײט דורך דעם ייד כאַסקל װיערזשינסקי, 25 יאָר אַלט, געװױנט אין בעלכאַטאָװ ברעסלויער גאַס 3.

---

**דעם 16טן/2/1942 אַרום 21.10 אַזייגער איז געוואָרן געטראָפן זיך אַרומשלעפנדיק, דרומדיק הינטער די הייזער אין דער הייך פון דייטשן פרידהאָף דער אויבנדערמאָנטער פון דער ברעסלויער גאַס. אויפן רוף צו בלייבן שטיין, האָט ער אָנגעהויבן צו אַנטלויפן. ער איז געוואָרן דערשאָסן ביים אַנטלויפן.**

**ר ו י ס**
מייסטער פון דער שוץ־פּאָליציי

—0—

בוך — נר׳ 227/42
אָריגינאַל

דעם הער בירגערמייסטער און אַמט־קאָמיסאַר
**א י ן  ב ע ל כ אַ ט אָ ו**

**איבערגעשיקט צו העפלעכער קענטעניש בעלכאַטאָוו, דעם 17טן/2/1942.**

**ב אַ ל ע ר ש ט ע ד ט**
רעזערוו־לייטנאַנט
און אָפּטיילונג־פירער

פאַקטיש האָט זיך דער ענין פאַרגעשטעלט גאָר אַנדערש: דער אויבנדערמאָנטער יחזקאל זוויעזשינסקי איז אַנטלאָפן פון די פּויזנער לאַגערן, צוריקגעקומען אַ היים און זיך אויסבאַהאַלטן אין פאַרשידענע ערטער. אין דעם אויפדערנאַכט, ווען ער איז דערשאָסן געוואָרן, איז ער גראָד געווען ביי זיך אין דער היים. עס האָט עמעצער וועגן דעם צו וויסן געטון די דייטשן און זיי זענען געקומען אין שטוב אריין. דערשאָסן האָט מען אים נישט אויפן דייטשן בית־עולם, נאָר בעת ער האָט געפּרוווט אַרויסשפּרינגען דורכן פענצטער.

אין די פּויזנער לאַגערן האָבן די דייטשן אויסגענוצט אַ גרופּע בעלכאַטאָווער אונטערוועלט־יונגען, זיי אוועקגעשטעלט אַלס „קאַפּאָס" און „שטוב־דינסט". מיט זייער אכזריות האָבן זיך די דאָזיקע אונטערוועלט־מענטשן מיט גאָרנישט אונטערשיידט פון די דייטשע בעסטיעס. אין נעקלער לאַגער האָט געאַרבעט אַלס „פעלדשער" דער בעלכאַטאָווער פריזירער שוואַרצבערג. ער איז געווען דער מבין אויף אַלע קראַנקהייטן, ער האָט אויף זיין געוויסן הונדערטער קרבנות. ער איז שולדיק אין טויט פון

פּראָדל וואָלפאָוויטשעס ייִנגסטן זון, וועלכער איז געשטאָרבן ביי דער אַרבעט. ער איז אויך שולדיק אין טויט פון אַלטן זשיטניצקי מיט זיין זון משה, ער האָט געשיקט צו דער אַרבעט מענטשן מיט צעבראָכענע ריפּן, מיט איבערגעבראָכענע פון די קלעפּ ביינער. א צווייטער קאַפּאָ, בעריש פּילאָ, האָט געשלאָגן מכות רצח. ער האָט צעבראָכן ביי מענטשן הענט און פיס און נאָכדעם איבערגעגעבן די קרבנות צו די דייטשן, מען זאָל זיי אוועקשיקן קיין אָשוויענטשים. ער אַליין האָט איבערגעלעבט און געפינט זיך אין דייטשלאַנד אין דער אַמעריקאַנער זאָנע... עס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייערע מערדערייען: מאַיאָרעק נוס, מלך קראָוויצקי, בעריש גרינבערג און אברהם פּילאָ. זיי פלעגן צונעמען ביי די בעלכאַטאָווער ייִדן אַלץ וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, יעדעס פּעקל פּראָדוקטן, וואָס עס איז געקומען פון דער היים. די אומגליקלעכע אין לאַגער האָבן זיך געמוזט מיט זיי טיילן מיטן ביסן. זיי זענען געווען די באַלעבאַטים פון לעבן און טויט פון די לאַגער־מענטשן. ווער עס האָט זיך געפּרוווט זיי אַנטקעגנצושטעלן, דעם האָבן זיי אַריינגעשטעלט אין צעטל אוועקגעשיקט צו ווערן קיין אָשוויענטשים מיטן מאָטיוו, אַז ער סאַבאָטירט די אַרבעט. די אויסוואורפן האָבן צעבראָכן די ביינער ביים אברהם ליפשיץ און ביי אשר יאַקובאָוויטש, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט אוועקגעבן זייער עסן. אשר יאַקובאָוויטש איז פון די ווונדן געשטאָרבן ביי דער אַרבעט; אברהם ליפשיצן האָבן זיי איבערגעגעבן אוועקצושיקן קיין אָשוויענטשים. דער הונגער אין לאַגער איז געווען אַזוי אומדערטרעגלעך, אַז נישט קוקנדיק דערויף, וואָס די מענטשן אין לאַגער האָבן געוווסט, אַז פאַר גנבענען עפּעס צום עסן דראָט דערשאָסן אָדער אויפגעהאָנגען צו ווערן, האָט מען זיך דאָך געלאָזט אויף דעם וועג עפּעס אַרויסצוגנבענען און כאָטש איינמאָל זיך אָנעסן צו דער זאַט. פאַר גנבענען א פּאָר קאַרטאָפל זענען אין פּויזן־ווורעשין אויפגעהאָנגען געוואָרן ירחמיאל שוואַרצבערג, וועלוול וואַלער און נאָך צוויי בעלכאַטאָווער ייִדן, וועמענס נעמען עס איז נישט געלונגען פעסטצושטעלן. איינער פון די פיר אויפגעהאָנגענע האָט זיך אָפּגעריסן פונעם שטריק פון דער תליה און ער האָט נאָך געלעבט, האָבן די דייטשן אים דערשאָסן. עס איז אויך אויפגעהאָנגען געוואָרן אברהם לישטשאַנאָווסקי פאַר א פּרווו צו אַנטלויפן.

אין יאָר 1942 זענען דריי פּויזנער לאַגערס אויפגעלייזט געוואָרן. די נאָך קליינע צאָל ביים לעבן געבליבענע בעלכאַטאָווער יידן האָט מען אָפּגעשיקט קיין אָשוויענטשים און מיידאַנעק. דאָרט זענען אומגעקומען כמעט אַלע פון די 1.000 בעלכאַטאָווער יידן, וועלכע זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן אין די פּויזנער לאַגערן. עס האָבן זיך פון דאָרט אָפּגעראַטעוועט אַ פּאָר מענטשן, וואָס מען קען זיי איבערציילן אויף די פינגער.

די ליקווידאַציע פון דעם רעשט יידן, וועלכע זענען געבליבן אין בעלכאַטאָוו, האָט זיך אָנגעהויבן דעם 11טן אויגוסט 1942, 6 אַזייגער אינדערפרי. דאָס גאַנצע שטעטל איז אָפּגעשלאָסן און אַרומגערינגלט געוואָרן דורך אָנגעקומענע מאָרד־אָפּטיילונגען און די אָרטיקע דייטשע זשאַנדאַרמעריע מיט דער פּאָליציי. די אַלע, וועלכע האָבן געפּרוווט מיט אַ נאַכט פריער צו אַנטלויפן קיין פּיעטריקאָוו, זענען אין דער גרעסטער טייל דערשאָסן געוואָרן. עס זענען אומגעקומען ביים אַנטלויפן אין די פעלדער די פרויען זשוכאָווסקי און פּליאַקעוויטש. מיט דער ליקווידאַציע האָט אָנגעפירט האַנס ביבאָוו, דער הענקער פון די לאָדזשער יידן. ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך אַן אָפּטיילונג פון דער לאָדזשער יידישער „זאָנדער פּאָליציי", עס האָט דערצו אויך צוגעהאָלפן די אָרטיקע בעלכאַטאָווער יידישע פּאָליציי. באַלד אינדערפרי איז איטשע ווינטער געקומען אין דער שניידער־פאַבריק און אַראָפּגענומען פון דאָרט די יידישע פּאַליציאַנטן, וועלכע האָבן געהיט די פאַבריק און זיי געגעבן דעם אויפטראַג צו פאַרזאַמלען אַלע אַלטע לייט און קראַנקע אויפן זעלווער וועג. דאָרט האָבן שוין געוואַרט אויף זיי אויטאָס מיט געסטאַפּאָ־לייט, וועלכע האָבן זיי באַלד אַוועקגעפירט אין דעם טויטן־לאַגער כעלמנאָ. דאָס זענען געווען די ערשטע קרבנות. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די ענדגילטיקע ליקווידאַציע פון די יידן אין בעלכאַטאָוו.

ווען מען האָט אין 1944 ליקווידירט דאָס לאָדזשער געטאָ, זענען כמעט אַלע בעלכאַטאָווער, וואָס האָבן זיך געפונען אין דעם לאָדזשער געטאָ אומגעקומען אין אָשוויענטשים. פון די טויזנט בעלכאַטאָווער יידן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין לאָדזשער געטאָ, זענען אַ גרויסער טייל אומגעקומען נאָך פריער פון הונגער. עס איז אין לאָדזשער געטאָ אויסגעגאַנגען פון הונגער דער באַקאַנטער בונדישער טוער, ראַטמאַן פון בעל־

כאָטאָווער שטאָט־ראַט הענעך ליבערמאַן. די אויסזידלונג אין בעלכאַטאָוו האָט געדויערט 3 טעג. די מענטשן, וועלכע מען האָט באַשטימט אָפּ־צושיקן קיין כעלמנאָ, האָט מען אַנגעפּאַקט אין דער שול, דערשטיקט צו ווערן. אין דער דאָזיקער דערשטיקעניש איז געשטאָרבן דער חסידישער ייד אברהם יצחק פאַרבער. מען האָט די מענטשן נישט געגעבן אין מויל אַריין אפילו קיין שלוק וואַסער. אַ גאַנצן טאָג זענען די אויטאָס געפאָרן אַהין און צוריק קיין כעלמנאָ. אויפן דריטן טאָג האָט מען נאָך אַוועק־געשיקט די יידן, וועלכע מען האָט געפונען אויסבאַהאַלטענע. אַ גרופּע יידן האָט מען איבערגעלאָזט אין בעלכאַטאָוו אויסצורייניקן די יידישע שטיבער פון דעם איבערגעלאָזטן האָב און גוטס. זיי האָט מען נאָכדעם אַוועקגעפירט אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג און יעדער שפּור נאָך זיי איז פאַרלוירן געוואָרן. אַ קליינער צאָל יידן איז געלונגען אין דער צייט פון דער ליקווידאַציע זיך אויסצובאַהאַלטן און נאָכדעם צו אַנטלויפן קיין פּיעטריקאָוו, אָבער אויך פון זיי איז ווייניק ווער געבליבן ביים לעבן.

***

נאָכן אַרויספירן די יידן פון בעלכאַטאָוו האָבן זיך די דייטשן צע־טיילט מיטן פאַרבליבענעם יידישן האָב און גוטס. דער גרעסטער חלק איז צוגעפאַלן דער לאָדזשער געטאָ־פאַרוואַלטונג מיט ביבאָוון בראש. ביים פּראָצעס קעגן ביבאָוון, וואָס איז פאָרגעקומען נאָך דער מלחמה אין לאָדזש, האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן, אַז ביבאָוו האָט אַרויסגעשיקט אין זיין „היימאַט", צו זיינע קרובים, פאַר שווערע מיליאָנען יידיש האָב און גוטס.

די רעשטלעך פונעם יידישן איבערגעבליבענעם פאַרמעגן האָט מען צעטיילט צווישן די אָרטיקע דייטשן. דאָס „הערן־פאָלק" האָט זיך אַרומ־געריסן צווישן זיך פאַר יעדער יידישער שמאַטע. אין אַ בריוו פון ביר־גערמייסטער צום לאַנדראַט באַקלאָגט ער זיך טאַקע דערויף, ווי שווער עס איז אים אַדורכצופירן די חלוקה, צוליב די רייסענישן צווישן די דייטשן און ער בעט דעם לאַנדראַט, ער זאָל אים באַפרייען פון דער דאָזיקער אויפגאַבע. עס איז פאַראַן פאָלגנדיקער כאַראַקטעריסטישער דאָקומענט פון בעלכאַטאָווער אַמטס־קאָמיסאַר טראַהנער:

Nr. 7455/42/3
510/04

20. August 1942

An Herrn
Reinhold O b e r m a n n - Lebensmittelgroßhandlung -
in B e l c h a t o w.

T/K.

Betr.: Verteilung der vorgefundenen Waschmittel im Lager des jüdischen Ältestenrates.

Unter Bezugnahme auf die persönliche Rücksprache mit Herrn Obermann und Herrn Semmler bezüglich der Verteilung der beim jüd. Ältestenrat vorgefundenen Artikel, möchte ich Sie bitten die Verteilung am Samstag den 22. August von nachmittags 3 Uhr ab nach beiliegender Liste vornehmen zu wollen. Die einzelnen Volksgenossen sind verständigt. Jeder auf der Liste Aufgeführte erhält gleichmäßig folgende Artikel ausgehändigt:

2 Dosen Vim - 5 Paket Saponia - 3 Stück Gama Pix - 4 Stück Gama Rex - 1 Paket Edelchlor - 1/2 kg. Malzkaffee und 1 kg. Soda.

Der verbleibende Rest auf Grund Ihrer Aufstellung aus den genannten Artikeln wird der NSV zur Verfügung gestellt. Im übrigen bleibt es bei unserer Abmachung.

Die 100 kg. Karbid werde ich gelegentlich abholen lassen.

Der Amtskommissar:
[signature]

—0—

20סטער אויגוסט 1942      7455/43/3      נר׳
510/40

צום הער
ריינהאָלד אָבערמאַן — געשעפט אין הורט פון לעבנס־מיטל
א י ן ב ע ל כ אַ ט אָ וו
T/K

ע נ י ן: פּאַרטיילונג פון געפונענע וואַש־פּראָדוקטן אין סקלאַד פון יידישן עלטסטנראַט.

אין שייכות מיטן פּערזענלעכן אונטעררייד מיט דעם הער אָבערמאַן און דעם הער זעמלער בנוגע דער פּאַרטיילונג פון די אַרטיקלען, וואָס מ׳האָט געפונען ביים יידישן עלטסטנראַט, — וויל איך אייך בעטן די פּאַרטיילונג אויסצופירן שבת דעם 22סטן אויגוסט, פון נאָכמיטאָג 3 אַזייגער אָן, לויט בייגעלעגטער רשימה. די פאָלקס גענאָסן זענען וועגן דעם געוואָרן פאַרשטענדיקט. יעדער וואָס געפינט זיך אויף דער רשימה באַקומט אין האַנט אַריין די ווייטערדיקע פּראָדוקטן:

2 שאַכטלען ווים, 5 פּאַקעטן סאַפּאָניאַ, 3 שטיק גאַמאַ פּיקס, פיר שטיק גאַמאַ רעקס, 1 פּאַקעט איידלקלאָר, 1/2 קילאָ מאַלץ־קאַווע און 1 קילאָ סאָדע.

**דער רעשט וואָס בלייבט לויט אייער פאַרצייכענונג ווערט געשטעלט צו דער דיספּאָזיציע פון NSV. דאָס אַנדערע בלייבט לויט אונדזער אָפּמאַך. די 100 קילאָ קאַרביד וועל איך ביי געלעגנהייט אַרויסנעמען.**

דער אַמט־קאָמיסאַר
**טראַהנער**

א פּאָר טעג פריער, דעם 17טן אויגוסט, איז דערשינען א קאָמוניקאַט אונטערגעשריבן פון בירגערמייסטער:

**„עס וועלן זיין צום פאַרקויפן אין קאַטוילישן קאַשטשאָל עמאַליע און צינק געשיר. דאָס פאַרקויפן וועט פאָרקומען דעם 21סטן אויגוסט פון 8 ביז 12 אַזייגער. אין דער ערשטער רייע קאָנען דערפון געניסן די איינגעוואַנדערטע דייטשן און ערשט נאָכדעם די איינגעבוירענע".**

דעם 19טן אויגוסט מעלדעט דער אַמטס־קאָמיסאַר דעם לאַנדראַט, וואָס ער האָט געטון מיטן מעבל, וועלכעס איז איבערגעבליבן נאָכן גירוש פון די יידן.

**„איך מעלדע דעם הער לאַנדראַט, אַז איך האָב באַשלאָסן דאָס מעבל, וועלכעס איז געבליבן נאָך די יידן טיילווייז צו פאַרקויפן, דעם שלעכטן טייל צו פאַרנוצן אויף ברען־האָלץ און דאָס איבעריקע צו פאַרטיילן צווישן די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן".**

אין אַן אַנדערן דאָקומענט מיט דער זעלבער דאַטע איז גענוי אויסגערעכנט וואָס פאַר א מעבל ער האָט צעטיילט די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן:

1. **איין קיכן־שאַנק**
2. **דריי סערוויז־טעלער**
3. **פיר קיכן־טעלער**
4. **פינף קליינע שיסעלעך**
5. **זעקס זופּן־טעלער**
6. **צען אָונט־ברויט טעלער**
7. **אַכט און צוואַנציק טאַסן מיט טעצלעך**
8. **צוויי און צוואַנציק טעלערלעך**
9. **פינף מילך־קאַנען**
10. **דריי קאַווע טשייניקעס**
11. **דריי צוקער פושקעס**
12. **אַ זופּן שיסל**
13. **פינף בלעכענע טעלער**
14. **ניין קאָך־טעפּ**
15. **אַ סאַמאָוואַר**
16. **צוויי שטיינערנע טעפּ**
17. **צוויי גרויסע שיסל**
18. **דריי עמערס**
18. **איין ריבאייזן**
20. **איין אייער קלאַפּער**
21. **צוויי שעפּ־לעפל.**

דער לאַנדראַט האָט דאַן ספּעציעל פאַראָרדנט אַז מען זאָל צוטיילן אויך מעבל פאַרן אַמטס־קאָמיסאַר פון ווידאַווע, ווייל אויף אים איז געבעך, א ביטערער רחמנות, ער האָט נישט קיין מעגלעכקייט זיך צו פאַר־

שאפן קיין מעבל, ווייל אין ווידאווע זענען שוין פשוט קיין יידן נישט געווען. מען האט פון דארט די יידן ארויסגעשיקט נאך אין 1941.

עס האבן באקומען צוגעטיילט מעבל פאלגנדע דייטשן אין בעל־כאטאוו:

1. פילץ טאטיאנא — א טיש פאר 5 מארק;
2. וויזנער עמיל — א בעט פאר 5 מארק;
3. גוט יוזעף — א וואסער באנק פאר 2 מארק;
4. קוביש גוסטאוו — א קליידער שאנק מיט צוויי טירן פאר 12 מארק;
5. קריגער אנאן — א שפיגל פאר 6 מארק;
6. טורבאנסקי אלפרעד — א קוילן קאסטן פאר 2 מארק.

אט אזוי האט מען צעראבעוועט, צעשענקט און פארקויפט דאס מיט בלוט און שוויס פארהארוועטע יידישע פארמעגן.

נאכדעם ווי מען האט ארויסגעשיקט די יידן האט מען די שול פאר־וואנדלט אין א שטרוי־לאגער. שפעטער האט מען די שול איבערגעגעבן א דייטשן פויערים־קאלעקטיוו אויך אויף א לאגער און נאכדעם, ווי עס באווייזט א דאקומענט פונעם 19טן יוני 1944, ארויסגעגעבן דורכן פינאנץ־אמט, האט מען דערלויבט פארוואנדלען די שול אין א ספארט־האלע.

בעלכאטאוו האט מען א נאמען געגעבן — בעלכעטאל.

***

נאכדעם ווי די רויטע ארמיי האט באפרייט פוילן און עס איז פאר־ענדיקט געווארן די מלחמה, זענען קיין בעלכאטאוו צוריק געקומען די פאראיינצלטע לעבנס־געבליבענע יידן, זיי זענען צוריק געקומען פון די פארשידענע לאגערן וואס זענען געווען פארשפרייט איבער דייטשלאנד און פוילן. עס זענען געקומען יחידים פון אשוויענטשים און בירקענאו, לעבן אשוויענטשים, פון טערעזיענשטאט, פון בוכענוואלד, פון בערגן־בעלזן. זיי זענען געקומען אפגעריסן און אפגעשליסן, אנגעשוואלן פון הונ־גער און קראנק. אלע כמעט אנגעטון אין די בארימטע „פאשיאקעס" (געשטרייפט) שוואכע און קראנקע, אייניקע אפילו אנגעשפארט אויף שטעקנס, האבן זיי אין בעלכאטאוו נישט באקומען קיין דאך איבערן קאפ. די צאל לעבן־געבליבענע יידן פון בעלכאטאוו איז שווער פעסט־צושטעלן: נישט אלע זענען צוריק געקומען אין היים־שטעטל. אייניקע זענען געבליבן אין די לאגערן אין דייטשלאנד אויף דער אמעריקאנער און ענגלישער זאנע. עס זענען פאראן א פאר בעלכאטאווער יידן אפילו

אין שוועדן, אנדערע האָט זיך איינגעגעבן זיך אריבערצושמוגלען קיין ארץ־ישראל נאָך דעם ווי זיי האָבן אדורכגעמאכט די שבעה־מדורי גיהנום פון די לעצטע לאַגערן אין דייטשלאַנד, איטאַליע אד״גל. אין אלגעמיין איז אָבער נישט מער ביים לעבן געבליבן, נאָך דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע, ווי א 200 בעלכאַטאָווער יידן. פון ראטנפּארבאַנד האָבן זיך אויך צוריק געקערט אפשר א 200 בעלכאַטאָווער יידן. אזוי אז אין אלגעמיין זענען לעבן געבליבן אפשר ביי די 500 יידן. דאָס מאכט נישט אויס קיין 10 פּראָצענט אפילו פון דער געוועזענער יידישער באַפעלקערונג אין בעלכאַטאָוו.

דאָרטן ווו עס האָט געבליט אזא שיין לעבן זענען איצט חורבות. אין חורבות ליגט די שול, אָפּגעווישט דאָס אָרט, ווו עס איז געווען דאָס יידישע בית־עולם, דאָס אָרט איז פאַראַקערט און עס איז אפילו שווער פעסטצושטעלן ווו עס איז פריער געלעגן דאָס יידישע בית־עולם. מיט די מצבות האָבן די דייטשן אויסברוקירט די גאַסן. היינט געפינט זיך אין בעלכאַטאָוו אפילו קיין איין ייד נישט. עטלעכע האָבן זיך באַזעצט אין לאָדזש, די איבעריקע זענען זיך צעפאָרן איבער דער ברייטער וועלט. אזוי האָט זיך פארענדיקט דער 150־יעריקער יידישער ישוב אין בעל־כאַטאָוו, וועלכן די היטלער־בעסטיע האָט אויסגעריסן מיטן וואָרצל.

***

די בעלכאַטאָווער יידן האָבן אויך צושטייער געגעבן זייער חלק אין קאַמף קעגן דעם היטלעריזם. עס האָבן בעלכאַטאָווער יידן אָנטייל גע־נומען אין קאַמף קעגן די דייטשן אין יאָר 1939, עס האָבן בעלכאַטאָווער יידן אָנטייל גענומען אין דער העראָאישער פאַרטיידיקונג פון וואַרשע, זיי האָבן זיך געשלאָגן אין דער רויטער ארמיי, זיי האָבן געקעמפט אין דער באַקאַנטער קאָשטשושקאָ־דיוויזיע, זיי זענען געווען טעטיק אין דער פּאַרטיזאַנער באַוועגונג.

יוסף רייך, א באַקאַנטער געזעלשאַפטלעכער טוער אין בעלכאַטאָוו אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־קריג. א מענטש וואָס האָט געהאַט פאַרדינסטן אין דער אַנטוויקלונג פונעם קולטורעלן לעבן אין בעלכאַטאָוו, איז אין דער צייט פון דער היטלער־אָקופּאַציע פאַרוואָרפן געוואָרן קיין סטאָלפּצי. דאָרט האָט ער געאַרבעט אין דער אונטערערדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, ער איז געווען אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג און גע־

קעמפּט אין דער פּאַרטיזאַנער־מחנה אונטער דער אָנפירונג פון דעם באַ־קאַנטן פּאַרטיזאַן הערשל פּאַסעסאַרסקי. נישט געקוקט אויף זיין עלטער האָט ער אָנטייל גענומען אין אַלע שווערע שלאַכטן, וועלכע זענען פּאָר־געקומען אין סטאָלפּצער ראַיאָן.

איצט געפינט ער זיך אין אויסטראַליע.

משה לעווי, אַ חסידישער זון, וואָס האָט קיינמאָל נישט געוווּסט ווי מען האַלט אַ ביקס אין דער האַנט, איז בעת דער ליקווידאַציע פון די בעלכאַטאָווער יידן אַוועק אין די וועלדער. ער, מיט נאָך אַ פּאַרטיזאַן, זענען אין 1944 אַדורכגעגאַנגען בעלכאַטאָוו. עס האָט זיי באַמערקט די זשאַנדאַרמעריע און געעפנט אַ שיסעריי קעגן זיי. מען האָט לעווין שווער פאַרוווּנדעט אין אַ פוס, אַזוי אַז ער האָט נישט געקאָנט אַנטלויפן. האָט מען אים גענומען אַ לעבעדיקן און אָפּגעשיקט קיין לאָדזש אין געסטאַפּאָ. מען האָט אים געהאַלטן אַ געוויסע צייט אין שפּיטאָל און נאָכדעם פאַר־משפּט צום הענגען.

אין דער פּאַרטיזאַנער מחנה הינטער ביאַליסטאָק האָט געקעמפּט אַ גרופּע בעלכאַטאָווער, זיי זענען געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען: „די סופּראַסלער גרופּע". דאָס איז דאָס שטעטל וווּ זיי זענען געווען אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע אין דער צווייטער העלפט פון יאָר 1942. די דאָזיקע גרופּע האָט געהאַט גרויסע פאַרדינסטן ביים אָרגאַניזירן די פּאַר־טיזאַנער באַוועגונג אין ביאַליסטאָקער אומגעגנט. צו דער דאָזיקער גרופּע האָבן געהערט: הינדע קאָן, חיים קאָן, משה קאָן און לייבל פּודלאָווסקי. אַלע דריי קאָנס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אויסערגעוויינלעכער העלדיש־קייט און דרייסטקייט. אַלע דריי שטאַמען פון אָרעמע, פּראָלעטאַרישע עלטערן. הינדע, וועלכע איז פון קליינערהייט געווען אַ שוואַך קינד האָט אין דער פּאַרטיזאַנקע דווקא אַרויסגעוויזן דעם גרעסטן אויסדויער. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין דעם שוואַכן קערפּער האַלט זיך אַ שטאַר־קער גייסט. ווען עס איז אין דעם 1טן נאָוועמבער פאָרגעקומען די ליק־ווידאַציע פון די סופּראַסלער יידן, איז זי איינע אַליין אַנטלאָפן אין די אַרומיקע וועלדער. צוויי חדשים געווען אויסבאַהאַלטן אין אַ סטאָג היי, ביי די שטאַרקסטע פרעסט. ווען נישט די פּויערים פונעם כוטאָר קאָננאָ, וועלכע האָבן איר צוגעטראָגן אַ ביסל עסן, וואָלט זי אויסגעגאַנגען פון הונגער. זי איז פון די ערשטע אין דעם ביאַליסטאָקער ראַיאָן, וואָס זענען געגאַנגען אין וואַלד אַריין קעמפן מיטן אָקופּאַנט. מען האָט געדאַרפט

האָבן אויסערגעוועגלעכן כוח צו בלייבן אין וואַלד דערוויל איינע אַליין אָן שום קאָנטאַקט מיט דער פּאַרטיזאַנער באַוועגונג. אויף יעדן טריט האָבן געלויערט געפאַרן, עס איז געווען אַ פּיאָנערן אַרבעט און גראָדע האָט עס געדאַרפט פאַלן אויף דעם שוואַכן, פאַרצערטלטן ווען, הינדע קאָן. זי האָט זיך פּאַוואָלינקע אַרומגעקוקט, צוביסלעך אָנגעבונדן קאָנטאַקט מיט די אַרומיקע פּויערים, וועלכע האָבן סימפּאַטיזירט מיט דער פּאַרטיזאַנער באַוועגונג. זי האָט געפונען קאָנטאַקט מיט דעם רוסישן פּאַרטיזאַנער אַלעקסאַנדער, וועלכער האָט אויך זייער פיל געהאָלפן ביים ראַטעווען יידן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער. אַ שטיקל צייט איז ער געווען קאָמאַנדיר פון דער יודיט־גרופּע (יודיט איז אַ באַרימטע העלדין פון ביאַליסטאָקער געטאָ־אויפשטאַנד) אַ דאַנק אַלעקסאַנדערן און הינדע קאָן האָט זיך איינגעגעבן צו אָרגאַניזירן די ערשטע יידישע פּאַרטיזאַנער גרופּע אין די ביאַליסטאָקער וועלדער. דאָס ערשטע געווער האָט זי זיך פאַרשאַפט דערמיט, וואָס זי איז אַריינגעקראָכן אין אַ טיפער אָזערע און אַרויסגעצויגן פון דאָרט אַ ביקס, וואָס האָט געשטאַמט פון די צוזאַמענשטויסן צווישן די רוסן און דייטשן נאָך אין 1941. זי האָט אויפגעריסן אַ צוג און עס זענען פאַרניכטעט געוואָרן דער לאָקאָמאָטיוו, 12 טאַנקן און אַ גרויסע צאָל דייטשע סאָלדאַטן זענען דערביי אומגעקומען. נאָך אַ פאַל באַווייזט איר העלדישקייט, קאַלטבלוטיקייט און געוואַגטקייט: איינמאָל האָבן די דייטשן אַרומגערינגלט די סופּראַסלער וועלדער און עס איז אַנטשטאַנען אַ קאַמף צווישן די דייטשן מיט די פּאַרטיזאַנער. אַזוי ווי די דייטשן האָבן לויט זייער צאָל פילפאַך איבערשטיגן די פּאַרטיזאַנער, האָבן זיך די לעצטע געמוזט צוריקציען. איינער פון די פּאַרטיזאַנער האָט דערביי פאַרלוירן זיין ביקס. הינדע קאָן האָט דאָס באַמערקט און נישט פרעגנדיק אפילו קיין דערלויבעניש ביים קאָמענדאַנט, שטילערהייט צוריקגעקערט אונטער אַ האָגל פון דייטשישע קוילן צום אָרט און צוריקגענומען די ביקס. זי אַליין האָט זיך שוין אָבער געמוזט צוריקציען אויף אַן אַנדערן וועג. דער קאַמף איז פאָרגעקומען אין דעם 15טן ראַיאָן פון „בודזשיסקער" וואַלד מאַסיוו. זי האָט זיך אַרויסגעשלייכט פון וואַלד און איבערן פעלד געלאָפן. די דייטשן האָבן איר נאָכגעשאָסן. די פּאַרטיזאַנער האָבן זי שטאַרק ליב געהאַט צוליב איר האַרציקער גוטסקייט. אין די שווערסטע צייטן, ווינטער 1944, ווען די יידישע פּאַרטיזאַנער אין ביאַליסטאָקער געגנט זענען בלאָקירט געווען

דורך די דײַטשישע חיילות, און עס זענען יעדן טאָג געוועז קרבנות. עס האָט זיך שוין אויסגעוויזן, אַז דאָס איז דער סוף, אַז עס איז נישטאָ קיין אויסוועג פון דער לאַגע, פלעג קומען מיט אַ ווארעם מוטערלעך וואָרט הינדע קאַן. מען האָט זי טאַקע אַזוי גערופן: די מאַמע פון די יידישע פּאַרטיזאַנער. זי האָט געוואַשן פאַר די פּאַרטיזאַנער זייער וועש, געקאָכט פאַר זיי, געצערוועט און פאַרריכט זייערע בגדים. ווען די פּאַרטי־זאַנערין רבקה וואָיסקאָווסקאַ איז פאַרוואונדערט געוואָרן מיט אַ דום־דום קויל בעת אַ קאַמף מיט די דײַטשן און זי האָט זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט, איז הינדע קאַן נישט אָפּגעטרעטן פון איר אויף קיין איין מינוט נישט. איינמאָל זענען זיי געלעגן אונטער אַ געדיכטער שיסעריי. עס האָט געדראָט יעדע רגע דערהרגעט צו ווערן. די וואָיסקאָווסקאַ האָט זי געבעטן זי זאָל זיך אַליין כאָטש ראַטעווען. הינדע האָט נישט געוואָלט הערן וועגן דעם און איז נישט אָפּגעטרעטן פון איר. הינדע קאַן איז פאַר איר העלדישקייט אויסגעצייכנט געוואָרן מיטן גרונוואַלד־קרייץ, איינע פון די גרעסטע אויסצייכענונגען אין דער פּוילישער מלוכה.

חיים קאַן, וועלכער האָט אויך געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער געשיכטע פון די פּאַרטיזאַנער קאַמפן, איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1916. ער האָט געקריגן אַ טראַדיציאָנעל יידישע דערציאונג. פון די פרי־עסטע יאָרן ווייזט ער אַרויס אַ שטאַרקע נייגונג צום לערנען זיך. די אָרעמע לעבנס־באַדינגונגען אין שטוב דערלויבן אים נישט צו רעאַליזירן זיין חלום. אַלס 12 יעריק ייִנגל מוז ער שוין פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט. אין יאָר 1932 קומט ער קיין לאָדזש, ווו ער אַרבעט אין אַ געשעפט. ער לערנט זיך אָבער גלייכצייטיק, גרייט זיך צו מאַטורע־עקזאַמענס. פונעם יאָר 1933 געהערט ער שוין צו דער קאָמוניסטישער יוגענט־אָרגאַניזאַציע. ער איז אויך אַקטיוו אין דעם האַנדלס־אָנגעשטעלטן פאַראיין. ווינטער 1935 איז ער אַרעסטירט געוואָרן פאַר אָנטיילנעמען אין אַן אומלעגאַלער דעמאָנסטראַציע און ווערט פאַרמשפט צו אַנדערטהאַלבן יאָר תפיסה. אין דער זעלבער צייט באַווייזן זיך אין דער עפנטלעכקייט זיינע ערשטע ליטעראַרישע שאַפונגען. זיין ערשט געדיכט וועגן שווערן לעבן פון אַ וועבער האָט ער אָפּגעדרוקט אין אַנטיפאַשיסטישן אָרגאַן „לעוואַר". ער ווייזט אויך אַרויס גרויסע פעאיקייטן אויפן געביט פון מאָלעריי. דער אויסברוך פון דער מלחמה האָט צונישט געמאַכט אַלע זיינע פּלענער. ווען די דײַטשן האָבן אין 1939 אַריינמאַרשירט קיין לאָדזש

איז חיים צוזאַמען מיט זיין שוועסטער און ברודער אַוועק קיין ביאַליס־טאָק, ווו ער באַזוכט דעם טעקסטיל־טעכניקום. בעת דער אינוואַזיע פון די דייטשן, אין יאָר 1941, אַנטלויפט ער פון ביאַליסטאָק און באַהאַלט זיך אויס אַ געוויסע צייט אין די אַרומיקע וועלדער. פון דאָרט קומט ער קיין סופּראַסל און ווערט דאָרט דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער סופּראַסלער פּאַרטיזאַנער גרופּע. ווען די דייטשן האָבן גענומען ליקווידירן די סופּראַס־לער יידן, האָט די געסטאַפּאָ געכאַפּט חיימען ביים אַנטלויפן. ער ווערט אַוועקגעשיקט מיט אַ גרופּע יידן קיין ביאַליסטאָק. דעם 19טן נאָוועמ־בער 1942 ווערט דער ביאַליסטאָקער לאַגער ליקווידירט. 10 טויזנט יידן פון די שטעטלעך פון אַרום ביאַליסטאָק ווערן אָנגעלאָדן אין צוויי עשאַ־לאָנען און אַוועקגעשיקט קיין טרעבלינקע. אויפן וועג, אונטער לאַפּי, שפּרינגען חיים און זיין ברודער משה מיט דער פרוי, איטע גרויסקאָפּ, אַרויס פון צוג. די פרוי איז דערביי אויפן אָרט דערהרגעט געוואָרן. ער און דער ברודער שלעפּן זיך, צעקאַליעטשעטערהייט צוריק ביז צו די סופּ־ראַסלער וועלדער. דעם 1טן יאַנואַר גנבעט חיים זיך אריין אין דעם ביאַליסטאָקער געטאָ און פירט דאָרטן אַרויס אַ גרופּע חברים פון 15 פּערזאָן. זיי זענען אָבער אויפן וועג באַפאַלן געוואָרן פון די דייטשן און צעקלאַפּט געוואָרן. ער מיט אַ פּאָר לעבנס־געבליבענע באַוויזן זיך צוריקצוציען אין וואַלד אריין. אין וואַלד געהערט ער צו די אָנפירנדיקע מיט דער סופּראַסלער פּאַרטיזאַנער גרופּע. ער נעמט אָנטייל אין אַלע שווערע קאַמפן, פירט אויס די שווערסטע שליחות. פרילינג 1943 טרעט ער אריין אין פּאַרטיזאַנער אָטריאַד „פאָראויס". ער רעדאַגירט דאָרט די פּאַרטיזאַנער־צייטונג, צוזאַמען מיט לונסקין פון ביאַליסטאָק. ער האָט געפירט די אָפּעראַציע אין אָגראָדניטשקי. ער איז געגאַנגען קיין סופּראַסל דערהרגענען דעם פּראָוואָקאַטאָר קאַראַבאָוויטש און נאָר דערפאַר, וואָס אין דער זעלבער שטוב, ווו עס איז געווען דער פּראָוואָקאַטאָר זענען געווען קליינע קינדער, האָט ער נישט געוואָלט אריינוואַרפן דעם גראַנאַט.

אין די אויגוסט טעג, ווען ביאַליסטאָקער געטאָ איז געשטאַנען אין פלאַמען און די דייטשן האָבן יעדן טאָג געמאַכט איבערפאַלן אויף די פּאַרטיזאַנער, כדי זיי צו שטערן צו קומען צו הילף דעם קעמפנדיקן געטאָ און אויך צו שטערן זיי אויפצונעמען די געראַטעוועטע קעמפער פון געטאָ, איז אין איינעם אַזאַ קאַמף צווישן די פּאַרטיזאַנער מיט די דייטשן חיים קאָן געטראָפן געוואָרן פון אַ קויל. ער איז געפאַלן אין אַ מאַ־

מענט ווען ער האָט געמוזט זיך שטעלן ביי א קוילנוואַרפער אין פאַר־טרעטונג פון א געפאַלענעם חבר. מען האָט אים באַערדיקט אין די ביאַ־ליסטאָקער וועלדער אויפן אָרט, ווו ער איז געפאַלן.

אין 1947 איז זיין קערפּער עקסהומירט געוואָרן און איז געבראַכט געוואָרן קיין לאָדזש, ווו ער איז באַערדיקט געוואָרן לעבן זיין פאָטער, וועלכער איז געשטאָרבן אין לאָדזשער געטאָ פון הונגער.

משה קאָן האָט אַדורכגעמאַכט דעם זעלבן מאַרטירער־וועג ווי זיין ברודער חיים. ער איז נאָך געווען כמעט א קינד, ווען ער איז אוועק פון לאָדזש אין יאָר 1939. אין וואַלד איז ער רייף געוואָרן. דער וואַלד איז געוואָרן זיין סטיכיע, ער איז מיטן וואַלד ווי צוזאַמענגעוואַקסן געוואָרן. ער האָט זיך נישט פאַרלוירן אין קיין שום סיטואַציע, געהאַט א גלענצנ־דיקע אָריענטאַציע אין וואַלד. בכלל איז דער דאָזיקער שטריך געווען אן אַלגעמיינער ביי אַלע דריי קינדער קאָן, אָבער בעסער פון אַלע האָט זיך דאָך אין וואַלד אָריענטירט משה קאָן. ער האָט זיך פריי באַוועגט אין וואַלד אָן א מאַפּע, אָן א קאָמפּאַס, געגאַנגען ווי איבער שטאָטישע גאַסן. עס האָט אויסגעזען גלייך ווי ער וואָלט אין וואַלד געבוירן געוואָרן. עס איז געווען גענוג ער זאָל איינמאָל אַדורכגיין א וועג האָט ער אים שוין גוט געקענט און עס האָט זיך אים דער וועג אויף שטענדיק איינגעקריצט אין זכרון. ער פלעגט אין וואַלד אויסזוכן אַזעלכע וועגעלעך און סטעזש־קעס, אַז קיין דייטשישער פוס האָט אַהין נישט געטראָפן. ער פלעגט אַדורכפירן די שווערסטע אויסשפּירונגען, מען האָט געוווּסט, אַז אויב משה קאָן פירט אָן מיט אן אויסשפּיר־אַקציע, וועט זי אַדורך אין בעסטן אָרדענונג. אויסער דעם איז ער געווען אן אויסגעצייכנטער שיסער פון קוילנוואַרפער. ווען די רויטע אַרמיי איז אין יולי 1944 אריין אין די ביאַליסטאָקער וועלדער, האָט זיי משה אַדורכגעפירט איבערן טייך סופּ־ראַסל אויף אַזא אָרט, ווו די דייטשן האָבן זיך גאָרנישט געריכט און דאָס האָט גורם געווען, אַז די רויטע אַרמיי איז אריין אין שטעטל סופּראַסל כמעט אָן קרבנות. די בעלכאַטאָווער יידן, ווי זיי זאָלן זיך איצט נישט געפינען, קאָנען שטאָלץ זיין, וואָס פון זייער שטעטל זענען ארויס אַזעל־כע העלדן.

זקן ליבערמאַן

# די פיר שוידערלעכע טעג

אָנגעהויבן האָט עס זיך דינסטיק דעם 11טן אויגוסט 1942. פינף אזייגער פאַרטאָג. דאָס שטעטל איז געוואָרן ארומגערינגלט פון א מחנה פרעמדע אָנגעקומענע פּאָליציי־אָפּטיילונגען און פון דער אָרטיקער דייטשער זשאַנדאַרמעריע. אַלע געסלעך און הייזער זענען מיט איינמאָל געוואָרן באוואכט, אז עס איז אוממעגלעך געווען זיך אין ערגעץ ארויסצורייסן. עס האָבן זיי אויך צוגעהאָלפן אין אויסזידלען די בעלכאַטאָווער יידישער באפעלקערונג די ציווילע דייטשע באפעלקערונג, וועלכע האָט זיך פרייוויליק דערצו געמאָלדן.

שוין מיט א מאָנאַטן צווי פריער, ווען קיינער האָט זיך נאָך נישט געריכט, אז עס איז אזוי נאָענט דער סוף, איז אַראָפּגעשיקט געוואָרן אין שטעטל אַן אָפּטיילונג גרענעץ־פּאָליציי, וואָס האָט שטאַרק אכטונג געגעבן, אז עס זאָל קיינער נישט שווארצן די גרענעץ פון וואַרטע־לאַנד אין דער גענעראַל־גובערניע. די בעלכאַטאָווער יידן, אפילו ווען זיי האָבן שוין געזען ווי מען פירט מענטשן, האָבן נאָך אַלץ געגלויבט, אז דאָס איז איינע פון די פיל „לאַפּאַנקעס", וואָס די דייטשן פלעגן איינאָרדענען אויף די בעלכאַטאָווער יידן מיטן צוועק זיי אוועקצושיקן אין די פויזנער לאַגערן. זיי האָבן זיך אויך איינגעבילדעט, אז מען מיינט נאָר אַלטע לייט און נישט ארבעטס־פעאיקע. ווען נישט וואָלטן זיכער א סך בעלכאַטאָווער אנטלאָפן אין די ארומיקע וועלדער. ערשט ווען מען האָט געזען די גיהנום־סצענעס, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אויף די גאסן, האָט מען פאַרשטאַנען ווי גרויס אונדזער בראָך איז, אָבער דעמאָלט איז שוין געווען שפּעט עפּעס אונטערצונעמען.

איך האָב ארויסגעקוקט דורך א שפּאַרע פון מיין וווינונג פאַביאַניצער גאַס 14 און געזען ווי מען טרייבט מחנות יידן, פרויען מיט קינדער און

אַלטע לייט, זיי ווערן באַגלייט מיט קלעפּ פון ביקסן, נאַגאַיקעס, שטעקנס און אַנדערע מכשירים. מיר האָבן נישט באַוויזן אויף זיך אַרויפצוציען די בגדים, ווי מיר האָבן שוין געהערט אויף אונדזער הויף די ווילדע גע־שרייען „אַלע אַרויס!". אויף דער שנעל איז געוואָרן צעטיילט דאָס שטיקל ברויט פאַר אַלע משפּחה מיטגלידער. די מאַמע האָט אין איילעניש אָנ־געטון מיין מאַרינאַרקע. יעדער האָט אין דער לעצטער מינוט געכאַפּט, וואָס ער האָט געקאָנט און מיר זענען אַרויס אויפן הויף.

אויפן הויף זענען שוין געשטאַנען צעשראָקענע אויסגעשטעלט אַלע שכנים. מיר ווערן אַרויסגעיאָגט אויפן גאַס און מען טרייבט אונדז שוין מיטן גאַנצן עולם צום אַלטן מאַרק. אויפן אָרט פון די אָפּגעברענטע היי־זער אויפן מאַרק־פּלאַץ זענען שוין געווען צונויפגעטריבן אַ פּאָר טויזנט יידן. עס הערן זיך געוויינען און שלוכצן פון קינדער וואָס טוליען זיך צו די מאַמעס. זיי מאַכן דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטן פאַרגעפילט, אַז עס רוקט זיך אויף זיי אָן אַ גרויס אומגליק. יעדער האַלט זיך ביי זיינע נאָענט כדי צו קאָנען זיין אין דער לעצטער שעה צוזאַמען. אַ טייל פון די יידן האָט מען גלייך אָן שום סעלעקציעס אַוועקגעשיקט, אָנגעפּאַקט אין אויטאָס אין דער ריכטונג צו די שטעט זעלעוו און לאַסק. דאָרט האָט דער וועג געפירט אין כעלמנער טויטן־לאַגער. דעם איבעריקן עולם האָט מען געהייסן זיך אויסשטעלן אין צוויי רייען. אין איין ריי האָבן זיי אַוועקגעשטעלט געזונטע פון 18 ביז 45 יאָר און אַלע איבעריקע זקנים, קינדער און קראַנקע אין דער צווייטער ריי. איך בין געוואָרן אָפּגעריסן פון מיינע עלטערן. מיין שוועגערין רבקה ליבערמאַן, וואָס האָט זיך מיטן מאַן געפונען אין דער ריי פון די געזונטע און נישט קאָנענדיק צוקוקן דעם צער און געוויין פון די קינדער, איז צוריק אַריבער צו זיי און צוזאַמען מיט זיי אומגעקומען אין די כעלמנער גאַז־קאַמערן.

דעם גאַנצן עולם האָט מען געטריבן צום שול־הויף. אַן ערך 4 טויזנט יידן האָט מען אַריינגעשטופּט אין שול אַריין. מען האָט די מענטשן אָנ־געשטאָפּט אַזוי ווי הערינג און זיי געהאַלטן אין שול 3 טעג. קינדער און אַלטע לייט אָן עסן און אָן וואַסער. עס איז נישט געווען מיט וואָס צו אָטעמען. די געשרייען און געוויינען פון די קינדער האָט מען געהערט איבערן גאַנצן שטעטל. די דייטשן זענען געשטאַנען אין דרויסן און האָבן געלאַכט. די געזונטע און יונגע זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט אויפן שול־הויף ביי דער תלמוד־תורה מויער. אַ סך פון זיי האָבן ריזיקירט

איבערצוּוואַרפן ברויט צו די, וואָס די דייטשן האָבן שוין נישט געקאָנט אַריינשטופּן אין שול אַריין. נישט איינער איז דערפאַר שווער צעשלאָגן געוואָרן. איין ברויט האָט זיך איינגעגעבן צו כאַפּן שבע ראָזענבלאַט, וואָס האָט געהאַלטן אַ קינד ביי דער ברוסט. אויף איר האָבן זיך אַרויפגעוואָרפן די וואָס זענען געשטאַנען דערנעבן. אַלע האָבן זיך צונויפגעקנוילט



יידן אין בעלכאַטאָוו אויף צוואַנגס־אַרבעט
אונטער דער אויפזיכט פון דייטשן

אין איין קופּע. מען האָט געריסן און געטרעטן איינער דעם אַנדערן. שבעס קינד איז דערשטיקט געוואָרן אויפן אָרט.

אַזעלכע סצענעס זענען נישט געווען קיין פאַראיינצלטע. מיר זענען געשטאַנען אין דרויסן צונויפגעפּרעסט אין איין קופּע. מיט פאַרקלעמטע הערצער געמוזט זיך צוקוקן צו די אימהדיקע סצענעס. צוועלף בייטאָג איז געקומען אַ דייטש און אַרויסגענומען צוויי הונדערט מאַן פון די, וואָס זענען געשטאַנען אויפן שול־הויף, אויפצוראַמען דאָס יידישע האָב און גוטס. איך מיט מיין ברודער יוסף האָבן זיך אויך געפונען אין דער גרופּע. פאַרנט פאַרן שול־הויף האָט פאַר אונדז דער תלין פון לאָדזשער געטאָ

האַנס ביבאָוו געהאַלטן אַ רעדע און ער האָט געדראָהט און געוואָרנט, אַז ביי די וואָס מען וועט געפונען געלט אָדער ווערט־זאַכן, וועלן באַקומען אַ קויל אין קאָפּ אַריין. פון די צוויי הונדערט מאַן האָט בלויז זיך געמאָלדן אברהם גראַנעק. ער האָט אָנגעוויזן, ווו ער האָט ליגן באַהאַלטן ווערט־זאַכן.

מיר זענען צעטיילט געוואָרן אין גרופּן צו צוואַנציק און צעשיקט געוואָרן איבער פאַרשידענע טיילן פון שטאָט צונויפזאַמלען אַלץ, וואָס געפינט זיך אין יידישע שטובן. איך מיט מיין ברודער יוסף האָבן געהערט צו דער גרופּע וואָס האָבן אויסגערוימט די שטובן פון דער סטער־צעווער גאַס. אונדז האָבן געהיטן די זשאַנדאַרמען פון דער לאָדזשער „קריפּאָ". שטייענדיק ביי דער אַרבעט האָבן זיך צו אונדז דערנענטערט אַ גרופּע מענטשן אין אוניפאָרמען. צו אונדזער שטוינונג איז דאָס געווען אַ גרופּע פּאָליציי פון לאָדזשער געטאָ, וואָס ביבאָוו האָט מיטגע־ברענגט צוצוהעלפן ליקווידירן די בעלכאַטאָווער יידן. אַ סך יידישע פּאָליציאַנטן האָבן אויך מיטגעהאָלפן ראַבירן פאַר זיך. מיר האָבן גע־אַרבעט שווער אַ גאַנצן טאָג אָן עסן און אָן טרינקען. נאָך דער אַרבעט האָבן זיך אַלע אין דער אָנוועזנהייט פון ביבאָוון געמוזט אויסטון נאַ־קעט און ביי וועמען מען האָט עפּעס געפונען, אפילו אַ שטיקל ברויט איז געוואָרן צעשלאָגן מכות־רוצח.

נאָך דער רעוויזיע האָט מען אונדז ווידער אַוועקגעשיקט אין דער ריכטונג פון דער שול. אָבער דאָס מאָל נישט אויפן שול־הויף נאָר פאַרנט פאַרן שול, ווו עס איז געלעגן דאָס ראַבירטע יידישע פאַרמעגן. מיר האָבן זיך געלייגט שלאָפן אויף די פּעקלעך אָבער איינשלאָפן האָט קיי־נער פון אונדז נישט געקאָנט.

אויפן צווייטן טאָג האָבן אונדז די בעסטיעס ווייטער געיאָגט צו דער אַרבעט. איך מיט מיין ברודער זענען אַריינגעפאַלן אין דער גרופּע, וואָס האָט געהאַט אויפצורוימען דעם שניידער־שאָפּ, וואָס האָט זיך געפו־נען אין דזשאַלאָווסקים פאַבריק. מיר האָבן אַרויסגעטראָגן די ניי־מאַשינען, וואָס האָבן פריער געהערט צו די יידישע בעלי־מלאכות און זיי אויפגע־לאָדעוועט אין אויטאָס. איך האָב אויסגענוצט די געלעגנהייט וואָס מען האָט מיך באַשטימט צו ברענגען וואַסער פאַר דער גרופּע און געגאַנגען אַ קוק געבן, וואָס עס איז געוואָרן מיט די יידן, וואָס געפינען זיך אין שול. איך האָב מיך אויך געוואָלט דערוויסן, צי מיינע עלטערן געפינען

זיך נאָך דאָרט. ווען איך בין צוגעקומען נענטער, האָב איך געהערט ווי מען רופט מיך. דאָס זענען געווען מיינע עלטערן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין פּלאַץ אין דער שול. איך האָב זיי געוואָלט אוועקגעבן די צוויי שטיקלעך ברויט, וואָס איך האָב געהאַט. זיי האָבן עס נישט געוואָלט צונעמען, ווייל סיי ווי סיי, האָבן זיי געזאָגט, וועט מען זיי אוועקשיקן אויפן טויט. ווי איך בין אַזוי געשטאַנען און גערעדט מיט מיינע עלטערן און דאָס האַרץ האָט אין מיר געוויייטיקט פאַר צער פון דעם טרויער וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון מיינע עלטערנס אויגן, איז מיט אַ רציחה אַריינגעלאָפן אַ דייטש, וואָס האָט געהאַלטן אַ קנוט אין דער האַנט און מיר גלייך דערלאַנגט איבערן קאָפּ. ווען איך האָב אים געפרוווט אויפקלערן, אַז איך בין אוועק נאָך וואַסער פאַר די וואָס אַרבעטן אין שניידער־שאָפּ, האָט ער מיר דערלאַנגט נאָכאַמאָל און מיך געוואָרנט, אַז אויב ער וועט מיך נאָכאַמאָל זען, וועל איך האָבן אַזאַ סוף ווי אַלע יידן פון דער שול.

נאָך מיין צוריקקומען האָט מען מיין גרופּע אוועקגעשיקט רוימען די פּיעטריקאָווער גאַס. מיט אונדז איז מיטגעפאָרן אַ וואָגן. אַלץ וואָס מיר האָבן אויף אים אויפגעלאָדנט האָבן מיר אָפּגעפירט אויפן פּלאַץ פאַרן נייעם מאַגיסטראַט. ווען מיר זענען מיטן וואָגן אַדורכגעפאָרן פאַרן שול־הויף, בין איך פון אים אַראָפּגעשפּרונגען און ווידער געגאַנגען זען וואָס עס הערט זיך אין שול און אויפן שול־הויף. איך האָב נאָך דאָרט געטראָפן מיין שוועסטער זלאַטע מיטן קינד. איך האָב איר אוועקגעגעבן דאָס ברויט, וואָס איך האָב געהאַט. עס האָבן מיך אַרומגערינגלט די פרויען מיט די קינדער, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען, מיט טרערן אין די אויגן מיך געבעטן, אַז איך זאָל פאַר זייערע הונגעריקע קינדער אויך געבן אַ שטיקל ברויט. איך האָב אוועקגעדרייט דעם קאָפּ, כדי נישט צו זען דעם צער פון די הונגעריקע קינדער. ווי נאָר איך בין אַרויס פון שול־הויף כדי זיך אָנצושליסן אין מיין גרופּע, האָב איך פון דערווייטנס דערזען, אַז עפּעס קומט דאָרט פאָר. ווען איך בין צוגעקומען נענטער, האָב איך געזען ווי די דייטשן שלאָגן די מענטשן פון מיין גרופּע. עס איז געווען דערפאַר וואָס איך האָב דאָרט געפעלט. איך האָב מורא געהאַט צוצוגיין, ווייל איך וואָלט זיכער נישט אַרויס אַ לעבעדיקער פון זייערע הענט. איך בין אַדורך נאָך פּיוווישעס הויז און צוריק אַריין אומבאַמערקט פון די דייטשן אין דער גרופּע.

נאָך דער אַרבעט האָט זיך ווידער אַלץ איבערגעחזרט וואָס נעכטן. ווידער אויסגעטון נאַקעט אונטער קלעפּ. די צווייטע נאַכט האָט מען אונדז געשיקט שלאָפן אין מאַכעל פּיאָטרקאָווסקים הויז. אויפן ערשטן שטאָק זענען געשלאָפן די אכזרים — די יידישע פּאָליציי פון לאָדזש. אונדז, צוויי הונדערט מענטשן, האָט מען אַרויפגעשיקט אויפן בוידעם. מיר זענען געלעגן צונויפגעפּרעסט אַן אַ טראָפּן לופט. פּשוט דערשטיקט צו ווערן. פאַרשטייט זיך, אַז פון שלאָפן האָט ווידער נישט געקאָנט זיין קיין רייד. אויפן דריטן טאָג פון אונדזער אַרבעט האָבן מיר געהאַט אַ ביטערן טאָג. ניין אינדערפרי האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאַסאַקרע. עס איז געקומען אַ דייטשער סאַדיסט. ווען ער האָט אָנגעטראָפן האָט ער צעהרגעט. ער האָט אויסגעשאָכן שייען בערקאָוויטש און אברהם ווענגלי־שעווסקי די אויגן. עס זענען וואַרשיינלעך געווען הרוגים אויך, נאָר דאָס געדענק איך נישט גענוי. מיין ברודער יוסף האָבן זיי אַזוי לאַנג גע־שלאָגן, ביז ער האָט פאַרלוירן דאָס באַוווסטזיין. ער איז אויך פון די קלעפּ טויב געוואָרן. מיר האָבן אין דעם טאָג מקנא געווען די, וואָס מען האָט שוין אַוועקגעשיקט. אויף דער נאַכט האָט מען אונדז געפירט שלאָפן אין דער שול אַריין. מיר האָבן שוין דאָרט קיינעם נישט געטראָפן. עס האָבן זיך דאָרט אַרומגעוואַלגערט פאַרשידענע זאַכן, וואָס די מענטשן האָבן אַוועקגעוואָרפן. מיר האָבן געמיינט, אַז איצט קומט שוין די ריי אויף אונדז. מיר האָבן שוין די דריטע נאַכט נישט געקאָנט איינשלאָפן. פאַר אונדזערע אויגן זענען אַדורכגעגאַנגען די קאָשמאַרנע בילדער פאַר די פאָר טעג. עס האָט אונדז געשוידערט איבער דעם, וואָס עס איז פאָר־געקומען מיט אונדזערע נאָענטע און פון דעם, וואָס אונדז אַליין דערוואַרט. איך האָב מיך אין יענער נאַכט איבערצייגט, אַז עס זענען פאַראַן מאָ־מענטן ווען עס איז שווערער צו שטאַרבן ווי צו לעבן.

אויפן פערטן טאָג מיטאָג־צייט האָבן די דייטשן ביי אַלעמען גע־פאָדערט אָפּצוגעבן די דייטשע מאַרקן. די וואָס האָבן געהאַט מאַרקן האָבן זיי געהייסן זיך שטעלן באַזונדער. זיי זענען געווען אין אַ צאָל פון 25 מאַן. די דייטשן האָבן געהייסן ברענגען 25 בענקלעך און אַלע 25 האָבן זיך געמוזט איבער זיי אַריבערלייגן. די יידישע פּאָליציי פון לאָדזשער געטאָ האָט זיי אַזוי לאַנג געשמיסן ביז די דייטשן האָבן געהייסן אויפ־הערן. נאָך דער עקזעקוציע האָט מען אַלעמען אויסגעשטעלט אין צוויי רייען. די וואָס האָבן געהאַט אַרבעטס־שיינען אַלס שניידער, שוסטער,

שלאָסער האָט מען געשטעלט אין איין רייע און אַלע איבעריקע אין א צאָל פון 130 אין דער צווייטער רייע. די פּאָבלייט האָט מען אוועקגע־שיקט אין לאָדזשער געטאָ. זיי זענען געווען אַן ערך 70 מאַן. אַלע איבע־ריקע זענען געווען די לעצטע בעלכאַטאָווער קרבנות, וואָס מען האָט אַוועקגעשיקט קיין לאָדזש. איידער מען האָט אונדז אוועקגעשיקט, האָט מען אונדז נאָך געהייסן אויסרוימען דאָס הויז, ווו עס האָט געוווינט משה לוזער פּודלאָווסקי. מיר האָבן אין דעם הויז אַלץ איינגעפּאַקט אין קופערטס און אַרויסגעטראָגן אויף דער גאַס. שפּעטער האָבן זיי באַפוילן צו נעמען די קופערטס אויף די פּלייצעס און לויפן. מיר זענען געלאָפן מיט די לעצטע כוחות ביז אויפן פּלאַץ פון הלל שטריק־מאַכער. דאָרט האָט מען אונדז פאַרלאָדנט אויף די אויטאָס און צוזאַמען מיט דער יידי־שער פּאָליציי פון לאָדזשער געטאָ אוועקגעפירט קיין לאָדזש. מיט אונ־דזער אַרויספאָר איז אַנגעשלאָסן געוואָרן דאָס לעצטע טראַגישע קאַפּיטל פון בעלכאַטאָווער יידישן ישוב.

(באַאַרבעט פון ל. פּודלאָווסקי)

מ. קויפמאַן

# אין די יאָרן פון חורבן.*)

ביז דער דייטש־רוסישער מלחמה אין 1941 איז די בעלכאטאָווער יידישע באפעלקערונג געווען ארייננגעטון אין דעם הור־הא פון קליינשטעטלדיקן לעבן. די בעלי־מלאכות, האנט־וועבער האָבן געארבעט אומלעגאל און אויב אפילו די פאָליציי האָט עמעצן געכאפט, האָט ער זיך ארויסגעדרייט מיט כאבאר. שמוגלערס פלעגן אין די נעכט אריבערפירן שפינעריימאטעריאלן אין גווערנאמענט אריין, און פון דאָרט ברענגען שוסטער־צודאטן, ווי: לעדער, טשוועקעס, שפילקעס וכדומה, שניידער־צודאטן, פאפיראָסן, ליכט — מיט איין וואָרט דאָס אלץ, וואָס מען האָט ביי אונדז נישט געקאָנט באקומען. די יידן וואָס זענען אריבערגעקומען צו אונדז פון די ארומיקע דערפלעך, פלעגן אין די נעכט צוריק אהיימגיין און אריבערשמוגלען פאר אונדז פוטער, אייער, פלייש און אנדערע אגראר־פראָדוקטן.

אדאנק דער דאָזיקער שיכט פון דער באפעלקערונג ,האָבן די איבעריקע געקאָנט זיך דערהאלטן ביים לעבן. טייל האָבן זיך פארנומען מיט מעקלעריי, אנדערע מיט ארבעט אָדער מסחר, מיט איין וואָרט: פון הונגער האָט שוין קיינער נישט געקאָנט שטארבן.

מענטשן האָבן פון זיך אראָפּפארקויפט, וואָס זיי האָבן נאָר געהאט. מען האָט געוואָלט פאר יעדן פרייז בלייבן לעבן, מען האָט געוווסט, אז דאָס דאָזיקע נייע לעבן וועט זיין א בעסערס, אָן מורא, אָן מלחמות און אויף דעם דאָזיקן נייעם לעבן און סוף מלחמה, האָט מען זיך געריכט יעדן טאָג.

---

*) פון אַרכיוו פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין פוילן, פּראָטאָקאָל נומער 1413.

דעם מינדסטן קלאַנג, דאָס מינדסטע גערייד האָט מען אָנגענומען ווי אַן אָנזאָג, אַז די מלחמה ענדיקט זיך. למשל, אַ דייטש האָט אריינגעוואָרפן אַ וואָרט, אַז אין דייטשלאַנד זענען אויסגעבראָכן אומרועון, האָט דאָס שוין געהייסן, אַז די מלחמה ענדיקט זיך.

היינט די ברייוו פון רוסלאַנד וועגן דער מומע רויזע, וועגן משיחן אויפן ווייסן פערד, און די כלערליי פעטערס, וואָס האָבן באַדאַרפט מיינען רוסלאַנד, און וועלכע דאַרפן יעדע רגע אָנקומען. דעריבער פלעגט זיך קיינער נישט נעמען שטארק צום הארץ, אויב מען האָט ביי אים עפּעס צוגענומען.

אויב אַ שמוגלער למשל האָט ביי דער גרענעץ געמוזט אוועקוואַרפן אַ פּעקל, האָט ער דערנאָך געזאָגט, אַז ער וועט זיך נישט זעצן שבעה נאָכן פּעקל. ער האָט ווייטער געשמוגלט, אַבי צו קענען איבערלעבן.

איינמאָל האָט מען סטאַביעצקין געכאַפּט באַקן ברויט און צוויי „שופאָוועצעס" האָבן אים אויף ראַווערס נאָכגעיאָגט אפשר פינף קילאָמעטער ביז צום דאָרף, ווו ער האָט געקויפט דאָס מעל. זיי האָבן אים אריינגעוואָרפן אין וואסער און דערנאָך אַזוי צעמיטשט, אַז מען האָט אים אהיימגעבראכט אַן איינגעוויקלטן אין ליילעכער. אָבער צומאָרגנס, ווי נאָר ער איז צו זיך געקומען, האָט ער געזאָגט צו די שכנים: „מיר וועלן זיי דאָך איבערלעבן".

דעם שוחט לייביש מלאָט האָט מען אמאָל ארעסטירט פאַר פארנעמען זיך מיט שחיטה. מען האָט אים געצוואונגען אויסצוטרינקען אַ גלאָז דענאַטורירטן ספּירט. ער איז אַ גאַנצע נאַכט אָפּגעלעגן אין תּפיסה־קאַמער אין שרעקלעכע יסורים. ווען מען האָט אים צומאָרגנס באַפרייט, האָט ער זיך ווידער גענומען צו שחיטה, כדי זיך צו דערהאַלטן ביים לעבן.

משה ראָזנבלאַט, אַ פאָטער פון פינף קינדער, פלעגט יעדן טאָג צושטעלן פרישע מילך, פּוטער און געפליגל. זומער און ווינטער איז ער דורכגעגאַנגען דעם טייך, ווו דאָס וואסער האָט אים געגרייכט צום גארטל. זומער אַ דורכגעווייקטער, ווינטער אַ האַלב־פאַרפרוירענער פלעגט ער יעדן טאָג אריינקומען אין שטעטל, ווען ס'איז נאָך געווען פינצטער. ער האָט נישט אויפגעהערט צו האנדלען, נאָכדעם ווי מען האָט אים צעבראָכן אַ האַנט ביים כאַפּן אים מיט קאַטשקעס. ער האָט נישט אויפגעהערט צו האַנדלען נאָכדעם ווי מען האָט ביי אים נאָך אַ מסירה געפונען אַ געשאָכטן

קאלב און מען האָט אים דערפאַר אַזוי געשלאָגן, אַז ער האָט נאָך געמוזט מיטן היטל זיינעם אויסווישן דאָס בלוט פון דער פּאָדלאָגע. ווען מען האָט אים אין אַ האַלב יאָר אַרום אַרויסגעלאָזט פון תפיסה, האָט ער זיך ווידער גענומען צום מסחר. דאָס וואָרט: „מיר וועלן זיי דאָך איבערלעבן" איז געווען אַ מין שפּרוך, וואָס האָט אים דערהאַלטן ביים לעבן. איך וואָלט געקאָנט אָנרופן אַ סך נעמען פון אַזעלכע יידן, וואָס דער באַגער איבערצולעבן די דייטשן האָט זיי געהאָלפן זיך האַלטן אויף די פיס ביז צו לעצט. אַלע זענען זיי געבליבן נאָמענלאָז, ווייל אַלע דאָקומענטן זענען דורך די רוצחים פאַרניכטעט געוואָרן, אפילו די מצבות אויפן בית־עולם.

ווען די דייטש־רוסישע מלחמה איז אויסגעבראָכן, זענען די דייטשן געוואָרן העפלעכער און די „פאָלקסדייטשן" האָבן אָנגעהויבן פאַר אונדז אויסצומאָלן אונדזער צוקינפטיק לעבן: די דייטשן וועלן אונדז שוין נישט אומברענגען, ווייל מען קאָן אַ סך פון אונדז באַנוצן אַלס אַרבעטס־פערד, וואָרום מיר זענען דאָך יונג און שטאַרק און מיר קענען צוניץ קומען ביים ווידעראויפבוי און ווי נאָר די דייטשן וועלן איינגעמען מאָסקווע, וועט די רוסישע רעגירונג קאַפּיטולירן אַזוי ווי אין פראַנקרייך און דאַן וועט מען זיך נעמען צום ווידעראויפבוי.

פאַר די ימים־טובים האָט די מאַכט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע יידישע מענער פון 18 ביז 40 יאָר זאָלן זיך צושטעלן אויף קלוגס פּלאַץ. אָן אויסנאַם זענען בלויז געווען די וואָס האָבן געאַרבעט ביי שניידעריי און יענע וואָס האָבן געהאַט אַ דערלויבעניש פון דער מאַכט צו פירן אַ וואַר־שטאַט. כמעט אַ צוויי טויזנט יידן האָבן זיך צוגעשטעלט, באַגלייט פון זייערע פרויען, מאַמעס, קינדער און כלות, וועלכע האָבן זיך צונויפגע־זאַמלט פאַר דעם פּלויט, וואָס האָט אַרומגערינגלט דעם דאָזיקן פּלאַץ און אויסגעזוכט דאָרט יעדעס שפּאַרונקעלע, כדי אַריינצוקוקן און זען, וואָס דאָרט קומט פאָר. אינעווייניק אויפן פּלאַץ האָט מען געזען אַזאַ בילד: אינ־מיטן הויף איז געשטאַנען אַ טיש, ביי וועלכן עס איז געזעסן אַ פרוי, וואָס האָט געהאַט פאַר זיך צוויי קעסטלעך מיט רעגיסטראַציע־צעטלען און געלע קאַרטלעך, וועלכע מען האָט געזאָלט אַרויסגעבן די, וואָס וועלן ווערן באַפרייט. דערנעבן זענען געשטאַנען עטלעכע דייטשן אין מונדירן און עס איז געווען קענטיק, אַז דאָס זענען אָנגעזעענע פאַרשוינען, און אָפּגערוקט רעספּעקטפול אויף אַ דיסטאַנץ, האָט זיך געפונען די יידישע מאַכט, דער פרעזעס ערלעך און זיינע ראַטמענער, די הערן אַלטמאַן און ווינטער ווי

אויך דער ד"ר באַזשאַר פון פּיעטריקאָוו. די פאַבריק־טיר האָבן געהיטן יידישע פּאָליציאַנטן און דאָס טויער באַוואָפנטע „שופּא"־לייט. אַרום צוויי אַזייגער האָט זיך אָנגעהויבן דאָס באַטראַכטן. יעדער איינער גייט צו מיט די מלבושים אין האַנט צו די דייטשע דאָקטוירים, וועלכע באַשטימען צום אַרויסשיקן יעדן, וואָס ווייזט זיך זיי אויס געזונט. די איבעריקע באַקומען רויטע צעטעלעך, אין וועלכע עס זאָגט זיך, אַז דער באַזיצער פון דעם דאָזיקן דאָקומענט האָט זיך צוגעשטעלט צו מעדיצינישער אונטערזוכונג דעם און דעם טאָג. ווען די דייטשע קאָמיסיע איז אַוועקגעפאָרן האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אַ האַנדל. ווינטער, אַלטמאַן, ווענגלישעווסקי און די אַנ־דערע לייט פון דער שופּא, זשאַנדאַרמעריע, גרענעצוואַך אאַ"וו האָבן אַרויסגעפירט זייערע נאָענטע און באַקאַנטע. בלויז די אָרעמע, וואָס האָבן נישט געקאָנט באַצאָלן 500 רייכס מאַרק, זענען געבליבן, און זייערע מאַ־מעס און פרויען זענען געשטאַנען צעווייטיקט און פאַרצווייפלט. פאַרנאַכט האָט די שופּא פונאַנדערגעטריבן אַלע פרויען, ווייל די קולות זענען שוין דערגאַנגען ביזן הימל. וויפל די מעדיצינישע קאָמיסיע האָט אויסגעקליבן, ווייס איך נישט, איך ווייס בלויז, אַז צומאָרגנס האָט מען אַרויסגעשיקט 250 מענטשן קיין פּויזן. אין דריי וואָכן אַרום האָט מען ווידער אַרויסגע־האַנגען מעלדונגען מיט דעם זעלבן אינהאַלט, אָבער די יידן האָבן זיך שוין נישט אַזוי צוגעשטעלט אין אַ צאָל ווי פריער, און נאָכדעם ווי מען האָט דערגענצט די פּאַרטיע דורך כאַפּעריי מיט 450 מענטשן, האָט מען ווידער אַרויסגעשיקט קיין פּויזן. פאַרשטייט זיך, אַז אויך אַצינד איז גע־גאַנגען אַ האַנדל. יעדער דייטש, וואָס האָט געהאַט עפּעס אַ שייכות צו די מאַכטהאָבער, האָט געהאַט זיין ייד, דורך וועלכן ער האָט באַקומען אַ חלק פון דעם אויסלייז־געלט.

נאָכן אַרויסלאָזן די צווייטע פּאַרטיע האָט די שטאָט באַקומען אַן אַנדער פּנים. די משפּחות פון די 700 אַרויסגעשיקטע יידן זענען געבליבן אויסגעשטעלט אויף הונגער און נויט. אין אַ סך פאַלן האָבן די פרויען אָדער די יונגע קינדער, איינשטעלנדיק דאָס לעבן, געמוזט זוכן שפּייז פאַר זיך און פאַר דער פאַמיליע, זיי האָבן אויך געמוזט אינזינען האָבן די נאָענטע, וואָס געפינען זיך אין די לאַגערן און פון וועלכע זיי פלעגן באַ־קומען אַלאַרמירנדיקע בריוו מיט בקשות נאָך הילף. האָט טאַקע נישט איינמאָל אַ מאַמע געמוזט דורך דער וואָך אָפּשפּאָרן, אַליין נישט עסנדיק און אָוועקנעמענדיק ביי די קינדער דעם ביסן ברויט, וואָס מען האָט באַ־

קומען 25 דעקא א טאָג, כדי צו קענען שיקן דעם פּאָטער אָדער מאַן אין לאַגער אריין.

אזוי זענען פארביי טעג און וואָכן. יעדער האָט מיט אלע כוחות זיך באַמיט איבערצוהאַלטן און דערהאַלטן די אייגענע משפּחה ביים לעבן. פון די פראָנטן זענען געקומען גוטע ידיעות. ד"ה שלעכטע פאר די דייטשן, און ביי יידן האָט זיך ווידער געשטאַרקט דער מוט, הגם יעדע שלעכטע ידיעה פאר די דייטשן איז אויסגעגאַנגען צו יידישע קעפּ, פּלייצעס און באַקן, אָבער די לאָזונג „מיר וועלן זיי דאָך איבערלעבן" האָט יעדן צו־געגעבן מוט.

דערווייל איז אונטערגעקומען די פּורים־עקזעקוציע, וואָס האָט איינ־געשלונגען צען קרבנות: טאַאובע, בוים, פעלד, וואָלפאָוויטש, ערליך, לאַנ־דאַו שפּירא, וויס, לייזעראָוויטש און פעלצמאַן.

דאָס זענען געווען מענטשן מיט פארשידענע איבערצייגונגען און פון פארשידענע געזעלשאַפטלעכע שיכטן און ביי דער עקזעקוציע האָבן געמוזט בייזיין אלע יידן. די יידן האָבן זיך דאַן איבערצייגט, אז זיי מוזן זיין פאַראייניקט, ווייל זיי ווערן פארפאָלגט אלס יידן. און אפשר איז דאַן א רגע דורכגעלאָפן א געדאַנק, אז מיט פאַראייניקטע כוחות וועט אפשר גע־לינגען אראָפּצורייסן דעם קאָפּ ביי דער הידרע.

פאר פּסח האָט זיך פארשפּרייט א ידיעה, אז מען וועט ווידער נעמען אויף אַרבעט. דאָס איז נישט געווען קיין אָפיציעלע ידיעה, ווייל די דייטשן האָבן שוין געוווסט, אז איצט וועלן שוין די יידן אליין זיך נישט צושטעלן צו דער מעדיצינישער קאָמיסיע, אָבער דער דאָזיקער קלאַנג אליין האָט שוין געצוווּנגען צו פאָרזיכטיקייט.

דאָס מאָל האָבן די דייטשן געוואָלט אריינגנאַרן מיט שפּיצלעך, זיי האָבן זיך אָבער נישט איינגעגעבן אויף די גאַנצע הונדערט פּראָצענט. אין א געוויסן טאָג האָט די לייטונג פון דער שניידער־סעקציע געמאָלדן, אז די ביז איצטיקע אַרבעט־לעגיטימאַציעס וועלן פארלירן זייער גילטי־קייט, אויב זיי וועלן נישט האָבן קיין שטעמפּל פון „אַרבעט־אַמט". זיי האָבן געוואָלט אזוי אַרום צונויפזאַמלען אלע אַרבעטער און ארויסנעמען א געוויסע צאָל צום אוועקשיקן קיין פּויזן. דער דאָזיקער מאַנעווער האָט זיך אָבער נישט דורכאויס איינגעגעבן. עס האָט זיך בלויז צוגעשטעלט א טייל אַרבעטער, אין ס'רוב אַזעלכע, וואָס זענען געווען זיכער. עס איז אַנטשטאַנען א געשפּאַנטע סיטואַציע. ס'האָבן זיך פארשפּרייט קלאַנגען,

אז די וואָס וועלן זיך נישט צושטעלן, וועלן דערשאָסן ווערן, און שוין אויפן אנדערן טאָג איז פון א קויל געפאלן א געוויסע גליקסמאַן, וואָס האָט זיך באטייליקט אין צוזאמענלויף. אין אָוונט האָט מען כמעט אלע „פאָסטנס" ארויסגעשיקט אויף לאסט־אויטאָס מחוץ דער שטאָט. דאָס איז געווען א טרוק, די יידן זאָלן מיינען, אז די דייטשן זענען אוועק כאַפּן מענטשן אויף אַרבעט אין די אַרומיקע דערפער, וועלן זיי דעריבער אַרויס־גיין פון די באהעלטענישן און זיך לייגן שלאָפן אין די בעטן. אָבער אויך דער דאָזיקער טרוק איז נישט געלונגען. די פאַרפאָלגטע זענען שוין געווען וואכזאם, און ווען די דייטשן האָבן 12 אזייגער ביינאכט געמאכט דעם אָנפאַל, האָבן זיי געטראָפן בלויז קאַליקעס, קינדער און אַלטע לייט. דריי טעג און דריי נעכט האָט געדויערט דאָס כאַפּעריי, צום סוף שוין מיט דער הילף פון דער יידישער פּאָליציי, וואָס האָט געמוזט צושטעלן פינף יידן פאר יעדן איינעם פּאָליציאַנט. אויפן פערטן טאָג האָט מען ארויסגעשיקט 400 יידן, וועלכע האָבן געהאט א זייער טראַגישן סוף, ווייל דאָס זענען געווען ס'רוב זקנים, יוגנטלעכע און קאַליקעס, וועלכע זענען באלד אומגעקומען ביי דער ארבעט.

באַלד נאָך פסח האָט ווי א דונער יעדן געטראָפן די ידיעה, אז מען וועט אַלעמען אַרויסשיקן. וווהין האָט קיינער נישט געוווּסט. ביי אונדז אין שטוב זענען זיך צונויפגעקומען די שכנות, כדי זיך צו בּאַראַטן וואָס צו טון און זיך אַראָפּרעדן פון הארץ. עס איז א צער געווען אָנצוקוקן די קינדער, וואָס זענען אָנגעשטעקט געוואָרן פון דער שרעק, וואָס האָט אַלע־מען באהערשט.

מיר איז שווער צו באַשרייבן, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטון אין משך פון דריי טעג ביי אונדז אין שטוב. יעדער פון אונדז האָט זיך באמיט אויסצוזען רואיק, כדי צו באַאיינפלוסן דעם אנדערן. יעדער האָט זיך באַ־מיט צו טון זיין געוועגלעכע ארבעט, אָבער עס איז נישט געלונגען.

מיר האָבן פונדעסטוועגן צונויפגעשטעלט א פּלאַן ווי אזוי יעדער פון אונדז זאָל האַנדלען. דער דאָזיקער פּלאַן האָט פאַראויסגעזען, אז איך מיט דער שוועסטער וועלן, אין פאַל פון אַרויסשיקונג, וואַרשיינלעך אי־בערבלייבן אין בעלכאַטאָוו, צוליב דעם וואָס מיר זענען געווען באַשעפ־טיקט ביי אַרבעט. דאקעגן די מאמע מיט די קינדער וועלן וואַרשיינלעך אַרויסגעשיקט ווערן. אויפן גרונט פון אַט די השערות האָט די מאמע גע־

מאכט פאַר זיך און פאַר דעם יינגערן ברודער רוקזעק, אין וועלכע מען האָט איינגעפּאַקט דאָס נויטיקסטע פון וועש און צוגעגרייט צו די רוקזעק ווייסע שטיקלעך לייוונט, אויף וועלכע עס איז געווען אָנגעשריבן די גענויע אַדרעס. פאַר די קלענערע קינדער האָט זי אויפגענייט קליינע בייטעלעך און אָנגעהאָנגען אויפן האַלדז, אינעווייניק אין די בייטעלעך האָבן זיך געפונען גענויע דאַטן. די קינדער האָבן נישט געוווּסט צוליב וואָס די בייטעלעך זענען, און זיי האָבן דערמיט אַרומפּאַראַדירט אויפן הויף.

חוץ דעם האָבן מיר אָנגענומען, אַז אונדזער בשותפותדיקער אַדרעס וועט זיין דעם פּאָטערס אַדרעס אין פויזן, וווהין יעדער פון אונדז האָט געזאָלט שרייבן, ווו ער זאָל זיך נישט געפינען, און נאָך דער מלחמה וועלן מיר זיך ווידער צונויפטרעפן אין בעלכאַטאָוו.

אַזוי זענען פאַרביי דריי טעג און דער אַרויסשיקונגס־טערמין איז אָפּגעלייגט געוואָרן פון טאָג צו טאָג. מיטאַמאָל האָט זיך ווי אַ בליץ פאַרשפּרייט די פריילעכע ידיעה, אַז „די אַרויסשיקונג איז בטל געוואָרן". אַלע זענען ווי משוגע געוואָרן פון פרייד. נישט געקוקט אויף דער „שפּער־רע", האָבן זיך מחנות צונויפגעקליבן אין דער אַזוי גערופענע „יודענ־שטראַסע" און אויפן הויף פון יידישן קאָמיטעט, כדי זיך צו דערוויסן גענויע פּרטים וועגן דעם איינגעשטילטן שטורעם, וועלכער האָט געהאָנ־גען איבער דער שטאָט. יידן האָבן זיך געהאַלדזט און געקושט איינער דעם אַנדערן פאַר פרייד.

נאָכמיטאָג האָט מען אַראָפּגענומען די „שפּערע". עס איז אָבער נאָך געבליבן אַן ענין, וועלכן מען האָט נישט געקאָנט פאַרגעסן און וואָס האָט זיך געלייגט ווי אַ שאָטן אויף דער יום־טובדיקער שטימונג, וואָס איז אַריינגעטרעטן נאָך דעם באַזייטיקן די סכנה פון דער אַרויסשיקונג. דער דאָזיקער ענין איז געווען די געשיכטע מיט דעם פּרעזעס באָגדאַנסקי. דער פּרעזעס באָגדאַנסקי, אַן אַדוואָקאַט, האָט געשטאַמט פון פּיעטריקאָוו, דאָרט האָט ער שטודירט און פּראַקטיקירט. פאַר דער מלחמה האָט ער חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון דעם באַקאַנטן פעלדשער לאַסקאָוו־סקי, פריילין אַנדזשע, אַ דענטיסטקע. בשעת דער אָקופּאַציע, נאָכדעם ווי מען האָט אויפגעהאָנגען דעם פּרעזעס ערליך און עס האָט דימיסיאָנירט טאָפּאָלעוויטש, איז באָגדאַנסקי געוואָרן פּרעזעס. דורך דער גאַנצער צייט וואָס ער האָט פאַרנומען דעם דאָזיקן אַמט, האָט ער זיך מיט אַלע כוחות

באַמיט צו העלפן די מאַסן און זיי צו פאַרגרינגערן דאָס שווערע לעבן מיט וואָס עס איז נאָר מעגלעך געווען.

אין דעם ערשטן טאָג פון דער „שפּערע” האָט ער געקויפט פאַר עט־לעכע טויזנט מארק א טאקסי, מיט וועלכן ער האָט געזאָלט מיט זיין פאַמיליע אריבערפאָרן קיין פיעטריקאָוו. דער שאָפער, א דייטש, האָט אים אָבער אָנשטאָט קיין פיעטריקאָוו אוועקגעפירט צו דער זשאַנדאַרמעריע. דעם יודענראט איז דורך אויסקויף־געלט געלונגען אים אָפּצוראַטעווען פון דער עקזעקוציע, אָבער מען האָט אים מיט דער גאַנצער פאַמיליע אוועקגע־שיקט קיין ראַדאָגאָשטש.

די פּרעזעס־שטול האָט ווידער פאַרנומען טאָפּאָלעוויטש.

דער חודש מאַי איז אוועק און ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער זומער. מען האָט שוין נישט געכאַפּט מער אויף אַרבעט, אָבער די באַציאונג פון די דייטשן צו יידן האָט זיך נישט געענדערט. עס האָבן זיך געמערט די פאַלן פון אָנרייצן הינט אויף יידן. א שופּאָ־מאַן פלעגט מיט א שמייכעלע א זאָג טון צום הונט: „דו, מענטש, נעם דעם הונט”. עס האָבן זיך וואָס אמאָל מער אָנגעהויבן איבערחזרן מאָרדן. מען האָט דערשאָסן זוויעזשינ־סקין, וואָס איז אַנטלאָפן פון טראַנספּאָרט און זיך באַהאַלטן אין זעלאָוו; באַרענשטיינען, וואָס איז פאַר דער מלחמה געווען א לערער פון העברעאיש אין „יבנה” און איצט האָט ער געלעבט דערפון וואָס ער האָט געלערנט מיט די רייכע קינדער, האָבן איינמאָל די רוצחים געטראָפן לערנען מיט א קינד, זענען זיי ביינאַכט צו אים געקומען און נאָך פּייניקונגען אים דער־שאָסן אויפן וועג צו דער אָרטיקער תּפיסה.

מען האָט דערשאָסן יאָסל מאַכאַבאַנסקין מיט דעם זון, כדי אָפּצור־רוימען די עדות, וואָס וואָלטן געקאָנט פעסטשטעלן, אַז דער דייטשער קצב האָט יידן פאַרקויפט וווּרשט אין א מעלינע, וועלכע די פּאָליציי האָט אויפגעדעקט. משה זיגמונטאָוויטשן, וועלכן מען האָט געכאַפּט אויפן וועג פון דאָרף מיט הינער, האָט מען אין אַרעסט אזוי געשלאָגן, אַז ער איז אין צוויי טעג אַרום געשטאָרבן, ער האָט אָבער נישט אויסגעגעבן די פּויערים, ביי וועלכע ער האָט געקויפט די הינער.

די דאָזיקע אַלע פאַקטן האָבן אָבער שוין נישט געקאָנט ענדערן די שטימונג וואָס האָט זיך געשאַפן נאָכדעם ווי מען האָט זיך דערוווּסט, אַז עס איז געלונגען איבערצוקויפן דעם שעף פון דעם „אַרבעטסאַמט” איבער דעם גאַנצן וואַרטעגאַאו, וועלכער האָט געהאַט זיין זיץ־אָרט אין

זדונסקע וואָליע, און פּלעגט קומען צו אונדז. ווען עס האָט זיך געזאָלט אָנהייבן אַ כאַפּעריי. פּונקט ווי זיינע וויזיטן פּלעגן אַמאָל אָנוואַרפן אַ מרה שחורה, אַזוי האָט מען אַצינד אויסגעקוקט זיין קומען, וואָרום פאַר פּוטערס, שטיוול, גאָלד, בריליאַנטן און אַנדערע מתנות האָט ער געזאָלט צוריקברענגען אונדזערע מענטשן פון פּויזן קיין בעלכאַטאָוו.

סוף יולי זענען די ערשטע אַכצן מענטשן צוריקגעקומען פון לאַגער. מען קאָן זיך פאָרשטעלן וואָס עס האָט זיך אָפּגעטון אין שטאָט. יעדער האָט גענומען פאַרקויפן וואָס ער האָט נאָר געקאָנט, און דאָס געלט איז דורך דער קאָמיטעט־קאַסע אריינגעפאַלן צום הער שעף. די ערשטע אַכצן פערזאָן זענען געקומען צו פאָרן פּריוויטיק פאַרנאַכט, און באַלד די צווייטע וואָך דאָנערשטיק איז געקומען די צווייטע פּאַרטיע אין אַ צאָל פון 70 מענטשן.



אַ גרופּע בעלכאַטאָווער יידן אין פּויזנער לאַגער
אין צענטער זיצט קלמן געלבאַרט

מיט דער דאָזיקער פּאַרטיע איז געשען אַזאַ מעשה: עס האָבן באַדאַרפט קומען אַכציק פערזאָן און פאַר אַזאַ צאָל איז באַצאָלט געוואָרן. דער „לאַגער־פירער" האָט אָבער פאַרהאַלטן צען מענטשן, פאַרענדיק פאַר זיי אויסקויף־געלט אין דער פאָרעם פון צוויי פּאָר שטיוול, צוויי לעדערנע מאַנטלען און צוויי זייגערלעך. די ידיעה וועגן דעם לאַגער־

פירערס פאָדערונג האָבן געבראַכט די געקומענע מיט דער ערשטער פאַר־טיע. פאַרשטייט זיך, אַז די פאַמיליעס פון די איבערגעבליבענע צען מענטשן האָבן צוזאַמענגעשאַפט דאָס געפאָדערטע אויסקויף־געלט און גע־שיקט דעם הער אַלטמאַן מיט די דאָזיקע זאַכן קיין פויזן.

אין דער זעלבער צייט, ווען אַלטמאַן איז געווען אין פויזן, האָט דער בירגערמייסטער, וועלכער האָט נישט געוווּסט פון דעם אַלעם וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, געשיקט נאָך אַלטמאַנען, מיט וועלכן ער האָט גע־האַט צו דערליידיקן עפּעס אַן ענין. ווען דער בירגערמייסטער האָט זיך דערוווּסט, אַז אַלטמאַן איז נישטאָ, איז ער שטאַרק אין כעס געוואָרן. דערוויסנדיק זיך אויך צוליב וואָס אַלטמאַן איז געפאָרן, האָט ער גלייך טעלעפאָנירט, אַז מען זאָל נישט אַרויסגעבן די מענטשן אָן זיין וויסן. ווען אַלטמאַן איז אַהין אָנגעקומען, האָט מען אים מודיע געווען דעם בירגערמייסטערס באַשלוס. אַלטמאַן איז אַזוי אַרום שבת אינדערפרי צוריקגעקומען מיט גאָרנישט קיין בעלכאַטאָוו. שבת נאָכמיטאָג האָט מען אַרעסטירט דעם פּרעזעס טאָפּאָלעוויטש און אין דער נאַכט פון שבת אויף זונטיק האָט מען אים ליקווידירט מיט אַ שאָס אין קאַרק.

דינסטיק דעם 11טן אויגוסט, פיר אַזייגער פאַרטאָג, וועקט מיך מיין פעטער, מיט וועלכן איך האָב דעמאָלט געאַרבעט צוזאַמען אין דער שוס־טעריי־אָפּטיילונג. די אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן 5 פאַרטאָג און גע־דויערט ביז 1.

אויף דער גאַס האָב איך באַמערקט עפּעס אַן אומהיימלעכע באַוועג־גונג. אויך אין וואַרשטאַט, וווּ עס זענען ערשט געווען עטלעכע מענטשן, האָט מען געשמועסט וועגן דעם, וואָס יעדער איינער האָט באַמערקט אויפן וועג. באַלד אָבער האָט אונדז איבערראַשט אַ ידיעה, וועלכע עס האָט געבראַכט אַ געוויסער זילבערגעלד, וואָס זיין פאָטער איז געווען גערטנער ביי דער שופּאָ. אַז ווינטער האָט אים געהייסן גיין צום אָנפירער פון דער יידישער פּאָליציי, ער זאָל באַלד צונויפזאַמלען אַלע אַלטע לייט, קראַנקע און קינדער אויפן זעלאָווער שאָסיי. פון דער מינוט אָן האָבן די געשעענישן זיך אַנטוויקלט מיט אַ בליץ־שנעלקייט.

פאַר אונדזערע אויגן האָט אַ שופּאָ־מאַן מיט אַ בייטש אין האַנט דורכגעפירט אַ גרופּע מענטשן, פרויען, קינדער, אַלטע און יונגע. אַ סך פון די אָנוועזנדיקע ביי דער אַרבעט זענען אַוועק אַהיים זיך איבערטוען.

מיין פעטער איז אויך אוועק א היים, איך בין אָבער געבליבן, איך בין געווען צו שוואַך, צו קענען איבערטראָגן דאָס געזעגענען זיך.

זיבן אזייגער זענען מיטן זעלאָווער שאָסיי אָנגעפאָרן לאַסט־אויטאָס און זיך אויסגעשטעלט פון ביידע זייטן אויפן אלטן מארק. מיר שטייען הילפלאָז און ווארטן נישט וויסנדיק אויף וואָס. טייל גייען אהיים, אנ־דערע צוריק צו דער ארבעט. די אלגעמיינע צעמישעניש, וואָס האָט ארומ־געכאַפּט די גאַנצע שטאָט, האָט אויך אונדז אָנגעשטעקט, שטייען מיר און ווארטן וואָס מען וועט מיט אונדז טון.

עס דויערט נישט לאַנג, קומט אָן דער קאָמיסאר פון דעם רעסאָרט, א דייטש, און זאָגט צום אויפזעער, אויך א דייטש, אז ער זאָל צונויפ־נעמען די שליסלען פון סקלאַד, פארמאכן די בודע און אונדז ארויסטרייבן צום טייוול. דעם קאָמיסארס באַפעל ווערט דורכגעפירט. זיך געפינענדיק אויף דער גאַס, וואָלט איך שוין גערן געוואָלט זיך דורכרייסן אריין, אָבער ווי אזוי? צווישן מיר און דער אנדערער זייט שטייען איבער דער גאַנצער לענג דייטשע אויטאָס, ביי יעדן איינעם א באַוואָפנטער שאָפער. מיר שטייען צונויפגעדרענגטע, נישט וויסנדיק אין וועלכער זייט זיך צו לאָזן. פּלוצלינג דערהערן מיר: „האָפּ, יודע, העי״, און מען ווייזט אונדז א וועג דורך א שפּאַליער אונטער א האָגל פון קלעפּ. מיט א פּאר־האַקטן אָטעם קומען מיר אויפן שול־הויף. דאָרט הייב איך אָן צווישן עולם יידן זוכן די מייניקע, איך געפין אָבער נישט קיינעם, ווייל דאָ זענען פארזאמלט ס׳רוב די יידן וואָס וווינען אין דער שטאָט־פּעריפעריע. די דייטשן האָבן מורא געהאַט, אז אויב זיי וועלן אָנהייבן די אַקציע פון שטאָט־צענטער, וועלן די איינוווינער פון דער פּעריפעריע זיך צעלויפן אָדער באַהאַלטן, האָבן זיי ביינאַכט ארומגערינגלט די פּעריפעריע און נאָכשיסנדיק צו די אנטלויפנדיקע ווי צו האָזן, האָבן זיי אויסגעליידיקט איין יידישע שטוב נאָך דער אנדערער, און אצינד האָבן זיי דעם האַלב־נאַקעטן עולם צונויפגעטריבן אויף דעם שול־הויף. ווען דער הויף איז פול געוואָרן, זענען די רוצחים אָנגעקומען מיט ביבאָוון בראש. עס איז געוואָרן טויט־שטיל, ווען ביבאָוו האָט געמאָלדן, אז די וואָס האָבן לעגי־טימאַציעס אָדער א דערלויבעניש צו פירן אן ארבעט־ווארשטאַט, זאָלן אריבערגייען אויף דער אנדערער זייט און זיך אויסשטעלן אין פינפטלעך. צווישן אונדז און דער אנדערער זייט שטייען יעדע פּאָר טריט דייטשן, וואָס קאָנטראָלירן יעדע לעגיטימאַציע און יעדע באַשטעטיקונג. דער

עולם וואַרפט זיך אויף זיי, איינער שטופּט דעם אַנדערן ביים ווייזן די לעגיטימאַציעס, מחמת יעדער האָט מורא, אַז די צאָל וועט פאַרפולט ווערן און ער וועט בלייבן פונדרויסן. די דייטשן האָבן אָבער באַלד געמאַכט אָרדענונג: צוויי שאָסן אין עולם אַריין, צוויי טויטע און עס איז געוואָרן דיסציפּלין.

איך האָב מיך אַריבערבאַקומען מיט דער לעגיטימאַציע אויף דער אַנדערער זייט, דאָס הייסט אין די רייען פון יענע, וואָס האָבן אַראָנק זייערע לעגיטימאַציעס געזאָלט איבערבלייבן אויף דעם אָרט. ווי עס האָט געהייסן לויט די פאַרשידענע קלאַנגען.

געפינענדיק זיך אין דער רייע, האָב איך שוין געקאָנט רואיק אָבסערווירן, וואָס עס האָט זיך געטון אַרום. מען האָט שוין פון עולם אויסגעקליבן מענטשן, וועלכע מען האָט אויסגעשטעלט צו צוויי און אַרויסגעפירט פון הויף. דעם דאָקטאָר באַזשיאַר, וועלכער איז דאָ געוועזן מיט זיין פרוי, וואָס האָט געהאַט אויף דעם אָרעם אַ באַנד פון רויטן קרייץ, האָט מען געוואָלט אַוועקנעמען צו עפּעס אַ פּאַרטיע, די פרוי אָבער האָט אים נישט געוואָלט פאַרלאָזן. ווען זי איז, נישט געקוקט אויף דעם שטויסן און אַוועקשליידערן זי, כסדר צוריקגעקומען צו דער פּאַרטיע, ווו ער איז געוועזן, האָט מען זי לסוף אָפּגעלאָזט, און זי האָט זיך אַ גליקלעכע צוגעטוליעט צו אים און אַוועק מיט אים אין דעם אומבאַקאַנטן וועג.

אין אַ ווײַלע אַרום האָב איך געזען אַ מיידל מיט פונאַנדערגעלאָזענע האָר און אין אַ צעריסן קליידל. דעם מיידלס אויסזען האָט עדות געזאָגט, אַז זי האָט זיך געראַנגלט מיטן זעלנער, וועלכער האָט זי געפירט. איך האָב געקאָנט דאָס מיידל, עס איז געווען אַ זיבעצן יעריק מיידל מיטן נאָמען מענדעלעוויטש. זי איז אין דער מלחמה שוין געקומען צו אונדז פון ווילן און אויסגעהאַלטן די פאַמיליע דורך פירן סחורות הין און צוריק פון בעלכאַטאָוו קיין ווילן. איך ווייס נישט ווי אַזוי מען האָט אויסגעפונען, אַז זי איז אַ יידישע. דער זעלנער, וואָס האָט זי אַהערגעבראַכט, האָט זי צוגעפירט צו ביבאָוון. ביבאָווס ערשטע פראַגע איז געווען „ביסט דו יידין?" „איך פאַרשטיי נישט", האָט דאָס מיידל געענטפערט אויף פּויליש. אַ הויכער פּאַטש האָט איבערגעריסן די אַרומיקע שטילקייט. „ביסטו דו יידין?" האָט זיך ווידער איבערגעחזרט די זעלבע פראַגע, און ווידער דער זעלבער ענטפער און די זעלבע רעאַקציע. דאָס

האָט געדויערט אַזוי לאַנג, ביז דער דייטש איז אַריינגעפאַלן אין אַ וויל־דער רציחה, ער האָט דאָס מיידל געשלאָגן, געבריקעט מיט די פיס, און בעת זי האָט זיך געוואַלגערט אויף דער ערד אין יסורים, האָט ער אָנגעהויבן צו געוואַלדעווען, מען זאָל פון דאַנען אַוועקנעמען דאָס „ד" און אַרויפוואַרפן אויפן וואָגן.

מען האָט אָנגעהויבן גרופּעסווייז אַרויספירן אויף דער גאַס צו די לאַסט־אויטאָס. דאָס זענען געווען הויכע וועגענער, אויף וועלכע מיר האָבן זיך באַדאַרפט אַרויפבאַקומען דורך אַן אַראָפּגעלאָזטער קלאַפּע פון הינטן. עס איז אַנטשטאַנען אַ צעטומלעניש. ווען מען האָט געהייסן אַרויפגיין, האָט קיינער נישט געוווּסט ווי אַזוי. איידער מען האָט צייט געהאַט זיך צו אָריענטירן, האָבן שוין בייטשן און שטעקנס געקלאַפּט איבער די קעפּ. אַז עס איז עמעצן שוין יאָ געלונגען זיך אַרויפצודראַפּען אויפן אויטאָ, איז ער צוריק אַראָפּגעשלעפּט געוואָרן פון די וואָס האָבן זיך אָן אים אָנגעכאַפּט.

איך בין אַרויף אויפן אויטאָ און זיך אַרומגעקוקט איבערן פּלאַץ. ביי די קלויסטער־מויערן זענען געשטאַנען די אַלע יידן, פאַר וועלכע עס איז שוין נישט געווען קיין אָרט אויפן שול־הויף. איך האָב מיטן בליק געזוכט מיין משפּחה און האָב דערזען מיין מוטער, וואָס האָט אַפּנים באַמערקט, אַז איך זוך מיט די אויגן. זי האָט אונטערגעהויבן דאָס קינד, מיין זעקס יעריק ברודערל, וואָס האָט זיך פונדערווייטנס מיט מיר געזעגנט, פאָכנדיק מיט זיין הענטל. ליידער איז דאָס געווען אַ געזעגענען זיך אויף שטענדיק.

ווען דריי אויטאָס זענען געווען פול, איז געקומען אַ באַפעל אָפּצופאָרן. אויף יעדן וואָגן איז אַרויף אַ געשטאַפּאָ־מאַן, וועלכער האָט אַלעמען באַפוילן אויסצודרייען זיך מיטן פּנים אויף פאָרנט און נישט אָנשפּאַרן זיך אויף די זייטן, כדי אויסצומיידן אַ קאַטאַסטראָפע. די דריי וועגענער האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין און פון הינטן איז נאָכגעפאָרן אַ טאַקסי מיט עטלעכע געשטאַפּאָ־לייט.

נאָך עטלעכע שעה פאָרן זענען מיר געווען אויפן באַלוטער מאַרק אין לאָדזשער געטאָ. דאָ האָב איך געטראָפן מיין שוועסטער, וועלכע איז געקומען מיט דעם זעלבן טראַנספּאָרט.

זינט דעמאָלט זענען פאַרביי דריי יאָר. פון בעלכאַטאָוו אין לאָדזשער געטאָ, אָשוויענטשים, פלאָסענבורג, בוכענוואַלד און טערעזינא — האָט מיך באַהערשט איין באַגער: איבערלעבן, כדי זיך צו קענען נוקם זיין, ווען עס וועט ענדלעך קומען דער טאָג פון באַצאָלונג.

לאָדזש, 15 יאַנואַר 1946.

# דאקומענטן פון חורבן און אומקום

(פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין פוילן)

**דער לאַנדראַט**
**פון לאַסקער קרייז**
אָפּט׳ ל נר׳ 209/40

פּאַביאַניץ, דעם 30סטן מערץ 1940

צום הער
בירגערמייסטער אין בעלכאַטאָוו

**ע נ י ן:** צוטריט פון יידן אין מאַגיסטראַט.

**דערמיט בין איך מודיע, אַז דער צוטריט פון יידן אין מאַגיסטראַט (געמיינדע־אַמט) נאָר דערלויבט איז פון 11 ביז 12 אַזייגער.**

**די דאָזיקע פאַראָרדנונג בעט איך מודיע צו זיין דער באַפעלקערונג פון אייער געמיינדע.**

**י. וו.**
**ש ט ע נ ק ע**

—0—

**דער בירגערמייסטער**
**פון דער שטאָט בעלכאַטאָוו**
קרייז לאַסק
נר׳ 2/771/40

בעלכאַטאָוו, דעם 5טן אויגוסט 1940

צום
הער אַמט־קאָמיסאַר בערגער
**ז ע ל אָ וו**

ליבער קאַמאַראַד בערגער:

**איך בעט אייך וועגן אַ פאַרטרויליכער מיטטיילונג: צי ס׳איז מעגלעך, אַז אין די ה. י. פון זעלאָוו זאָלן זיין טעטיק די ברידער באָרנשטיין (יידן) אין די ה״י פוטבאָל־פאַרמעסטן. פאַר 14 טעג צוריק איז פאָרגעקומען אַ פאַר־מעסט צווישן דיביידע ה״י־פאַרמעסטן זעלאָוו־בעלכאַטאָוו און איך האָב געהערט נאָך דעם, אַז די צוויי יידן האָבן מיטגעשפּילט. איך בעט אייך אין דעם זינען געוויר צו ווערן און וועל אייך דערפאַר זיין זייער דאַנקבאַר פאַר דער תשובה.**

**דאַן האָב איך נאָך אַ פערזענלעכע פראַגע צו אייך: אויב איך האָב נישט קיין טעות, האָט איר נישט לאַנג אין ליצמאַנשטאָט געקויפט אַ „דקוו״־אויטאָמאָביל. איך וואָלט אויך אַזעלכן דערוואָרבן און וואָלט אייך זייער געדאַנקט, ווען איר שרייבט מיר, צי איר האָט געהאַט וועלכע ס׳איז שוועריקייטן ביים פאַר־שאַפן זיך דעם אויטאָמאָביל. ווי הויך איז געווען דער פּרייז? ווערט תיכף גע־ליפערט? האָט איר געמוזט אַרויפגעבן נייע גומעס? איז געווען נויטיק אַ ספּע־ציעלע באַשייניגונג?**

**איך בעט מיר צו ענטפערן אויף די אַלע פראַגן און גריס אייך חברלעך און הייל היטלער!**

(ט ר א ה נ ע ר)

בעלכאַטאָוו, דעם 7טן מאַי 1940

נר' 1/628/40

# רשימה

## פון יידישע שניידערס

| נר' | פאַמיליע־נאָמען און נאָמען | גאַס | | באַמערקונג |
|---|---|---|---|---|
| 1 | ראָזענבלום יידל | ברעסלויער־גאַס | 2 | |
| 2 | יאַקובאָוויטש וואָלף | גענעראַל ליצמאַן־גאַס | 18 | |
| 3 | יאַקובאָוויטש חיים בער | ברעסלויער־גאַס | 6 | |
| 4 | יאַקובאָוויטש שלמה | גענעראַל ליצמאַן־גאַס | 5 | דאַמען־שניידער |
| 5 | צינצינאַטוס שמואל | „ | 9 | „ |
| 6 | קאָלטון מאָשעק | פריעזען־פלאַץ | 2 | |
| 7 | פעדערמאַן אַבראַם איצעק | האָרסט־וועסל־גאַס | 18 | „ |
| 8 | נאָוואָק דוד | פריעזען־פלאַץ | 4 | |
| 9 | זילבערגלאַט הערשל | „ | 5 | |
| 10 | לושטשאַנאָווסקי שלאָמאָ | „ | 5 | |
| 11 | אַדלער מאָשעק שיע | „ | 6 | |
| 12 | אַדלער הענאָך | „ | 6 | |
| 13 | מאָשקאָוויטש דוד | „ | 6 | |
| 14 | מאָשקאָוויטש יאָסעק | „ | 6 | |
| 15 | גראַנעק אַבראַם | „ | 7 | |
| 16 | שטאָטלענדער שמעון | „ | 7 | |
| 17 | לאסקע הערשל | „ | 12 | |
| 18 | שיערזשאַנט ישראל יאָסעק | „ | 15 | |
| 19 | בערקאָוויטש ישראל | „ | 20 | |
| 20 | בערקאָוויטש שמעון | „ | 17 | |
| 21 | יאַקובאָוויטש יאָנקל | פאַול־גערהאַרד־גאַס | 11 | |
| 22 | פרימאָווסקי מאָשעק | האָרסט־וועסל־גאַס | 24 | |
| 23 | גליקסמאַן בערעק | געאָרג שענערער־גאַס | | |
| 24 | פילאַ וואָלף | פריעזען־פלאַץ | 11 | |
| 25 | פילאָ ישכר | פאַביאַניצער־גאַס | 25 | |
| 26 | פילאָ עזרא | געאָרג שענערער־גאַס | | |
| 27 | יאַקובאָוויטש שמואל | הינדענבורג־פלאַץ | 10 | |
| 28 | זוויערזשינסקי יאָסעק לייב | „ | 21 | |
| 29 | פיאָטראָווסקי מאַנול | פאַביאַניצער־גאַס | 2 | |
| 30 | ברום שאיא־בערעק | „ | 11 | |
| 31 | וואַרשאָווסקי לייזער שיע | האָרסט־וועסל־גאַס | 22 | |
| 32 | יאַקובאָוויטש נתן מייער | גענעראַל ליצמאַן־גאַס | 6 | |

בעלכאַטאָוו, 7טער מאַי 1940

**טראַהנער**

בירגערמייסטער

קיילעכדיקער שטעמפל:

**דער בירגערמייסטער**

**פון דער שטאָט בעלכאַטאָוו**

דערליידיקט

בעלכאַטאָוו, דעם 7טן סעפּטעמבער 1940

# די געשעפטן, וווינונגען און דאָס פאַרמעגן פון די ווייטער־דיקע יידישע איינוווינער פון דער שטאָט בעלכאַטאָוו, וואָס זענען פולשטענדיק אָפּגעברענט געוואָרן אין די ערשטע טעג פון חודש סעפּטעמבער

| | פאַמיליע־נאָמען און נאָמען | געוווינט גאַס | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| | | פריער | | איצט | |
| 1 | אַראָנאָוויטש זאַנוול | נאַרוטאָוויטשער | 35 | פריזען־פּלאַץ | 2 |
| 2 | באָרוכאָוויטש זיסלאַ | „ | 36 | גענ' ליצמאַנער | 13 |
| 3 | בערקאָוויטש מרדכי | פּאַביאַניצער | 12 | פּאָול גערהאַרדער | 12 |
| 4 | בענטשקאָווסקי דוד | נאַרוטאָוויטשער | 21 | לאָדזשער | 31 |
| 5 | בירענצווייג שליאַמאַ | פּאַביאַניצער | 12 | „ | 38 |
| 6 | באַרנשטיין גאָלדע מאַשע | „ | 4 | פּאָול גערהאַרדער | 12 |
| 7 | בראַנדווײַן מאיר | נאַרוטאָוויטשער | 23 | פּיעטריקאָווער | |
| 8 | ברייטבאַרט שמואל | „ | 27 | פּאָול גערהאַרדער | 7 |
| 9 | ברייטבערג איצעק | „ | 21 | פריזען־פּלאַץ | 21 |
| 10 | בוטקאָווסקי ישראל | „ | 28 | גענ' ליצמאַנער | 4 |
| 11 | כאַינאַצקי שמואל זקן | פּאַביאַניצער | 2 | האָרסט־וועסלער | 16 |
| 12 | כאַינאַצקי דוד | נאַרוטאָוויטשער | 26 | גענ' ליצמאַנער | 2 |
| 13 | צוקערמאַן אברהם | „ | 36 | לאָדזשער | 28 |
| 14 | צימבערקנאָפּ יידל | „ | 26 | גענ' ליצמאַנער | 2 |
| 15 | דאַווידאָוויטש אַלטער | „ | 35 | טירפּידער | 7 |
| 16 | דאַווידאָוויטש דאָבראַ | פּאַביאַניצער | 2 | לאָדזשער | 2 |
| 17 | דאַווידאָוויטש לייבוש | „ | 6 | פריזען־פּלאַץ | 2 |
| 18 | דאָבראָוואָלסקי חיים כאַסקל | „ | 4 | שלאַגעטער | 19 |
| 19 | דאָבראָוואָלסקי שמואל | נאַרוטאָוויטשער | 30 | פּאָול גערהאַרדער | 9 |
| 20 | דאָבזשינסקי פּראים אייזיק | פּאַביאַניצער | 8 | גענ' ליצמאַנער | 5 |
| 21 | פייוויש משה מענדל | נאַרוטאָוויטשער | 35 | פריזען־פּלאַץ | 2 |
| 22 | פאַקטאָר אברהם | פּאַביאַניצער | 4 | לאָדזשער | 33 |
| 23 | פעדער שלום | נאַרוטאָוויטשער | 26 | „ | 50 |
| 24 | פּאַביאַניצער כיל | פּאַביאַניצער | 4 | פּאָול גערהאַרדער | 9 |
| 25 | פעלד שלום ברוך | „ | 4 | לאָדזשער | 43 |
| 26 | גערשאָנאָוויטש שליאַמאַ | „ | 4 | „ | 18 |
| 27 | גלאַזער דבורה | נאַרוטאָוויטשער | 36 | פּאָול גערהאַרדער | 11 |
| 28 | גאָלדבערג כיל לייבוש | „ | 24 | „ | 9 |
| 29 | גאָלדבערג מאָנעל | „ | 23/24 | „ | 23 |

| | פאַמיליע־נאָמען און נאָמען | געוווינט גאַס פריער | | איצט | |
|---|---|---|---|---|---|
| 30 | גאָלדבלום כאַסקל | ,, | 23/24 | האָרסט־וועסלער | 13 |
| 31 | גראַנעק זאַלמע־יודע | ,, | 35 | אַדאָלף היטלער | 5 |
| 32 | גרינבוים מענדל | פאַביאַניצער | 6 | פאַול גערהאַרדער | 13 |
| 33 | גוטמאַן בינעם | נאַרוטאָוויטשער | 34 | פריזען־פלאַץ | 10 |
| 34 | גוטמאַן חיים יוסף | ,, | 34 | האָרסט־וועסלער | 13 |
| 35 | הערצקאָוויטש גאָלדע ביילע | ,, | 24 | פריזען־פלאַץ | 20 |
| 36 | הערשבערג ראובן | ,, | 34 | האָרסט־וועסלער | 23 |
| 37 | הערשקאָוויטש שבתי | ,, | 24 | לאָדזשער | 1 |
| 38 | יאַקובאָוויטש כאַסקל | ,, | 21 | פאַול גערהאַרדער | 5 |
| 39 | יאַקובאָוויטש נחמיה | פאַביאַניצער | 2 | פריזען־פלאַץ | 9 |
| 40 | יאַקובאָוויטש לייב | נאַרוטאָוויטשער | 22 | ,, | 12 |
| 41 | יאַקובאָוויטש מאכל | ,, | 36 | גענ׳ ליצמאַנער | 13 |
| 42 | יאַקובאָוויטש וואָלף | ,, | 36 | פריזען־פלאַץ | 2 |
| 43 | יאַנאָווסקאַ חוה | פאַביאַניצער | 4 | לאָדזשער | |
| 44 | יאַקובאָוויטש יואל | נאַרוטאָוויטשער | 23 | האָרסט־וועסלער | |
| 45 | יערוזאַלימסקי יורשים | ,, | 21 | לאָדזשער | 15 |
| 46 | יערוזאַלימסקי הערצקאַ | ,, | 21 | פריזען־פלאַץ | 12 |
| 47 | יערוזאַלימסקי מיילעך | ,, | 21 | פאַול גערהאַרדער | 13 |
| 48 | יואב שמואל | ,, | 21 | פריזען־פלאַץ | 18 |
| 49 | קעמפינסקי איצעק מענדל | ,, | 23/24 | פאַול גערהאַרדער | 13 |
| 50 | קאָהן מאַכלאַ | ,, | 36 | גענ׳ ליצמאַנער | 2 |
| 51 | קאָנסענס מאַשעק | פאַביאַניצער | 6 | הינדענבורג־פלאַץ | 23 |
| 52 | קאָנשטאַם שורא | ,, | 2 | לאָדזשער | 2 |
| 53 | קאָפלאָוויטש הערש | נאַרוטאָוויטשער | 32 | טאָמאַשאָוו | |
| 54 | קאָדזשאָל שיע | ,, | 36 | פריזען־פלאַץ | 4 |
| 55 | קרישטאַל ראַכמיל | ,, | 23/24 | האָרסט־וועסלער | 11 |
| 56 | קופערוואַס שולים | פאַביאַניצער | 4 | ,, | 13 |
| 57 | קופער מאַנעל | נאַרוטאָוויטשער | 35 | פאַול גערהאַרדער | 12 |
| 58 | לאַכמאַן בערעק | ,, | 26 | פריזען־פלאַץ | 2 |
| 59 | לייב שליאַמאַ | פאַביאַניצער | 2 | לאָדזשער | 2 |
| 60 | לייזעראָוויטש אברהם | נאַרוטאָוויטשער | 28 | שלאַגעטער | 7 |
| 61 | לייזעראָוויטש ישראל | ,, | 32 | שענערער | 46 |
| 62 | לאַנדוי אבראַם | ,, | 23/24 | פאַול גערהאַרדער | 13 |
| 63 | לאַסקע אברהם סוכער | ,, | 22 | קעלציגלווו | |
| 64 | ליבערמאַן הענאָך | ,, | 26 | האָרסט־וועסלער | 8 |
| 65 | ליבערמאַן דבורה | ,, | 26 | לאָדזשער | 27 |
| 66 | ליבערמאַן מאיר | ,, | 34 | פאַול גערהאַרדער | 14 |

| | פאַמיליע־נאָמען און נאָמען | געוווינט גאַס: פריער | | איצט | |
|---|---|---|---|---|---|
| 67 | ליבערמאַן אהרן | „ | 34 | האַרסט־וועסלער | 24 |
| 68 | ליבערמאַן יעקב בער | „ | 27 | פריזען־פּלאַץ | 7 |
| 69 | ליבראַוויטש אברהם | „ | 26 | האַרסט־וועסלער | 24 |
| 70 | ליכטענשטיין אברהם | „ | 38 | גענ׳ ליצמאַנער | 13 |
| 71 | ליפּינסקי הערשל | „ | 35 | לאַדזשער | 26 |
| 72 | ליפשיץ אברהם | „ | 23/24 | פּאָול גערהאַרדער | 13 |
| 73 | ליפשיץ לייבוש | „ | 30 | אַדאָלף היטלער | 5 |
| 74 | ליפשיץ שמעון | „ | 23/24 | פּאָול גערהאַרדער | 13 |
| 75 | לושטשאַנאָווסקי לייב | פּאַביאַניצער | 8 | לאַדזשער | 8 |
| 76 | לושטשאַנאָווסקי זאַנוול | נאַרוטאָוויטשער | 27 | „ | 17 |
| 77 | לאַנדשטיין אסתר | „ | 35 | ליצמאַנשטאַט | |
| 78 | מאַכאַבאַנסקי יאָסעק | פּאַביאַניצער | 2 | האַרסט־וועסלער | 13 |
| 79 | מאַכאַבאַנסקי ליפמאַן זאַלמן | „ | 2 | לאַדזשער | 43/45 |
| 80 | מאַרטשאַק כיל | נאַרוטאָוויטשער | 33 | | |
| 81 | מעדאַליאָן יהודה לייב | פּאַביאַניצער | 41 | האַרסט־וועסלער | 6 |
| 82 | מילער חיים שמחה | „ | 6 | פריזען־פּלאַץ | 8 |
| 83 | מאָשקאָוויטש דוד | „ | 6 | „ | 6 |
| 84 | מושקאַט אברהם און דבורה | „ | 8 | פּאָול גערהאַרדער | 13 |
| 85 | נאַפּאַרסטעק אברהם חיים | נאַרוטאָוויטשער | 24 | גענ׳ ליצמאַנער | 9 |
| 86 | נאָוואַק הערשל | „ | 24 | פריזען־פּלאַץ | 4 |
| 87 | פּערלמוטער שליאַמאַ | פּאַביאַניצער | 4 | פּאַבריק גאַס | 2 |
| 88 | פּילאַ כאַסקל | נאַרוטאָוויטשער | 23 | פריזען־פּלאַץ | 3 |
| 89 | פּילאַ סוכער | „ | 23 | לאַדזשער | 25 |
| 90 | פּילאַ נחום | „ | 29 | פּאָול גערהאַרדער | 13 |
| 91 | פּילאַ וואָלף | „ | 33 | „ | 13 |
| 92 | פּילאַ וואָלף | פּאַביאַניצער | 4 | „ | 7 |
| 93 | פּיוראַ מאיר | נאַרוטאָוויטשער | 35 | ברעסלויער | 8 |
| 94 | פּלאַכטאַ לייבוש | „ | 35 | גענ׳ ליצמאַנער | 9 |
| 95 | פּאַלאַקאָווסקי סורעק | „ | 35 | לאַדזשער | 9 |
| 96 | ראַגאַלאַ הלל | פּאַביאַניצער | 8 | „ | 8 |
| 97 | ראָטענבערג חנה | נאַרוטאָוויטשער | 4 | פּאַבריק גאַס | 2 |
| 98 | ראָטשטיין אהרן | פּאַביאַניצער | 8 | פריזען־פּלאַץ | 12 |
| 99 | ראָזענצווייג שמואל יאַנקל | „ | 6 | לאַדזשער | |
| 100 | ראָזענשטאַק יוסף און לאה | נאַרוטאָוויטשער | 25 | פּאָול גערהאַרדער | |
| 101 | ראָזענבלאַט יאַקוב | „ | 35 | לאַדזשער | 46 |
| 102 | ראָזענבלאַט יוסף | „ | 35 | „ | 46 |
| 103 | ראָזענבלאַט מאַשעק | „ | 35 | פּאָול גערהאַרדער | 2 |

| | פאַמיליע־נאָמען און נאָמען | געוווינט גאַס פריער | איצט | | |
|---|---|---|---|---|---|
| 104 | ראָזענבלאַט בערעק | „ | לאַדזשער | 35 | 46 |
| 105 | ראָזענבלאַט זיסמאַן | פּאַביאַניצער | „ | 12 | 31 |
| 106 | שטשוקאַצקי אַבראַם | „ | פּאַול גערהאַרדער | 2 | 7 |
| 107 | שמולעוויטש מאַשעק אַראָן | נאַרוטאָוויטשער | לאַדזשער | 24 | 9 |
| 108 | שמולעוויטש הערש | „ | אַדאָלף היטלער | 30 | 5 |
| 109 | שמולעוויטש נוח | „ | פּאַול גערהאַרדער | 21 | 1 |
| 110 | שווינטענשטיין אַלטער | „ | האָרסט־וועסלער | 22 | 33 |
| 111 | טאַובע מאַשעק אהרן | פּאַביאַניצער | „ | 8 | 20 |
| 112 | ווייס הענאָך | נאַרוטאָוויטשער | פּאַול גערהאַרדער | 24 | 1 |
| 113 | וואַרשאַווסקי אברהם | „ | פּריזען־פּלאַץ | 23 | 20 |
| 114 | וועבער שליאַמאַ בנימין | „ | האָרסט־וועסלער | 26 | 20 |
| 115 | ווישניעווסקי חוה | „ | גענ׳ ליצמאַנער | 32 | 8 |
| 116 | וואָלפאָוויטש אברהם סוכער | פּאַביאַניצער | לאַדזשער | 2 | 2 |
| 117 | וואָלפאָוויטש פייגע | נאַרוטאָוויטשער | פּאַול גערהאַרדער | 24 | 1 |
| 118 | וולאָשטשכאָווסקי זיסקינד | פּאַביאַניצער | פּריזען־פּלאַץ | 4 | 16 |
| 119 | ווראָבלעווסקי שליאַמאַ נתן | „ | לאַדזשער | 4 | 50 |
| 120 | וויוויעצקי חיה פריידל | נאַרוטאָוויטשער | „ | 30 | 50 |
| 121 | זיגמונטאָוויטש משה | פּאַביאַניצער | „ | 12 | 18 |
| 122 | זיגמונטאָוויטש נחום | „ | „ | 12 | 26 |
| 123 | פּערסטער יורשים (טייל פון דער פאַבריק) | קאָשטשושקי | גענ׳ ליצמאַנער | 2 | 2 |

—0—

בעלכאַטאָוו, דעם 16טן נאָוועמבער 1940

**דער בירגערמייסטער**
**פון דער שטאָט בעלכאַטאָוו**
קרייז לאַסק
נר׳ 821/40

צו די געהיימע שטאַטס־פּאָליציי
**ל י צ מ אַ נ ש ט אַ ט**

**ע נ י ן:** אַרעסט פון ייד יאַקובאָוויטש שמואל, בעלכאַטאָוו, פּריזענפּלאַץ, און צושטעלן אים.

**אויפן ייד יאַקובאָוויטש שמואל ליגט אַ שווערער חשד אַז ער שטייט אין פאַרבינדונג מיט די יידישע שמוגלערס.**

**דער דאָזיקער פאַרדאַכט איז געוואָרן באַשטעטיקט דורך זיין וויסן און אָננעמען זיך פאַר די יידישע שמוגלערס־באַנדעס.**

אויף יאַקובאָוויטשן איז אויך פאַראַן אַ דרינגענדיקער פאַרדאַכט צו שטיין פּאָליטיש מיט יענע עלעמענטן וואָס זענען שוין געוואָרן איבערגעגעבן דער געשטאַפּאָ.

יאַקובאָוויטש איז באַקאַנט ווי אַ געמיינער שווינדלער און איז שוין בעת דער פּוילישער ממשלה געוואָרן באַשטראָפט (מיט 6 חדשים תפיסה) פאַר פאַלשן וועקסלען און פאַך־לעגיטימאַציעס.

איך בעט די געהיימע שטאַטס־פּאָליציי דאָס נאָכצופּרווון.

דער בירגערמייסטער
און אַמט־קאָמיסאַר
ט ר אַ ה נ ע ר

—0—

29סטער יאַנואַר 1941

צום
הער אַמט־קאָמיסאַר
פון דער געמיינדע סוכטשיצע

דער אויבער־ראַט פון דער יידישער געמיינדע אין בעלכאַטאָוו האָט מיר היינט פאָרגעלייגט אַ חשבון פון איבער 222 מאַרק פאַרן צושטעלן יידן צום אַפּרוימען פון שניי אויף דער גאַס ראַסי־קאַנציק. אין דאָזיקן חשבון רעדט זיך וועגן 222 אַרבעט־שעהען. צו אייער אָריענטאַציע לייג איך ביי מיין ענטפער צו די יידן.

איך קאָנט באַטראַכטן די דאָזיקע אַרבעט ווי אַ דרינגענדיקע נויט־אַרבעט און איר זייט נישט מחויב צו באַצאָלן די יידן אַ שעהען־לוין פון 0,80 מאַרק. עס וואָלט פאַר זיי אויך געווען גענוג די העלפט פון געוועהנלעכן טאַריף, אַלזאָ 40 פעניג. אין פאַל איר זאָלט דעם חשבון אָנערקענען אין דער הויך, בעט איך דאָס אויסצוצאָלן נישט צו די יידן, נאָר צו דער שטאָט־קאַסע פון בעלכאַ־טאָוו, ווייל די צוגעשטעלטע אַרבעטער דאַרפן פון מיר אָנגעפירט און געבראַכט ווערן אין אָרדנונג.

דער בירגערמייסטער
ט ר אַ ה נ ע ר

פּאַביאַניץ, דעם 1טן פעברואַר 1941
(וואַרטע־ראַיאָן)

**דער לאַנדראַט**
**פון קרייז לאַסק**
אָפּט׳ 5/6 . . . . . .

שטעמפּל פון פּאָסט.
**דער בירגערמייסטער**
**ב ע ל כ אַ ט אָ ו**
אָנגעק׳ 5טן פעב׳ 1941
נר׳ 1743/41

צום
הער אַמטס־קאָמיסאַר טראַהנער
**א י ן ב ע ל כ אַ ט אָ ו**

**דער באַטריבסלייטער פון דער יידן־שניידעריי, הער אויגוסט, האָט איבערגעגעבן מיין אָנגעשטעלטן קעהלער ביידע בייגעלייגטע בריוולעך פון עוואַנג׳ פּאַסטאָר גערהאַרדט. אין דעם בריוול בעט דער פּאַסטאָר דעם הער אויגוסט, אָנצושטעלן יידן אין דער שניידעריי. לויט דער באַהויפּטונג פון הער קעהלער איז דער פּאַסטאָר גערהאַרדט באַקאַנט אין בעלכאַטאָוו צוליב זיין יידנפריינטלעכער שטעלונג. דאָס דאָזיקע ווערט באַשטעטיקט דורך זיינע ביידע בריוולעך. איך פאַרלאַנג פון אייך, דעם פּאַסטאָר גערהאַרדט אויפצופאָדערן, ער זאָל אַרויסווייזן די יידן יענע קאַלטקייט, וואָס מ׳קאָן פאַרלאַנגען פון אַ דייטש, בפרט נאָך אין אַזאַ אָנגעזעענער פּאָזיציע.**

(אונטערשריפט נישט לייענעוודיק)

—0—

5טער פעברואַר 1941

צום
הער לאַנדראַט פון קרייז לאַסק
**פּ אַ ב י אַ נ י ץ**

**באַציענדיק זיך אויף אייער בריוו פון 1טן 41/2/, דערלויב איך זיך אייך מודיע צו זיין, אַז פּאַסטאָר גערהאַרדט איז געוואָרן פאַרשטענדיקט לויטן זין פון אייער בריוו.**

דער בירגערמייסטער
און אַמט ־ קאָמיסאַר
**ט ר אַ ה נ ע ר**

3טער פעברואַר 1941

צו דעם
עלטסטנראַט פון דער יידישער געמיינדע
א י ן  ב ע ל כ אַ ט אָ וו

דער ייד . . . . . . . . . . . . . . וואָס וווינט אין דער גענעראַל־ליצמאַן־גאַס נר' 4 זאָל אַפּליידיקן די וווינונג אין משך פון דריי טעג פאַר דער פרוי ק ל אַ ר אָ וו ס ק י.

פאַר דעם יידן . . . . . . . . . . . . . . . שטייען צו דיספּאָזיציע די ווייטערדיקע אויסגערעכנטע וווינונגען: אין דער שלאַגעטער־גאַס ביי טשעשליק, אין דער אַדאָלף היטלער־גאַס ביים בעקער סטניאַר. זאָלט איר זיך זעצן אין פאַרבינדונג מיט דער פרוי קלאַראָווסקי.

דער בירגערמייסטער
און אַמט־קאָמיסאַר
ט ר אַ ה נ ע ר

—0—

18טער פעברואַר 1941

צום
עלטסטנראַט פון דער יידישער געמיינדע
ב ע ל כ אַ ט אָ וו

ע נ י ן: אָרדנונג־דינסט.

די לעצטע צייט זע איך יעדן טאָג אין דער הויפּט־גאַס מענער פון דער יידישער געמיינדע וואָס פירן אויס אַן אַזויגערופענעם אָרדנונג־דינסט, ווער האָט איינגעשטעלט דעם דאָזיקן אָרדנונג־דינסט אין די גאַסן פון דער שטאָט?

ווי אַזוי קומען די מענער צו די אָרעם־בענדער?

וואָס איז זייער אויפגאַבע?

אָרדנונג־דינסט איז נאָר נויטיק אין דער יידישער שניידעריי אַכטונג צו געבן אויף די סחורה־לאַגערן. אין דער שטאָט פאַרזאָרגט די דאָזיקע אויפגאַבע די שוץ־פּאָליציי — דינסט־אַפּטיילונג.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם ווייז איך אָן נאָך אַמאָל, אַז אַלע יידן פון מענלעכן און ווייבלעכן געשלעכט וואָס וועלן ווערן געזען אויף די פאַרבאָטענע גאַסן מחוץ דער פעסטגעשטעלטער צייט, וועלן ווערן באַשטראָפט.

דער בירגערמייסטער
ט ר אַ ה נ ע ר

21סטער פעברואַר 1941

צום
עלטסטנראַט פון דער יידישער געמיינדע
**ב ע ל כ אַ ט אָ וו**

**ע נ י ן:** סטאַטיסטיק פון באַפעלקערונג.

**ביז מאָרגן פאַרמיטאָג מוז מיר ווערן צוגעשטעלט וויפל יידישע איינ־וווינער, פון מענלעכן און ווייבלעכן געשלעכט, יינגלעך און מיידלעך, די שטאָט פאַרמאָגט.**

**די סטאַטיסטיק מוז ווערן צוגעשטעלט ביז מאָרגן פאַרמיטאָג אין ביר־גערמייסטער־אַמט.**

דער בירגערמייסטער
און אַמט־קאָמיסאַר
**ט ר אַ ה נ ע ר**

—0—

בעלכאַטאָוו, דעם 24סטן פעברואַר 1941
קרייז לאַסק, וואַרטע־לאַנד

**עלטסטנראַט**
**פון דער יידישער געמיינדע**
**אין בעלכאַטאָוו**
אַפּט׳: סעקרעטאַריאַט 72/41
ע נ י ן: פערזאָנען־באַשטאַנד

צום
הער אַמט־קאָמיסאַר
**א י ן ב ע ל כ אַ ט אָ וו**

**מיר באַשטעטיקן דערמיט אַז דער אַלגעמיינער סכום פון דער יידישער באַפעלקערונג אין בעלכאַטאָוו איז 5.197, און באַשטייט פון:**

| | |
|---|---|
| **1. מענער פון 8 יאָר אָן** | **2.377** |
| **2. פרויען פון 8 יאָר אָן** | **1.128** |
| **3. יינגלעך ביז 8 יאָר** | **342** |
| **4. מיידלעך ביז 8 יאָר** | **350** |
| **צוזאַמען** | **5.197** |

פּרעזעס:
**ה. ב אָ ג ד אַ נ ס ק י**

קיילעכדיקער שטעמפּל:
**עלטסטנראַט**
**פון דער יידישער געמיינדע**
**אין בעלכאַטאָוו**

1941/III/25

צום
עלטסטנראַט פון דער יידישער געמיינדע
ב ע ל כ אַ ט אָ וו

**ע נ י ן:** אַרבעט פון אויפּרוימען.

די אַרבעטן פון אויפרוימען און ריינהאַלטן אין דער גענעראַל־ליצמאַן־גאַס מוזן פון מאָרגן אָן אויסגעפירט ווערן פון יידן. טעגלעך מוזן צוגעשטעלט ווערן 50 מאַן, וואָס זאָלן אויספירן די אַרבעט. דאָס באַלוינען די אַרבעט וועט ווערן באַרעכנט און אָראָפּגערעכנט פון דעם קאָפּשטייער. די טאָג־נאָרמע פאַר גענינגנדיקער לייסטונג איז 80 פעניג. דאָך מוז ווערן פעסטגעשטעלט אַז איינצלנע אדער מערערע מיינען נאָר אָפּצופּטרן די צייט, און אַזעלכע באַקומען איבערהויפּט נישט קיין שום באַצאָלונג.

אַרבעטס־אָנהייב טעגלעך פרי אַכט אַזייגער.

דער בירגערמייסטער
ט ר אַ ה נ ע ר

—0—

1941/III/27

צום
עלטסטנראַט פון דער יידישער געמיינדע
ב ע ל כ אַ ט אָ וו

**ע נ י ן:** רייניקונג פון פאַבריק־הויף.

דער פאַבריק־הויף, אַרום וועלכן ס'וווינען אויסשליסלעך נאָר יידן, געפינט זיך אין אויסערגעוויינלעכן שמוציקן צושטאַנד. איך פאַראָרדן, אַז מ'זאָל אויסגראָבן אין פאַבריק־הויף אַ גרויס גרוב פון לפחות אַנדערהאַלבן מעטער די טיף, אין וועלכער ס'זאָל אַריינגעוואָרפן ווערן ס'גאַנצע מיסט. ווייטער מוז דער גאַנצער פּלאַץ ווערן גערייניקט, די הויפנס פון אָפּפאַל, אַש אד"גל מוזן פאַרשווינדן. ביזן 1טן אַפּריל מוז דער פּלאַץ זיין אין אַ אָרענטלעכן צושטאַנד. איך מאַך פאַראַנטוואָרטלעך דעם עלטסטנראַט פאַר דער דורכפירונג פון דער פאַראָרדנונג.

דער בירגערמייסטער
ט ר אַ ה נ ע ר

דער לאַנדראַט
פון קרייז לאַסק
T/Z

פּאַביאַניץ, 31סטן מאי 1941

דער בירגערמייסטער
בעלכאַטאָוו
אנגעקומען 5טן יוני 1941
נר׳ 2021/41

צום
הער אַמט־קאָמיסאַר
**אין בעלכאַטאָוו**

**לויט דער אָנווייזונג פון ראַיאָן־שול־לייטער דאַרף תיכף דורכגעפירט ווערן אַ זאַמלונג פון דרוק־זאַכן פון יידישן באַזיץ ווי אויך פון קעגנשטאַנדן פון יידישן קולט פון פריערדיקע יידישע געמיינדעס. עס מוז דאָס גאַנצע מאַטעריאַל אויפגעזאַמלט ווערן סיי ביי דער פּאַרטיי און אירע סעקציעס, און סיי ביי די קאַמונאַלע און שטאַטלעכע פלעצער. דאָס געזאַמלטע מאַטעריאַל מוז ווערן איי־בערגעגעבן דעם „אינסטיטוט פאַר דער פאָרשונג פון מזרח־יידנטום" אין ליצ־מאַנשטאַט, וואָס איז אַליין אַ פיליאַלע פון דער הויך־שול פון NSDAP וואָס שאַפט די נויטיקע מאַטעריאַלן פאַר דער פאָרשונג. צום ערשטן מוז אַלץ צוגעשטעלט ווערן דער אָנפירונג פון קרייז, ווו ס'ווערט ביז אַ ווייטערער פאַר־אָרדנונג אָפּגעהיטן.**

(אונטערשריפט שווער צו לייענען)

—0—

בעלכאַטאָוו, 2טער יולי 1941

צום פּרעזעס
פון דער יידישער געמיינדע בעלכאַטאָוו
**אין בעלכאַטאָוו**

**ענין:** ענדגילטיקע נייע אָדרענונג אין עלטסטנראַט פון דער יידישער געמיינדע.

**די שלעכטע צושטאַנדן אין עלטסטנראַט פון דער יידישער געמיינדע מאַכן נויטיק אַ נייעם סדר וואָס ווערט דערמיט פאַראָרדנט און מוז ווערן תיכף דורכגעפירט:**

**עס ווערט באַשטימט ווי פּרעזעס פון דער יידישער געמיינדע: יעקב ערליך, אַלס זיינע יועצים, די יידן ווינטער טישלערמייסטער און דער ייד פּרץ אַלטמאַן, גערבער.**

**די אַרבעט־פּאַרטיילונג ווערט איינגעאָרדנט אויף ווייטערדיקן אופן:**

**a) אַרבעט־צושטעלונג . . . . שלמה טאַפּאַלעוויטש**
**b) פּאַרזאָרגונג . . . . . . . הענדלס בינעם**
**c) ברויט־פּאַרטיילונג . . . . . ליפּמאַן מענדל**
**d) לעבנס־מיטל . . . . . . . פּאַקענטרעגער דוד**
**e) מילך־פּאַרטיילונג . . . . . פּאַקענטרעגער מאָשעק**
**f) געלט־פּאַרוואַלטונג . . . . זשוכאָווסקי בערעק**

**די דערמאָנטע יידן זענען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן פּרעזעס און ע ר — פאַרן בירגערמייסטער.**

דער בירגערמייסטער
**ט ר אָ ה נ ע ר**

—0—

צום
לייטער פון דער שוץ־פּאָליציי — דינסט־אָפּטיילונג
**ב ע ל כ אַ ט אָ וו**

**מיט דער ביטע איבערצוגעבן די פאַראָרדנונג אין די הענט פון עלטסטנ־ראַט און אַכטונג צו געבן אויף דער ענדערונג.**

דער בירגערמייסטער
**ט ר אָ ה נ ע ר**

—0—

בעלכאַטאָוו, 2טן יולי 1941 **דער לאַנדראַט**
**פון קרייז לאַסק**
אָפּט: Z/L נר'

צום הער אַמט־קאָמיסאַר
**א י ן ב ע ל כ אַ ט אָ וו**

**אין דערגאַנצונג פון דער פאַראָרדנונג פון הער רעגירונג־פּרעזידענט, לויט וועלכן יידן איז איבערהויפּט פאַרבאָטן צו פאַרלאָזן זייער וווין־אָרט, באַשטים איך דערמיט, אַז יעדע אויסנעם־דערלויבעניש מוז להבא האָבן מיין פער־זענלעכע צושטימונג.**

**ט אָ ד ט (—)**

פּאַביאַניץ, דעם 1טן אויגוסט 1941

פירעקיקער שטעמפּל:
**דער בירגערמייסטער**
**בעלכאַטאָוו**
**אָנגעקומען 7טן אויגוסט 1941**
נר׳ 3586/41

צום
הער אַמט־קאָמיסאַר
**אין בעלכאַטאָוו**

**ענין:** איינאָרדנונג פון שוואַכע און קראַנקע יידן.

**דער הער רעגירונג־פּרעזידענט האָט פאַראָרדנט, אַז די דאָזיקע יידן וואָס דאַרפן ווערן אינטערנירט און געפלעגט אין אַ ספּעציעלן אַנשטאַלט צוליב דעם וואָס זיי זענען קאַליקעס אָדער שווער קראַנק (גייסט־קראַנקע, איזיאַטיזם, פאַראַליז אאַ״וו) מוזן ווערן רעגיסטרירט מיט נאָמען און גענויעם וווין־זיץ. דאָס איז אומבאַדינגט נויטיק, ווייל די דאָזיקע קראַנקע יידן זאָלן באַקומען ספּעציעלע פלעגע אין אַן אַנשטאַלט.**

**איך פאַרלאַנג דאָס תיכף צו מעלדן שפּעטסטנס ביז צום 7טן אויגוסט 1941.**

**י. אַ.**
קרייז־סינדיקוס
(אונטערשריפט שווער צו לייענען)

—0—

3טער אויגוסט 1941

צום
עלטסטנראַט פון דער יידישער געמיינדע
**בעלכאַטאָוו**

**ענין:** אָנמעלדונג פון שוואַכע און קראַנקע יידן.

**לויט פאַראָרדנונג פון דער לאַנדראַט זאָלן תיכף ביז 5טן אויגוסט רעגיסטרירט ווערן אַלע שוואַכע און קראַנקע יידן, וואָס האָבן עס נויטיק צו אינטערנירט צו ווערן אין אַ הייל־אַנשטאַלט.**

**וועגן די אופנים פון דער קראַנקהייט און די קראַנקע מוז מען תיכף זיך פערזענלעך פאַרשטענדיקן מיטן אַמטס־קאָמיסאַר. דער טערמין מוז איינגעהאַלטן ווערן אונטער אַלע אומשטענדן.**

דער אַמט־קאָמיסאַר
**טראַהנער**

ליצמאַנשטאָט, דעם 18טן אויגוסט 1941

**דער רעגירונג פּרעזידענט**
I פּ. 1־121/23־2

צו
די הערן לאַנדראַטן פון **אויעזד**
די הערן אויבער־בירגערמייסטער אין **קאַליש** און
דעם הער פּאָליציי־פּרעזידענט אין **ליצמאַנשטאַט**

**ע נ י ן:** דאָס שיקן קראַנקע יידן פון די קרייזן אינעם געטאָ ליצמאַנשטאַט.
**באַציט זיך אויף: מיין מינדלעכע פאַראָרדנונג צו די הערן לאַנד־ראַטן און אויבער־בירגערמייסטער אויף דער קאָנפערענץ פון לאַנד־ראַטן דעם 41/7/24.**

**אין שייכות פון דעם מינדלעכן פאַרבאָט אויף דער קאָנפערענץ פון לאַנדראַטן פון 41/7/24, וואָס דערלויבט נישט צו טראַנספּאָרטירן קראַנקע יידן פון די לאַנד־קרייזן אין געטאָ ליצמאַנשטאָט, — פאַרבאָט איך נאָך אַמאָל אויס־דריקלעך יעטוועדע איבערפירונג פון קראַנקע יידן אינעם געטאָ ליצמאַנשטאָט.**

**אויך איז נישט דערלאָזלעך אין קיין שום פאַל דאָס פאַרשיקן אין געטאָ ליצמאַנשטאָט יידן מיט אַנשטעקיקע קראַנקהייטן. אין אַזוינע פאַלן זאָלן די באַ־טרעפנדיקע יידן מיט קלעפיקע קראַנקהייטן ווערן איזאָלירט אין זייער איצטיקן וווין־אָרט, און דורך פּאַסיקע איזאָלאַציע־מיטל צו שטערן דעם קאָנטאַקט מיט דעם אַרום. דאָס איז זייער לייכט דורכצופירן, אַז אַ הויז וואָס איז באַוווינט פון יידן זאָל גרינטלעך ווערן אָפּגעליידיקט און אינעם בנין זאָל מען אויסשליסלעך איינקוואַרטירן די יידן מיט קלעפיקע חלאתן.**

**געחתמט איבעלהער**
הסכמה:
געצ׳ אונטערשריפט (—)
**רעג׳ אַנגעשט׳**

—0—

פּאַביאַניץ, דעם 25סטן אויגוסט 1941

**דער לאַאַדראַט**
**פון קרייז לאַסק**
אָפּט׳ ד״ר סט׳

רעכטעקיקער שטעמפּל:
**דער בירגערמייסטער**
**בעלכאָטאָוו**
אָנגעק׳ 27 אויג׳ 1941
נר׳ 3763/41

צום
הער אַמט־קאָמיסאַר
**א י ן ב ע ל כ אַ ט אָ ו ו**
**איבערגעשיקט צו זיין אַזוי גוט און נעמען קענטעניש און נעמען אין אַכט.**

**י. א.**
קרייז־סינדיקוס

בעלכאַטאָוו, דעם 28סטן אויגוסט 1941

**דער אַמט־קאָמיסאַר**
**פון דער שטאָט בעלכאַטאָוו**
קרייז לאַסק

צום
הער אַמט־קאָמיסאַר
פון דער געמיינדע סעלאָוו, לאַסק, לוטאָמיערסק, קלעשטשאָוו
**אין ווידאַוואַ און כאַביעליצע**

ענין: רשימות פון יידן.

**איר האָט געמאָלדן דעם ה' לאַנדראַט וועגן אייער וווּנטש אין שייכות מיטן אויפנעם אין אייער באַצירק פון אַ געוויסער צאָל האַנטווערקער און בעלי־מלאכות.**

**עס איז מעגלעך, אַז שוין אין די קומענדיקע טעג וועלן זיך פאַר אייך פאָרשטעלן פאַרשידענע פאַראינטערעסירטע און בעטן ביי אייך אַ געשעפט אָדער לאָקאַל. איך בעט אייך זיי צו אונטערשטיצן מיט מעשים.**

**איך בין גערן גרייט צו געבן אויסקונפט וועגן דער טויגלעכקייט און פעאיקייט פון יעדן פאַראינטערעסירטן.**

**איך וואָלט אייך געווען זייער דאַנקבאַר, ווען איר קאָנט מיר שיקן אַ גענויע רשימה מיט דער צאָל און אַנדערע דאַטעס פון אייערע יידן.**

דער אַמט־קאָמיסאַר
**טראַהנער**

—0—

בעלכאַטאָוו, דעם 5טן סעפטעמבער 1941

**דער אַמט־קאָמיסאַר**
**פון דער שטאָט בעלכאַטאָוו**
קרייז לאַסק — וואַרטעלאַנד

צום
עלטסטנראַט פון דער יידישער געמיינדע
**אין בעלכאַטאָוו**

ענין: צושטעלן פון אַרבעטער.

**איך האָב בדעה איינצואָרדנען לעבן דעם יידישן שניידער־וואַרשטאַט אויך אַ גרעסערע סטאָלעריי. צוליב דעם טעם איז עס נויטיק אַז ס'זאָלן זיך מעלדן אַלע יידישע סטאָלערס.**

**זעצט זיך אין פאַרבינדונג מיט ווינטערן, וואָס קען אַלע פאַכלייט, סטאָלערס און פאָלירערס. מיט הילפס־אַרבעטער קאָן איך נישט אויפטון קיין סך, ס'מוזן זיין ספּעציאַליסטן־פאַכלייט, וואָס וועלן אַרבעטן אונטער דער אויפזיכט און דער אָנפירונג פון סטאָלער ווינטער.**

דער אַמט־קאָמיסאַר
**טראַהנער**

פּאַביאַניץ, דעם 4טן סעפּטעמבער 1941
(וואַרטעלאַנד)

**דער לאַנדראַט**
**פון קרייז לאַסק**

קאָנטעס פון דער קרייז־קאָמ׳־קאַסע:
זשיראָ־קאָנטע ביי דער שפּאָר־קאַסע
**פון קרייז לאַסק אין פּאַביאַניץ**
פּאָסט־טשעק־קאָנטע ברעסלוי
נר׳ 7228
אָפּט׳ ד״ר סט׳ / **EP** נר׳

צום הער אַמט־קאָמיסאַר
**א י ן ב ע ל כ אַ ט אָ וו**

**דערמיט שיק איך צוריק די אייערנעכטן דערהאַלטענע סטאַטיסטיק און בעט די דאָזיקע צו דערגאַנצן לויט מיין אופן פון אַריינטראָגן אין די רובריקן: די צאָל פון פּערזאָנען און די וווינונגען וואָס קומען אין באַטראַכט. גלייכצייטיק בעט איך מיר ביזצולייגן אַ קאָפּיע און דאָס צו טון תמיד ביי דער סאָרט אַרבעט, ווייל איך דאַרף האָבן אַן עקזעמפּלאַר פאַרן ה׳ רעגירונג־פּרעזידענט.**

**י. א.**

קרייז־סינדיקוס 21 ביילאַגן

—0—

בעלכאַטאָוו, דעם 13טן סעפּטעמבער 1941

**דער אַמט־קאָמיסאַר**
**פון דער שטאָט בעלכאַטאָוו**
קרייז לאַסק — וואַרטעלאַנד
נר׳ 3955/41

צום
הער לאַנדראַט פון קרייז לאַסק
**א י ן פּ אַ ב י אַ נ י ץ**

**ע נ י ן:** קאָנצענטראַציע פון יידן.
ב יי ל אַ ג ן: סטאַטיסטיק וועגן דער צאָל פון איינקוואַרטירטע מיט אַ קאָפּיע.
אָפּט׳ קרייז־סינדיקוס.

**דערמיט לייג איך ביי אַ רשימה פון די גאַסן מיט דער צאָל פון די איינקוואַרטירטע און וווינונגען פון דער שטאָט בעלכאַטאָוו כדי זי זאָל אייך זיין נוצלעך פאַר דער קאָנצענטראַציע פון יידן.**

דער אַמט־קאָמיסאַר
**ט ר אַ ה נ ע ר**

פּאַביאַניץ, דעם 16טן סעפּטעמבער 1941

**דער לאַנדראַט**
**פון קרייז לאַסק**
**ד״ר סט׳ / EP**

רעכטעקיקער שטעמפּל:
**דער בירגערמייסטער**
**בעלכאַטאָוו**
אָנגעק׳ 18 סעפּ׳ 1941
נר׳ 3997/41

צום הער אַמט־קאָמיסאַר
**א י ן ב ע ל כ אַ ט אָ ו ו**

**דער אַמט־קאָמיסאַר באַדע אין קלעשטשאָוו האָט דרינגענדיק געבעטן צו איבערפירן די יידן פון זיין געמיינדע קיין בעלכאַטאָוו. איך האָב בדעה זיי צו איבערפירן קיין בעלכאַטאָוו אין דער ערשטער וואָך פון אָקטאָבער. איך בעט דערפאַר צו זאָרגן, אַז ס׳זאָל מעגלעך זיין זייער איינקוואַרטירונג. דעם גענוי־ען טאָג פון דער איבערפירונג וועל איך אייך נאָך אָנגעבן, אויך וועט איר באַ־קומען אַ גענויע רשימה פון די יחידים.**

**י. א.**
קרייז־סינדיקוס
(אומלעזבאַרע אונטערשריפט)

—0—

פּאַביאַניץ, דעם 17טן סעפּטעמבער 1941

**דער לאַנדראַט**
**פון קרייז לאַסק**
**ד״ר סט׳ / EP**

שטעמפּל:
**דער בירגערמייסטער**
**פון דער געמיינדע בעלכאַטאָוועק**
אָנגעק׳ 20 סעפּ׳ 1941
דערליידיקט . . . . . . . . . . .
אַקט . . . . . . . . . . .

צום
הער אַמט־קאָמיסאַר
**א י ן ב ע ל כ אַ ט אָ ו ו**

**ע נ י ן:** דאָס צוזאַמענעמען פון יידן.

**לויט אַ רשימה פון 10 אָקטאָבער 1940 געפינען זיך אין אייער גע־מיינדע נאָך 5 יידן. איך פרעג אָן, אויב די דאָזיקע געפינען זיך נאָך אין אייער באַצירק. אין פאַל ניין, בעט איך מיר מודיע צו זיין ווי מ׳האָט זיי אָהינגעטון.**
**איך דערוואַרט אייער באַריכט אין משך פון דער וואָך.**

**י. א.**
(אונטערשריפט נישט לייענעוודיק)
קרייז־סינדיקוס
פאַר דער גלייכקייט פון אָריגינאַל:

בעלכאַטאָוו, דעם 22סטן סעפטעמבער 1941

**דער לאַנדראַט**
**פון דער שטאָט בעלכאַטאָוו**
קרייז לאַסק — וואַרטעלאַנד

**צום**
הער לאַנדראַט פון קרייז לאַסק
**אין פּאַביאַניץ**

**ענין:** רשימה פון דער יידישער באַפעלערונג.
**אַפּט׳ ווירטשאַפט־אַמט.**
**אין אַמט־באַצירק בעלכאַטאָוו וווינען די ווייטערדיקע צאָל יידן:**

**א) קינדער אונטער זעקס יאָר . . . . . . . . . 564**
**ב) באַשעפטיקטע יידן . . . . . . . . . . . . 1.206**
**ג) נישט־באַשעפטיקטע יידן . . . . . . . . . . 3.230**

**אַ רשימה מיט די נעמען פון די באַשעפטיקטע יידן וועט ווערן אַריינגעשיקט ווען זי וועט פאַרטיק זיין.**

דער אַמט־קאָמיסאַר
**טראַהנער**

—0—

בעלכאַטאָוועק, דעם 23סטן סעפטעמבער 1941

צום הער
לאַנדראַט פון קרייז לאַסק
**אין פּאַביאַניץ**

**ענין:** קאָנצענטראַציע פון יידן. בריוו פון 17 ד״ח ד״ר סט׳ / EP
**אין דער געמיינדע בעלכאַטאָוועק, דאָרף דאָברזשעלאָוו, האַלטן זיך נאָך אויף 8 יידן. עס האַנדלט זיך אין 2 מענער, 2 פרויען, 4 קינדער פון 8—21 יאָר.**

(אונטערשריפט נישט לייענעוודיק)
פאַר דער איינשטימיקייט מיטן אָריגינאַל:

—0—

פּאַביאַניץ, דעם 30סטן סעפטעמבער 1941

**דער אַמט־קאָמיסאַר**
**פון קרייז לאַסק**
ד״ר סט׳ / **EP**

צום
הער אַמט־קאָמיסאַר
**אין בעלכאַטאָוו**

**ענין:** קאָנצענטראַציע פון יידן.
**איך האָב אָנגעוויזן דעם הער אַמט־קאָמיסאַר אין בעלכאַטאָוועק ער**

זאָל איבערפירן די 8 יידן פון דאָרף דאַבזשעלאָוו קיין בעלכאַטאָוו. ער וועט זיך מיט אייך זעצן אין פאַרבינדונג.

י. א.

(אונטערשריפט נישט לייענעוודיק)

קרייז־סינדיקוס

**נאָכן האָבן איבערלייענט צום אַקט!**
**איבערזידלונג ווערט דערוואַרט און קאָן ווערן דורכגעפירט.**

בעלכאַטאָוו, דעם 3טן אָקטאָבער 1941

דער אַמט־קאָמיסאַר

**ט ר אַ ה נ ע ר**

—0—

**זשאַנדאַמ׳ פאָסטן בעלכאַטאָוו**
קרייז לאַסק
טאָגבוך נר׳ 1203/41

בעלכאַטאָוו, דעם 9טן אָקטאָבער 1941

צו דער
לאָקאַלער פּאָליציי־מאַכט
**ב ע ל כ אַ ט אָ וו ע ק**

ע נ י ן: אומזידלונג פון יידן אויס דאַבזשעלאָוו.

**דעם 1941/10/4 פאַרמיטאָג זענען צוליב דער לאָקאַלער בקשה געוואָרן איבערגעפירט פון דאַבזשעלאָוו נר׳ 25, געמיינדע בעלכאַטאָוועק קיין בעלכאַטאָוו די צוויי יידישע משפחות ווינער און גליק און פאַראָרדנט דעם יידישן עלטסטנראַט זיי צוצווייזן וווינונגען.**

**צו דער משפחה ווינער געהערן די וויטערדיקע פּערזאָנען:**
**יעקב ווינער (מאַן), געבוירן אין בעלכאַטאָוועק דעם 1899/1/11,**
**עללא ווינער (פרוי), געב׳ האַראַוויטש אין זדונסקע־וואָלע דעם 1899/8/1,**
**מאָשעק ווינער (זון), געבוירן אין בעלכאַטאָוו דעם 1920/9/27,**
**מאַשאַ ווינעראָוונאַ (טאָכטער), געבוירן אין בעלכאַטאָוועק דעם 1924/2/13,**
**און רבקה ווינעראָוונאַ, געבוירן אין בעלכאַטאָוועק דעם 1924/11/7.**
**צו דער משפחה גליקמאַן געהערן די וויטערדיקע פּערזאָנען:**
**חיים גליקמאַן (מאַן), געבוירן אין ליצמאַנשטאַט דעם 1909/9/15,**
**רבקה גליקמאַן (פרוי), געב׳ האַראַוויטש אין זדונסקע־וואָלע דעם 1902/12/8,**
**אברהם גליקמאַן, געבוירן אין ליצמאַנשטאַט דעם 1933/7/11.**

**י. וו. א ו ר ב אַ ס**
פון דער זשאַנד׳

פאַר דער איינשטימיקייט מיטן אָריגינאַל:

142

Der Amtskommissar
der Stadt Belchatow
- Kreis Lask -
Nr 5418/42

146/21

Belchatow, den 11. Februar 1942

An den
Herrn L a n d r a t T o d t
des Kreises L a s k
in P a b i a n i c e.

Melde Herrn Landrat, daß gestern Abend 21.30 Uhr, die 2 Juden Machabanski - Vater und Sohn - auf der Flucht erschossen worden.

Der Vorgang war kurz folgender: In einer hiesigen Fleischerei wurde laufend Wurst gestohlen. Der Täter konnte nicht einwandfrei ermittelt werden. Fest steht nur, daß die beiden Juden, wenn nicht selbst gestohlen so doch das gesamte Quantum aufgekauft und zu Wucherpreisen veräußert haben. Auf dem Weg zur Arrestzelle wollten die beiden ausreißen und wurden dabei erschossen.

Der Amtskommissar

—0—

146/21

דער אַמט־קאָמיסאַר
פון דער שטאָט בעלכאַטאָוו
קרייז לאַסק
נר׳ 5418/42

בעלכאַטאָוו, דעם 11טן פעברואַר 1942

צום הער לאַנדראַט טאָדט
פון קרייז לאַסק
א י ן פ אַ ב י אַ נ י ץ

איך מעלד דעם הער לאַנדראַט, אַז נעכטן אין אוונט 21.30 אַזייגער זענען געוואָרן דערשאָסן ביים אַנטלויפן די 2 יידן מאַכאַבאַנסקי — פאָטער און זון.

די פּאַסירונג איז בקיצור געווען אַזוי: אין אַ היגער פליישעריי האָט מען כסדר געגנבעט וווּרשט. ס׳איז געווען כמעט אוממעגלעך צו כאַפּן דעם שולדיקן. זיכער איז, אַז דיביידע, הגם נישט אַליין געגנבעט, האָבן זיי אויפגעקויפט דאָס גאַנצע קוואַנטום און דאָס ווייטער פאַרקויפט צו וווכער־פּרייזן. אויפן וועג צו דער אַרעסטאַנטן־קאַמער האָבן ביידע געוואָלט אַנטלויפן און זענען דערביי געוואָרן דערשאָסן.

דער אַמט־קאָמיסאַר
ט ר אַ ה נ ע ר

# בעלכאטאווער קדושים אין פראנקרייך און בעלגיע

די בעלכאטאווער לאנדסלייט, וועלכע האבן אין פארשידענע צייטן פון די ערב־מלחמה־יארן זיך באזעצט אין פראנקרייך און בעלגיע, האבן אויך באצאלט א טייערן פרייז פאר דער באפרייאונג פון אייראפע דורך זייער אקטיוון קאמף קעגן די נאצישע אקופאנטן

ס׳רוב בעלכאטאווער אימיגראנטן אין פראנקרייך און בעלגיע זענען גע־ווען כאלופניקעס און ארבעטער. די אבסאלוטע מערהייט פון זיי האט זיך קאנצענטרירט אין פאריז, ווו עס האט אפילו עקזיסטירט א בעלכאטאווער פאראיין, אנגעשלאסן אלס א סעקציע ביי דער פיעטריקאווער לאנדסאנ־שאפט.

אין סאמע אנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האבן די בעל־כאטאווער, פונקט ווי אלע יידן, כמעט זיך אלע אנגעשלאסן פרייוויליק אין דער פראנצויזישער ארמיי און אקטיוו זיך באטייליקט אין דער מלחמה קעגן היטלעריזם.

נישט וועגן אלע בעלכאטאווער, וואס האבן זיך באטייליקט אין די דאזיקע קאמפן, סיי אין דער רעגולערער ארמיי און סיי אויך אין דער ווידער־שטאנד־באוועגונג, זענען לײדער פאראן גענויע ידיעות.

מיר וועלן זיך דעריבער מוזן באגנוגענען בלויז מיטן דערמאנען איי־ניקע פון זיי, וואס זענען אומגעקומען על קידוש השם.

דעם 4טן יוני 1940 איז אלס קעמפער פון דער פראנצויזישער ארמיי געפאלן פון א דייטשער קויל אין דער שלאכט ביי דער בעלגישער גרענעץ **א ב ר ה ם פ ר א נ ט**, זייענדיק אלט 35 יאר.

געשטאמט האט ער פון ארעמע ארבעטער־עלטערן און צוליב דער גרויסער נויט, וואס האט געהערשט אין זייער היים, האט ער פון קינדוויי־ אן געוואנדערט איבער פארשידענע שטעט און שטעטלעך פון פוילן,

עמיגרירט שפּעטער קיין רייטשלאַנד און אין יאָר 1931 האָט ער זיך באַזעצט אין פראַנקרייך. אומעטום האָט ער שווער געאַרבעט אויפן שטיקל ברויט און ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן, האָט ער געהערט צו די ערשטע וואָס האָבן זיך פרייוויליק געמאָלדן צום קאַמף.



אברהם פראַנט



א ב ר ה ם נ אָ ו אַ ק

דעם 25סטן נאָוועמבער 1948 איז זיין קערפּער איבערגעפירט געוואָרן פון דעם קאַמפּס־פּלאַץ, ווו ער איז געפאַלן, צום קבר פון די יידישע וואָלונטירן אין פּאַריז.

ווען די נאַצים האָבן אָקופּירט פּאַריז, זענען פון דאָרט דעפּאָרטירט געוואָרן אַלע יידן און צווישן זיי אויך די בעלכאַטאָווער, פון וועלכע בלויז א טייל איז געלונגען צו דערלעבן די באַפרייאונג.

צווישן די דעפּאָרטירטע לאַנדסלייט, וואָס זענען אומגעקומען געפינען זיך: פישל קנאַפּ, יחזקאל פּיולאָ, יאַנקל און דוד צינצינאַטוס, שמואל הערצקאָוויטש מיט זיין פרוי און קינדער, יאָסל פעלצמאַן, בינעם געל־

באַרט, אהרן פיגולאַ, דער געוו. בעלכאַטאָווער דאָזאָר שעיה יידל זעמ־לאַווסקי מיט זיין פרוי און קינדער, ווי אויך אונדזער לאַנדסמאַן ליבערמאַן, פנחס מאירס אַ זון, וועלכער איז דערשאָסן געוואָרן אַלס ערובניק, וואָס די דייטשן האָבן גענומען אין פּאַריז.

צווישן די אומגעקומענע לאַנדסלייט אין בעלגיע ווייסן מיר בלויז וועגן אַ ב ר ה ם נ א ו א ק, אַן איבערגעגעבענער האַנדווערקער־טוער און אַקטיוויסט פון „די יידישע סאָלידאַריטעט".


מאיר קנאָפּ

נאָכן אָקופּירן בעלגיע דורך די נאַצים איז נאוואק צוגעטרעטן צו דער אונטערערדישער באַוועגונג און נאָכן געכאַפּט ווערן דורך די דייטשן איז ער דעם 5טן מאַי 1944 אויף אַ בעסטיאַלישן אופן דערמאָרדעט געוואָרן דורך דער געשטאַפּאָ אין בריסל. זיין טויטן קערפּער איז אָבער געלונגען אַרויסצובאַקומען און ער איז געקומען צו קבורה אויפן בריסעלער בית־עלמין.

אויך זיין פרוי, וואָס האָט אים געטריי מיטגעהאָלפן אין זיין אַרבעט, איז דעפּאָרטירט געוואָרן דורך די נאַצים און יעדער שפּור נאָך איר איז פאַרשווונדן געוואָרן.

צווישן די דעפּאָרטירטע און אומ־געבראַכטע בעלכאַטאָווער לאַנדסלייט האָט זיך אויך געפונען מאיר קנאָפּ, וועלכער איז טעטיק געווען אין דעם געזעלשאַפטלעכן אַרבעטער־לעבן אין בעלגיע.

יוסף רייך

# בעלכאַטאָוו אָן יידן

מאָדנע פרעמד און־אומהיימלעך פיל איך זיך היינט אין דעם שטעטל, ווו איך בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן, ווו איך קאָן יעדעם ווינקל, יעדן שטיין, ווו יעדע שטוב, יעדעם געוועלב דערמאָנט אין היימישע מענטשן, וואָס האָבן דאָ געלעבט, געאַרבעט, געהאַנדלט און געוואַנדלט, געשפּאָרט און געזאַמלט אַ גראָשן צו אַ גראָשן, אויפגעבויט אָן אייגענע שטוב פאַר זיך, פאַר קינדער, פאַר קינדס־קינדער. קיינער פון זיי האָט נישט פאָראויסגעזען דעם ביטערן גורל פאַר... ווען זיי האָבן זיך געמיט, געבויט הייזער...

אָט שטיי איך אין מאַרק און באַטראַכט דאָס הויז, וואָס געפינט זיך אויפן סאַמע רוג פון דער פּאַביאַניצער גאַס. דאָ, אויף אַ פּאָר טרעפּלעך אַרויפצוגיין, איז געווען הערשל פּלאַוונערס געוועלב. כ׳גיי צו נענטער און ס׳ווערט מיר פינצטער פאַר די אויגן... דאָרטן פאַרקויפט מען איצט הייליקע בילדער און צלמים.

כ׳גיי איבערן מאַרק און באַטראַכט די געוועלבער פון יוסף לייביש גרושקע, הענעך אַדלער, גאָלדשטיין און אַנדערע. די אַלע געוועלבער האָבן צוגענומען די נייע סוחרים.

כ׳גיי אַריבער אויף דער צווייטער זייט מאַרק און לייען, לייען די נייע אויפשריפטן אויף די געוועלבער. אויף איין געוועלב לייען איך איבער: „דאָרפישער קאָאָפּעראַטיוו", נאָר פון אונטער דער־אַ אויפשריפט קוקט אַפּויער, איינגעשפּאַרט און מיט פאָרוואורף — אַן אַלטער אויפשריפט: טוביה וואַרשאַווסקי.

היינט איז מאָנטיק, דער מאַרק־טאָג אין בעלכאַטאָוו. אַמאָל איז דער מאַרק געווען געפּראַפּט מיט מענטשן, מ׳האָט געהאַנדלט, געוואַנדלט. היינט קאָן מען דאָ גאַנץ רואיק אַדורכגיין. בלויז אַ קליינעם טייל פון מאַרק פאַרנעמען די שטעלן מיט סחורות פון די נייע אויפגעקומענע

סוחרים. בעלכאטאוו איז היינט ווי א גרויס דאָרף, א שטעטעלע. פון אַלע טעקסטיל־פאבריקן, וואָס יידן האָבן געבויט, ארבעט בלויז אָרזשע־כאָווסקיס פאבריק. די איבעריקע פוסטעווען.

איך באטראַכט פרייטאָגס פאבריק. עס ליגט אָנגעוואָרפן פארשידן אייזנוואַרג, געבליבן פון די צענומענע וועבשטולן און אנדערע מאַשי־נען. כ׳דערמאָן זיך ווי מיין פאָטער פלעגט דערציילן וועגן פרץ פרייטאָג, אַז אין זיין יוגנט האָט ער שווער געארבעט, געשלעפט אויף די פלייצעס קעלבלעך פון דאָרף, ביז ער איז געקומען צו געלט און אויפגעבויט די פאבריק.

א פּאָליאַק קלאָגט זיך פאר מיר, אַז צוזאמען מיט די יידן איז אין שטעטל אַלץ אָפּגעשטאָרבן און ס׳איז נישטאָ ביי וואָס צו פארדינען. די יידן, זאָגט ער, האָבן געהאַט איינפאַלן, איניציאַטיוו און אַלץ האָט געלעבט ארום זיי.

די מויערן פון דער שול שטייען גאַנצע, נאָר די פענצטער זענען נישטאָ. מן־הסתם האָבן זיי די שכנים באַדאַרפט. אינעווייניק איינגאַנצן אויסגעליידיקט, נישטאָ קיין באַלעמער, קיין ארון קודש, קיין שטענדערס, קיין בענק. געבליבן בלויז ליידיקע, אָפּגעריסענע שמוציקע ווענט. אומע־טום — אָנגעוואָרפן צעבראָכענע קאַסטנס און שמוץ. אויף איין אָרט זע איך אויסגעגראָבן א טיפן גרוב און דערנעבן אַן אייזערנער טאָפּ. א פּאָליאַק דערקלערט מיר מיט א בלישטש פון קנאה אין די אויגן, אַז דאָ האָבן אַנדערע פּאָליאַקן אויסגעגראָבן אַן אוצר, וואָס איז געווען פארגראָבן אונטערן פּאָל אין דאָזיקן טאָפּ.

דאָס אָרט, וווּ ס׳האָט זיך געפונען ס׳הייליקע אָרט, האָב איך געמוזט לאַנג זוכן ביז כ׳האָב עס אויסגעפונען. און דאָס נאָר אדאַנק דעם, וואָס ס׳איז שוין געווען לאַנג נאָכן קאָרן־שניט און די תבואה האָט מער נישט פארשטעלט די שטיקלעך צעבראָכענע מצבות, וואָס זענען געבליבן ליגן ווי סימנים, אַז דאָ געפינען זיך די ביינער פון דורות יידן, פון אינדזערע טאַטע־מאַמע, ברידער, שוועסטער און טייערע נאָענטע. צווישן די שטי־קער צעבראָכענע מצבות האָב איך דערקענט צוויי שטיקער פון מיין פאָטערס מצבה. מיט א יאָר צוריק, ווען כ׳בין דאָ געווען, האָב איך געזען נאָך א דריט שטיק, וואָס היינט איז עס פארשוווּנדן. עס האָט עס ווער צוגענומען אויף צו שאַרפן קאָסעס און העק.

צוריק פון בית־עולם בין איך געגאַנגען מיט א צעבראָכן געמיט און מיט אַן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ. איך האָב אויסגעפונען די מצבות פון אונדזער געוועזענעם גוטן אָרט. דער וועג צום קאַטוילישן צמענטער פון דער סטערצעווער גאַס איז פאַרפלאַנצט פון ביידע זייטן מיט ביימער. פאַר דעם וועג געפינט זיך אַ בריקל, און דאָס בריקל איז געמאַכט פון מצבות. אויך דער וועג איז אויסגעפּלאַסטערט מיט יידישע מצבות.



דאָ איז געווען דער בעלכאַטאָווער בית־עולם...

אויף דער לינקער צווישן פּאַביאַניצער גאַס און דעם וואַלד פליסט אַ טייכל. פאַר מיינע צייטן פלעגן דאָרטן ליגן עטלעכע שטיינער דורך וועלכע מען איז אַדורכגעגאַנגען אויף דער אַנדערער זייט און פויערישע פורלעך פלעגן אַדורכפאָרן דורכן וואַסער.

היינט איז דאָרטן פאַראַן אַ סאָליד בריקל, מאַסיוו אונטערגע־שפּאַרט און אויף אַ פּאָר צענדליק מעטער פאַרפעסטיקט מיט יידישע מצבות. אויף נאָך אַ סך אַנדערע ערטער זענען די טראָטואַרן פונעם שטעטל ברוקירט מיט יידישע מצבות. זיי ליגן ווי געשענדעטע מיט די לשון קודשדיקע אויפשריפטן, מיט די אויסגעקריצטע תהילימלעך, מנור־רות, יידישע לייבן און מגן דודס. ביים קריצן אָט די מצבות האָט דער שטויב פון די שטיינער אויפגעפרעסן די לונגען פון מיין פאָטער און

ברודער. וויפל פליים און דערפינדערישקייט האָבן זיי אריינגעלייגט אין זיי, כדי צוצופאַסן פאַר יעדן נפטר די געהעריקע אָרנאַמענטן און אויפֿשריפטן: פאַר א יונגן מענטשן — א צעבראָכענער בוים; פאַר א יונגער פרוי — א צעבראָכן ליכט; פאַר א למדן א שאַפע מיט ספרים מיט צוויי הירשן; פאַר א לוי — א האַנט, וואָס גיסט פון א קרוג וואַסער; פאַר א כהן — צוויי הענט ביים דוכנען אאַ״וו.

איצט ליגן די דאָזיקע מצבות — ארויסגעריסענע פון די קברים — אוועקגעוואָרפן ביי די מתים, מיט די הייליקע אויפשריפטן פון פ״נ און ת. נ. צ. ב. ה. ס. — און ווערן געטראָטן פון פרעמדע פיס און פאַרשוועכט.

אין דעם צענטראַלן אָרגאַן פון דער פוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי „ראָבאָטניק״ איז געווען געדרוקט א קאָרעספּאָנדענץ, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט די ווערטער, אז פון א שמוציק אָפּגעלאָזן שטעטל פון פאַר דער מלחמה, איז בעלכאַטאָוו איצט געוואָרן א ציכטיק קולטורעל שטעטל.

מיר וואָלט זיך געוואָלט זאָגן די דאָזיקע „קולטור־מענטשן״: — איר וווינט אין אונדזערע שטיבן, איר שלאָפט אין אונדזערע בעטן און נוצט אונדזער בעטגעוואַנט. איר טראָגט אונדזערע מלבושים — פ א ר ש וו ע כ ט כ אָ ט ש נ י ש ט א ו נ ד ז ע ר ע ה יי ל י ק ט י מ ע ר!

בעלכאַטאָוו, אויגוסט 1948.

# דאָס פּוילישע יידנטום

ביכער־סעריע פון דעם צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן אין אַרגענטינע

רעדאַקטאָר: מאַרק טורקאָוו

פאַרלאַג־לייטער: אברהם מיטלבערג

## ביז איצט דערשינען:

1) מאַרק טורקאָוו: מלכה אָוושיאַני דערציילט... (אויספאַרקויפט)
2) ה. ד. נאָמבערג: י. ל. פּרץ (אויספאַרקויפט)
3) וו. גראָסמאַן ־ וויערניק: טרעבלינקע (אויספאַרקויפט)
4) פּרץ גראַנאַטשטיין: מיין חרוב שטעטל סאָקאָלאָוו (אויספאַרקויפט)
5) ישראל טאַבאַקסבלאַט: חורבן לאָדזש (אויספאַרקויפט)
6) זרובבל: באַרג חורבן (קאַפּיטלען פּוילן) (אויספאַרקויפט)
7) אלחנן צייטלין: אין א ליטעראַרישער שטוב (אויספאַרקויפט)
8) ד״ר ח. שאָשקעס: פּוילן — 1946 (אויספאַרקויפט)
9) ז. סעגאַלאָוויטש: טלאָמאַצקע 13 (אויספאַרקויפט)
10) מ. נודעלמאַן: געלעכטער דורך טרערן (אויספאַרקויפט)
11) ד״ר מאיר באַלאַבאַן: די יידן־שטאָט לובלין (אויספאַרקויפט)
12) ישראל אפרת: היימלאָזע יידן (אויספאַרקויפט)
13) ד״ר יעקב שאַצקי: אין שאָטן פון עבר (אויספאַרקויפט)
14) דוד פלינקער: א הויז אויף גזשיבאָוו (אויספאַרקויפט)
15) ד״ר הלל זיידמאַן: טאָגבוך פון וואַרשעווער געטאָ (אויספאַרקויפט)
16) קינדער־מאַרטיראָלאָגיע (זאַמלונג פון דאָקומענטן) (אויספאַרקויפט)
17) חיים גראַדע: פּליטים (לידער) (אויספאַרקויפט)
18) ש. קאַטשערגינסקי: פּאַרטיזאַנער גייען!... (אויספאַרקויפט)
19) פרידע זרובבל: נע ונד (פאַרצייכנונגען פון א פּליטה)
20) מרדכי שטריגלער: מאַידאַנעק
21) יעקב לעשטשינסקי: אויפן ראַנד פון אָפּגרונט (אויספאַרקויפט)
22) ז. סעגאַלאָוויטש: געברענטע טריט
23) אברהם טייטלבוים: וואַרשעווער הייף
24) טאַניא פוקס: א וואַנדערונג איבער אָקופּירטע געביטן
25) ש. ל. שניידערמאַן: צווישן שרעק און האָפענונג
26) לעאָ פינקלשטיין: מגילת פּוילן (אויספאַרקויפט)
27) יאָנאַס טורקאָוו: אזוי איז עס געווען... (חורבן וואַרשע)
28) ש. איזבאַן: „אומלעגאַלע" יידן שפּאַלטן ימען
29) יעקב פּאַט: הענעך
30) ד״ר י. קערמיש: דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ

31) שמחה פאָליאַקיעוויטש: א טאָג אין טרעבלינקע
32) מרדכי שטריגלער: אין פאַבריקן פון טויט
33) אברהם נחתומי: אין שאָטן פון דורות
34) יחיאל לערער: מיין היים (פּאָעמע)
35) יוסף וואָלף: ליִיענענדיק פּרץ...
36) צפורה קאָנעצנעלסאָן־נאכומאָוו: יצחק קאַצענעלסאָן
37) י. הירשהויט: פינצטערע נעכט אין פּאַוויאַק
38) נחום סאָקאָלאָוו: פּערזענלעכקייטן
39) רחל ה. קאָרן: היים און היימלאָזיקייט (לידער)
40) א. אלמי: מאָמענטן פון א לעבן
41) מנשה אונגער: פּשיסכע און קאָצק (אויספאַרקויפט)
42) מ. בורשטין: איבער די חורבות פון פּלוינע
43) מ. קיפּניס: הונדערט פאָלקס־לידער (אויספאַרקויפט)
44) ז. סעגאלאָוויטש: מיינע זיבן יאָר אין תל־אביב
45) ד״ר ח. שאָשקעס: א וועלט וואָס איז פאַרביי...
46) שלמה וואגא: חורבן טשענסטאָכאָוו
47) אברהם זאַק: יאָרן אין וואנדער (לידער)
48־49) ש. איזבאַן: פאַמיליע קאַרפּ (ראָמאַן) (אויספאַרקויפט)
(פּרעמירט דורכן צבי־קעסעל־ליטעראַטור־פאָנד, מעקסיקע 1950)
50) ד״ר א. מוקדוני: מיינע באַגעגענישן (זכרונות)
51) ר. שושנה־קאהאַן: אין פייער און פלאַמען (טאָג־בוך)
52) י. י. טרונק: די יידישע פּראָזע אין פּוילן
53) יאָנאַס טורקאָוו: אין קאַמף פאַרן לעבן
54) יצחק פערלאָוו: די מענטשן פון „עקזאָדוס 1947" (ראָמאַן)
55) פנחס ביזבערג: שבת־יומטובדיקע יידן
56) שלום אַש: פעטערבורג (ראָמאַן)
57) שלום אַש: ווארשע (ראָמאַן)
58) שלום אַש: מאָסקווע (ראָמאַן)
59) ד״ר פיליפּ פרידמאַן: אָשוויענטשים
60) ב. ראָזען: טלאָמאַצקע 13
61) דוד פלינקער: אין שטורעם (ראָמאַן) ערשטער באַנד
62) דוד פלינקער: אין שטורעם (ראָמאַן) צווייטער באַנד
63) יאנוש קאָרטשאַק: משהלעך, יאָסעלעך, ישראליקלעך
64) מרדכי שטריגלער: ווערק „צע", באַנד איינס
65) מרדכי שטריגלער: ווערק „צע", באַנד צוויי
66) חיים גראַדע: שיין פון פאַרלאָשענע שטערן
67) רבקה קוויאַטקאָווסקאַ: פון לאַגער אין לאַגער
68) יואל מאַסטבוים: מיינע שטורמישע יאָרן (זכרונות)
69) אליהו טראָצקי: גלות דייטשלאַנד
70) ד״ר יעקב שאַצקי: קולטור־געשיכטע פון דער השכלה (אויספאַרקויפט)

71) נחמן מייזיל: **נעווען אמאל א לעבן...**
72) י. י. טרונק: **סימכע פלאכטע פון נארקאווע** (אויספארקויפט)
73) יהודה עלבערג: **אונטער קופערנע הימלען**
74) ד״ר א. מוקדוני: **אויסלאנד**
75) זיגמונט טורקאוו: **פראגמענטן פון מיין לעבן**
76) יהושע פערלע: **יידן פון א גאנץ יאר**
(פרעמירט מיט דער פרץ־פרעמיע פון יידישן פען־קלוב אין פוילן און ליטעראטור־פרעמיע פון „בונד" אין פוילן, ווארשע 1937).
77) יעקב לעשטשינסקי: **ערב דער קאטאסטראפע**

## עס דרוקט זיך און דערשיינט בקרוב:

דניאל טשארני: **ווילנע**
מנשה אונגער: **חסידות אין פוילן און גאליציע**

## עס גרייט זיך צום דרוק:

ב. מיכאלעוויטש: **זכרונות פון א יידישן סאציאליסט**
ז. י. אנכי: **ר' אבא און אנדערע דערציילונגען**
ד״ר יוסף טענענבוים: **גאליציע — מיין אלטע היים**
ש. בריאנסקי: **זשעלעכאווער געשטאלטן**
מרדכי שטריגלער: **גורלות**
רחל אויערבאך: **פון רינגעלבלומס ארכיוו**
יוסף רייך: **זכרונות פון א פארטיזאן**
ד״ר יעקב וויגאדסקי: **זכרונות פון אקופאציע־יארן**
ד״ר גרשון לעווין: **דאס בוך פון מיין לעבן**
ז. סעגאלאוויטש: **פופציק בריוו**
ש. בערלינסקי: **ירושה**
קאדיע מאלאדאווסקי: **אמאל איז נעווען**
הערשעלע: **שבת אויפן טראקט**
אברהם לעוו: **א ליד נאך אייך**
גרשם באדער: **קראקע**
משה זאנשיין: **„יידיש ווארשע"**

### פּרעסע־שטימען וועגן דער ביכער־סעריע

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

★

**יצחק בערלינער** שרייבט וועגן דעם בוך פון יאַנאַס טורקאָוו „אין קאַמף פאַרן לעבן" („דער וועג", מעקסיקע, 12טן אויגוסט 1950):

אין איין אָטעם האָב איך דורכגעלייענט יאַנאַס טורקאָווס בוך „אין קאַמף פאַרן לעבן".

נישט מחמת געווינשאַפט פון לייענען נייערט צוליב דעם וואָס די סיטואַציעס פון אָט די גרויליקע איבערלעבענישן, האָבן מיך, בפועל ממש, געהאַלטן פון אָנהייב ביז צום סוף פונעם בוך.

פונקט ווי אין זיין ערשטן בוך, „אַזוי איז עס געווען", אין וועלכן יאַנאַס טורקאָוו ברענגט אַזוי שאַרף אַרויס דאָס ביטערניש פון געטאָ־לעבן, זעט מען אויך אין זיין „אין קאַמף פאַרן לעבן", ווי דער שרייבער האָט געפּיינט און געבלוטיקט באַשרייבנדיק זיינע שוידערלעכע איבערלעבענישן אויף דער אַרישער זייט פון וואַרשע און פּראָווינץ.

איבערלעבענישן? — ניין! — נישט דאָס איז דאָס פּאַסיקע און אַדעקוואַטע וואָרט פאַר אָט די שרעקלעכקייטן וואָס די מאָדערנע אנוסים האָבן דורכגעמאַכט.

זיין אויף דער אַרישער זייט און זיך באַהאַלטן אונטער אַ פּוילישער קענקאַרטע (אידענטיפיקאַציע), אונטער אַ מאַסקע פון אַ פּאָר פּריצישע וואָנצעס, אונטער דער כסדרדיקער מורא פון אויפגעכאַפּט צו ווערן דורך דעם שפּיזיקן בליק פון אַ שמאַלצאָווניק, דאָס אַרומוואַגלען זיך פון בונקער צו בונקער, דאָס שטיקן זיך אין מלינהס און אויפציטערן ביי יעטוועדן פאַרדעכטיקן




שאָרך,. אין שרעק „פּאַרשיט" צו ווערן דורך דער „פּריינטלעכער" פּאָלאַקן־סביבה, — דאָס אַלץ מיינט — שפּילן די לעצטע קאָרט...

שפּילן די לעצטע קאָרט, נאָכדעם ווי מען איז מיטן עלנטן לעבן אַנטלאָפן פון געטאָ צו דער „פרייהייט"...

שפּילן די לעצטע קאָרט מיטן אייגע־

נעם לעבן און אויך מיטן לעבן פון ווייב און קינד...

*

ווי אַזוי האָבן זיי געקענט דורכגיין און דורכליידן דאָס אַלץ, די „יאַנעקס" (יאַנאַס טורקאָוו האָט געהייסן אויף דער אַרישער זייט — יאַן טאַטאַרקעוויטש), די „יוזשעקס", די ד"ר בערמאַנס, די דיאַנאַס, די מאַרגאַריטקעלעך, די יאַני־נאַס און אַניעלאַס (די דיכטערין רחל אויערבאַך)?...

מען האָט געדאַרפט זיין פיזיש און גייסטיק שטאַרק, צו קענען פירן דעם קאַמף פאַרן לעבן און — מאָראַליש גאַנץ האָט מען געדאַרפט זיין, כדי צו זיגן אין דעם דאָזיקן קאַמף...

און מאָראַלישע גאַנצקייט האָט יאַנאַס טורקאָוו געהאַט... האָט ער טאַקע נפש־דיק געקענט אַרויס אַ גאַנצער פון יענעם שטרויכל־פּלאָנטער... לכן האָט ער טאַ־קע געקענט אין זיך טראָגן, פאַרטראָגן און איבערטראָגן די אַלע פאַרשעמונגען און דערנידעריקונגען מצד די „גוטהאַר־ציקע" פּאָלאַקן...

*

דאַכט זיך, אַ גאַר פּשוטן נאָמען, „אין קאַמף פאַרן לעבן", האָט יאַנאַס טורקאָוו געגעבן זיין בוך. אָבער דער דאָזיקער אויסדרוק „אין קאַמף פאַרן לעבן", באַ־קומט ערשט אַ תּיקון אויף טורקאָווס ליידן־באַשרייבונג... דאָס גוט באַקאַנטע וועלט־ווערטל — „אין קאַמף פאַרן לעבן" — (לאַ לוטשאַ פּאַר לאַ ווידאַ — אין שפּאַניש), ווערט באַנוצט דורך אַ סך פעלקער באַציט זיך, מיינסטנס, אויף דעם טאָגטעגלעכן קאַמף פון דעם יחיד, מפרנס צו זיין זיך און די אייגענע בני־בית... און כּלליש, באַציט זיך דאָס דאָזיקע וועלט־ווערטל אויף קלאַסנ־קאַמף, — דאָס קאָלעקטיווע זוכעניש אויסצובעסערן די לעבנס־באַדינגונגען.

מער וואָרהאַפטיקייט האָט באַקומען דאָס דאָזיקע וואָרט, ווען עס איז געוואָרן דער נאָמען פון יאַנאַס טורקאָווס קאַמף פאַרן לעבן אויף דער „פרייער" זייט, אויסער דער געטאָ... ווען דער בינע־קינסטלער, יאַנאַס טורקאָוו, האָט אין רעאַלן לעבן געשפּילט די שווערע ראָל פון יאַן טאַטאַרקעוויטש... און ער האָט די ראָל דורכגעפירט ביז צום סוף פון לעצטן אַקט...

אויב קעמפן פאַרן לעבן און איבער־לעבן דעם דאָזיקן אומגלייכן און נישט פאַרגלייכלעכן קאַמף — פיזיש אויסגע־האַלטענעם קאַמף — גייסטיק, ניסימדיקן קאַמף — מאָראַליש, מוז מען האָבן יע־נע מענטשלעכע שטאַנדהאַפטיקייט און דויערהאַפטיקייט אין זיך, וואָס לאָזט זיך נישט בייגן און נישט ברעכן פון קיין שום אַנטקעגנקומענדיקע שטרויכלע־נישן.

פאַרלירט מען זיך, ווערט מען אַן „עמילקע" (אַ יידישע פרוי, אין טור־קאָווס בוך, וואָס האָט געלעבט ווי אַ פּאָלאַטשקע אין וואַרשע).

*

די דערמאָנטע פרוי, „עמילקע" (עמי־ליאַ קאַסאָוער), האָט זיך אַזוי איינגע־לעבט אין איר ראָל פון אַן אַריערין, אַז די אַרומיקע פּאָלאַקן האָבן איר שוין אָנגעהויבן צו באַטראַכטן פאַר זייערס אַ פאָלקס־אָנגעהעריקע... און זי אַליין האָט זיך אויך אָנגעהויבן נשמהדיק צו וואַקלען... ביז זי איז געוואָרן אַ קאַ־מערציעלע שותּפטע צום כּלומרשטן גוטהאַרציקן פּאָלאַק, טעאָדאָר פּאַיעוו־סקי, וועלכער האָט אַרויסגעראַטעוועט יידן פון דער געטאָ — לויט דער פוי־

לישער אונטערערדישער אָנווייזונג — און גלייכצייטיק האָט ער געהאַנדלט און געשווינדלט מיט אומגליקלעכע לעבנס און מיט די לעצטע פּאָר גראָשן פון די באַהאַלטענע יידן אויף דער אַרישער זייט...

עמילקע פלעגט זוכן וווינונגען פאַר די פאַרמאַסקירטע יידן מיט „גוטע פּנימער", אָבער דערביי פלעגט זי אויסנוצן די דאָזיקע פאַראורטיילטע ביז דעם לעצטן גראָשן, ביז צו דער גרעס־טער געפאַר...

ווי ווייט זענען זיי, אָט די אַפּטרי־ניקע פון מענטשלעכער און פאַלקס־ערלעכקייט, אָוועק מיט זייער פערווער־זער אויפפירונגז

עס איז נייטיק צו ברענגען וועגן דעם אַ ציטאַט פון טורקאָווס בוך, ווו ער שילדערט מיט דער גאַנצער נאַ־קעטקייט אָט די דאָזיקע מאָראַליש שוואַ־כע מענטשן פון עמילקע־טיפּ:

„און די צווייטע שוועסטער, עמיל־קע, האָט צוגעגעבן:

— איך האָב קיינמאָל פון יידן קיין גוטס נישט געהאַט. ווען נישט פאַ־לאַקן, וואָלט איך מיט מיין שוועס־טער און ברידער שוין לאַנג געפוילט אין דער ערד. ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועל איך מיט קיין ייד קיין שום מגע ומשא נישט האָבן..."

„אונדזערע הערצער האָבן געבלו־טיקט (דאָס דערציילט יאַנאָס טור־קאָו — י. ב.), ווען אונדז איז כסדר אויסגעקומען צו הערן געשפּרעכן אויף דער דאָזיקער טעמע און די „שיינע אויסדרוקן" וועגן יידישע פּרויען, צו וועלכע עס זענען שפּע־טער נאָך צוגעקומען די ציניש באַ־מערקונגען פון טעאָדאָר פּאַיעווסקי".

„ווען ס'איז צו אונדז געקומען די שרייבערין רחל אויערבאַך (אַניעלאַ), האָבן מיר איר איבערגעגעבן וועגן דער פּראָפּאַגאַנדע, וואָס די שוועס־טער קאָסאָווער פירן. רחל אויערבאַך האָט זיך דערביי צעשמייכלט און אונדז געזאָגט, אַז מיר דאַרפן זיך היטן פאַר עמילקע קאָסאָווער, ווייל דאָס איז אַ געפערלעכער מענטש און מיר מוזן זיין פאַרזיכטיק מיט איר..."

„ווען רחל אויערבאַך איז אַוועק, רופט זיך אָן עמילקע צו טעאָדאָרן:

— איך פאַרשטיי נישט, צו וואָס לאָזטו זי דאָ אַריין. דו דאַרפסט איר פאַרווערן אַהערצוקומען. זי קען נאָך ברענגען אָן אומגליק אויף אונדז..."

„— גערעכט — רופט זיך אָן טע־אָדאָר און ווענדט זיך צו מיר — אַז זי וועט נאָכאַמאָל אַהערקומען, זאָל־סטו איר, יאַנקו (טורקאָווס אַרישער נאָמען — י. ב.), זאָגן, אַז איך וויל נישט, זי זאָל צו מיר קומען, ווייל די שכנים רעדן שוין סיי ווי, אַז צו מיר קומען צו גיין יידן..."

„— איך וועל איר דאָס נישט אי־בערגעבן — ענטפער איך — און דו דאַרפסט עס איר אויך נישט זאָגן, ווייל זי געהער צו דער אונטערער־דישער אָרגאַניזאַציע. פונקט ווי זי איז ביז איצט געקומען צו דיר און קיינעם איז נישט איינגעפאַלן, אַז זי איז אַ יידישע, וועט אויך ווייטער קיינעם נישט איינפאַלן זי אין דעם צו באַשולדיקן".

„נאָך דעם געשפּרעך האָב איך שוין מורא געהאַט זיי פאַרצושטעלן מיין שוועגערין רוזשע בלומענפעלד פאַר אַ יידישע. ווען זי איז צו אונדז געקומען, האָב איך זי פאַרגעשטעלט

אַלס פּרוי „דאָקטאָר סטעפּאַ" — איינע פון די וויכטיקסטע טוערינס פון דער פּוילישער אונטערערד. מיט דעם האָט זי אַרויסגערופן ביי זיי גרויס דרך ארץ". (זייט 204).

צום גליק זענען אָט די עמילקעס געווען ווייניק אין דעם מאַרטירערישן לעבן פון די יידן אין פּוילן אונטער די נאַציס און אויך אונטער די פּאָלאַקן און אוקראַינער. דאָס יידישע פאָלק האָט זיך געהאַלטן שטאָלץ און ווירדיק קעגן אַלע שטרויכלונגען און האָט אויפגענומען די יסורים מיט געוואַלטיקער אומבאַשרייבלעכער סטאָאישקייט.

*

אַזוי איז יאַנאָס טורקאָוו אויסגעקומען צו שפּילן טעאַטער מיט זיין אייגענעם לעבן אויף די סצענע־ברעטער פון דער ווירקלעכקייט...

די ברעטער האָבן זיך געשאָקלט אונטער זיינע טריט... און יעטוועדע רגע, האָט ער געמיינט, ברעכט זיך אונטער די בינע...

דערנעבן און הינטער די קוליסן, מיטשפּילער מיט שרעק און געדולד אין זייערע אומעטיקע אויגן...

דער געפּאַקטער זאַל — פון די פּוילישע גאַס — איז פול געווען מיט רוצחישע פּנימער... פאַרשנדיקע שפּיזיקע בליקן, פלעגן זיך איינעסן אין אים... אומזיכערקייט האָט אַרומגעהויערט איבערן גאַנצן טעאַטער — פּוילן...

ער האָט זיך באַמיט אַריינצופּאַסן אין פרעמדן גרים און אין פרעמדן לשון און — ער האָט זיין ראָל גוט דורכגעפירט...

יאַנאָס טורקאָוו האָט געשפּילט טעאַטער אונטער דער שטרענגער רעזשי פּונעם שטרויכלענדיקן לעבן...

אַ שרעקלעך טעאַטער־שפּיל!...

---

וועגן אַלע ענינים, וואָס האָבן אַ שייכות מיט דער ביכער־סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום" זיך ווענדן:

**UNION CENTRAL ISRAELITA POLACA**

**Pueyrredón 667 — Buenos Aires**

